פ. גרים (משה גראָסמאַן)

# אין פאַרכישופטן לאַנד פון לעגענדאַרן דזשוגאַשווילי

## (מײַנע זיבן יאָר לעבן אין ראַטנפאַרבאַנד — 1946-1939)

1

צווייטע אויפלאַגע

1950 „אמת און פרייהייט" פּאַריז

# קאפיטלען:

## ערשטער בוך

### ערשטער טייל


פון דער פֿאַרשאָלטענער ערד — צו די באַפרייער . . . . . . . . 7
באַגייסטערונג. התפעלות . . . . . . . . . . . . . 20
דער וועג גייט זיגזאַגיק . . . . . . . . . . . . 30
אמת און ווירקלעכקייט — דער פֿאַרכישופטער רינג . . . . . . 35
דער וועג ווערט וואָס אַמאָל שווערער . . . . . . . . . . 43
דאָס פייערווערק לעשט זיך אויס... . . . . . . . . . 54
דעם פרילינג האָט יעדערער ליב . . . . . . . . . . . 76
איבערברוך . . . . . . . . . . . . . . . . . 83
די „חתונה” האָט זיך אָנגעהויבן . . . . . . . . . . 99


### צווייטער טייל


עשאַלאָנען, עשאַלאָנען... . . . . . . . . . . . . . 106
אָט דאָ איז אייער היים ! . . . . . . . . . . . . 112
מיר פֿאַרווילן זיך . . . . . . . . . . . . . . 118
„ווער עס אַרבעט — דער עסט !” . . . . . . . . . . 120
פיין און טרייסט . . . . . . . . . . . . . . . 128
מען אַנטלויפט פון פֿאַרשיקונג . . . . . . . . . . . 130
אַ נייע באַפעניש . . . . . . . . . . . . . . . 148
יידישע מאַטראָזן . . . . . . . . . . . . . . . 151
אין אַרכאַנגעלסק . . . . . . . . . . . . . . . 168
אויפן וועג צו פרייהייט . . . . . . . . . . . . 182


### דריטער טייל


„גראַטעלעד... גראַטעלעד...” . . . . . . . . . . . 187
אונטערערדישע אוניווערזיטעט . . . . . . . . . . . 211
„ניין, קיינער וועט אונז נישט באַפרייען !” . . . . . . . . 234
דער יום-טוב פון פרייהייט . . . . . . . . . . . . 256
אין דער רעפובליק פון חלומות . . . . . . . . . . . 258
די האַרמאַטן שפילן פֿאַר זיי אַ האָפנונג-מאַרש... . . . . . . 271


## צווייטער בוך

### ערשטער טייל


צום לאַנד פון זון. ווייַנטרויבן און — גרענעצן... . . . . . . . 293
באַפרייטע עשאַלאָנען . . . . . . . . . . . . . . 299
אין סאָוויעטישן אַזיע . . . . . . . . . . . . . . 309
שוין ווידער לך לך . . . . . . . . . . . . . . . 322
אויף בוימוואָל-פּלאַנטאַציעס אין אַ קאָלכאָז . . . . . . . . 326

# ע ר ש ט ע ר   ט י י ל

## פון דער פאַרשאָלטענער ערד — צו די באַפרייער

### ק אַ פּ י ט ל   א

די דייטשן זיינען אריין קיין ווארשע דעם ערשטן אָקטאָבער 1939.

זינט דעם 27־טן סעפּטעמבער, נאָך דער קאַפּיטולאַציע פון דער שטאָט, איז מען שוין ארויס אויף די גאַסן. מען איז געלאָפן זוכן קרובים און פריינט, זעען צי זיי זיינען לעבן געבליבן נאָך די באָמבאַרדירונגען. מען איז ארומגעלאָפן זיך פאַרשאַפן עפּעס עסן, און דער עיקר פאַרשאַפן זיך וואַסער.

דאָס בלויזע גיין צו דער ווייסל און ברענגען צוויי עמערס וואַסער, האָט פאַר־נומען אַ האַלבן טאָג. מען האָט זיך באַדאַרפט אויסהיטן נישט געכאַפּט צו ווערן אויף אַרבעט דורך די דייטשן.

זעקס פאַרנאַכט האָט מען שוין נישט געטאָרט גיין אין שטאָט. מען האָט פאַר־האַקט און פאַרשלאָסן ביי זיך די טירן, איינגעצונדן אַ ליכטל און זיך אוועקגעזעצט אַרום טיש. מען האָט געשמועסט, געחלומט, געהאָפט, אַז אָט־אָט קומט אריין די רויטע אַרמיי קיין ווארשע.

איינער האָט זיך געשוווירן ביי זיין לעבן, אַז ער האָט אַליין גערעדט מיט אַ פּויער, וואָס איז נאָר וואָס געקומען פון מינסק־מאַזאָוויעצק און יענער האָט זיך געשוווירן ביי אַלעם הייליקן, אַז ער האָט אַליין געזען שוין דאָרטן די רויטע אַרמיי.

זיי זאָגן, אַז אַ ליאַדע שעה, וועלן זיי גיין ביז דער ווארשעווער פאָרשטאָט פּראַגע — זיי בלייבן שטיין ביי דער ווייסל. און אפשר וועלן זיי שוין פאַרנעמען די גאַנצע שטאָט ווארשע?

מיר זיינען געווען מענטשן אין דעם צימער. אונזער שטוב איז צעהאַקט געוואָרן, וווינען מיר דאָ, ביי אַ שכן און פריינט. איך בין דאָ מיט מיינע בני־בית — פינף מענטשן; די אַרטיסטין פון דער ווילנער טרופּע חנה בראַז, אַ לערערין פון ביאַליס־טאָק און די באַלעבאָסטע פון דער דירה — די פרוי פונם שרייבער י. ראַפּאָפּאָרט, (ער איז שוין אַנטלאָפן פון ווארשע דעם 6־טן סעפּטעמבער) מיט איר זיבן־יאָריקן יינגעלע — עמוס.

עמוס האָט שוין ערגעץ ליגן באַהאַלטן דאָ אין שטוב — אַ קליינע, רויטע פאָן און אַ שווערדל, וואָס ער האָט אַליין געמאַכט — דערמיט וועט ער אויפנעמען און באַגריסן די רויטע אַרמיי אין ווארשע.

פאַרהאָנגענע פענצטער און פאַרהאַקטע טירן. אַלע זיצן צוגעטוליעט אַרום טיש. מיין טעכטערל זיצט אויף מיינע קני און גלעט מיך. עס ב־ענט אַ דין ליכטל, וואָס וואַרפט אַ קאַרגן שיין אויף דער שטוב. עס לייכט אָבער אַ האָפנונג אויף באַפרייונג — אַזוי העל — ווי די זון אין יוני.

די זון — דאָס איז די רויטע ארמיי — די באַפרייערין פון די אונטערדריקטע און געפייניקטע, די דערלייזערין פון דער מענטשהייט.

## קאַפּיטל ב

די רויטע ארמיי האָט זיך צוריקגעצויגן ביז צום טייך בוג — דאָס דאַרף זיין די נייע גרענעץ.

זי וועט שוין קיין ווארשע נישט קומען. ווער עס וויל נישט און קאָן נישט לעבן אין דער געשטיקטער אטמאָספערע פון דייטשן טעראָר און סאדיזם — מוז אריבער אויף יענער זייט בוג.

עס איז ביי הונדערט קילאָמעטער ווייט. דאָס גיין איז אַ סכנה. אָבער ווער עס גייט דורך — קומט אָן צו יענער זייט בוג — צו דער פרייהייט.

דעם 12־טן אָקטאָבער האָבן מיך די דייטשן געכאַפּט צו דער ארבעט. צו־נויפגעזאַמלט 150 יידן און אונז אוועקגעטריבן הינטער דער שטאָט, צו דער גאַז־אנשטאַלט, וואָס איז געשטאַנען אין פלאַמען.

דאָרטן האָט מען אונז אוועקגעשטעלט אויף די הויכע בערג אָנגעשאָטענע קוילן, און מיר האָבן געדאַרפט מיט לאָפּאַטעס אָפּוואַרפן די נאָך נישט־ברענענ־דיקע קוילן.

ווען מען האָט אונז געפירט צו דער ארבעט, האָבן אַלע פּאַליאַקן, וועלכע זיינען דורכגעגאַנגען אויף די טראָטואַרן — אַראָפּגעלאָזט אָדער אוועקגעבויגן די קעפּ אָן אַ זייט. טייל אָבער האָבן פרעך געלאַכט און זיך מיט אונז גערייצט:

— גייט האָרעווען, זשידקעס! די דייטשן וועלן אייך שוין אויסמושטרעווען! איר וועט אַלע פּגר׳ן.

פון די געטריבענע און איבערגעשראָקענע יידן, כאָטש עס האָבן אונז באַגלייט דייטשן און געשלאָגן אונז איבער די פּיס מיט דינע ריטלעך — האָבן אייניקע פון אונז געוואַגט צוריק אָפּענטפערן אָט די פּאַליאַקן:

— קנעכט! היינט אונזער ריי, מאָרגן — אייערע! איר פרייט זיך באַצייטנס — שווארצע קראָען!

אין מיטן דער ארבעט אויף די אָנגעגליטע קוילן, איז אָנגעקומען אַ דייטשער אָפיציר און מיט אַ גומי־שטעקן געשלאָגן די יידן:

— טעמפּאָ, יודע! טעמפּאָ!

מיר האָבן געאַרבעט מיט אַרויסגעשטעקטע צונגען, מיט אַ שוים פאַרן מויל, שנעל געהויבן די לאָפּאַטעס מיט קוילן — עס האָט נישט געהאָלפן. ער האָט אַלץ געשלאָגן איבערן קאָפּ, האַלז, פּיס:

— טעמפּאָ, יודע! טעמפּאָ!

איך בין געשטאַנען אויפן העכסטן שפּיץ פון בארג און דער אָפיציר האָט זיך שוין דערנענטערט צו אונז.

איך האָב אָנגעהויבן מיט זיך קעמפן. איך האָב זיך געוואָלט גובר זיין — איך האָב מורא געהאַט, אז איך זאָל זיך נישט וואַרפן אויפן דייטש און אים כאַפּן ביים האַלז. דערווערגן, דערשטיקן — זאָל ער שיסן, זאָל ער הענגען!

איך האָב זיך נישט געשראָקן פאַר די קלעפּ, נאָר דערפאַר, אַז איך וועל זיך נישט קאָנען באַהערשן, אויסהאַלטן.

דער דייטשער אָפיציר איז גראָב און ווייזט אויס, גענוג פויל — עס האָט אים נישט געלוינט אַרויפצוגיין ביז צום סאַמע שפּיץ בארג, דאָרט איז אויך שטאַר־קער דאָס פייער. ער האָט זיך צוריקגעקערט און שוין איינגאַנצן אַוועק.

מיר האָבן אַרויסגעלאָזט די לאַפּאַטעס פון די הענט און זיך אַוועקגעזעצט אויף די קוילן אָפּכאַפּן דעם אָטעם. דער זשורנאַליסט, מיטאַרבעטער פון „מאָמענט" — ש. גאָטליב, האָט זיך פאַרבלינדעט אין אַ לאַנגן הוסט און באַין־אופן נישט געקאָנט צוריקכאַפּן דעם אָטעם.

אָבער די פּוילישע פייערלעשער האָבן אויף גאָרנישט געקוקט, אָנגעשריגן אויף אונז און גלייך צוריקגעטריבן צו דער אַרבעט.

פונדערווייטנס איז געשטאַנען אַן עלטערער דייטשער זעלנער, וואָס האָט אונז געהיט. ער האָט געגעבן אַ צייכן מיט דער האַנט:

— אָפּרוען!

בלייכע, פאַרסאַפּעטע זיינען מיר אַראָפּ פון באַרג. איך האָב זיך אָנגענומען מיט מוט און געפרעגט דעם אַלטן דייטש, צי דער אָפיציר וועט נאָך אַמאָל קומען. ער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט:

— ניין. ער האָט שוין דאָס זייניקע אָפּגעטאָן.

אויף דער ערד איז געזעסן אַ ייד אין די מיטעלע יאָרן, אין אַ יידיש היטעלע. איבער זיין באָרד האָט גערונען בלוט פון קאָפּ און פון פּנים.

מיר איז געוואָרן פריקרע פאַר דעם ייד. איך בין דאָך פון דער גרופּע נישט־צושלאָגענע. איך פרעג אים:

— ווי פילט איר זיך, ר' ייד? ווישט זיך אָפּ דאָס בלוט.

— נישקשה, דאַנקען גאָט! נאָר בטחון! מיר האָבן המנען איבערגעלעבט, מיר־וועלן אים אויך איבערלעבן.

פאַרנאַכט, 15 מינוט פאַר דער פאַרבאָטענער שעה צו גיין אין גאַס, האָבן מיר באַקומען אַ פּאַסיר־שיין און אויסגעשטעלט אין רייען זיינען מיר אַרויס.

אויף דער גאַס האָט אונז אַ חוצפּהדיקע יונגע קריסטין נאָכגעשריגן:

— גוט אַזוי, יידעלעך! היינט האָט מען אייך בלויז געשלאָגן, מאָרגן וועט מען אייך הענגען!

מען האָט פון אונז אָפּגעענטפערט:

— איר זאָלט נאָך געפּרוווט ווערן מיט אונזער טעם!

אַהיימגעקומען, האָב איך פון זיך אָפּגעשטויבט דעם קוילן־פּולווער, אָפּגעוואַשן און גלייך זיך אַוועקגעלייגט. איך האָב צוגעטאָן דעם טערמאָמעטער אונטערן אָרעם — 39 גראַד.

האָב איך זיך צוריק אויפגעשטעלט, געהייסן איינפּאַקן עפּעס וועש און עסן און אין אַנטלויפן זיך אַוועקגעלייגט צו אַ דרימל.

אויף צומאָרגנס האַלב זעקס פאַרטאָג, עס איז נאָך געווען פינצטער, האָב איך אָנגעטאָן אַ רוקזאַק אויף די פּלייצעס, זיך געזעגנט מיט ווייב און קינד, מיט מיין נאָענטער משפּחה, מיט די פריינט אין שטוב און אַרויס.

איך בין אוועק צו דער דייטש־סאָוויעטישער גרענעץ, צום בוג, קיין ביאַליסטאָק, צו דער פרייער ערד ביי דער רויטער אַרמיי.

## קאַפּיטל ג

סכנה האָט געלויערט אויף יעדן טריט און שריט.

איך האָב געטראָגן אַ גראַנאַט פּויליש היטל מיט אַ גלאַנצנדיקן דאַשעק, כדי צו זיין ענלעך צו אַ גוי.

איך האָב אין דער מחשבה איצט געבעטן מיר מוחל זיין ביי אַ יונגער, יידישער פרוי, וועלכע איך האָב אַמאָל באַליידיקט מיט צוויי יאָר צוריק. זי האָט מיר דער־ציילט דעמאָלט, אַז איר יונגער ברודער, אַ סטודענט, איז אַמאָל דורכגעגאַנגען דורכן זאַקסישן גאָרטן אין וואַרשע און עס זיינען אים באַפאַלן פּוילישע סטודענטן. זיי האָבן זיך אויף אים געוואָרפן מיט שטעקנס און מעסערס. דאַן האָט איר ברודער זיך צעשריגן:

— אָ, יעזוס מאַריאַ, אָ, דאַני באָסקע! (געטלעכע וואונדן) שלאָגט נישט אייער ברודער, אַ קריסט!

איך האָב דעמאָלט געמוסרט דאָס פרייליין. זאָל זי כאָטש נישט דערציילן אַזאַ שענדלעכן פאַל. איר ברודער איז אַן אויסוואורף, אַ נאַציאָנאַלער פאַרעטער! באַדאַי אומקומען און נישט פאַרלייקענען דעם יידישן אָפּשטאַם! ער האָט געראַטעוועט זיין גוף און זיין ערע באַפלעקט!

איצט טראָג איך אַליין אַ גוי'יש היטל, כדי מען זאָל נישט דערקאָנען אין מיר דעם ייד. כדי צו ראַטעווען מיין גוף פון אַ דייטשער קויל. און איך האָב געזאָגט צו זיך:

— אל תדין את חברך עד שתגיע למקומו!

איך האָב זי אין דער מחשבה איבערגעבעטן און זיך געשטראָפט.

אין פּראַגע, ביי די באַן־רעלסן שטייען סלופּעס מיט אויפשריפטן:

„אַריבערגיין פאַרבאָטן! אָן וואָרנונג דערשאָסן!"

איך מייד אויס די רעלסן און די אויפשריפטן. פון דערווייטנס קומט אָן אַ פּויער. איך קוק אַהין מיט שרעק. ער לייענט דאָך געוויס נישט קיין דייטש. איך וואָלט אים וועלן וואָרענען — גלייך דערהערט זיך אַ שאָס פון וואַך־זעלנער. דער פּויער ליגט שוין אויף די רעלסן.

אין ווייטערדיקן וועג טרעף איך זיך אָן מיט צוויי אַקטיאָרן פון „יונג־טעאַטער" אין וואַרשע. גייען מיר שוין אין דרייען. עס איז פריילעכער, כאָטש די סכנה ווערט דעריבער גרעסער — דריי יידן מיטאַמאָל.

די ערשטע נאַכט קומט אונז אויס צו נעכטיקן אין אַ דאָרף ביי אַ יידישער פרוי. זי איז איינע אַליין מיט אַ קינד. איר מאַן איז שוין זינט עטלעכע יאָר אין אַרגענטינע.

פאַרטאָג גייען מיר זוכן אַ פּויער, וועלכער זאָל אונז צופירן די דרייסיק קילאָ־מעטער ביזן טייך בוג. שוין אויסגעפונען אַזעלכן, נאָר ער מוז גיין צו זיין שכן אַן עצה האַלטן צי ער זאָל פאָרן.

מיר גייען דורכן דאָרף. די דייטשן האַלטן דאָ זייערס אַ מיליטערישן פּונקט.

איך גיי צוזאמען מיטן פויער און טרעף זיך אָן אויף דעם עלטסטן פון דעם דייטשן מיליטער דאָ. דער פויער ציט אראָפּ דאָס היטל, בייגט זיך איין ביז אין דער העלפט און באַגריסט אים. איך נישט.

דער פויער וויל שוין מיט אונז נישט פאָרן: — פאַר מיין נישט אראָפּציען דאָס היטל, האָב איך געקאָנט באַצאָלן מיטן קאָפּ — און ער אויך דערביי. ער איז מיט מיר געגאַנגען צוריק אין שטוב. די חברים האָבן געהאַט ביי זיך אַ ביסל בראָנפן, מען האָט אויסגעטרונקען און ער איז מרוצה געוואָרן אונז אָפּצופירן נאָר אַ טייל וועג.

ער האָט אונז אַוועקגעפירט. אין מיטן וועג איז ער אריין מיט אונז צו אַ צווייטן פויער אויף ווייטער אונז צו פירן. אָבער יענער איז נישט קיין ריזיקאַנט, ער וויל נישט פאַרדינען די פּאָר זלאָטעס און וויל נישט איינשטעלן דאָס לעבן.

— אָט אין דעם וואַלד — דערציילט ער אונז — האָבן די דייטשן פאַרהאַלטן אַן עלטערן ייד. ער איז אויך געגאַנגען צום בוג. זיי האָבן ביי אים געפונען אַ שאַרפן מעסער אין אַ שיידל. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז ער איז געווען אַ שוחט, מען האָט ביי אים געפונען אַ חלף — און מיט דעם זעלבן חלף האָבן אים די דייטשן איינגעשניטן דעם האַלז. דער ייד ליגט נאָך דאָרט אין וואַלד.

מיר גייען שוין צופוס. אַ דייטש שטעלט אונז אָפּ אין וועג, זוכט אין אונזערע רוקזעק געווער. נישט געפונען אַזעלכעס, האָט ער אונטערגעבראָמט און אונז געלאָזן גיין ווייטער.

מיר דערנענטערן זיך צו מאַלקין. עס פאָרט אונז אַנטקעגן אויף אַ ראָווער אַ פּוילישער באַן-אַרבעטער און שטעלט אונז אָפּ.

— אויב איר האָט עפּעס ביי זיך געלט, זאָלט איר עס גוט באַהאַלטן. דאָרטן ווייטער שטייען דייטשן, באַזוכן די דורכגייער און נעמען צו דאָס געלט וואָס זיי געפינען אויס.

מיר באַדאַנקען אים און ער פאָרט ווייטער. מיר האָבן געצווייפלט אין זיין אויפריכטיקייט — אפשר איז ער עפּעס דערמיט אויסן געווען? אמת, ער האָט די פּאָר ווערטער צו אונז גערעדט מיט האַרץ, איז געווען בלייך, פאַרשוויצט און אויפגערעגט.

מיר האָבן צוריקגעקוקט און געזען ווי הינטער אונז שטעלט ער אָפּ אַלע יידישע וואַנדערער און זאָגט, מסתמא, דאָס זעלבע וואָס אונז.

נאָענט שוין צום בריק האָבן מיר זיך צעטיילט, מען זאָל נישט גיין צוזאַמען, ווייל פונדערווייטנס האָבן מיר געזען אַ מחנה דייטשן.

די בריק איז צעשטערט. עס ליגט נאָר אַ שמאָל ברעט אויף אַריבערצוגיין. מען קאָן זיך אַריבערשיפן, אָבער צוליב דעם דאַרף מען אַראָפּגיין אונטן און דאָרטן זיינען יונגע דייטשן אין ברוינע מונדירן, מיט האַקן-קרייצן אויף די אָרעמס.

איך באַשליס בעסער אַריבערצוגיין דורך דעם שמאָלן ברעט. דאָ שטייען נאָר צוויי דייטשן — אַן עלטערער און אַ ייִנגערער. נעבן מיר שטייט אַ יונגע פרוי מיט אַ קינד אויף דער האַנט. זי איז זיך מיישב צי זי זאָל אַריבערגיין דורך דעם ברעט. דער עלטערער דייטש גיט אַ רוף צו דעם יונגערן. יענער לויפט צו צו דער פרוי, נעמט ביי איר דאָס קינד פון דער האַנט און טראָגט עס אַריבער. נאָכדעם קומט

ער צוריק און פירט אריבער די פרוי. ער האט — זעט אויס — נישט דערקענט, אז דאס איז א יידישע. איך בין געגאנגען הינטער דער פרוי.

איך בין שוין אין מאלקין. דא זיינען נאך דא דייטשן. עס איז נאך פארבליבן א פאר טריט צו דער גרענעץ.

איך בין מיד, פארמאטערט, שלעפ קוים די פיס און הינק אביסל אונטער. דאס טו איך בכיון, כדי מען זאל מיך נישט כאפן אויף ארבעט ביי דער בריק דא.

א דייטש זיצט אויפן זייט פון וועג צוזאמען מיט א קליין קריסטלעך יינגל.

דער דייטש קוקט מיך אן און פרעגט ביים יינגל צי איך בין א ייד. איך גיי מיר דערווייל ווייטער. ביי מיר איז אביסל ארויסגעשטעקט די צונג, פאראידיאטישט און איך הינק אונטער. דאס יינגל קאן נישט אויף שנעל באשליסן, און ער שרייט מיר נאך:

— פאניע, ווהין?!

איך ווייז מיט דער האנט אויף פארויס און ענטפער תמ׳עוואטע:

— דאליעקא! (ווייט!).

אויף דעם ארט פארקירעוועט זיך דער שאסיי, ארום זיינען כאטעס און איך שפרינג אריין אין א פויערשער כאטע:

— וואסער גיט מיר. א ביסעלע!

די פויערטע קוקט אויף מיר מיט אומצוטרוי — איך זע אויס ווי א קריסט און באגרים זיך נישט אויפן קריסטלעכן שטייגער. זי צלמט זיך איבער און דערלאנגט מיר וואסער.

דורך דעם פענצטער זע איך ווי דער זעלבער דייטש יאגט זיך אויף א ראווער און קוקט זיך אום אויף אלע זייטן.

איך האב שוין צוגעווארט ביז ער איז צוריקגעפארן און האב זיך זייטיק ארויסגעשלייכט אויפן שאסיי.

עס שלעפט זיך א פויעריש פורל איבערן זאמדיקן וועג און אויף אים זיצט א יידיש פאר־פאלק מיט עטלעכע קינדערלעך. איך האב זיך אנגעהאלטן ביים וואגן און נאכגעגאנגען.

מיר זיינען אנגעקומען אינם דארף, וואס איז ביי 100 מעטער פון דער גרענעץ. עס רינגלען אונז ארום די פויערים. מען דינגט זיך איבער אונז ווער עס זאל אונז אריבערפירן. יעדער וויל פארדינען. א טייל לייגן אונז פאר דורכצופירן דורך דעם גלייכן וועג און א טייל ווילן אונז בעסער פירן דורך אן אומוועג, דורכן וואלד.

עס קומט אן א דייטשער פאטרול. זיי זאגן צו דעם פויער, וועלכן מיר האבן געדונגען אונז צוצופירן, אז ער זאל עס מאכן גאנץ שנעל, ווייל עס איז פארבליבן 40 מינוט צו דער דערלויבטער צייט פון זיין אין דרויסן — נאך דער צייט — דערשיסט מען!

דער פויער וויל שוין איצט פאר קיין שום געלט נישט פארן. דער וועג הין און צוריק דארף דויערן נאר עטלעכע געציילטע מינוטן, אבער ער האט מורא נישט צו פארשפעטיקן.

איך מיט דעם פאטער פון דער פאמיליע לאזן איבער זיין פרוי מיט די קינדער מיט די פעקלעך, און גייען צו דער גרענעץ זען צי מען לאזט דורך. אין וועג האבן

מיר געהערט, אַז היינט איז דער לעצטער טאָג פון אַריבערלאָזן די גרענעץ דורך דער סאָוויעטישער וואַך.

איך פיבער. עס קלאַפּט אין האַרץ און ביי די שליפן. אָט, מינוטן נאָר — און איך וועל דערזען מיט מיינע אויגן — א רויטאַרמייער!

אַזוי פיל יאָרן געחלומט אַזעלכן צו זען — און אָט באַלד קאָן עס געשען! אַרויס פון די דייטשן און אַריבער אין פרייַלאַנד!

אמת, זינט דעם יאָר 1937 האָב איך אָנגעהויבן זיך באַציען צום סאָוויעטישן רעזשים מיט רעזערוו, געהאַט טענות און תרעומות — צוליב די אויסטערלישע פּראָצעסן. נאָר איצט דאַרף מען וועגן דעם נישט טראַכטן.

איך האָב אַפילו פאַרן אַרויסגיין פון שטוב געטראַכט וועגן דעם טראַגישן גורל פון אַ סך רעוואָלוציאָנערע העלדן און פּערזענלעכקייטן אין שייכות מיט די פּראָצעסן, נאָר, האָב איך צו זיך געזאָגט:

— איר אַלע, טראַגיש־אומגעקומענע מוזט אונז איצט מוחל זיין! מיר גייען אין דעם לאַנד וווּ מען ראַטעוועט דאָס לעבן! וווּ מען איז זיכער אַלס מענטש און ייד. וועל איך זיך נישט פאַרנעמען מיט פּאָליטיק. איך וועל זיין אַ פּשוטער אַרבעטער. וועל איך קאָנען לעבן פריי, געניסן פון אַלע סאָציאַלע און הומאַניטאַרע דערגרייכונגען פון דער גרויסער רוסישער רעוואָלוציע.

איצט מוז איך איינהאַלטן דאָס קלאַפּן פון מיין האַרץ. איך מונטער זיך:

— ביסט דאָך אַ דערוואַקסענער מענטש! אַ רויטאַרמייער איז אויך אַ פּשוטער מענטש און נישט קיין מלאך מיט פליגל — אָט באַלד וועסטו אים דערזען!

פון דער דייטשער זייט האָט מען אונז דורכגעלאָזט. איצט קומט 50 מעטער נייטראַל־פּאַס — און אָט שטייט שוין מיט דער ביקס אַ רויטאַרמייער!

מיר זיינעןביידע מיט אימפּעט צו אים צוגעלאָפן.

מיר האָבן אים באַגריסט. ער האָט אָפּגעענטפערט און אונז גענומען עפּעס אויספרעגן. אָבער איך האָב גאָרנישט געהערט וואָס ער רעדט, גאָרנישט געקענט אַרויסרעדן און — זיך פונאַנדערגעוויינט.

## קאַפּיטל ד

דער אינזשיניער איז צוריקגעלאָפן נעמען זיין פאַמיליע.

מיך האָט דער רויטאַרמייער אַריינגעפירט אין אַ ביידל. דאָרט האָט מיך אויפגענומען אַן עלטערער מיליטער־מאַן, אודאי אַן אָפיציר.

איך דאַרף ענטפערן ווער איך בין, פונוואַנען איך קום און וווּהין איך וויל גיין.

איך האָב זיך געמוזט באַנוצן מיט אַ ליגן. אין וועג האָט מען מיר שוין געזאָגט וועגן דעם, אַז איך דאַרף נישט זאָגן, אַז מען איז פון וואַרשע. איך האָב געזאָגט, אַז איך בין פון ווילנע און גיי איצט צוריק צו מיין היים און משפחה אין ווילנע. איך האָב אים דערציילט מיט וואָס איך פאַרנעם זיך, אָנגעגעבן די נעמען פון עטלעכע מיינע דערשינענע ביכער.

ער פרעגט מיך, צי איך בין קיינמאָל נישט געווען אַרעסטירט אין פּוילן.

ניין, אַרעסטירט בין איך נישט געווען, נאָר אַ צווייטע אויפלאַגע פון מיינס אַ בוך איז געוואָרן קאָנפיסקירט, דעם פאַרלעגער פון דעם בוך האָט מען צוליב

דעם און ענלעכע חטאים פארשיקט אין פוילישן קאנצענטראציע־לאגער קארטוז בערעזע.

נישט אלץ האב איך פארשטאנען וואס ער האט מיך געפרעגט און נישט אלץ האט ער פארשטאנען פון מיין ענטפער — צוליב מיין שוואכן באהערשן די רוסישע שפראך.

ער האט מיר אויפמערקזאם געמאכט — און דאס מיט כעס — אז איך זאל אים נישט טיטולירן „חבר אפיציר". — ביי אונז זיינען קיין אפיצירן נישט פאראן — עס איז נישט דאס צארישע לאנד.

איצט — זאגט ער — קאן ער מיך דערווייל נישט אריבערלאזן. איך זאל צור־ריקגיין און קומען מארגן. עס דארף אנקומען זיין חבר פון א העכערן מיליטערישן ראנג, וועט ער באשטימען, צי מ׳זאל מיך ארייננלאזן.

טענה איך, אז איך וועל שוין פון דאנען נישט אוועק. זאל ער מיך איינזעצן, ארעסטירן, פון דאנען צוריקגיין וועל איך שוין נישט. די דייטשן דארטן וועלן מיך דערשיסן. עס איז שוין אויך נאך דער דערלויבטער צייט פון גיין אין וועג.

ער קען זיך נישט באשליסן. איך ווייז אים אויפןביידל, אז דא וועל איך זיך אוועקליינען און איבערזיין די נאכט ביז מארגן.

מיין אויסזען און מיין תחנונימדיק בעטן האט געפועלט — ער האט מיך נעהייסן גיין ווייטער צו זארעמבי קאשטשעלנע.

איך בין נישט געגאנגען, נאר כמעט געלאפן, געשפרונגען, געטאנצט.

גליק! איך בין גליקלעך! אויף שטענדיק פריי!

וויפל מאל האט מען דאס אין לעבן גליק?!

איך גיי איילק און וויל דערווייל אויסרעכענען די וויכטיקסטע מאמענטן אין מיין לעבן, ווען איך האב זיך געפילט גליקלעך.

איך טראכט שוין איצט ווי אזוי אריבערצונעמען אהער מיין פרוי און קינד, מיין מאמע. דאס גיט מיר צו נאך מער קוראזש און איך שפאן פריידיק, א גליקלעכער.

עס איז שוין פינצטער. איך נעם ארויס מיין טאשן־לעמפל, כדי מיר צו בא־לייכטן דעם וועג. אט איז א קרייץ־וועג און איך ווייס נישט אין וועלכער זייט זיך צו פארנעמען.

ער פארט אן מיט טומל א וואגן. אויף אים זיצן רויטארמייער. זיי שרייען צו מיר: „סטאי!"

עטלעכע פון זיי שפרינגען אראפ, שטרעקן אויס די ביקסן אויף באגנעטן און באפעלן מיר אויפהייבן די הענט.

איך טו אזוי. זיי זוכן אין מיין רוקזאק, פרעגן מיך אויס ווער איך בין, פונוואנען איך קום. איך דערצייל זיי אלץ און זיי לאזן מיך אפ. איך קאן גיין ווייטער. איך בעט זיי מיך נעמען אויפן וואגן. אבער דאס, זעט אויס, טארן זיי נישט. זיי זאגן אפ. זיי ווארענען מיך שטרענג, אז איך זאל אויסלעשן דאס טאשן־לעמפל, ווייל די גרענעץ־שטחים טאר מען נישט באלייכטן.

איך פארקירעווע זיך אויף לינקס. עס איז פינצטער און כ׳זע נישט ווי צו גיין. מוז איך גיין אויף טראף.

פּלוצים — איך דערזע אין רעד־ערד אריינגעשטעקט אַ ווייס שילדל. איך בויג זיך צו נאָענט און וויל איבערלייענען — אַ דײַטשע אױפשריפט! פאַרשטײ איך, אַז דאָ מעסט מען אוודאי בײַטאָג די גרענעץ, מען מאַכט סימנים, אָדער עס איז נאָך אַ פאַרבליבן שילדל פון פריער, ווען די דײַטשן זײַנען צוריקגעלאָפן פון ביאַליסטאָק.

באַלד אָבער באַלײַכטן מיך עטלעכע עלעקטרישע לעמפּלעך און איך דערהער אַ רוף „האַלט!"

איך בלײַב שטיין. איך קלער, אַז אויף דעם גרענעץ־פּאַס רעדן די רויטאַרמייער אויך דײַטש.

עס דערנענטערן זיך צו מיר עטלעכע מענטשן. פון דער נאָענט דערזע איך אַז דאָס זײַנען — דײַטשן!

— וווּהין?

איך ווײַז מיטן פינגער אויף דער ריכטונג פונוואַנען עס זעען זיך פון ווײַטן באַלויכטענע שטובן.

— איך גײ אין דער שטאָדט.

ווײַזט מיר איינער מיט דער האַנט אויף דער ריכטונג פון דער שטאָט. איך קאָן גיין ווייטער. זיי לעשן אויס די לעמפּלעך. מיין איך נאָך איצט, אַז דאָס זײַנען דײַטשן אויף דער סאָוויעטישער זייט, וועלכע האָבן עפּעס אַ ספּעציעלע פונקציע (אין דער צייט האָט מען נאָך נישט געהאַט גענוי רעגולירט די ערטער פון די גרע־נעצן און בײַטאָג האָבן מיר געזען עפּעס מעסטן די ערד אַרום דער גרענעץ).

עס איז שוין נײַן אָוונט. שוין דריי שעה נאָך דער דערלויבטער צייט פון גיין אויף די שטחים. און אפשר זײַנען דאָס טאַקע דײַטשן נישט פון דער סאָוויעטישער זייט? אָבער ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך?

שוין ווידער אַ קרייץ־וועג און איך פאַרקירעווע אַלץ אויף לינקס. איך דערזע ליכט פון אַ כאַטע. איך מוז דאָ גלייך אַריין אין דער כאַטע. זי איז אָבער פאַר־שטעלט מיט אַ געניג הויכן, הילצערנעם פּלויט, קיין טירל זע איך נישט. עס איז אָבער נישטאָ קיין צייט אויף זוכן און וואַרטן. איך שפּרינג אַריבער דעם פּלויט. איך ריכט זיך אויף אַן אָנפאַל פון אַ הונט. נאָר זאָל בעסער באַפאַלן אַ הונט איידער אַ דײַטש.

איך קלאַפּ אָן אין פענצטער און פרעג זיך ווו איך געפין זיך.
מען הייסט מיך שנעל אַריינגיין אין דער כאַטע.

— ווו בין איך?

— איר זייט 30 מעטער פון דער סאָוויעטישער גרענעץ, איר זייט אויף דער דײַטשער זייט!

די פיס ברעכן זיך מיר אונטער און איך לאָז זיך אַראָפּ אויף דער פּאָדלאָגע.
מען דערלאַנגט מיר טיי, מען שפּילעט מיר אָפּ דעם רוקזאַק און מען זעצט מיך אַוועק אויף אַ בענקל. איך זאָל זיי זאָגן וווּהין איך האָב געוואָלט גיין.

— קלאָר, אויף דער סאָוויעטישער זייט!

— בין איך אוודאי פון מאָזאַישן גלויבן, פון אַלטן טעסטאַמענט?
זיי ווילן נישט אַ־ויסזאָגן דאָס וואָרט „ייד", טאָמער וועט עס מיך באַליידיקן(!)

לויטן אויסזען און לויט דער אויסשפּ־אַך — זאָגן זיי — איז שווער אונטער־צושיידן מיך צווישן אַ קריסט און נישט־קריסט.

זיי בעטן מיך איך זאָל אַזוי גוט זיין און שנעל אַרויס פון דאַנען און איבער־גיין אין סטאַדאָלע. דאָ קומט אָפּט אַריין די גרענעץ־וואַך און זיי קענען אויפן אָרט דערשיסן פאַר האַלטן דאָ ביינאַכט אַ פרעמדן מענטש.

איך פּרוּוו מיט זיי רעדן וועגן אַריבערפירן מיך פאַרטאָג איבער דער גרענעץ. איך בין זיי מכבד מיט צוקערלעך און פּאַפּיראָסן. זיי פרעגן מיך וויפל איך בין גרייט צו באַצאָלן.

איך האָב ביי זיך 12 זלאָטעס און אַ זייגערל אויף דער האַנט. איך בין זיי גרייט אָוועקגעבן אַ העלפט פון מיין געלט און דאָס זייגערל.

זיי וועלן שוין רעדן מיט מיר פאַרטאָג, קודם מוז איך שנעל, אָבער שטיל, זיך אַרויסשלייכן פון כאַטע, גיין אויף אַלע פיר און זיך אַריינשאַרן אין סטאַדאָלע.

קוים זיך אַריינגעשאַ־ט. די סטאַדאָלע איז פאַ־לייגט מיט שטרוי. עס איז דאָ שטאָק־חושך. איך הויב אָן צו טראַכטן מיט חשד וועגן מיינע גאַסט־געבער. אפשר מיינען זיי אַז איך האָב געלט און ביינאַכט וועט מען מיך דאָ פאַרטיק מאַכן?

איינשלאָפן טאָר איך נישט.

מיך פּייניקט אַ שטאַרקע היץ, קאַפּווייטיק, איך ווייס נישט צי איך בין הונ־געריק, צי דורשטיק, צי סתם צעהיצט. איך וואָלט באַדאַרפט כאָטש כאַפּן אַ דרימל.

עפּעס איז, דוכט זיך, אין שטרוי. דאָ מוז אוודאי ווער ליגן באַהאַלטן! איך קוועטש אָן דאָס עלעקטרישע טאַשן־לעמפּל און זוך צווישן שט־וי. אויף דער סטאַ־דאָלע פאַלט אַ שאָס. איך קוועטש זיך טיפער אַריין אינם שטרוי. עס קאָן זיין, אַז דאָס האָט די שיין פון לעמפּל דורכגעלויכטן דורך די שפּאַרעס און דעריבער האָט מען דאָ אַהער געשאָסן.

איך הער זיך איין צו יעדן שאָרך אין שטרוי. איך כאַפּ זיך שוין, אַז דאָס מוזן זיין שטשורעס. איז אויך נישט גלייך אַנטשלאָפן צו ווערן. איך לעג זיך אָן אויף די עלענבויגנס. ווען דאָס ווערט אַ קנאַפּ ווירקזאַם קעגן־מיטל קעגן שלאָף, שטעך איך דאָס לייב מיט אַ שפּילקע.

אַזוי ציען זיך ניין שווערע, פּיינלעכע שעהן. ענדלעך זיך דערוואַרט ביז צו דער מינוט, ווען ס'הויבט אָן בלאָען אויף טאָג. דער לאַנג־דערוואַרטעטער פאַרטאָג. אויף וועלכן עס וואַרטן אַזוי אָפּ מיט ציטער שווערע חולאים און אַרעסטאַנטן.

עס קומט אָן מיין באַלעבאָס און עפנט די סטאַדאָלע.

לײדער קען ער מיך נישט אַ־יבערפירן פאַר קיין שום געלט נישט. דורך דעם קורצן וועג פון פּאַ־נט, די 30 מעטער, קען מען בכלל נישט דורכגיין. מען מוז זיך צוקריגן צו אַ הינטער־וועג, עס איז עטלעכע קילאָמעטער. ער וועט מיר אַלץ ווייזן.

איך בעט אים מיט מיר מיטצוגיין כאָטש אַ קליין שטיקל וועגס, מיך צופירן צו אַ שטעג. ער זאָגט צו. ביים אַרויסגיין פון סטאַדאָלע קריגט ער ווידער חרטה.

איך מוז אַליין טרעפן. איך זאָל נאָר גיין ריכטיק דעם וועג וואָס ער האָט מיר אויסגעמשלט. יועל איך — זאָגט ער — שוין אַליין דערגיין.

איך גיב אָפּ מיינע רעשט צוקערלעך און אַ העלפט פון מיין געלט. ער גייט מיט מיר מיט עטלעכע שריט און ווינטשט מיר אַ גליקלעכן וועג.

איך מוז גיין דעם גאנצן וועג ביז צום וואלד, איינגעבויגן, מען זאָל מיך נישט דערזען. איך דאַרף אַרויס אויפֿן פעלד און צוגיין ביז צום אָרט וווּ ס׳שטייט אַן איינזאַמער בוים. דאָרט זאָל איך זיך פּאַרקירעווען אויף רעכטס, דורכהאַקן דעם וואַלד, וועל איך דערזען די ערשטע כאַטע אויף דער סאָוויעטישער זייט. איך זאָל דאָרט נאָר אָנרופֿן זיין נאָמען, וועט מען מיך אַריינלאָזן. ער האָט מיר דערלאַנגט די האַנט און שנעל אַוועק.

דער באָדן איז געווען אַ ליימיקער. איך בין געגאַנגען איינגעבויגן און נאָכגע־שלעפּט דעם רוקזאַק אויף דער ערד. איך האָב געזוכט דעם איינזאַמען בוים אין פעלד. די אויערן זיינען מיר ביינאַכט פֿאַרלייגט געוואָרן. עפּעס אַ פּייכטקייט האָט זיך מיר אינעווייניק באַזעצט. איך הער קוים־קוים, ווי דורך אַ וואַנט. איך האָב מורא, אַז מען קאָן צו מיר עפּעס אויסרופֿן, נאָכשרייען און איך וועל נישט דער־הערן.

איך בין שוין דעם וועג אויך איבערגעקומען און זיך דערשלעפּט צו דער גע־בענטשטער כאַטע. יאָ, עס איז שוין די סאָוויעטישע זייט!

ווי איך בין נאָר צוריק אַרויס פֿון דער כאַטע האָב איך זיך געלאָזט לויפֿן. זיינען מיר נאָכגעלאָפֿן דריי ריזיקע הינט. זיי האָבן זיך צעבילט מיט אַזאַ רוגזה און מיט אַזאַ הנאה — ווי זיי וואָלטן שוין לאַנג געהאַט געוואַרט אויף אַזאַ גאַסט. איך האָב זיך געווערט מיט אַ שטעקן, געפּאָכעט, געדרייט אַרום זיך און וואָס מער איך האָב געפּאָכעט מיטן שטעקן, אַלץ מער האָבן זיי זיך צו מיר געריסן. איך האָב געשריגן און גערופֿן הילף. עס איז אַרויס אַ פּויער און קוים זיי פֿון מיר אָפּגעטריבן.

איך קען זיך אָבער פּאָרט נישט איינהאַלטן פֿון וואָס שנעלער לויפֿן פֿון דער פֿאַרשאָלטענער, דייטשער ערד און וואָס טיפֿער אַריין אין סאָוויעטן־לאַנד.

עס גייט מיר אָן אַקעגן אַ גרופּע מענטשן, צווישן זיי אויך אייניקע יידן — זיי

גייען גאָר צוריק אויף דער זייט אַריבער!

— וווּהין גייט איר, יידן?!

— מיר גייען צריק! בעסער אינדערהיים צו שטאַרבן, איידער דאָ צו לעבן!

איך האָב אפילו מיט זיי געוואָלט מיטגעבן אַ פּאָר ווערטער צו מיין פרוי — אַז איך בין שוין בשלום אַדורך און געפֿין זיך שוין אויף דער סאָוויעטישער זייט — איך האָב אָבער נישט געקאָנט ביי זיך פּועלן צו רעדן מיט אַזעלכע מענטשן, אַזעלכע יידן, וועלכע גייען צוריק צו די דייטשן!

דאָס זיינען אַוודאי גרויסע קאַפּיטאַליסטן און זיי האָבן איצט אין זינען לויפֿן אַהיים צו זייערע פֿאַרמעגנס.

אָבער חוץ דעם איז מיר פּשוט געווען שווער זיך אָפּצושטעלן אויף אייניקע מינוט פֿון מיין אייליקן געלויף. עס האָט מיך געטראָגן ווייטער. איך האָב געאיילט צו דעם ערשטן סאָוויעטישן שטעטל — זארעמבי קאָשטשעלנע!

## קאַפּיטל ה

דאָס ערשטע הייזל אין דעם שטעטל איז א פּוילישע קרעטשמע.

דאָ זיצן צענדליקער יידן, יונגע יידישע פרויען, אלץ איצט אָנגעקומענע דורך די פאַרשידנסטע וועגן פון יענער זייט.

עס זיצן דאָ סאָוויעטישע סאָלדאטן אין גרינע היטלען, זיי זיינען פון דער גרענעץ־וואך. מיר זיצן מיט זיי ביי איין טיש, טרינקען אויס דאָס ערשטע גלעזל קאַווע און פאַרגינען זיך נישט רעכט אויף זיי צו קוקן. יעדער פון אונז דערציילט זיי עפּעס. אלץ אין אַ צעקאָליעטשעטן רוסיש. זיי דאַרפן קיין סך נישט פאַרשטיין, זיי שמייכלען, שאָקלען צו מיט די קעפּ, קלאַפּן אונז גוט־ברודעריש אין פּלייצע.

— פון איצט אָן וועט אייך שוין זיין גוט!

גאָר שנעל באַפריינדן זיך מיט די רויאַרמייער — אונזערע מיידלעך. זיי ווערן באַלד מיט זיי נאָענט, צוגעלאָזן. אונזערע מיידלעך נעמען זיי אַרום, גלעטן זיי, שמייכלען. די רויטאַרמייער פילן זיך אומבאַהאָלפן, שעמעוודיק. ווי פאַר יוצא וועגן גלעטן זיי צוריק...

די מענער אונזערע פאַרדריסט עס אויף די מיידלעך.

— זיי זיינען חולה צו האַלטן זיך אַביסל דיסקרעטער! די רויטאַרמייער וועלן דאָך קריגן וועגן אייך און וועגן אונז די ערגסטע מיינונג!

אָבער וואָס זאָלן זיך העלפן איצט די ארבעטער־מיידלעך, די, וועלכע האָבן יאָרנלאַנג זיך דערצווינגן אין די רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס און קרייזלעך, די, וועלכע האָבן אַזויפיל געלייענט און געחלומט וועגן די רויטאַרמייאישע העלדן — ווען איצט זיצן זיי צוזאַמען מיט זיי — די באַפרייער! די רוסישע שפּראַך קענען זיי נישט, מוזן זיי זיך באַנוצן מיט דער שפּראַך פון צערטלען און פלירט.

די מענער אונזערע האַלטן אָבער, אַז די מיידלעך האָבן שוין איבערגעכאַפּט די מאָס.

דער פּוילישער קרעטשמער האָט אויך געוואָרטשעט פון כעס:

— אָך, די נקבות!

איך בין שנעל אַוועק צום אָרט ווו עס שטייט די באַן און נעמט אויף פּאַסאַזשירן קיין ביאַליסטאָק.

ביים וואָקזאַל, אויף דער ערד, זיצן עטלעכע הונדערט יידן. פאַראַן צווישן זיי אַ סך עלטערע יידן, מיט בערד און פּאות — גאָר שוין נישט אין די קיילעכיקע פּויליש־יידישע היטעלעך, נאָר אין וועלאָסיפּעד־היטלען, מען זעט ווייניק פרויען און נאָך ווייניקער קינדער.

שווער אריינצוקריגן זיך אין צוג. עס קומען אָן פון צען ביז פופצן לאַסט־וואַגאָנעס — ווערט אַ לויפעניש, אַ געדראַנג און מענטשן שטיקן זיך, פאַלן אין חלשות — עס איז שווער אַריינצוזבאַקומען זיך אינעווייניק אין די וואַגאָנען אריין. מענטשן זיצן שוין דאָ דעם דריטן טאָג און וואַרטן.

א יונגערמאַן קומט צו און שלאָגט מיר פאָר אַ מסחר — איך זאָל אים פאַרקויפן מיין זייגערל. ער ליגט מיר פאַר 50 רובל דערפאַר. איך באַשטיי גלייך אויפן פּרייז. אַ צווייטער יונגערמאַן וויל מיר גלייך געבן הונדערט. איך בין איבערראַשט פון דער גרויסער סומע. אָבער איך גיב אָפּ מיין זייגערל דעם ער־

שטן סוחר. — לאָמיך ווערן אָפּגענאַרט אויף 50 רובל. לאָמיך כאָטש אויף אַזאַ אופן מיט עפּעס צאָלן דערפאַר, וואָס איך בין שוין אויף דער סאָוויעטישער ערד.

מען זאָגט מיר באַלד, אַז אין ביאַליסטאָק נעמט מען פאַר אַזאַ זייגערל 150 רובל. דער יונגערמאַן, וואָס קויפט דאָ אויף די זייגערלעך, איז טאַקע פון ביאַליסטאָק. נאָר מיך אַרט נישט פאַר מיין פעלן מסחר.

נעבן מיר זיצן עטלעכע עלטערע יידן און שמועסן וועגן גאָר עפּעס אַ וווייטן ענין — וועגן בבל, וועגן יבנה.

איך ווער געוואָר, גאַנץ פאַרטרוילעך, אַז צווישן דער גרופּע יידן זיינען פאַראַן עטלעכע רבנים און רביים. איך רעד מיט זיי וועגן וואָכעדיקע ענינים.

— פון וואָס וועלן זיי ציען חיונה?

— וואָס איז שייך פון וואָס? פון מלאכה! זיי וועלן אַרבעטן. איינער פון זיי האָט אַ ידיעה אין גלעזעריי, דער צווייטער האָט אַ שטיקל ידיעה אין סטאָלעריי — מען וועט שוין ווי עס איז עפּעס טאָן אויף אויסצושלאָגן זיך חיונה. מען דאַרף דאָך נאָר איבערוואַרטן, דער גזר זאָל אַריבער, די דייטשן זאָלן אַרויס פון פּוילן. — ווי לאַנג קאָן דאָס געדויערן? צוויי, העכסטנס דריי חדשים.

בלויז איין נאַכט בין איך נאָכדעם איבערגעשלאָפן אויפן פעלד. אינדערפרי, ווען עס איז אָנגעקומען דער צוג פון ביאַליסטאָק, האָב איך זיך אַריינגעשטופּט אין דער געדיכטער מאַסע, וועלכע האָט געדרענגט צו די וואַגאָנען און אַזוי בין איך געוואָרן מיטגעטראָגן אין אַ וואַגאָן אַריין.

פון דער לערערין, וואָס איז געווען מיט מיר צוזאַמען אין וואַרשע, האָב איך געהאַט אַן אַדרעס צו אירע עלטערן אין ביאַליסטאָק.

שוין אָנגעקומען, דאַנקען גאָט, אין ביאַליסטאָק גופא. איך דערשלעפּ זיך קוים צו דעם אָנגעוויזענעם אַדרעס. איך האָב געבראַנגט צו די עלטערן אַ גרוס פון זייער טאָכטער אין וואַרשע, האָבן זיי מיך אויפגענומען מיט עסן און טרינקען.

אָבער זעט אויס, אַז מיר איז שוין באַשערט, אַז יעדער נייער אָנהויב און יעדעס נייע אָרט זאָל זיך אָנהויבן מיט עפּעס נישט גוטס.

ווי נאָר איך האָב עפּעס אָפּגעגעסן און אָפּגעטרונקען ביים טיש, זענען מיך באַפאַלן שווערע, מוראַדיקע מאָגן־קראַמפּן. איך פאַרגיי זיך פון ווייטיק, איך ליג איינגעקאָרטשעט אין דרייען, איך שריי, איך קרעכץ — איך עס זיך.

און דאָ איז שוין שפּעט ביינאַכט, מען קאָן שוין נישט רופן קיין דאָקטאָר. דאָס אַלטיטשקע פּאָרפאָלק שטייט אַרום מיר, זיי זיינען הילפלאָז. קאָנען גאָרנישט אויפטון — חוץ מיר געבן הייסע שטערצלעך. עס העלפט אָבער נישט אויף. איך פיל, אַז דאָס איז נישט עפּעס איינער פון די געוויינלעכע מאָגן־אָנפאַלן.

איך האָב געבעטן אַ טערמאָמעטער. איך וויל כאָטש אָפּמעסטן די היץ. יאָ, היץ איז דאָ, 40 גראַד.

עס האָט מיך פאַרדראָסן, וואָס דער קבלת פנים אין דער פרייער ביאַליסטאָק זאָל זיך אָנהייבן פון אַ מאָגן־אַטאַק.

אָבער לאָמיך כאָטש לעבן בלייבן! אויסגיין אויפן שוועל פון גליק? ביים דערגרייכטן ציל?

איך בין אָפּגעקומען מיט אָפּליגן נאָר עטלעכע טעג צו־בעט.

איך בין אויפגעשטאַנען, זיך אָפּגעראַזירט, אָפּגעוואַשן און אַרויס אין גאַס אַריין, — אין דער פריער, רויטער שטאָט — ביאַליסטאָק.

איך בין אַוועק זיך איינבירגערן און פאַרבונדן מיט דער סאָוויעטישער ווירקלעכקייט.

## באַגייסטערונג. התפּעלות

די מענטשן זיינען מער אויף דער גאַס, ווי אין שטוב. אין אַזעלכע טעג איז עס שטענדיק אַזוי, יעדער דערוואַרט עפּעס נייעס, אויסטערלישע געשעענישן.

דאָס לעבן איז נאָך נישט סטאַביליזירט, עס פאָרמירט זיך ערשט, עס שטעלט זיך איין אָרדנונג.

באַקאַנטע באַגעגענען זיך אין גאַס. ס׳רוב פון די אַנגעלאָפענע האָבן נאָך נישט קיין וווינונגען אָדער פּשוט — ערטער צום שלאָפן. ווער עס שפּאַרט זיך צו אויף דער גאַס, אויף אַ שוועל פון אַ קראָם, ווער עס גייט אַוועק שלאָפן אין בית־המדרש.

אין גרויסן רעסטאָראַן אויף שענקעוויטש־גאַס, ווו עס פאַרזאַמלען זיך די פּליטים, איז נישט מעגלעך זיך אַריינצוקריגן. דאָרט איז איבערגעפּאַקט.

דער עולם האָט שוין אויך פאַרפולט דעם טויער און דעם גאַנצן טראָטואַר נעבן רעסטאָראַן. די זוך־צעטלען און אַנאָנסן זיינען שוין דאָ אויסגעקלעפּט אויף איינם טויער, און אויף די ווענט.

אויב נישט זיך אַריינצוקריגן אין רעסטאָראַן אויף עפּעס אָפּצועסן און טרינקען, וויל מען כאָטש איבערלייענען די זוך־צעטלען. דאָרט זיינען זיי אַ סך. מען זוכט די נאָענטע, וועלכע זיינען אַוועק פון וואַרשע און לאָדזש — קיין מזרח, אויף דרום — נאָך דעם 6־טן סעפּטעמבער. אַנדערע, ווידער, האָבן פאַרלוירן זייערע מיטגייער אין וועג. אָבער דאָס וויכטיקסטע איז — געוואָר צו ווערן וועגן די פאַרבליבענע אין וואַרשע, וועגן די נאָענטסטע. דאָ זיינען דאָך פאַראַן אַ סך, וועלכע זיינען טאַקע אויך אַוועק אין די ערשטע טעג מלחמה.

צווישן די פּליטים איז פאַראַן אַ גאַר קליינער פּראָצענט פּאַליאַקן.

עס הענגט דאָ אַ צעטל פון דער פּוילישער שריפטשטעלערין וואַנדאַ וואַסילעווסקאַ — זי זוכט איר נאָענטע משפּחה און פריינט, וועלכע זיינען איר פאַרלוירן געגאַנגען בשעתן אַנטלויפן פון וואַרשע.

אַ ייד, וואָס טראָגט אַ קליין שאַכטל מיט צוקערלעך אָנגעהאָנגען אויפן האַלז, ער רעדט נישט אויס קיין וואָרט. ער ווייזט נאָר אָן מיטן פינגער אויף זיין סחורה. ער האָט היינט אָפּגענומען אַ ידיעה וועגן די זייניקע אין וואַרשע. דער שמועס איז פאָרגעקומען אָפּגעהאַקט און קורץ:

— מיינע קינדער, מיין ווייב — לעבן זיי? !

— יאָ, אַלע לעבן געבליבן.

אַ פּויזע. אַ פאַרשעמטער פרעגט ער שוין שטיל:

— און מיין הויז?

— פאַרברענט!

— און מיין מאַנופאַקטור־געשעפט?

— פאַרברענט!

ער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, געשוויגן אַ ווײַלע און באַלד זיך צעשריגן אויף אַ קול:

— צוקערלעך, יידן! עסט צוקערלעך. ווער עס האָט נישט קיין געלט, זאָל נעמען אומזיסט. עסט, יידן, צוקערלעך, שאָקאָלאַדקעס. עסט, יידן!

דאָס איז געווען באַלד אינדערפרי. אָבער איצט שווייגט ער שוין אינגאַנצן. ער ווײַזט נאָר אָן מיטן פינגער אויף זײַן סחורה.

די גאַס איז פול מיט רויטאַרמייער. זיי גייען אַרום אויסגעפּוצט, ריין, באַהאַנגען מיט מעדאַלן. אַן אײַנדרוק מאַכן די קאָזאַקן, אין זייערע נאַציאָנאַלע מונדירן. אַרום זייערע טאַשן זײַנען אויסגעהאַפטן זילבערנע קוילן-גילזן. ביי דער זייט טראָגן זיי קליינע שטילעטן; אויף די קעפּ — ברייטע, פוטערנע קוטשמעס.

איינער אַזאַ בלאָנדער קאָזאַק קומט צו צום געזעמל יידן און נעמט רעדן אויף אַ ריינעם, אוקראַינישן יידיש. אַלע באַשיטן אים גלייך מיט פראַגן:

— איר זענט טאַקע אַ ייד?

— אודאי נישט קיין טערק.

און ער ענטפערט אָפּ אויף אַלע פראַגן — קלאָר, געזעצט, באַזינט, שטרענג, שטרייכט אונטער יעדעם וואָרט:

— די מענטשן הערשן איבער דער ערד. פון דער מענטשהייט איז דער אַקטיווסטער טייל — די אַרבעטערשאַפט. דער אַרבעטער בויט און שאַפט. דער אַוואַנגאַרד פון די אַרבעטער — איז אונזער באָלשעוויסטישע פּאַרטיי. דער אָנפירער און לייטער פון דער פּאַרטיי איז — דער געניאַלער יאָסיף וויסאַריאָנאָוויטש סטאַלין! ווער עס אַרבעט ביי אונז — דעם קאָן נישט זײַן שלעכט. ראַטנפאַרבאַנד איז רייך, עס סטאַיעט פאַר יעדן. אַלץ איז אייערס! מען דאַרף אָבער וויסן ווי אַזוי זיך צו פירן. מען דאַרף זײַן דיסציפּלינירט, נישט גיין קעגן ווילן פון פּראָלעטאַריאַט, פון דער פּאַרטיי, פון אונזער געניאַלן פירער. אַנדערש איז אויך אונזער האַנט אַ פעסטע און יאָדערדיקע — (ער באַווײַזט זײַן קרעפטיקע האַנט). מיר קאָנען נעמען פאַרן קאַרק און פאַרן גאָרגל. אונזער כוח איז מעכטיק, מיר וועלן אַלעמען באַזיגן! די וועלט געהערט צו אונז און מיר וועלן זי דעראָבערן!

מען שטעלט אים ווידער פראַגן:

— אָבער איר וועט שוין דאָ בלייבן אויף שטענדיק? אפילו ווען די מלחמה אין איראָפּע וועט זיך ענדיקן?

ער ענטפערט:

— דאָרטן, וווּ מיר האָבן נאָר אַוועקגעשטעלט אונזער זיכערן טריט, פון דאָרטן וועלן מיר שוין קיינמאָל נישט אַרויס!

— און ווי אַזוי איז מיט אַרבעט? וויפל פאַרדינט מען דאָרטן? צי קאָן מען שבת נישט אַרבעטן? צי וועט מען קאָנען דאָ אהערברענגען די פאַמיליעס פון פּוילן?

ער שטעלט יעדן צופרידן מיט זײַנע ענטפערס און גייט אַוועק. ווי געוויינלעך, בלייבן אויך עטלעכע נישט-צופרידענע. זיי ברומען אונטער:

— אַן אָנגעשטעלטער אַגיטאַטאָר. רעדט אַ פאַרטיקן פּזמון. אַ פּורים-שפּילער. אָדער ער איז נישט קיין קאָזאַק, אָדער ער איז נישט קיין ייד.

מען איז זיך מתווכח, מען שפּאַרט זיך און אַמפּערט זיך:

— איך זאָג אײַך, יידן, אַז מיר וועלן דאָ זײַן גליקלעך! זייער אָרדנונג איז

וואונדערבאר! דער פירער פון דעם לאַנד איז אַ גאון, אַ מענטש מיט אַן אייזערנעם מוח און אייזערנעם ווילן!

עטלעכע מענטשן דערקענען אים. מען רופט אויס הויך זיין נאָמען. ער באַשטעטיקט דאָס און זאָגט נאָך אַמאָל:

— יאָ, דאָס זאָג איך, זייערס אַן אייביקער קעגנער!

דאָס איז דער באַקאַנטער פירער פון די אַנטוועקער אין וואַרשע, דער אַמאָליקער דעפּוטאַט — חיים ראַסנער.

***

די געוועלבער ווערן וואָס אַ טאָג אַלץ ליידיקער פון די שפּייז־אַרטיקלען. די גאַסן ווערן אַלץ מער פאַרפּילט מיט גרויסע, געמאָלענע בילדער, וואָס ווייזן די פאַבריקן אין מאַגניטאָגאָרסק, די פּאָמעראַנצן און ציטרינען אין קרים, די ווייַנטרויבן און פּערסיקעס אין אוזבעקיסטאַן. עס איז אויך פול מיט בילדער פון די פירער, סטאַכאַנאָווצעס, און אָן אַ שיעור לאָזונגען.

עס זיינען שוין צוריק געעפנט די טאַנץ־זאַלן. אויף די שילדלעך אינדרויסן איז אָנגעשריבן:

„מערב־אייראָפּעאישע טענץ. איינטריט 8 רובל".

אין די זאַלן האָבן מיינסטנס געטאַנצט מיליטער־לייט. זיי טאַנצן מיט אונזערע ביאַליסטאָקער פרייַלינס. פון די פּליטים־פרויען גייט זעלטן ווער טאַנצן — מען איז פאַרנומען מיט זוכן אַן אָרט אויף צו שלאָפן, מען דאַרף זיך פאַרשאַפן עסן, איינאָרדנען.

אין די זאַלן האָט מען געטאַנצט ביז איינס ביינאַכט. פאַר אונז איז דאָס גאַנץ פּריקרע, ווייל פאַר אונז, די פּליטים־שרייבער, האָט מען צוגענומען איינעם אַזאַ טאַנץ־זאַל, אויף צו שלאָפן. האָבן מיר געמוזט יעדן אָוונט אָפּוואַרטן ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין, ביז די טענץ האָבן זיך געענדיקט. דעמאָלט ערשט, טראָגן מיר אַריין אונזערע בעטלעך און מאַכן דאָס געלעגער. אַ האַלבע נאַכט האָבן מיר געמוזט צווואַרטן אין פאָדער־הויז. אויב עס האָט גע־רעגנט אָדער געשנייט — זיינען מיר געזעסן ביי דער באַלעבאָסטע אין קיך. די אַלטיטשקע איז אונז דערפאַר דערגאַנגען די יאָרן. געזידלט, זיך געבעסט. זי האָט מורא געהאַט, אַז מען זאָל איר איינגאַנצן נישט צונעמען דעם לאָקאַל פאַר אונז.

אָבער אויף אונז, פּליטים, האָבן זיך געבעסט און געבייזערט ס'רוב ביאַליסטאָקער איינוווינער:

— די ביעזשעניצעס האָבן אונז מיטגעבראַכט נאָר לייז! צוליב זיי איז דער יקרות אין שטאָט!

האָבן די פּליטים זיך געוויצלט:

די ביאַליסטאָקער זיינען שוין געוואָרן בעלי־רחמים. זיי זאָגן שוין:

„אינדרויסן איז אַזאַ שרעקלעך וועטער, אַז עס איז אַן עבירה אפילו אַ ביעזשעניעץ אַרויסצולאָזן אין גאַס!"

געווען אָבער אַ סך ביאַליסטאָקער משפּחות, וועלכע האָבן אָפּגעגעבן זייער לעצטן ווינקל פאַר די פּליטים.

פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג האָבן די שרייבער באַקומען צעטלעך אויף

מיטאָגן אין דער אינטעליגענטן־קיך דאָרטן האָבן געגעסן די לע־ער, פּלאַסטיקער, אַקטיאָרן. פריער איז דאָרט געווען אַ קיך ביי אַ קלויסטער. אַלס קעלנערינס האָבן אונז נאָך איצט באַדינט די זעלבע קלויסטער־שוועסטער. עס זיינען נאָך געהאָנגען די הייליקע בילדער אויף די ווענט. עס איז אויסגעקומען אָפּט אָפּצושטיין 2—3 שעה ביזן אַריינקומען אין קיך. עס האָבן דאָרט געגעסן העכער הונדערט פּערזאָן — האָט זיך געטומלט. נאָר גלייך ביים אַריינקומען אין זאַל, איז דער טומל גע־דעמפּט געוואָרן. דאָס האָבן געווירקט די הייליקע בילדער און די קלויסטער־שוועס־טער, וועלכע זיינען נאָך געווען אָנגעטאָן אין זייער אָרדן־טראַכט.

זיי האָבן זייער אַרבעט אויסגעפירט שטיל, אָבער פלייסיק. זיי האָבן, זעט אויס, אָנגענומען דאָס אַלץ באהבה.

נאָר ווי עס איז נישט געווען שווער מיטן עסן און שלאָפן — האָב איך דאָך געטראַכט וועגן דעם, וואָס שנעלער אַריבערצונעמען אַהער די פרוי מיטן קינד.

**
*

די קינאָס האָבן שוין געשפּילט פון 12 בייטאָג אָן. יעדן טאָג זיינען פאָרגע־קומען מיטינגען, קאָנצערטן. עס זיינען אַראָפּגעקומען די בעסטע אַרטיסטישע כו־חות פון רוסלאַנד.

עס איז געווען ווו צו גיין און וואָס צו זען. איך האָב אָבער נישט געקאָנט רואיק געניסן פון דעם אַלעם — מיין פרוי און קינד זיינען נאָך אַלץ דאָרטן, אין וואַרשע, ביי די דייטשן. איך האָב דאָ געזעען אויפּטרעטן קינדער. זיי זיינען אַלע אַזוי פריילעך און צעשטראַלט. איך האָב געוואָלט, אַז מיין טעכטערל זאָל שוין אויך קאָנען געניסן פון דעם ווייל, פון דער פרייד און פרייהייט, וואָס עס האָבן דאָ די קינדער.

פאַר יעדן קאָנצערט, ספּאָרט־פאָרמעסטונג, קינאָ־ און טעאַטער־פאָרשטעלונג האָט אַ רוסישער פּאָליטרוק (פּאָליטישער לייטער) געהאַלטן אַ רעדע, דערציילט וועגן די וווּנדערלעכע אויפטוען אינם סאָוויעטנלאַנד, וועגן דער מעכטיקער אַ־מיי און גליקלעכער יוגנט. דער עולם האָט זיך אויפגעשטעלט, געזונגען דעם „אינטער־נאַציאָנאַל" און געמאַכט אויסרופן פאַר דער ראַטנמאַכט.

עס האָט אָנגעהויבן דערשיינען אַ יידישע טאָג־צייטונג: „דער ביאַליסטאָקער שטערן".

עטלעכע שרייבער זיינען געוואָרן איינגעלאַדן מיטצואַרבעטן. דער פריערדי־קער רעדאַקטאָר פונם „ביאַליסטאָקער לעבן" — דער אַלטער פסח קאַפּלאַן, איז בלויז פאַרבעטן געוואָרן אין דער רעדאַקציע, כדי זיי צו געבן די פאַרשידנסטע טעכנישע אָנווייזונגען און אויך צו העלפן ביים שרייבן די שטאָט־כראָניק.

איך האָב דאָ אָפּגעדרוקט אַ רעפּאָרטאַזש וועגן מיין אַריבערגיין די גרענעץ, וועגן מיינע ערשטע איינדרוקן דאָ. דער רעפּאָרטאַזש האָט געטראָגן דעם נאָמען „גליק".

די, וועלכע האָבן געשוואַרצט די גרענעץ, צוריק קיין וואַרשע, — טייל אויף שוין צו פאַרבלייבן דאָרטן און טייל — אויף אַריבערצוברענגען דאָ זייערע משׂ־פּחות, איניקע אפילו — צוליב פּרנסה — געשמוגלט סחורות — די אַלע זיינען געווען איבערגעבער פון די נייעסטע ידיעות דאָרטן און דאָ. זיי האָבן מ טגענומען

פון דאַנען די צייטונג אָדער בלויז אויסשניטן, באַהאַלטן אין די שיך און עס אַרי־בערגעפירט קיין פוילן. אַזוי אַרום האָט אויך דערגרייכט צו מיין פרוי דער אַרטיקל „גליק". האָט זי גלייך אויפן אָרט שוין פעסט באַשלאָסן זיך צו לאָזן אין וועג אַריין מיטן קינד. די צייטונג האָט אויך געלאָקט אַ סך יידישע זשורנאַליסטן אין וואַרשע — עס דערשיינט שוין, הייסט עס, אין ביאַליסטאָק, אַ יידישע צייטונג — און זי איז פול מיט באַגייסטערונג און התפעלות פאַר דער ראַטנמאַכט.

דער וועג איז אָבער איצט געווען שוין פיל שווערער ווי פריער. עס זיינען באַפאַלן פשוטע רויבער. עס האָט גערויבט און געמאַטערט די פוילישע פּאָליציי, אָבער צום ערגסטן איז עס מיט די דייטשן. אַלע פּליטים ווערן פאַרהאַלטן אין מאַלקין ביים בוג, מען נעמט זיי אַלץ צו און ווערן שווידערלעך געממיתט. נאָר די, וועלכע זעען נישט אויס ווי קיין יידן, מיידן אויס די קלעפּ.

עס איז נאָך דערצו אויך געוואָרן שווערער מיטן אַריבערגיין די סאָוויעטישע זייט. מען האָט שוין סתם אַזוי נישט אַריינגעלאָזן. פון דער דייטשער ביז דער סאָוויעטישער גרענעץ איז פאַראַן אַ נייטראַלער גרענעץ־פּאַס, אַ שטח פון אַ פּאָר צענדליק מעטער. אויף דעם שטיקל שטח האָבן זיך אָנגעקליבן הונדערטער, שפּע־טער שוין טויזנטער יידן. זיי זיינען דאָרט אָפּגעלעגן צו אייניקע טעג און טייל אפילו צו עטלעכע וואָכן. פאַר אַ גלאָז געווייגלעך וואַסער האָבן די אַרומיקע פּויע־רים גענומען הונדערט זלאָטעס. מענטשן זיינען געלעגן אין קופּעס איינער אויפן צווייטן. צווישן זיי זיינען שוין געווען אַ סך פון די, וועלכע די דייטשן האָבן אַרויסגעיאָגט פון כעלם און רובעשאָוו און אויסגעשאָסן דערביי 1800 יידן.

מען האָט געשיקט דעלעגאַציעס צו דער גרענעץ־וואַך. מען האָט אַריבערגע־שיקט טעלעגראַפישע פּעטיציעס צו סטאַלינען און מאָלאָטאָוון, עס זיינען געקומען שליחים קיין ביאַליסטאָק בעטן ביי די העכערע אינסטאַנצן, אַז מען זאָל אַלעמען אַריבערלאָזן איבער דער גרענעץ. אַ סך מענטשן ליגן שוין קראַנק. געווען שוין אפילו עטלעכע טויט־פאַלן.

די אינטערווענצן זיינען, מיט קליינע אויסנאַמען, שטענדיק דערלעדיקט גע־וואָרן פּאָזיטיוו. אַז עס איז אָנגעקומען די ידיעה, אויף דעם אינזל „קיינעמס לאַנד", אַז מען האָט אויסגעפּועלט, איז אַזאַ ידיעה באַגעגנט געוואָרן מיט ספּאָזמען פון פרייד, מיט הורא־אויסגעשרייען. באַלד האָט ווער אויסגעפונען ביי זיך אַ שטיקל רויטן שטאָף, אַ שטעקן, מען האָט אויפגעהויבן אַ רויטע פאָן און מיט פריידיקן געזאַנג אַריבער די גרענעץ, אין לאַנד פון יושר און פרייהייט — צו די סאָוויעטן.

אָבער נישט אַלע מאָל האָט עס זיך אַזוי געענדיקט. אַ טייל פון די אויפן ניי־טראַלן פּאַס, איז שווער געוואָרן דאָס וואַרטן אויף אַן ענטפער און זיי זיינען צו־ריק אַריבער אויף דער דייטשער זייט.

דער דיכטער ישראל שטערן, וועלכער איז אָנגעקומען צו דער גרענעץ שוין אַן אויסגעמוטשעטער ביז דער אונטערוועש, אַ דערשלאָגענער, אים איז אויך, נעבעך, נישט געלונגען אַריבערצוגיין די סאָוויעטישע גרענעץ און ער איז צוריק קיין וואַרשע.

אויך דער יונגער פּראָזאַאיקער סמאָליאַזש, איז שוין געווען ביי דער גרענעץ, געבעטן זיך ביי די רויטאַרמייער — עס האָט נישט געהאָלפן. ביינאַכט האָט ער געפּרוווט גנבענען די גרענעץ, אָבער די סאָוויעטישע גרענעץ־וואַך האָט אים גע־כאַפּט. ער האָט אַרויסגענומען זיינע געדרוקטע דערציילונגען, עטלעכע העפטן אָנ־

געש־יבענע כתבים, געוויזן, געזאָגט, אַז ער איז אַן אַרבעטער, אַ רעוואָלו־ציאָנערער שרייבער — עס האָט גאָרנישט געהאָלפן. זיי האָבן אים צוריקגעשיקט. עס קאָן זיין, אַז זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען, וואָס ער רעדט צו זיי, ווייל קיין רוסיש האָט סמאָליאַזש נישט געקענט. אָדער זיי האָבן אים פשוט נישט געגלויבט, וואָס ער דערציילט זיי.

דאָס זעלבע איז געשען מיט אַ גרויסער גרופע יידישע אַקטיאָרן, צווישן זיי איז אויך געווען דער באַוווסטער א. סאַמבערג. זיי האָבן געמוזט צוריקפאָרן פון דער גרענעץ.

איך בין עטלעכע מאָל צוגעפאָרן קיין זאַרעמבי קאָשטשעלנע, אָפּגעוואַרט די פרוי מיטן קינד. איך האָב געגלויבט, אַז אין אַ נויטפאַל, ווען איך וועל געוווּיר ווערן, אַז זי געפינט זיך אויפן נייטראַלן פאַס, וועל איך קאָנען דאָ אין שטאָט אינ־טערוועגירן אין דער מיליטער־קאָמאַנדע.

די צוגן פון און צו דער גרענעץ זיינען נאָך אַלץ געווען געפּאַקט. מען האָט שוין אויך דורכגעפירט אָבלאַוועס אין די צוגן, געמאַכט רעוויזיעס, געזוכט די שמוגלער, גרענעץ־שוואַרצער. מען האָט אָפּגעשטעלט די צוגן אויף עטלעכע שעה און די, וועלכע האָבן נישט געהאַט די אַנטשפּרעכנדיקע דאָקומענטן, האָט מען פאַרהאַלטן און איינגעזעצט.

די שמוגלער זיינען שוין געווען איצט נאָר פּאַליאַקן. ווען זיי זיינען אַריבער אויף דער דייטשער זייט, איינגעשטיגן אין צוג און אָנגעטראָפן פאָרן אַ ייד, האָבן זיי אים צעשלאָגן און אָפט אויך אַרויסגעוואָרפן דורכן פענסטער פונם לויפנ־דיקן צוג.

דאָס צוריקפאָרן פון זאַרעמבי קאָשטשעלנע קיין ביאַליסטאָק קומט נאָך אַלץ אָן שווער. מען דאַרף אָפּזיצן אַ גאַנצע נאַכט אין דרויסן, ביים וואָקזאַל, אין רעגן, שניי, און מען דאַרף אַ סך כוחות פטרן ביים אַריינקריגן זיך אין צוג.

איך האָב עטלעכע מאָל דורכגעמאַכט דעם וועג און אויף מיין פרוי און קינד זיך אַלץ נישט דערוואַרט.

ביים אַראָפּגיין פון באַן אין ביאַליסטאָק, האָב איך געטראָפן מיינעם אַ פריינט, דעם פעליעטאָניסט פון „היינט", מ. סעלים (בערענהאָלץ). איך האָב אים געעצהט גלייך פון דאַנען פאָרן ווייטער, קיין ווילנע, כל זמן מען קאָן נאָך פאָרן. אין ליטע, וועט פאַר אים זיין פאַסיקער. ער עקשנט זיך:

— פאַרוואָס פאָרט איר נישט דאָרטן אַהין, און מיך הייסט איר פאָרן?

— דערפאַר, ווייל דאָס לאַנד דאָ איז מיינס. איך בין פון די יונגסטע יאָרן אָן אַ סאָציאַליסט. דאָ איז אַן אַרבעטער־מאַכט, עס רעגירט דאָס פאָלק — איך דאַרף ד אָ זיין!

— אָבער מען זאָגט דאָך, אַז מיטן עסן, וווינען און אין אַלגעמיין איז דאָ גאַנץ שווער.

— קאָן זיין, אמת. אָבער איך וויל פון דעם לאַנד דאָס גוטע און דאָס שלע־כטע. אויב עס איז נישטאָ צו עסן, עסט קיינער נישט. דאַרף איך ליידן צוזאַמען מיט זיי. עס איז מיין לאַנד. אָבער פאַר אייך, איר האָט גאָרנישט צושטייער גע־געבן דעם לאַנד, איך מיין אייערע געפילן. אייך איז פרעמד די אידעע, די פּסיכיק פון דעם נייעם מענטש. אייך וועט עס זיין שווער. איר זענט נישט מחויב צו ליידן. עצה איך אייך דעריבער גלייך צו פאָ־ן קיין ווילנע. עס איז שוין פאַ־אַן דאָ־טן

א גרעסערע גרופּע יידישע זשורנאַליסטן, עס איז דאָ־ט טעטיק דער „דזשאָינט״. איר וועט זיך בעסער אויסלעבן דאָרטן.

ער האָט מיך נישט נעפאָלגט. באַשר זיין שוועסטער־ איז אַן אַקטיווע קאָמו־ניסטן, איז געזעסן אין טורמע אין פּוילן. זי איז שוין אויף דער זייט, וועט ער זיך שוין האַלטן צוזאַמען מיט איר. ער איז דאָך אַ ייד, זיי, די סאָוויעטן, ראַטעווען איצט יידן, וועט ער בלייבן דאָ.

*****

פון אָבליספּאָלקאָם האָב איך באַקומען אַ סובסידיע פון 600 רובל. מען האָט טייל שרייבער געגעבן נאָר צו 200 רובל. טייל האָבן באַקומען צו 400 און נאָר עטלעכע האָבן באַקומען די העכסטע סומע — 600 רובל.

איך האָב אָפּגעדרוקט אַ נאָוועלע אין צייטונג און באַקומען האָנאָראַר 200 רובל. האָב איך שוין איצט אַ גרעסער־ע סומע געלט און האָב זיך שוין געקאָנט דערלויבן צו קויפן אַ פּאָר קאַלאָשן פאַר 200 רובל.

אין ביאַליסטאָק האָט זיך אָפּגעפונען מיינער אַ יונגער־ער ברודער מיט זיין פרוי. ער איז אַנטלאָפן פון וואַרשע דעם 6־טן סעפּטעמבער און איך האָב נישט געוווּסט ביז איצט ווו ער איז אַהינגעקומען, אים שוין גער־עכנט פאַר אַ פאַר־פאַלענעם.

מיר האָבן צוזאַמען מיט נאָך אַ פאַמיליע געדונגען אַ צימערל און שוין גע־וווינט אין באַקוועמערע באַדינגונגען. דאָס קויפן עסן קומט מיר אויך אָן לייכ־טער, ווייל אין דעם מאַגאַזין אויף אונזער גאַס אַ־בעט אַלס אָנגעשטעלטע די על־טערע טאָכטער פון דעם באַרימטן שרייבער י. מ. וויסענבערג.

*****

איך האָב זיך צופעליק באַקאַנט מיט עטלעכע יידישע סאָוויעטישע שרייבער. זיי זיינען נאָר וואָס געקומען צו פאָרן פון מינסק. איך האָב זיי געטראָפן אין אַ גאָרקיך, ווו איך בין אריין עפּעס אָפּעסן. איך זע ווי אַ גרופּע מענטשן ביי אַ טיש, סאָוויעטישע, רעדן אַ פיינעם, ליטעראַרישן יידיש. איך האָב גלייך פאַר־שטאַנען, אַז דאָס דאַרפן זיין לערער אָדער שרייבער.

מיר באַקענען זיך און פאַרפירן אַ שמועס. אַלע דריי — איין פרוי און צוויי מענער — זיינען דיכטער. עס איז פאַר מיר געווען אַ פריידיקע ט־עפעניש און מיר זיינען באַלד אריבער צו אַ האַרציקן און חברישן שמועס.

די דיכטערין רחל בוימוואָל האָט מיך געפרעגט צי איך האָב אפשר ביי זיך דעם אַמעריקאַנער זשורנאַל „די פעדער״, אין וועלכן אברהם רייזען האָט פאַר־יאָרן דאָרט פאַרעפנטלעכט אַ רעצענזיע וועגן איר זאַמלונג לידער־ „וויינשלבוימער״. זי האָט וועגן דער רעצענזיע געהערט, אָבער זי נאָך נישט געלייענט.

ווי דער שטיינער איז פון פּאָעטן, האָט זי מיר גלייך געגעבן איבע־צולייענען איר קליין ביכעלע לידער. איך האָב זיך נישט געריכט צו לייענען ביי אַ סאָוויע־טישן שרייבער אַזעלכע סובטעל־לירישע לידער־. זיי זיינען פון אַ גרויסן, מייסטע־רישן טאַלאַנט.

איר אויסזען איז צאַרט, היימיש־יידיש. עס איז מיר געווען פּריקרע צו זען ווי זי איז אָנגעטאָן אַזוי אָרעם און גרוי.

איך האָב זיי אַלע דריי איידל איבערגעפרעגט וועגן אַן ענין, וואָס איז מיר שוין עטלעכע יאָר שווער געלעגן אויפן האַרצן. איך האָב געוואָלט פון זיי געוווּיר ווערן דעם אמת — וועגן אַרעסט פון משה קולבאַק.

זיי האָבן זיך איבערגעקוקט, געשושקעט מיט די בליקן. געענטפערט האָט מענדל ליפשיץ. ער איז אַ כבד־פּה. עס קומט אים אָן שווער דאָס רעדן. האָט ער זיך אָנ־געשטרענגט און פייערלעך דערקלערט:

— קולבאַק האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ שונא פון פאָלק! אַ פאַרעטער! האָט מען אים באַלוינט מיט זיין פאַרדינטער שטראָף — מען האָט אים איזאָלירט פונם פאָלק — אים אַריינגעזעצט אין טורמע.

איך בין געוואָרן געפּלעפט פון דעם ענטפער. איך האָב גענומען רעדן וועגן דעם גרויסן טאַלאַנט פון משה קולבאַק. ער איז אַ גרויסער יידישער דיכטער; ער איז, דוכט זיך, אויך אַן איידעלער, ווינער מענטש, ער איז דאָך שטענדיק געווען אַזאַ ליבלעכער, אויפריכטיקער מענטש און אייפעריקער קעמפער פאַרן סאָציאַ־ליזם, אַ פאַרהערלעכער פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. ווי אַזוי ווערט דאָס אַזאַ באַגאַבטער און ערלעכער מענטש — אַ פאַרעטער?

דער דריטער האָט דאָס געפּרוווּט פאַרגלעטן:

— איצט איז דאָ אַ באַפעל פון דער העכערער מאַכט דורכצוקוקן די אַקטן פון די פּראָצעסן ביי אַ סך קאָמוניסטן. מען דאַרף קאָנטראָלירן 27 טויזנט אַזעלכע פּראָצעסן, די אַלע, וועלכע וועלן זיך אַרויסווייזן פאַר אומשולדיק — וועט מען באַפרייען. לאָמיר האָפן, אַז קולבאַק וועט אויך געהערן צו די אומשולדיקע און באַפרייטע.

רחל בוימוואָל פירט צוריק דעם שמועס צו דיכטונג. זי פרעגט זיך אויף אונזערע שרייבער, וועגן אונזער לעבן. זי שלאָגט מיר פאָר מיטצוהאַלטן מיט זיי מיטאָג — זיי וועלן באַצאָלן. זיי באַקומען, זאָגט זי, שיינע האָנאָראַרן פאַר זייערע שאַפונגען.

ווען מיר זיינען אַרויס אויף דער גאַס, האָב איך באַמערקט, אַז בוימוואָל איז אָן שניי־באָטן. זי טראָגט דינע, פאַרלאַטעטע לעטשלעך. עס איז אַ קאַלט וועטער איצט, זי איז פאַרקילט און הוסט.

איך האָב איר צוגעזאָגט אויסצוזוכן אַן אָרט, וווּ מען קאָן קויפן באָטעס. מיר זיינען אַריין אין עטלעכע קראָמען. אין איין אָרט איז נאָר געווען בלויז איין פּאָר — אָבער ביידע פון רעכטן פוס. וואָס וועט זי וואַרטן און קלערן? זי איז פאַר־קילט — האָט זי געקויפט די באָטעס און זיי גלייך אויפן אָרט אָנגעטאָן.

איך האָב זיך געפילט אַביסל שולדיק פאַרוואָס איך האָב נישט אויסגעפונען פאַר איר אַ ליטישע פּאָר, איך האָב זיך פאַרענטפערט פאַר איר, האָט זי מיר אויסגערעדט:

— די מענער קוקן סיי ווי נישט אויף מיינע פיס, עס פעלט זיי אָן דעם אויך נישט קיין פאַרגעניגן.

בעט מיך שוין איינער פון די דיכטער, אַז איך זאָל אים אויך צוהעלפן עפּעס אויסגעפינען — אַ כשר פלעשל וויין. אין שולע, וווּ ער איז לערער, אַרבעט אַלס וועכטער אַן אַלטער, פרומער ייד. האָט ער אים אָנגעבעטן, אַז ער זאָל פאַר אים

קויפן דאָ אַ פלעשל כשרן, פסחדיקן ווײַן. ווען עס קאָן זײַן כרמל־ווײַן, וואָלט ער גאָר געווען אַ גליקלעכער, דער אַלטיטשקער.

איך בין מיט זײ אַוועק זוכן איבער קראָמען. איך האָב געוואָלט דערווײַל האָבן די געלעגנהייט מיט זײ צו שמועסן וואָס מער. איך בין געווען געשפּאַנט אויף יעדן וואָרט זייערן און געשלונגען די רייד און שבחים וועגן דעם גרויסן און מעכטיקן ראַטנפאַרבאַנד:

— אונזער לאַנד האָט אָפּגעשאַפט די עקספּלואַטאַציע פון מענטש איבער מענטש. זי האָט אויסגעפאָרמירט אַ נייעם דור, אַ נייעם טיפּ מענטש, וועלכער ווייסט נישט פון אונטערדריקונג און פאַרשקלאַפונג. ער איז געזונט פיזיש, גייסטיש און מאָראַליש. דאָס אַלץ גיט די נײַע אָרדנונג, די גרויסע סאָוועטישע מלוכה, אונטער דער אָנפירונג פון איר גרויסן, ליבן, קלוגן און געניאַלן סטאַלין.

***

מײַן פרוי און טעכטערל זײַנען בשלום אָנגעקומען קיין ביאַליסטאָק.

אין מאַלקין האָבן די דײַטשן זײ פאַרהאַלטן און אַוועקגעפירט אויף לינקס — צו די ייִדן, וועלכע דאַרפן רעווידירט און געקאַטעוועט ווערן. דער פּוילישער גרענעץ־שוואַרצער, וואָס איז מיט איר געפאָרן פון וואַרשע און באַדאַרפט מיט איר דורכגנבענען די סאָוועטישע גרענעץ, האָט באַוויזן פאַר די דײַטשן, אַז ער איז אַ קריסט און די פרוי מיטן קינד איז זײַנע אַ שוועסטער מיט איר טעכטערל.. מען האָט זײ גלייך אָפּגעלאָזט.

אין דער זעלבער נאַכט איז איר געלונגען דורכצושוואַרצן אויך די סאָוועטישע גרענעץ.

מײַן גליק ווערט פולער, ענדלעך! מײַן פרוי און מײַן טעכטערל זײַנען שוין צוזאַמען מיט מיר — דאָ, אין דעם פרייען סאָוועטן־לאַנד.

איצט דאַרף איך שוין זוכן אַ דירה פאַר זיך. אין דעם קליינעם צימערל בײַ מײַן ברודער וווינען שוין איצט עלף נפשות. אַלע שלאָפן אויף דער פּאָדלאָגע און עטלעכע אויפן טיש. באַזונדער טוט מען אויסבעטן אַ געלעגער פאַר מאַטעלען, די עלטערע פריילין, וואָס איז די טעג ערשט, אָנגעקומען פון וואַרשע. אויפן וועג האָבן איר די דײַטשן אויסגעטאָן די שיך און אַוועקגעגעבן אַ קריסטין. מאַטעלע איז געגאַנגען דרײַסיק קילאָמעטער איבערן שניי — אַ באָרוועסע. אין שטעטל לאַפּי האָט זיך אויף איר מרחם געווען אַ פּוילישער באַן־אַרבעטער, זי אַרײַנגענומען צו זיך, איר געגעבן אַ פּאָר שיך, עפּעס עסן און אָפּגעפירט ביז ביאַליסטאָק.

אָבער די פיס זײַנען איר אָפּגעפרוירן, געשוואָלן, אין ווונדן. זי מוז ליגן באַזונדער אויסגעבעט.

אָבער ווו טוט מען אַהין די פרוי מיטן קינד? אין וואַרשע האָבן מיר געוווינט אין דרײַ צימערן, דאָס קינד האָט געהאַט איר באַזונדער בעטעלע, אַלץ האָט געבלאַנקט פון פרישקייט און ריינקייט — ווי אַזוי נעמט מען זײ אַרײַן אין אַזאַ ענגשאַפט און שמוץ? זײ וועלן דאָ איבערשלאָפן אַ נאַכט, צוויי — אָבער וואָס וועט זײַן ווײַטער?

אין עטלעכע טעג אַרום פועל איך אויס אַן אָרדער אויף אַ צימער בײַ אַ פּוילישער פאַמיליע. דאָס זײַנען צומייסטנס אַזעלכע שטובן, ווו די מענער זײַנען גע־

ווען פּראָקוראָרן, ריכטער, העכערע באַאַמטע, פּאָליציאַנטן. די אַלע זיינען שוין אַרעסטירט און פאַרשיקט געוואָרן.

קומט מען אַריין אין אַזאַ שטוב מיט אַן אָרדער אויף זייערס אַ צימער, ווערט אַ געוויינעריי פון די קינדער, די פרויען נעמען זידלען און שעלטן. איך האָב נישט געהאַט קיין האַרץ זיך איינצושפּאַרן און גיי פון אומעטום אַוועק מיט גאָרנישט. איך גיב אָפּ די אָרדערס מיט אַן אויסרייד, אַז דאָס צימער איז נישט פּאַסיק.

בין איך דערוויל נאָך אַלץ אָן אַ דירה. מיינע חברים האָבן דוקא יאָ געקריגן צימערן ביי אַזעלכע פאַמיליעס. צי האָבן די חברים אָנגעטראָפן אויף רויִקערע מענטשן, אָדער זיי האָבן זיך פּשוט נישט גערעכנט מיט קיין פּראָטעסטן פון די באַלעבאַטים און באַשטאַנען אויף זייערס — דאָס ווייס איך נישט.

קריג איך אַן אָרדער אויף אַ דירה ביי אַ יידישן פאַבריקאַנט, וועלכער האָט אַ סך צימערן. אָבער דאָרטן גייט עס אויך נישט. ער האָט זיך שוין באַוואָרנט מיט אַנדערע אָרדערס, מסתמא פיקטיווע. ער עדותט זיך באַלד מיט זיין נייעם שכן, אַ מיליציאָנער, און יענער באַשטעטיקט, אַז אַלץ איז „פּראַווילנאָ״, דער פאַבריקאַנט איז גערעכט.

נעם איך נאָכאַמאָל אַרויס אַן אָרדער און באַשליס ביי זיך, אַז דאָס קום איך שוין צום לעצטן מאָל, מער גיי איך נישט. דער אָרדער איז אין אַ וווינונג פון אַ געוועזענעם העברעאישן לערער אין „תרבות״. איצט לערנט ער מיט די קינדער רוסיש. ער נעמט מיך אויף בתשועת־חן. אדרבא, ער וועט אַוועקגעבן זיין צווייט צימער — עס איז אים בעסער צו האָבן מיך פאַר אַ מיטוווינער, איידער אַן אַנדערן. ער וואָלט מיר גענעבן דאָס צימער, זאָגט ער, אויך אָן אַן אָרדער.

מיר וווינען דאָרט אָפּ עטלעכע טעג און אונזער קינד כאַפּט אַ שווערע פאַרקילונג. די שטוב איז נישט געהייצט, די טירן און פענסטער זיינען נישט באַוואָרנט, די פּאָדלאָגע איז איבער אַ קעלער. ניין, דאָ קאָן די פרוי מיטן קינד נישט פאַרבלייבן. זי באַשליסט אַוועקצופאָרן צו אירס אַ פעטער קיין באַראַנאָוויטש.

די אַלע דאגות און שוועריקייטן שרעקן מיך נישט אָפּ, נעמען גאָרנישט אָפּ פון מיין התפעלות און באַגייסטערונג. דאָ איז דאָך נאָך אַלץ ציטווייליק. דאָ איז דאָס געוועזענע פּוילן, אַלץ פאָרמירט זיך ערשט, עס הערשט נאָך כאַאָס, נאָך־מלחמה־סדר. מיר וועלן פאָרן דאָרטן אַהין, אין ריכטיקן סאָוויעטן־לאַנד, וואָס אָרדנט זיך שוין איין זינט דעם יאָר 1917. דאָרטן וועט שוין זיין אַלץ גרייט, אין דער בעסטער אָרדנונג און אונזערע ציטווייליקע, קליינע ליידן וועלן זיך ענדיקן.

איך טרייסט מיין פרוי:

— אונזער טעכטערל, מאַיאַ, וועט אָנהויבן גיין אין שולע, זי מאָלט דאָך זייער שיין, איז מוזיקאַליש, זי וועט שוין אויסוואַקסן אַ פרייער, גליקלעכער מענטש. איך וואָלט אפילו גאָרנישט געהאַט דאַקעגן, ווען זי זאָל ווערן אַ פליערין. און מיר וועלן אויך זיין באַזאָרגט מיט אַ דירה, מיט חיונה. דו וועסט אַרבעטן ביוראָ־אַרבעט, ווי ביז דער מלחמה; איך וועל ערשט איצט רעכט קאָנען זיך אַוועקזעצן און אָנשרייבן מיינע געפּלאַנטע, גרעסערע אַרבעטן. פאַר דער מלחמה האָב איך געמוזט אַרבעטן 7 שעה אין טאָג אַלס באַאַמטער אין אַ ביוראָ און ערשט אין די נאַכט־שעהן זיך אָפּגעגעבן מיט מיין שרייבן. דאָ וועט שוין דאָס נישט זיין. ווען אפילו איך זאָל דאַרפן אַרבעטן, איז אויך רעכט. מיר וועלן אָבער לעבן פריי אַלס יידן, אַרבעטער און מענטשן!

און פאַר זיך אַליין האָב איך געטראַכט:

דאָס זעלבע וועט זיין מיט אַלע אונזערע יידן פון פוילן. שוועריקייטן דאַרפן נישט אָפּשרעקן — מען בויט דאָך איבער די וועלט! פון אייביקער קנעכטשאַפט צו פרייהייט! אויס מלחמות, אונטערדריקונג, פּראָסטיטוציע, תפיסות! עס איז כדאי צו לעבן און איבערהאַלטן. די געשיכטע וואַרט שוין טויזנטער יאָר אויף דעם פּעריאָד, אויף אמתער באַפרייונג. די צייט איז געקומען. מיר האָבן דערצו דערלעבט! אַ סך בלוט האָט דאָס טאַקע אָפּגעקאָסט, דורך הונדערטער יאָרן זיינען מענטשן אַוועק אויף די תליות; קעמפּער האָבן געשמאַכט אין די טורמעס, אויף פאַרשיקונג — אַלץ כדי צוצוגרייטן דאָס ביסל גליק פאַר דער געפּלאָגטער מענטשהייט, פאַר איר רעכט, פאַר גלייכהייט.

מען דאַרף זיין אַ מענטש פון אַ טיטאַנישן ווילן, קראַפט, מאַכט, כדי מיט דעם אַלעם אָנצופירן און דאָס דערהאַלטן. אויב היינט איז נאָך נישט אַלץ דערגרייכט — איז מאָרגן, איבערמאָרגן, נאָך אַ יאָר — אַלץ גייט דערצו!

און איך האָב אין די דאָזיקע טעג אָנגעשריבן אַן אַרטיקל פאַר דער צייטונג — וועגן סטאַלינען.

איך האָב דערציילט אין דעם אַרטיקל, ווי אַזוי איך האָב אַמאָל אין וואַרשע, געהערט אים רעדן דורכן ראַדיאָ פון מאָסקווע. דאָס איז געווען אויף אַ צוזאַמענפאָר פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי דאָרטן. איך האָב זיך געריכט צו הערן אַ געניטן אָראַטאָר, אַ מענטש מיט אַ פעסטער, מעטאַלענער שטימע. און געהערט האָב איך אַ מענטש, וועלכער האָט גערעדט זייער פּאַמעלעך, געבראָכן, זייער אָפט אונטער־געהוסט, דורכגעפלאָכטן זיינע רייד מיט ציטאַטן פון פּושקין און גאָגאָל. און אַלץ אַזוי פּשוט און מענטשלעך!

זאָל מען דעריבער נישט ספקן אין זיין גוטן ווילן, אין זיין שטאַרקן ווילן. ער איז דאָך אויסן נאָר דעם ווויל פון דער מענטשהייט און פאַר איר — פאַר דער מענטשהייט — איז כדאי אַלץ צו טון! לאָמיר גלויבן אין זיג און אין דער צוקונפט!

אויב אויף אַ טייל ערטער אין דעם אַרטיקל האָב איך נאָך געשטאַמלט, נישט געווען אינגאַנצן זיכער, צי עס איז טאַקע אַלץ ריכטיק, וואָס איך שרייב — האָב איך אָבער געפילט, אַז מיט יעדן טאָג שטייגט ביי מיר די באַגייסטערונג. איך האָב געוווסט און פאַרשטאַנען, אַז אויב דאָ, אין ביאַליסטאָק, זיינען נאָך פאַראַן שאָטנזייטן, נישט אַלץ קלאַפּט, עס טרעפן שלעכטע באַאמטע — איז דאָס נאָר אַ צייטווייליקע דערשיינונג, וואָס מוז שנעל פאַרשווונדן. איך האָב געגלויבט דערין מיטן גאַנצן האַרץ און באַפאַלן געוואָרן אָפט מיט עקסטאַטישער באַגייסטערונג און התפעלות.

## דער וועג גייט זיגזאַגיק

מען שטייט אָפּ אין די רייען צו צוויי טעג און נעכט ביי די ווערביר־ביוראָס, וועלכע דינגען פון דאַנען אַרבעטער קיין רוסלאַנד.

יונגע און עלטערע יידן, פרויען, — פאַבלייט און געוועזענע קרעמער, ישיבה־בחורים — אַלע ווילן אַרבעטן, אַלע ווילן שוין וואָס שנעלער אַוועק פון ביאַלי־

סטאָק. ווו עס ווערט וואָס אַמאָל שווערער מיטן עסן, דירות, הייצונג. ווילן שוין וואָס גיכער זיין דאָרטן, אין שוין געאָרדנטן, סאָוויעטישן רוסלאַנד.

מען פאַרשרייבט קיין אוראַל, קאַווקאַז און זוניקן טאַשקענט. מען נעמט אָן יעדן איינעם, וואָס קומט נאָר אָן צום פענסטערל פון דער ביוראָ. עס ווערט אים גלייך אַרויסגעגעבן ברויט אויף עטלעכע טעג, פון הונדערט ביז צוויי הונדערט רובל און אַ נומער צום לאַסט־וואַגאָן. ער קאָן זיך מיטנעמען אַלע זיינע זאַכן.

יונגוואַרג וויל גערן פאָרן קיין טאַשקענט. זי קען די שטאָט פון ניע־וויעראָווס ביכל „טאַשקענט, די שטאָט פון ברויט". דאָרטן איז קודם כל וואַרעם. אַלע זיינען איצט דורכגעקעלטערט, פאַרקילט. דאָרטן וועט מען שוין אויסוואַרע־מען די ביינער. און וויינטרויבן זיינען דאָרטן אויך דאָ! און שיפּטאָלן, פּערסיקעס, אַלערליי עקזאָטישע פּרוכטן. אויב קיין טאַשקענט נעמט מען שוין נישט אָן, איז רעכט אויך קאַווקאַז. דאָרטן איז אויך גוט. די אַלע ערטער קענען זיי מער פון דער ליטעראַטור ווי פון דער געאָגראַפיע. באין ברירה וועט מען אויך פאָרן קיין אוראַל. דאָרטן ווידער זיינען דאָ גרויסע פאַבריקן, גרייטע, איינגעאָרדנטע אַרבע־טער־הייזער, קינדער־גערטנער. מסתמא איז דאָרט אין די שטובן גענוג וואַרעם אויך — קיין האָלץ פעלט נישט אין די אוראַלער וועלדער. נאָר צו אוראַל דאַרף מען שוין האָבן אַביסל מער מוט און דרייסטקייט. אָבער ביי אונזערע יוגנטלעכע אַרבעטער האָט קיינמאָל נישט געפעלט קיין מוט און דרייסטקייט. איצט וועט זיי אודאי דאָס נישט אויספעלן. איצט האַנדלט עס זיך וועגן פאָרן ווי אין אַן איינן לאַנד אַריין. אוראַל, מאַגניטאָגאָרסק! אַ סך געלייענט וועגן דעם אין די ביכער, געזעען אויף פילמען, געהערט דורכן ראַדיאָ — מען מעג דרייסט פאָרן.

טייל אָבער וואָלטן וועלן פאָרן קיין מאָסקווע, לענינגראַד, קיעוו, אָדעס — אין די גרויסע שטעט. אין ביוראָ זאָגט מען זיי, אַז קודם כל זאָלן זיי זיך דערווייל פאַרשרייבן אין דעם אָרט, ווו עס איצט פאַראַן, פון דאָרטן וועלן זיי שוין קאָנען פאָרן וווהין נאָר זיי וועלן וועלן.

זיי דאַרפן נאָר אונטערשרייבן דעם אָפּמאַך אויף אַ יאָר צייט. דאָס איז נאָר אַזאַ פאָרמאַליטעט. ווער עס וויל נישט דאָרטן אויסזיין דאָס יאָר, איז גייט זיך געזונטערהייט. אָבער אונטערשרייבן דאַרף מען, פאָרמאַליטעטן זיינען נויטיק.

פאַרוואָס דען נישט? נאָך צוויי טעג וואַרטעניש פאַרן פענצטערל, וועט מען זיך איצט אָוועקשטעלן קלערן? און וואָס איז אפילו, אַז אויף אַ יאָר? שוין גענוג געוואָגלט און זיך צעבראָכן, מען קאָן שוין זיצן אַביסל אויף אָן אָרט אויך. עס איז גאָר בעסער.

*****

די יידן פילן זיך דאָ היימיש. צווישן די סאָוויעטישע באַאַמטע, וועלכע קומען פון מינסק און מאָסקווע, זיינען פאַראַן אַ סך יידן. די פּאָליאַקן פילן זיך פרעמד, בעסן זיך, וואָ־טשען אונטער. דאָס פּוילישע יונגוואַרג און אפילו די פּוילישע אַר־בעטער פילן איצט אָן די קירבעס מער ווי פאַר דער מלחמה.

גייט אַרום אַזאַ מחנה פון דער קירכע, פילן זיי זיך הייטערער, געקרעפּטיקט. זיי גייען קופּעסווייז, שטאָלצע, פּאַריסענע. פּרווון לייכט אָפּשטופּן אַ ייד,

— יוילן זיך כאַטש אָן עפּעס דערמאָנען פון דער אַמאָליקער „פּריילעבע־באַ־גאַנגענהייט.

מיר שטייען אין אַ ראָג גאַס, נאָענט פון וואקזאַל. לעאָ פינקעלשטיין, דער שול־טוער זוסמאַן און איך. צוויי שיכורע פּוילישע מיעשטשאַנעס פּאַרטשעפּען אונז, וואַרפן זיך אויף אונז אַרויף און זידלען.

אונז צינדט אָן אַ כעס. נאָך איצט וואַגן זיי אויך? ניין, מיר ווען זיך נישט לאָזן! מיר כאַפּן זיי פאַר די אַרבל, שטויסן זיי צוריק און פאַרמעסטן זיך צום שלאָגן. זיי וואַרפן זיך אויף אונז מיט די פויסטן. האָבן מיר דערמאָנט הויך דאָס וואָרט „מיליציע”, האָבן זיי שנעל אָפּגעצויגן.

ווען וואָלטן מיר געוואַגט אַזוי זיך אַנטקעגנצושטעלן כוליגאַנעס און נישט אַנטלויפן? ווען וואָלטן אַזעלכע כוליגאַנעס אַנטלאָפן פאַר אונז? אַמאָל וואָלט זיך שוין דאָ פאַרזאַמלט זייערס אַן עולם און מען וואָלט אונז צעהרגעט אָדער צעשטאָכן.

אַ מינוט פאַר דעם אינצידענט האָבן מיר גראָד צווישן זיך געפירט שטיל אַ וויכוח וועגן דער פראַגע: דיקטאַטור.

דער פאַל האָט מיר צוגעגעבן נאָך אַן אַרגומענט:

— אין געוויסע סיטואַציעס איז מאַכט אַן ענין! עס איז נויטיק, ספּעציעל פאַר די געפּלאָגטע און געדרודפטע, פאַר די שוואַכע און פאַרפאָלגטע פעלקער און אוודאי נאָך פאַר אונז יידן!

ווען איך גיי אַהיים פאַרנאַכט און קום אין מיין געסעלע, קומט מיר אַנטקעגן אַ סאָוויעטישער פּאַטרול — צוויי זעלנער מיט אויסגעשטרעקטע ביקסן. איך גיי זיי אַנטקעגן דרייסט און זיכער — איך בין זייער פריינט און חבר — און זיי זיינען מיינע פריינט און חברים. נישט קענען מיר זיינען נויטיק און געוועוודט די ביקסן. זיי פרעגן ביי מיר אויף אַ דאָקומענט, אָבער נאָך איידער איך באַוויז אַרויסצו־נעמען דעם דאָקומענט, גייען זיי פון מיר אוועק.

**
*

אין שטאָט האָט זיך באַוויזן אַ דעלעגאַציע פון דייטשע אָפיצירן. זיי גייען צום האָטעל „ריטץ”. דאָרט זיצט אַ געמישטע גרענעץ־קאָמיסיע, וואָס באַטראַכט פאַרשידענע גרענעץ־סכסוכים.

די יידן שרייען צו די אָפיצירן:

— הענקער!

טייל שפּייען אפילו פאַר זיי אויס, יונגערע יידן וואַרפן זיי נאָך שטיינער.

מען האַלט אין דאָס יונגוואַרג. די אָפיצירן זיינען איצט סאָוויעטישע געסט, אויף סאָוויעטישער טעריטאָריע. מיר טאָרן נישט דעזאַוואוירן די סאָוויעטן. חוץ דעם ווען די דייטשן, צוריקקומענדיק דאָרט אַהין, נקמה נעמען אָן די יידן און קאָנען דערפאַר אויסשיסן צענדליקער.

עס האָט אָבער הנאה געטאָן צוצוזען ווי יידן שפּייען אויס פאַר די פאַרשאָל־טענע, שטאָלצע און שטייפע דייטשן, זידלען זיי. אָבער אונזערע יידן דאַרטן נע־בעך, ביי זיי אין די הענט!

מען דאַרף דעריבער דאַנקבאַר זיין, טויזנט מאָל דאַנקען אונזערע רעטער.

***

אין שטוב ביי אונז באַרימט זיך איינער אַן אַרבעטער, אַ זעצער פון פוילן, אַז ער האָט דאָ פאַרנדיק אין באַן, אָפּגעשניטן די לעדערנע פּאַסן ביי די וואַגאָנען־פענסטער. ער וועט האָבן, זאָגט ער, אויף אַ פּאָר זוילן צו די שיך.

איך בין גרייט געווען אים דורכן דערפאַר:

— איר זענט דאָך אַן אמתער שעדיקער! דאָס איז דאָך פאָלקס־אייגנטום! ווי וואַגט איר, נאָך אַן אַרבעטער דערצו, טון אַזאַ געמיינקייט! איר פאַרדינט באמת אַ האַרבע שטראָף! עס איז אַ מצווה אייך איבערצוגעבן אין די הענט פון דער מיליץ! איך וועל דאָס נישט טון, אָבער איר האָט דאָס ערלעך פאַרדינט!

ער פאַרענטפערט זיך:

— די מיליץ האָט ביי אים צוגענומען זיינס אַ וועלאָסיפּעד, אויף וועלכן ער איז דאָ אָהערגעקומען פון פוילן דעם 6־טן סעפּטעמבער. זיין איינענער ראָווער. ער איז אַוועק אין דער מיליץ, זיך געווענדעט דאָרט צום אָנפירער. האָט ער אים גע־הייסן שנעל זיך אָפּטראָגן, אַנדערש וועט מען אים גלייך איינזעצן.

איך האָב זיך אַביסל אָפּגעקילט פון מיין פּאַטעטישן מוסרן אים, אָבער דאָך האָב איך אים נישט געגעבן גערעכט.

— אַז אַנדערע גנבענען אָדער מיסברויכן מיט זייער אמט, טאָרפט איר נישט נאָכטון. גייט מען צו נאָך העכערע אָנפירער און איר וועט זיך דערשלאָגן דאָס אייערע, איר וועט אָפּקריגן דעם וועלאָסיפּעד.

דעם זעלבן טאָג בין איך געווען קויפן פּוטער אין דעם מאַגאַזין, ווו עס אַר־בעט ווייסענבערגס טאָכטער. זי האָט מיר געגעבן אַזאַ איבערוואָג, אַז אַנשטאָט 50 גראַם איז אודאי געווען הונדערט. איך האָב זיך פאַרלוירן און פאַרשעמט. איך האָב דאָס איר געוואָלט צוריקגעבן, נאָר עס איז אָנגעקומען דער פאַרוואַלטער און זי האָט נעקאָנט האָבן צוליב דעם אומאַנגענעמלעכקייטן.

איך בין אַוועק מיט אַ פיינלעך געפיל. ווי אַזוי קאָן זי מיר דאָס געבן מער? זי נעמט דאָך דאָס צו פון אַ צווייטן. אויב זי גיט מיר מער, קאָן זי דאָך אַליין אויך נעמען מער.

איך האָב די פּוטער נישט גענוצט און אין אַ שעה אַרום אַוועק צו איר נאָך אַמאָל. איך האָב איר געזאָגט ווענן וואָס איך בין געקומען. זי האָט זיך צעלאַכט:

— איר זענט אַ בטלן! מיין פאַרוואַלטער טראָגט אַרויס דורך דער הינטער־טיר אין איין שעה, הונדערט מאָל מער פון דעם, וואָס איר האָט געקריגן.

איך קען זי דאָך פון לאַנג, גנענדלען. זי איז אַן אינטעליגענטע, איידעלע אין ערלעכע פרוי. ווי לייכט זי האָט דאָס שלום געמאַכט מיט אַזעלכע פאַקטן!

***

דעם טאָג איז מיר נאָך אויסגעקומען צו זיין אויף אַ פאַרזאַמלונג, ווו עס איז אַרויסגעטרעטן אַ רוסישער רעדנער. ער האָט זייער אָפּט דערמאָנט און אונטער־געשטראָכן דעם פאַקט, אַז:

— ביי אונז אין לאַנד איז נישט נאָר מען שלאָגט נישט קיין יידן, נאָר זיי האָבן גלייכע רעכט מיט אַלע פעלקער. יידישע שילער באַקומען סטיפּענדיעס צו־גלייך מיט אַלע, אַ ייד קאָן אָננעמען יעדע אַרבעט, יעדן אַמט, וועלכער געפעלט אים נאָר. ביי אונז איז גלייכהייט פאַר אַלע פעלקער און בתוכם די יידן.

עס איז געוואָרן אַביסעלע קאַלעמוטנע אויפן האַרצן. עס האָט מיך געחידושט, וואָס אַזאַ פּשוטע זאַך ווערט אַזוי אָפט אונטערגעשטראָכן. עס איז דאָך אַזוי קלאָר און נאַטירלעך פאַר אַ סאָציאַליסטיש לאַנד, אַז אַלע נאַציעס זיינען גלייכבארעכ־טיקט, טאָ פאַרוואָס דערמאָנט מען עס אַזוי אָפט און מען שטרייכט דאָס אַזוי ספּעציעל אונטער? קומט זיי דערפאַר אַ דאַנק?

איך האָב זיך געפילט דערפון פריקרע און דערשלאָגן. איז, הייסט עס, זיין אַ ייד, טאַקע אַ מינדערווערטיקע זאַך?

אָבער אויף צומאָרגנס האָט אָנגעיאָגט נאָך אַ מער פאַרדריסלעכער פאַקט:

אין „ביאַליסטאָקער שטערן" איז געווען אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקל פונם רע־דאַקטאָר אַליין, שולמאַן, אין וועלכן ער האָט דערוויזן, אַז יידן זיינען בכלל נישט קיין נאַציע! ער האָט זיך פאַררופן אויף סטאַלינס בראָשור וועגן דער נאַציאָנאַלער פראַגע. דאָרט זאָגט עס טאַקע בפירוש סטאַלין אַליין. ער ווייזט אויף, אַז מיר, יידן, באַזיצן נישט די אַלע נויטיקע אַטריבוטן, וואָס עס פאָדערט זיך ביים באַשטימען דעם באַגריף נאַציע.

עפּעס איז מיר לידיק געוואָרן אין די הענט און אונטערן האַרצן. עפּעס האָב איך פאַרלוירן. אויב אַזוי, טאָ ווער בין איך? אַן אָנגעהעריקער צו אַ רעליגיעזן שבט? עפּעס אַן איבערבלייבעניש פון אַ חרוב־געוואָרענעם שטאַם? נאָך וועמען שלעפּ איך זיך נאָך? צו וועמען געהער איך?

ערשט יענע וואָך, ווען עס איז אויפגעטרעטן אויף אַ קאָנצערט דער וואַרשע־ווער חזן, קוסעוויצקי, האָט דער יידישער עולם נישט געלאָזט אים זינגען זיינע איטאַליענישע אָפּערע־אַריעס און כסדר געמאָנט און געשריגן:

— כל נדרי! כל נדרי!

נעבן מיר איז דעמאָלט געזעסן דער סאָוויעטישער דיכטער זעליג אַקסעלראָד און ער האָט געפיבערט און געצאַפּלט:

— אוי, זאָל ער זינגען כל נדרי! זאָל ער זינגען! שוין צוואַנציק יאָר נישט געהערט דעם ניגון.

און דער גאַנצער זאַל האָט געשטורעמט, געבעטן דעם אַלטן יידישן ניגון.

מיט דריי טעג צוריק, אויף אַ באַנקעט מיט סאָוויעטישע שרייבער, האָבן צוויי פון זיי, אָנגעזעענע יידישע דיכטער, אויסגעטרונקען אַ לחיים, באַגלייט מיט אַ טאָאַסט פאַר דעם געפּייניקטן און גרויסן יידישן פאָלק!

טאָ וואָס וועלן זיי איצט טון? ווי אַזוי שטימט דאָס אַלץ מיט שולמאַנס אַרטיקל?

איך בין אַוועק צו דעם אַלטן, אידעאַליסטישן קאָמוניסטישן טוער, דודל ריכטער. איך האָב געוואָלט הערן אַן ענטפער אויף מיינע ספקות.

איך האָב מיט אים לאַנג גערעדט, אויפגעוויזן אויף די באַזונדערע אייגנ־שאַפטן פונם יידישן פאָלק. מעג עס נישט האָבן די אַלע פעסטגעשטעלטע סימנים און כללים, וואָס פּאַסן זיך פאַרן באַגריף נאַציע:

— מיר זיינען דאָך פּאַרט אַ פאָלק! און אַלס אַ וועלכעס פּייניקט מען אונז דאָך אייביק!

אויף יעדן איינעם מאָטיוו באַזונדער האָט ער מיר געגעבן גערעכט. נאָר, אַז עס איז געקומען צו דער סומירונג, האָט ער זיך פאַרעקשנט:

— און דאָך איז עס אַזוי! מיר זיינען, זעט אויס, פּאַרט נישט קיין נאַציע. וויסנשאַפטלעכע געזעצן קאָן מען נישט אָפּפרעגן.

אָבער די וויסנשאַפט באַזירט זיך דאָך אויפן לעבן, אויף ממשותדיקע פאַקטן!

ער האָט פונאַנדערגענומען די הענט:

— נעמט זיך אַזוי דערמיט נישט איבער, חבר. מיר לעבן, עקזיסטירן, טאָ וואָס איז אייך די נפקא מינא ווי אַזוי מיר הייסן וויסנשאַפטלעך? לויט די אָנגענומענע סאָציאַל-נאַציאָנאַלע טעאָריעס —

— אָבער —

איך האָב איבערגעריסן דעם שמועס. איך האָב געזעען ווי דאָס פּייניקט אים. ער איז אין קלעם. ער איז דאָך אַ מיטגליד פון דער פּאַרטיי. פּאַראַן, משמעות, אַמאָל צייט-אמתן, וועלכע שטייגן איבער די אייביקייט-אמתן. עס איז אַזוי מסתמא נויטיק פאַר דער געשיכטע, פאַר דעם געגעבענעם פּעריאָד...

סיי ווי בין איך שוין נישט געווען אַזוי רואיק. איך האָב זיך געוואָלט טרייסטן מיט לענינס אַ וואָרט: „פּאָליטיק — דאָס איז נישט דער גלאַטיקער, נעווסקער פּראָספּעקט".

אָבער צוריקגעשמועסט, צי מוז דען טאַקע אַלץ האָבן אַ שייכות צו פּאָליטיק? צי מוז דעריבער באַצווייפלט ווערן אונזער צוגעהעריקייט צו אונזער נאַציע?

זעט אויס, אַז אויך דער דאָזיקער נייער, סאָוויעטישער וועג גייט זיגזאַגיק.

## אמת און ווירקלעכקייט — דער פּאַרכ'שופּטער רינג

די לעצטנס אַריבערגעקומענע יידן פון יענער זייט האָבן שוין מיטגעבראַכט מיט זיך געלע לאַטעס, וואָס זיי האָבן שוין געמוזט טראָגן אויף זייערע מאַנטלען. אַ ייד פון טשענסטאָכאָוו האָט ביים אָנקומען קיין ביאַליסטאָק מיט פרייד אַראָפּגעריסן זיין לאַטע:

— נאַט אייך! אָט דאָס איז דער גרוס פון די יידן אויף יענער זייט! נאַט אייך און זייט מרעיש עולם! טוט צו וויסן דער וועלט!

איך האָב גענומען די לאַטע און שנעל מיט איר אַוועק אין רעדאַקציע. דער-רעדאַקטאָר שולמאַן איז אַן אַלטער קאָמוניסט, אַ געוועזענער דרוקער אין מינסק. ער קען גוט העברעאיש און האָט זייער ליב ביאַליקן. ווען איך האָב אים געוויזן די געלע לאַטע, איז ער געוואָרן בלייך און זיך געטרייסלט:

— אוי-אוי-אוי! זעצט זיך אַוועק און שרייבט גלייך אָן וועגן דעם אַן אַר-טיקעלע. גיט מיר אַהער די לאַטע, איך וועל דערמיט אַוועק אין אָבליספּאָלקאָם און פּאַרטקאָם — זאָלן זיי זען און וויסן!

איך האָב אָנגעשריבן אַ קליין אַרטיקעלע. אויף צומאָרגנס האָב איך געעפנט

די צייטונג — דאָס אַרטיקעלע איז נישט געווען נעדרוקט. איך בין אוועק צו שול־מאַנען. ער האָט זיך פאַרענטפערט:

— די העברע מאַכט האָט נישט דערלויבט! אזא פּאָליטיק איצט. א העברעע נויטווענדיקייט!

די לאַטע איז געלעגן אויפן טיש א פאַר־שעמטע. איך האָב זי צוגענומען און אַריינגעלייגט אין טאַש.

מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז זי האָט געלאָזן א געלן פלעק אויפן טיש.

***

אין גרויסן רעסטאָראַן פון האָטעל „ריטץ" איז ביי א טישל געזעסן א פעט־לעכער מאַן. זיין קאָפּ איז אַפּראַזירט, די אויגן — מוטנע, פאַר־נעפּלטע, טרויע־ריקע. עס קאָן זיין, אַז דאָס איז צוליב דער גרויסער צאָל ביר־פלאַשן, וועלכע זיי־נען געווען אָנגעשטעלט אויפן טיש שוין אויסגעליידיקטע.

אין דעם רעסטאָראַן האָבן געקאָנט אַריינקומען נאָר אָפיצירן און העברעע באַאַמטע. איך האָב געהאַט דאָס רעכט דאָ אַריינצוקומען צוליב מיין נייעם אַמט — אויפמאַנען טאַנטיעמען פונם אָרקעסטער דאָ — פאַר דעם ווייסרוסישן ליטפאָנד.

אַלע טישן זיינען געווען אָנגעשטעלט מיט א סך ביר־פלאַשן. טייל פון די געסט האָבן געגעסן צו עטלעכע פּאָרציעס פלייש און צו עטלעכע טעלער זופּ.

דער פעטלעכער מאַן איז דער וויצע־פּאָרזיצער פון שרייבער־פאַריין אין מינסק. זיין נאָמען איז קלימקאָוויטש. ער איז א ליבער און גאַסטפריינטלעכער מענטש. ער האָט געוואָלט מיט מיר זיך דורכשמועסן און מיך פאַרבעטן אָפּצועסן מיט אים מיטאָג.

קלימקאָוויטש קען אויסגעצייכנט די אייראָפּעאישע ליטעראַטור — ער פאַר־נעמט זיך מיט ליטעראַטור־קריטיק.

מיך האָבן באַאומרואיקט זיינע פאַרנעפּלטע און טרויעריקע אויגן. ער רעדט האַרציק, וואַרעם, און דאָך צוריקגעהאַלטן. ער לעבט איבער ביים רעדן און ווען ער צעקאָכט זיך שוין, וויל אָנהויבן שנעלער און פרייער צו רעדן — האַקט ער אָפּ און טרינקט אויס נאָך א גלאָז ביר. ער ליובט די סאָוויעטישע ליטעראַטור, דער־ציילט וועגן ביאַדוליאַ, דעם ייד, וועלכער האָט אַמאָל געלערנט אין א רעליגיעזן סעמינאַר (געמיינט ישיבה) און שרייבט איצט די בעסטע ווייסרוסישע פּראָזע. פון די קינדער־יאָרן אָן האָט ער יידישע חברים. ער רעדט אויך מיט אַנטציקונג וועגן דער מערב־אייראָפּעאישער ליטעראַטור.

מיך האָבן אָבער אַלץ נישט צורו געלאָזט זיינע ווייכע, אומעטיקע אויגן. איז דאָס טאַקע דערפאַר, ווייל ער טרינקט א סך ביר?

דעם זעלבן אָוונט בין איך עס, האַלב פאַרטרויליך, געוווירגעוואָרן. קלימ־קאָוויטשן האָט מען אין יאָר 1937, בעת די גרויסע אַ־עסטן, אַרויסגערופן אין דער פּאָליטישער אָפּטיילונג פאַר מלוכהשער געפאַרלאָזיקייט. ער האָט גלייך פאַר־שטאַנען מיט וואָס דאָס וועט זיך ענדיקן. האָט ער גלייך אויפן אָרט, מיט א ראַ־זיר־מעסער, זיך איינגעשניטן דעם האַלז. עס איז געלונגען אים אָפּצוראַטעווען. עט־

לעכע חדשים איז ער אָפּגעלעגן אין שפּיטאָל. דורך די פּאָר חדשים איז ער אײנ־גאַנצן גרוי געוואָרן.

האָב איך שוין פאַרשטאַנען, פאַרוואָס ער ראַזירט די האָר פון קאָפּ. איך האָב שוין אויך פאַ־שטאַנען, אַז אויגן שפּיגלען טאַקע אָפּ דעם אינערלעכן מצב און געמיט פון מענטש.

***

איך האָב ביז איצט אַ סך געהערט וועגן שעדיקעריי.

פאַראַן אַזעלכע עלעמענטן, וועלכע ווילן אַרונטעררייסן דעם סאָציאַליסטישן אויפבוי און זיי באַמיען זיך צו שעדיקן די אַרבעט מיט וואָס נאָר זיי קאָנען.

מיין פריינט מאָטל ד. געוועזן מיטאַרבעטער פון אַדמיניסטראַציע „היינט" אין וואַרשע, אַן אַקטיווער קאָמוניסט אין פּוילן, האָט באַקומען דאָ אַ פּאָסטן אַלס אַדמיניסטראַטאָר פון עטלעכע נאַציאָנאַליזירטע הייזער. ער האָט באַדאַרפט אָנפירן מיט דער ווירטשאַפט פון די הייזער. און אָט האָט איצט גע־טראָפן, אַז די קאַנאַליזאַציע־רערן אין זיינע הייזער זיינען פאַרפרוירן געוואָרן. עס גייט נישט קיין וואַסער. עס האָט אוודאי ערגעץ־ווו געפּלאַצט אַ רער. ער איז אַוועק וועגן דעם מיטטיילן זיין פאָרגעזעצטן.

יענער האָט אים אפילו נישט אויסגעהערט ביזן סוף און זיך צעשריגן:

— דאָס איז שעדיקעריי! איר וועט גיין פאַרן סוד! סאַבאָטאַזשניקעס! מיר וועלן אייך ווייזן! שוין זאָל ווערן דאָרט וואַסער! ביז מאָרגן פרי גיב איך אייך צייט, ווען נישט — ווערט איר אַרעסטירט.

ער איז געקומען צו מיר צולויפן זיך עצהן — וואָס זאָל ער טון?

ער האָט יענעם אויפגעקלערט ווער ער איז, אַז ער איז אַ קאָמוניסט, געזעסן אין פּוילישער תפיסה. ער האָט אים אַלץ געגעבן צו פאַרשטיין. עס איז דאָך נישט זיין שולד, אָבער יענער איז געבליבן ביי דאָס זייניקע.

דער פראָסט האָט דעמאָלט אָנגעהאַלטן 28 גראַד צעלסיוס.

אונזערע פּוילישע יידן, וועלכע האָבן אַלע געאַרבעט אויף פּאָסטנס, זיינען געווען איבערגעשראָקן. האָט דער פאַרוואַלטער פון אַ קאַפע־הויז, אויב אַ גאַסט האָט זיך געקלאָגט, אַז די גלעזער זיינען נישט גענוג ריין, אָנגעשריגן אויף זיינע אָנגעשטעלטע קעלנער:

— קעלנער, דאָס איז ווערדיטעלסטוואָ! (שעדיקעריי). איך בין פאַראַנט־וואָרטלעך! דאָ וועל איך נישט דערלאָזן צו שעדיקעריי!

דער פּוילישער ייד, דער פאַרוואַלטער, האָט שוין באמת איבערגעטריבן. נאָר פון שרעק, זעט אויס, באַוואַרישט מען זיך אויך.

***

מען האָט ביי מיין ברודער צוגענומען דעם וועלאָסיפּעד. ער איז אַרויסגע־פאָרן אויפן מאַרק, זיינען צו אים צו צוויי מיליציאָנערן און אים אַוועקגעפירט אין קאָמיסאַ־יאַט. זיי זאָגן, אַז דער וועלאָסיפּעד איז אַ געגנבעטער. זיי נעמען צו דעם וועלאָסיפּעד, און ער אַליין זאָל זיך בעסער וואָס גיכער אָפּטראָגן אַהיים, ווייל אַנדערש וועט מען אים אַ־יינזעצן.

מיין ברודער איז פאַרעקשנט. ער וועט נישט אַהיימגיין. דער וועלאָסיפּעד איז זיינער. ער באַווייזט זיי אַ פאָטאָגראַפיע, ווי ער זיצט אויפן וועלאָסיפּעד מיטן זעל־ביקן נומער. די פאָטאָגראַפיע האָט אויף זיך אַ סטעמפּעל פון וואַרשע. אויף דעם ראָוווער איז ער אַנטלאָפן פון וואַרשע דעם 6־טן סעפּטעמבער.

פרעגן זיי אים — ווו אַרבעט ער? וואָס טוט ער אויפן מאַרק? ער איז אוודאי אַ ספּעקולאַנט. מען וועט באַלד צו אים אַהיימקומען אויף אַ רעוויזיע.

מיין ברודער ענטפערט זיי אָפּ — ער איז אַן אַרבעטער, געווען אַ מיטגליד פון אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַריין, ער האָט שטענדיק געשטימט פאַר די קאָמוניסטן. אויף אַרבעט האָט ער זיך נאָך דאָ נישט איינגעאָרדנט ביז איצט. ער וויל פריער זיך אויסגעפונען אַן אָרט צום וווינען. עס אַרבעט זיין עלטערער ברודער.

— זאָל קומען דער ברודער, וועט מען מיט אים רעדן.

ער איז געקומען צולויפן אַהיים אַ פאַרסאַפּעטער, אַן אויפגערעגטער. איך זאָל שוין מיט אים אַוועק אין דער מיליץ. איך האָב זיך געקווענקלט. דער ברודער האָט מיך אָבער נישט אָפּגעלאָזט. דאָס איז דאָס איינציקע, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פון דער היים. ער איז אָן געלט. ער איז טאַקע אַוועק אויפן ענגעלס־פּלאַץ (די מאַרק־גאַס טראָגט איצט דעם נאָמען פון פרידריך ענגעלס) פאַרקויפן דעם וועלאָסיפּעד.

איך בין אַוועק צו דער מיליץ. דער ברודער איז געבליבן שטיין אינדרויסן. איך האָב באַוויזן מיין לעגיטימאַציע פון „ביאַליסטאָקער שטערן", אַ באַשטעטי־קונג פון ווייסרוסישן ליטעראַטור־פאָנד, ווו איך אַרבעט אַלס אָנגעשטעלטער. איך באַשטעטיק, אַז דער ראָווער איז פאַקטיש מיין ברודערס, נישט קיין געגנבעטער.

דער אָנפירער פון דער מיליץ איז געווען פון די צוקאָמאַנדירטע פון מינסק. ער האָט געטראָגן אַ פּאָר לעדערנע רייטהויזן, אַ לאַנגע האַקי־בלוזע פאַרבונדן מיט אַ ברייטן, לעדערנעם רימען. ער האָט אויסגעזען אויף אַ גבר. מיר האָט זיך אפילו אויסגעוויזן, אַז ער איז אַ ייד. האָב איך אָנגעהויבן רעדן יידיש. האָט ער אָפּגעענטפערט „ניע פּאָנימאַיו". בין איך איבערגעגאַנגען אויף רוסיש. אים אַלץ אויפגעקלערט. ער האָט באַקוקט מיינע פּאַפּירלעך.

— איך זע, אַז איר פאַרנעמט ווירטיקע פּאָסטנס — זאָגט ער מיר האַרט און שטרענג — זאָלט איר זיך בעסער נישט אַריינמישן אין אַזעלכע טונקעלע ענינים. מיר ווייסן וועגן אייער ברודער מער, ווי איר אַליין. גייט שנעל אַהיים און מער זאָלט איר זיך נישט מישן אין אַזעלכע עסקים. מער זאָלט איר צו אונז נישט קומען!

איך בין אַרויס אַן איבערגעשראָקענער. מיט מיין ברודער האָב איך נישט געוואָלט אויסרעדן קיין וואָרט:

— קום שנעלער אַהיים, דאָרטן וועל איך דיר שוין אַלץ זאָגן.

איך האָב אַלץ איבערדערציילט און געהאַט נאָך טענות צו מיין ברודער־פאַרן וועלן מיך אַריינשלעפּן אין נישט קיין ריינע ענינים:

— אפשר האָסטו עפּעס געהאַנדלט אויפן מאַרק? אפשר האָסטו גערעדט מיט שעדלעכע מענטשן? אפשר האָסטו עפּעס אָפּגעטון אַ נאַרישקייט?

ער האָט אויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער און אויף מיר אָנגעשריגן:

— בטלן! שוטה! ביי אונזער־שבן האָט מען דאָך היינט אויך צוגענומען אַ וועלאָסיפּעד. ווען די שוועסטער זיינע, די לערערין, איז אַוועק אין דער מיליץ מאָנען דעם ראָווער — האָט מען איר אָפּגעענטפערט גענוי מיט די זעלבע ווערטער וואָס דיר. און טאַקע דער זעלבער קאָמיסאַר אין די לעדערנע רייטהויזן.

איך בין אוועק פון שטוב און געבלאָנקעט איבער די גאסן. איך וויל דערגיין דעם סוד פון דעם גאנצן פּלאָנטער. מיין ברודער וועט דאָך מיך נישט אָפּנאַרן. זאָל איך ווידער גיין מאָנען דאָרטן דעם וועלאָ? זאָל איך פארשווייגן?

צוויי מיליציאָנערן זיינען מיר אַנטקעגנגעפאָרן אויף וועלאָס. דער קאָמיסאר אין די לעדערנע רייטהויזן און זיין געהילף. דער קאָמיסאר איז געפאָרן אויף מיין ברודערס וועלאָסיפּעד!

— דאָס איז שעדיקערייִ! — האָב איך צו זיך אַליין אויסגעשריגן. — פאראַן נאָך גענוג אַזעלכע שעדלעכע עלעמענטן! מען דאַרף אויפהויבן קעגן זיי א פאר־ביסנעם קאַמף. זיי זיינען די צעשטערער פון דער סאָציאַליסטישער מלוכה!

ווייזט אויס, אַז דער וועג פון אמת צו דער ווירקלעכקייט — איז נאָך ווייט — וויט. עס איז א פארכישופטער רינג — וועלכן מען מוז אָבער איינברעכן.

* * *

אויף היינט אָוונט זיינען פארבעטן די שרייבער צו קומען אין טעאַטער־זאַל. עס וועלן זיין פאָרטראַגן פון עטלעכע ליטעראַטור־ספּעצן אויף דער טעמע „ליטע־ראַטור און פּאָליטיק“.

דער אָוונט איז א געשלאָסענער, נאָר פאַר שרייבער, מאָלער, אַקטיאָרן, לערער און אַנפירנדיקע מענטשן פון דער פּאַרטיי.

דער ערשטער לעקטאָר רעדט אין רוסיש. ער טרעט שאַרף ארויס קעגן דער מערב־אייראָפּעאישער ליטעראַטור, קעגן די אימפּעריאַליזמען פון ענגלאנד, פראנק־רייך און אַמעריקע, קעגן נאַציאָנאַליזם.

ביי יידן — זאָגט ער — ספּעציעל. איז נאָך דער נאַציאָנאַליזם גענוג שטאַרק, דאָס מוז ווי צום שאַרפסטן באַקעמפט ווערן.

נאָך זיין רעדן בעט ער, אַז מען זאָל אים שטעלן פראגן. מען דאַרף זיך נישט זשענירן, ווייל דער אָוונט איז א געשלאָסענער. פאַר בלויז העכערער אינטעליגענץ. יעדער איינער קאָן פרעגן וואָס ער וויל נאָר. זאָל מען זיין אויפריכטיק. זאָל מען זיך פאַרשרייבן צום וואָרט.

עס האָט זיך אויפגעשטעלט דער באַקאַנטער אַרטיסט א. מ. ער רעדט אין רוסיש.

אויב אין מאָסקווער יידישן טעאַטער ווערט געשפּילט די פּיעסע „בר כוכבא“, עס ווערט דאָרט באַזונגען דער נאַציאָנאַל־רעוואָלוציאָנערער אויפשטאַנד פון די יידישע אונטערדריקטע — פאַרוואָס זאָל אויך נישט ווערן דערלויבט, אַז די זעלבע יידישע אונטערדריקטע און רעוואָלוציאָנערע מאַסן זאָלן אויפהויבן אַן אויפשטאַנד קעגן דעם אימפּעריאַליסטישן ענגלאַנד? ! מען זאָל פאַרטרייבן די אונטערדריקער און דעם מאַנדאַט איבער פּאַלעסטינע איבערגעבן צו סאָוויעט רוסלאַנד? דעמאָלט וואָלט אַנטשטאַנען א יידישע סאָציאַליסטישע רעפּובליק אונטער די פליגל פון דעם גרויסן ראַטנפאַרבאַנד! צי קאָן מען, למשל, די אַלע יידישע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען, ווי א שטיינער די לינקע „פּועלי ציון“ — באַצייכענען אַלס שאָוויניסטן און נאַציאָנאַליסטן? !

דער פאָרזיצער פונם אָוונט, א יידישער זשורנאַליסט פון מאָסקווע, איז בלייך געוואָרן און גענומען זיך רוקן אויפן בענקל.

טייל פאַרזאַמלטע האָבן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ. וואָס האָט ער אָנגעמאַכט דער־עקזאַלטירטער א. מ.? נאָך וואָס האָט דאָס אים געטויגט?

מען האָט גענומען אונטערהוסטן און עס איז געוואָרן אומרואיק אין זאַל.

דער לעקטאָר האָט זיך געווענדעט צו דער אוידיטאָריע:

— ניטשעוואָ, ניטשעוואָ! מען קען אַלץ פרעגן. אדרבא, ווער וויל נאָך עפּעס רעדן?

א. מ. אַליין האָט זיך פאַרלוירן — קיינער האָט אים נישט אָפּלאָדירט. ער איז אַראָפּ אַנטמוטיקט פון דער טריבונע.

דער ענטפער פון לעקטאָר איז געווען נישט ניי און נישט אָריגינעל:

— די ראַטנמאַכט נעמט נישט איבער קיין מאַנדאַטן איבער פרעמדע לענדער. די ערד דאָרטן איז אַראַבישע און יידן האָבן דאָרטן נישט וואָס צו טאָן. די יידן ווערן נאָר אויסגענוצט דורכן ענגלישן אימפּעריאַליזם קעגן דער סאָוויעטנמאַכט. אמתע רעוואָלוציאָנערן זיינען די, וועלכע געפינען זיך אין די רייען פון דער קאָמוניסטי־שער פּאַרטיי. דעם אַרטיסט א. מ. און אַלע אַנדערע דאָ פאַרזאַמלטע לייגט ער פאָר, אַז זיי זאָלן ביי זיך דורכפירן אַ קורס פאַר דערלערנען די געשיכטע פון דער וו. ק. פּ. ב. (אַלפאַרבאַנדישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי באָלשעוויקעס).

דער פּאָרזיצער מעלדעט, אַז וועגן אַזאַ קורס פון דערלערנען די געשיכטע פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי — איז שוין פאַראַן אַ באַשלוס און ער דאַרף שוין די טעג אָנהויבן רעאַליזירט ווערן.

ס׳רוב פאַרזאַמלטע האָבן ווידער אַראָפּגעלאָזן די קעפּ.

מען האָט שוין געוואוסט, אַז עס זאָל אָנהויבן רעדן דער יידישער לעקטאָר, דער ליטעראַטור־קריטיקער — פּראָפעסאָר נוסינאָוו.

ער איז פון נידעריקן וווקס, טראָגט אַ שמאָל, פראַנצויזיש לאָפּאַטע־בערדל, האָט אַ לויטער, אויסגעאיידלט פּנים און גרויסע, פאַרוואָסערטע אויגן.

איך וויים נישט פאַרוואָס ער האָט מיר אויסגעזען צו זיין פון יענעם טיפּ לעק־טאָרן פון אַמאָליקע יאָרן, וועלכע רעדן איבער דאַרוויניזם, זיינען וועגעטאַריער און האָבן צום סוף חתונה פאַר רייכע, קינדערלאָזע אַלמנות.

ער האָט גערעדט וועגן דער יידיש־סאָוויעטישער ליטעראַטור. צום מיינסטן האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אויף די שאַפונגען פון פּרץ מאַרקיש, — אַז זיי זיינען מוסטערן פון סאָציאַליסטישן רעאַליזם, נאַציאָנאַל אין דער פאָרם און סאָציאַליס־טיש אינם אינהאַלט. אַז פּרץ מאַרקיש רופט זיך אָפּ אויף אַלע אַקטועלע סאָוויע־טישע פּראָבלעמען.

ער דערציילט, אַז אָפט וועקט מען מאַרקישן אין מיטן דער נאַכט, דאָס איז צו אים געקומען אַ פאָרשטייער פון דער רעדאַקציע „פּראַוודאַ” און באַשטעלט ביי אים אַ ליד וועגן דער דערפאָלגרייכער שמידט־עקספּעדיציע. ער דאַרף עס אָנשרייבן אויפן אָרט. עס ווערט באַלד איבערגעזעצט אויף רוסיש אין דער רעדאַקציע און עס דערשיינט אויפצומאָרגנס אין דער „פּראַוודאַ”.

צום סוף רעדט ער נאָך וועגן געזונטע נאַציאָנאַליזמען, שעפעריש. אַלס ביי־שפּיל ברענגט ער דעם אוקראַאינישן העלד באָגדאַן כמיעלניצקי...

דער עולם נעמט אונטערהוסטן. עס איז שווער איינצוזיצן. אויפרעגן זיך אַז עס זאָל ווער באַמערקן — איז אויך נישט גליייך. וואַרט מען שוין, אַז דער לעק־טאָר זאָל וואָס שנעלער ענדיקן און עס זאָל קומען צו די פראַגן.

עס ווערט אַריינגעשיקט אַ פראַגע צום פּרעזידיום:

„פאַרוואָס ווערט אין סאָוויעטנלאַנד פאַרהערלעכט דער אויסוואורף און פּאַ־גראָמשטשיק באָגדאַן כמיעלניצקי? ער האָט דאָך מיט 300 יאָר צוריק אויסגע־קוילעט צענדליקער טויזנטער יידן! יעדער ייד דערמאָנט זיין נאָמען צום שאַנד!

„פאַרוואָס ווייזט מען אַ פילם, ווו עס ווערן באַוויזן די העלדישקייטן פון כמיעלניצקין און די שחיטות איבער יידן ווערן פאַרשוויגן?!"

ביים איבערלייענען די פראַגע איז געוואָרן אַ טומל. דער פּאַרזיצער איז ווי־דער בלייך געוואָרן. ער האָט, וואָס אמת, געוויזן פריער די פראַגע דעם רוס און יענער האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ אויף — יאָ.

עס האָט אָפּגעענטפערט פּראָפעסאָר נוסינאָוו: — אַ פילם מוז נישט דער־ציילן אַלץ אויסשעפּנדיק. אויב עס גייט אין אונטערשטרייכן באָגדאַן כמיעלניצקיס העלדישקייט און אויפטו פאַר דער דעמאָלסטיקער רוסישער מלוכה, פאַר דער פאַריי־ניקונג פון אוקראַינע מיט רוסלאַנד—וועלכע איז פון אַ קאָלאָסאַלן היסטאָרישן ווערט — מעגן אַנדערע זיינע — אפילו נישט קיין שיינע מעשים — פאַרשוויגן ווערן. דאָס מוז אַזוי זיין דערווייל, אין דעם איצטיקן פּעריאָד. פּאָליטיק — און אוודאי נאָך — סאָציאַליסטישע פּאָליטיק — האָט זיך אירע אייגענע וועגן, מאָסן און געזעצן. דאָס וואָס זי האַלט פאַר וויכטיק פאַרן אויפבוי פון דער נייער, קאָמוניסטישער געזעל־שאַפט — דאָס טוט זי! און אַזוי איז און מוז זיין אַבסאָלוט ריכטיק.

טייל פאַרזאַמלטע האָבן אַפּלאָדירט. נאָכן אָוונט האָט מען די שרייבער פאַרבעטן אין אַ רעסטאָראַן, ווו עס איז שוין געווען צוגעגרייט אַ גרויסאַרטיקע סעודה.

צו דעם באַנקעט זיינען אויך געווען איינגעלאַדן אַ גרעסערע גרופּע העכערע אָפיצירן פון גענעראַל־שטאַב אין ביאַליסטאָק.

די טישן זיינען געווען געדעקט מיט שאַמפּאַניער, פּאָמעראַנצן, אַלערליי איידלסטע פרוכטן און אויסגעזוכטע, געשמאַקע פאַרבייסנס. געווען דאָרט אַזויפיל שאַמפּאַניער, אַז טייל אָפיצירן האָבן געשוואָנקט זייערע טעלערס מיט דער טייע־רער משקה.

דער העברעאישער דיכטער ב. פּאָמעראַנץ איז דער ערשטער געוואָרן שיכור. ער קען גוט די רוסישע שפּראַך, האָט שוין אפילו איבערגעזעצט און אָפּגעדרוקט וולאַדימיר מאַיאַקאָווסקיס פּאָעמע „לענין".

ער האָט געזונגען רוסישע לידער, געווען פריילעך און בגילופין. ער האָט זיך געווענדעט צום שכנותדיקן טישל, ווו עס איז געזעסן דער רוסישער לעקטאָר מיט עטלעכע גענעראַלן:

— צי וועל איך קאָנען אין סאָוויעטרוסלאַנד שרייבן און פאַרעפנטלעכן מיי־נע העברעאישע לידער?

— אדרבא — האָבן זיי אָפּגעענטפערט — זיי האָבן געהערט, אַז העברעאיש. דאָס אַלטע יידישע לשון, קלינגט זייער שיין און געהערט צו די יחסנדיקע שפּראַכן. אין סאָוויעטנלאַנד דערשיינט ליטעראַטור אין 70 שפּראַכן. אַלע זיינען גלייכ־בארעכטיקט. ער וועט זיכער, גאַנץ זיכער, קאָנען דאָרט אָפּדרוקן זיינע העברעאישע געדיכטן.

פּאָמעראַנץ איז מיט פרייד צוגעלאָפן צו פּראָפעסאָר נוסינאָוו. ער וויל אויך

פון איבערן דאָס זעלבע. דער פּראָפעסאָר האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אין דער ברייט:

— ניין. דאָס ליגט נישט אויף אונזער ליניע.

— אָבער יענע, די רוסישע, האָבן דאָך געגעבן אַ פּאָזיטיוון ענטפער! זיי האָבן זיך פאַרזיכערט, אַז אדרבא, איך וועל קאָנען פאַרעפנטלעכן מיינע העברע־אישע שירים — אויב נאָר זייער אינהאַלט וועט זיין אַ פּאַסיקער.

נוסינאָוו גלעט זיין קורץ־געשוירן בערדל:

— אפשר איז שוין דאָ אַ נייע אינסטרוקציע? זיי פאַרנעמען הויכע אַמטן, קאָן זיין אַז יאָ, מסתמא — יאָ. ביי אונז זאָגט מען נישט סתם אַזוי.

פּאָמעראַנץ האָט אויסגעטרונקען נאָך אַ גלאָז שאַמפּאַניער און אויפגעזונגען יידישע פאָלקס־לידער.

די גענעראַלן האָבן צוגעפּליעסקעט מיט די הענט:

— בראַוואָ, בראַוואָ, שיינע לידער! ענלעכע צו די קאָזאַקישע, זינגט נאָך, נאָך!

איך האָב זיך איצט דערמאָנט, אַז מיין פרוי און קינד וווינען דאָרטן אין ענג שטיבל ביים פעטער אין באַראַנאָוויטש. אַז זיי זיינען אָן געלט. איך בין שוין אויך אָן געלט, נאָך נישט געקריגן מיין חודש־לוין פון ליטפאָנד. איך האָב זיך דער־מאָנט, אַז מיין בירודער קאָן אוודאי נישט איינשלאָפן פון עגמת־נפש צוליב זיין וועלאָסיפּעד. איך האָב זיך דערמאָנט, אַז אין נישט־געהייצטן בית־המדרש ליגן איצט אויף דער ערד הונדערטער פּליטים. עס איז דאָרטן אַ וויסטע קעלט, זיי קאַר־טשען און טוליען זיך איינער צום צווייטן. איך האָב זיך דערמאָנט אין דער פאַר־שעמטער, געלער לאַטע ביי מיר אין טאַש.

איך האָב געזען ווי איינער פון די גענעראַלן גייט אַרויס אין קאָרידאָר און ווער־זעט אויס דאָס געטרונקענע און געגעסענע. איך האָב געזען ווי עס גיסט זיך נאָך אַלץ דער שאַמפּאַניער. עס האָט מיר אַ שלאָג געטאָן אין געדאַנק:

— באָגדאַן כמיעלניצקי האָט אוודאי אויך אַזוי געמוזט אויסזען! אָט טרינקט ער שאַמפּאַניער און ברעכט צוריק אויס.

עס האָט זיך מיר געוואָלט פאַרמעסטן פּלאָנטערן אין געדאַנק — וועגן אמת און ווירק־לעכקייט — עפּעס אַ פאַרזשאַווערטע קייט פּלאָנטערט זיך צווישן זיי. קאָן מען דאָס נישט איבעררייסן? אָבער ווער? ווי אַזוי? איז דאָס מעגלעך?

מען טאָר זיך דאָך אָבער פאָרט נישט איינברעכן! דאָס אַלץ איז צייטווייליק און פאַראיבערגייענדיק. דאָס זיינען אַלץ נאָך ווילדע אָנוווקסן אויפן גוף פון דער קראַנקער פאַרגאַנגענהייט. דער ציל איז גרויס און דערהויבן! מען דאַרף זיין שטאַרק און גיין פאָרויס. דאָרטן, אין דער הויפּטשטאָט, זיצט אַ מעכטיקער און שטאַרקער מענטש — ער וועט דורכפירן דורך אַלע פּלאָנטערנישן און שטערונגען. מיט דער וועלט מוז מען אָנפירן. ער, דער מעכטיקער, מיט זיין שטאָלענעם ווילן, ער וועט מנצח זיין!

איך האָב זיך זייטיק אַרויסגעשלייכט און מיד, דערשלאָגן, אַוועק צו זיך אַהיים. אויף דעם געלעגער וועט מען נאָך דאָס אַלץ גוט דורכטראַכטן.

עס קאָן דאָך אַזוי נישט פאַרבלייבן!

# דער וועג ווערט וואָס אַמאָל שווערער

אין דער צווייטער העלפט יאַנואַר 1940, האָב איך אַרויפגעטראָגן אין רע־דאַקציע „ביאַליסטאָקער שטערן" אַן אַרטיקל וועגן דעם לעבן פון ראָזאַ לוקסעמבורג. עס זיינען דאָך די טעג פון די „דריי על". (לענין, לוקסעמבורג, ליבקנעכט). דער רעדאַקטאָר האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, צוגענומען דעם אַרטיקל און — נישט אָפּגעדרוקט.

ווייזט זיך אַרויס, אַז אין ראַטנפאַרבאַנד פייערט מען בכלל נישט דעם קאַמף־טאָג פון די „דריי על". — נאָר בלויז פון איין „על". — לענינען. וועגן די אַנדערע צוויי ווערט אַבסאָלוט גאָרנישט דערמאָנט.

איצט איז מיר שוין געוואָרן פאַרשטענדלעך, פאַרוואָס אויף די „כאַנאַיקעס" אין ביאַליסטאָק איז דאָס קליינטשיקע געסעלע, וואָס פאַרמאָגט נאָר איין און איינ־ציק הילצערן פאַרטער־הייזל, דאָס געסעלע, וואָס ביז איצט האָט עס געהייסן סיאָנסקאַ (ציון־גאַס) — האָט איצט באַקומען אַ נייעם נאָמען — ראָזאַ לוקסעמבורג!

פאַרשטענדלעך איז מיר נאָך אייגנטלעך גאָרנישט געוואָרן. פאַרוואָס אַזוי באַליידיקן אָט די גרויסע און ליכטיקע געשטאַלט, די רעוואָלוציאָנערין און טעאָ־רעטיקערין, וועלכע איז דערמאָרדעט געוואָרן דורך די דייטשע יונקערס — די היי־ליקע ראָזאַ לוקסעמבורג?

מען דערמאָנט זי נישט אין די צייטונגען. אַ קליין קאָמיש געסעלע מיט איין הייזל ווערט באַערט מיט איר גרויסן נאָמען! און פאַרוואָס עפּעס דווקא דאָס ציון־געסל?

ווערט עס געטון בכיוון? צוליב וואָס? הא?

**
*

מען האָט געפייערט אין שטאָט סטאַלינס זעכציקסטן געבורטסטאָג. מען האָט געטראָגן פענער, טראַנספּאַרענטן, בילדער פון די מיטגלידער פון פּאָליטביוראָ און חוץ עטלעכע גרויסע בילדער — אויך אַ סטאַטוע פון סטאַלינען.

אין ביאַליסטאָק זיינען געווען בלויז יידישע שרייבער, נאָר איין פּוילישע (יאַנינאַ בראָניעווסקאַ) און עטלעכע יידן, וועלכע שרייבן פּויליש. מען האָט באַ־דאַרפט, אַז דעם טראַנספּאַרענט פון די שרייבער זאָלן טראָגן ווייסרוסישע. מיר אַלע האָבן אייגנטלעך געהייסן ווייסרוסישע שרייבער. די אָנפירער פון דער סטאַלין־מאַניפעסטאַציע האָבן אָבער געוואָלט, אַז דעם טראַנספּאַרענט מיטן אויפשריפט „ווייסרוסישע שרייבער גריסן סטאַלינען" זאָל געטראָגן ווערן דורך אמתע ווייסרוסן. אַזעלכע האָט מען אָבער אין ביאַליסטאָק באַין אופן נישט אויסגעפונען, האָט מען געמוזט פאַלן אויף אַן המצאה:

ווייסענבערגס עלטערע טאָכטער, גנענדל, האָט זיך אָנגעטאָן אַ פּויעריש רויט טיכל אויפן קאָפּ און דער העברעאישער דיכטער ב. פּאָמעראַנץ, וועלכער איז בלאָנד און גרוי־אויגיק, האָט אויך געקאָנט אָנגיין פאַר אַ ווייסרוס. זיי ביידע האָבן דאָס געטראָגן דעם טראַנספּאַרענט פון די שרייבער.

דאָס בילד פון מאָלאָטאָוון האָט געטראָגן דער פרומער, חסידישער זשורנאַ־ליסט פון וואַרשע, אַ ייד מיט אַ לאַנגער, שוואַרצער באָרד און פּאות — לייבל ביין.

עטלעכע אונזערע חברים האָבן זיך געפילט באַוואָלט. דער חשובער, שיין־גייסטלערישער נאָוועליסט א. ק. איז געווען שטאַרק אויפגעבראַכט און צעטראָגן. עס האָט נישט געסטאַיעט פאַר אים קיין אָרט ביי די פּאָרטרעטן פון די אָנגעזעענע פּאָליטביוראָניקעס.

***

עס האָט זיך אָנגעהויבן א וועט־געיעג צווישן די שרייבער — ווער וועמען עס וועט איבעריאָגן אין סאָוויעטישער כשרות, פּאַטריאָטיזם, געטריישאַפט. ווער עס וועט קאָנען גיכער און געשיקטער זיך אָפּטרייסלען פון דעם אמאָליקן, פון דער פאַרגאַנגענהייט. ווער עס וועט בעסער באַשפּייען דאָס געוועזענע און ליובן דאָס נייע, דאָס סאָוויעטישע.

צום סעקרעטאַר פון דעם ציטווייליקן שרייבער־פאַריין — א מחבר פון עטלעכע אויפרופן און א בראָשור פאַר דער יוגנט, אן אָפטער געהיימער שליח פון סאָוויעט־רוסלאַנד קיין פּוילן מיט פּאַרטייאישע שליחותן, ער איז עטלעכע מאָל אַריינגעפאַלן און געזעסן אייניקע יאָר אין די פּוילישע תפיסות — (ער האָט זיין אַרבעט געטאָן מיט איבערגעגעבנקייט און מסירת נפש) — צום סעקרעטאַר האָבן זיך אַלע מיטגלידער באַצויגן ווי צו א פּירער.

מען האָט יעדעס וואָרט זיינס אויסגעהערט מיט פּליים און ערנסט. יעדעס וואָרט זיינס געוווינגן און געמאָסטן. אין די אַרויסטרעטונגען פון די שרייבער האָט מען ציטירט יעדן געדאַנק און וואָרט פונם חשובן סעקרעטאַר „וועלכער האָט נאָך מיט דריי וואָכן צוריק פאַרויסגעזען און אַרויסגעזאָגט דעם טיפן געדאַנק”, און אַזוי ווייטער אין דעם זעלביקן נוסח.

זיין אורטייל, זיין וואָרט, זיין ווונק בלויז, האָט באַדייט פאַר דעם שרייבער־אַליץ — געהערן צום סאָוויעטישן ליטעראַטן־פאַריין, גענינסן פון אַלע זכיות, באַקומען א דירה, א פּאָסטן, האָבן די רעכט צו וווינען אין דער שטאָט און נישט דאַרפן איבערציען זיך אין א קליין שטעטעלע אַריין ערגעץ, זיין טעטיק ליטעראַריש, געדרוקט ווערן, עפנטלעך אויפטרעטן — מיט דעם סעקרעטאַרס וואָרט האָט מען זיך געמוזט רעכענען.

איז געוואָרן א געלויף — דעריאָגן און איבעריאָגן. מען האָט באַדאַרפט דעראָבערן פּאָזיציעס און יעדער טריט האָט באַדייט — פאַרכאַפּט נאָך א קעסטעלע אויף דעם שאַך־ברעט פון עקזיסטענץ.

דאָס לעבן איז א האַרטער קאַמף, מען דאַרף קאָנען נעמען פונם לעבן — געבן אומזיסט — גיט מען גאָרנישט און קיינער נישט.

***

זישע באַגיש שטאַמט פון לאָדזש. געווען אין רומעניע, א סך יאָרן פאַרבראַכט אין בעלגיע, און ערשט אין יאָר 1937 געקומען צוריק קיין פּוילן און זיך באַזעצט אין ביאַליסטאָק.

ער האָט געשאַפֿן אין ביאַליסטאָק א ליטע־א־ישן זשורנאַל, אַליין רעדאַגירט און אַליין אים א־ויסגעגעבן.

ע־ האָט געדרוקט ס׳־וב די נישט־אנערקענטע יונגע שרייבער, באַקומען פֿון זיי אפילי צ־ישטייע־ א פּאָ־ זלאָטעס, כדי דער זשורנאַל זאָל קאָנען ־עגלמעסיק דע־שיינען. ער א־ז געווען ־ירעוודיק און געשיקט. ע־ האָט באַוויזן דאָן צו דער־שלאָגן זיך צו א ביסל פּאָפּולאַ־יטעט.

ווען די רוסישע אַרמיי איז אַ־יין קיין ביאַליסטאָק, איז באַגיש געוואָרן דע־משגיח און לייטער מיט דער יידישער ליטעראַטור און מיט די יידישע שרייבער.

ער האָט געהאַט זיינס א באַזונדער טישל אין גאָריספּאָלקאָם. ער האָט גע־טיילט די צעטלען אויף נאַכטלעגער, מיטאָגן, וועש. ער האָט באַשטימט צי מען קאָן געהערן צו דער נייער סאָוויעטישער שרייבער־משפּחה און וואָס פּאַ־ אַן אָ־ט מען זאָל פֿאַרנעמען אין דער ליטעראַטור־היעראַרכיע, אויף וואָס פּאַר א ג־אַד מען זאָל ווערן אוועקגעשטעלט.

צו אים אָנקומען האָט מען געדאַרפֿט דורך א ספּעציעלן פּ־אָפּיס. עס איז אויסגעקומען אָפֿט אָפּצושטיין צו אים איניקע שעהן.

ביינאַכט איז מען געקומען צו אים אין שטוב אַריין צו־גאַסט, אויף א חברישן שמועס.

ער האָט אויך אין שטוב געטראָגן זיין ברייט, פּוטערן היטל, וואָס איז געווען ענלעך צו א שטריימל. זיין בלייך, אויסגעצויגן און פֿאַראיידלט פּנים, די ב־ילן אין שוואַרצע רעמלעך און דאָס קאָזאַקישע שטריימל, האָבן אים צוגעגעבן אַן אויסזען פֿון א רבישן איידעם. ער האָט, דוכט זיך, געשטאַמט פֿון אזא משפּחה.

באַגיש אַליין האָט ווייניק גערעדט. אים האָט פֿאַרטרעטן זיין טעמפּעראַמענט־פולע און באַרעדעוודיקע פֿרוי. זי האָט שיין געזונגען יידישע פֿאָלקסלידער, ציגייַ־נערישע ראָמאַנסן, אָבער צום ליבסטן האָט זי געהאַט — רעדן, שנעל און געדיכט. זי האָט אַרויסגעזאָגט מיינונגען וועגן ליטעראַטור און ליטעראַטן. שאַרף פֿאַר־אורטיילט, געטאַדלט, געלויבט. זי האָט גערעדט אויך וועגן דער סאָוויעטישער פּאָ־ליטיק, געזאָגט שבחים סטאַלינען, זיך געווונטשן, אַז איר יינגעלע זאָל זיין אין אים געראָטן.

אָבער נאָך מע־ האָט זי ליב געהאַט צו רעדן וועגן איר אייגענעם מאַן. זיישע באַגיש אַליין האָט ווייניק גערעדט, ער האָט ניכער נאָר צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ — אַז ער איז מסכים אָדער נישט.

ווען ס׳האָט אָנגעהויבן דערשיינען די צייטונג „ביאַליסטאָקער שטערן", האָט ע־ דאָרט אָפּגעדרוקט א ליד א. נ. „משיח אויף אַ סאָוויעטישן טאַנק".

אין שטוב ביי אים איז איצט געזעסן דער אייביק־צעפּיעשטשעטער און געלויבטער נאָוועליסט — אפּ־ים קאַגאַנאָווסקי. איצט האָט ער באַדאַרפֿט ל־יבן אַנדע־ע און באַגישן אויך. ע־ האָט זיך געקלאָגט רע־ויף, אַז פֿון אָפּדרוקן ע־טלעכע נאָוועלן אין צייטונג, קאָן מען נאָך נישט האָבן אויף צו לעבן.

האָט אים באַגיש׳ס ווייב געגעבן אַן עצה — זאָל ער אָנהייבן זיך פֿאַ־נעמען מ־ט זשורנאַליסטיק, שרייבן כראָניק. שוין גענוג געזעסן אויפֿן פֿאַרנאַס! די גלע־יי־ע קונסט־פּאַלאַצן דאַרפֿן איצט צעבראָכן ווערן! נישקשה, אַז איר מאַן. זיישע

באגיש, פארנעמט זיך מיט שרייבן ארטיקלען און כראניק, מעג עס קאנאנאווסקי אויך טאן.

דאס אלץ איז נאך פארגעקומען אין הערבסט 1939. איצט, ווינטער 1940, איז שוין באגיש פון לאנג געווארן אראפגענומען פון זיין הויכן אמט, און אינגאנצן באזייטיקט געווארן פון יעדער ארבעט.

עס האט עפעס ווער געהאט אנגעוויזן אין די בארופענע אינסטאנצן, אז מיט יארן צוריק זאל באגיש נישט האבן געווען אזוי שטארק באגייסטערט מיט דער אקטאבער־רעוואלוציע, אז ער זאל האבן אפילו געשריבן דעקאדענטישע, פעסימיס־טישע לידער.

איצט טראגט ער שוין נישט דאס פוטערנע היטל — מסתמא שוין פארקויפט. אין גלעזל אין זיינע איז צעבראכן, די ברילן־האלאבליעס אויך צעבראכן, ער טראגט זיי צוגעבונדן מיט שטריקלעך צו די אויערן.

אין שטוב איז נישטא קיין ברויט, שוין לאנג נישט געהייצט, דאס קינד ליגט אין בעטל און הוסט. די פרוי באגיש האט געשאלטן און געזידלט אלץ און אלעמען, אויך די אייגענע חברים, וועלכע האבן שוין אינגאנצן אויפגעהערט צו איר אריינצוקומען.

עס איז אנגעקומען באגיש און האסטיק אויפגעפראלט די טיר. ער האט מיט עקסטאז אויסגעשריגן:

— איך האב, איך האב, יינגעלע! עס וועט זייןווארעם! —

ער האט ארויסגענומען פון אונטערן מאנטל א גרויסע שטשאפע האלץ.

ווו האט ער דאס געפאקט אזא אוצר? ווער האט אים דאס געגעבן?

ער האט זיך פארזיכטיק ארומגעקוקט און באלד הויך און פייערלעך אויס־געראפן:

— געגנבעט! יא, אראפגעגנבעט פון א פור האלץ. צוזאמען מיט קליינע שקצימלעך און אלטע גויעס נאכגעלאפן דער פור מיט האלץ! אויב דאס איז סא־וויעטישע ווירקלעכקייט?! איז הייצן אין שטוב פון א קראנק קינד — אויך א ווירקלעכקייט!

ער האט זיך מיד אוועקגעזעצט און געקרעכצט:

— אוי, די ווירקלעכקייט!

***

עס איז אנגעקומען קיין ביאליסטאק א בריגאדע יידישע שרייבער פון אוק־ראינע, אנגעפירט דורך איציק פעפער.

ער האט געהאלטן דעם הויפט־רעפעראט. ער רעדט לעבעדיק און געשיקט, מיט פאלעמישן טאלאנט, כוואטסקע און בראוו.

ער ווארנט אונז פאר צו איילן זיך איבערווארפן אויף סאוויעטישע מא־טיוון און שטייגער:

— קיינער פון אונז פאדערט עס נישט ביי אייך! עס דארף קומען בהדרגה, עס זאל זיין געשריבן נאטירלעך. איר דארפט שרייבן אויף אייערע אמאליקע טע־מעס און אופן, נאר נעמען דערביי אין אכט די נייע פארהעלטנישן און באדינגונ־גען. איר דארפט זיך באמיען צו באנעמען די גרויסע, סאוויעטישע ווירקלעכקייט!

ער זאָגט צו, אַז די רעגירונג, צוזאַמען מיט די סאָוויעטישע שרייבער, וועלן אונדז אַנטקעגנקומען מיט אַלדאָס מעגלעכע. אַז מיר וועלן ווערן ווי געהעריק מאַטעריעל באַזאָרגט. מיר דאַרפן נאָר זיין ערלעך, געטריי און אויפריכטיק זיך איבערנעמען מיט די אידייען פון די סטאַליניסטישע אמתן.

ער האָט אייניקע פון אונדז געלויבט און באַזונדער זיך אָפּגעשטעלט אויף מיין רעפּאָרטאַזש „גליק". וואָס איז געווען געדרוקט אין „ביאַליסטאָקער שטערן". זיי האָבן עס געלייענט אין קיעוו אין רעדאַקציע. עס האָט ביי זיי אַרויסגערופן מיטגעפיל און טרערן. עס איז געשריבן אויפריכטיק און מיט האַרץ.

אונזערע חברים האָבן זיך פאַרשריבן צום וואָרט. עס האָט גערעדט דער געניטער לעקטאָר און מיטאַרבעטער פון די בונדישע ליטעראַרישע זשורנאַלן ל. פ. ער האָט אין זיין רעדע אָפט ציטירט ניטשען און שפּענגלערן, גערעדט וועגן זיין אייגענער סינטעטיש-פילאָזאָפישער וועלט-אַנשויאונג, אָבער אויך אונטערגעשטראָכן די נויטיקייט פון גרויסער אחריות און פאַרשטענדעניש פאַר דער נייער, סאָוויעטישערווירקלעכקייט.

— מיר וועלן זיך באַמיען צו באַנעמען, אַריינדרינגען און דינען איר מיט אויפריכטיקער פאַרשטענדעניש און געטרייקייט — מיט אמונה און אהבה!

געווען אין פּוילן אַ יונגער לערער, וועלכער האָט פאַרלוירן זיין פּאָסטן צוליב עפּעס נישט קיין שיינע מעשים מיט יונגע שילערינס. ער איז אַוועק פון יענעם שטעטל, געקומען קיין וואַרשע, און פאַרעפנטלעכט דאָרט אייניקע אַרטיקלען אין די שול-אויסגאַבן. ער האָט זיך אויך גענומען שרייבן און פאַרעפנטלעכן רעצענזיעס וועגן נייע יידישע ביכער.

ער האָט געוואָלט ציען אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט דערמיט, וואָס ער פלעגט תמיד שרייבן פאַרקערט ווי די אַלגעמיינע קריטיק. געלויבט דאָס אַרונטערגעריסענע און אַרונטערגעריסן דאָס געלויבטע. כדי מיט עפּעס צו באַרעכטיקן זיין צו-להכעיס און קאַפּריזקייט האָט ער צוגעגעבן, אַז ער שרייבט דאָס אונטערן אַספּעקט פון מאַרקסיסטישער אויפפאַסונג. ער האָט זיך אָנגעגעבן פאַר אַ לינקן, פאַר אַ קאָמוניסט. האָרט פאַר דער מלחמה איז ער שוין געקראָכן אין די קאַריערן פון אַן אַנדערער פּאַרטיי.

ער האָט אָפּגעדרוקט אין „פאָרויס" אַ נישטיק רעצענזיעלע וועגן דעם, דורך אַלעמען געלויבטן, הויך-טאַלאַנטירטן יחיאל לערער, וועגן זיין לעצטער, גרויסער פּאָעמע „מיין היים".

אָט דער לערער און רעצענזענט ש. ל—ק, אַ יונגערמאַן מיט אַ ווערעמדיק פאַר-דרענגט, נקמה-דורשטיק און פאַרביסן אויסזען — ער האָט איצט דאָ גענומען אַ וואָרט.

ער מאָנט זעלבסטקריטיק!

— זאָל יעדער איינער זיך אָננעמען מיט מוט און זיך אַליין אומברחמנותדיק קריטיקירן! דאָ, עפנטלעך! אין אינטערעס פון דער גרויסער רוסישער רעוואָלוציע, אין אינטערעס פון זיגרייכן קאָמוניזם און איר געניאַלן פירער יאָסיף וויסאַריאָנאָוויטש סטאַלין!

ער האָט אָנצוווייזן אויף איניקע שרייבער, אַז זיי מיינען נאָך נישט גענוג אויפריכטיק מיט זייער מתוודה זיין זיך דאָ, מיט זייער אנערקענען זיך פאַר סאָוויעטישע פּאַטריאָטן! (ער האָט אָנגעגעבן בולטע סימנים און אָנגעדייט קודם כל אויף ל. פּ.).

— אונזערע חברים, די יידיש־סאָוויעטישע שרייבער פון אוקראַינע, האָבן דאָ היינט געלויבט אַ רעפּאַרטאַזש פון איינעם אַ שרייבער, וועלכער איז געווען באַקאַנט לעצטנס פאַר אַזעלכן, וועלכער האָט פּראָ־ציוניסטישע סימפּאַטיעס! ער האָט אפילו צווישן די שרייבער אין וואַרשעווער ליטעראַטן־פאַריין לעצטנס היים אַגיטירט פאַר אַ יידיש פּאַלעסטינע. (אַלע האָבן שוין פאַרשטאַנען, אַז דאָס מיינט ער מיך).

ער איז אריין אין פּאַטאָס:

— דער רוב שרייבער, וועלכער איז דאָ איצט פאַרזאַמלט, איז נישט געלאָפן קיין סאָוויעט־רוסלאַנד, נאָר אַנטלאָפן פון די דייטשן!

אין דעם מאָמענט האָט איציק פעפער עפּעס איינגערוימט דעם פאָרזיצער אין אויער אריין. דער פאָרזיצער האָט אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש:

— חבר ל—ק, מיר נעמען בײַ אייך צו דאָס וואָרט! קיין איין וואָרט מער נישט רעדן!

ל—ק האָט אַראָפּגעכאַפּט די ברילן, אויסגעווישט די פאַרהויכטע גלעזער, צעטומלט זיך ארומגעקוקט און אַ דערשלאָגענער אוועק פונם טיש.

ער האָט נישט פאַרשטאַנען, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען.

ער האָט דאָך געלייענט, אַז אין ראַטנפאַרבאַנד איז קריטיק און זעלבסטקריטיק איינס פון די אָנגענומענסטע און געלייבטסטע טאַקטיק!

ער האָט אָבער נישט פאַרשטאַנען, אַז דערצו דאַרף זיין די פּאַסיקע צייט און דאָס פּאַסיקע אָרט.

איצט האָט מען שוין גענומען אויסגיסן אַלדאָס בייז אויף דעם מין ל—ק־טיפּ. מיט טאַקט און געוואַגטקייט האָט גערעדט וועגן דעם יצחק טורקאָוו. צום סוף האָט אָפּגעענטפערט איציק פעפער. ער האָט געגעבן ל־קן זיין גאָב, אָבער אויך אַריינגעזאָגט ל. פּ. פאַר זיין פאַררופן זיך אויף אַזעלכע נישטיקע אויטאָריטעטן ווי ניטשע, אָסוואַלד שפּענגלער און זיגמונד פרויד. די אַלע זיינען נולן לגבי די טיטאַנען פון דער מאָדערנער, סאָוויעטישער וויסנשאַפט, וועלכע פירט מוטיק און פאָרויס אויף די זוניקע וועגן פון קאָמוניזם! אויף די פריידיקע שליאַכן צום נייעם לעבן, וואָס עס פירט די אַלפאַרבאַנדישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי פון באָלשעוויקעס, מיט איר רומפולן, זיגרייכן און געניאַלן סטאַלין!

אַלע האָבן אַפּלאָדירט און זיך אויפגעשטעלט פון די ערטער.

אָן אָפּגעזונדערטער און איינזאַמער איז אוועק ל—ק. אָבער אויך אַנדערע זיינען געווען מוטלאָז און צעטומלט. ווער זאָל זיך ריכטן, אַז אַזוי שנעל וועט פאַלן דער שטערן פון אַזאַ ל—ק, וועלכער האָט זיך בסדר גערימט, אַז ער וועט זיין צווישן די אָנגענומענסטע און פאַרטרוילעכסטע?

שווער אַריינצוטרעפן אין די ריכטיקע קאַרבן פון דער קאַריער־מאַשין ביי דער סאָוויעטישער אָרדנונג!

און בעלנים דערויף זיינען דאָ פאַראַן אַ סך!

***

די גאַס איז פול מיט געזאַנג.

עס זינגען זעלנער. עס זינגען מיט די קינדער און די עלטערע שטעלן זייערע טריט צום טאַקט פון די לידער.

עס איז פּאָפּולער דאָס ליד „אויב מאָרגן אַ מלחמה" און „פּאָטערלאַנד". דאָס לעצטע ליד האָט אַ וואונדערלעכע מעלאָדיע און דערהויבן קלינגט דער רעפריין:

„איך קען נישט נאָך אַזאַ לאַנד,
וווּ עס אָטעמט דער מענטש אַזוי פריי!"

געזאַנג דרינגט אַריין אין בלוט, געזאַנג פאַרשאַפט פרייד און אַנגענעמען טרויער. עס פאַרגרינגערט דאָס שווערע געמיט און מוטיקט צום לעבן, שאַפן און קעמפן.

די רוסישע מוזיק איז די סאַמע בענקענדיקסטע, זי אָטעמט מיט פרייען דרויסן, גרויסע שטחים, מיט שטענדיקער בענקשאַפט צום נישט דערגרייכטן, מיט בענקשאַפט צו — פרייהייט.

לאַנגע שעהן פלעג איך אַמאָל אָפּזיצן אין וואַרשע ביים ראַדיאָ און הערן פון רוסלאַנד זייער וואונדערלעכע מוזיק. זי האָט פיל מער געווירקט ווי אַ סך ווערק, אַר־טיקלען און רעדעס. צו דער ליבשאַפט און פאַרערונג צום רוסישן פאָלק, צו זייער רעוואָלוציע, האָט אומבאַמערקט אויך מיטגעווירקט — די רוסישע מוזיק.

די זעלנער מאַרשירן דאָ שטענדיק אין באַגלייטונג פון געזאַנג. בשעת זיי גייען אויף איבונגען, צי אין באָד אַריין, אין קינאָ, סיי ווען עס גייט אַ גרויסע מחנה, אָדער אפילו נאָר אַ גרופּע פון אַכט זעלנער — זינגען זיי. איינער פון זיי זינגט סאָלאָ און די רעשט האַלט אונטער דעם רעפריין.

די קינדער אין גאַס לויפן נאָך און העלפן מיט אין געזאַנג.

די גאַס איז פאַרביק פון די קאָלירטע, אילוסטרירטע פּלאַקאַטן און לאָזונגען:

„מיט אונז וועט קיינער נישט וואַגן צו פירן מלחמה"!

„אויף אונזער טעריטאָריע וועט דער שונא קיינמאָל נישט וואַגן אַרויפצו־שטעלן זיין פוס!"

„דער וואָס וועט וואַרפן אַ שטיין אין אונזער סאָוויעטישן גאָרטן, וועט ווערן פאַרטיליקט!"

„מיט באָלשעוויסטישער וואַכזאַמקייט קענען שעדיקער און שפּיאָנען!"

אין צענטער פון שטאָט, אויף דער קאָשטשושקי גאַס, האָט מען צעשטערט קאָשטשושקיס דענקמאָל און אויפגעשטעלט אויף דעם אָרט אַ מאָנומענט פון אַ גרופּע רויטאַרמייער. די קאָשטשושקי־גאַס האָט באַקומען דעם נאָמען — סאָוויעטישע".

***

מען האָט גענומען מאַסנווייז פאַרשיקן די שעדלעכע עלעמענטן — די געוועזענע פּאָליציי, העכערע באַאַמטע, גוט־באַזיצער, די יידישע פאַבריקאַנטן, גרויסע סוחרים און אַנגעזעענע פּאַרטיי־טוער.

מיט דעם ביאַליסטאָקער ראַטמאַן פון די רעכטע „פּועלי ציון", אינזש. מ. במיעל־ניק האָב איך זיך באַקענט אין צוג קיין זשענעווע, צוויי וואָכן פאַר דער מלחמה. ע־איז געווען אַ דעלעגאַט אויפן 21־טן ציוניסטישן קאָנגרעס. אַ טאָג פאַר דער דייטש־פּוילישער מלחמה האָט מען דעם ציוניסטישן קאָנגרעס אין דער שווייץ שנעל פאַר־ענדיקט, כמעט ווי איבערגעריסן, כדי די דעלעגאַטן, זשורנאַליסטן און געסט זאָלן קאָנען וואָס שנעלער אַהיימפאָרן יעדער אין זיין לאַנד אריין.

ווען מיר זיינען אָנגעקומען דעם 31־טן אויגוסט ביינאַכט, יאָר 1939, צו דער פּוילישער גרענעץ, איז שוין געווען די אַלגעמיינע מיליטערישע מאָביליזאַציע. ערשט דעם צווייטן סעפּטעמבער אינדערפרי, דעם צווייטן טאָג מלחמה, זיינען מיר אָנגעקומען צוריק קיין וואַרשע. דער פּועלי־ציון ראַטמאַן איז געפאָרן נאָך אין דעם זעלבן טאָג, צו זיך אַהיים, קיין ביאַליסטאָק.

ביי אים אין שטוב האָט נאָך אַ לאַנגע צייט, ווען עס איז שוין געווען די רויטע אַרמיי, געהאָנגען אויף דער וואַנט די בילדער פון דר. חיים זשיטלאָווסקי (מיט אַן אייגנהענטיקן אונטערשריפט) און פון באָראָכאָוון.

די טעג האָט מען דעם ראַטמאַן אַרעסטירט און פאַרשיקט צוזאַמען מיט די פאַבריקאַנטן, גוט־באַזיצער און פּאָליציאַנטן.

אין אַ צייט אַרום האָט מען אויך אַרעסטירט דעם יונגן שרייבער און זשורנאַ־ליסט אהרן ברעזינסקי. ער פלעגט דרוקן נאָוועלן אין „פאָרווערטס" און עס האָט זיך שוין אויסגעפונען ווער עס זאָל וועגן דעם מיטטיילן דאָרטן, וווּ מען באַדאַרף.

דער שאָפער, וואָס האָט געוווינט מיט אונז אין צימער, האָט איבערגעגעבן, אַז ער איז געוואָרן מאָביליזירט אויף דער היינטיקער נאַכט ביז אינדערפרי. עס וועט זיין אַ סך אַרבעט! מען וועט כאַפּן אַלע פּראָסטיטוטקעס אין שטאָט און זיי פאַרשיקן.

אויף צומאָרגנס אינדערפרי האָט מען שוין געוווסט, אַז עס האָט זיך נישט געהאַנדלט אין קיין פּראָסטיטוטקעס, ווי מען האָט נעכטן געמאָלדן די שאָ־פערן, נאָר אין די פרויען און דערוואַקסענע קינדער פון די שוין אַרעסטירטע און פאַרשיקטע.

איינע אַזאַ סצענע האָב איך פאַר־טאָג צוגעזען:

עס איז שנעל צוגעפאָרן אַ לאַסט־אויטאָ צו אַ הויף און גלייך האָט מען גע־נומען אַרויספירן איינציקווייז די פרויען פון דאָרט. אַן עלטערע, גרויע קריסטין האָט זיך געראַנגלט מיט די זעלנער — האָט מען זי גענומען אונטער די הענט, מיט כוח אַרויסגעפירט פון הויף און זי אַרויפגעשטעלט אויף דעם לאַסט־אויטאָ. מען האָט איר נאָכגעטראָגן אַ זעקל מיט אירע זאַכן.

ווען דער אויטאָ האָט זיך שוין גערירט פון אָרט, האָט זי זיך אויפגעשטעלט אויף די שפּיץ־פינגער, אויסגעשטרעקט איר גוף און צו אירם אַ קרוב פאַר דעם טויער, אויסגערופן:

— יאַנקו, גע־דענק, גאָט איז געווען, גאָט איז דאָ, און גאָט וועט זיין!

דער אויטאָ האָט אַ ריס געטון, זי האָט זיך אַ וויג געטון און דער ווינט האָט צעיאָגט אירע גרויע האָר, וועלכע האָבן נאָך לאַנג, לאַנג געפלאַטערט ווי אַ פאָן פון באַליידיקונג און פּראָטעסט!

**
*

אין דעם זעלבן אָוונט איז פֿאָרגעקומען אין גרויסן טעאַטער־זאַל אַן אויפֿ־אַמע פֿאַר דעם באַקאַנטן פּוילישן רעוואָלוציאָנערן דיכטער וולאַדיסלאַוו בראָניע־וסקי. ער איז ספּעציעל צו דעם אָוונט אַראָפּגעקומען פֿון לעמבערג (לוואָוו).

ער האָט פֿאָרגעלייענט זיינע פּאָפּולערע, רעוואָלוציאָנערע געדיכטן. צום סוף האָט ער געלייענט זיינס אַ נײַ ליד וועגן דער פּוילישער סאָציאַליסטישער רעפּובליק, וואָס וועט נאָך האָפֿנטלעך קומען! ער ווינטשט זיך, אַז אויפֿן דענקמאָל פֿונם פּוי־לישן נאַציאָנאַלן נביא־פּאָעט, אַדאַם מיצקעוויטש, אין וואַרשע, זאָל בקרוב פֿלאַ־טערן אַ רויטע פֿאָן מיט דעם הערב פֿון אַ האַמער און סערפּ.

אַלע אין זאַל האָבן זיך אויפֿגעשטעלט און לאַנג אַפּלאָדירט דעם דיכטער.

אויך אַלע פֿון פּרעזידיום — די סאָוויעטישע שרייבער פֿון מינסק און מאָס־קווע, די אָנפֿירער פֿון שטאָטישן אויספֿיר־קאָמיטעט פֿון דער פּאַרטיי — האָבן אים געדריקט די האַנט מיט אַנערקענונג.

אין צוויי טעג אַרום איז וולאַדיסלאַוו בראָניעווסקי געוואָרן אַרעסטירט.

עס האָט זיך באַוויזן אַ נאָטיץ אין דער פּרעסע, אַז ער איז אַרעסטירט גע־וואָרן פֿאַר שיכרות און כוליגאַניזם. דעם אַנדערן טאָג איז ווידער געווען אָנגעגעבן אין דער פּרעסע, אַז מען האָט ביי אים געפֿונען קאָמפּראָמיטירנדיקע דאָקומענטן, וועלכע האָבן דערוויזן, אַז ער איז געשטאַנען אין אַ געהיימען קאָנטאַקט מיט דעם פֿיינטלעכן, פּוילישן עמיגראַציע־צענטער אין פּאַריז, אַז ער האָט אָנגעהערט צו אַן אונטערערדישער פּוילישער אָרגאַניזאַציע.

אין די ווייטערדיקע טעג זיינען שוין געווען אויספֿירלעכע אַרטיקלען אין די ציַיטונגען, וועלכע האָבן אויפֿגעוויזן, אַז שוין פֿאַר דער מלחמה איז בראָניעווסקי געווען אַ מיטאַרבעטער מיט דער סאַנאַציע ־ רעגירונג און פֿאַשיסטן אין פּוילן.

מיר האָבן אפֿילו אַלע געוווסט, אַז ער איז געזעסן עטלעכע מאָל, אייניקע יאָר, אין די פּוילישע תּפֿיסות, בשעת דעם זעלבן סאַנאַציע־רעזשים, נאָר דאָס, מסתּמא, קאָן נישט האָבן קיין באַדייטונג, דאָס האָט געקאָנט דעמאָלט זיין נאָר לפּנים...

אמת איז, אַז טאַקע אויף דעם זעלביקן בראָניעווסקיס אָוונט האָט מען זיך געקאָנט אָנשטויסן, אַז זיין ליד וועגן פּוילן וועט אים נישט פֿאַרשאַפֿן קיין נחת. עס איז געווען קעגן דער איינשטעלונג פֿון דער דעמאָלסטיקער סאָוויעטישער פּאָלי־טיק. פּוילן עקזיסטירט נישט מער! וועגן דעם סאָוויעטישן טייל איז דאָך נישט שייך. דער טייל ווידער, וואָס איז אָקופּירט דורך די דייטשן, הייסט דאָס שטיק פּוילן היינט — גענעראַל־גוווערנעמאַן. אַזוי איז שוין אויך אָפּגעדרוקט אויף די נייע, סאָוויעטישע געאָגראַפֿישע קאַרטעס.

עס איז באַפֿעסטיקט געוואָרן דער געדאַנק, אַז קיין זעלבסשטענדיק פּוילן וועט שוין קיינמאָל נישט זיין, קאָן נישט און טאָר נישט זיין. דורך דעם לאַנד האָבן אַלע מאָל דורכמאַרשירט פֿיינטלעכע חיילות און באַפֿאַלן רוסלאַנד. אַזאַ קליין לאַנד ווי פּוילן וועט זיך אויך קיינמאָל נישט קאָנען קעגנשטעלן. זי וויל דאָס אויך נישט. די פּאָליאַקן זיינען דאָך די אייביקע שונאים פֿון רוסלאַנד!

ס'איז פֿאַרשפּרייט געוואָרן די מיינונג, וועלכע זאָל שטאַמען פֿון אויטאָרי־טעטע קרייזן, אַז קליינע מלוכהלעך זיינען איבערהויפּט נישט באַרעכטיקט צו עק־זיסטירן אַלס זעלבסשטענדיקע, זיי זיינען נאָר אַ שטערונג.

דאָס איז אַלץ געדעדט געוואָרן נאָר אין אַ סביבה פון פּאַרטיי־אַקטיוויסטן.

מען האָט זיך דערביי פּאַררופן אויך אויף דעם גרויסן רוסישן שטאַטסמאַן, צאַר ניקאָליי דער ערשטער. ער האָט שוין אויך דעמאָלט אונטערגעשטראָכן די נויטווענדיקייט פאַר רוסלאַנד אויף אַ צוטריט צום מיטללענדישן ים. עס קאָן זיין, אַז סאָוויעט־רוסלאַנד וועט דאָס קאָנען דערגרייכן דורך דיפּלאָמאַטישע מיטלען. מען דאַרף פּרווון אַלע אופנים און וועגן. דייטשלאַנד איז איצט אַ גרויסער מיליטערישער כוח און מען האַלט דעריבער מיט איר אַן אַ נאָענטן קאָנטאַקט.

אין אַזאַ מאָמענט לאָזן פאַלן דעם געדאַנק פון אַזאַ באַדייטנדיקן דיכטער ווי בראָניעווסקי, וועגן אַ זעלבסשטענדיק פּוילן — איז שעדלעך!

***

אין דער מינסקער יידישער צייטונג האָט זיך באַוויזן אַן אַ־טיקל פון אַ געוויסן פּראָפעסאָר בראָכמאַן, וועלכער ווייזט אויף, אַז די ערשטע פּ־אָצענטניקעב אין אַלטערטום, אין דרום אייראָפּע און אויפן נאָענטן מזרח, זיינען געווען — יידן.

אַז אפילו דער מאָנאָטעאיזם — איז נישט קיין יידישער אויפטו, נאָר איז איבערגענומען געוואָרן פון אַנדערע מזרח־פעלקער.

אַז די יידן זיינען פאַרסמט פון אַ נאַציאָנאַלער מעגאַלאָמאַניע, וואָס עס באַווייזט זייער „אתה בחרתנו".

אין „ביאַליסטאָקער שטערן" האָט זיך שוין אויך באַוויזן אַ גרעסערע נאָטיץ קעגן די נישט־געזונטע נאַציאָנאַליסטישע שטימונגען ביי יידן. זיי דערמאָנען דערביי דעם פאַקט, אַז אויף אַ קאָנצערט אויף וועלכן עס איז אויפגעטרעטן דער אָפּערזינגער קוסעוויצקי (חזן פון דער וואַרשעווער סינאַגאָגע), און אויף אַ קאָנצערט, וווּ עס איז אויפגעטרעטן אַ יידישער וויאָלענטשעליסט — איןביידע פאַלן, אויף די דאָזיקע ביידע קאָנצערטן — האָט מען פון יידישן פּובליקום געפאָדערט, אַז מען זאָל זינגען, שפּילן, די מעלאָדיע פון דעם פאַרשימלטן כלי־קודש־ניגון — „כל נדרי!"

***

דעם יונגן שרייבע־ א. טאַף, איז נישט געוואָרן דערלויבט צו וווינען אין ביאַליסטאָק, צוליב זיינס אַן אַמאָליקן חטא מיט פּאַרטיי־געלטער אין וואַ־שע. איז ער אַוועק קיין באַראַנאָוויטש און דאָרטן מיטגעאַרבעט ביי דער כּ־אָניק אין אַ ווייסרוסישער צייטונג.

ער האָט זיך איצט אָראָפּגעכאַפּט אויף איין טאָג קיין ביאַליסטאָק און אַרייַנפאַ־טאָג צו אונז אין שטוב. ער דערציילט וועגן זיין שרעק. ער האָט פּאָרגעלייענט פאַר דעם רעדאַקטאָר פון דער ווייסרוסישער צייטונג (אַ ייד) זיינס אַ ליד. זאָגט זיך אין דעם ליד:

„איך זינג אויף מיין טייערן, יידישן לשון". ווען יענער האָט דאָס דערהערט, האָט ער טאַפן גלייך געהייסן פאַרברענען דאָס ליד:

— ווען איר וואָלט נישט געווען פון פּוילן — וואָלט איר פאַר אַזאַ נאַציאָנאַליזם טייע־ באַצאָלט!

האָט אים טאַטע צוריקגעפרעגט:

— און פאַרוואָס מעג מען ליבן און באַזינגען די רוסישע שפּראַך?

איז יענער בלאַס געוואָרן און צאַרניק אויסגעשריגן:

— ווי אַזוי האָט איר געוואַגט צו שטעלן אַזאַ פראַגע?

ווייסט ער נישט, טאַטע, צי ער זאָל צוריקפאָרן, צי אַוועק אין אַן אַנדער שטעטל. ער האָט מורא פאַר קאָנסעקווענצן.

נאָר שרעק איז שוין באַפאַלן נישט נאָר דעם פאַרטריבענעם שרייבער פון ביאַליסטאָק — טאַטע. שרעק האָט אונדז שוין אַלעמען באַוועלטיקט.

אין די צייטונגען האָבן זיך אַלץ געמערט די אַרטיקלען קעגן יידישן נאַציאָ־נאַליזם און רעליגיע.

איינער פון אונזערע קאָלעגן האָט פאַרעפנטלעכט אַ בריוו אין צייטונג און דערציילט דאָרט פאָלגנדיקס:

„זיין טעכטערל אין שולע האָט געפרעגט דעם לערער צי עס איז פאַראַן אַ גאָט אויף דער וועלט. האָט דער לערער אויסגעמיטן צו ענטפערן. ווען די שילע־רינס האָבן זיך נאָך דעם פון איר אָפּגערוקט און חוזק געמאַכט, האָט דער לערער מיט גאָרנישט דערויף רעאַגירט".

ער רופט אָן אינם בריוו דעם נאָמען פונם לערער און פאָדערט, אַז די געהע־ריקע אינסטאַנצן זאָלן זיך פאַראינטערעסירן מיט דעם פאַקט, אָננעמען מיטלען און רעאַגירן קעגן אַזעלכע שעדלעכע און צעשטערערישע עלעמענטן.

בהלה איז געוואָרן אונזער טאָג־טעגלעך ברויט און פּחד — די לופט מיט וועלכער מיר האָבן געאָטעמט.

דער פאַרלעגער און שרייבער שלמה שיינבערג האָט מיך פאַרהאַלטן אויף דער לענינסקע (אַמאָליקע שענקעוויטש־גאַס) נישט ווייט פון שרייבער־פאַריין. ער וויל מיט מיר עפּעס שמועסן.

איך האָב אים דערווייל געפרעגט צי ער וואָלט מיר נישט געקאָנט פאַרשאַפן פּרצס באַקאַנטן פעליעטאָן „שרעק און האָפענונג" — עס איז מיר נויטיק צו אַן אַרבעט — האָב איך אים געזאָגט (פּרצס פעליעטאָן איז געווען געשריבן אין די יאָרן 1905—1906. ער איז פול מיט האָפענונג ווענגן די שעפערישע און ערלעכע כוחות פון דער רעוואָלוציע, האָט אָבער מורא, אַז די רעוואָלוציאָנערן זאָלן זיך נאָכהער אַליין נישט פאַרוואַנדלען אין אונטערדריקער).

נאָכדעם האָב איך אים געפרעגט צי ער געדענקט נישט אין וועלכן יאָר פּרץ האָט אויסגערופן:

„צוריק אין שול אַריין!"

שלמה שיינבערג האָט גלייך פאַרשטאַנען דעם מיין און דעם זינען פון דעם געפרעגטן. מיר האָבן דאָך געמוזט רעדן צווישן זיך זייטיק, אַרומגיין, מען זאָל זיך קאָנען, אין אַ נויטפאַל. אַרויסדרייען פון דעם געזאָגטן.

ער האָט מיך אָנגעכאַפּט ביי דער האַנט:

— לאָמיר צווישן זיך נישט רעדן קיין שטום־לשון, קיין תרגום־לשון, פּידרעך! הערט! איך שווער אייך! ווי מיר שטייען דאָ איצט אויף לענינסקע גאַס, שווער איך אייך און פאַרזיכער אייך הייליק און פייערלעך:

— יאָ, מיר האָבן אַ גאָט אויף דער וועלט!

ווען איך בין אַוועק פון אים, האָב איך אָנגעטראָפן אַ באַקאַנטן, וועלכן איך

האָב כמעט נישט דערקענט. און געזען האָב איך אים בסך הכל ערשט נעכטן. דאָס איז געווען דער רעליגיעזער דיכטער עמיאָט. נעכטן האָט ער נאָך געטראָגן אַ באָרד און היינט האָט ער זי מיט איינמאָל אָפּגעגאָלט.

איך בין פאַרבליפט און נשתומם געוואָרן:

— עמיאָט, וואָס איז מיט אייך געשען? איר זענט דאָך אייער גאַנץ לעבן געווען אַ פרומער ייד, אַ מאמין?!

— ניין, ניין, — ענטפערט ער — געענדיקט! עס איז נישטאָ קיין גאָט אויף דער וועלט! נישטאָ!

איך האָב אים אָנגעקוקט און קוים געקאָנט באַנעמען זיינע רייד.

— אָבער וואָס איז געשען? אַזוי פּלוצים?!

— די דייטשן האָבן דערהרגעט מיין מאַמע אין אָסטראָוו. יאָ, אַזוי איז עס, נישטאָ קיין גאָט. איך גלויב נישט מער!

— איז דאָס שוין אַ גענוגנדיקער מאָטיוו דערצו? איז דאָס די איינציקע סיבה פון אייער ענדערונג?

— נישט די איינציקע, פאַראַן נאָך, נאָך, עס פעלט נישט...

און ער ווייזט מיר זיינס אַן אַרטיקל, וואָס ער טראָגט אין רעדאַקציע „ביאַליסטאָקער שטערן". עס איז אַן אַרטיקל קעגן שבת, קעגן גאָט!

פון דער רעכטער זייט גאָס האָב איך נאָך געזען דעם אַוועקגייענדיקן שלמה שיינבערג. פון דער לינקער זייט גייט אַוועק, איינגעטוליעט דעם קאָפּ אין פּאַלטאָ — עמיאָט.

איך בין געשטאַנען אינדערמיטן.

ווו איז מיין וועג? וווהין וועל איך גיין?!

# דאָס פייערווערק לעשט זיך אויס...

## קאַפּיטל א

פון רוסלאַנד האָבן אָנגעהויבן צוריקקומען די, וועלכע זיינען ערשט נישט לאַנג פונדאַנען אַוועקגעפאָרן.

די זעלבע, וואָס זיינען נאָך מיט צוויי חדשים צוריק אָפּגעשטאַנען טעג און נעכט אין די ווערביר־ביוראָס, צום פאַרשרייבן זיך אויף אַרבעט קיין רוסלאַנד.

זיי זיינען שוין צוריקגעקומען!

זייער הולך איז שוין אינגאַנצן אַן אַנדערער, משונהדיקער, אין וואַטענע פּוּ־פּייקעס, אין וואַטענע הויזן.

— איר האָט דאָך אונטערגעשריבן אַן אָפּמאַך אויף אַ יאָר? האָט מען אייך דערלויבט פאַר דער צייט אַוועקגיין?

— מען איז נישט אַוועקגעגאַנגען, נאָר אַנטלאָפן! מען האָט אונז אפילו קיין באַן־בילעטן נישט געוואָלט פאַרקויפן. מיר זיינען עטלעכע סטאַציעס געגאַנגען צו־פוס און פון דאָרט אַרויף אין צוג — ווער מיט און ווער אָן בילעטן.

האָט מען אייך דען דאָרטן שלעכט אויפגענומען?

— מיט מוזיק! אַזוי ווי איך זאָג אייך! ווען מיר זיינען אַראָפּ עטלעכע הונדערט מענטשן פון צוג, האָט אונז אָפּגעוואַרט אַ בלאָז־אָרקעסטער און

אָפּגעשפּילט לכּבוד אונז אַ מאַרש. נאָכדעם האָט מען אונז געפירט אין אַ באָד אַריין און פון דאָרטן — גלייך אין אַ סטאָלאָוועס. מען האָט פאַרהאַנגען אין סטאָ־לאָוועס די פענצטער מיט דיקע טיכער און אונז גענומען מכבד זיין מיטן שענסטן און בעסטן. אַ קעלנערין האָט געהאַלטן שטיקלעך צוקער אין קעשענע פון איר פאַרטוך און געטיילט אַלעמען צו עטלעכע שטיקלעך, צוגעבנדיק:

— עסט געזונטע! אין פּוילן האָט איר דאָך אוודאי קיין צוקער נישט געגעסן!

הינטערן פענצטער האָבן זיך פאַרזאַמלט מאַסן רוסן, אָבער מ'האָט זיי אוועק־געטריבן.

אַ טאָג האָבן מיר זיך אָפּגערוט אין די אַרבעטער־קאַשאַרן (צוזאַמענוווינונגען) און אוועק צו דער אַרבעט. אין די קוילנגרובן, האַקן שטיינער, טראָגן ציגל, גראָבן ערד — אַלץ שווערע, שוואַרצע אַרבעט. מען האָט אונז אַלעמען געגעבן וואַרעמע וואַטע־פופייקעס, וואַטענע הויזן — אָבער דער פראָסט האָט געגליט און ס'איז געווען אוממעגלעך צו שטיין ביי דער אַרבעט. עסן האָט מען אונז געגעבן שוין דאָס זעלבע, וואָס די רוסישע אַרבעטער. יענע מוזן אוודאי זיין מלאכים. אַ שי־טער זופּ און אַביסל בוראַקעס, פאַרביסן מיט אַ פּייקע שוואַרץ ברויט — דאָס איז דער מיטאָג. נאָר מלאכים קאָנען אויסהאַלטן, און פון אַזאַ מיטאָג האָבן כּוח צו אַרבעטן. קיין סטאַבילער לוין פאַר אַלעמען איז נישטאָ, נאָר אַקאָרד־אַרבעט. יעדער באַקומט לויט דער צאָל אַרבעט, וואָס ער פאַרטיקט אויס.

אונזער עולם האָט זיך אַרויסגעלאָזט אויף די באַזאַרן און גענומען פאַרקויפן אונזערע אַנצוגן און שיך — עס זאָל זיין פאַרוואָס אָפּצועסן.

אַן אַלטיטשקע רוסין אויפן באַזאַר רוימט אים איין אין אויער:

„פעטערל, אויב דו פאַרקויפסט שוין דיינע פּאַנסקע מלבושים — וועסטו שוין קיינמאָל אַזעלכעס מער נישט אָנזען! וועסט אַרומגיין אין די וואַטענע בגדים. אַ שאָד, פעטערל, אַ שאָד".

ביינאַכט איז זיך אונזער עולם צונויפגעקומען. מען האָט אָנגעהויבן זיך אַדורכ־שמועסן. וואָס וועט מיט אונז זיין? ווי אַזוי וועט מען דאָס אויסהאַלטן? ווער עס האָט זיך נאָך געוויצלט, ווער עס האָט שוין גערעדט פאַרביטערט — סיי־ווי — עס האָט זיך געשאַפן אַ שווערע שטימונג ביי אונזער עולם. מען איז געווען אומצו־פרידן.

אויפצומאָרגנס פאַרטאָג האָט מען שוין אַריינגערופן עטלעכע פון אונז אין צימערל פון פראָפעסיאָנעלן פאַריין ביי דער פאַבריק און מען האָט יעדן באַזונדער אויסגעפרעגט וועגן וואָס עס איז נעכטן ביינאַכט גערעדט געוואָרן אויף דעם גע־היימען צוזאַמענקום.

מיר דאַרפן זיך פאַרהאַלטן ווי אַרבעטער און נישט ווי פּאַנעס — האָבן זיי אונז געמוסרט. זאָלן מיר נישט מיינען, אַז דאָ איז פּוילן. אַזאַ זאַך וועט דאָ פאַר־רעכנט פאַר אַ בונט.

יעדער איינער האָט נאָכאַמאָל באַדאַרפט אָנשרייבן אַן אויטאָביאָגראַפיע. דער עיקר — צו וואָס פאַר אַ פּאַרטיי ער האָט געהערט, מיט וואָס ער האָט זיך באַשעפ־טיקט, אָנגעבן זיין סאָציאַלע אָפּשטאַמונג. דאָס הייסט, ווער עס זיינען געווען זיינע עלטערן און מיט וואָס זיי האָבן זיך באַשעפטיקט.

יעדן איינציקן איז געוואָרן אָנגעזאָגט, אַז ער זאָל נישט דערציילן וועגן וואָס

מ׳האָט מיט אים דאָ גערעדט, ווייל זיי וועלן סיי־ווי אַלע געוואָר ווערן. זיי ווייסן שוין אַלע געווי וועגן וואָס מיר האָבן נעכטן ביינאַכט צווישן זיך געשמועסט.

וואָס אַ טאָג ווייטער איז געוואָרן ערגער. דער עולם האָט זיך גענומען צעלויפן. מיר האָבן אָנגעטראָפן דאָרטן אַ יידיש מיידל פון פּוילן, אַ קאָמוניסטין. זי איז דורך אַ צופאַל געבליבן גאַנץ אין יאָר 1937, דעמאָלט ווען מען האָט אַלע, וועלכע זיינען געקומען פון פּוילן פאַר די לעצטע 15 יאָר — אַלע, אַלע ביז איינעם — איינגעזעצט אין די טורמעס און לאַגערן. זיי האָבן באַקומען צען יאָר טורמע — פאַר קאָנטררעוואָלוציע אָדער פאַרדאַכט אין שפּיאָנאַזש.

איך האָב געלאָזט שטיין מיין דערציילער אין מיטן רעדן. נישט געוואָלט אים מער הערן. מיר האָט זיך אַרויסגעריסן פון מויל דאָס וואָרט „גרויל־פּראָפּאַגאַנדע" און בין מיט כעס פון אים אַוועק.

## קאַפּיטל ב

איך בין אַרויף צו באַקאַנטע ביאַליסטאָקער איינוווינער, אַרבעטער. די באַלעבאָסטע פון שטוב, אַ יונגע פרוי, האָט באַטעמט און מיט חן געזונגען יידישע און רוסישע פאָלקס־לידער.

זי האָט געאַרבעט אין אַ טעקסטיל־פאַבריק. זי האָט אָפט אַהיימגעבראַכט פּראָדוקט־פּאַיאָקן. זי איז געווען זייער צופרידן פון דעם נייעם לעבן:

— עס איז גאָרנישט צו פאַרגלייכן מיט די פריע־דיקע באַדינגונגען — זאָגט זי — זי וועט שוין קיינמאָל נישט זיין אַ־רבעטסלאָז! חוץ דעם ווייסט זי, אַז זי אַרבעט און שאַפט פאַרן פאָלק. פון איר מערווע־ט געניסט נישט קיין קאַפּיטאַליסט, נאָר דאָס גאַנצע סאָוויעטישע פאָלק! — מיר אַליין זיינען די באַלעבאַטים פון דעם גאַנצן מלוכה־אייגנטום!

בשעתן רעדן איז דער מאַן אירער געשטאַנען הינטער איר פּלייצע און צו מיר געמאַכט עפּעס מיט די הענט, צוגעווונקען מיט די אויגן. ווען זי איז אַריין אין צווייטן צימער, האָט ער שנעל געזאָגט:

— זי איז אַן עקזאַלטירטע, דערפאַר איז זי זייע־ם אַ חסיד. אגב, אַ־רבעט זי שוין נישט ביי דער מאַשין. זי איז געוואָרן דער פּי־ע־ פון פאבקאָם (פאַב־ריקס־קאָמיטעט), זי אַגיטירט אין דער פאַבריק, פאַרשרייבט, באַלעבאַטעוועט. זי —

די פרוי איז אַריינגעקומען און ער האָט איבערגעהאַקט אין מיטן רעדן. זי האָט זיך אָבער געכאַפּט:

— וואָס האָט איך שוין דאָ אָנגע־רעדט מיין בונדיסט? זיי וועלן שוין קיינמאָל נישט בעסער ווערן! גלויבט מיר. אַז די ראַטנמאַכט וועט זיך נאָך נעמען צו די אַלע. און זיי זיינען עס ווערט אויך! עס איז אַ קאַמף אָן אַ פּאַרדאָן!

זי האָט מיך אַריינגעבעטן אין צווייטן צימער אַ־יין.

דאָרט איז געזעסן איר יונגערע שוועסטע־ר, עטלעכע חב־טעס און אַ יונגע־ רוסישער לייטענאַנט. מען האָט געטרונקען טיי, צוגעביסן. דער לייטענאַנט־טאַנקיסט האָט כסדר געשמייכלט און אַלע מאָל אַ־יינגעוואָ־פן אַ פּאָ־ יוע־טער. אַלע האָבן אים געשענקט אויפמערקזאַמקייט, זיך צ־ינעהע־ט צו יעד־ן יואָ־ט זיינעם.

מיך האָט אינטערעסירט צו וויסן דאָס טאָג־טעגלעכע שטייגער־לעבן פון די רויטאַרמייער און איך האָב אים געשטעלט אייניקע פראַגן:

— וויפל באַקומט איר חודשלעכן געהאַלט?

— 750 רובל.

— און וויפל פאַרדינט אַ געוויינלעכער באַיעץ (זעלנער)?

— 11 רובל.

אַלע האָבן זיך איבערגעקוקט מיט פאַרווונדערונג. האָט ער שנעל צוגעגעבן:

— אָבער ביי אונז קאָן יעדער איינער ווערן אַ לייטענאַנט! אפילו אַ קאָמבריג! (בריגאַדע־קאָמאַנדיר)!

די עלטערע שוועסטער האָט אונטערגעכאַפּט:

— אַ! דאָס איז דער אונטערשיד! אַלע קאָנען ווערן לייטענאַנטן און אַפילו קאָמאַנדירן!

ער האָט גענומען דע־ציילן וועגן זייערע פאַררעטער און שפּיאָנען, וועלכע עס האָט אָנגעשיקט ענגלאַנד:

— אָט אַזאַ איינער ווי טוכאַטשעווסקי. ער האָט אין יאָר 1920, בשעת דעם מאַרש אויף פּוילן — בכיוון פאַרפירט גאַנצע פאָלקן אין די פּינסקער זומפּן־בלאָטעס. דאָרט זיינען אונזערע זעלנער געבליבן שטעקן, נישט געקאָנט אַרויס. דערי־בער איז דער אַנדערער טייל פון אונזער רויטער אַרמיי געבליבן שטיין ביי דער ווייסל. נישט אַוועק ווייטער, ווייל די הילף־אַרמייען זיינען פאַרפירט געוואָרן דורך דעם פאַ־עטער טוכאַטשעווסקי.

איך האָב נישט געוווסט פון וואָס אָנהויבן איבערצופרעגן. איך האָב שוין געצווייפלט, צי איך זאָל נאָך בכלל עפּעס איבערפרעגן. אָבער איינהאַלטן זיך איז מיר געווען שווער. האָב איך געפּרווט אַזוי לייכט אַרומגיין:

— אַז טוכאַטשעווסקי איז געווען אַ פאַרעטער — וועגן דעם ווייסט אַפילו אַ קינד. אָבער, אַז אין פּינסק זיינען בלאָטעס — ווייסט דאָך אויך יעדעס קינד, פאַרוואָס־זשע זיינען די זעלנער דאָרט אַהינגעגאַנגען?

ער האָט מיך אָנגעקוקט מיט זיינע גוטע, קינדיש־חנוודיקע אויגן און שמייכ־לענדיק, מיט נערירטקייט געזאָגט:

— זעט איר, מיין טייערער, איר פאַרשטייט זיך נישט אויף מיליטער־רישער סטראַטעגיע. שפּיאָנען זיינען נישט קיין קינדער. זיי ווייסן ווי אַזוי צו פאַרעדן די ציין. ענגלאַנד איז כיטרע!

אַלע האָבן צופרידן צוגעטאַקעוועט, דער עיקר צוליבן לעצטן זאַץ. וואָרום ווער ווייסט דאָס נישט, אַז ענגלאַנד איז כיטרע!...

## קאַפּיטל ג

איך האָב שווער געאַרבעט אויף מיין פּאָסטן אַלס אינקאַסענט פון מינסקער ליטפּאָנד.

מיין עובדה איז געווען אַרומצוגיין איבער די טעאַטערס, קינאָס, קאָנצערט־זאַלן, טאַנץ־זאַלן און רעסטאָראַנען, ווו עס האָבן געשפּילט אָרקעסטערס. אויב זיי האָבן אויפגעפירט שאַפונגען פון אַזעלכע אויטאָרן, וועלכע אונטערליגן נאָך טאַנ־טיעמען, האָב איך באַדאַרפט אויסשטעלן אַ חשבון און איינמאָנען דאָס געלט.

יעדע צען טעג האָב איך באַדאַרפֿט אָנשרייבן אַ באַריכט פֿון דעם אָפּגעטוענעם און צוזאַמען מיט קאָפּיעס פֿון די חשבונות איבערשיקן אין דער צענטראַלע קיין מינסק.

צו דער ארבעט בין איך רעקאָמענדירט געוואָרן דורכן סעקרעטאַר פֿון שרייבער־פֿאַריין. דער דירעקטאָר פֿון דער צענטראַלע אין מינסק, וויטאַוווטאָוו און זיין געהילף, אַ יידישער בוכהאַלטער, זיינען מיט מיר אַוועק אין האָטעל „ריטץ" צו שליסן אַן אָפּמאַך.

איך האָב אויסגעשריבן אַ פּראַגע־בויגן, אָנגעשריבן מיין אויטאָביאָגראַפֿיע און עס איז אָפּגעמאַכט געוואָרן, אַז איך באַקום חודשלעכן געהאַלט 300 רובל. חוץ דעם נאָך דריי פּראָצענט פֿון די איינקאַסירטע סומען. דאָס באַקומענע געלט האָב איך גלייך באַדאַרפֿט איבערווייזן אין באַנק אַ־יין אויף זייער קאָנטאָ. איך וועל באַקומען צוגעשיקט פֿון מינסק יעדן חודש מיין סטאַבילן לוין צוזאַמען מיט די באַטרעפֿנדיקע פּראָצענטער.

איך האָב נישט געאַנט און זיך נישט פֿאָרגעשטעלט, אַז די אַרבעט וועט זיין אַזאַ שווערע און פּריקרע.

די בוכהאַלטערס פֿון די אַלע אונטערנעמונגען, אין וועלכע איך בין געקומען איינמאָנען טאַנטיעמען, האָבן אָפֿט געלאָזט מיך לאַנגע שעהן וואַרטן, אָפּגעלייגט פֿון איינמאָל צום צווייטן, נישט אָנגעגעבן מיר די ריכטיקע סומען, וואָס זיינען געוואָרן איינקאַסירט פֿון די פֿאָרשטעלונגען. אָפֿטמאָל פֿאַרטוישט די אויטאָ־ן, אָנגעבן ספּעציעל אַזעלכע נעמען, וועלכע אונטערליגן שוין נישט קיין אָפּצאָל.

אין דער דירעקציע פֿון וויטעבסקער דראַמאַטישן טעאַטער, וואָס האָט דאָ גאַסט־אָלירט, בין איך געגאַנגען דריי וואָכן נאָכאַנאַנד, צוויי מאָל אין טאָג, געזוכט און זיך נאָכגעפֿרעגט אויף דעם בוכהאַלטער. יעדעס מאָל האָט מיר אַ פֿרוי אין קאַנצעלאַריע אָפּגעענטפֿערט מיט דעם זעלביקן:

— ער איז ליידער נישטאָ, טייערינקער, ערשט איצט אַרויס. קומט אין עטלעכע שעה אַרום.

נאָך די דריי וואָכן גיין בין איך ערשט געוואויר געוואָ־ן אַ סוד: דער בוכהאַל־טער — דאָס איז טאַקע די זעלבע פֿרוי אַליין.

איך אַרבעט שוין דערביי דריי חדשים און פֿאַר דער גאַנצער צייט ערשט היינט צום ערשטן מאָל באַקומען צוגעשיקט אַן אָנווייזונג אין דער ביאַליסטאָקער באַנק און מ'האָט מיר אויסגעצאָלט דריי הונדערט זלאָטעס. (די פּוילישע זלאָטעס זיינען דורך אַ ספּעציעלן באַפֿעל געוועזן גלייכווערטיק מיט די רוסישע רובלס).

די 300 זלאָטעס און נאָך 200 זלאָטעס וואָס איך האָב באַקומען האָנאָראַר פֿון דער רעדאַקציע פֿאַר צוויי אינטערוויוען מיט דעפּוטאַטן, דאָס איז געוועזן מיין גאַנץ פֿאַרמעגן. איך האָב שוין לאַנג נישט געהאַט צוגעשיקט קיין געלט פֿאַר מיין פֿרוי און קינד, וועלכעס איז שוין געלעגן קראַנק אויף אַ שווערן גריפּ אַ גאַנצן חודש צייט.

אויף מאָרגן האָב איך געטראַכט אָנצושרייבן אַ וואָ־נונג־בריף קיין מינסק, אַז איך וועל וואַרפֿן די אַרבעט. פֿאַר דעם געלט, וואָס איך האָב פֿון זיי באַקומען, האָב איך שוין מער שיך צוריסן. 30 זלאָטעס האָט מיך אָפּגעקאָסט פּאָסט־מאַרקעס

אויף איבערשיקן די באריכטן. עס איז אן עולה פון זייער זייט, וואָס זיי האַלטן נישט קיין וואָרט.

איך וועל אויך איבערשיקן מאָרגן פאַר מיין פרוי און קינד, קיין באַראַנאָ־וויטש, 300 זלאָטעס.

באלד אינדערפרי האָט מיך אויפגעוועקט אין שטיבל א טומל און ליארעם. א בהלה אין שטוב. די פרויען האָבן זיך געריסן די האָר פון קאָפּ און געיאָמערט. מיר איז קוים געלונגען צו דערגיין די סיבה פון דעם ליארעם.

— היינט, אכט אינדערפרי, איז ארוים א באפעל, אז עס ווערט אָפּגערופן דאָס פּוילישע געלט!

עס יעט איז ערגעץ מער נישט ווערן אָנגענומען!

איך בין ארוים אין גאַס, אַוועק אין רעדאַקציע. מען האָט אומעטום באַרואיקט:

די אַלע וועלכע אַרבעטן אין פאַבריקן און מלוכה־אַמטן, אויב זיי האָבן באקומען אויסגעצאָלט זייער לוין אין פּוילישע געלטער, דאַרפן אָנשרייבן ספּעציעלע וועגדונגען און עס וועט זיי ווערן צוריקגעטוישט אויף רוסישע רובלס.

עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד בין איך געלאָפן פרעגן ענטפער אויף מיין ווענדונג און מען האָט כסדר דעם ענטפער אָפּגעלייגט.

עד־היום האָב איך נאָך דעם ענטפער נישט דערהאַלטן.

אַזוי אַרום איז אין איין שעה איינגעטרעטן די גלייכהייט! אַלע זיינען געוואָרן מיטאמאָל אָרימעלייט. דער וואָס האָט געהאַט א מיליאָן זלאָטעס און דער, וואָס האָט געהאַט נאָר עטלעכע הונדערט, צי אַפילו נאָר עטלעכע צענדליק זלאָטעס.

איצט וועלן שוין אַלע מוזן גיין אַרבעטן. עס איז נישט סתם קיין פראַזע — גלייכהייט!..

## קאַפּיטל ד

עס איז געקומען צו פאָרן א בריגאַדע שרייבער פון מאָסקווע, אונטער דער אָנפירונג פון פּרץ מאַרקיש.

א סך פון אונז, די וועלכע האָבן אים נאָך געדענקט פון דער צייט ווען ער איז געווען אין פּוילן, האָבן אים געוואָלט שוין וואָס שנעלער זען. האָבן דאָך אונזעריקע נאָך נישט פאַרגעסן דעם רייץ און חן וואָס עס לאָזט איבער מאַרקיש מיט זיין אויסזען, האַלטונג, רעדן — האָבן מיר געהאָפט דערויף, אַז ער וועט אונז גיכער פאַרשטיין, אַז ער קען אונזער מענטאַליטעט, אַז מיט אים וועט זיין לייכטער זיך צונויפצורעדן וועגן א סך פּראָבלעמען. לייכטער ווי מיט אַלע אַנדערע סאָוויעטישע שרייבער.

ס'זיינען געקומען די שרייבער קוויטקאָ, דאָברושין, עליע גאָרדאָן, ב. אָר־שאַנסקי, קושניראָוו און האַלקין.

מאַרקיש האָט נאָך אָנגעהאַלטן זיין יונגנטלעכע שיינקייט און גראַציע. די האָר זיינע זיינען שוין דורכגעפלאָכטן מיט גרוי, דאָס פּנים אין לייכטע קנייטשן. נעמט ער אָבער רעדן, גייסטרייך אימפּראָוויזירן, צולאָזט זיין בונטאַרישן טעמפּעראַמענט, פלעכט אַריין קוריאָזן, היימישע עפּיזאָדן — באַקומט ער צוריק זיין אַמאָליקן גלאַנץ און רייץ.

ער האָט, זעט אויס, הנאה פון זיין רעדן פאַר אונז. ווי נאָר מיר וואָלטן געווען דע־ויף מבינים, ווי נאָר מיר וואָלטן אים באַנומען. ער זאָגט:

— פאַרשטייט איר, מיינע ליבע! דער אַלטיטשקער הלל צייטלין איז זיך געזעסן אין דעמאָלסטיקן ליטעראַטן־פאַריין אין וואַרשע אויף טלאָמאַצקע 13, בטלניש עפּעס אַריינגעטענהט אין קיפּניסן, וואָס איז געשטאַנען נעבן אים מיט אַ פלעצל אין האַנט, מיט אַ שטיקעלע הערינג אויף אַ צאָנשטעכער־העלצל, געגעסן, געקייעט און גלייכצייטיק געפּרוווט זיין אונטערנאָזיק שטימעלע. דאָס איז גאַנץ אידיליש און געמיטלעך, אָבער עס קומט נישט צו קיין סאָוויעטישע טאַנקען!

ער ווייסט און פאַרשטייט אונזערע גייסטיקע ראַנגלענישן, אונזער מאַטער־יעלע נויט, אָבער:

— אונזער לאַנד, וואָס שפּייזט 183 מיליאָן סאָוויעטישע בירגער, וועט נישט פאַרגעסן אין די שרייבער, וועלכע זיינען אַנטלאָפן פון יענעם באַוווסטן מקום פורעניות און זיינען געקומען, זיך איבערגעענטפערט און איבערגעגעבן זייער גורל אין אונזערע פעסטע און געזונטע סאָוויעטישע דלאָניעס! מיר נעמען אייך אויף מיט אָפענע אָרעמס! און איר — נעמט אונז אויף מיט אָפענע הערצער!

ער האָט גערעדט וועגן דעם, אַז מיר זאָלן נישט ווערן קיין צופּאַסלער, קיין ביליקע הורא־שרייער. דאָס איז זיי לגמרי נישט נויטיק.

— מיר ווילן סיי ווי דערקענען דעם, וואָס מיינט עס אויפריכטיק! מיר פאַר־שטייען זיך דערויף גענוג גוט! מיר האָבן אויף דעם געביט אַ סך, אַ סך דערפאַרונג!

איצט האָט גענומען אַ וואָרט דאָברושין. ער איז איינער פון די פיר שרייבער, וועלכע טראָגן אין לאַץ גרויסע, זילבערנע אָרדנס.

ער איז שוין אינגאַנצן גרוי, דאָברושין. צוליב זיין הינקען אויף אַ פוס, לענט ער זיך אָן אויף אַ שטעקן. בשעת מאַרקישעס רעדן איז ער געזעסן די גאַנצע צייט אומרואיק אויפן שטול. די אויגן זיינען ביי אים פול מיט התלהבות, כאָטש די ליפּן ביי אים זיינען גראָב און מגושמדיק. אינגאַנצן מאַכט ער דעם איינדרוק פון אַן אַלטן, בעוולהטן אַקטיאָר, וועלכן מען לאָזט שוין נישט צו שפּילן קיין ראָלן.

ער האָט די גאַנצע צייט צוגעשיקט בריוועלעך אין פּ־עזידיום, אַז מען זאָל אים שוין געבן אַ וואָרט.

ווי ער האָט נאָר אָנגעהויבן רעדן, האָט ער באַלד זיך פאַ־נומען אויף אַ הויכן טאָן, זיך געהיצט און פאַרכליניעט מיט אַ מבול פון קאַזיאָנע רייד. ווען ער האָט דערמאָנט סטאַלינס נאָמען, האָט ע־ געקלאַפּט מיטן שטעקן איבערן טיש:

— דע־ חבר סטאַלין איז דער גרעסטער מענטש אין דער גאַנצער גע־שיכטע! אַלץ וואָס אי־ זעט, אַלדאָס שיינע אין דע־הויבענע — דאָס איז זיין האַנט, דאָס איז זיין מח, דאָס איז זיין האַרץ, זיין זשעני!

אַ שיים איז אים אַ־ויס אויף די ליפּ::

— עס איז דער גרעסטער כבוד צו דינען דע־ זאַך, פאַ־ וועלכע־ ע ־ קעמפּט! עס איז דער גרעסטער זכות צו זיין אויף דער זעלבער טעריטאָריע, אין דעם זעלבן לאַנד, וואָס אונזער גרויסער סטאַלין! חברים, איר זאָלט זיך דאָס גוט פאַ־געדענקען! איר האָט דערלעבט אַ גליקלעכע צייט!

און ער קלאַפּט מיט דעם שטעקן איבערן טיש.

מאַרקיש זאָגט צו אים שטיל:

— כאַציע, כאַציע, פּאַמעלעך!

נאָך אַלעמענס אָפּרעדן שלאָגט פאַר מאַרקיש, אַז טייל שרייבער, ספּעציעל די יונגע, זאָלן נישט בלייבן דאָ זיצן אין ביאַליסטאָק, נאָר אַהינפאָרן אויף אַרבעט אין דעם גרויסן, סאָוויעטישן רוסלאַנד. זאָלן זיי זען מיט זייערע אייגענע אויגן וואָס מיר האָבן אויפגעבויט און וואָס מיר האָבן שוין באַשאַפן!

ווייניק רופן זיך אָפּ אויפן אַפּעל.

אין די לעצטע חדשים האָט מען שוין געוואָרנט אַ סך יונגע שרייבער, די ווייניקער אָנגעזעענע און די זשורנאַליסטן, אַז זיי זאָלן בעסער אַוועקפאָרן אין די קלענערע שטעטלעך, אָדער קיין רוסלאַנד. אין ביאַליסטאָק וועט נאָר קאָנען פאַרבלייבן אַ קליינע גרופּע פון די מער באַדייטנדיקע.

יענע האָבן זיך אָבער גע׳עקשנט, אַליז געמיינט, אַז עס וועט זיך ווער אָננעמען זייער קריוודע. פאַראַן שוין אַזעלכע, וועלכע שרייבן שוין צוואַנציק יאָר, נאָר די אָנפירונג פון שרייבער־פאַריין זעט זיי נישט נערן.

איצט, אַז עס איז געקומען די פאָדערונג שוין פון אַזאַ אויטאָריטעט, האָבן זיי פאַרשטאַנען, אַז דער גורל איז געחתמעט. און דאָך האָבן זיי נישט געוואָלט זיך אונטערגעבן. זיי האָבן זיך איצט נישט אָפּגערופן אויף מאַרקישעס אַפּעל. עס האָבן עס נאָר געטאָן די סאַמע ייִנגסטע. עס איז נישט פאַרשטענדלעך, פאַרוואָס עס האָט זיך אויך פאַרשריבן דער אָנגעזעענער דיכטער לייזער וואָלף.

געזען אַז עס איז פאַראַן ווייניק בעלנים, האָט ער צוגערופן אָן אַ זייט מיך און דעם דיכטער יוסף רובינשטיין און פאַרטרויליך אונז געזאָגט:

— פאַרשרייבט זיך אויך. איך מיינט מען נישט. נאָר לפּנים וועגן. עס זאָל נישט הייסן, אַז מען מיינט בלויז די יונגע, וועלן זיי גיכער זיך אָפּרופן.

איך האָב מורא געהאַט פאַר דעם „לפּנים”, דאָס זעלבע אויך רובינשטיין און מיר האָבן אונזערע נעמען נישט אַרויפגעשטעלט. עס איז אַגב געווען פּריקרע מיטצומאַכן די מאַפּלשפּיל.

האָט אים דער סעקרעטאַר פון פאַריין אונטערגערוקט אַ צעטעלע. מאַרקיש האָט עס איבערגעלעזן.

— די אַלע, וועלכע ווערן דורך מיר איצט דערמאָנט, די אַלע דאַרפן אַוועקפאָרן פונדאַנען.

מען האָט שוין קלאָר פאַרשטאַנען, אַז די דאָזיקע מוזן שוין פאַ־ן. אַז עס איז שוין פון פאָרויס באַשטימט. ער רעכנט אויס די נעמען:

ש. וואָלמאַן, ש. זאַראָמב, ציגאַמאַן, דאָן, לייזער וואָלף, מאיר האַלפּערן, פּאַליוואַ און נאָך אייניקע — צוזאַמען 15 מאַן.

דאָס איז געווען אין דער זעלבער צייט, ווען עס איז אַרעסטירט געוואָרן דער באַוווסטער פּעליטאָניסט, דעפּוטאַט צום פּוילישן סיים — ד״ר יהושע גאָטליב.

דאָס איז געווען אין דער זעלבער צייט, ווען מען האָט גערעדט, אַז דער שרייבער יהושיע פּערלע קאָן אַ ליאַדע טאָג אַרעסטירט ווערן, ווייל אַ שרייבער פון פּוילן האָט איבערגעגעבן דאָרטן, ווו מען דאַרף... אַז פּערלע האָט אַמאָל אָנגעשריבן אַן אַרטיקל וועגן סטאַלינען און אים פאַרגליכן מיט איוואַן גראָזני. (עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן גאָר פאַר אַ מעלה).

עס איז געווען אין דער זעלבער צייט, ווען אין דער אמעריקאנישער יידישער פּרעסע האָט זיך באַוויזן אַן אַרטיקל, וואָס האָט געטאַדלט די היגע יידישע שרייבער, וועלכע פאַרקויפן זייערע פעדערס און געווען צו דער ראַטנמאַכט פאַר אַ טאָפּ לינזן. דעם אַרטיקל האָט, פאַרשטייט זיך, קיינער פון אונז נישט געלייענט. דער סעקרעטאַר פון פאַריין האָט גערופן אַ ספּעציעלע פאַרזאַמלונג. מיר האָבן גע־זאָלט אונטערשרייבן עפּעס אַ פּראָטעסט־בריוו און איבערשיקן צו דער אַמעריקאַנער פּרעסע.

אונזער עולם האָט זיך געהיצט, אַז מען דאַרף אַזאַ שענדלעך אַרטיקל טאַדלען און שטעמפּלען, ווי געהעריק דערויף רעאַגירן, כאָטש שטילערהייט, אין זיך, זיינען אַ סך געווען צופרידן מיט דעם אַרטיקל, ווייל טיילווייז זיינען דאָך יענע גערעכט.

די ייִדישע ווערביר־ביוראָס אויף אַרבעט האָבן שוין געפּוסטעוועט. ביי די פּענצעטער־לעך איז שוין קיינער נישט געשטאַנען, כאָטש עס האָבן זיך אַלעמאָל באַוויזן נייע מעלדונגען און מיטגעטיילט וועגן בעסערע באַדינגונגען און העכערן לוין.

פון אונזערע זיינען שוין געווען אַ סך אַן געלט. דער דיכטער מ. א. קנאַפּהייס, וועלכער איז געזעסן אין די פּוילישע תפיסות פאַר קאָמוניזם, האָט איצט גע־אַרבעט ביים רייניקן דעם שניי פון גאַס. ער האָט זיך אָפּגעפרוירן ביי דער אַ־בעט צוויי פינגער און האָט צעריסן אַ פּאָר הענטשקעס. אויף די אָפּגעפרוירענע פינ־גער האָט ער זיך נישט געקלאָגט:

— מיינע הענטשקעס, וווּ וועל איך נאָך נעמען אַזעלכע הענטשקעס? וואָס וועל איך טראָגן אויף די הענט אַ גאַנצן ווינטער?

אָבער אויך ער האָט נישט געוואָלט אַוועק פון ביאַליסטאָק. קיינער האָט עס נישט געוואָלט. איז דעריבער, ווען מען האָט פאָרגעלעזן די נעמען פון די, וועלכע דאַרפן אַוועקפאָרן דאָרטן אַהין, קיין רוסלאַנד, איז יעדן איינעם באַפאַלן אַ שרעק — ער קאָן דאָך בקרוב אַריינפאַלן אין דער וויטער־דיקער רשימה, יואָס מען האָט שוין וועגן איר אָנגעדייט — טאָ ווי אַזוי מיידט מען דאָס אויס?

ווען וועט שוין אויפהערן די זאָרג פאַרן היינט און די שרעק פאַרן מאָרגן?

## קאַפּיטל ד

אין דער גרויסער שלום־עליכם־ביבליאָטעק איז געקומען צו פאָרן אַ ספּעציעלע אויפזעערין פון מינסק. די ביבליאָטעק איז דערווייל געשלאָסן און גיט נישט אַ־ויס קיין ביכער. די אויפזעערין מוז פריער דורכקוקן אַלע ביכער, וועלכע עס מעגן בלייבן און וועלכע עס זאָלן קאָנפיסקירט ווערן.

זי קריגט צוהילף דריי קאָמוניסטישע טוער, זשורנאַליסטן פון פּוילן — דודל ריכטער, משה לעווין (משה בטלן — סטאַשעווסקי) און בער מאַרק.

איך האָב געקראָגן אַ ספּעציעלע דערלויבעניש אויף אויפצוזוכן עטלעכע גע־דרוקטע זאַכן מיינע אין אַלטע זשורנאַלן. זיץ איך אין אַ זייט ביי אַ טישל און שרייב איבער.

זיי טוען זיך זייער אַרבעט. מען נעמט יעדעס בוך אין דער האַנט אַריין און מען דינגט זיך, צי דאַרף עס געהערן צו די דערלויבטע אָדער פאַרבאָטענע. די

אויפזועערין אַליין פֿאַרשטייט נישט קיין ייִדיש. מען דאַרף איר זאָגן וועגן דעם מחבר און אינהאַלט פֿון יעדן בוך.

אַ פּרינציפּ איז דאָ, אַז קלאַסיקער ווערן נישט קאָנפֿיסקירט, אַזוי די רוסישע ווי די פּוילישע. מיצקעוויטש, סלאָוואַצקי, שענקעוויטש, רעימאָנט, זשעראָמסקי.

קומט עס צו די ייִדישע מחברים, ווערט אַ שפּאַרעניש — צי חיים נחמן ביאַ־ליק קאָן אויך פֿאַרעכנט ווערן פֿאַר אַ ייִדישן קלאַסיקער. וועגן שלום אַש ווערט בכלל נישט דיסקוטירט. ער איז אַ בולטער פּראָ־פֿאַשיסט, ער האָט אָנגעשריבן די באַקאַנטע טרילאָגיע — מאָסקווע, פּעטערבורג, וואַרשע — אים קאָן מען בכלל נישט נעמען אין באַטראַכט — מעג ער אַפֿילו זיין אַ צענפֿאַכיקער קלאַסיקער.

מען דינגט זיך איבער מאַנגערן. מען איז נישט דעצידירט וואָס צו מאַכן מיט י. פּערלע, מיט נאָך אַ ריי אַנדערע, יונגערע שרייבער. ביי פּרצן אַנטשטייט אַ פֿראַגע, וואָס צו טון מיט זיין בוך, אין וועלכן עס געפֿינט זיך דער פֿעליעטאָן „שרעק און האָפֿענונג". דאָס לעצטע וואָרט האָט די מינסקער אויפזועערין:

— פּרץ איז אַ קלאַסיקער, זיין בעלעטריסטיק וועט מען דורכלאָזן, נאָר זיין פּובליציסטיק, די פֿעליעטאָנען, וועט מען נישט דורכלאָזן. וואָס שייך ביאַליקן — אַזוי ווי מען האָט איר איבערגעגעבן, אַז ער איז נאָך געווען אין רוסלאַנד בעת דער רעוואָלוציע און אַזוי ווי ער איז פֿון דאָרטן אַוועק, איז נישטאָ קיין ספֿק, אַז ער דאַרף אַריין צווישן די קאָנפֿיסקירטע.

זי זאָגט דערביי אַרויס איר מיינונג, אַז אַלע ייִדישע קלאַסיקער זיינען אונטער דער השפּעה פֿון דער רוסישער ליטעראַטור. זיינען דעריבער די ייִדישע קלאַסיקער סיי־ווי נישט קיין פֿולע קלאַסיקער און פֿולן זינען פֿון וואָרט.

שטעלט איר איינער פֿון די דריי געהילפֿן אַ פֿראַגע:

— מיצקעוויטש איז דאָך אויך געווען אונטער דער השפּעה פֿון פּושקינען?

ענטפֿערט זי:

—די פּאָליאַקן קאָנען נישט שטאַרק גערייצט ווערן. באַזונדערס זיינען זיי אַ פֿאָלק אויף זייער אייגענער ערד. אָבער מיט זיי וועלן נאָך זיין אַנדערע, גרעסערע חשבונות...

פֿון דער גרעסטער ייִדישער ביבליאָטעק אין פּוילן, וועלכע האָט געציילט מער ווי איין צענדליק טויזנט ייִדישע ביכער, איז געוואָרן אָפּגעקליבן קוים עטלעכע הונ־דערט ביכער.

די אויפזועערין טרייסט אירע געהילפֿן — מען לייענט שוין איצט סיי־ווי ווייני־קער ייִדישע ביכער. פֿון מאָסקווע דאַרף בקרוב אָנקומען אַ טראַנספּאָרט ייִדישע ביכער.

ביים אַרויסגיין פֿון דאָרטן, ווען איך האָב געוואָרפֿן דעם לעצטן בליק אויף דעם אָפּגעקליבענעם שטויס ביכער, וואָס וועלן מעגן געלייענט ווערן, האָט זיך מיר אויסגעדוכט, אַז אַ סך פֿון די מחברים, דער עיקר — שלום־עליכם — לאָזט אַ־אָפּ איצט אַ פֿאַרשעמטער די אויגן, נעמט אַראָפּ און ווישט אויס זיינע ברילן און שעפּ־טשעט שטיל:

— אוי, דאָ וועט מיר זיין אומעטיק. איך וואָלט וועלן בעסער ליגן צווישן יענע ביכער, די טריפֿהנע. כשרע מענטשן לאַכן נישט..

## קאפיטל ה

מען דאַרף גיין אויף אַ געשיכטע־לעקציע פון דעם קורצן קורס וועגן דער וו. ק. פּ. ב.

עס וועט היינט רעדן וועגן דעם ער אַליין — דער סעקרעטאַר פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין ווייסרוסלאַנד — גערשמאַן.

ער רעדט צו אונז וועגן מאַרקסיזם, לעניניזם, סטאַליניזם. ער רעדט וועגן די זאַכן אַזוי, ווי מען רעדט געוויינלעך פאַר אַ „גרינעם" קרייז ביי אַ יוגנט־אָרגאַניזאַציע — עלעמענטאַר און פּרימיטיוו. אָבער דער טאָן זיינער איז אַזעלכער, ווי עס וואָלט גערעדט אַ פּראָפעסאָר, אַ געלערנטער — וועגן זיינם אַ שפּאָגל־נייער דערפינדונג.

עס איז געווען פּריקרע צו הערן ווי אַזוי מען רעדט פאַר שרייבער, פּובליציסטן, וועלכע האָבן שוין אַליין געשריבן און געדרוקט וועגן סאָציאַל־פּאָליטישע פּראָבלעמען, וועלכע זיינען געווען בקי אין דער קלאַסישער עקאָנאָמיע און סאָציאָלאָגיע, געווען באַקאַנט מיט אַלע שיטות, ריכטונגען אין דער סאָציאַליסטישער און קאָמוניסטישער באַוועגונג.

די פאַרזאַמלטע זיינען געזעסן מוטלאָז, מיט די קעפּ אַראָפּ. מען לערנט מיט זיי פּאָליטישן אלף־בית...

שלמה שיינבערג קאָן זיך מער נישט איינהאַלטן און רעדט ווי צו זיך אַליין, מען זאָל נישט דערקענען, אַז ער רעדט דאָס צו מיר:

— זיי באַטראַכטן דאָך אונז פאַר קליינע ייִנגלעך. זיי מאַכן דאָך פון אונז אַ כל־הנערים. ווי אום שמחת־תורה — דאָס גאַנצע קליינוואַרג אונטער איין טלית.

אָבער גערשמאַן, דער געוועזענער שוסטער און היינטיקער פּאַרטיי־סעקרעטאַר פון דער ווייס־רוסישער רעפּובליק, באַריעט נישט לאַנג וועגן טעאָרעטישע ענינים, ער גייט איבער צו מער קאָנקרעטע פּראָבלעמען:

— איר דאַרפט וויסן זיין, אַז די אַלע שעדלעכע עלעמענטן אין פּוילן, ווי ענדעקעס (רעאַקציאָנערע פּוילישע פּאַרטיי אין פּוילן), חסידים, פּאַשיסטן, ציוניסטן, בונדיסטן און שפּיאָנען, מוזן ווערן אויסגעראָטן! זיי מוזן ווערן אויסגעריסן מיטן וואָרצל! דאַרט, וווּ עס זיינען דאָ באָלשעוויקעס, קאָנען נישט זיין די אַלע פּאַרטייען! זיי טאָרן נישט זיין און וועלן דאָ נישט זיין!

ער דערמאָנט סטאַלינס נאָמען. מיר אַלע שטעלן זיך אויף, ווי געוויינלעך, פון די ערטער און אַפּלאָדירן.

איצט קומט די ריי אויף אונז. מען דאַרף נעמען אַ וואָרט.

דער ערשטער טוט דאָס שלמה שיינבערג.

איך בין אין איין שרעק. ער קאָן נאָך אַרויסזאָגן די זעלבע ווערטער, וואָס ער האָט מיר פריער געזאָגט, דאַן איז דאָך זיין גורל געחתמעט. וועט ער דאָס וואַגן?!

ער הויבט אָן:

— מיר זיינען היינט אויפסניי געוואָרן קליינע ייִנגלעך. אַזוי ווי אַמאָל, שמחת־תורה, פלעגן אונזערע טאַטעס אונז צודעקן מיט אַ טלית און געבן אונז צו קושן די תורה, אַזוי פילן מיר זיך אויך היינט! איר גיט אונז אַ נייע תורה! מיר נעמען

זי אויף מיט דער זעלבער פרייד און התלהבות ווי מיר האָבן אַמאָל אויפגענומען קליינע־הייט יענע תורה! אָבער יענע תורה איז געווען שוין אויף אַ געלן, אָפּגעבליאַ־קעוועטן פּאַרמעט — זי האָט נישט מער קיין לעבנס־האַפּט! די נייע תורה איז אַ תורת־חיים — זי באַשאַפט אַ ניי, שטאָלץ, מענטשלעך לעבן פאַר אַלע פעלקער פון דער וועלט! פאַר אַלע אונטערדריקטע, געיאָגטע און געפּלאָגטע! מיר קושן איצט הייליק אָט־די נייע תורה און שווערן איר געטריישאַפט! מיר זיינען גרייט אַוועקצוגעבן אונזערע לעבנס פאַר דער נייער, ליכטיקער אידעע. זי איז באַקרוינט מיט דעם זשעני פון דעם גרויסן סטאַלין!

מיר האָבן זיך אַלע אויפגעשטעלט און אַפּלאָדירט.

ביים אַרויסגיין האָב איך זיך געסטאַרעט אים אויסצומיידן, נישט זיין נאָענט פון אים, שיינבערגן, ווייל ער וועט זיך אודאי פאַר מיר שעמען.

ער האָט מיך אויף דער גאַס אָנגעיאָגט. די אויגן זיינע האָבן געגליט. דעם קאָפּ האָט ער געהאַלטן פאַרשטעקט אינם קאָלנער פון פּאַלטאָ און געבורטשעט:

— היינע האָט אויך געהאַט צוויי נשמות אין זיין ברוסט.

איך האָב אים נישט אָפּגעענטפערט. האָט ער געפּרוווט מיט אַ וויץ:

— אַמענמי, מימען (אז מען מיז, מוז מען).

איך האָב אויסגעמיטן וועגן דעם צו רעדן און אים געפרעגט:

— וואָס מאַכט אייער בחורל, שוין געזונט? און וואָס איז מיט פּ־נסה?

זיין שטים האָט זיך געבראָכן:

— ווען מיין פרוי צפורה — איר האָט זי דאָך געקענט — איז געשטאָרבן, האָט זי מיר אָנגעזאָגט אירע לעצטע ווערטער: „זאָלסט היטן אונזער איינציק קינד ווי דאָס ווייסל פון דיין אויג!” נו, שוין צוויי וואָכן ווי ער ליגט צו בעט. איבער־ער גאַנצע צייט אים נישט געגעבן קיין ביסל יויך, קיין קריש פלייש.

— איר האָט נאָך אַלץ נישט קיין פּאָסטן?

— ע־שט די מינוט פאַרן אַרויסגיין פון דער פאַרזאַמלונג, איז צו מיר צו־געגאַנגען דער פאַר־יינס־סעקרעטאַר און מיר געמאָלדן, אַז איך ווער באַשטימט אַלס קאָרעקטאָר פון דער ווייס־רוסישער צייטונג ביי די באַן־אַרבעטער.

ער האָט נאָך שטיל צוגעגעבן:

— געדענקסט, זייט נישט דן לכף דין! אל תדין את חב־ך עד שתגיע למקומו!

איך האָב אים נאָך שטילער צוריקגעענטפערט:

— מיין קינד איז קראַנק שוין עטלעכע וואָכן. אַ לאַנגע צייט זיי נישט צינע־שיקט קיין גראָשן. מיין אַרבעט האָב איך געוואָרפן, כאָטש איך קאָן נאָך האָבן דע־פּאַ־ אַ פּ־אָצעס. געאַ־בעט פיר חדשים, באַדאַרפט באַקומען העכער צ־ויי טויזנט ־ובל און באַקומען נאָר דריי הונדערט זלאָטעס, וועלכע זיינען גאָרנישט ווע־ט. מיטן ביסל עסן האַלט מיך אויס מיין ברודער, וואָס פאַרדינט לעצטנס ביים מכחרן אויפן מאַ־ק. איך בין אָן איין גראָשן געלט.

— איז טאַקע שלעכט. איר מוזט זען עפּעס טוען.

— יאָ, עס איז זייער שלעכט. מען וועט מוזן עפּעס אָנהויבן צו טון.

מיר האָבן, נישט אָנקוקנדיק זיך, געזעגנט.

איך בין אַוועק אהיים מיטן באַשלוס מאָרגן אינדערפרי צו גיין זוכן אַ־בעט אין אַ פאַב־יק.

# קאַפּיטל ו

דער העברעיִשער פּאָעט ב. פּאָמעראַנץ האָט אַ לענגערע צייט געטראָגן אַ פינף־עקיקן סאָוויעטישן שטערן אויף זיין פוטערנעם ווינטער־היטל.

עס איז געווען שווער צו באַקומען די שטערנדלעך. איך האָב געהערט: אין פאַרייַן נאָר צוויי אַזעלכע. האָב איך איינס אַוועקגעשיקט מיין טעכטערל און איינס געהאַלטן ביי זיך אין טאַש. פּאָמעראַנץ האָט נישט געקאָנט זיך דערוואַרטן ביז דער פאַרייַן וועט האָבן די שטערנדלעך און ער האָט אַליין ערגעץ באַקומען אַזאַ רויט־געפאַרבטן קופּערנעם, סאָוויעטישן שטערן און אים אַריינגעשטעקט אין זיין פוטערנעם היטל, ווי עס טוען עס די רויטאַרמייער און נאַטשאַלסטווע.

ער האָט אָבער אויך דער ערשטער דעם שטערן צוריק אַראָפּגענומען. פאַרוואָס אַזוי — האָט ער מיר ביז איצט נישט אויסגעזאָגט. איצט, מיינט ער, איז שוין געקומען די צייט און ער קאָן מיר פאַרטרויען דעם סוד.

ער איז אַמאָל צוגעגאַנגען אויף דער גאַס צו אַ רויטאַרמייער און געבעטן ביי יענעם, אַז ער זאָל אים אַוועקשענקען זיין שטערנדל; ער קאָן דאָך לייכט קריגן אַ צווייטס. דער רויטאַרמייער איז גלייך דערויף באַשטאַנען, נאָר געשטעלט דערביי אַ קליינעם באַדינג — ער זאָל אים דערפאַר קויפן אַ ווייסע בולאָטשקע. פּאָמעראַנץ האָט זיך בעת־מעשה צעטומלט, אָבער באַלד האָט ער אַרויסגעכאַפּט אַ רובל, געקויפט אַ ווייס זעמעלע און עס געגעבן דעם רויטאַרמייער. יענער האָט אָפּגעדאַנקט און אַפילו דערלאַנגט די האַנט.

קאָן ער, פּאָמעראַנץ, די גאַנצע צייט זיך נישט באַפרייען פון דעם געפיל, אַז ער טראָגט נישט אין היטל קיין מעטאַלענעם, פינפעקיקן, סאָוויעטישן שטערן — נאָר אַ ווייסע בולאָטשקע.

דאָס געפיל האָט אים אַזוי ווייט דערקוטשעט, אַז ער האָט געמוזט סוף־כל־סוף דעם שטערן אַראָפּנעמען.

אָבער ער האָט איצט מער ערנסטע דאגות. די גאַנצע צייט האָט ער געמאַכט באַמיאונגען, אַז מען זאָל אים געבן אַן אָפיציעלע דערלויבעניש פאַר זיין ווייב און קינד, וועלכע געפינען זיך נאָך אין וואַרשע, זיי זאָלן קאָנען קומען דאָ אהער לעגאַל. אומלעגאַל אַריבערנייַן די גרענעץ איז שוין לעצטנס אוממעגלעך געוואָרן. די סאָוויעטישע גרענעץ־וואַך פאַרהאַלט און אַרעסטירט. מען האָט אים אין די אַמטן, וווּ ער האָט זיך געפּאָרעט, געהאַלטן אין איין צוזאָגן, אָפּגעלייגט פון טאָג צו טאָג און ביז איצט איז נאָך דערפון גאָרנישט געוואָרן.

— אָט דאָס נעמט מיר אַראָפּ דעם קאָפּ. מיין פרוי מיטן פּיצל קינד ביי די דייטשן אין וואַרשע! פאַרוואָס זאָל מען זיי נישט ראַטעווען? און פאַרוואָס זאָל מען נישט ראַטעווען דאָס ביסל יידן, וואָס רייסן זיך דאָ אהערצו? פאַרוואָס זאָל זיי די סאָוויעטישע מאַכט נישט אַריינלאָזן?!

איך האָב נישט געהאַט וואָס צו ענטפערן. עס איז נישט דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך וויים נישט קיין ענטפער. שווער צו קלעטערן אויף די שווינדל־שטיגן פון פּאָליטיק.

**
*

אלע מער מענטשן לויפן צוריק פון רוסלאַנד. די אלע, וועלכע האָבן זיך פאַר־שריבן פריער אויף אַרבעט קיין רוסלאַנד — רייסן זיך דורך אלע וועגן צוריק און קומען אָן.

אין מינסק האָט זיך אָנגעקליבן אַ גרויסער עולם צוריקגעלאָפענע. זיי האָבן שוין געמאַכט דעמאָנסטראַציעס אויף די גאַסן פון מינסק, געגאַנגען אין גרעסערע גרופּן צום דאָרטיקן איספּאָלקאָם, צו דער נ. ק. וו. ד. — עס האָט אָבער נישט גע־האָלפן.

האָבן פּרוּוען מיט זייערע קליינע קינדער זיך אַוועקגעלייגט אין מינסק אויף די טראַמוויי־רעלסן, אָנגעמאַכט ווילדע אוואַנטורעס, געשריגן, אַז זיי ווילן צוריק קיין ביאַליסטאָק, לעמבערג, קאָוועל, לוצק — איז די אַלע שטעט ווו זיי זיינען געקומען אלס פּליטים און דאָרטן זיך פאַרשריבן אויף אַרבעט קיין רוסלאַנד.

אין ביאַליסטאָק האָט מען שוין דערציילט אין די פּאַרטיי־קרייזן, אַז די „פּויליש“ (דאָס הייסט די יידן פון פּוילן) האָבן אין מינסק שוין דורכגעפירט סאַבאָ־טאַזש־אַקטן, אַז זיי האָבן צעשעדיקט דאָרט די עלעקטרישע סטאַנציע, אַז זיי זיינען אפילו אין מיטן העלן טאָג באַפאַלן אַ באַנק און צוגערויבט געלט; אַז פּערציק מענטשן פון די „פּוילישע“ סאַבאָטאַזשניקעס האָט מען שוין געכאַפּט און דער־שאָסן.

זיינען פאַריבער עטלעכע טעג, האָט מען שוין אין די זעלבע פּאַרטיי־קרייזן אָנגעזאָגט, אַז מען זאָל אין גאַס אָפּלייקענען די פריערדיקע ידיעות — קיינער איז נישט באַפאַלן קיין באַנק און מען האָט קיינעם נישט געשאָסן.

**
*

אויף דעם וואָקזאַל און אַרום דעם וואָקזאַל אין מינסק ליגן עטלעכע הונדערט יידן, צוריקגעלאָפענע פון ווייטן רוסלאַנד, צומיינסטנס פון אוראַל.

קומט אָן אויפן וואָקזאַל די ידיעה, אַז דורך קיעוו קאָן מען יאָ צוריספּאָרן, אַז דאָרטן מאַכט מען נישט קיין שום שטערונגען. די באַנען פון מינסק קיין קיעוו זיינען גלייך פול געוואָרן מיט נייע פּליטים — אַלע איז אַוועק אויף קיעוו.

באַלד איז דערגאַנגען אויך די ידיעה קיין טיף רוסלאַנד און אלע האָבן זיך גענומען דערשלאָגן קיין קיעוו.

האָבן אויף די וואָקזאַלן אין קיעוו זיך שוין אָנגעזאַמלט טויזנטער צוריקגע־לאָפענע. אלע האָבן געוואַרט אויף צו קאָנען זיך אַריינבאַקומען אין צוג אויף סאַרני, לוואָוו, לוצק, קאָוועל. פון די שטעט זיינען טייל אָנגעקומען אין ביאַליסטאָק.

דער היגער „קאָמפּאָביעזש“ (קאָמיטעט צו העלפן די פּליטים) האָט אַרויס־געהאָנגען אַ געשריבענע מעלדונג, אַז אַלע צוריקגעקומענע פון רוסלאַנד זאָלן קומען צו זיי זיך מעלדן. זיי וועלן באַקומען עסן, אַ געוויסע סומע געלט און וועלן איינ־געאָרדנט אויף אַרבעט דאָ אויפן אָרט.

העכער 200 צוריקגעלאָפענע זיינען אין איין טאָג זיך אַוועק מעלדן אין דעם קאָמיטעט. אָבער נאָך אײדער זיי האָבן פאַרענדיקט עסן, זיינען אָפּגעשלאָסן געוואָרן אַלע טירן, עס זיינען אָנגעקומען לאַסט־אויטאָס מיט ענקאַוועדיסטן, מען איז אַרײַן

אין זאל. צוגענומען ביי זיי די דאָקומענטן, ארויפגעזעצט אויף די לאַסט־אויטאָס און אָפּגעפירט אין אַ־עסט.

נאָר עטלעכע איז געלונגען ארויסצושפּרינגען דורכן פענצטער און אַנטלויפן.

די, וועלכע זיינען אָנגעקומען צו פאָרן שוין נאָך דעם פאַל, האָבן קודם שנעל פון זיך אראָפּגעוואָרפן די רוסישע פופייקעס און גלייך אַוועק ווייטער פון ביאַ־ליסטאָק — צו דער גרענעץ! קיין פּוילן — ווו עס הערשן די דייטשן!!

האָט מען אין טייל שטעט שוין אָנגעהויבן כאַפּן אלע „פּוילישע" פּליטים, די אַלע, וועלכע האָבן נישט געאַרבעט. מען האָט זיי אַריינגעזעצט אין לאַסט־וואַ־גאָנען און אַוועקגעשיקט אין טיף־רוסלאַנד.

איצט איז מען ערשט געוואויר געוואָרן, אַז שוין פון דעצעמבער 1939 אָן האָט מען שוין אין טייל שטעט — ראָוונע, וואָלקאָוויסק, לידע — געכאַפּט אַ סך פון די פּליטים און זיי אָפּגעשיקט קיין רוסלאַנד.

די אַלע, וועלכע מען האָט פאַרהאַלטן אין קאָמיטעט, האָט מען נישט צוריק־געשיקט אויף די פריערדיקע ערטער, ווו זיי האָבן געאַרבעט אין רוסלאַנד, נאָר דאָס גערירכט אין מאָסקווע האָט זיי אונטער די אויגן פאַרמשפּט און יעדן פון זיי צוגע־שיקט אין אַ־עסט אַ פּאַרטיקן אורטייל — ווועמען דריי, וועמען פינף, אכט און אַפילו צען יאָר טורמע. דאָס קריגן זיי: פאַר אַנטלויפן פון דער אַרבעט; פאַר אַריבערגיין אומלעגאַל די גרענעץ פון פּוילן (דורך די טייכן בוג און סאַן) אויף דער סאָוויעטישער טעריטאָריע (אַלע אַנטלאָפענע פון ווארשע, לאָדזש, קעלץ און אַרי־בערגעקומענע קיין לוואָוו, ראָוונע, ביאַליסטאָק, אין אַלע איצט פאַרנומענע שטחים דורך די סאָוויעטן, אָט די אַלע האָבן זיך גערעכנט פאַר אומלעגאַל אריבערגעקומע־נע. כאָטש די גרענעץ־וואַך האָט זיי דורכגעלאָזן); פאַר פאַרשפּרייטן גרויל־ידיעות וועגן די באַדינגונגען אין רוסלאַנד — פאַר אָט די אַלע חטאים זיינען זיי פאַרמשפּט געוואָרן.

האָט זיך דעריבער אָנגעהויבן פאַרשטאַרקן דאָס צוריקלויפן אינם דייטשישן פּוילן.

עס האָבן זיך שוין אויסגעפונען אַזעלכע עדות, וועלכע האָבן געוווסט צו דערציילן, אַז דאָרטן אין פּוילן איז שוין גאָר־נישט אַזוי שלעכט. אַז די כוואַליע פון רדיפות. מאָרדן, דערשיסונגען איז שוין אַריבער, אַז די דייטשן האָבן זיך שוין אָנגע־זעטיקט מיטן יידיש בלוט און איצט נעמען זיי שוין גערן כאַבאַר און מען קאָן מיט זיי דורכקומען. אַז מען אַרבעט, האַנדלט, עס איז דאָ צו עסן. מען פּראַוועט אַפילו חתונות.

אַ סך פרויען, וועלכע זיינען דאָרטן פאַרבליבן אינדערהיים, ס'רוב מיט קליינע קינדער, שרייבן דאָ אהער בריוולעך צו די מענער, אַז זיי זאָלן אומבאַדינגט שוין צוריקקומען. זיי שיקן אַפילו מיט פון דאָרטן גרייטע, קריסטלעכע גרענעץ־שוואַר־צער, וועלכע ווייסן און קענען גוט די וועגן און זיי וועלן זיי שוין דערפירן ביז וואַרשע, ביז צו דער היים.

אין דער ערגסטער נויט, אין דער שווערסטער און געפערלעכסטער לאַגע, ווילן די פרויען שטענדיק האָבן זייערע מענער נעבן זיך. און עס געפינען זיך אַ סך מענער מיט שוואַכע כאַראַקטערן, וועלכע קאָנען נישט ביישטיין דעם נסיון, הערן זיך צו צום רוף פון זייערע פרויען און קינדער און גייען צוריק אהיים, כאָטש פון

דער היים קאָן ווערן אַ קבר. די ווערטער — „קינד", „פרוי", „היים" — האָבן זיך זייער רייז, ווער שמועסט נאָך דעמלט, ווען די פרעמד ווערט וואָס אַמאָל שווערער און שווערער.

## קאַפּיטל ז

כדי צו באַקומען ברויט קומט שוין אויס אָפּצושטיין אַ גאַנצע ווינטער־נאַכט אין אָטשערעד. מען דאַרף שוין שטיין אין אָטשערעד אויף צו באַקומען זייף, צוקער, מעל, מאַנופאַקטור. די פּריוואַטע קראָמען שליסן זיך. מען דאַרף שוין אַפילו אָפּשטיין צוויי שעה אויף צו באַקומען אַ היים גלאָז טיי אין רעסטאָראַן. דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן ווערט שטרענגער און האַרטער.

די היגע איינוווינער קלאָגן זיך, אַז די אָנגעפּאָרענע באַאַמטע פון רוסלאַנד האָבן שוין אַלץ אויסגעקויפט. אַז יעדער קומט דאָ אַהער מיט ליידיקע טשעמאָ־דאַנעס און פירט צוריק פולע, אָנגעפּאַקטע. אַז די מאַכט אַליין פירט אויך ארויס פונדאַנען גאַנצע וואַגאָנען מיט שפּייז, סחורה, מאַשינען.

די רוסישע באַאַמטע ווידער רימען זיך, אַז זיי ברענגען דאָ אַהער צופירן גאַנצע וואַגאָנעס מיט צוקער, נאַפט, מאַנופאַקטור, נאָר די פּוילישע פּאַרטיזאַנען, וועלכע געפינען זיך נאָך אין די וועלדער — באַפאַלן די ציגן, רויבן אַלץ אויס, באַגיסן דעם צוקער מיט נאַפט. דעריבער איז אַזאַ מאַנגל אין פּראָדוקטן. אָבער דאָס — זאָגן זיי — איז נאָר צייטווייליק.

לצים לאָזן שוין קורסירן וויצן:

— נאָך וואָס טויג מיר דער בוכשטאַב „מ" אין דער רוסישער שפּראַך? אַז עס איז נישטאָ קיין מ א ס ל אָ (פּוטער), מ י ל אָ (זייף), מ י א ס אָ (פליייש), מ א ל אָ ק אָ (מילך), מ אַ נ ו פ אַ ק ט ו ר א — איז צוליב איין מ אַ כ אָ ר ק ע לוינט צו האָבן דעם „מ"?

בעסערט דער צווייטער אויס:

— אַ טעות, ברודערל, קיין מאַכאָרקע איז שוין אויך נישטאָ!

דער עולם נעמט זיך שוין וואָס אַמאָל מער שפּייזן אין טרייסטן מיט עפּיזאָדן, קוריאָזן, וויצן. האָט שוין יעדער איינער עפּעס פּריילעכעס צו דערציילן:

— אַ רוסישער פרעגט ביי אַ ביאַליסטאָקער, צי פאַר דער מלחמה, אין די פּוילישע צייטן, האָט מען געקאָנט קריגן מער ווי איין פּאָר שיך דורכן יאָר. ענט־פערט אָפּ דער היגער:

— ביי אונז האָט מען געקאָנט קויפן שיך וויפל מען וויל. אויף יעדער גאַס זיינען געווען עטלעכע מאַגאַזינען מיט שיך.

פרעגט יענער:

— האָט מען, הייסט עס, אין יעדן מאַגאַזין געקאָנט קויפן אַ פּאָר שיך?

ענטפערט דער היגער:

— נאָך וואָס קויפן אין יעדן מאַגאַזין? אַז אין איין מאַגאַזין האָט איר געקאָנט קויפן דריי און אַפילו פינף פּאָר שיך אויף אַמאָל. און אויב מען קויפט עטלעכע מיטאַמאָל — רעכנט מען נאָך ביליקער.

שרייט שוין דער רוסישער אויס מיט כעס:

— ווריאָש! (זאָגסט ליגן!) איר אַלע דאָ זאָגט נאָלע ליגנס! איר באַרימט זיך!

ווען איר האָט געזאָגט, אַז מען קאָן קויפן עטלעכע פּאָר שיך אויף אַמאָל, האָב איך אייך שוין שיער נישט געגלויבט. נאָר אַז איר זאָגט שוין, אַז מען האָט נאָך צוליב דעם געדעכנט ביליקער! — אָ, ניין, אַזעלכע אידיאָטן זיינען מיר שוין נישט אייך דאָס צו גלויבן! איר זענט אַלע ווי איינער — ליגנערס!

האָט שוין אַ צווייטער געגומען דערציילן וועגן דעם באַרימטן „או נאָס ווסיאָ יעסט" (ביי אונז איז אַלץ פאַראַן). אַז מען האָט געשמועסט מיט אַ רויטאַרמייער און יענער האָט כסדר אָפּגעענטפערט: „או נאָס ווסיאָ יעסט!" איז שוין דער ייד אין כעס געוואָרן און אים אַ פרעג געגעבן:

— אַ צאָרעס או וואַס טאָזשע יעסט? (און צרות זיינען ביי אייך אויך פאַראַן?), זאָל יענער האָבן אָפּגעענטפערט:

— יעסט, אי או וואַס טאָזשע בודיעט! (פאַראַן, און ביי אייך וועט עס אויך זיין!).

עס זאָל האָבן געווען אַ יידישער רויטאַרמייער.

אַן אַלטע פרוי שווערט זיך, ווי זי האָט געהערט פון אַ זעלנער, מיט אַן איידל יידיש פּנים, ווען זי האָט אים געפרעגט וועגן לעבן דאָרטן, פאָלגנדיקן ענטפער:

— או נאָס טויהו וועוואָיהו (תוהו ובוהו).

און ער איז שנעל פון איר אַוועק.

דער־ציילט אַ דריטער, ווי אַזוי ער האָט ביי זיך אין שטוב געהאַט אַ נעבוני־דענעם קאָמפּלעט „פאָלקסצייטונג" פאַרן יאָר 1938. האָט ער אים איצט מוזא געהאַט צו האַלטן אין שטוב און אים אריינגעטראָגן צו זיך אין קלאָזעטל, כדי עס צו נוצן אויף פּאַפּיר. ביי אים האָט פאַרנומען אַ צימער אַ בוכהאַלטער פון מינסק. איז ער דאָס ערשטע מאָל אַריין ביינאַכט אין קלאָזעט, איז ער שוין דאָרט אָפּגעזעסן אַ גאַנצע נאַכט און נישט אַרויס. איז ער — דער באַלעבאָס פון הויז — אַראָפּ פון בעט, צו צום פענצטערל פון קלאָזעט און דאָרט אַריינגעקוקט, האָט ער דער־זען, ווי דער בוכהאַלטער זיצט און לייענט.

דאָס האָט זיך אַזוי איבער־געחזרט יעדע נאַכט, אַ גאַנצע וואָך. דער בוכ־האַלטער איז אַרומגעגאַנגען אַ מידער, נישט אויסגעשלאָפענער, און ער־שט זונטיק אַ גאַנצן טאָג געשלאָפן!

נאָכן אָפּווינען עטלעכע וואָכן, האָט יענער באַקומען אַביסל צוטרוי צו אים, און איינמאָל אַזוי אומבאַמערקט שנעל געזאָגט:

— איך פאַרשטיי שוין איצט גאָרנישט. אָדער אייער פּוילישע רעגירונג איז געווען משוגע, אָדער איך בין משוגע. וואָס הייסט דאָס, אַז די רעגירונג לאָזט דער־שיינען אַ צייטונג, וועלכע קריטיקירט די באַשלוסן פון דער רעגירונג? אַ צייטונג, וועלכע חוזקט אָפּ פון דער רעגירונג, באַקעמפט זי? און די רעדאַקטאָרן און די שרייבער ווערן נישט דער־שאָסן?! ניין, דאָס איז עפּעס נישט קיין גלאַטיקער ענין. דאָ מוז עפּעס זיין אַ טעות!

די צוריקגעקומענע פון רוסלאַנד, די געוועזענע סאָציאַליסטן און קאָמוניסטן, האָבן געהאַט זייער בינטל וויצן:

— סקלאַרקאָווסקי און נ־אַבאָווסקי (דער אינער־ן־מיניסטער און דער יוסטיץ־מיניסטער ביי דער פּוילישער רעגירונג פאַר דער מלחמה), זיינען געווען אידיאָטן! נאָכוואָס האָבן זיי באַראַבּט שיקן די קאָמוניסטן אין די תפיסות און אין לאַגער

קאַרטוז־בערעזע? איז דען נישט בעסער געווען זיי אַריבערצוּוואַרפן אויף דער סאָוויעטישער זייט?! דאָ איז אַ וווּנדערבאַרע סאַנאַטאָריע פון קאָמוניזם! מען ווערט פון איר אויסגעהיילט איינס און צוויי! ווי דורך אַ בישוף־שפּרוך.

האָט דער עולם, צווישן זיך, שוין נישט באַנוצט דאָס וואָרט רוסלאַנד, נאָר סאַנאַטאָריע?

— ווי אַזוי איז דיר געגאַנגען אין דער סאַנאַטאָריע?

***

דער אַרטיסט זישע קאַץ, וועלכער איז צוויי וואָכן פאַר דער מלחמה צוריק־געקומען קיין פּוילן פון אַרטיסטישן טורנע אין אַמעריקע, איז אַריבערגעקומען מיט דעם עלטערן זון זיינעם. די פרוי מיט דעם יונגערן זון האָט ער געלאָזן אין וואַרשע. דער זון איז דאָ לאַנג נישט געווען. ער האָט זיך פאַרשריבן אויף אַ־בעט קיין רוסלאַנד און באַלד אַוועק.

איצט קומען פון אים כסדר אָן אַליאַ־ם־בריוו. דער טאַטע זאָל אַלץ טון און אים צוריק אַראָפּנעמען. אַליין אַוועק פון דער אַרבעט — קאָן ער נישט. ער איז אין אוראַל. אין די בריוו שרייבט ער אויף אַ פאַרשטעלטן לשון, אַז פליישמאַן און פּוטערמאַן ליגן צו־בעט און מען זעט זיי שוין נישט אויף דער ליבטיקער שיין. אַז ער וווינט אין איין שטיבל מיט הונגערמאַן, אַז ער קרענקט אויף די לונגען, אַרבעט שווער, און אויב ער וועט דאָ פאַרבלייבן, וועט ער זיך בקרוב זען מיטן זיידן (וועלכער איז שוין געשטאָרבן). אַז דער טאַטע זאָל עפּעס טאָן פאַר אים, כדי זיך צו זען מיט אים, דאָס הייסט אים צוריקברענגען קיין ביאַליסטאָק.

האָט זישע קאַץ געשיקט אַ טעלעגראַמע צום דירעקטאָר פון יענער פאַבריק, אַז די מאַמע איז דאָ שטערבלעך קראַנק און וויל זיך זען מיט איר זון. האָט עס נישט געהאָלפן, האָט ער נאָך אַמאָל טעלעגראַפירט, אַז אויך דער טאַטע איז חרוב, אַז דער זון זאָל דרינגענד קומען צופאָרן אויף עטלעכע טעג. ער האָט געשיקט איין טעלעגראַמע נאָך דער צווייטער און געפּועלט — דער זון איז צוריקגעקומען קיין ביאַליסטאָק.

מיר זיינען אָפּגעזעסן מיט אים אַ גאַנצן אָוונט און ער האָט געהאַלטן אין איין דער־ציילן שטוינענדיקע און גרוילעכע פאַקטן.

איך האָב אָבער פאַ־ט נישט פאַרשטאַנען און באַנומען ווי אַזוי דאָס אַלץ קאָן געשען. קיין ליגנס, דאָב איך געזען, זאָגט ער נישט, ווייל דאָס זעלבע האָבן דער־ציילט אַלע הונדער־טער צוריקגעקומענע פון דאָ־טן. נאָר אַ פאַקט אַליין זאָגט נאָך נישט אַלץ. דעסטאָ מער, ווען מען לעבט עס אַליין נישט איבער. ווייל לייענען איז נישט דאָס זעלבע וואָס אַליין הער־ן; הער־ן איז נישט דאָס זעלבע וואָס אַליין זען, און זען אפילו איז נאָך נישט דאָס זעלבע וואָס אַליין איבע־לעבן.

## קאַפּיטל ה

איז מיר אַריין אין דער מחשבה — אַז מען דאַרף אַליין דאָס זען, מען דאַרף אַליין דאָס אַלץ איבערלעבן.

קיין ארבעט האָב איך נאָך סיי־ווי אַלץ נישט געקראָגן. איך בין איינמאָל רעד־קאָמענדירט געוואָרן דורך דער אַרבעט־פאַרמיטלונגס־ביוראָ אַלס רעבנפירער אין אַ פאַבריק.

געקומען אַהין מיט דעם צעטל, האָב איך זיך באַדאַרפט אוועקזעצן אויפן אָרט, אָנשרייבן אַ ווענדונג צום דירעקטאָר פון פאַבריק און אויך אָנשרייבן, ווי עס פירט זיך דאָ — אַן אויטאָביאָגראַפיע.

איך האָב דאָס אַלץ אָנגעשריבן. די סעקרעטאַרין איז אַריין צום דירעקטאָר. עס האָט נישט געדויערט קיין פינף מינוט, גאַנץ־שנעל, און זי איז צוריקגעקומען מיט — אַן אָפּזאָג. זי גיט מיר צוריק די פּאַפּירן. איך פרעג די סיבה פון אָפּזאָג, וואָס איז דער מאָטיוו? זי ענטפערט:

— איר האָט נישט קיין דייטלעכע האַנטשריפט.

איך בין אַרויס אַביסל פאַרשעמט און דערשלאָגן. דאָס איז אוודאי דערפאַר, האָב איך געטראַכט, וואָס איך האָב נישט קיין העגטשקעס. די פינגער זיינען מיר געפרוירן, איז דעריבער די האַנטשריפט מסתמא אַרויס נישט קיין גענוג דייטלעכע. אָבער צוריקגעשמועסט: פּונקט יאָר האָב איך אויסגעפירט ביוראָ־אַרבעט און שטענדיק איז מיין האַנטשריפט געווען אַ דייטלעכע, אפילו אַ שיינע, טאָ וואָס האָט זיך עס פּלוצים אַזוי געביטן? איך קוק איבער מיינע פּאַפּירן און זע, אַז אַלץ איז פונדעסטוועגן גענוג דייטלעך.

אין שטוב האָב איך נאָכאַמאָל איבערגעקוקט מיין ווענדונג און אויטאָביאָגראַפיע. אפשר איז דאָרטן עפּעס נישט ריכטיק אָנגעגעבן? און אָט האָב איך געפונען דאָרט אַ וואָרט, וואָס איז געוואָרן שוין אונטערגעשטראָכן דורך וועמען אַנדערש, מסתמא פונם דירעקטאָר אַליין. דאָס אונטערגעשטראָכענע וואָרט איז געווען — „פּ ו ע ל י צ י ו ן".

אַזוי ווי אין אַלע אויטאָביאָגראַפיעס, דאַרף מען קודם כל אָנגעבן די אַמאָליקע פּאַרטיי־אָנגעהעריקייט — האָב איך אויך דאָ אָנגעשריבן, אַז ביזן יאָר 1926 האָב איך געהערט צו דער פּאַרטיי לינקע „פּועלי ציון". אָט־אָ דאָס וואָרט איז געוואָרן אונטערגעשטראָכן דורכן דירעקטאָר.

אַזוי, אַז נישט די האַנטשריפט מיינע איז געווען די סיבה פונם אָפּזאָג, נאָר די פּאַרטיי־שריפט.

***

עס איז געקומען פון מינסק דער בוכהאַלטער פון „ליטפּאַנד" און מיך געדראָט, אַז אויב איך וועל תיכף צוריק נישט איבערנעמען די אַרבעט, וועט מען מיך איינזעצן. איך מוז די אַרבעט צוריקנעמען. געלט וועל איך סוף־כל־סוף באַקומען, איז נאָך אַ וואָך, צוויי, איך מעג מיר דערווייל באָרגן געלט ביי מיינע פריינט.

מיט דעם בוכהאַלטער איז מיטגעקומען נאָך איינער, אַ ייד, אַ וואַרשעווער, וועלכער איז געווען אין רוסלאַנד נאָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אָן. ווען איך האָב זיך געזעגנט מיטן בוכהאַלטער, האָט זיך דער צווייטער, זיין באַקאַנטער, אויך מיט אים געזעגנט און אוועק מיט מיר. ער וויל — זאָגט ער דעם בוכהאַלטער — זיך אויספרעגן ביי מיר וועגן זיינע קרובים אין וואַרשע.

דער ייד רעדט צו מיר שעפּטשענדיק און קוקט כסדר אַרום זיך:

— ערשטנס, טאָמער שטעלט אונז וועד פון „יענע" אָפּ און פרעגט וועגן וואָס מיר רעדן, זאָלט איר זאָגן, אַז איך פרעג זיך ביי אייך אויס ווו מען קאָן דאָ קריגן אַ גוטן מיטאָג אָפּצועסן. און איצט צו אונזער ענין. קודם, די ארבעט ביי זיי זאָלט איר צוריק נישט אָננעמען. ער וועט אייך קיינמאָל נישט באַצאָלן. אייער לוין האָבן שוין לאַנג אַוודאי אָפּגענומען דער דירעקטאָר און בוכהאַלטער. איך קען זיי גוט. מיין שוואָגער האָט ביי זיי געאַרבעט אויף אַזאַ אמט העבער אַ האַלב יאָר און קיין איין גראָשן לוין פון זיי נישט באַקומען. אייך דאָ וועט מען נאָך דערפאַר נישט באַשטראָפן. ביי אונז וואָלט איר שוין אַוועק אין קרימינאַל אריין. ביי אייך דאָ האָט מען נאָכנישט איינגעפירט אַלע אונזערע געזעצן, מען וויל אייך דערווייל איינעמען מיט גוטן.

— צי קאָן איך זיי נישט אָנקלאָגן אין ארבעטס־געריכט? אויפמאָנען מיין לוין דורך אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַריין? איך האָב דאָך געאַרבעט פיר חדשים, עס איז דאָך מיין ארבעטס־לוין, איך האָב צעריסן אַ פּאָר שיך, זיך אָנגעבאָרגט געלט. וואָס הייסט זיי וועלן מיר נישט באַצאָלן?

— פּראָפעסיאָנעלער פאַריין?.. ארבעטס־געריכט? איר זענט נישט ביי די קלאָרע געדאַנקען, מיין ליבער. וואָס מיינט איר, אַז איר זענט אין קאַפּיטאַליסטישן פּוילן? באַלעבאָס איז דער דירעקטאָר. זיין וואָרט איז אַלץ, כאָטש ביי אונז זאָגט מען, אַז דאָס וואָרט פון אַ דירעקטאָר און דאָס בילן פון אַ הונט איז גלייך. אָבער נאָר ווען עס האנדלט זיך ביים צוזאָגן דעם אָנגעשטעלטן, דעם ארבעטער.

— אָבער וואָס רעדט איר? דאָרט דאַרף מען דאָך קודם כל, אָפּהיטן די אינטערעסן פון די ארבעטנדיקע.

— הערט אויס, פעטער, מיין רעדן צו אייך וועט זיין טערקיש לשון. איר וועט מיך נישט פאַרשטיין. שוין 23 יאָר ווי מיר האָבן אויפגעהערט עפּעס צו פאַרשטיין.

— די גאַנצע 23 יאָר?

— איז 16 יאָר. זייט לעגין איז געשטאָרבן. נאָר לאָמיר נישט רעדן קיין איבעריקע רייד. עס קאָן שאַדן צום געזונט. דערווייל האָב איך הנאה צו קוקן אויף אייער שיינעם ביאַליסטאָק. דאָ איז אַזוי לעבעדיק, אַזוי מחיהדיק, מען קליידט זיך עלעגאַנט, מען קריגט נאָך צוביסלעך אין די מאַגאַזינען. איר וואָלט באַדאַרפט זיין ביי אונז אין מינסק, וואָלט איר געזען.

זעט אויס, אַז דער מיטשמועסער האָט פאַרט גערעדט מיט מיר אַביסל צו הויך, ווייל אַ היגער ייד האָט אונטערגעהערט די לעצטע ווערטער און מיט שטוינונג אונז איבערגעפרעגט:

— איז ביאַליסטאָק נאָך שענער פון מינסק? קריגט מען נאָך דאָ מער אין די מאַגאַזינען ווי דאָרטן?

מיינער האָט זיך אין דער ערשטער מינוט פאַרלוירן, אָבער גלייך אָפּגעענטפערט:

— איר זענט אַ ייד אַ משודאק! אַ פאַרגלייך! ווי קומט ביאַליסטאָק צו מינסק? דאָ ביי אייך איז דאָך אַ טויטע שטאָט, מען קריגט גאָרנישט. ביי אונז אין מינסק, דאָרטן באַקומט איר אַלץ צו קויפן. אַ פּרעכטיקע שטאָט מינסק. מען קליידט זיך עלעגאַנט. אַ פאַרגלייך. שוין איינמאָל אַ פאַרגלייך!

יענער איז אוועק. מיין מיטשמועסער האָט מיך גענומען אונטערן אָרעם, אַריין אין אַ זייטיק געסל און מיך אַריינגעפירט אין אַ פּריוואַטער יידישער גאָרקיך.

דעם אַדרעס דאָ אַהער האָט אים געגעבן דער בובהאַלטער.

דאָ האָט מען געגעסן ביי פאַרהאַנגענע פענצטער און איינער פון די שטוב־מענטשן איז געשטאַנען פאַר דער טיר און אַכטונג געגעבן.

ער האָט אַריינגעלאָזט נאָר היימישע מענטשן און רעקאָמענדירטע געסט.

מיין מינסקער לאָזט מיך נישט אָפּ. נאָר איך זאָל מיט אים דאָ אָפּעסן אַ מיטאָג. ער שטעלט אַוועק אַ פלעשל בראָנפן און טרינקט אויס מיט מיר די ערשטע כוסה. ער בויגט זיך צו מיר צו גאַנץ נאָענט און שעפּטשעט:

— איך ווייס נישט פאַרוואָס, נאָר איך האָב צו אייך צוטרוי. אייערע יידן דאָ זיינען בכלל אַנדערע ווי ביי אונז. הערט־זשע אויס מיט קאָפּ. איך וויל ביי אייך עפּעס פרעגן. וועט איר וויסן מיר צו ענטפערן, איז גוט. נאָר טאָמער נישט — זאָלט איר גלייך פאַרגעסן וואָס איך האָב אייך געפרעגט. האָבן מיר דאַן גאָרנישט גערעדט — אַ קבר, באַגראָבן.

איך האָב אים אָנגעקוקט. ער וויל מיך אודאי פרעגן אויף אַדרעסן פון פּריוואַטע סוחרים, וווּ מען קען איינקויפן מאַנופאַקטור, גאַלאַנטעריע. אָבער איך האָב וועגן אַזעלכע אַדרעסן נישט געוווּסט, און ווען אַפילו איך ווייס יאָ, וואָלט איך אים אויך נישט געזאָגט, ווייל אָפט גייען אַזעלכע אַריין עפּעס קויפן, קלויבן אָפּ די סחורה, באַלד נעמען זיי אַרויס עפּעס אַ צייכן פון טאַש, אַ פּאַפּירל, באַווייזן זייער אָנגעהעריקייט צו דער געהיים־פּאָליציי, אָדער אויף אַן אַנדער ענלעכן אַמט. עס קומען נאָך באַגלייטער און מען קאָנפיסקירט די גאַנצע סחורה. אין בעסטן פאַל, טיילן זיי זיך מיטן סוחר — אים אַ העלפט און זיי אַ העלפט. זיי גיבן נישט אַרויס דערויף קיין שום דאָקומענט. דאָס הייסט, אַז זיי נעמען עס צו פאַר זיך אַליין.

אָבער ער מיינט נישט דאָס. ער זאָגט שטיל און דייטלעך:

— איך וויל, אַז איר זאָלט מיר זאָגן ווו מען קאָן קריגן אַ גרענעץ־שוואַרצער, ער זאָל מיך אַריבערפירן קיין וואַרשע.

— איר ווילט צו די דייטשן?

— יאָ, צו די דייטשן! זאָל זיין צום טייוול אַליין. איך קאָן נישט מער! איך קאָן נישט מער! 23 יאָר חלום איך שוין וועגן אַנטלויפן פונדאַנען! איך האָב געקראָגן אין מינסק אַ קאָמאַנדיראָווקע אויף 10 טעג, אויף איינקויפן דאָ מעדיקאַמענטן. איצט איז געקומען די צייט. דאָס איז דער איינציקער שאַנס אין מיין לעבן!

— איר וועט דאַרפן אַריין אין געטאָ! מען וועט אייך נעמען אויף צוואַנגס־אַרבעט און ביי דער מינדעסטער קליינינקייט — וועט איר דערשאָסן!

— גוט, גוט, איך ווייס וועגן דעם! זאָגט מיר נאָר, צי איר ווייסט דעם וועג און אַ „שוואַרצער”.

איך האָב שוין דאָס מיטאָג נישט געגעסן. איך זאָג אַ תירוץ, אַז איך מוז שוין אַוועקגיין. וועגן אַ וועג און אַ גרענעץ־שוואַרצער ווייס איך נישט.

ער האָט מיך נישט אָפּגעלאָזן.

— וווהין גייט איר שוין? וואָס איילט איר זיך?

ער איז בלייך געוואָרן און זיך געטרייסלט. איך האָב זיך געכאַפּט, אַז ער מיינט

אוודאי, אז איך ניי אים נלייך מסרן. ביז איך שוין נעזעסן מיט אים ביז ער האָט אָפּגעגעסן. ארויסגעגאַנגען מיט אים, האָב איך אים באַרואיקט, אז ער זאָל נישט קיין מורא האָבן פאר מיר. איך האָב אים אָפּגערעדט פון גיין קיין ווארשע.

ער איז אוועק פון מיר מיט די ווערטער:

— ווען איר וואָלט געווען אויף מיין אָרט, וואָלט איר מיך שוין גוט פאַר־שטאַנען.

## קאַפּיטל ט

א סך פון די פּוילישע יידן האָבן מאסנווייז גענומען „שווארצן" די ג־ענעץ קיין פּוילן. מען האָט געצאָלט ג־ויסע סומען. מען האָט פון זיך אלץ א־אָפּפאר־קויפט און אוועק צופוס, אָדער מיט פּויערישע וועגעלעך — צו דער גרענעץ.

דאָס צוריקלויפן איז נאָך געשען צוליב דעם, וואָס עס איז א־ויס א קלאַנג, אז אלע אריבערגעקומענע פּליטים וועט מען פארשיקן קיין טיף־רוסלאַנד, מען וועט קיין איינאונאיינציקן נישט איבערלאָזן דאָ אויפן אָרט.

אין פאריין פון די שרייבער, איז יעדן טאָג צוגעקומען עפּעס נייעס, יעדעס מאָל א ניי געשעעניש.

בונעם העלער, דער לייטער פון דער ליטעראַרישער אָפּטיילונג ביים „ביאַליס־טאָקער שטערן", איז געוואָרן אראָפּגענומען פון זיין אמט.

אין א צייט ארום איז שולמאַן, דער רעדאַקטאָר פון דער צייטונג, געוואָרן אראָפּגענומען פון זיין אמט און באַשטימט אלס לייטער פון א פיש־מאַגאַזין. ש. ב. האָט באַקומען אן אומזיסטן בילעט אויף צוויי וואָכן אין א ספּעציעלן קוראָרט פאר די שרייבער הינטער מינסק.

מ. בורשטין האָט געקראָגן א דערלויבעניש צו פאָרן אויף 10 טעג קיין מאָסקווע.

יוסף רובינשטיין איז באַשטימט געוואָרן אלס פארוואלטער פון שרייבער־הויז.

עמיאָט ווערט דער־הויבן פון טאָג צו טאָג.

אין דער צייטונג ווערן געדרוקט ווענדונגען, רעזאָלוציעס, באַגריסונגען — אונ־טע־געשריבן דורך די שרייבער. דאָס מאַכט שוין דער סעקרעטאַר פון פאַ־יין אליין. ע־ שרייבט אונטער פאר אלעמען. זעט איר זיך אין צייטונג צווישן די אונטער־געשריבענע, ווייסט איר, אז איר האלט זיך נאָך, איר געהער־ט נאָך צו די „כשרע". די, וועלכע ט־עפּן שוין נישט זייע־ע נעמען אונטערגעשריבן, איז שוין פאַר זיי קלאָר, אז מיט זיי דארף שוין עפּעס געשען.

*****

דער באַקאַנטער פּ־יילעבער רעוויי־ארטיסט ד. האָט געהאַט א שטאַ־קן דורכ־פאַל. ער ציטערט, אז יעדע מינוט קאָן מיט אים געשען „דאָס ־יכטיקע". ע־ האָט אויף אַן אויפטריט אין טעאַטע־, אין זיינעם א סקעטש „אבריוו קיין פּוילן", עטלעכע מאָל אונטע־געשטראָכן די ווע־טע־:

„עס איז מיר דאָ גוט! עס איז מיר דאָ זייער גוט! עס איז מיר דאָ גאָ־, גאָ־

גוט, גוט!" דער עולם אין טעאטער האָט פאַרשטאַנען די כוונה דער־פון. אַלע האָבן אַרויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער און שטאַרק אַפּלאָדירט.

נאָך דער פאָרשטעלונג האָט מען אים גערופן, ערגעץ אין אַ „מקום" אַריין, אים געהאַלטן דאָרט עטלעכע שעה און אויסגעפאָרשט.

ער וויל מיט קיינעם וועגן דעם נישט רעדן און קיינעם נישט דערציילן, וואָס מען האָט פון אים דאָרטן געוואָלט.

דער אַרטיסט פון „ווילנער טרופּע" קאַמיען, האָט אויף אַ באַנקעט רעציטירט ראַוויטשעס אַ זאַך. אָבער נאָך אין מיטן רעציטירן, איז צוגעלאָפן אונזערס אַ חבר און אויסגעשריגן:

— פאַרוואָס רעציטירט איר אַ זאַך פון ראַוויטשן? ער איז דאָך אַ בונדיסט!

איינער פון די רוסישע שרייבער האָט זיך דווקא אָנגערופן:

— ניע סטראַשנאָ! (נישט שרעקלעך) —

און אים ווייטער געהייסן רעציטירן.

עס איז צונויפגערופן געוואָרן אַ מיטינג פון די פּליטים אין גרעסטן זאַל פון ביאַליסטאָק. דער סעקרעטאַר פון דער ווייסרוסישער פּאַרטיי — גערשמאַן, האָט אין זיין רעדע פייערלעך דערקלערט, אונטער זיין ערן־וואָרט, אַז די פּליטים וועלן נישט ווערן אַרויסגעשיקט פון ביאַליסטאָק. קיינער וועט זיי נישט צווינגען אָנצו־נעמען די סאָוויעטישע בירגערשאַפט:

— דאָס איז אייער אייגענער ענין! די סאָוויעטישע מאַכט נויטיקט זיך נישט אין אייער בירגערשאַפט! אַלע פּליטים יועלן געניסן פון אַזיל־רעכט פאַר פרעמדע, אַנטלאָפענע פון זייער לענדער צוליב נאַציאָנאַל־פּאָליטישע סיבות. איר מעגט זיין אַבסאָלוט רואיק! פאַרשפּרייט נישט קיין פּאַנישע קלאַנגען. קיינער זאָל נישט לויפן צוריק!

די פּליטים האָבן הילכיק אַפּלאָדירט, אויסגערופן לכבוד סטאַלינען, לכבוד דעם סעקרעטאַר פון דער ווייסרוסישער, קאָמוניסטישער פּאַרטיי — חבר גערשמאַן און פאַרענדיקט מיט אַ דרייפאַכיקן „הוראַ!"

## דעם פרילינג האָט יעדערער ליב

### קאַפּיטל א

דער פרילינג 1940 אין ביאַליסטאָק האָט אַלעמען דער־פרייט, און מער נאָך די פּליטים.

פטור געוואָרן פון דעם שווערן ווינטער, פון דער אויסטערלישער קעלט, וועלכע יאָגן זיך נאָך די איינוווינער אין די אָרימע שטיבלעך, נאָך די היימלאָזע, וועלכע זיינען שלעכט געקליידט, נאָך די, וועלכע דערנערן זיך שלעכט, נאָך די, וועלכע נעכטיקן אין די שולן, בתי־מדרשים, אין די פאַרלאָזטע הינטער־שטאָטישע דירות, אין די קאָרידאָרן פון קלובים און גיטע מענטשן, וועלכע לאָזן איבערנעכטיקן אַ פּליט. עס עסט זיך איין די קעלט, קנייפּט און צוויקט די לייבער פון די אָרעמע און דערשלאָגענע.

מ'שפּאַצירט אין שטאָטישן פּאַרק. נישט יעדער איינער וועט בייטאָג

שפּאַצירן אין דעם שיינעם פּאַרק. עס קומען צו מיליציאָנערן און פאָדערן ביי אייך אייער אַרבעטס־קאַרטע. וואָרום ווי אַזוי האָט איר דאָס צייט בײטאָג אַרומצושפּאַצירן, אויב איר אַרבעט נישט אין דער נאַכט־שיכט?

מיר האָבן ביי זיך צעטלעך פון שרייבער־פאַריין און רעדאַקציע און זיינען באַוואָרנט פון אַ כאַפּעניש.

ביינאַכט שפּאַצירט מען שוין אַביסל גערדיכטער אין פּאַרק. פּאָרלעך פון די היגע איינוווינער, רויטאַרמייטער, וועלכע האָבן זיך שוין דאָ אויסגעפונען באַגלייטערינס. אָבער בכלל זעט מען דאָ ווייניק די פּליטים.

די מענער ליגט בכלל נישט אין קאָפּ קיין ליבע־עסקים. זיי באַרימען זיך אפילו דערמיט:

— שוין העכער אַ האַלב יאָר און עס זיינען פאַרשווונדן ערגעץ אַלע עראָטישע געפילן.

אויסער דעם, האָט נאָך יעדער צו טאָן מיטן מאָגן. דאָס שווערע, ראַזאָווע ברויט. די אַלע גראָבע מאַכלים מאַכן אָן קלאָפּאָטן דעם מאָגן. אינמיטן שפּאַצירן בעט יעדעס מאָל אַן אַנדערער איבער זיין געזעלשאַפט און לויפט אַוועק אויף אַ מינוט אין אַ זייט — מען רופט דאָס „פּשעפּראַשאַם" (אַנטשולדיקט) — ער איז שוין געלאָפן אויף אַ „פּשעפּראַשאַם"...

**
*

עס ווערן איינגעפירט נייע אָרדענונגען. די גאַסן מוזן זיין ריין, מען דאַרף אָפּרוימען דעם לעצטן שניי פון די צענטראַלע גאַסן. אַלע איינוווינער, אַרבעטער פון פאַבריקן, גייען אַרויס איין מאָל אין וואָך אויף אַ „סובאָטניק" — דאָס הייסט, אין זייער רו־טאָג — אָפּרייניקן דעם שניי.

אויף אַלע ראָגעס ווערן אַרויסגעשטעלט טאַפּלען מיט גרויסע מודעות, וועלכע לערנען די באַפעלקערונג ווי אַזוי ריכטיק אַריבערגיין די גאַסן. (אַלע מעלדונגען זיינען געשריבן אין רוסיש און ווייסרוסיש. אין דער גאַנצער שטאָט איז נישטאָ קיין איין יידישער אויפשריפט). אין די שויפענצטער זיינען שוין אַרויסגעשטעלט בוטאַפּאָריעס — ווורשט, קעז, הערינג, חלות — אַלץ געמאַכט פון האָלץ און שיין אויפגעמאָלט, ווי נאַטירלעך. אין אָנהויב האָבן זיך אַ סך טועה געווען, געבעטן די פּראָדוקטן פון אויסשטעל־פענצטער, אָבער צוביסלעכווייז האָט שוין דער עולם זיך געכאַפּט.

מיר האָבן זיך שוין אויך צוגעווינט וויקלען מאַכאָרקע אין צייטונגען, רויכערן די גרויסע שקאָרמעץ־פּאַפּיראָסן. פריער האָט עס אונז אויסגעזען משונהדיק, אומגלויבלעך — ווי אַזוי קאָן מען אַזעלכעס רויכערן?

די רויטאַרמייער האָבן שוין אַלץ אָפטער גענומען באַנוצן זיך אין גאַס מיט דעם באַרימטן רוסישן זידל־שפּריך („אין דער זונה'שער מאמען אריין!"). לענגער זעט אויס. האָבן זיי שוין נישט געקענט זיך איינהאַלטן און אָפּהיטן דעם פאַרבאָט פון באַנוצן זיך מיט אַזאַ נאַטירלעכן, איינגעווינטן, היימישן פאָלקס־שפּריך.

מען האָט זיי שוין אָפטער געזען אויך שיכורע אין גאַס. עס טרעפט שוין, אַז עטלעכע זעלנער רייסן זיך אַריין אין אַ קינאָ, טאַנץ־זאַל, אָן בילעטן.

שפעט ביינאַכט פלעגט מען זיי שוין זען אין די זייטיקע געסלעך ביי די פּאַרקנס, פאַרברענגנגען מיט פרויען אויף אַ סאָלדאַטישן שטייגער... פּאַטרולן פלעגן זיך שוין יאָגן ביינאַכט נאָך אַנטלויפנדיקע, שיכורע סאָלדאַטן. אָפט איז אויסגע־קומען נאָכצושיסן, ווייל זיי האָבן זיך נישט געוואָלט אָפּשטעלן.

זיי זיינען שוין נישט געווען איצט אַזוי פרעמד פאַר די איינוווינער, אַזוי נישט־צוטריטלעך, ווי אין אָנהויב. זיי זיינען געוואָרן נאַטירלעכער, היימישער, אומ־מיטלבאַרער.

דאָס איז, מסתמא, אויך דער פאַרדינסט פונם פרילינג.

## קאַפּיטל ב

איך פאָר אויף אייניקע טעג קיין באַראַנאָוויטש. אין צוג איז שווער זיך אַריינ־צוקריגן. די באַן־קאָנדוקטאָרס זיינען אַלע פרויען. זיי אינטערעסירט נישט צי דו האָסט אַ בילעט, אַ „קאָמאַנדיראָווקע"; זיי שטייען פאַר דער טיר פון צוג, אויף די שטיגעלעך, און שרייען, אַז עס איז נישטאָ דאָ קיין פּלאַץ אין וואַגאָן. פאַר די רוסישע האָבן זיי יאָ מורא, לאָזן זיי גלייך אַריין, נאָר אונזערע — שטויסן זיי אַראָפּ פון די שטיגן, שטופּן, קאַפּען מיט די שטיוול אין בויך אַריין, זידלען — נישטאָ קיין אָרט, הינטישער זון!

געלונגט דיר שוין זיך אַריינצובאַקומען אינעווייניק, זעסטו אַז עס זיינען פאַ־ראַן נאָך אַ סך פרייע פּלעצער. די שטענדיקע פאָרער, די „שפּעקוליאַנטן", וועלכע פירן אויף מסחר שפּייז פון איין שטאָט אין דער צווייטער, זיי גיבן מיר צו פאַר־שטיין, אַז דער בעסטער בילעט און קאָמאַנדיראָווקע איז אַ טשערוואָניעץ (צען רובל) דער קאָנדוקטאָרין אין יד (האַנט) אַריין.

אָבער זיי, די שפּעקוליאַנטן, האָבן נאָך אויסצושטיין פון דער באַן־מיליץ, וועלכע פירט דורך אָבלאַוועס אויף אַלע גרעסערע סטאַנציעס. נאָר ווער עס טויג זיך — טרייסטן זיי — גיט זיך מיט זיי אויך אַן עצה:

— דאָס בעסטע איז צו האָבן ביי זיך גרייט שטענדיק אַ פלעשל שנאַפּס. אַזאַ פלעשל האָט אַ פאַרכישופטן כח...

אין אונזער קופּע זיצן נאָך פיר יידן. פון האָמעל, מאָהילעוו, וויטעבסק און אַ ייד פון סלאָנים.

די דריי רוסישע יידן זיינען אַלע פאַרוואַלטערס פון ווירטשאַפטס־באַזעס אין ביאַליסטאָק. זיי פאָרן איצט אין זייערע שטעט, אין די צענטראַלע באַזעס, אָפּגעבן באַריכטן.

די אַלע דריי סאָוויעטישע יידן קאָנען זיך פונדערהיים. זיי שמועסן איצט וועגן זייערע געשעפטס־ענינים, וועגן ווייבער און אכילה. זיי נעמען זיך טאַקע גלייך צום עסן. מען לייגט אַוועק אַ טשעמאָדאַן אויף די קני, שפּרייטן אויס אַ טישטוכל און יעדער לייגט אַרויס זיין צדה לדרך.

די סעודה הויבט זיך אָן מיט אַ גלעזל בראָנפן. איך האָב גערעכנט, אַז זיי וועלן אויך פאַרבעטן צו אַ גלעזל מיך און דעם סלאָנימער ייד, אָבער זיי האָבן, אוודאי, זייע־ע מנהגים — מיר זיינען דאָך פרעמדע, פּוילישע יידן. אָבער נאָך מער האָט מיך געוווּנדערט, וואָס זיי האָבן נישט פאַרבעטן דעם רויטאַרמייאישן זעל־נער, וועלכער איז געזעסן מיט אונז אין קופּע. ער האָט שוין געגעסן זיין וועג־

פּאַיאַק: שוואַרץ ברויט, אַ הערינג און עטלעכע צוקערלעך. איך בין געווען זיכער, אַז אים, לכל הפּחות, וועלן זיי מכבד זיין מיט אַ כּוסה.

אין דער לעצטער מינוט האָבן זיי זיך פאַרט געווענדט צום סלאָנימער ייד, וואָס טראָגט באָרד און פּאות:

— פּעטער, אפשר וועט איר זיך מכבד זיין מיט אַ שטיקל חזיר־קאַלבאַס? עס איז אַ מאכל גוט!

זיי האָבן זיך צעלאַכט מיט אַ גראַב, מגושמדיק, פאַרשיכורט געלעכטער.

די דריי רוסישע יידן זיינען געווען כמעט אַלע פון איין אויסזען: אין האַקי־גימנאַסטיאָרקעס, אַרומגענומען מיט ברייטע, לעדערנע רימענס, אין געפּאַסטע, גלאַנציקע שטיוול, אָנגעגעסענע, פּראָסטאַקישע פּנימער, צופרידענע, מיט גלייך־פאַרשווירענע קענטלעך אויף דיקע, רויטע קאַרקעס.

זיי זיינען געוואָרן וואָס אַמאָל מער בגילופין און יעדער פון זיי האָט אַ־ויס־גענומען זאַכן פון די טשעמאָדאַנעס און באַוויזן וואָס פאַרא מתנות זיי פירן אהיים פאַר זייערע ווייבער און קינדער.

דער סלאָנימער ייד האָט דאָך נישט געוואָלט שענקען זיין עוולה און זאָגט זיי:

— אַמאָל זיינען די רוסישע יידן געווען גוטע, טייע־ע יידן. האָבן פון זיך אַרויסגעגעבן אַ סך שיינע, בכבודיקע מענטשן. די היינטיקע זיינען שוין נאָ־, נאָר עפּעס אַנדע־ש.

— אַהאַ, ר' ייד, נישקשה, דאגהט נישט! מיר האָבן היינט אויך אַ סך ג־ויכע מענטשן צווישן די יידן, נאָך גרעסערע ווי אַמאָל.

און ער נעמט אויסרעכענען נעמען פון יידן אויף הויכע אמטן. יעדער פון זיי גיט אַלעמאָל צו אַ נייעם נאָמען.

— דאָס וואָס איז געווען — איז געשטאָרבן נאַ ווסענדראַ! (אויף שטענדיק).

אַמאָל זיינען געווען יידן־זדעכליאַקעס, שלימזלען — היינט זיינען אַנדערע יידן, פעסטע יאַטן —

און ער באַווייזט זיין מוסקולירטע האַנט.

דער צווייטער גיט פונדעסטוועגן צו:

— פרומע יידן זיינען ביי אונז נאָך היינט אויך דאָ. אָט, למשל, מיין מאַמע. צינדט נאָך ליכט יעדן פרייטאָגצונאַכטס, פּסח עסט זי נאָך מצה און יום־כּיפּור פאַסט זי און גייט אין שול אַריין.

— דו הערסט, וואָלאָדימיר סאַלאָמאָנאָוויטש — ווענדעט ער זיך צו זיין חבר — איינמאָל, מיט יאָרן צוריק, קום איך אָנצופאָרן צו דער שטוב אום סאַמע יאָם־קיפּער נאָך קאָלנידרע. אַז מיין מאַמע כאַפּט מיך נישט אָן פאַר די האָר און צע־ליאַרעמט זיך:

— „כוליגאַן! דער טאַטע וועט דאָך רואיק נישט איינלינן אין סבר!"

נו, ניי דערציילט איר, אַז אין דער „געפּעאו" ווייסט מען נישט פון קיין יאָם־קיפּער! איך האָב דעמלט געאַרבעט ביי זיי אַלס שאָפער. האָב איך איר אָפּגעענט־פערט, דער מאַמען מיינער:

„דער טאַטע וועט שוין דווקא יאָ לינן רואיק אין סבר! ע־נער וואָס דו האָסט מיר אַ־ויסגע־יסן מיין שעוועליו־ע!"

האָבן זיי זיך ווידער צעלאכט. זיי האָבן אַ פריילעכע רייזע.
דער סלאָנימער ייד האָט אָבער נישט נאָכגעגעבן:

— אָבער וואָס שטערט וועמען מיין פרומקייט? איך בין נישט, חלילה, קעגן דעם מלכות. עטלעכע וואָכן נאָכדעם ווי די רוטע אַ־מיי איז אריין צו אונז, ביז איך אוועק צו דער מאכט און פארקויפט צום אמאָליקן פּ־ייז מיינע אַלע קאַ־לאָשן. איך וויל מער נישט זיין קיין סוחר. איך קען גיין צו יעדער איינער ארבעט! נאָר מיט איין תנאי — איך זאָל נישט דארפן מחלל שבת זיין. שבת און יום־טוב זאָל איך נישט דארפן ארבעטן.

— ניין פעטערל! נישט מיר וועלן אייך נאָכגעבן, נאָר איר וועט אונז נאָכ־געבן! איר וועט שפּעטער אַליין אויפהער־ן צו האַלטן פון די נארישקייטן. שאַבעס — אַלטע באַבעס, שול, יאַמטעף. אַ גוטע כוסה, פעטער־ל, אַ פעט שטיקל קאַלבאַס און אַ פעטע זשענשטשינע (פרוי) איז בעסער פון פאַסטן יאָמקיפּער און בעסע־ פון מאָרויר מיט כאַרויסעס אום פּייסאָך!

אַ פעט געלעכטער כאַרכלט אין זייערע העלזער. זיי קלאַפּן איבערן פּלייצע דעם „שוטניק" (וויצלער).

דער סלאָנימער ייד, וועלכער זעט נישט אויס ווי קיין סוחר, נאָר גיכער ווי אַן אמאָליקער ליטווישע־ מגיד, אין דעם וויכן קאַשקעטל, מיט דער ווייכער האַלב־שוואַרץ, האַלב־גרויער באָ־ד און פאות, מיט אַ וויכן, יידישן בליק אין זיינע אויגן, מיט דער גאַנצער ווייכקייט אין זיין פנים און גוף — ער קנייטשט זיך נאָך מער איין, קאָרטשעט זיך אונטער די בייטש־ווערטער פון די רוסישע יידן. זיי קוקן אויף אים מיט ביטול, פון אויבן־אראָפּ, נאָר דאָס איינציקע, וואָס וועקט נאָך ביי זיי אַביסעלע דרך־ארץ צו אים, דאָס זיינען די ברילן אין גאָלדענע רעמלעך, וואָס עס ט־אָגט דער סלאָנימער ייד. ער גיט זיך אָבער פאָרט נישט אונטער:

— אויב אַזוי — זאָגט ער מיט צעוויוטיקטער עקשנות — וועל איך אָנגעבן אַ בקשה צו דער מאכט, אַז איך וויל אַ־ויספאָרן פונדאַנען. איך האָב קרובים אין אויסטראַליען, אין ארץ־ישראל, וועלן זיי מיך ארויסנעמען — און אויס שידוך. איך וועל זיי דאָ אַלץ איבערלאָזן, מיין הייזל, מיין געשעפט, אַלץ, אַלץ. איך האָב צו זיי גאָרנישט — נאָ־ איך קאָן דאָ נישט בלייבן.

— נו, הערט שוין אויף, נארישער ייד, — ענטפערט איינע־ פון יענע שוין מיט געבייזער, — איר וועט שוין איינמאָל אַ־ויספאָרן! גלייך קיין ארץ־ישר־אל, צו די באָקסער־ם און פייגן!...

דאָס קלאַפּן פון די באַן־רעדער האָט באַגלייט זייער גאָ־גלדיקן כאַ־כאַ־כאַ!

## קאַפּיטל ג

מיין פרוי מיטן קינד האָבן געוווינט אין באַראַנאָוויטש ביי אַ קרוב, אין אַן אַלקער־שטיבל. עס איז זיי נישט באַקומען דאָס וווינען דאָ, דאָס אָפּקאָבן ־אָס ביסל עסן, ווייל דאָ איז פאַראַן נאָך אַ קרובה מיט אירע קינדע־, אויך פּליטים. עס איז דאָ ענג, טומלדיק. עס ווערט וויניק געהייצט אין שטוב און דאָס קינד פאַ־קילט זיך אָפט.

דע־ אַלטיטשקע־ איז שטענדיק אין כעס, ער מוז אויף די אַלטע יאָ־ן אַליין

ארבעטן אין זיין אַמאָליקן זייף־פאַבריקל. וואָס איז שוין איצט אַ מלוכהשער אר־טעל. מען וויל שוין ביי אים צונעמען די גאַנצע דירה זיינע אויף אַ שולע.

עס איז זייער שווער דאָ צו זיין. די פרוי מיינע דאָרט איין, איז אויפגע־רעגט, נידערגעשלאָגן. הלוואי — זאָגט זי — וואָלט זי אַהער נישט געקומען — בעסער אומקומען אין דער היים. וואָס עס וועט דאָרט זיין מיט אַלע יידן, וואָלט מיט איר אויך געווען. זי האָט דאָרטן געלאָזן אירע צוויי שוועסטערן. דאָ פילט זי זיך פרעמד, איבעריק, פאַראומערט. צו אַ קרוב איז גוט צו קומען צו־גאַסט אויף עטלעכע טעג. אַזוי איז נישט קיין לעבן. — דו ביסט אויך אין אַן אַנדערער שטאָט, וווינען דאָ צוזאַמען קאָן מען נישט.

און ווי געוויינלעך אין אַזאַ פאַל, ווען עס איז שווער ארויסצוזאָגן אַלץ וואָס עס ליגט אויפן הארצן, פאַרטוישט מען עס אויף — געוויין.

דאָס קליינע טעכטערל אָבער איז גאַנץ צופרידן. זי האָט דאָ געהאַט נישט לאַנג אַן אַטראַקציע אין שטוב, קאָן זי דערין נאָך אַלץ נישט פאַרגעסן. דער אַל־טימשקער זיידעניו (ער איז דער באָבעס אַ ברודער) האָט דאָ געצונדן דורך אַכט טעג אַזעלכע שיינע, קאָלירטע ליכטלעך. איז עס געווען אַזוי וווּנדערלעך, אַז ביז היינט־צוטאָג זעט זי נאָך יעדע נאַכט אין חלום אָט די אָנגעצונדענע, קאָלירטע ליכטעלעך.

די מאַמע דערציילט טאַקע ווי די קליינע איז דורך גאַנץ חנוכה געווען אַזוי איבערגענומען און באַגייסטערט מיט די חנוכה־ליכטלעך, געווען אין אַזאַ עקסטאַז, אַז ביי יעדן מאָל אָנצינדן די ליכטלעך — האָט זי זיך פאַנאַנדערגע־וויינט. ווי דער אַלטימשקער פלעגט נאָר אהיימקומען פאַרנאַכט פון דער פאַבריק אין יענע טעג, איז דאָס טעכטערל אים שוין נאָכגעגאַנגען, אים געהאַלטן ביי דער פּאָלע און געבעטן:

— זיידעניו, ווען צינדסטו דו שוין אָן די הייליקע ליכטלעך?

מיך האָט באַזונדער געפרייט, וואָס מיין מיידעלע האָט זיך שוין אויסגעלערנט רעדן אַ שיינעם און ריינעם יידיש.

דער אַלטימשקער איז צו מיר צוגעקומען און גענומען מיר זאָגן מוסר מכוח יידישקייט. לייזער בערנשטיין איז געווען לאַנגע יאָרן אַ טוער פון „מזרחי" ביי זיך אין שטאָט. ער איז איצט שוין קרוב צו זיבעציק יאָר. ער רעדט צו מיר:

— מילא, מיטן יידישקייט האָט מען נאָך נישט פאַרשפּעטיקט, דאָס קאָן מען שטענדיק אָניאָגן. חוזר בתשובה זיין קאָן מען ביז דער לעצטער רגע לעבן. נאָר איין גרויסע זאַך האָבן מיר שוין יאָ פאַרשפּעטיקט: שיבת ציון! דאָס וועט שוין זיין שווער צוריקצוכאַפּן!

ער קלאַפּט זיך מיטן פויסט אין ברוסט!

— חטאתי! איך און אַלע יידן דאָ! מיר האָבן נאָר גערעדט וועגן ארץ־ישראל, צושטייער געגעבן אביסל געלט פאַרן ישוב, אָבער פאַרוואָס זיינען מיר אליין נישט אַוועק דאָרט אהין אין דער ריכטיקער צייט?! צופוס האָט מען באַ־דאַרפט זיך לאָזן אין וועג אריין! מיט אַ שטעקן אין האַנט און מיט אַ זאַק אויף די פּלייצעס! די „מחותנים" (אַזוי האָבן די יידן דעמאָלט אָנגערופן די דייטשן און די רוסן — נאָך זייער אָפּמאַך) וועלן מאַכן פון אונז אַ תל! יעדער אויף זיין שטייגער און אופן! יענער — דורך אַ מיתה משונה, און דער — דורך אַ מיתה

בנשיקה! ווו זיינען געווען אונזערע מוחות? ווו איז געווען אונזער יידישער שכל? ווו איז געווען אונזער נאַציאָנאַלער אינסטינקט?! איצט וועלן מיר אַלע דערפאַר באַצאָלן! דאָס איז אַן עונש פון אים אַליין, פון כביכול! חטאתי! חטאנו! מיר האָבן אַלע פאַרשעמט אונזער מאַמע ציון! איצט קומט די באַצאָלונג! מיר וועלן שוין נישט זוכה זיין מער צו זיין אין ארץ ישראל! און הלוואי זאָל איך ליגן זאָגן. ווער ווייסט צי מיר וועלן נאָך זוכה זיין צו קומען כאָטש — צו קבר ישראל!

דער אַלטער רב ליזער האָט זיך פאַנאַנדערגעהעשעט און צוזאַמען מיט אים האָבן זיך צעוויינט אויך די פרויען און קליינע קינדער.

אין שטוב האָט איצט אַרומגעפלאַטערט אַ מלאך־המות־שאָטן.

עס האָט געשטיקט אַ שווערע, פּרעסיקע לופט. עס האָט זיך נישט געזען קיין אויסוועג. מיר וועלן זיך שוין שלעפּן אַזוי אויף דעם שווערן טראַקט, וואָס דער גורל האָט אָנגעצייכנט.

איך האָב גענומען ביי דער פרוי איר גאָלדן זייגערל, וואָס זי האָט געהאַט בירושה פון איר מאַמען, אַוועק אין גאַס און פאַרקויפט. איבערגעגעבן איר דאָס געלט. פאַר זיך נאָר גענומען אַ קליינע פּאָר רובל און מיט אַ שווער געמיט צוריקגעפאָרן קיין ביאַליסטאָק.

## קאַפּיטל ד

עס איז ערב־פּסח. פאַראַן דערויף עטלעכע סימנים:

יידישע פרויען טראָגן קווישלעך מצות, קליינע קיישעלעך, אָבער דאָך זעט זיך דאָס אָן אין גאַס. אַ קילאָ מצה קאָסט 28 רובל.

דער צווייטער סימן איז דער, וואָס אין „ביאַליסטאָקער שטערן" זיינען דאָ אַרטיקלען קעגן פּסח, קעגן מצות, פינצטערניש און קלעריקאַליזם.

עס איז אויך פאַראַן אַ דריטער סימן:

אַלע קראָמען זיינען איבערפילט מיט ווייסע בולקע. אַ גאַנצן ווינטער האָט מען דאָס נישט געזען. איצט איז עס דאָ אַזויפיל, אַז מען דאַרף אפילו נישט שטיין דערנאָך אין אָטשערעד. ווייסע, געשמאַקע בולקע צו 3 רובל מיט 50 קאָפּיקעס אַ קילאָ. די קריסטלעכע שכנטע זאָגט מיט איראָניע:

— צום ערשטן מאָל געניסן מיר היינט פון אייער יום־טוב פּאַסכע. נאָר איר וועט דאָך קיינמאָל נישט פאַרטוישן אפילו די סאַמע בעסטע בולקע — פאַר אייער מצה.

מיין ברודער האָט אויך געקויפט אַ קילאָ מצה. עס זאָל זיין כאָטש צו דער ערשטער סדר־נאַכט. שוין אַזויפיל יאָרן זיך נישט אָפּגעגעבן מיט אַזעלכע ענינים. זאָל מען היינט פּראַווען אַ סדר מיט מצה.

צו דער ערשטער סדר־נאַכט האָבן זיך פאַרזאַמלט אין שטוב עטלעכע און צוואַנציק מענטשן. דער העברעישער דיכטער בנימין פּאָמעראַנץ האָט געזאָגט עטלעכע קאַפּיטלען פון דער הגדה און זיי פאַרטייטשט אויף יידיש. ער האָט נאָך גערעדט עטלעכע ווערטער וועגן דעם שיינעם יידישן יום־טוב און פאַרענדיקט דערמיט:

— פסח פאַלט אויס אום פרילינג און בײדע באַדײטן — האָפנונג און פרײ־הײט! אָבער וואָס נעענטער דו קומסט צו זײ, אַלץ ווײטער אַנטלױפן זײ פון דיר!

אַלע האָבן אויסגעט־ונקען צו גלעזלעך ווײַן. דער עולם איז באַשטאַנען סרוב פון אַרבעטער. זײ האָבן אָנגעהויבן, פון געוווינשאַפט, זינגען דעוואָלו־ציאָנערע לידער.

האָט אײנער פון זײ זיך אַרײַנגעמישט און נישט דערלאָזן דאָס זינגען:

— נאָך וואָס? געענדיקט מיט די צײַטן פון חלומען וועגן דער רעוואָלוציע! מיר האָבן זי שוין! שוין אַלץ דערגרײכט! גענוג מיט די לידער!

נישט אַלע האָבן מסכים געווען דער־ויף און עס האָט ווער אָנגעהויבן זינגען אַ אַלט, פּאָפּולער אַרבעטער־ליד. אַלע האָבן עס מיטגעזונגען:

„מיר ווערן געהאַסט און געטריבן,
מיר ווערן געפּלאָגט און פאַרפאָלגט!
און אַלעס דערפאַר ווײל מיר ליבן —
דאָס אָרעמע שמאַכטענדע פאָלק,
דאָס אָרעמע, שמאַכטענדע פאָלק!"

עס איז אוודאי באַשערט געווען צו האָבן אַ פרײלעכן יום־טוב. אינמיטן זינגען און פאַרווײלן זיך, איז אָנגעקומען נעטל, מײַן ברודערס אַ שוואָגער. ווען ע־ איז געפאָרן ספּעקולירן קײן לוצק, קויפן דאָ־טן מעל, האָט אים די מיליץ פאַ־האַלטן און אײַנגעזעצט. ער איז אָפּגעזעסן אין קרימינאַל צוויי חדשים און אָט איז ער שוין אויף דער פרײַ!

די האָר פון קאָפּ זײַנען בײַ אים אָפּגעשוירן, ער איז אויסגעדאַרט און זײַן פּנים איז געל־בלאַס, די כאַראַקטעריסטישע פאַרב פון אַרעסטאַנטישע פּנימער.

עס איז אים געלונגען שנעל אַרויס אויף דער פרײַ, — אַ טײַערער קאָמענדאַנט אין דער לוצקער מיליציע. נעטל דערצײלט:

— ווי נאָר מײַן שותף האָט אים אַוועקגעטראָגן אַן ענגלישן קופּאָן סחורה, האָט ער מיך גלײַך אינם זעלבן טאָג באַפרײַט.

די חברה האָבן זיך שוין צוגעוווינט וועגן אַלעם צו ווײצלען:

— די ענגלענדער אַלײן זײַנען שוין גאָרנישט ווערט, נאָר זײערס אַ קופּאָן סחורה קאָן נאָך פאַרט עפּעס אויפטאָן!

מען האָט אויסגעטרונקען נאָך צי גלעזלעך ווײַן און אַלע האָבן זיך אָנגע־ווונשן, אַז איבער־אַ־יאָר אין דער צײַט זאָל שוין נישט זײַן קײן אײן לעבעדיקער נאַציסט אויף דער ערד! אַלע זאָלן שוין זײַן בײַ זיך אין דער הײם, אין אַ באַ־פרײַטער וואַרשע!

## איבער־ברוך

### קאַפּיטל א

עס איז אַ־ויס אַ נײַע פאַ־אָ־דענונג:

אַלע פּליטים פון געוועזענעם פּוילן מוזן אויפסנײַ זיך רעגיסט־ירן.

יעדער איז מחויב אָנצוגעבן צי ער ווינטשט זיך צו ווערן אַ שטענדיקע־ סאָוויע־

טישער בירגער, פאַרבלייבן דאָ, אויף דער סאָוויעטישער ערד, צי ער וויל, אַז מען זאָל אים אָפּשיקן אין זיין פריערדיקן וווין־אָרט!

דער פרילינג ברענגט שטענדיק מיט זיך מיט עפּעס נייעס. אָבער אַזאַ גזירה!

אמת, מען האָט שוין לאַנג געהאַט געמורמלט, געשושקעט זיך, נאָכדעם שוין אָפן גערעדט. ביי יעדער נייער רעגיסטראַציע. (עס זיינען פאָרגעקומען פיר רעגיסטראַציעס) האָט מען געמיינט, אַז אָט־אָט, שוין! אָבער ווען מען האָט זיך עס געוואָלט גלויבן אין אַזאַ מין סאָרט רעגיסטראַציע, אין אַזאַ צרה און גזירה — וועגן סאָוויעטישער בירגערשאַפט אָדער צוריקפאָרן?!

דער רוב פּליטים האָט דאָך געלאָזן אויף יענער זייט זייערע פרויען און קינדער, די נאָענטסטע משפחה — טאָ ווי אַזוי קאָן מען זיך באַשליסן אָנצונעמען די סאָוויעטישע בירגערשאַפט, וואָס עס הייסט — פאַרבלייבן שוין דאָ אויף שטענדיק!! זיך שיידן מיט דער היים, מיט די נאָענטסטע אויף אייביק?! ווי אַזוי קאָנען די סאָוויעטן אַזעלכעס טאָן? און צו וואָס דאַרפן זיי עס? צו וואָס טויג דאָס זיי?!

אַ מהומה צווישן די פּליטים, אַ בהלה. אַ סך באַקלאָגן שוין זייער אַהערקומען דאָ. מען האָט באַדאַרפט פאַרבלייבן אויף די ערטער! אויב אומקומען — איז אומקומען צוזאַמען מיט פרוי און קינדער, מיט טאַטע־מאַמע, מיט שוועסטער און ברידער, מיט אַלע יידן צוזאַמען!

מען גייט זיך צונויף אויף דעם גרויסן הויף פון קאָמפּאָביעזש. דאָס רעגיסטרירן וועט דויערן עטלעכע וואָכן, נאָר מען גייט אויף דעם הויף יעדן טאָג. מען וויל געוווּיר ווערן עפּעס נייעס. אפשר האָט זיך פּאָרט עפּעס געביטן, אפשר האָבן זיך די מאַכטהאָבער געכאַפּט, אַז זיי שטעלן אין אַ שווערער לאַגע עטלעכע הונדערט טויזנט יידישע פּליטים, וועלכע זיינען נאָך, אין דער מערהייט, אויף די שטחים פון געוועזענעם פּוילן — מערב־אוקראַינע און מערב־ווייסרוסלאַנד.

אַ סך טייטשן עס אויס דערמיט, וואָס די מלחמה מיט פוילנד איז שוין פאַרענדיקט, איז שוין איצט דאָ צייט זיך אויך אַביסל מערער צו פאַרנעמען מיט די פּליטים.

איניקע ווייסן שוין צו דערציילן, אַז מען האָט געהערט פון לאָנדאָן פּוילישן ראַדיאָ און די שיקאָרסקי־רעגירונג אַפּעלירט צו אַלע פּליטים פון פּוילן, אַז זיי זאָלן זיך נישט פאַרשרייבן אויף צוריקפאָרן, נאָר אָננעמען די סאָוויעטישע בירגערשאַפט.

מען ווייסט נישט צי די ידיעה איז אַ ריכטיקע אָדער אויסגעטראַכטע און ווערט פאַרשפּרייט דורך די "פאַלשע גלאָקן" (אַזוי האָט מען גערופן די „פּאַרטרויַלעבע" מענטשן, וועלכע האָבן געהאַט פאַר זייער אויפגאַבע אַרויסצוטראָגן אין גאַס די פאַ־שידנסטע קלאַנגען, אָפט קאַפּוויערדיקע, צומאָל אויך ריכטיקע, כדי מען זאָל זיין צעמישט און נישט וויסן וואָס עס איז אמת און וואָס פּליאָטקע).

עס האָט זיך געמערט די צאָל היימישע מוסרים. זיי זיינען געווען אומעטום. אויפן מאַרק, אין שול, ביי די אָטשערעדן, אין די כטאָלוווקעס, פאַבריקן, ביים „קאָמפּאָמביעיש" — מען האָט זיך גוט געמוזט היטן מיט אויסרעדן אַ וואָרט.

איינער ווייסט שוין צו דערציילן, אַז די רעגיסטראַציע וועט ווערן אָפּגערופן. ער איז געווען — זאָגט ער — וועגן דעם אָנפרעגן אין אָבליספּאָלקאָם, אין גאָרקאָם,

אין פּאַרטקאָם. דאָרטן זאָגן זיי, פאַרשטייט זיך, גאָרנישט. אָבער לויט דעם טאָן דערקענט ער, אַז עס וועט זיך ענדערן. ער וועט נאָך גיין אין דער ציַיטונג פּ״עגן ביים רעדקאָם.

אַן אַלטער ייד וואָס שטייט אין דעם קרענצל, קאָן זיך נישט איינהאַלטן פון אָפּחוזקן:

—זיינט איר, הייסט עס, געווען אין אָבליספּאָלקאָם, אין גאָרקאָם אין פּאַרטקאָם און איר ווילט נאָך גיין אין רעדקאָם? פּעטער, און אין „מענלעבטקאָם" (מען לעבט קוים) זיינט איר שוין געווען?

אויף צומאָרגנס האָט מען שוין געוווסט אויפן הויף פון „קאָמפּאָמבּיעזש", אַז דער ייד, וועלכער האָט נעכטן אָפּגעחוזקט מיט דעם „מענלעבטקאָם", איז שוין נישטאָ. מען האָט אים ביינאַכט אַרויסגענומען פון בעט. איינגעזעצט.

איז שוין דעריבער בעסער צו זיצן אין שטוב. אין שרייבער־פאַריין קום איך שוין נישט אַריין. דער סעקרעטאַר פון פאַריין איז געפאָרן קיין מאָסקווע און צוריקגעקומען פון דאָרטן מיט אָפּמאַכן פאַר א גרופּע שרייבער. דער פאַרלאַג „עמעס" אין מאָסקווע וועט אַרויסגעבן יעדן פון זיי א ביכל. דער סעקרעטאַר האָט שוין אפילו מיטגעבראַכט אַדערויפן פאַר יעדן. מען גיט מיר צו וויסן, אַז איך געהער אויך צו דער גרופּע און אַז איך דאַרף קומען אין פאַריין אָפּנעמען דאָס געלט. עס איז א גרויסע סומע.

איך בין אָבער אין פאַריין מער נישט געגאַנגען, נישט אונטערגעשריבן קיין שום אָפּמאַך און קיין געלט נישט גענומען.

ער האָט אויך געבראַכט פון מאָסקווע א באַשטעטיקונג־רשימה פון די שרייבער, וועלכע וועלן האָבן די רעכט צו בלייבן וווינען אין ביאַליסטאָק. איך בין געווען אויך אויף דער דאָזיקער רשימה. אָבער שוין געספּקט צי איך וועל ווילן געניסן פון דער דאָזיקער פּריווילעגיע.

## קאַפּיטל ב

איך האָב אָפּגערעדט מיט מיינעם א פריינט, אַ קאָמוניסטישן טוער און זשורנאַליסט, זיך צו טרעפן פאַרנאַכט, אין אַ זייטיק געסל. איך האָב מיט אים עפּעס צו שמועסן.

יענער איז געקומען צו דער צייט. ער רויטלט זיך שוין פון פאָרויס, ווי ער וואָלט פאָרגעפילט עפּעס אַ בייזע זאַך. אָבער דאָס איז נישט געווען קיין שום בייז. איך האָב פשוט געוואָלט זיך מיט אים דורכשמועסן וועגן דעם ענין, וואָס האָט געמאַטערט די אַלע, וועלכע האָבן געהאַט אַן אידעיש און פּאָליטיש געוויסן. אפשר טראַכט איך איינזייטיק? מען דאַרף אויסהערן די קאָנטראַרגומענטן, די מאָטיוון, סיבות, עפּעס אַ פאַרענטפערונג.

מיין ערשטע טענה צו אים איז:

— פאַרוואָס שרייבט די פרעסע בפרהסיה אַזעלכע גראָבע ליגנס וועגן ענגלאַנד און פראַנקרייך? ווי אַזוי קאָן אַן אָפיציעלע רעגירונגס־ציַיטונג (אַלע ציַיטונגען זיינען אָפיציעל) שרייבן, אַז ענגלאַנד און פראַנקרייך זיינען „פאָדזשיגאַטעלי וואָיני", מלחמה־אונטערצינדער, אַז זיי זיינען באַפאַלן דייטשלאַנד? אַז דער ווערסאַלער טראַקטאַט האָט געמוזט דערצו פירן, ווייל די דייטשן האָבן נישט געהאַט

קיין לעבנס־רוים? אַז ענגלאַנד און פראַנקרייך פירן אַן אימפּעריאַליסטישן קריג?
אַז וואָס שייך נאַציזם — שרייבט די צייטונג — דאַרף יעדער איינער רעספּעקטירן דעם צווייטנס אידעאָלאָגיע, „זיי מישן זיך נישט אין אונזער אידעאָלאָגיע און מיר מישן זיך נישט אין זייער אידעאָלאָגיע". די צייטונגען דאָ דערציילן מיט פרייד וועגן אַ קולטור־דערנענטערונג צווישן די סאָוועטן און די דייטשן, אַז אין בערלין דאַרף בקרוב דערשיינען אַ געזאַמלטע, אַקאַדעמישע אויסגאַבע פון אַלע טאָלסטאָיס ווע־ק — פאַרוואָס טוען זיי דאָס?

פאַרוואָס שיקט סטאַלין אַ באַגריסונג צו היטלערס געבורטס־טאָג און היט־לער באַגריסט ווידער סטאַלינען צו זיין געבורטס־טאָג?

פאַרוואָס שרייבן נישט די היגע צייטונגען קיין איין וואָרט וועגן די צענע־טויזנטער סאָציאַליסטן, דעמאָקראַטן און קאָמוניסטן, וועלכע ווערן דאָרט געפּייניקט אין די קאָנצענטראַציע־לאַגע־ן? (אין פּריוואַטע געשפּרעכן זאָגן אפילו די פּאַר־טייער, אַז מאָלאָטאָוו זאָל האָבן אויסגעפּועלט ביי ריבענטראָפּן, אַז זיי זאָלן באַ־פרייען פון תפיסה דעם באַרימטן דייטשישן קאָמוניסט טהעלמאַן און אים איבער־שיקן קיין מאָסקווע — אָבער דערוויל ווערט דערפון גאָרנישט).

פאַ־וואָס שרייבן נישט די סאָוועטישע צייטונגען קיין איין וואָרט וועגן די דייטשישע רדיפות און מאָרדן איבער טויזנטער יידן? פאַרוואָס פאַרשווייגט מען די אַלע שענדלעכע טאַטן פון די בלוטיקסטע שונאים פונם קאָמוניזם און סאָציאַ־ליזם?!

מיין פריינט פילט זיך אין אַ פאַרלעגנהייט. ער ענטפערט דעם באַקאַנטן תירוץ: — דאָס איז אַלץ פּאָליטיק!

איך פרעג אים צוריק:

— צי מוז טאַקע יעדע געמיינקייט, אויב זי האָט נאָר אַ שייכות מיט פּאָליטיק, שוין גערעכטפערטיקט ווערן? צי געדענקט איר ווי אַזוי אַנזשעליקאַ באַלאַבאַנאָוואַ (באַקאַנטע יידיש־רוסישע רעוואָלוציאָנערין) האָט רעאַגירט אויף ענלעכע דערשיי־נונגען? זי האַלט, אַז אַן אַרבעטער־מלוכה דאַ־ף נישט און טאָר נישט נאָכמאַכן די אַלע דיפּלאָמאַטישע, הינטישע שטיק פון די קאַפּיטאַליסטישע מלוכות. עס באַ־פלעקט די ריינקייט פון דער אידעע. מיט אונז — זאָגט זי — איז דער אמת! מיר קעמפן פאַר אַלע אונטערדריקטע און געפּייניקטע, דאַרפן מיר נישט אָנקומען צו קיין ליגנס און שווינדל — זאָל ער הייסן — פּאָליטישער, דיפּלאָמאַטישער.

— געווויינט מען נאָר צו דאָס פאָלק צו ליגנס און נישט־אויפריכטיקייט, וועט מע: שוין קיינמאָל נישט וויסן וואָס עס טראַכט און פילט. איינער וועט שוין אָפּנאַרן דעב צווייטן, מען וועט אָפּנאַרן די אייגענע אַרבעטער־מלוכה און עס וועט זיך אָנהויבן אַ פּראָצעס פון דעגענעראַציע און פאַ־קריפּלונג.

ער האָט ג־ייט זיין ענטפער:

— די דיקטאַטור וועט זיך מיט דעם אַלעם אַן עצה געבן!

— דיקטאַטור קעגן דעם אייגענעם פאָלק? קעגן די אייגענע אַרבעטער? עס איז דאָך ז,יי ע ר זאַך, ז יי ע ר רעוואָלוציע. זיי האָבן זי געמאַכט, דאָס האָבן זיי געבראַכט מיליאָנען קרבנות — אַלץ דערפאַר, כדי צו דעראָבערן איינמאָל פאַר אַלעמאָל דעם געטרוימטן יושר, אמת און פרייהייט. שוין טויזנטער יאָר חלומט די ליידנדיקע מענטשהייט, די פאַ־שקלאַפטע און אונטערדריקטע, וועגן נעמען די

מאכט אין אירע איינגענע הענט און איינפירן גערעכטיקייט. וואס האט מען פון דעם אלעם געמאכט? !

— דאס איז רעוואלוציאנערע ראמאנטיק. רעאלע פאליטיק מוז זיין גרויזאם און אומברחמנותדיק. דאס פאלק איז נאך נישט דערוואקסן צו האלטן די מאכט אין זיינע אייגענע לענט. עס מוזן זיין אויסגעפיוועטע, שטרענגע, שטאלענע פירער. זיי מוזן דורכפירן די גרויסע כירורגישע אפעראציע. פארפאלן, אזוי מוז עס זיין! דאס פאלק איז נאך, לײדער, נישט רײף געווארן צו זעלבשטענדיקע מעשים!

— מען געטרויט שוין ווידער נישט דעם פאלק? ! אמאל האט דעם תירוץ גענוצט די בורזשואזיע, איצט זינגט איר גאר דאס זעלבע לידל? וועט מען ווידער־דארפן ציטירן די ווערטער פון היינריך היינע פון מיט הונדערט יאר צוריק?

„דאס גרויסע יתום־קינד, דאס פאלק, האט שוין ווידער ארויסגעצויגן פונם גליק־קאסטן פון דער רעוואלוציע — פוסטע נומערן!"

מיין שמועסער ווערט שוין אין כעס:

— איר דערקייקלט זיך שוין צוביסלעכווייז צו די רייד פון לעוו דאווידאוויטש (טראצקי).

— הערט! קלעפט מיר נישט צו קיין גרייטן עפיטעט! איך האב געלייענט אלע זיינע ווערק. איך האב געלייענט נאך ווערק פון קעגנער — אבער די אלע זייערע רייד זיינען מיר דורכגעלאפן ווי קוילן, וועלכע בריען נאר אפ די הויט און לויפן ווייטער. די קוילן זייערע האבן מיך נישט פארוואונדעט. פון לייענען ביז זעען איז, משמעות, א היבשער מהלך. לעוו דאווידאוויטש רעדט אפט וועגן דעם, אז דא האט זיך געשאפן א נייער, ביוראקראטישער שיכט, א נייער סאציאלער קלאס, א נייע בורזשואזיע! און זיי פירן דא אן מיט דעם אלעם. עס איז זייער מאטעריעלער אינטערעס דעריין. האב איך געקאנט דעמאלט, ביים לייענען דאס, גלויבן און נעמען ערנסט אזא זאך?

אין דעם זיג פון דער רעוואלוציע, פון סאציאליזם, בין איך דאך געווען פאר־אינטערעסירט נישט נאר ווי אן ארבעטער און גערודפטער ייד — איך האב די רע־וואלוציע ליב געהאט בלב ונפש!

די ברייט־הארציקע, טרוימערישע רוסן, וועלכע האבן ארויסגעגעבן אזעלכע וווּנדער־בארע רעוואלוציאנער־ע געשטאלטן, אזעלכע זעלטענע שריפטשטעלער ווי טאלסטאי, דאסטאיעווסקי, טשעכאוו, קאראלענקא, גארקי, וועלכע האבן געוויטיקט פאר דער מענטשהייט, וועלכע האבן געליטן, געבענקט און זיך כסדר געליטערט אין פיין און אין טרוימען. די רוסישע מוזיק — טשייקאווסקי, מוסארגסקי, רימסקי־קארסאקאוו; די רוסישע פאלקס־געזאנגען, דאס גאנצע רוסישע פאלק, די אינטעליגענץ — אלע הארציקע, מענטשלעכע, אידעישע, זוכערישע! און איצט — די אקטאבער־רעוואלוציע! זי האט באדארפט זיין א ביישפיל פאר דער גאנצער מענטשהייט, זי האט באדארפט איבערייסן די קייט פון קנעכטשאפט און פארשקלאפונג, וואס האט אנגעהאלטן הונדערטער און טויזנטער יארן! — דאס איז דאך געווען פאר אונז ווי א צווייטע זון, דאס נייע ליכט, א נייע אמונה, פאר וועלכער עס איז בדאי זיך מקריב צו זיין!

ער באמיט זיך ווידער צו ענטפערן:

— כל זמן עס איז א קאַפּיטאַליסטישע ארומרינגלונג, מוז עס דערווייל אַזוי גיין!

— אָבער צי מעג מען באַגיין היינט א פאַרברעכן, כדי מאָרגן צו ווערן אַן אָרנטלעכער מענטש? פריער מוז איך, הייסט עס, זיין א רשע, כדי מאָרגן צו קאָנען ווערן א צדיק?!

— עס איז נישט אַזוי שרעקלעך! פאַר אונז זעען אויס אַ סך זאַכן מאָדנע און משונהדיק, ווייל מיר האָבן אַן אַנדערע דערציונג, אַן אַנדערע פּסיכיק, אָבער צו־ביסלעכווייז וועלן מיר זיך צוגעוווינען. איר זעט דאָך, זיי, די רוסן, האָבן זיך שוין צוגעוווינט.

— צוגעוווינען קאָן מען זיך צו יעדער מחלה. צו יעדער אָנשיקעניש. אוודאי געוווינען מיר זיך שנעל צו און נעמען איבער זייערע זיטן און מנהגים. אָט האָט דאָך דער שטילער און סאָלידער דוד מ. (א יידישער שרייבער) אריינגעשיקט א בריוועלע אין „ביאַליסטאָקער שטערן״, אין וועלכן ער דערציילט, אז זיין טעכטערל איז געקומען פסח אין שול אַריין און האָט מיטגעבראַכט צום עסן ברויט. זיינען די קינדער פון איר אַוועק, געלאַכט און געחוזקט פון איר:

„זי איז חמצדיק!״

און מ. דערציילט אין דער צייטונג, אז דער לערער און דערציער האָט נישט באַשטראָפט די שילער. נישט גענוג ענערגיש רעאַגירט. ער פאָדערט אויף די אַנטשפּרעכנדיקע אָמטן צו רעאַגירן. ער גיט דערביי אָן דעם נאָמען פון דעם לערער. אוודאי קאָן מען זיך צוגעוווינען און צוביסלעכווייז איבערנעמען זייערע מנהגים און לעבנסשטייגער! אָבער צו וואָס דערפירט דאָס אַלץ?! גיט נאָר א קוק וואָס פאַר א דיסטאַנץ עס האָט זיך געשאַפן צווישן אַן אָפיציר און פּשוטן זעלנער! אין די ערשטע צייטן, אז מען האָט מיט זיי גערעדט, האָבן זיי דערציילט, אַז ביי זיי איז אַלץ גלייך. אַז די אָפיצירן און זעלנער עסן פון איין קעסל, שלאָפן אויף איין געלעגער. נו, איר האָט שוין געזען ווי עס זעט אויס אין דער אמתן! באַזונדערע סטאָלאָוועס, אָפיצירישע קאַנטינען, באַזונדערע מאכלים, באַזונדערע געלעגערס, און דאָס אַלץ אין נאָמען פון סאָציאַליזם?! זעט נאָר וויפל עס פאַרדינט אַן אַרבעטער, וואָס ער קריגט צום עסן אין זיין סטאָלאָווקע און זעט נאָר וואָס עס עסט און טרינקט א נאַטשאַלניק, א פּאַרוואַלטער, א דירעקטאָר! צוויי באַזונדערע וועלטן!

האָב איך געמיינט כאָטש, אַז עס האָט זיך אויסגעבילדעט א נייער טיפּ מענטש, אַן ערלעכער, אַן אידעישער, עטישער — אָבער ווו? איינער פאַרן צווייטן איז דאָך א וואָלף! איינער וואָלט וועלן פאַרציקן דעם אַנדערן!

און פאַרוואָס לויבט מען אַלץ וואָס רוסיש, אַלע אַמאָליקע גענעראַלן, פּאָגראָמ־שטשיקעס — כמיעלניצקי און סוואָראָוו? איז דאָס אַלץ אינעם נאָמען פון אוואַנגאַרדישן סאָציאַליזם?

איר האָט געזען ווי מען טיילט אויס אין באַזונדערע קאַמענאַריעס אפילו די שרייבער? עטלעכע פון די שרייבער טראָגן גרויסע אָרדנס, זיי זיינען פּריווילע־גירט, דאַרפן נישט שטיין אין די אָטשערעדס, צאָלן נישט אין באַן און אין טראַמ־ווייַ — און די רעשט, זייערע חברים, קוקן אויף זיי הכנעהדיק, ווי פאַריער, ווי אָרעמע געסט ביי רייכע קרובים. און נאָך וואָס און צוליב וואָס דאָס אַלץ?!

און רעד מיט זיי, זאָגן זיי דיר גלייך: „איר האָט דאָך געקושט די הענט ביי די פּאַנעס; יעדער אַרבעטער ביי אייך האָט געמוזט קושן די האַנט ביים דירעקטאָר; אייערע פּויערים זיינען דאָך געגאַנגען געשפּאַנט אין די אַקערס אַנשטאָט אָקסן; די פּוילישע פּאָליציי פלעגט דאָך ביי אייך, בשעת דער פּאַסיפיקאַציע, אָפּהאַקן אוקראַיני־שע קינדער אין קעסלען און זיי וואַרפן פאַר די חזרים צום עסן; איר האָט א פאַר־שקלאַפטע פּסיכיק!”

זיי ווייסן אַלץ! איז מחמת וואָס מוז אַזוי פאַרקריפּלט ווערן ביי זיי דער מענטש? פאַרוואָס מוז ער זיין אָנגעשטאָפּט מיט גוזמאות, שקרים אומוויסן און זעלבסט־באַרימעריי?!

און פאַרוואָס, אַז מען דערמאָנט דעם נאָמען פונם פירער (סטאַלין) מוזן זיך אַלע אויפשטעלן און אַפּלאָדירן?! שטעלט איר זיך פאָר, אַז אַזעלכעס וואָלט גע־קאָנט טרעפן מיט מאַרקסן, מיט לענינען?

אויף איין מיטינג האָבן מיר געמוזט עלף מאָל אויפשטיין פון די ערטער ביים דערמאָנען זיין נאָמען. לעבן מיר איז דעמלט געזעסן די פּוילישע שרייבערין יאַנינאַ בראָניעווסקאַ. זי איז געווען מעוברת אין די הויכע חדשים און במשך אָנדערטהאַלבן שעה האָט זי זיך געמוזט עלף מאָל אויפשטעלן. שטיין שוין צוזאַמען מיטן קאַנ־דידאַט אויף א ניי־געבוירענעם סאָוויעטישן בירגער. דאָס איז דאָך געצנדינעריי! איז דאָס אַלץ צוליבן וואויל פון דער לײדנדיקער מענטשהייט, צוליב די אַרבעטער, צוליבן סאָציאַליזם?

— איר האָט דען א ברירה? אוודאי, וואָלט געווען א דעמאָקראַטיש פּוילן, וואָלטן נישט געווען דאָרט די דייטשן, וואָלט יעדער צוריק אַוועק. איך אויך. אָבער אַזוי וואָס? קיין סך צו קלייבן בלייבט אייך נישט: אָדער ביי די דייטשן, זיין פאַר־שפּאַרט אין א געטאָ, אין א קאָנצענטראַציע־לאַגער, אָדער זיין דאָ און ווי עס איז זיך צופּאַסן צום היגן לעבן. מוז עס דעריבער זיין אַזוי. נישט אַלץ קאָן מען אָפּט באַנעמען מיט דער טרוקענער לאָגיק. פאַראַן אַזעלכע ברוטאַלע לעבנס־געזעצן, א פּעריאָד אַזעלכער, א קורס אַזאַ. עס איז נאָר צייטווייליק. מ'דאַרף פּרווון אריינ־דרינגען טיפער. אוודאי איז נישט אַלץ אַזוי גלאַטיק און פאַרשטענדלעך, אָבער נישט אַלץ קאָן מען באַנעמען מיט דער ריינער לאָגיק.

— וואָס? עס איז מיסטיק? היסטאָרישע מאַטעריאַליסטן רעדן מיט קאַ־טעגאָריעס פון מיסטיציזם?

— איך טראַכט, אַז דאָ הי איז נאָך אַלץ כאַאָטיש. איך גלויב, אַז אין ראַטנ־פאַרבאַנד גופא מוז עס זיכער זיין אַנדערש. דאָ זיינען נאָך פאַראַן גענוג שעדיקער. עס זיינען נאָך דאָ איצט געהיימע, קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס. אָט ווייס איך, מען האָט עס מיר איבערגעגעבן פון פאַרטרויִלעכע און אויטאָריטעטע קוועלן, אַז דער „בונד” פירט דאָ אָן אונטערערדישע, קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט. זיי האָבן פאַרצווייגטע, פאַרקאָנספּירירטע אָרגאַניזאַציעס. אומזיסט, מיינט איר, האָט מען אַרעסטירט אַלטערן און ערליכן? זיי האָבן גערופן די באַן־אַרבעטער צו שטרייקן און בונטן.

איך האָב אים אָנגעקוקט מיט שטוינונג. א דערוואַקסענער, געניטער, פּאָליטי־שער טוער, רעדנער און זשורנאַליסט און — רעדט אַזעלכע שטותים, אַזעלכע נאַ־

איווע אויסטראכטעניש. ער האָט פאַרשטאַנען מיין בליק און זיך קינדיש פאַרויטלט:

— פאַרצווייפלט נישט, עס וועט נאָך בעסער זיין. דאָרטן, ווייטער אין לאַנד, מוז עס אוודאי זיין אנדערש.

פונדערוויטנס איז אָנגעקומען אונזערס א באַקאַנטער און מיין מיטשמועסער האָט זיך שנעל מיט מיר געזעגנט.

אוועקגייענדיק, האָב איך מיר נאָכגעטראַכט וועגן דעם מצב, אין וועלכן ער, אַן ערלעכער, אידעישער מענטש און קעמפער, געפינט זיך:

ער האָט א קראַנקע פרוי, א קליין קינד — ער געניסט פון בעסערע פּאַיאָקן, ער פאַרנעמט אַן אָנגעזעענעם אמט — ווי אזוי וועט ער דאָס אַלץ אוועקוואַרפן? וווהין וועט ער גיין? צוואָס וועט ער זיך נעמען? ער וועט ווידערשפּעניקן? נישט מסכים זיין? איז נישט נאָר עס וועט נישט זיין קיין צוקער, ווייס ברויט, קאַלאָשן, א דירה — נאָר תפיסה. און אין תפיסות איז ער שוין געזעסן אין פּוילן עטלעכע יאָר. וועט אים נאָך סטאַיען כוח, ענערגיע און מוט ווידער אַוועק אויף דעם וועג פון ליידן און קאַמף?

אודאי, פאַראַן אזעלכע ברוטאַלע לעבנס־געזעצן! זיי הערשן און באַשליסן!

## קאַפּיטל ג

עס איז צוויי טעג פאַרן ערשטן מאַי. עס ווערן צוגעגרייט די פייע־ינגען. אין דער מאַניפעסטאַציע קאָנען נעמען אָנטייל נאָר די ארבעטער פון די פאַבריקן און אָנגעשטעלטע אין די אינסטיטוציעס.

פינף מענטשן גייען אין א ריי. פון יעדער ריי איז באַשטימט איינער, וועלכער איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיין פינפטל. די פינפטל־פירער זיינען אונטערגעוואָרפן דעם סאָטניק (הונדערט־פירער), וואָס איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די 20 פינפטל־פירער. יעדער גייט צוזאַמען מיט זיין צעך. אַלע צעכן גייען צוזאַמען מיט זייער פאַבריק.

עס איז געווען א באַפעל צו אַלע איינוווינער. וועלכע וווינען אויף די גאַסן וווּ ס'דאַרף דורכגיין די מאַניפעסטאַציע, אז אַלע פענצטער־פענסטער דאַרפן זיין פאַרמאַכט. אומעטום דאַרפן הענגען רויטע פענער. די גאַסן ווו עס וועט דורכגיין די מאַניפעסטאַציע וועט זיין אַרומגעשטעלט מיט מיליטער.

די איינוווינער, וועלכע זיינען נאָך ביז איצט געווען פאַרעקשנט און נישט געוואָלט איבער־שטעלן זייערע זייגערס פון די שטובן אויף מאָסקווער צייט (אויף צוויי שעה שפּעטער), האָבן שוין איצט נאָכגעגעבן, ווייל טאָמער קומט ווער אריין פון דער מאַכט. קאָן אזא זאַך ווערן שלעכט אויסגעטייטשט.

מען האָט שוין אויך צעהאָנגען אין די שטובן סטאַלינס פּאָרטרעט.

איך האָב מיר באַשטימט אויף דעם יום־טוב צו פאָרן קיין באַראַנאָוויטש. אָפּזאָגן זיך פון גיין — קאָן מען נישט און גיין איז מיר שווער. מאַנירעפּסטירן אין אזא אַטמאָספער און אין אַזעלכע באַדינגונגען? צוואַנציק יאָר האָב איך רעגולע־ מאַרשירט אין די דעמאָנסטראַציעס אין וואַרשע יעדן ערשטן מאַי. סיי דעמאָלס ווען די פּוילישע מאַכט האָט דערלויבט, סיי דעמאָלס ווען רייטער־פּאָליציי האָט צעיאָגט די דעמאָנסטראַנטן, געשלאָגן און אפילו נאָכגעשאָסן.

פאַר די לעצטע זעקס יאָר איז מיר דער יום־טוב געוואָרן נאָך מער טייער און נאָענט. דעם 1־טן מאַי, 1933, האַלב איינס בייטאָג, איז געבוירן געוואָרן מיין טעכטערל. זי האָט טאַקע באַקומען דעם נאָמען מ אַ י אַ. איצט ווערט מיין טעכטערל אַלט זיבן יאָר און איך וויל מיין יום־טוב פּראַוועון מיט מיין קינד און פרוי צוזאַמען.

איך בין אָנגעקומען קיין בּאַראַנאָוויטש דעם ערשטן מאַי. שוין נאָך 12 בייטאָג. עס איז געווען אַ פאַרכמורעטער און פאַררעגנטער טאָג. די פאָנען, וועלכע האָבן געהאָנגען איבער די פענצטער, זיינען געווען פיטש־נאַס, דורכגעווייקטע. האָבן זיי נישט געפלאַטערט, נאָר שווער אַראָפּגעהאָנגען. אויך די רויטע פאַרב איז געוואָרן פון רעגן פאַרנעצט.

איך האָב נישט דערקאָנט אין זיי קיין רויטע, יום־טובדיקע פאָנען.

אַלע זין רב לייזערס זיינען איצט צוריקגעקומען אין שטוב אריין פון דער מאַניפעסטאַציע. זיי זיינען דאָך איצט אַלע אַרבעטנדיקע און האָבן אָנטייל גענומען אין דעם מאַרש־פּאַראַד. אין די לאַצן טראָגן זיי זשעטאָנען מיט דעם בילד פון לענין און סטאַלין.

זיי קלאָגן זיך אויף דער מידקייט פון גיין צוויי שעה אין צוג, אונטער אַ רעגן. חוץ דעם, האָבן זיי נאָך געטראָגן די בילדער פון אַלע מיטגלידער פון פּאָליט־ביוראָ. די בילדער פון קאַלינין, מאָלאָטאָוו און סטאַלין ווערן אויפגעמאָלן אויף גרויסע, הויכע קאַסטנס פון דינע דיקטן. אויפן גרעסטן קאַסטן, וואָס איז ווי אַ ריזיקע שאַנק, איז פאַרשטייט זיך, אויפגעמאָלן דאָס בילד פון סטאַלינען. אַזאַ שאַנק איז באַשלאָגן מיט לייסטלעך און עס טראָגן אים אַכט פּערזאָן.

חכמהנען זיך איצט די מאַניפעסטאַנטן:

— צום שווערסטן איז צו טראָגן די „מאַטקע באָסקע”! (די „געטלעכע מאַמע”, די קריסטלעכע הייליקע, וואָס איר סטאַטוע ווערט געטראָגן אויף רעליגיעזע פּראָצעסיעס. אין דעם פאַל האָבן זיי געמיינט דאָס בילד פון סטאַלינען).

אָבער דאָך איז איצט די שטוב מער יום־טובדיק. קיינער אַרבעט נישט היינט. אַלע זיינען אָנגעטאָן שבתדיק און די שטימונג איז אויך אַ הייטערע.

איינער פון זיי האָט מיט עפּעס מכבד צו זיין לכבוד דעם יום־טוב — אַן עקסטר־ע אַרטיקל. ער האָט אויסגעפונען ערגעץ אַן אַלטע יידישע וואַרשעווער צייטונג „דער עקספּרעס”.

אַלע וואַרפן זיך אויף דער צייטונג און ווילן זי לעזן. מען שפּיגלט זיך אין יעדן וואָרט:

— זע נאָר, די צייטונג איז קוים אַלט ניין חדשים און ווי פאַרצייטיש זי זעט שוין אויס. ווי אַ גרוס פון אַ צווייטער, גליקלעכער וועלט. די היגע בלעטער זיינען דאָך גאָרנישט קיין צייטונגען. אַרטיקלען וועגן קאָלכאָזן און פאַבריקן. יעדן טאָג — בילדער פון סטאַכאַנאָווצעס. אַלע אַרטיקלען און נאָטיצן זיינען פול מיט גאַלע באַרימערייען — וועגן זיך, און זידלערייען — אויף אַנדערע מלוכות (חוץ דייטשלאַנד). ידיעות פון אויסלאַנד גיבן זיי קוים אַ פּאָר צענדליק שורות. וועגן דער מלחמה — אַ קאָמוניקאַט פון די דייטשן, אַ קאָמוניקאַט פון די ענגלענדער. דער דייטשער קאָמוניקאַט איז שטענדיק אויספירלעכער, גרעסער. דער ענגלישער, דער פראַנצויזישער — קוים עטלעכע ווערטער. יעדער אַרטיקל פאַר־

ענדיקט זיך מיט א לויב דעם „פאטער" (סטאלין). און דעם ענדיקט זיך נישט קיין שום פארזאמלונג, קיין שום רעזאלוציע, קיין שום ארטיקל. די „מחותנים" (די דייטשן און די רוסן) זיינען באגליקט געוואָרן מיט „געטלעכע פירער".

יעדער לייענט פאר א שטיקל פון „עקספּרעס". מען לייענט פאמעלעך, מיט הנאה און מען קרעכצט: — געענדיקט, א סוף צו די אמאליקע צייטן.

און זיי האבן נאר צו דערציילן וויצן:

— געהערט שוין? א לייטענאנט האט געגעסן פלייש אין א רעסטאראן, האט ער אזוי שלימזלדיק מאניפולירט מיט מעסער און גאפל, אז דאס פלייש איז ארויפגעשפרונגען אויף א גאסטס נייעם, העלן קאסטיום.

— געהערט שוין? צוויי לייטענאנטן זיינען אריין אין א בורזשויסקער דירה. האט מען זיי אפגעגעבן א צימער און א פראנצויזישן טאפטשאן צום שלאפן. אינדערפרי, ווען איינער איז ארויסגעקומען זיך וואשן, האט אים די באלעבאסטע געפרעגט ווי אזוי עס איז זיך אים געשלאפן. האט ער געענטפערט:

כאראשא! (גוט). נאר עס איז אביסל דושנע אינעווייניק! איז די באלעבאסטע אריינגעגאנגען אין דעם צימער — האט זי קיינעם דארט נישט געזען. האט זי אריינגערופן דעם לייטענאנט פרעגן ווו עס איז דער צווייטער, האט ער אפגעענטפערט: „ער שלאפט נאך דארטן", און ער איז צוגעגאנגען און געעפנט דעם טאפטשאן. ביידע זיינען זיי געשלאפן דארטן אינעווייניק, אינם טאפטשאן.

איך האב נישט ליב צו הערן די טענות קעגן סאָוויעט־רוסלאנד פון געוועזענע פאבריקאנטן, באלעבעסלעך. עס ערגערט מיך. איך זאג צו זיי:

— דערפון איז גארנישט דא וואס צו לאכן. די לייטענאנטן זיינען מענטשן פון פאלק! ווייסן זיי נישט ווי אזוי זיך אומצוגיין געשיקט מיט לעפל־גאפל. ווייסן זיי נישט ווי אזוי צו שלאפן אויף א פראנצויזישן טאפטשאן. אדרבא! דאס זאגט וועגן דער רויטער ארמיי דווקא צום גינסטן.

זאגן זיי וועגן מיר:

„ער איז נאך אלץ געכאפט אין דער מעשה".

וויל איינער פון זיי אביסל פארווישן דעם שלעכטן איינדרוק וואס זייער דערציילן האט אויף מיר געמאכט, פארענטפערט ער זיך. אבער דאך וויל ער מיר נאך וויזן עפעס פיקאנטעס.

ער ווייזט מיר אן אנגעשריבן צעטעלע, א גימטריא — די אותיות ס. ס. ס. ר.

— זיי באטרעפן די סומע 380 און די זעלבע סומע פון 380 באטרעפט אייך דאס ווארט מ צ ר י ם.

ער פרעגט מיך:

— אבער דערויף זענט איר יא מסכים?

איך האב גארנישט געענטפערט.

## קאפיטל ד

די רעגיסטראציע אין ביאליסטאק און אנדערע שטעט איז טאקע נישט דערפירט געווארן ביז צום סוף. מען האט איבערגעריסן די רעגיסטראציע, באטש נאך א סך פליטים האבן זיך נישט פארשריבן.

דער עולם האָט זיך דערפרייט מיט דער ידיעה. עס האָט, הייסט עס, גענוצט דער שכל הישר.

אָבער אינגאַנצן רואיק און זיכער איז שוין קיינער נישט. שוין צופיל האָט מען גערעדט וועגן די „ווייסע בערן" — דאָס הייסט, אַז עס וועט נאָך פאַרט קו־מען אַ טאָג און מען וועט אַלע פּליטים פאַרשיקן אין שניי־לאַנד אריין — קיין סיביר.

עטלעכע טעג זיינען פאַרביי און אין גאַס איז שוין דאָ אַ נייע ידיעה: ביים „קאָמפּאָמביעזש" הענגט אַ מעלדונג, אַז ווער עס וויל זיך פאַרשרייבן אויף צו־ריקפאָרן אין געוועזענעם פּוילן, קאָן זיך דאָ פאַרשרייבן. די ראַטן־רעגירונג האָט געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט די דייטשן וועגן אַן אויסטויש פון דער באַפעלקערונג. פון דאָרטן וועלן ווערן צוריקגעשיקט אוקראַינער און ווייסרוסן און פונדאַנען וועלן ווערן צוריקגעשיקט פּאָליאַקן, וועלכע האָבן געוווינט אויף די דאָרטיקע שטחים פאַרן ערשטן סעפּטעמבער 1939.

דער הויף פון „קאָמפּאָמביעזש" איז ווידער פול. אויף דעם הויף זעען זיך אַ סך עלטערע יידן, 15 - 16 יעריקע יונגטלעכע, וועלכע האָבן געוואָלט אהיים צו זייערע עלטערן: איינזאַמע פרויען, וועלכע האָבן דאָ קיינעם נישט און אויך מענער, וועלכע האָבן געלאָזן אין פּוילן זייערע פרויען און קינדער אַליין.

דער אָטשערעד איז גרויס. מען שטייט דאָ פון פאַרטאָג אָן. מען צאָלט געלט פאַר אַ פריערדיקן פּלאַץ. נאָר זייער ווייניק מענטשן ווערן אָנגענומען.

מען האָט געזוכט פּראָטעקציע, מען האָט געוואָלט זיך דערשלאָגן דורך כאַ־באַר, עס האָבן זיך שוין אויסגעפונען מאַכערס, פאַרמיטלער, וועלכע האָבן אַזעל־כע הינטער־וועגן אויסגעפונען. כאַבאַר האָט נישט געמוזט זיין דווקא אין געלט. ביי דעם רוסישן פאַרוואַלטער פון „קאָמפּאָמביעזש" האָט געאַרבעט אַלס סעקרע־טאַרין אַ פרוי פון אַ יידישן אַרטיסט פון „ווילנער טרופּע". זי האָט מיט בעס און חרפה, דערציילט, אַז איר פאַרוואַלטער נעמט ביי די יונגע פרויען אַ גאַנצע האָרט כאַבאַר... נישט קיין געלט. זי האָט געוווסט אויסצורעכענען נעמען פון צוואַנציק פרויען, וועלכע האָבן זיך דורך אַזאַ מין מיטל דערשלאָגן אַרויסצובאַקומען אַ דער־לויבעניש אויף צוריקצופאָרן קיין פּוילן.

מען האָט אָנגעהויבן געוווירן ווערן נאָך פּרטים וועגן דעם צוריקפאָרן. עס זאָל האָבן געשלאָסן געוואָרן אַן אָפּמאַך אויף אויסצוטוישן 64 טויזנט מענטשן. אָבער אין אָפּמאַך רעדט זיך נאָר וועגן פּאָליאַקן און נישט וועגן קיין יידן.

מען קאָן אָבער פאַרשרייבן דעם ייד אויף אַ פּוילישן נאָמען, אים אויפגעבן אַלס פּאָליאַק. פון ביאַליסטאָק זיינען אַוועקגעפאָרן בסך־הכל עטלעכע צענדליק יידישע פּליטים.

דער גרענעץ־פּונקט איז געווען בריסק. טייל זיינען פונדאַנען אַרויסגעפאָרן אָן דערלויבענישן, מיט דער האָפנונג, אַז אויפן אָרט, אין בריסק, וועט מען שוין זיך לייכטער פאַרשאַפן אַזאַ פּאַפּירל. עס האָבן זיך דעריבער אָנגעזאַמלט אין בריסק עטלעכע טויזנט יידן, וועלכע האָבן געוואָלט צוריק אַריבער די גרענעץ.

מען האָט אַפילו דערציילט, אַז אַ דייטשישער אָפיציר פון דער גרענעץ־קאָמיסיע איז אַרויסגעטראָטן מיט אַ רעדע פאַר די יידן, אַז זיי זאָלן זיך נישט ייסן אַזוי צור־

ריקצופֿאָרן קיין פּוילן, יווײל זיי, די דייטשן, זעען נישט גערן קיין יידן דאָרטן. זאָלן זיי בעסער בלייבן דאָ, אויפֿן אָרט.

עס האָט אָבער נישט געהאָלפֿן. די דייטשן האָבן אפילו דורכגעלאָזן אָן פּאַפּירלעך אויך, דער עיקר — דאָקטוירים, אינזשיניערן, טעכניקער און אויך די, וועלכע האָבן גענעבן גרויסן כאבאר.

די סאָוויעטישע באַאַמטע האָבן אָבער גוט צוגעהיט, אַז קיין יידן זאָלן נישט דורך. האָבן די יידן דאָס אויסגעטייטשט, אַז די סאָוויעטן־מאַכט שעמט זיך דערמיט, אַז אפילו יידן ווילן פֿון זיי אַנטלויפֿן, אוועק צו די דייטשן און וועלן דאָרטן אָנדערצײלן גרויל־מעשיות. און אַז מען וועט דאָס געוווּיר ווערן אין אויסלאַנד, וועט דאָס ארויסרופֿן נישט קיין פּאָזיטיווע אָפּרופֿן וועגן סאָוויעט־רוסלאַנד.

מיטאַמאָל איז אָנגעקומען אַ גרויסע מחנה סאָוויעטיש מיליטער, צעטריבן אַלע פֿאַרזאַמלטע ביי דער סאָוויעטיש־דייטשער גרענעץ־ביוראָ אין בריסק. וויפֿל עס האָט זיך געלאָזן, האָט מען ארויפֿגעכאַפּט אויף לאַסט־אויטאָס און אָפּגעפֿירט אין ארעסט.

אין די אָפֿיציעלע קרייזן אין ביאַליסטאָק האָט מען עס אויסגעטייטשט דערמיט, אַז פּליטים אין בריסק זאָלן האָבן איינגעאָרדנט אַ דעמאָנסטראַציע אין גאַס און געפֿאָדערט, אַז מען זאָל זיי צוריקלאָזן אַהיים, קיין פּוילן.

איין וואַגאָן מיט יידן איז בלויז צוריקגעפֿאָרן אויף דער אַנדערער זייט. פֿון יענער זייט איז אין דער זעלבער צייט אויך אָנגעקומען אַ וואַגאָן מיט אַ קלענער צאָל יידן פֿון פּוילן, כדי איבערצופֿאָרן די סאָוויעטישע זייט.

עס זיינען געפֿאָרן אוק־אינער, רוסן און ווייסרוסן, וועלכע האָבן אַמאָל געוווינט אויף די שטחים פֿונם היינטיקן מערב־אוקראַינע און מערב־ווייס־רוסלאַנד (וואָס האָט ביזן 17־טן סעפּטעמבער 1939 געהערט צו פּוילן). צווישן זיי זיינען אויך מיטגעפֿאָרן עטלעכע יידישע פֿאַמיליעס.

די ביידע וואַגאָנען האָבן זיך געטראָפֿן אין ביאַלע, די ערשטע סטאַנציע פֿון בריסק, אויף דער דייטשישער זייט.

ווען די יידן, וואָס זיינען צוריקגעפֿאָרן פֿון בריסק האָבן דערזען עטלעכע יידן ארויסקוקן דורכן פֿענצטער פֿון וואַגאָן, וואָס איז געגאַנגען פֿון וואַרשע קיין בריסק, צו די סאָוויעטן, האָבן די יידן ארויסגעשריגן צו יענע יידן:

— משוגעים, וווהין פֿאָרט איר ? !

און יענע האָבן צוריקגעשריגן מיט נאָך מער פֿאַרוווּנדערונג:

— משוגעים, וווהין פֿאָרט איר!!!

צווישן די אריבערגעקומענע פֿון פּוילן איז אויך געווען די פֿרוי מיטן קינד פֿון דעם באַקאַנטן יידישן רעווי־אַרטיסט שומאַכער. זי און נאָך אַנדערע האָבן דאָס דערציילט וועגן דער טראַגישער באַגעגעניש צווישן די יידן אין די וואַגאָנען אין ביאַלע ביי בריסק.

## קאַפּיטל ה

איז די רעגיסטראַציע אויך שוין איבערגעריסן און דאָס לעבן פֿליסט דערווייל אין ביאַליסטאָק נאָרמאַל.

מען רעדט אין גאַס וועגן דעם, אַז מען האָט ארעסטירט דעם מיטאַרבעטער

פון „פאָלקסצייטונג" אין וואַרשע — דעם בונדיסט ש. אַדלער. מען זאָל אים האָבן געפּאַקט ביים אַריבערגיין די ליטווישע גרענעץ — קיין ווילנע.

צוליב דעם, מסתּמא, איז אויך פאָרגעקומען אַ רעוויזיע אין שטוב ביי לעאַ פינקעלשטיין.

איך בין אַרויפגעקומען דאָרט אַ טאָג נאָך דער רעוויזיע. פינקעלשטיין און זיין פרוי זיינען שטאַרק צערודערט און אויפגערעגט. די רעוויזיע האָט געדויערט עט־לעכע שעה. מען האָט אַלץ איבערגעדרייט און איבערגענישטערט.

זיי האָבן מיך געעצהט, אַז איך זאָל מער צו זיי נישט אַרויפקומען, ווייל עס קאָן זיין אויך אַ סכּנה פאַר מיר. זיי ווערן אוודאי אָבסערווירט.

***

אין טייל שולן האָבן עטלעכע לערער, מן־הסתּם פון אייגענער איניציאַטיוו, איינגעפירט נייע, באַלערנדיקע שפּילן פאַר די קינדער. געוויינלעך באַקומען די קינדער אין שול יעדן פרימאָרגן — ברויט און מילך. עס דאַרף דערלאַנגט ווערן 9 אינדערפרי. עס איז שוין אָבער 10, האַלב עלף — און דאָס ברויט מיט מילך איז נאָך אַלץ נישטאָ. די קינדער זיינען הונגעריק, זיי רעגן זיך אויף, טומלען — אָבער עס ווערט אַלץ נישט דערלאַנגט דער פרישטיק. אָבער גלייך קומט אַריין דער דערציער און פרעגט ביי די שילער:

— ווער גיט ברויט פאַר אַלע מענטשן און אויך פאַר קינדער?

עטלעכע שילער ענטפערן אָפּ:

— גאָט!

גייט ער צוריק אַרויס פון קלאַס. ס'דויערט ווידער אַ האַלבע שעה און מ'ברענגט אַלץ נישט דאָס עסן. קומט ווידער אַריין דער דערציער און פרעגט ווי־דער דאָס זעלבע. באַקומט ער ווידער דעם זעלבן ענטפער פון די שילער. גייט ער צו דער טיר, וויל ווידער אַוועקגיין. דאַן רופט זיך אָן אַ ייִנגעלע:

— לערער, לערער! ברויט גיט סטאַלין!

צעשמייכלט זיך דער לערער פון תּענוג. אָט דאָס האָט ער טאַקע געמיינט און געוואָלט. ווענדט ער זיך שוין איצט צו די קינדער:

— אויב אַזוי, דאַרפט איר אַלע שילער איבערחזרן דאָס זעלבע.

ענטפערן שוין אַלע קינדער אין כאָר:

— נישט גאָט, נאָר סטאַלין גיט אונז ברויט!

זאָגט איצט דער לערער צו די קינדער:

— טאָ בעט ביי אים, וועט ער אייך געבן ברויט!

רופן די קינדער כאָראַל:

— סטאַלין, סטאַלין, גיב אונז ברויט!

פראַלט זיך אויף די טיר, עס קומען אַריין די טיילערינס מיט ברויט און מילך אויף די טאַצן.

***

עס איז שוין שבועות. איך גיי אויף דער לענינסקע גאַס. איך באַגעגן, פאַר־טוליעט דעם קאָפּ אין לייכטן רעקל — דעם פאָעט עמיאָט. איך רוף צו אים:

— גוט יום־טוב, חבר עמיאַט!

ער קוקט מיך אָן מיט חשד און פאַרוואונדערונג:

— פונוואַנען געדענקט איר דאָס, אַז היינט איז יום־טוב?

— נישט נאָר איך געדענק, נאָר איך קום איצט אויך פון שול. געווען דאָרט אַ שעה צייט, אויף מזכיר־נשמות. איך בין שוין צוואַנציק יאָר נישט געווען אין קיין שול, שוין צייט זיך אַמאָל אַריינצוכאַפּן צו די יידן, וועלכע דאַוונען אין שול.

— זענט איר טאַקע געווען אין שול ביי מזכיר נשמות?

— נו וואָס? זעט אויס, אַז ביי גאָט פירט זיך ערגעץ אַ חשבון. איינער וואָס פלעגט דאָרטן שטענדיק קומען — איז אַוועק, האָט אַ צווייטער געמוזט אַריין אויף זיין אָרט.

ער האָט אָפּגעענטפערט מיט אַ קרעכץ:

— טאָ האָט זשע מיר אַ גוטן יום־טוב!

און נאָך מער פאַרשטעקט זיין געגאָלט פּנים אין קאָלנער פונם רעקל און איילק אַוועק.

## קאַפּיטל ד

עס איז אין די ערשטע טעג פון חודש יוני. עס קומט שוין פאָר די פּאַספּאָר־טיזאַציע. אַלע היגע איינוואוינער באַקומען פּעסער. ווער עס וויל פון די פּליטים אָנ־געבן אויף אַ סאָוויעטישן פּאַס, דאַרף אויסשרייבן אַ פרעג־בויגן, אַן אויטאָביאָגראַ־פיע, ביילייגן דריי פאָטאָגראַפיעס — און ער באַקומט אַרויס אַ פּאַס.

די פּליטים, וועלכע האָבן שוין אַרויסבאַקומען פּעסער, באַמע־קן, אַז אין זייער פּעסער איז צוגעשריבן עפּעס אַ ספּעציעלער פּאַ־אַגראַף מיט אַ נומער.

מען האָט זיך גענומען נאָכפרעגן פאַרטרוילעך ביי רוסישע מענטשן. איז מען דערגאַנגען, אַז דער פּאַ־אַג־אַף באַדייט:

מען טאָר נישט וווינען ביז 300 קילאָמעטער נאָענט צו דער גרענעץ, מען טאָר נישט וווינען אין די הויפּט־שטעט פון די רעפּובליקן.

די, וועלכע האָבן צוויי פּאַ־אַגראַפן אין פּאַס, טאָ־ן נישט וווינען נישט נאָ־ווייט פון דער גרענעץ און אין רעפּובליקאַנישע הויפּט־שטעט, נאָר טאָ־ן אויך נישט וווינען אין די רעזשים־שטעט פון ערשטער און צווייטער מדרגה און אויך נישט אין די קרייז־שטעט. חוץ דעם באַדייט דאָס:

נישט־זיכערער פּאָליטישער עלעמענט. ביי יעדער פּאָליטישער אַקציע און רייניקונג, ווערן אַזעלכע עלעמענטן, אין בעסטן פאַל, פאַ־שיקט קיין אוראַל, סי־ביר אָדע־ אויפן ווייטסטן דרום.

די פּליטים, וועלכע האָבן שוין אַ־ויסגענומען פּעסער, האָבן חרטה אויף זיי־ער שריט. אַ קליינע טרייסט איז פאַר זיי דאָס, אַז אַזעלכע פּעסער באַקומען אויך אַ סך פון די איינוואוינער, געוויזענע סוחרים, אָדער אייגנטימער פון הייזער און פאַבריקן, אפילו בעסער־סיטואירטע בעל־מלאכות, האַנטווע־קער. (די ג־עסערע סוחרים און פאַב־יקאַנטן זיינען שוין פון לאַנג אַ־עסטירט, אָדער פאַ־שיקט).

די פּאַספּאָ־טיזאַציע איז שנעל געוואָ־ן דורכגעפירט און עס איז געמאָלדן געוואָ־ן, אַז די אַלע, וועלכע האָבן נישט אַ־ויסגענומען קיין סאָוויעטישע פּעסע־זאָלן קומען זיך רעגיסטרירן אין די מיליציע־אָפּטיילונגען. ווען מען גייט דאָ־ט

אוועק נאָך אויפקלערונגען, זאָגן זיי, אַז די אַלע וועלכע האָבן נישט גע־
נומען קיין פּעסער און ווינטשן זיך פונדאַנען אַוועקצופאָרן אין אַנדערע לענדער,
זאָל עס זיין קיין פּוילן, צי ווו אַנדערש, וועט מען יעדן שיקן אין וועלכן לאַנד ער
וויל נאָר. די ווידער, וועלכע ווילן פאַרבלייבן דאָ, אויף דער סאָוויעטישער טערי־
טאָריע, וועלן באַקומען ספּעציעלע דאָקומענטן, וועלכע גיבן זיי אַזיל־רעכט ווי פאַר
אויסלענדער, געזונדע אין זייערע לענדער. אויף די דאָקומענטן וועלן זיי לעבן
און קאָנען וווינען ווו נאָר עס געפעלט זיי, אין גאַנץ ראַטנפאַרבאַנד.

מען האָט אָבער געוווסט זיך צו דערציילן, פון נישט־אָפיציעלע קוועלן, אַז
די אַלע וועלכע ווילן דאָ פאַרבלייבן ביז נאָך דער מלחמה, וועלן איזאָלירט און אינ־
טערנירט ווערן, אויף די זעלבע רעכט וואָס קריגס־געפאַנגענע.

און די פּליטים נעמען זיך מיישב זיין, איבערלייגן, דורכשמועסן. יעדע שעה
מערן זיך אַלץ נייע קלאַנגען און פּליאָטקעס. מען רעדט וועגן דעם אין די שטובן,
אין די אָטשערעדס, אין די מיליץ־צירקלען ווו מען שטייט צו דער רעגיסטראַציע
און אין די סטאָלוווקעס. מען רעדט וועגן גאָרנישט עפּעס אַנדערש:

— נו, ווי אַזוי פאַרשרייבסטו זיך? וווהין?

די וועלכע האָבן שוין באַשלאָסן צוריקצופאָרן, חכמהנען זיך איבער די אַנ־
דערע, וועלכע ישובן זיך נאָך:

— דו פאַרשרייבסט זיך אויף דאָרטן, אָדער אויף דאָ? — און ווען ער
זאָגט דאָס וואָרט „דאָ“ — ווייזט ער צו מיטן פינגער אויף דער ערד. וואָס עס
הייסט: פאַרפאַלן ווי אין דער ערד אריין.

א צוווייטער העלפט שוין צו:

— מיין שווער האָט מיך אָבער געוואָרנט פאַר מיין אַנטלויפן פון וואַרשע
קיין ביאַליסטאָק:

„געדענק, חיים! גייסט דו אַריבער צו די רוסן, איז ווי דו וואָלסט פאַר־
שלאָגן הינטער זיך די טיר, אַרויסגענומען דעם שליסל און אים געוואָרפן אין ים
אַריין! פון רוסלאַנד וועסט דו שוין קיינמאָל נישט צוריק אַרויס! איך בין דאָרט
געווען אין די ערשטע יאָרן רעוואָלוציע. איך קען זיי גוט! דו לאָזט דאָ א ווייבל
מיט דריי קינדערלעך — שוואַכן. דיין ווייב וועט בלייבן אַן עגונה און דיינע קינ־
דערלעך ספק־יתומים. פאַרבלייב מיט אונז! וואָס עס וועט דאָ זיין מיט כלל־
ישראל, וועט זיין מיט רב ישראל!“

און מען דערמאָנט שוין ווידער וועגן די, וועלכע זיינען אַנטלאָפן פון פּוילן
קיין רוסלאַנד פאַר די לעצטע 10 — 15 יאָר — פון די אַלע איז שוין קיינער נישטאָ!
ווער עס איז געשטאָרבן, ווער פאַרשיקט, אַרעסטירט אָדער דערשאָסן!

האָבן פּליטים געפונען א מיטן־וועג, — זיי האָבן זיך פאַרשריבן אַרויסצו־
פאָרן קיין אַמעריקע. זיי האָבן דאָרטן נאָענטע קרובים. אַנדערע ווידער האָבן זיך
פאַרשריבן קיין ליטע — ווילנע, קאָוונע; עטלעכע האָבן געוואָגט און זיך פאַרשריבן
קיין פּאַלעסטינע.

די גרעסטע צאָל אָבער האָט זיך פאַרשריבן אויף צוריקפאָרן, ווייל זיי האָבן
נישט געגלייבט, אַז מען וועט זיי לאָזן פאָרן אין אַנדערע לענדער. פאַרבלייבן דאָ,
אויף אַזיל־רעכט, קאָן עס דויערן עטלעכע יאָר, זיין ווייט פון פרוי און קינדער.

אגב, האָבן זיי אויך שוין נישט געגלויבט אין דעם אזיל־רעכט, זעענדיק, אז די אפילו, וועלכע האָבן ארויסגענומען סאָוויעטישע פּעסער, זיינען מיט פּאַראַגראַפן.

אָבער דאָך האָט זיך אַ גאַנץ היפּשע צאָל פאַרשריבן אויף בלייבן דאָ, אויף אזיל־רעכט. ווען מען זאָל זיי אפילו פאַרשיקן, אינטערנירן, איז נאָך אַלץ כדאַי צו פאַרבלייבן דאָ אַ האַלב יאָר, אַ יאָר און אפילו צוויי, זיין אויף די זעלבע רעכט פון אַ קריגס־געפאַנגענעם ביז די מלחמה וועט זיך ענדיקן. און דעמאָלט וועט מען קאָנען צוריקפאָרן צו זיך אַהיים, קיין פּוילן.

געווען אויך אַ טייל געשיקטע און דורכגעטריבענע, וועלכע האָבן געפּראַוועט אַ טאָפּל־בוכאַלטעריע:

אין איין מיליציע־ראַיאָן האָבן זיי ארויסגענומען אַ סאָוויעטישן פּאַס און אין אַ צווייטן מיליציע־ראַיאָן האָבן זיי זיך פאַרשריבן אויף צוריקצופאָרן.

איך האָב קיין פּאַס נישט ארויסגענומען. איך בין אריין זיך רעגיסטרירן און אָנגעגעבן, אַז איך וויל דאָ פאַרבלייבן אויף דער צייט פון מלחמה. ווען מען וואָלט געקאָנט נאָר אָננעמען בירגערשאַפט אויף אַ באַשטימטער צייט, ביז נאָך דער מלחמה, וואָלט איך געבעטן אַזאַ קורץ־טערמיניקן פּאַס. ער פאַרשרייבט אַלץ און זאָגט:

— גוט, איר וועט באַקומען.

ווען איך בין אַרויס פון רעגיסטריר־צימער, האָב איך געזען ווי מיליציאָנערן פירן אַרויס אַ גרופּע פאַרהאַלטענע יידן, צווישן זיי אויך דעם אַרטיסט **דוד** לעדערמאַן. ווען ער האָט מיך דערזען, האָט ער אַ געשריי געטאָן:

— זאָגט אין טעאַטער. אַז מען האָט אַרעסטירט דוד לעדערמאַנען! איך וויים נישט פאַרוואָס! זאָלן זיי מיך ראַטעווען! דערבאַרעמט אייך!

איינער פון די מיליציאָנערן האָט אים באַלד איינגעשטילט.

עס איז געווען אַ הייסער יוני־טאָג. לעדערמאַן האָט געטראָגן די מאַרינאַרקע אויף דער האַנט, ער איז געווען דערשוויצט, די אויגן אַרויסגעזעצט און ווי ער וואָלט זיך דורך דער איינער שעה, וואָס איך האָב אים נישט געזען, אינגאַנצן איבערגעביטן.

„איך וויים נישט פאַרוואָס! זאָלן זיי מיך ראַטעווען! דערבאַרעמט אייך!"

— האָט מיך דערמאָנט אין זיינס אַ זאָג פון מיט 17 - 18 יאָר צוריק, ווען ער, לעדערמאַן, האָט דעמלט געשפּילט אין „צענטראַל"־טעאַטער אין וואַרשע און בעתן אויספירן די ראָל פון יאַנסאָן אין „זיבן געהאָנגענע" אַנדרעיעווס, האָט ער דעמלט אויך געשריגן:

„מיך נישט הענגען! מ־י־ך נ־י־ש־ט ה־ע־נ־ג־ע־ן!".

איך האָב שפּעטער געפרעגט ביי עטלעכע, וועלכע זיינען געשטאַנען מיט אים אין איין צימער און זיך רעגיסטרירט, פאַרוואָס מען האָט אים אַרעסטירט, האָבן זיי איבערגעגעבן, אַז נאָכדעם ווי ער האָט שוין געהאַט פאַרענדיקט זיין רעגיסטרירן, שוין אפילו אַוועקגעגאַנגען, איז ער פלוצלונג צוריקגעקומען און געבעטן דעם מיליציאָנער נאָך צושרייבן זיין געגוייעם אַדרעס אין וואַרשע. ער האָט נאָר אָנגעגעבן פּאַוויע גאַס, אָבער דעם נומער פון טויער האָט ער פאַרגעסן אָנצוגעבן. בעט ער, אַז מען זאָל אים טאָן די טובה און נאָר צושרייבן דעם נומער. ער וויל, אַז עס זאָל זיין זיין געגויער אַדרעס. דער מיליציאָנער האָט איבן אָפּגעענטפערט „ס' טשאָרטו!"

(צום טיוּול). האָט לעדערמאַן זיך איבערגעפּרעגט פאַרוואָס מען זידלט אים. ער בעט דאָך נאָר אַ קליניקייט, אַ פאָרמעלער אַקט דאַרף זיין פּינקטלעך פאַרשריבן. האָט זיך דער מיליציאָנער אויפגעשטעלט, אַריינגערופן זיין געהילף און מען האָט אים גלייך אַוועקגעפירט אין אַרעסט־קאַמער.

איך בין אַריין אין טעאַטער זיי מיטטיילן די ידיעה. עטלעכע אַרטיסטן זיינען אַוועק צו דעם רוסישן לייטער פון דער קונסט־אָפּטיילונג אין ביאַליסטאָק. יענער האָט צוגעזאָגט צו אינטערווענירן.

ווען מען איז געקומען צו אים ביינאַכט נאָך אַן ענטפער, האָט ער אויף זיי אָנגעשריגן:

— ווי האָט איר געוואַגט מיך אַריינצופירן אין אַזאַ זומפּ? ! דעם לעדערמאַן באַשולדיקט מען אין גאָר אַ שווער פאַרברעכן! עפּעס אַ מיאוסע, פּאַסקודנע מעשה מיט אים! איך האָב געקלונגען צום נאַטשאַלניק פון דער מיליץ, האָט יענער מיך אָנגעזידלט פאַרוואָס איך מיש זיך אין אַזעלכע טונקעלע, מיאוסע ענינים.

די אַרטיסטן זיינען דערשראָקענע פון אים אַוועק:

— און ווער וואָלט געקאָנט וויסן, אַז אַזאַ לעדערמאַן קאָן זיך פאַרפּלאָנטערן אין אַ שווער פאַרברעכן?

## די „חתונה" האָט זיך אָנגעהויבן

דעם 23־טן יוני האָט זיך מיט אַ בליץ־שנעלקייט צעטראָגן די ידיעה איבער דער שטאָט:

— מען כאַפּט!

אין די פאַבריקן, סטאָלוועס, ביי די אָטשערעדס, אין די שטובן — מען כאַפּט אַלע פּליטים, וועלכע האָבן נישט אַרויסגענומען קיין פּעסער. אַלץ איינס ווי אַזוי ער האָט זיך פאַרשריבן, ווו אַוועקצופאָרן אָדער בלייבן. עס גייען ספּעציעלע אָטריאַדן פון דער נ. ק. וו. ד. — זעלנער מיט רויטע לאַמפּאַסן אויף די היטלען. ווען מען זיי טרעפן אָן אַ סאָוויעטישן פּאַספּאָרט, זעצט מען אים גלייך אַרויף אויף אַ לאַסט־אויטאָ און מען פירט אים אַוועק אין אַרעסט.

אין עטלעכע מינוטן אַרום ווייסט מען שוין, אַז די יעניקע פּליטים, וועלכע וווינען דאָ צוזאַמען מיט זייערע פאַמיליעס, ווערן נישט געכאַפּט. עס ווערן אַרעסטירט נאָר די „איינצלנע", די איינזאַמע, אָן פאַמיליעס דאָ.

די נ. ק. וו. ד., די טורמע, אַלע מיליציע־אָפּטיילונגען זיינען שוין איבערגעפּאַקט מיט אַרעסטירטע.

איבער די הייפער גייען אַרום מיליציאָנערן און זעלנער פון דער נ. ק. וו. ד. זיי טראָגן מיט זיך רשימות, און זוכן די אַלע, וועלכע דאַרפן דאָ וווינען. באַזונדערע גרופּן גייען איבער די גאַסן און לעגיטימירן די דורכגייער. עס לויפן אויטאָס איבערגעפּאַקט מיט פאַרהאַלטענע. די אויטאָס פאָרן שנעל, סיגנאַליזירן, די אַרעסטירטע טומלען אין ליאַרמען. פון די גאַסן צעלויפט מען זיך אין די הייפן, קראָמען, שטובן — ביאַליסטאָק זעט אויס ווי אַ קריגס־פּלאַץ.

פון אונזער שטוב האָט מען אַרויסגענומען מאַטעלען, — זי איז אַן עלטערע פריילין, — די זעלבע, וואָס מען האָט איר אויפן וועג צו דער גרענעץ, פון וואַרשע

צום בוג, אראָפּגעצויגן די שיך פון די פיס, געגאַנגען אַ סך קילאָמעטערס אַ באָר־וועסע איבערן שניי און זיך אָפּגעפרוירן די פיס. מען האָט זי שוין אָוועקגעפירט מיט נאָך „אַדינאַטשקעס" (איינצלנע, איינזאַמע) אין אַ פאַרלאָזענער פאַבריק־געבײַדע.

דער אַרטיסט זישע קאַץ קומט צו לויפן בײַנאַכט צו אונדז אין שטוב אַרײַן און דערציילט, אַז זײַן זון, וועלכער איז נישט לאַנג צוריקגעקומען פון טיף־רוסלאַנד, איז ווי נאָר ער איז אַרויס אויף דער גאַס, האָט מען אים צוגענומען. ער ווייסט אַפילו נישט וווהין. ער וואָלט אַהין אַוועק, כאָטש זײַן מיטן זון צוזאַמען. ער האָט אָבער מורא, אַז מען זאָל אים דערווײַל נישט כאַפּן אויף דער גאַס, אַהינגייענדיק דאָרט, און מען זאָל אים נישט אַוועקפירן ערגעץ אַנדערש.

ביאַליסטאָקער אײַנוווינער, אָדער פּליטים מיט פּעסער, זײַנען אַוועק זוכן זייערע אַרעסטירטע קרובים, זיי אַרײַנצוטראָגן עפּעס עסן. נאָר מען לאָזט נישט צו קיין עסן. מען דערציילט, אַז אַלע אַרעסט־ערטער זײַנען אַזוי איבערגעפּאַקט, אַז די פאַרהאַלטענע שטיקן זיך דאָרט פון היץ. מען לאָזט אַפילו נישט צו קיין וואַסער.

אויפן צווייטן טאָג זײַנען מיר געוואויר געוואָרן, אַז מאַטעלע האָט באַקומען אַ שגעון־אָנפאַל. זי האָט זיך געביסן די פינגער, אויסגעריסן די האָר פון קאָפּ, ספּאַזמירט, געוואָרפן זיך אויף אַנדערע שלאָגן, ביז מען האָט זי אַרויסגענומען אויפן הויף און אָפּגעגאָסן מיט אַן עמער וואַסער. מען האָט זי אָפּגעמינטערט און שפּעטער זי צוריק אַרײַנגעטריבן אין דער פאַבריק־געבײַדע. אין מיטן דער נאַכט האָט זי ערגעץ דערטאַפּט אַ שטריק און אויף אַ סלופּ אין פאַבריק זיך אויפגעהאָנגען.

דריי טעג האָט אָנגעהאַלטן דאָס כאַפּן די „איינזאַמע" און עס איז שטיל געוואָרן.

אָבער נאָר איין טאָג.

מען האָט שוין אָנגעהויבן כאַפּן אויך די מיט פאַמיליעס. די האָט מען אַוועקגעפירט גלייך צום באַן. דאָרטן האָבן שוין געוואַרט לאַסט־וואַגאָנען און מען האָט די געבראַכטע גלייך אָפּטראַנספּאָרטירט.

איך האָב געבעטן אַ שכן צו גיין אין פּאָסט און טעלעגראַפירן קיין באַראַנאָוויטש צו מײַן פרוי און אָנפרעגן וואָס מיט איר איז. איך באַקום אַ טעלעגראַפישן ענטפער, אַז „מען נעמט", אַז זי דערוואַרט יעדע רגע דאָס זעלבע, איך זאָל זיך באַמיען שוין קומען צופאָרן.

וואָס טוט מען? ווי אַזוי פאָרן? אַז אין וועג וועט מען מיך פאַרכאַפּן און איך וועל שוין נישט קאָנען זײַן מיט איר און מיטן קינד צוזאַמען!

דערווײַל מוז מען זיך אויסבאַהאַלטן. מיר זײַנען זעקס מענטשן אין שטוב. מיר קריגן זיך אַרויף אויף אַ בוידעם און באַהאַלטן זיך אויס אין אַ סטויג היי.

בײַנאַכט כאַפּט זיך ווער אַרײַן פון די שכנים און גיט אונדז עפּעס עסן. זיי גיבן אויך איבער די לעצטע כאַפּ־ידיעות.

איצט קומט שוין פאַר דאָס כאַפּן מערסטנס בײַנאַכט. יעדער אויטאָ־סיגנאַל איז אַן אָנזאָג פון אַ שלעכטער בשורה, אַז די כאַפּערס זײַנען נאָענט. קיינער פון אונדז שלאָפט נישט. אָט דערהערט מען שוין ווידער אַ סיגנאַל. אַן אויטאָ שטעלט זיך אָפּ. באַלד דערהערן זיך קולות פון פרויען, געוויינען פון קינדער. עס דויערט איננאַנצן עטלעכע מינוט. אַ סיגנאַל — דער אויטאָ איז שוין אַוועק מיט די געכאַפּטע.

די שכנים גיבן אונז איבער, אַז אין גאַס זאָגט מען, אַז מען פאַרשיקט נישט ווייט, קיין פינסק און אומגעגנט, אַז עס זיינען שוין אפילו דאָ צוריקגעלאָפענע פון פינסק.

מיר פאַרשטייען לייכט, אַז דאָס געהערט צו די ידיעות פון די עקסטרא „פאַל־שע גלאָקן". אַז דאָס פאַרשפּרייט מען בכיוון אַזאַ קלאַנג, כדי צו באַרואיקן, כדי די פּליטים זאָלן אַרויס פון די באַהעלטענישן. אָבער דאָך איז עס אַ ידיעה און אַ פונק פון גלויבן פאַרגנבעט זיך פאָרט.

נאָכער קומען קלאַנגען, אַז מען שיקט קיין מינסק, דאָרטן וועט מען סאָרטירן די אַלע געכאַפּטע, מען וועט צוריק פאַררייניקן מענער מיט זייערע פרויען, עלטערן מיט זייערע קינדער, ווייל אַ סך האָט מען דאָך געכאַפּט אין גאַס און פון יעדער גאַס געשיקט אין אַ באַזונדער אָרט. דאָרטן וועט מען דאָס אַלץ גלייכשטעלן, סאָר־טירן און מען וועט אַלע שיקן נאָענט פון מאָסקווע, אין אַ ספּעציעל אָפּגעזונדערט אָרט פאַר אַלע פּליטים, און זיי וועלן זיין צוזאַמען, וועלן דאָרטן וווינען און אַרבעטן.

אָבער מען זעעט שוין איצט, אַז עס זיינען געווען אמת די קלאַנגען, וועלכע מען האָט געהערט נאָך מיט אַ וואָך צוריק, אַז עס קומען אָן ספּעציעלע 40 טויזנט ענקאַוועדיסטן פון רוסלאַנד, כדי דורכצופירן אַ כאַפּ־אַקציע, אַז הינטער דער שטאָט שטייען אַוועקגעשטעלט אויף זייטיקע רעלסן הונדערטער לאַסט־וואַגאָנען, אַז די רעגירונג זאָל האָבן געווען איבעראַשט מיט דעם רעזולטאַט פון דער רעגיס־טראַציע.

פון 75 ביז 90 פּראָצענט פון די פּליטים האָבן נישט גענומען קיין פּעסער. דאָס זאָל האָבן שטאַרק קאָמפּראָמיטירט די סאָוויעטן אין אויסלאַנד און דערפאַר די אַלע אַרעסטן און פאַרשיקונגען.

דערויף איז געקומען די קעגנפראַגע: — פאַרוואָס פאַרשיקט מען שוין אַזוי ביסלעכווייז, פון די קלענערע שטעט — שוין פון דעצעמבער אָן — נאָך איידער עס האָט זיך אָנגעהויבן די פּאַספּאָרטיזאַציע? און אויב דאָס אָפּזאָגן זיך פון עט־לעכע הונדערט טויזנט יידן אָנצונעמען פּעסער קאָמפּראָמיטירט אין אויסלאַנד, וועט דאָך דאָס אַרעסטירן און פאַרשיקן אַזאַ גרויסע צאָל מענטשן — אודאי קאָמפּראָמי־טירן!

אָבער ווי קאָן מען איצט טראַכטן און פּילפּולען זיך וועגן די אַלע ענינים, אַז דער מוראַדיקער, וואָיענדיקער סיגנאַל פון די כאַפּ־אויטאָס בלייבט נישט שטיל אויף קיין איין מינוט.

אָבער דאָס ווייסט מען שוין אויף זיכער, אַז די „איינצלנע" די „איינזאַמע", ווערן נישט אָפּגעשיקט מיט די באַנען, נאָר זיצן אין אַרעסט, ווערן אויסגעפּאַרשט דורך פּראָקוראָרן, און פיל פון זיי האָבן שוין באַקומען אורטיילן פון דריי ביז אַכט יאָר.

אין איינער פון די נעכט, בעתן אויסבאַהאַלטן זיך אויפן בוידעם, באַקום איך אַ שווערן האַרץ־אָנפאַל.

כ'שיק איבער אַ בריוועלע צו מיינעם אַ חבר, איינער פון די קאָמוניסטישע שריי־בער. ער קומט צו מיר ביינאַכט אויף דער באַהעלטעניש. ער וויל מיר העלפן. ער קאָן אויספועלן ביי זיינעם אַ באַקאַנטן דאָקטאָר אַז יענער זאָל מיך אַריינגעמען

אין שפיטאָל ווו ער אַרבעט. דאָרטן קאָן איך אָפּליגן צוויי וואָכן. דאָס כאַפּן, זאָגט מען, דאַרף דויערן נאָר נאָך עטלעכע טעג בלויז, און דאַן בין איך געראַטעוועט.

איך בין אָבער דאָ צוזאַמען מיט מיין ברודער, שוועגערין, ווייטערע קרובים. חוץ דעם איז דאָך מיין פרוי מיטן קינד אין באַראַנאָוויטש. מען וועט זיי פאַרשיקן און איך וועל בלייבן דאָ. ניין, איך זאָג זיך אָפּ דערפון.

אַזוי זיינען מיר געלעגן אויפן בוידעם ביז דעם 29־טן יוני.

אָבער לענגער האָט די נערוון־שפּאַנונג נישט אויסגעהאַלטן. איך בין אַרויס פון אונטערן היי, זיך אָפּגעשאָקלט, אָפּגעשטויבט און געזאָגט צו די מייניקע:

— קינדער! איר טוט ווי איר פאַרשטייט אַליין. איך גיי זיך איבערגעבן צו דער מיליץ!

אַלע האָבן זיך אויפגעשטעלט, זיך צעקושט מיט מיר און זיך צעוויינט. אָבער באַלד האָט מיין ברודער זיך פעסט אַ שטעל געטאָן:

— איך גיי מיט דיר!

אין איין מינוט האָבן שוין אַלע באַשלאָסן, אַז זיי גייען צוזאַמען מיט מיר זיך מעלדן אין דער מיליץ.

עס איז אַלעמען פרייליכער געוואָרן. פּטור! וואָס ס׳וועט זיין, וועט זיין! לענגער דאָ אויסהאַלטן קאָן מען נישט.

מיר זיינען אַלע אַרויס אויפן הויף. די שכנים האָבן זיך איבערגעשראָקן. מיר האָבן זיי דערציילט וועגן אונזער באַשלוס, איז זיי אויך לייכטער געוואָרן. זיי זיינען געווען אין איין ציטערניש: אויפן הויף דרייט זיך דאָ אַרום אַ בחור, פון די שכנים, האָט ער בסדר געזוכט, געשנאָפּט, געשמעקט. ער איז אַ מיטאַרבעטער אין די „פיר אותיות” (נ. ק. וו. ד.). מילא, אַז מיר ווילן אַליין אַזוי, זאָל אונז גאָט העלפן.

מיר זיינען אַריין אין אונזער שטיבל, מען האָט זיך גענומען אַרומוואַשן, מען האָט אויפגעשטעלט טיי, מען האָט געבראַכט עסן. מיר זיינען געוואָרן אַזוי האַר־פּערדיק און פריילעך, ווי מיר וואָלטן זיך געגרייט פאָרן צו אַ חתונה.

מען האָט געדונגען אַ פורל, אַרויפגעלייגט דאָס ביסל זאַכן אונזערע. די שכנים האָבן אונז פאַרזאָרגט מיט ברויט און מיר זיינען אַוועק מיטן פורל איבער די גאַסן.

אַ פּאַטרול איז צו אונז צוגעקומען:

— ווער זענט איר?

מיר האָבן מיט טריומף געענטפערט:

— מיר גייען טאַקע אַליין צו דער נאָענטסטער מיליץ־אָפּטיילונג.

זיי לאַכן צופרידן.

— מאָלאָדצי! אַליין זיך אַרעסטירט!

אין דער מיליץ האָט עס אַרויסגערופן אַ שטיקל טומל און סענסאַציע. דער עלטערער מיליציאַנט, אַ קליין יידיש יונגערמאַנטשיקל, וואָס האָט פאַר דער מלחמה געאַרבעט אַלס בוכהאַלטער אין אַ געשעפט אין ביאַליסטאָק, האָט יעדן איינעם פון אונז נעקלאַפּט איבערן פּלייצע:

— איר האָט זייער גוט געטאָן! איך זאָג עס אייך ווי אַ פריינט. די אַלע, וועלכע באַהאַלטן זיך אויס, אַז מען וועט זיי כאַפּן, וועט מען זיי גליך דערשיסן אַלס שפּיאָנען.

און צו דער רעשט מיליציאָנערן האָט ער געזאָגט: — זיי זיינען פון מיין ראַיאָן, איר זעט?

ביים צונעמען מיינע דאָקומענטן, האָט ער געפונען ביי מיר א באשטעטיקונג פון רעדאקציע „ביאַליסטאָקער שטערן". האָט ער זיך מיט מיר נאָך מער דערפרייט. ער וואָלט וועלן מיט מיר שמועסן אביסל וועגן ליטעראטור, נאָר ער האָט, ליידער, נישט קיין צייט, פאַראַן אַרבעט ביז איבערן קאָפּ.

איך פרעג אים נאָך ראַס, וואָס אינטערעסירט מיך אַמריינסטן:

— צי וועל איך זיך קאָנען צונויפטרעפן מיט מיין פרוי און קינד אויף איין פונקט ערגעץ?

— אוודאי, זיכער. מיר, סאָוועטן, באַגינסטיקן שטאַרק דאָס פאַמיליע־לעבן. איר וועט נאָך ווערן ביי אונז א פאַרהאַרטעוועטער קאָמוניסט און שאַפן פאַר דעם וויל פון אונזער נייעם, איינענעם, סאָוועטישן פאָטערלאַנד.

אָפּגעזעסן דאָרטן עטלעכע שעה, איז אָנגעקומען איינער מיט א זעקל אויף די פּלייצעס. ער איז אריין דאָ אָן דער באגלייטונג פון א מיליציאָנער. עס איז דער זשורנאַליסט בער קוטשער.

ער איז געווויר געוואָרן, אַז מיר זיינען אליין אוועק זיך איבערגעבן אין דער מיליץ, און אַזוי ווי ער איז איינער אליין אין ביאַליסטאָק, זיין פרוי מיט די קינדער זיינען פאַרבליבן אין וואַרשע, איז ביז איצט האָט ער זיך אויסבאַהאַלטן, אָבער כאַפּן וועט מען אים דאָך סיי ווי, וויל ער באַטש זיין מיט נאָענטע און באַקאַנטע, איז ער אויך געקומען פרייוויליק זיך מעלדן אין דער מיליץ. זיינען מיר איצט שוין זיבן מענטשן — עס ווערט היימלעכער.

איך בעט מיר געבן א דערלויבעניש אויף אַרויסצוגיין אין גאַס קויפן עסן. דער מיליציאָנער פרעגט מיך נאָר, צי איך לאָז דאָ איבער מיינע זאַכן. אויב יאָ — געטרויט ער מיר אַרויסצוגיין.

איך גיי קויפן עסן און פאַראייניגנגס כאַפּ איך זיך שוין אַריין אין שרייבערפאַריין. עטלעכע חדשים שוין דאָרטן נישט געווען. איצט קאָן איך שוין פריי אריינגיין, איך וויל זיך געזעגענען מיט די חברים.

איך האָב זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן. איך האָב זיך נישט געקאָנט האַלטן ליטיש, ווי מען דאַרף, מענעריש, מוטיק — איך האָב זיך ספּאָנטאַניש פונאַנדערגעוויינט.

די חברים האָבן פאַרשעמט אַראָפּגעבויגן די קעפּ. נאָר איינער פון זיי, דער שרייבער ש. ב. האָט זיך מיאוס צעשמייכלט. זיינע קנאה־געפילן צו יעדן איינעם וועלכער האָט פאַרנומען א געוויסע פּאָזיציע אין ליטעראַרישן לעבן איז געווען א באַוווסטע. ער האָט אויך אין דעם מאָמענט נישט געקאָנט צוימען זיינע שלעכטע געוווינהייטן. זיין שמייכל וועט זיך מיר געדענקען נאָך לאַנגע, לאַנגע יאָרן.

דער פאַרלעגער מאַרק ראַקאָווסקי, וועלכער האָט אַרויסגעגעבן מיינס א בוך, האָט אויך גענומען צופּעפּערן:

— גאַנץ גוט אַזוי! מען האָט געראַפּט נעמען א סאָוועטישן פּאַס! איר האָט באַליידיקט אונזער גרויס אין הייליק פאָטערלאַנד. (ער איז שפּעטער פאַר־

אורטיילט געוואָרן אויף 10 יאָר טורמע פאַר פאַרדאַכט אין שפּיאָנאַזש פאַר יאַפּאַניע (!!) און זיצט נאָך עד היום אין תפיסה).

ווען איך האָב זיך געזעגנט מיט דעם טאַלאַנטפולן נאָוועליסט א. ק. האָט ער אין דעם מאָמענט מיך געוואָלט טרייסטן מיט א גייסטרייך, חכמהדיק ווערטל:

— נישקשה, נעמט זיך נישט איבער, פון פאַרשיקונג אין סיביר זיינען אמאָליקע ציטן יידן צוריקגעקומען מיט א סך גאָלד.

מיר האָט דאָס בלוט האַסטיק א שלאָג געטאָן אין פּנים אריין פאַר דער חרפּה־דיקער, נבזהדיקער חכמה און בין שנעל ארויס פון פאַריין.

אויף דער מיליץ האָבן מיר געבעטן, אז מען זאָל אונז שוין וואָס שנעלער אָפּשיקן צו דער באַן. ניין, דאָס קאָנען זיי נאָך נישט. ווייזט זיך ארויס, אז מיר דאַרפן נאָך דורכגיין אַן אויספאָרשונג.

מיר זיינען שוין געלעגן אויף אונזערע פּעקלעך און געדרימלט (נאָך אזוי פיל נעכט נישט שלאָפן), אָבער איינשלאָפן איז דאָך געווען שווער. עס האָבן שוין אָנגעהויבן טאָטשן ספקות, צי מיר האָבן ריכטיק געטאָן מיט דעם מעלדן זיך פריי־וויליק. איך האָב זיך דערמאָנט אין דער פאַרוווּנדערונג פון די מיליציאָנערן, ווען זיי האָבן אונז דערזען, ווען זיי האָבן דערהערט, אז מיר זיינען געקומען פרייוויליק.

אָבער פאַרפאַלן! עס איז געשען!

איינס ביינאַכט האָט מען מיך אַריינגערופן צו דער אויספאָרשונג. ער האָט מיך אויסגעפרעגט ווענן אַלעם מעגלעכן: ווו איך בין געווען מיין גאַנץ לעבן, ווער עס זיינען מיינע באַקאַנטע, וואָס איך האָב געטאָן. ער האָט פאַמעלעך פאַר־שריבן יעדעס וואָרט. דאָס האָט אויסגעפאָרשט דער קאָמיסאַר אַליין. ער איז א געקומענער פון דאָרטן, פון רוסלאַנד. זיין גענויע נאַציאָנאַליטעט איז שווער צו באַשטימען. ער האָט א מגושמדיק פּנים, שיטערע, שפּיציקע ציין, ער האָט אין זיך עפּעס פון א בייזן בולדאָג־הונט.

צום סוף האָב איך אים געפרעגט:

— וועל איך מיך צונויפטרעפן אין וועג מיט מיין ווייב און קינד?

ער האָט צעעפנט דאָס מויל, ארויסגעשטעקט די אונטערשטע ליפּ און פאַמעלעך, ציילנדיק יעדעס וואָרט, געזאָגט:

— טי אוזשע איך ניקאָגדאַ ניע אוווידיש! (דו וועסט זיי שוין קיינמאָל מער נישט זען).

נאָכן ארויסגיין פון אים, האָב איך ווידערבאַקומען א האַרץ־אָנפאַל.

אויף צומאָרגנס האָט מען אונז אוועקגעפירט צו דער באַן.

מיר זיינען געשטאַנען לאַנגע שעהן אין די ענגע, דושנע לאַסט־וואַגאָנען און שוין מיט אומגעדולד געוואַרט, אז דער צוג זאָל רירן פון אָרט.

עס זיינען נאָך געקומען צו אונז די שכנים פון הויף, אונז נאָך צוגעבראַכט עסן. זיי האָבן אונז נאָך דערציילט די לעצטע נייעס:

אז אַלע ביאַליסטאָקער איינוווינער האָבן היינט באַקומען צו צוויי קילאָ צוקער אויף א פאַמיליע. אזא פאַל האָט נאָך נישט פּאַסירט פאַר דער גאַנצער צייט.

שפּעטער איז נאָך געקומען צו לויפן אַ שכן און אונז איבערגעגעבן, אַז בער קוטשערס שוואָגער, דעם אַרטיסט זישע קאַץ, האָט מען געפונען איצט אין אַ קלאָזעט אַן אויפגעהאָנגענעם!

מען האָט אים אַראָפּגענומען פון דער שטריק שוין אַ דערשטיקטן.

דער צוג האָט זיך גענייט צום פאָרן. אונזער עולם האָט שוין געקענט אַ סך רוסישע לידלעך און געוואָלט צום אָפּפאָרן מאכן זיך אביסל פרייליך די הערצער. זיי האָבן אויפגעזונגען דאָס פּאָפּולערע לידל, וואָס איז גלייך געוואָרן אונטערגעכאַפּט פון אַלע „פּאַסאַזשירן" אין די לאַסט־וואַגאָנען:

„יאַ טאַקאַי דרוגאָי סטראַני ניע זנאַיו,
גדיע טאַק וואָלנאָ דישיט טשעלאָוועק!"
איך קען נישט נאָך אַזאַ לאַנד, ווו עס אָטעמט דער מענטש אַזוי פריי)...

און דער צוג איז אַוועק אין זיין ווייטן, אומבאַקאַנטן וועג.

# צווייטער טייל

# עשאַלאָנען, עשאַלאָנען...

## קאַפּיטל א

פאַר דער מלחמה, אין וואַרשע, פלעגן טוריסט־געזעלשאַפטן אײנאָרדנען רייזעס אין אומבאַוווסטע ריכטונגען און געגנטן. מען האָט נישט געזאָגט דעם טוריסט, וווהין ער פאָרט, מען האָט נאָר אָנגעגעבן די צייט, וואָס די רייזע וועט דויערן. פון פיר ביז אַכט שעה. אַזאַ רייזע האָט צוגעצויגן אַ סך בעלנים. עס ווילט זיך אַפטמאָל נישט וויסן פון פאָרויס, וווהין מען פאָרט. עס לאָקט דאָס אומבאַווווסטע.

מיט אונז איז אַצינד נישט אַזוי דער פאַל. מיר פאָרן אויך אין אַן אומבאַווווסטער ריכטונג און געגנט, אָבער אונז לאָקט דאָס נישט איצט, נאָר שרעקט. ווי לאַנג וועט דויערן אונזער רייזע? וווהין פאָרן מיר?

אין אונזער לאַסט־וואַגאָן זיינען דאָ דרייסיק פּאַסאַזשירן. די קאָנוואָי־זעלנער פון דער נ. ק. וו. ד. וועלכע באַגלייטן אונז, רעדן נישט אויס קיין וואָרט. זיי שרייען נאָר, אַז מיר זאָלן זיך נישט זוימען צו לאַנג ביים דערלעדיקן זיך... נישט אָפּשפּאַרן די טיר פון וואַגאָן, כאָטש עס איז יולי און די היץ איז אומדערטרעגלעך; אַז מיר זאָלן נישט לויפן נאָך קיין וואַסער. נאָר זיי שרייען. אָבער אַזוי אַ וואָרט רעדן זיי נישט אויס.

פונדעסטוועגן איז געלונגען אַ מיידל פון אונזער וואַגאָן געוווויר צו ווערן ביי דעם קאָנוואָי, אַז דאָס וואָס מיר זיינען נאָר דרייסיק פּערזאָן אין אַ וואַגאָן איז אַ גרויס גליק! ווייל אין די פריערדיקע טראַנספּאָרטן איז געווען אָנגעפּאַקט ביז זעכציק און אַפילו צו אַכציק אין אַ וואַגאָן.

האָבן מיר, הייסט עס, גליק אויך.

אָבער דאָך שטיקן מיר זיך פון היץ. פאַר דרייסיק פּערזאָן איז עס נאָך אַלץ צו ענג. נאָרמאַל איז אַזאַ וואַגאָן באַשטימט פאַר פיר ביז זעקס פערד, אָדער פאַר עטלעכע צענדליק זעקלעך מעל. דערויף דינט אַזאַ לאַסט־וואַגאָן אין אַנדערע לענדער. דאָס לאַנד, אָבער, איז געבענטשט מיט אַ סך מענטשן, קיין עין הרע, קנאַפּע צוויי הונדערט מיליאָן, מיט אַ סך שטח און אַ סך פאַרברעכער. אין רוסלאַנד געהערן „עטאַפּ" און „עשאַלאָן" צו די פּאָפּולערסטע ווערטער.

מיר האָבן אָנגעטראָפן אין וועג הונדערטער אַזעלכע ציגן מיט אַרעסטאַנטן, וועלכע שטייען אָוועקגעשטעלט אויף זייטיקע באַן־ליניעס. יענע אַרעסטאַנטן מוזן

שוין זיין פון אַ נידעריקער אָדער העכערער קאַטעגאָריע, אויב מען דערלאַנגט זיי שוין וואַסער דורך די קליינע, פאַרקראַטעוועטע פענסטערלעך. ביי זיי דאָרטן עפנט מען נישט די טירן און קיינער גייט נישט אַרויס. זייערע לאַסט־וואַגאָנען זיינען שוין באַזאָרגט מיט רעפלעקטאָרן אויף די דעכער, און נעבן יעדן רעפלעקטאָר — אַ קוילנוואַרפער. יענע אַרעסטאַנטן זיינען שוין אַלע מיט אָפּגעגאָלטע קעפּ, באַוואַקסן מיט בערד, געל־בלאַסע, מיט אויסגעלאָשענע אויגן. ווען זיי קוקן אַרויס דורך זייערע פאַרקראַטעוועטע פענסטערלעך, איז יעדער זייער בליק דערשרעקט דיך — אַז אַזוי קען אויסזען אַ מענטש, וועלכער איז אַמאָל אפשר אויך געווען אַ נאָרמאַלער בירגער. מיט אַ פרוי און קינד אינדערהיים, געזעסן אין אָוונט ביי זיך אין שטוב, הינטער אַ פאַרהענגל ביים פענסטער, ביי אַ וואַרעם אייוועלע. דאָס ווייב האָט אים פאַרצירעוועט די שקאַרפּעטן און דאָס קינד איז אים געזעסן אויף די קניען און געקושט אין די ליפּן.

איצט זיינען זיי אַרעסטאַנטן. זיי פאָרן אויך ערגעץ, איבער די ווייטע שטחים פון רוסלאַנד, פון איין טורמע אין דער צווייטער, פון איין לאַגער אין אַנדערן.

אָבער מיר זיינען נאָך נישט, חלילה, קיין אַרעסטאַנטן פון אַזאַ מדרגה.

האָבן מיר הייסט עס, שוין נאָך אַ גליק.

## קאַפּיטל ב

מיר זיינען שוין דורכגעפאָרן אַ היפּשן מהלך. שוין פאַרלוירן עטלעכע אילוזיעס. מען האָט גערעכנט, אַז אפשר וועט מען אונז טאַקע אַלע אָפּפירן קיין פּינסק, אין יענער אומגעגנט, קאָנצענטרירן דאָרט אויף אַרבעט אַלע פּוילישע יידן. עס איז געווען פריער אַ קלאַנג וועגן דעם. מען האָט ווייניק דערין געגלויבט, טאַקע צוליב דעם סימן, וואָס מען האָט אָנגעגעבן, אַז אַ טייל פאַרשיקטע זאָלן שוין האָבן אפילו אַנטלאָפן פון פּינסק. אָבער ווער ווייסט זיך דאָס אָפּזאָגן פון דער סאַמע מינדעסטער האָפענונג, ווען עפּעס אַנדערש, חוץ האָפענונג, איז גאָרנישט פאַרבליבן?

שוין לאַנג דורכגעפאָרן באַראַנאָוויטש. איך ווייס נישט וואָס עס איז געוואָרן מיט מיין פרוי און קינד, ווען און ווו מען האָט זיי געשיקט. איך האָב געקאָנט אַראָפּשפּרינגען אויף דער סטאַציע, כלומרשט ברענגען וואַסער, וואָרים, אַז מען גייט אַראָפּ אָן פעקלעך, אָן דעם רעקל, גלייבן זיי נישט, אַז מען וועט אַנטלויפן. איך האָב דאָס געקאָנט טון, אָבער וואָס וועל איך מאַכן אין באַראַנאָוויטש? אַז אַלע אַרויסגעשיקטע, ווי מען האָט געזאָגט, וועט מען סאָרטירן אין מינסק, יעדער וועט זיך אויסזוכן זיין פאַמיליע, זיינע נאָענטסטע און זיי וועלן קאָנען פאָרן צוזאַמען.

איצט איז מען שוין דורכגעפאָרן מינסק אויך. מען האָט זיך אָפּגעשטעלט דאָרטן אין מיטן דער נאַכט און יעדער עלטסטער פון זיין וואַגאָן איז אַראָפּ אויף דער סטאַציע מיט אַן עמער און באַקומען זופּ פאַר אַלע פון זיין וואַגאָן. דאָס איז געווען דאָס ערשטע ביסל וואַרעמס אין וועג. אָבער פון אַראָפּלאָזן דאָ אַלעמען און אויססאָרטירן איז גאָרנישט געוואָרן.

מיר פאָרן ווייטער. עס ווערט שווער צו באַקומען אַביסל וואַסער. וואָס טיפער אין לאַנד אַריין, אַלץ ווייניקער לאָזט מען שוין אַראָפּ אויף די סטאַנציעס נעמען וואַסער. דערלאַנגט מען אַרויס פון וואַגאָן פלעשלעך און מען בעט די פּאַסאַ־

זשירן אויף די פּעראָנען, אַז זיי זאָלן אונז צוברענגען וואַסער. אָבער דער קאָנוואָי לאָזט צו אונז קיינעם נישט צו.

אַ פרוי האָט אין וואַגאָן אָנגעשריבן אַ קאַרטל, אַראָפּגעשפּרונגען אויף אַ סטאַנציע און געוואָלט עס אַריינוואַרפן אין פּאָסט־קעסטל, איז צוגעלאָפן איינער פון קאָנוואָי און ביי איר דאָס קאַרטל אַרויסגעריסן. מיר האָבן נישט קיין רעכט צו שרייבן פון וועג. איצט שטעלט זיך אונזער צוג אָפּ שוין נאָר אויף קליינע סטאַנציעס. אויף גרויסע לאָזט מען שטיין נאָר שפּעט ביינאַכט, און דאָס אויך נאָר אויף די זייטן־ליניעס, נעבן די פראַכט־צוגן.

אויף די קליינע סטאַנציעס לויפן אָן קינדערלעך. מיר בעטן זיי אונז ברענגען אַ פלעשל מילך אָדער וואַסער. מיר גיבן באַזונדער געלט פאַר דער טירחה, אָבער זעלטן ווער פון זיי עס קומט צוריק. עס איז שוין נישט אַזוי אַ שאָד די פּאָר רובל, ווי די פלעשלעך וואָס ווערן פאַרפאַלן.

מיר זיינען דורכגעפאָרן אָרשאַ. די שטאָט איז אונז באַקאַנט פון זלמן שניאורס דערציילונגען. האָרט ביי דער סטאַנציע שטייט אַ שיינע געביידע, אין וועלכער מען דערקענט יידישן סטיל. איינער פון אונזערע מיטפאָרער, וועלכער איז ערשט נישט לאַנג צוריק געווען דאָרט און אַנטלאָפן קיין ביאַליסטאָק, קלערט אויף, אַז די געביידע, וואָס מיר זעען דאָ, איז געווען אַמאָל אַ יידישע שול. היינט איז דאָרט אַ ווייסרוסישער קאָמוניסטישער קלוב.

אַזוי פאָרן מיר טאָג נאָך טאָג. עס קומט אויס לענגער צו שטיין ווי צו פאָרן. די אַלע ריזיקע שטחים אַרום זיינען כמעט פּוסטע און וויסטע. חוץ וועלדער ט־עפּט מען זעלטן אַ פעלד, אויף וועלכן עס זאָל וואַקסן תבואה.

מיר געוויינען זיך צו צו אַ זאַך, וועלכע איז אונז די ערשטע טעג פאָרגעקומען אומגלויבלעך : דערלעדיקן זיך... דאָס האָט מען געקאָנט נאָר אונטער די וואַגאָנען, ווען דער צוג איז געשטאַנען אויף אַ זייטן־סטאַנציע. קומט אויס, אַז מענער מוזן זיצן אונטערן וואַגאָן צוזאַמען מיט פרויען... אין אָנהויב האָבן די יונגערע פרויען און ס'רוב מענער זיך פּשוט איינגעהאַלטן...

שוין נאָך די ערשטע דריי טעג האָט זיך דער עולם צוגעפּאַסט צו די נייע באַדינגונגען און בחברותא געפּראַוועט דעם מענטשלעכן באַדאַרף...

זעט אויס, אַז הונדערטער יאָרן קולטור קאָנען פאַרשווינדן אין געציילטע טעג, צי אַפילו אין איניקע שעהן. מען געוווינט זיך שנעל צו אָפּצוגעוווינען זיך פון די פריערדיקע געוווינהייטן.

פאַר קינדער, שוואַכע און אַלטע פרויען האָט מען אין וואַגאָן אוועקגעשטעלט אַן עמער, פאַרהאָנגען מיט אַ קאָלדרע, אַן אייגענע טואַלעט־קאַבינע אין וואַגאָן...

עס ווערט שיטערער מיטן עסן. דאָס ברויט, וואָס מען האָט אָנגעפּאַקט אין די זעק, האָט גענומען שימלען. נישט אַלע קאָנען זיך שנעל צוגעוווינען צו עסן פאַרשימלט ברויט. שוין דער אַכטער טאָג רייזע. איבער דער צייט האָבן מיר באַקומען בסך הכל צוויי מאָל צו ביסלעך זופּ.

פאַרן אַרויספאָרן, ווען מיר זיינען שוין געווען אין די וואַגאָנעס, האָבן אונז די ביאַליסטאָקער איינוווינער דערציילט, אַז עס זאָל האָבן געווען אַ ספּעציעלע דעפּעשע פון מאָלאָטאָוון, אַז מען זאָל די אַרויסגעשיקטע גוט באַהאַנדלען אין וועג, אַז מען זאָל זיי געבן צו עסן און אויף יעדער גרעסערער סטאַנציע באַזאָרגן אונז מיט מיטאָגן.

ווער וועט זיך פונאנדערקלייבן דעריין, צי די ידיעה איז אַן אמתע און ווערט נאָר נישט אויסגעפירט דורך נאַטשאַלסטווע, אָדער די ידיעה אַליין איז שקר און איז בלויז אויסן געווען אונז צו טרייסטן, אַז מיר זאָלן נישט ליאַרעמען און ספּאַזמירן ווי עס האָט געטראָפן מיט די פריערדיקע פּאַרטיעס ארויסגעשיקטע.

איך ליג אַפּ גאַנצע שעהן אויף דער אויבערשטער נאַרע, קוק שטאַר דורך די קליינע קראַטעלעך אויפן בלויען הימל. קומען אמאָל אָנצושווימען וואָלקנדלעך און שאפן זיך אייגענע קאָמפּאָזיציעס. זיי שפּילן זיך. דו קוקסט זיך אין זיי גיריק איין. יאָ, עס מאָלן זיך בילדער. אָט דערזעסטו עפּעס אַ גרויסן, מעכטיקן קאָפּ, מיט אַ לאַנגער, צעפּלאָשעטער באָרד. דו עסט זיך איין אין דעם בילד, דוכט זיך דיר אוים, אַז דו זעסט אַ באַקאַנט פּנים — יאָ, עס איז דאָס בילד פון משה רבנו! (לויט דער סקולפּטור פון מיקל אַנדזשעלאָ). דו ביזט איבעראַשט, שלינגסט דורשטיק מיט די אויגן אָט דאָס בילד. איז עס אַ וויזיע? זאָל עס אַזוי לענגער אָנ־האַלטן! אָבער לאַנג האַלט עס נישט אָן. עס ענדערט זיך עטוואָס און דערזעסט גאָר פאַר זיך דאָס בילד פון אַפּאָסטאָל פּיאָטר... וואָס געשעעט דאָ? קוק זיך נאָר גוט דעריין איין. זאָל דאָס זיין עפּעס אַ סימן, אַ צייכן? דאָס בילד ענדערט זיך ווידער און עס פאָרמירט זיך אוים די געשטאַלט פון פּיאָטר קראָפּאָטקין!

האָב איך היץ? איז דאָס האַלוציגאַציע? אָט איז שוין דאָס בילד אויך צע־שווומען און עס בלייבט ווידער אַ ריינער, בלויער הימל.

## קאַפּיטל ג

די אמאָליקע סטאַנציע וויאַטקאַ טראָגט היינט דעם נאָמען קיראָוו. דאָ איז אַ גרויסער באַן־קנופּ, אַ שליסל־סטאַנציע. וויאַטקאַ איז דער אָנהויב פון אוראַל. פון דאַנען קאָנען מיר פאָרן אויפן ווייטן אוראַל, קיין סיביר און מען קאָן אויך פאַר־קירעווען לינקס, צום ווייטן צפון.

וויאַטקאַ איז אַ באַרימטע סטאַנציע שוין זינט צענדליקער יאָ־ן. דורך דאַנען זיינען אין די צאַרישע צייטן דורכגעפאָרן די אַלע אַרעסטירטע און פאַ־שיקטע, וועלכע זיינען געטריבן געוואָרן אויף קאַטאָרגע קיין סיביר. איצט זיינען מיר אויף דעם שייד־וועג, אויף דער באַקאַנטער סטאַנציע, וועלכע טראָגט קיראָווס נאָמען... מיר ווייסן נאָך נישט אין וועלכער ריכטונג מיר פאָרן. מיר זיינען שוין דעם צענטן טאָג אין וועג. ביסלעכווייז פאַרשווינדט דער באַגריף פון צייט. איך דערמאָן זיך, אַז מיט דריי יאָר צוריק בין איך אין דעם זעלבן חודש געפאָרן קיין פּאַריז. דער וועג וואַרשע־פּאַריז האָט געדויערט 35 שעה. עס האָט אויסגעזען דעמאָלט ווי אַן אייבי־קייט. 35 שעה געזעסן אין אַ באַקוועמען פּאַסאַזשיר־וואַגאָן, געהאַט מיט זיך גוטע מאכלים און געט־אנקען, זיך כסדר אָפּגעפרישט מיט לימאָנען און מאַ־אַנצן, באַ־שפּריצט דאָס פּנים מיט אָדעקאָלאָן, געפאָרן דורך עטלעכע לענדער, און דאָך בין איך אָנגעקומען קיין פּאַריז אַ פאַרמאַטערטער, אַן אויסגעמוטשעטער.

איצט פאָרן מיר שוין דעם צענטן טאָג, אין לאַסט־וואַגאָנען, אין שמוץ, ענג־שאַפט, דושנעקייט, כמעט אָן וואַסער, מען דערנערט זיך בלויז מיט אַ שטיקל פאַרדאַ־ט, פאַ־שימלט ברויט, פאַרביסן מיט אַ שטיקל צוקער. איבערן גאַנצן וועג איז אין אונזער צוג געווען נאָר איין טויט־פאַל. אַן עלטערע פרוי איז געשטאָרבן.

דער קאַנוואָי האָט זי אַראָפּגענומען, צונויפגעשטעלט אַן אַקט און זי איבערגעגעבן אויף אַ סטאַנציע דער נ. ק. וו. ד.

עס איז אויך געווען אַ פאַל פון געבורט. אַ יונגע פרוי האָט געבוירן אַ קינד אין וואַגאָן. האָט מען זי אויך אַראָפּגענומען און די מיליץ האָט זי אַוועקגעפירט אין אַ שפּיטאָל אַריין.

דאָס לעבן אין וואַגאָן הויבט זיך אָן נאָרמאַליזירן. דער בעסטער סימן — דאָס יונגוואַרג פלירטעוועט אין די וואַגאָנען, מען פאַרפירט ליבעס. עס איז שוין דאָ פון וואָס צו פליאַטקעווען, טרייבן שפּאַס און רכילות.

אויף גרעסערע סטאַנציעס כאַפּט מען זיך אַריין אין די שכנותדיקע וואַגאָנען כדי געוואויר צו ווערן נייעסן... אין איין וואַגאָן געפינט זיך דער אינזשיניער פּיביך. אים האָט מען אַרויסגענומען פון בעט אין דער פּיזשאַמע. ער האָט אָבער באַוויזן מיט זיך מיטצוכאַפּן אַ לאַנדקאַרטע. איצט זיצט ער איבער דער קאַרטע, צייכנט אָפּ די דורכגעפאָרענע פּונקטן און פּרובירט טרעפן וווהין עס וועט גיין אונזער ווייטערדיקער וועג. ער איז גוט אויפגעלייגט, אין אַ הייטערער שטימונג. ער האָט זיך דאָ געטראָפן מיט זיינער אַ באַקאַנטער פרייליין פון די סטודענטישע יאָרן. זי זאָגט אים צו נישט צו שיידן זיך מיט אים דורך דעם גאַנצן וועג, און אפשר דורכן גאַנצן לעבן.

אינזשיניער פּיביך איז אַ באַגאַבטער מענטש. ער האָט שטודירט אין ענגלאַנד. ער פאַרטרויט מיר אויפן אויער, אַז ער שרייבט שוין אין געדאַנק אַ בוך. אויב מען וועט אַמאָל פריי ווערן, וועט ער אַרויסגעבן אַ בוך אונטערן נאָמען:

„אין אַ פּיזשאַמע קיין סיביר".

אונזער ווייטערדיקער וועג פירט טאַקע צום ווייטן צפון. יעדער קוקט דורך זיינע באַגאַזשן און זוכט אַרויסצווואַרפן „טרפהנע" זאַכן. מען וואַרפט אַרויס דורכן פענסטערל אַלע פּוילישע געלטער, ביכער, וועלכע מען האָט נאָך פון דער היים און זיינען דאָ פאַרבאָטן. פאָטאָגראַפיעס פון באַקאַנטע, וועלכע זיינען שוין דאָ אַ־עסטירט געוואָרן. איך וואַרף אַרויס אַ לעדערנעם טייסטער, וואָס איך האָב אַמאָל געקריגן אַ מתנה פון ארץ־ישראל און אויף אים זיינען געווען אויסגעפּרעסט דער כותל־מערבי און דער מאַמע רחלס קבר, מיט העברעאישע אונטערשריפטן.

מיטן קאָנוואָי פאָרן מיט אַ יונגער יידישער דאָקטאָר פון מינסק און אַ קראַנקן־שוועסטער. וויפיל מאָל איך האָב נישט געפּרוווט אין וועג, אָדער ווען ער איז אַריינגעקומען אין וואַגאָן, פאַרבינדן מיט אים אַ שמועס, האָט ער אַלץ אויס־געמיטן אָפּצוענטפערן. זיין זאַך איז נאָר צוצולייגן אַ טערמאָמעטער און פּרווון דעם קראַנקן די טעמפּעראַטור. אונטער 39 גראַד ווערט ביי אים איבערהויפּט נישט גערעכנט אַלס העכערע טעמפּעראַטור. האָט מען די נויטיקע היץ, טראָגט מען איבער דעם קראַנקן אין סאַניטאַר־וואַגאָן. ער האָט מיט זיך צוויי רפואות: אַספּירין צו הויכע היץ, און אַ גרינע פליסיקייט צו באַשמירן — אויב עס צע־קאַליעטשעט זיך וועער און עס מאַכט זיך אַ וווּנד, צי אַ געשוויר.

מיר האָבן זיך געשטיקט אין די וואַגאָנעס פון דושנעקייט. מיר האָבן גע־פּרוווט אָפּלענען די טיר, עס זאָל אַריין אַ פרישע ווינטל. דער קאָנוואָי האָט געזידלט און געסטראַשעט דערפאַר מיט קאַ־צער. זיי האָבן פונדרויסן פאַרדראָטעוועט דעם ריגל אויף דער טיר. מיין ברודער האָט אַרויסגעשטעקט אַ דרענגל דורך דעם פאַ־קראַטעוועטן פענסטערל אין אָפּגעדרייט די דראָט פונם ריגל. דער

קאַנוואַי האָט עס באַמערקט, איז אַריינגעקומען און צוגענומען דעם ברודער אין קאַרצער־וואַגאָן. איך בין אַוועק צום דאָקטאָר אינטערווענירן. געטענהט, אַז ביי אונז ליגן קראַנקע אין וואַגאָן און וועלן דערשטיקט ווערן אָן דעם ביסל לופט. ער קאָן אָבער גאָרנישט אויפטון.

איך האָב אים דערווייל געפרעגט צי ער, אַלס מינסקער, קען אפשר דעם דיכטער זעליג אַקסעלראָד, ער איז מיינער אַ באַקאַנטער. ער האָט אויסגעשטעלט אויף מיר אַ פּאָר צעשראָקענע אויגן און שוין אינגאַנצן נישט געוואָלט מיט מיר רעדן. דאָך, זעט אויס, האָט ער אינטערווענירט ביים קאָנוואַי, ווייל אין אַ שעה אַרום איז מיין ברודער צוריקגעקומען פון קאַרצער.

אויפן עלפטן טאָג, פרייטיק פאַרנאַכט, זיינען מיר אָנגעקומען קיין קאָטלאַס. מען האָט אונז געהייסן אויסלאָדן פון די וואַגאָנען.

## קאַפּיטל ד

מיר האָבן אַרויסגעטראָגן אונזערע פּעקלעך נישט ווייט פון דער סטאַנציע און זיך אַוועקגעזעצט אויפן אָפענעם פעלד, ביים טייך.

אונז האָט באַגעגנט אַ מחנה קאַמאַרעס (מיקן, מאָסקיטן) און אַ מחנה ענקאַוועדיסטן. מען רופט יעדנס נאָמען, פונוואַנען ער שטאַמט, וויפיל אַלט, מיט וואָס זיך פאַרנומען און די אַלע איבעריקע פראַגן, וואָס די ענקאַוועדע מוז עס אומבאַדינגט וויסן. די קאָמאַרעס בייסן אומברחמנותדיק, ווי זיי וואָלטן שוין לאַנג געוואַרט אויף אַזאַ היפּש ביסל געסט. און די ענקאַוועדיסטן זוכן אין אונזערע באַגאַזשן, האַלטן אין איין אויספרעגן און פאַרשרייבן.

ווייזט זיך אַרויס, אַז דאָס איז נאָר אַן עטאַפּ־פּונקט. פונדאַנען דאַרפן מיר פאָרן נאָך ווייטער, שוין מיט דאַמפּערס, איבער דער צפון־דווינע.

אַ יונגערמאַן פון עטלעכע און צוואַנציק יאָר, לויטן אויסזען דווקא אַ געזונטער און קרעפטיקער, האָט דורך דער גאַנצער צייט. ווען אַלע האָבן זיך גערטומלט — געשווינגן. אַצינד ווען ער האָט דערהערט, אַז דאָס איז בלויז אַן עטאַפּ־פּונקט, אַז מיר דאַרפן פאָרן ערגעץ ווייטער, האָט ער נישט אויסגעהאַלטן. עס האָט זיך פּלוצים דערהערט אַן אויסטערלישער קוויטש פון דעם יונגנמאַן, ער איז צוגעלאָפן צום טייך און אַריינגעשפּרונגען.

אַלע זיינען מיר געוואָרן דערפון אַזוי צעטומלט און איבערגעשראָקן, אַז קיינער פון אונז איז נישט נאָכגעשפּרונגען אין טייך אים ראַטעווען. חוץ דעם זיינען מיר פאָרט אַרעסטאַנטן און טאָרן זיך נישט רירן פונם אָרט. מיר האָבן געוואַרט, אַז די ענקאַוועדיסטן זאָלן עס טוען, זיך לאָזן אים ראַטעווען. זיי האָבן זיך אָבער נישט איבעריק געאיילט און ביז זיי האָבן גענומען אַ שיפל און אַרויס אויפן טייך, איז שוין פון יענעם אפילו קיין סימן נישט געבליבן. זיי האָבן אפילו זיין טויטן קערפּער נישט געפונען.

דערפאַר אפשר האָט מען אונז באַלד אַרויסגעבראַכט צו צוויי קילאָ ברויט פאַר יעדן איינעם און אַ שיסל וואַרעמע זופּ.

די נאַכט דאַרפן מיר שוין בלייבן נעכטיקן דאָ אויפן פעלד. ערשט אינדערפרי וועט זיין פאַר אונז אַ דאַמפּער. ווי מיר האָבן נאָר אָפּגעגעסן, האָט מען זיך גענומען פאַרטרייבן די קאָמאַרעס. יעדער האָט גענומען אין האַנט אַ טוך, אַ מאַנטל און

האט געפּאַכעט אין דער לופטן. מיר האָבן געפּרוווט אָנלייגן א פייער, כדי דורך דעם צו פאַרטרייבן די בייזע מיקן, האָט דאָס די ענקאַווודע נישט דערלויבט. מען האָט זיך געטרייסט, אַז עס וועט ווערן פינצטער וועלן די קאָמאַרעס פאַר־שווינדן. זיינען איצט אָבער גראַד די ווייסע נעכט און עס ווערט גאָרנישט פינצטער.

פון צייט צו צייט קומט ווער צו פון דער ענקאַווודע און רופט וועמען אוועק. מען פירט יענעם צו א בערגל, דאָרטן זיצט אַן עלטסטער און נעמט אויף א שמועס אָדער אויספאָרשונג. דעם אינזשיניער פיביך האָט מען אָפּגעהאַלטן אויף אַזאַ שמועס העכער צוויי שעה. ,

— וועגן וואָס, אינזשיניער, האָט מען גערעדט מיט אייך דאָרטן?

— קודם וועגן דעם, אַז איך טאָר גאָרנישט דערציילן.

כאָטש מיר זיינען אַזוי מיד און אויסגעמאַטערט, איז פונדעסטוועגן שווער איינצושלאָפן. עס עגבערט די פראַגע:

וווהין וועט מען אונז מאָרגן פירן?

קאָטלאַס ליגט ביי צוויי טייכן: פון לינקס די צפון־דווינע און פון רעכטס — די וויטשעגדאַ. עפּעס זאָגט אונז דער נאָמען פון דעם טייך:

פּערצן קילאָמעטער פון דאַנען, אין סאָלוויטשעגאָדסק, איז אַמאָל, אין די צאַ־רישע צייטן, געווען פאַרשיקט סטאַלין. פונדאַנען איז אים טאַקע געלונגען צו אַנטלויפן!

מען פרוווט געפינען אין דעם א טרייסט.

אפשר? אפשר וועט פאַר אונז אויך מעגלעך זיין אַזאַ זאַך? די מחשבות עגבערן, די קאָמאַרעס בייסן. עס איז שווער אַנטשלאָפן צו ווערן און עס איז שווער אויף צו זיין. זאָל שוין וואָס שנעלער קומען דער דאַמפער און אונז אוועקפירן צום באַשטימטן אָרט.

צום ערגסטן פילט מען זיך אין אומזיכערקייט און דערוואַרטונג — אויף שלעכטס.

# אַט דאָ איז אייער היים!

## קאַפּיטל א

אויפן דרייצענטן טאָג זיינען מיר אָנגעקומען צו אונזער באַשטימונג־פּונקט.

בסך הכל זיינען מיר אָפּגעפאָרן פון קאָטלאַס 140 קילאָמעטער. אונזער ישוב ליגט 460 קילאָמעטער ווייט פון דער באַרימטער פּאָרט־שטאָט אַרכאַנגעלסק.

ביים אַ־אָפּגיין פון דער שיף, פּונקט ווי ביים אַ־איינגיין אין די וואַגאָנען אין ביאַליסטאָק, כדי זיך צוצוגעבן מוט, האָט דער עולם געזונגען רוסישע לידער.

ווען מיר זיינען אַראָפּ פון דער שיף זינגענדיק, האָבן די רוסישע פרויען, וועלכע זיינען געשטאַנען נישט ווייט פון ברעג, געוויינט.

עס זיינען פאַר אונז צוגעגרייט פיר הילצערנע באַראַקן. מיר זיינען 350 נפשות. אין דעם פּאָסיאָלעק (זידלונג־פּונקט) אַבראַמקאָוואָ וווינען איצט בסך הכל צוועלף פאַמיליעס. זיי וווינען אין צוויי קליינע הייזלעך. דאָס זיינען: דער קאָמענ־דאַנט און זיין געהילף פון דער ענקאַווודע, וועלכע דאַ־פן אונז היטן; א פעל־

שער; דער אָנפירער פון טאַרטאַק־ביוראָ מיט צוויי אָנגעשטעלטע; דער לייטער פון טאַרטאַק; דער אָנפירער פון סטאָלאָוועק, צוויי קעלנערינס און צוויי בריגאַדירן.

די אַלע, חוץ דעם נאַטשאַלניק און געהילף פון ענקאַוועדע, זיינען אַליין פאַר־שיקטע שוין דאָ זינט לאַנגע יאָרן. די אַלע האָבן געוווינט אין איין הויז און די היטער אונזערע אין צווייטן הויז.

אין אונזערע פיר באַראַקן זיינען אויפגעשטעלט פּריטשעס, נאַרעס און אויך אייניקע בעטלעך. עס איז קוים צוגערוימט. מען געפינט נאָך שטרוי אויף די נאַ־רעס. הייסט עס, אַז מען האָט שוין דאָ פאַר אונזער אָנקומען געוווינט.

— פאַר אייך וועט זיין אַ לייכטערער רעזשים ווי פאַר די פריערדיקע — זאָגט אונז אַ קעלנערין, וועלכע קוקט צו ווי מיר פּאַקן אויס און טומלען זיך. מיר ווילן דערגיין עפּעס גענויערס, אָבער זי קוקט זיך אַרום צי דער קאָמענ־דאַנט זעט נישט. יאָ, אין דער נאַכט פאַר אונזער אָנקומען האָט מען אויף שנעל אַרויסגעזעצט די אַלע איינוווינער פונדאַנען, אויך פאַרשיקטע, פון לענינגראַד. בלויז אינטעליגענץ. מען האָט זיי איבערגעפירט אין אַ צווייטן פּאָסיאָלעק. עס זיי־נען נאָר געבליבן די סאַמע נויטיקסטע מענטשן, וועלכע פירן אויס לייטנדע אַרבעטן.

אויפן פּלאַץ פאַר אונזערע באַראַקן, זעען מיר נאָך סימנים פון אַ פונאַנדער־גענומענעם וואַך־טורעם. אויף דעם טורעם פלעגט שטיין אַ ספּעציעלער סאָלדאַט מיט געווער, נעבן אים איז געווען אַ רעפלעקטאָר. פונדאַנען האָט מען אַכטונג געגעבן, צי עס דערווייטערט זיך נישט ווער פון דער באַשטימטער זאָנע. הייסט עס טאַקע, אַז פאַר אונז וועט זיין אַ לייכטערער רעזשים.

ביסלעכווייז ווערן מיר געוואויר אַלץ מער פרטים. מיר געהערן שוין צו דער דריטער רייע פאַרשיקטע. די ערשטע פּאַרטיעס זיינען דאָ אָנגעקומען אין יאָר 1929—1931 — אין פּעריאָד פון איינפירן די קאָלכאָזן. די צווייטע רייע אין די יאָרן 1934—1937, אין פּעריאָד פון דער „גענעראַלער רייניקונג". איצט קומט די דריטע רייע פון די „באַפרייטע פון די מערב־געביטן".

מיר אַליין האָבן זיך אַ נאָמען געגעבן: „די דריטע עליה אויף צפון".

## קאַפּיטל ב

מיר געהערן צו דער אונטערנעמונג: „לעספּראָמכאָז" (האָלץ־אינדוסטריע־ווירטשאַפט). אין זייער רשות זיינען מיר געוואָרן איבערגעגעבן, מיר ווערן זייערע אַרבעטער. מיר דאַרפן אונטערזעגן בוימער אין וואַלד, צופירן צום טאַר־טאַק, דאָרט זיי צעשניידן מיט דער מעכאַנישער זעג, אַראָפּלאָזן אויפן טייך און פאַרבינדן אין טראַטוועס. די שוואַכערע צעזעגן קלעצלעך מיט אַ האַנט־זעג, אויף קליינע רעדעלעך. דאָס ווערט גענוצט פאַר די אויטאָס, וואָס ווערן נישט געטריבן אויף בענזין. די אַלטע און שוואַכע דאַרפן פּלעכטן בעזעמס, אויפרוימען די באַ־ראַקן, באַדינען די באָד און טראָגן וואַסער אין דער סטאָלאָוועק.

מיר קריגן אַ נאָרמאַלן אַרבעטס־לוין. דאָס הייסט, אַז יעדער באַקומט לויט דעם, וויפיל ער אַרבעט אויס, אַזוי ווי אין גאַנץ רוסלאַנד — רעקאָרד־אַרבעט. יעדער אַרבעטנדיקער האָט דאָס רעכט צו קויפן איין קילאָ שוואַרץ ברויט

און צוויי מאָל אַ טאָג באַקומען געקעכץ אין סטאָלאָוועס, נישט־אַרבעטנדיקע — קינדער־ און קראַנקע — צו האַלבן קילאָ ברויט און געקעכץ.

דער מיטאָג באַשטייט פֿון צוויי שפּייזן: אַ זופּ און אַ פּאָרציע קאַשע. סטאָ־כאַנאָווצעס, וועלכע אַרבעטן אויס מער פֿון דער נאָרמע, קאָנען באַקומען אָפּטמאָל אויך אַ דריטע שפּייז — אַ געמיזע, אָדער אַ גלאָז מילך, אָדער אַ טאָפּלטע פּאָרציע קאַשע.

סטאַכאַנאָווצעס עסן ביי אַ באַזונדערן טיש, געדעקט מיט אַ טישטוך, און דאַרפֿן נישט מיטברענגען קיין אייגענע לעפֿל. זיי ווערן באַדינט די ערשטע. אַ מי־טאָג פֿון אַזעלכע דריי שפּייזן קאָסט פֿון אַנדערטהאַלבן ביז דריי רובל. דאָס צוויי־טע מאָל געקעכץ (פּאַרנאַכט, אין מיטן נאַכט, פֿאַרטאָג — מען אַרבעט אין דריי שיכטן דורך אַ גאַנצן מעת־לעת), איז שוין פֿאַר אַלעמען גלייך — נאָר זופּ און קאַשע.

אין דעם רו־טאָג באַקומען די סטאַכאַנאָווצעס פּראָפּוסקן און האָבן די רעכט אָוועקצוגיין פֿון פּאָסיאָלעק ביז דריי קילאָמעטער ווייט, אויף דריי שעה, צו די שכנותדיקע דערפֿער און קאָלכאָזן. עס האָט געהייסן, אַז זיי גייען קויפֿן מילך, אין דער אמתן איז דאָס געווען אַ פֿאַרמאַסקירטער האַנדל. אונזערע האָבן מיט־גענומען ברויט, וואָס איז פֿאַרבליבן איבעריק און האָבן עס געטוישט אויף מילך אָדער פֿיש.

די קאָלכאָזניקעס באַקומען נישט קיין ברויט. זיי דאַרפֿן זיך אַליין דערנערן, און די צפֿונדיקע ערד איז נישט די פֿעטע, אוקראַיִנישע שוואַרץ־ערד. דאָ וואַקסט ווייניק תבואה און די נאָרמעס אויף אָפּצוגעבן דער רעגירונג זיינען זייער גרויסע. בלייבט זיי אויפֿן פֿרילינג און זומער זעלטן איבער אַ שטיקל ברויט. זיי דערנערן זיך אַ סך מיט פֿיש, וואָס זיי כאַפּן בגנבה אין מיטן נאַכט.

אָבער קיין סך איבעריק ברויט האָבן מיר אויך נישט געהאַט צו פֿאַרקויפֿן; האָט מען פֿאַרקויפֿט די מלבושים, די זייגערלעך און געבראַכט דערפֿאַר ציגן־מילך, יאַגדעס, פֿיש. ווען די סטאַכאַנאָווצעס אַליין האָבן נישט געהאַט וואָס צו פֿאַרקויפֿן האָבן זיי גענומען מלבושים ביי אַנדערע. באַקומען שׂכר הליכה און אַוועק דער־מיט אין דאָרף אויף טויש־מסחר.

ווען ביי די פּויערים אויפֿן דאָרף האָט זיך שוין אויך אויסגעשעפּט און ס'איז נישט געווען וואָס צי געבן, זיינען די סטאַכאַנאָווצעס אַליין אַוועק אין וואַלד קלויבן „שוואַרצע בערעלעך", „וועלפֿישע יאַגדעס", רויטע באָרוועקעס אָדער „פּאָ־מילעך".

זיי זיינען צוריקגעקומען פֿון אַזאַ „שפּאַציר" צעביסענע פֿון די קאָמאַרעס, מיט געשוואָלענע ליפּן, צעקרעלטע שטערנס. מען מוז זיך צוגעווינען, ווייל, ווי האָבן מיט אונז געלערנט די רוסן: „פּריוויקניעש אילי פּאָדאָכניעש!", דאָס הייסט: „דו וועסט זיך צוגעווינען אָדער פּגרן!"

## קאַפּיטל ג

יעדער באַראַק האָט זיין עלטסטן, וועלכער ווערט באַשטימט דורכן קאָמענ־דאַנט. אין אונזער באַראַק בין איך באַשטימט געוואָרן פֿאַר דעם עלטסטן. עס איז, פֿאַרשטייט זיך, נישט קיין פֿראַגע פֿון מיין ווילן אָדער באַשטיין. באַפֿעל! איך ווער

באַשטימט און פּטור. מיין אויפגאַבע איז, צוויי מאָל אין טאָג איבערציילן די איינ־ווינער פון אונזער באַראַק, פאַרשרייבן ווער עס איז אַוועק אויף אַרבעט און ווער עס ליגט קראַנק. צוויי מאָל אין טאָג דאַרף איך אַריינגיין צום קאָמענדאַנט אין דיזשור־שטיבל און אים איבערגעבן די מעלדונג.

איך פיר אויס דעם אַמט נישט גערן. יעדעס מאָל, בעט ווער עפּעס אַנדערש. אַז איך זאָל גיין זיך משתדל זיין פאַר אים צום קאָמענדאַנט. דער דאַרף אַ שטרוי־זאַק און דעם פעלט אַ ברעטל אויף דער נאַרע און אַן אַנדערער דאַרף אַ פּאָר טשוועקעס אויף אונטערקלאַפּן די לייסטלעך. איך וויל נישט בעטן און זיין אַ שתדלן ביים קאָמענדאַנט. איך פאַרשרייב אויף אַ צעטעלע אַלץ וואָס מען דאַרף אין באַ־אַף און גיב עס איבער דעם קאָמענדאַנט. געוויינלעך ווערט דערפון גאָר־נישט. זאָגן אונזערע, אַז אין אַנדערע באַראַקן קריגט מען יאָ די אַלע נויטיקע זאַכן. מען דאַרף נאָר וויסן ווי אַזוי צו בעטן דעם קאָמענדאַנט. מ׳דאַרף אים „לייטיש אונטערקומען”. איך וויל נישט בעטן און לייטיש אונטערקומען. אויב עס קומט אונז — דאַרף ער געבן, און גיט ער נישט — איז פאַרפאַלן.

ווען איך קום אין דיזשורנע־צימער מיט דעם באַריכט, מעלד איך אָפיציעל:

— זייט געגריסט, בירגער קאָמענדאַנט! אַזויפיל און אַזויפיל זיינען אַוועק צו דער אַרבעט, אַזאַ און אַזאַ צאָל פערזאָנען איז געבליבן אין באַראַק צוליב קראַנקהייט, אַזויפיל שלאָפן איצט, ווייל זיי אַרבעטן אויף דער נאַכט־שיכט. צום ווידערזען בירגער קאָמענדאַנט!

ער בלאָזט זיך. ער איז נישט צופרידן, וואָס איך פאַרטיק אים אָפּ אַזוי שנעל. איך וואָלט זיך באַדאַרפט מיט אים אַזועקזעצן און שמועסן. זעץ איך זיך אַנידער. ער פרעגט און איך ענטפער. קאַלט, שטייף, קיין איבעריק וואָרט נישט. ס׳רוב ענט־פער איך מיט דעם באַקאַנטן „איך ווייס נישט”. איינמאָל פרעגט ער מיך צי איך ווייס, ווער דאָס איז אויף דעם בילד, וואָס הענגט דאָ אין אַ זייט אויף דער וואַנט. יאָ, איך ווייס:

— פרידריך ענגעלס!

ער איז איבעראַשט. ער שמייכלט און איז איבערגעשראָקן. וואָס עפּעס? מען האָט געברענגט צו פירן דאָ אַהער פאַרברעכער פון די באַפרייטע מערב־געביטן אין געוועזענעם פוילן. שפּעקולאַנטן, פּריצים, פאַבריקאַנטן, דיווערסאַנטן, פיינט פונם סאָוויעטן־פאַרבאַנד, און זיי ווייסן גאָר ווער עס איז ענגעלס? ! וויל ער שוין אויך באַווייזן זיינע קענטנישן און זאָגט פייערלעך:

— דער ענגעלס איז סטאַלינס אַ סאַטעליט! (באַגלייטער, תלמוד, נאָכפאָל־גער. ער זאָגט: „סאָראַטניק סטאַלינאַ”).

איך קאָן זיך נישט איינהאַלטן פון שמייכלען און ענטפער אים שטיל:

— ניין, בירגער קאָמענדאַנט! עס איז נישט ריכטיק! ענגעלס איז שוין גע־שטאָרבן מיט 45 יאָר צוריק.

איז ער שוין אינגאַנצן צעטומלט און פאַרלוירן. ער, דער קאָמענדאַנט צוואַ־רעוו, אַן איינוווינער פון הינטער אופאַ, אַ באַשקיר, ער אַרבעט שוין געוויסנהאַפט 20 יאָר אין דער נ. ק. וו. ד., וואָס האָט פריער געהייסן „געפּעאו” און נאָך פריער „טשעקאַ” — זאָל האָבן אַזאַ דורכפאַל ביי אַ פאַרשיקטן פון אַ קאַפּיטאַליסטיש לאַנד? !

און ער איז באמת א געוויסנהאפטער, איבערגעגעבענער מיטא־בעטער. תמיד טראָגט ער ביי זיך דעם רעוואָלווער אויפן רימען. שטענדיק אין די שטיוול און אוניפאָרם, אזוי שלאָפט ער אויך, ער טוט זיך אויס נאָר מ׳זונטיק ל׳זונטיק. דע־מאָלט גייט ער מיט זיין בני בית אין באָד אריין. ער האָט דערויף א באַזונדערע שעה, ער וועט זיך דאָך נישט באָדן צוזאמען מיט די פאַרשיקטע. דאָס איז אים שטרענג פאַרבאָטן.

ער איז א שטילער און נישט קיין שלעכטער מענטש. ער זידלט קיינמאָל נישט „אין דער מאַמען אריין"; שרייט נישט. מען זאָל נאָר אויספירן אלץ, צו וואָס מען איז פאַרפליכטעט. ער לעבט אליין זייער באשיידן. ער האָט פינף קליינע קינ־דער. די צוויי קלענסטע ליגן אָפט אין שטוב אויפן דיל, נאַקעטע, זיי האָבן נישט קיין קליידעלעך און מען זעט דעמאָלט זייערע אויפגעלאָפענע בייכלעך.

ער האָט שוין אפילו געוואגט זיך צו באקלאָגן פאַר איינער פון אונזערע פרויען, אז ער וואָלט נויטיק באַדאַרפט אביסל מילך פאַר די קינדער. ער טאָר אָבער נישט גיין צו די פויערים און איינטוישן פּראָדוקטן. די פרוי אונזערע האָט אים שוין פון דעמאָלט אָן באזאָרגט אָפט מיט א קריגעלע מילך.

צוואווארעוו איז באמת נישט קיין שלעכטער מענטש און מיר האָבן אפילו מיט אים מיטגעליידט. ער איז פון נידעריקן וווקס, האָט קליינע, גרויע אייגעלעך. וואָס ער עפנט זיי קוים אויף א שפּאַרע, איז בלאָנד־געל. דאָס פּנים, ידי אויערן, די אויגנ־דעקלעך — אלץ איז באשיט מיט געלע קאַשע־שפּרענקעלעך.

ער איז צייטנווייז צעטומלט און איבערגעשראָקן. ער דאַרף היטן פערטהאלבן הונ־דערט איזאָלירטע פאַרברעכער, שעדלעכע פאַר דער סאָוויעטנמאַכט. ער איז פאַר־אַנטוואָרטלעך פאַר זייער אויפפירונג, מוז אלץ וויסן, וואָס עס טוט זיך ביי זיי, וועגן וואָס מען רעדט און וואָס מען טראַכט. און דאָס איז אלץ א גרויסשטאָטישער עלע־מענט, אינטעליגענטן, געלערנטע און כיטרע, אים איז שווער זיי איינצובייסן.

ער איז געגאַנגען צום זייגערמאַכער שלמה גלינאָוויעצקי נאָך א שוועבעלע צו פאַ־ויכערן א פּאַפּיראָס. האָט דער זייגערמאַכער ארויסגענומען עפּעס אזא מאַשינקע, וואָס האָט אויסגעזען ווי א רעוואָלווער, א קוועטש געטאָן און עס האָט זיך באוויזן פייער. דער קאָמענדאַנט איז אָפּגעשפּרונגען פון שרעק, מורא געהאַט צו פאַרויכערן און נישט געוווּסט וואָס צו טאָן. גלינאָוויעצקי האָט אים קוים־קוים אויסגערעדט, אז עס איז א געוויינלעכע „זאַזשיגאַלקע" (צינדער).

ער פלעגט שוין נאָכדעם צו אים כסדר צוגיין און בעטן פייער פון דער מאָד־נער „זאַזשיגאַלקע". אָבער ביי יעדן מאָל פאַרויכערן פלעגט ער נאָך אלץ א ציטער טאָן. א שטיקל חשד איז ביי אים, זעט אויס, פאָרט פאַרבליבן.

מיין לעצטער שמועס מיטן קאָמענדאַנט האָט געהאַט גוטע פאָלגן:

אויפצומאָרגנס פאַרטאָג איז אין באַראַק אריינגעקומען זיין געהילף און פאַר־געלייענט פון א צעטעלע, אז פון היינט אָן בין איך שוין אויס עלטסטער. אויף מיין פּלאַץ איז באשטימט געוואָרן סערקעלע, די וואַרשעווער אקושערקע.

## קאפיטל ד

איך האָב באַקומען אַ בריוו פון מיין פרוי. זי איז אין באַראַנאָוויטש. עס איז אויך בייגעלייגט אַ בריוועלע פון מיין טעכטערל. מ׳האָט זיי נישט אַרויסגעשיקט. ווען מען איז געקומען אין מיטן דער נאַכט זיי נעמען, האָט די פרוי באַקומען אַ שגעון־אַנפאַל, פאַרלוירן דאָס באַוווסטזיין. מען האָט זי באַין־אופן נישט געקאָנט נעמען. איר פעטער און משפחה האָבן גענומען אַרומלויפן זוכן פּראָטעקציע און עס איז זיי געלונגען. צוליב באַקאַנטשאַפט און „אין יד אַריין" (כאַבאַר) האָט מען אויסגעפועלט, זיי צו לאָזן אויפן אָרט. זי האָט אַרויסגעקריגן אַ סאָוויעטישן פאַס. זי מוז אָבער גלייך אַריבערפאָרן קיין סלאָנים. אין באַראַנאָוויטש, ווי אין אַ קרייז־שטאָט, איז איר נישט דערלויבט צו וווינען. זי איז נאָך אָבער שווער קראַנק און קאָן דערווייל נישט פאָרן.

אויספידלעכער שרייבט צו מיר איר אַלטער פעטער, ר׳ לייזער בערנשטיין. ער שיקט מיר אויך אַרויס אַ פּעקל מיט פּראָדוקטן. פון דעם בריוו ווער איך געווויר, אַז מיין פרוים צוויי שוועסטערן, וועלכע זיינען פאַרבליבן אין וואַרשע, ווען זיי איז באַוווסט געוואָרן, אַז איך בין אַוועקגעשיקט געוואָרן „אויף אַרבעט קיין סיביר", האָבן זיי מיר אַרויסגעשיקט צוויי פּעקלעך מיט וואַרעמע מלבושים און אַ פּאָר שטיוול.

אָבער דאָס אַלץ קריכט מיר נישט אין קאָפּ אַריין! מיין פרוי מיטן קינד זיינען נישט פאַרשיקט! זיי זיינען נאָך אויף יענע געביטן און צווישן היימישע מענטשן!

איך פריי זיך און בין גלייכצייטיק פאַרזאָרגט. ווי אַזוי וועלן מיר זיך טרעפן? ווען וועלן מיר זיך צונויפטרעפן און שוין זיין צוזאַמען? איך האַלט דאָס פאַר אַ נס, וואָס די פרוי מיטן קינד זיינען נישט פאַרשיקט געוואָרן. זי, מיט איר איבער־געטריבענער אָפּגעהיטנקייט אין ענין היגיעניע, מיט איר שרעק נאָענט צוצוגיין צו מענטשן, מיט איר צאַרטקייט, סובטעלקייט, מיט איר קינדערישער נאַאיוויטעט — זי וואָלט דאָך אומגעקומען גלייך אין די עשאַלאָן־וואַגאָנען. געווען ביי מיר אַ מאָ־מענט, אין לאַסט־וואַגאָן, ווען איך האָב געטראַכט, אַז פאַר איר וואָלט מער ניחא געווען איינצושלאָפן מיט דעם אייביקן שלאָף, איידער דורכצומאַכן אָט די פּורענ־יות. איז גוט, וואָס דאָס האָט איר אויסגעמיטן. אָבער ווי לאַנג וועט זי קענען דאָרטן אויסהאַלטן? זי איז אָן געלט, דאָס קינד קרענק אָפט אונטער, די רוסישע שפּראַך קען זי קנאַפּ, וועט נישט קאָנען אַרבעטן ווי אין וואַרשע, אַלס ביוראַליסטין.

נאָר סיי־ווי איז דער בריוו פאַר מיר אַ גרויסער יום־טוב.

אין מיין ענטפער גיב איך איר אָנצוהערן, אַז אין די ווייטערדיקע בריוו זאָל זי נישט דערמאָנען דאָס וואָרט „מאַן" און „טאַטע". דאָס דאַרף קיינער נישט וויסן, ווייל מען קאָן זיי נאָך ברענגען צופירן אַהער. איך בעט אויך מיר נישט צו שיקן קיין פּעקלעך. זאָלן זיי דאָס נעמען פאַר זיך. איך וועל שוין, ווי־עס־איז, דורכקומען.

דאָס פּעקל פון וואַרשע איז מיר סיי־ווי נישט אָנגעקומען. דאָס פּעקל פונם פעטער איז יאָ אָנגעקומען. אין אַ שאַכטל מיט צוקערלעך איז געלעגן באַהאַלטן אַ „בענטשע־ל". דער אַלטער רב לייזער לייגט־ביי אַ קליין צעטעלע:

„דערבאַרעם זיך! האַלט איין כאָטש אַביסל יידישקייט! זאָג כאָטש יעדן

פרימאָרגן „מודה אני" און ביינאַכט „קריאת־שמע". דער מענטש ווייסט אָפּטמאָל נישט פאַרוואָס עס קומען אויף אים אומגליקן. ער ווייסט אָבער אויך נישט, פאַרוואָס ער ווערט פלוצים ניצול. יידישקייט איז מחויב צו ראַטעווען און קאָן דיך ראַטעווען! געדענק, פאַרבלייב אַ ייד!"

פון אַ ווייטערדיקן בריוו פון מיין פרוי ווער איך שוין געוווּיר, אַז זי איז שוין געזונט, וווינט אין סלאָנים און אַרבעט אַלס „אובאָרשטשיצע" — רוימט און וואַשט פאָדלאָגעס אין אַ סטאָלאָווקע.

איך אַרבעט אויפן טייך ביים פונאַנדערבינדן טראַטוועס. אַלץ וואָלט שוין געווען רעכט און גוט, אָבער ווי לאַנג וועלן מיר נאָך פאַרבלייבן צעשיידט?

# מיר פאַרווייל זיך

## קאַפּיטל א

שבת פאַרנאַכט זיינען מיר אַלע פריי פון דער אַרבעט. מיר פאַרזאַמלען זיך אויפן פּלאַץ, אַרום דער „קורילקע" (רויכער־ביידל). ווער עס האָט נאָר בגדים, קומט אָנגעטאָן יום־טובדיק. אינעם ביידל זעצן זיך אויס אונזערע היימישע אַרטי־סטן: עטלעכע מיידלעך און יונגעלייט מיט שיינע שטימען צום זינגען און אַ פּיד־לער. עס קומען אויך צו אונזערע רוסישע שכנים.

מען הויבט־אָן מיט יידישע פאָלקס־לידער. דער רוב פון אונז קענען די לידער און האַלטן אונטער, זינגען מיט. דעם גרעסטן דערפאָלג האָט דאָס לידל:

„מיין שטעטעלע בעלז".

איך ווייס נישט, צי דאָס הייסט דערפאָלג, ווייל אָפּטמאָל רייסט מען איבער אין מיטן זינגען דאָס ליד — אַלע צעוויינען זיך.

„בעלז, מיין שטעטעלע בעלז, מיין היימעלע, ווו כ'האָב מיינע קינדערישע יאָרן פאַרבראַכט. יעדן שבת פלעג איך לויפן מיט אַלע קינדערלעך גלייך. אוי, אוי, אוי, בעלז!"

מיין שטעטעלע, מיין היימעלע, קינדערישע יאָרן, שבת. — אַרום זיינען וועל־דער און טייגעס. אויף הונדערטער קילאָמעטער אַרום בלויז זאָנעס און געגנטן פאַר פאַרשיקטע. עטלעכע טויזנט קילאָמעטער ווייט פון דערהיים. און ווו איז די היים? דאָס געטאָ אין דייטשישן פּוילן?

אָט זיצן אויף דער שוועל פאַרן באַראַק אַלטע יידישע פרויען, גרויע זקנים. זיי זוכן מיט זייערע בליקן די היים, דאָס שטעטעלע, דעם שבת. ווען וועט מען פונדאַנען אַרויס? די רוסן פאַרזיכערן, אַז מען האָט אונז אַהער געבראַכט „נאַ וסעגדאַ" (אויף שטענדיק). ווען מ'שטייט גאָר שטאַרק צו צו דער נאַטשאַלסטוואָ מיט דער פראַגע „ווען?" ווערן זיי בייז און ענטפערן שוין אויספירלעכער:

„מיר האָבן אייך געבראַכט אַהער כדי איר זאָלט זדאָכניען (פּגרן)! איר וועט שוין פונדאַנען קיינמאָל נישט אַרויס!"

און די אַלטיטשקע אונזערע אויף דער שוועל פון באַראַק זוכן שוין נישט דאָס שטעטעלע, נאָר אפשר גאָר אַ יידישן בית־עולם. כאָטש קומען צו קבר ישראל.

אַט איז יענע וואָך געשטאָרבן אַן אַלטע פרוי פון לאָמזשע. מען האָט זי אַרויסגע־פירט אויף אַן אויטאָ בײַנאַכט. נאָר די טאָכטער האָט געמעגט מיטפאָרן צו דער קבֿורה. מען האָט די אַלטע דאָרטן מקבר געווען אויף אַ בערגל נעבן וואַלד. דער ערשטער ייִדישער קבֿר פון די פאַרשיקטע דאָ.

איז דאָס שטעטעלע בעלז געוואָרן ווי אַ סימבאָל פאַר די אַלטע, הנעוודיקע. היימישע ייִדישע שטעטלעך אין פוילן. טאָ ווי אַזוי זאָל מען זיך איינהאַלטן און נישט כּליפּען ביי דעם לידל?

אָבער דעם צווייטן שבת האָט מען שוין דאָס לידל מער נישט געזונגען. עס האָט ווער דערטראָגן צום קאָמענדאַנט און ער איז אַרויסגעקומען שבת פאַרנאַכט צו דער „קורילקע”. און ווען מען האָט גענומען זינגען דאָס לידל, האָט ער אַ צייכן געגעבן מיט דער האַנט:

— בעלז זאַפּרעשטשאַיו — (בעלז פאַרבאָט איך)! ביי אונז אין סאָוויעטן־לאַנד וויינט מען נישט! אַלע דאַרפן זיין פריידיק און פריילעך!

זאָגט שיעלע „נעבעכל” אַ חכמהלע:
— טאָ לאָמיר זינגען „הוליע קבצן”!

צעלאַכט מען זיך. פרעגט דער קאָמענדאַנט פון וואָס מען לאַכט. שיעלע פאַר־דעדט אים גלייך די ציין.

זינגט אַ מיידל אויף פויליש אַ לידל פון דער אָפּערעטע „ראָזמאַרי”. דער קאָמענדאַנט איז שוין צעררייצט. ניין, ער וועט אויף פויליש אויך נישט דערלויבן צו זינגען. מען זאָל איבּ פריער איבערזעצן דעם אינהאַלט. אָנ־שרייבן אויף פּאַפּיר. איז אַ וואָך אַרום וועט ער געבן ענטפער אויב מען קען דאָס זינגען. ווייזט מען איבּ אַ רוסישע אַרכאַנגעלסקער צייטונג, „סעווערנאַיאַ פּראַוודאַ”. דאָרט איז אַנאָנסירט די אָפּערעטע „ראָזמאַרי”. אַט פון דעם שטיק זינגען מיר. מען שפּילט די אָפּערעטע אין אַרכאַנגעלסק. ניין, ער ווייסט פון גאָר־נישט. מען קאָן זינגען נאָר רוסישע לידער. מען האָט אים געמוזט נאָכגעבן. אונ־זער פידלער אָבער, וועלכער איז געווען אַ סטאַכאַנאָוויעץ בייב אונטערזעגן בוי־מער זונטיק באַדינט ער אונז אַלס פריזירער. שערט אויך און ראַזירט דעם קאָ־מענדאַנט און אַלע באַאַמטע, ער האָט אויסגעפונען אַ פּאָרטל: נאָכן אָפּזינגען די רוסישע מיליטערישע מאַרשן, האָט ער אויסגעשפּילט אויפן פידל די מעלאָדיע פון „מיין שטעטעלע בעלז”.

האָט מען געוויינט אין זיך.

זונטיק האָט דער קאָמענדאַנט אויסגעפונען אַ נייעם אויפטו:

מען זאָל אויפקלאַפּן אַ הילצערנע „פּלאָשטשאַדקע” (פּלעצל) אויף צום טאַנצן. דער פידלער זאָל ביים טאַנצן צובאַגלייטן. דורך דער צייט האָט מען שוין אַראָפּגעבראַכט אין פּאָסיאָלעק נאָך אַ צוויי צענדליק רוסן. דעסיאַטניקעס און קעלנערינס. איינער פון זיי האָט אַ האַרמאָניע. נאָכמיטאָג איז אונזער יונגוואַרג אַוועק אויף דעם טאַנץ־פּלעצל טאַנצן צוזאַמען מיט די רוסן.

די לעצטע האָבן געקענט נאָר זייערע נאַציאָנאַלע טענץ, די פאַרשידענע „קאָזאַ־

טשאָקס". זיי בעטן און חלשן ביי אונזערע, אַז מען זאָל זיי אויסלערנען די מערב־אייראָפּעאישע טענץ. אונזערע מיידלעך טוען עס גערן, יענע איז אָבער שווער צו „כאַפּן דעם גאַנג". זיי שעמען זיך. האָט אונזר אַ יונגנטלעכער, אַ חלוץ, אַבּרהמעלע, זיך פאַרנומען זיי אויסצולערנען קורץ און גיך דעם „סאַמע נייעסטן מערב־אייראָפּעישן טאַנץ". ער האָט צונויפגענומען עטלעכע זיינע חברה און האָבן זיך געלאָזט טאַנצן אַ — חלוצישן „הוירא"!

דאָס איז זיי גראָד געפעלן געוואָרן. עס איז טאַקע לייכט אויך. און זיי האָבן זיך אַ־יינגעפּלאָכטן אין דער חברה און מיטגעטאַנצט די פאַרשידנסטע הוראס און ריקודלעך.

ניין אָוונט דערהערט זיך שוין דער „גודאָק" (פאַבריק־סירענע), וואָס רופט צו דער אַרבעט. די, וועלכע האָבן די וואָך נאַכט־שיכט, דאַרפן שוין צוריק אַריין אין דער וואָכעדיקייט, צו דער שווערער אַרבעט, צו דעם גרויען, פאַרחושכטן לעבן אין אונזער פּאָסיאָלעק אַבּראַמקאָווא.

## „ווער עס אַרבעט — דער עסט!"

אַלע אונזערע האָבן געאַרבעט. אַז אויסנאַם איז נאָר געווען פאַר קראַנקע און קינדער ביז זעכצן יאָר. אָבער מערסטנס קינדער, וועלכע זענען שוין אַלט געווען צוועלף יאָר, האָבן זיך אַליין געשטעלט צו דער אַרבעט. עס איז נישט געווען ווער עס זאָל פאַר זיי פאַרדינען און שפּייזן. אויב דער לוין האָט שוין יאָ געסטאַיעט אויף אויסצוקויפן דאָס עסן פון דער סטאָלאָווקע פאַר זיך אַליין, איז די דערנע־רונג נישט גענוג געווען אויף צו האָבן כוח צו דער שווערער פּראַצע. פאַר דער צייט פון קנאַפּע דריי חדשים, פון מיין זיין אין דעם פּאָסיאָלעק (איך בין שפּע־טער אַרעסטירט געוואָרן), איז נאָר איין מאָל געווען פליש אין סטאָלאָווקע. און דאָס אויך דורך אַ צופאַל.

נישט ווייט פון פּאָסיאָלעק איז אַ פערד אַוועקגעלאָפן פון דער אַר־בעט, אַוועק אין וואַלד אַריין זיך אַביסל צופּאַשן. איז אויף אים אָנגעפאַלן אַ וואָלף און דערוואָרגן. ביינאַכט האָט מען געבראַכט דעם הרוג, אים אָפּגעשונדן און איבערגעגעבן אין סטאָלאָווקע אויף פליש.

וועגן דעם פאָרפאַל האָבן נישט אַלע געוווסט. נאַטשאַלסטווע באַמיט זיך, אַז אפילו די מינדסטע פּאַסירונג זאָל נישט דערגיין צום עולם. (זיי האַלטן, זעט אויס, פון דעם כלל: „וואָס ווייניקער דו ווייסט, אַלץ געזונטער פאַר דיר..."). מען האָט אָבער געוווסט, אַז היינט וועט מען באַקומען אין סטאָלאָווקע צו פּאָר־ציעס פליש.

שפּעטער האָט מען זיך שוין געכאַפּט, אַז דאָס איז פערד־פליש, כאָטש פון דעם האָט מען שוין קיין סוד נישט געמאַכט. ווייניק פון אונז האָבן אויסגעקויפט זייערע חלקים. וויל אָבער אַ מאַמע פאַרט מהנה זיין איר קינד מיט אַ שטיקעלע פליש, נעמט זי עס אָפּ און טראָגט עס אין באַראַק אַריין צום קינד. באַגעגנט זי אויפן וועג אַ שכנטע. יענע זאָגט פאַרוווּנדערט:

— פראַדעלע קרוין, זי נוצן די פּגירה? עס איז דאָך פערד־פליש!

גיט פראַדעלע אַ געשריי:

— זאָגן זי מיר נישט, זאָגן זי מיר נישט, דערבאַרעמען זי זיך!

עס האָט אָבער נישט געהאָלפן. פּראַדעלע האָט ארויסגעלאָזט דאָס טעלערל מיטן פלייש. די כלי האָט זיך צעבראָכן. די ווייבער גייען זיך פונאַנדער מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. דער איינציקער הונט דאָ, האָט שנעל דערשפּירט זיין גליק. ער כאַפּט דאָס פלייש אין פיסק אריין און איילט דערמיט אַוועק הינטערן באַראַק. מען מעג עס אים פאַרגינען. אַ גרויסער, שיינער, געוויקסיקער הונט, וועלכער האָט נאָך קיינמאָל נישט געבילט. אין אָנהויב האָבן מיר זיך דערפון געחידושט: „אַזאַ גרויסער כלב זאָל נישט בילן?״ נאָר דערזעענדיק ווי ער גראָבט זיך אונטער אונ־טערן „אָפּטריט״ און עסט מענטשלעכע צואה — איז געוואָרן פאַרשטענדלעך.

אַז מען פלעגט דורכגיין אינדערפרי מיטן ברויט פון מאַגאַזין, איז דער הונט נאַכגעלאָפן און געגלעט, געלעקט די האַנט פון איין זייט און פון דער צווייטער איז נאָכגעלאָפן די ציג (אויך די איינציקע דאָ) און אויך געגלעט די האַנט, גע־מעקעט און געבעטעלט אַ קרישקע ברויט.

פאַר דער גאַנצער צייט פון מיין זיין דאָ האָט מען קיין איינמאָל נישט גע־קריגן אפילו קיין גראַם צוקער, פוטער אָדער אַן איי, צי גאָר אַ פּרוכט. אין מאַגאַזין איז אָבײר איינמאָל אָנגעקומען פופצן גלעזערנע כלים, וואָס נישט דער מאַגאַזינער און קיינער נישט פון די רוסן האָבן געוווּסט, וואָס דאָס איז אַזוינס. פאַר אונז איז עס געוואָרן אַ טעמע אויף חוזק און געלעכטער. דאָס זענען געווען — פופצן פּאָמעראַנצן־קוועטשערס! ווער פון זיי האָט דאָס אַמאָל דען געזען אַ מאַראַנץ? חוץ דער לענינגראַדער בוכהאַלטערין און אַבראַמאָווסקי, דער פעלדשער פון קיעוו, וועלכע געדענקען נאָך די „אַמאָליקע גוטע צייטן״, ווייסט פון זיי קיינער נישט, וואָס דאָס איז אַזוינס אַן אַפּעלסין.

אין מאַגאַזין זיינען געלעגן נאָך אַזעלכע פאַ־לעגענע באָוול־סחורות, וואָס קיינער האָט נישט געקויפט און נישט באַדאַרפט: שוואַרצע קראַוואַטן, גרויסע פלעשער טינט (מען האָט פאַרקויפט נאָר גאַנצע פלאַשן), „סטשאָטן״ (צום רעכע־נען) און שמעק־טאַבאַק - שקעטעלעך. עס איז אָנגעקומען אין מאַגאַזין אויך צו טויזנט בראָשורן „די סטאַלינישע קאָנסטיטוציע״ און „דער 17־טער פאַרטיי־צוזאַ־מענפאָר פון וו. ק. פּ. ב.״ (אין דער רוסישער שפּראַך, פאַרשטייט זיך)) די בראָ־שורן האָט מען גערן געקויפט. עס האָט זיך געוואָלט לייענען, דערלערנען די רו־סישע שפּראַך און אויך קענען די באַרימטע סטאַלינישע קאָנסטיטוציע. מען האָט געקויפט צו איין עקזעמפּלאַר פון יעדער בראָשור. מען האָט אָבער געזען ווי די בראָשורן ווערן שנעל פאַרקויפט. אויף די הונדערט מענטשן, וואָס לייענען רו־סיש איז שוין פאַרקויפט געוואָרן מער ווי אַ העלפט פון אַלע בראָשורן. מען האָט זיך געכאַפּט דערויף, ווען מען האָט באַמערקט ווי די רוסן קויפן צו פינף, צען און מער בראָשורן. מיר האָבן נאָכגעטון זייער ביישפּיל און אין צוויי טעג זיינען אַלע בראָשורן שוין געווען אויספאַרקויפט.

קיין אַנדער פּאַפּיר איז דאָך איבערהויפּט נישט געווען צו באַקומען. אַ צייַ־טונג האָט געהערט צו די זעלטנקייטן, דאָס האָט באַקומען נאָר די ביוראָ און עט־לעכע אונזערע סטאַכאַנאָווצעס. האָט דאָס בראָשורן־פּאַפּיר געדינט צו אַ סך צוועקן. נישט נאָר צום באַשטימטן היגיענישן צוועק, נאָר אויך צו שרייבן בריוו

(אויף די בלויזן, צווישן די געדרוקטע שורות, אָדער מיט גרויסע אותיות איבער דעם געדרוקטן) און אויף וויקלען מאַכאָרקע צום רויכערן.

אָבער די קאָנסטיטוציע האָט מען פלייסיק געלעזן. עס האָט פאַרשאַפט הנאה דער באַקאַנטער פאַראַגראַף אין דער קאָנסטיטוציע:

„ווער עס אַרבעט — דער עסט!"

עס איז אַנטשטאַנען דערפון אַ מענגע גלייכווערטלעך, וויצן, פאַראָדיעס. איינער האָט עס פאַרטרויט דעם צווייטן אויפן אויער. די אייפעריקסטע אָפשפעטער, אָפלאַכער און ווערטל־זאָגער אַרום דעם פאַראַגראַף, ווי אויך פון דעם אַנדערן, באַרימטן פאַראַגראַף: עס ווערט פאַרזיכערט יעדן איינעם פרייהייט פון וואָרט מאַניפעסטאַציעס און פערזענלעכע פרייהייט" — זיינען געווען די אַמאָליקע פאָליטישע אַרעסטאַנטן, די וועלכע זיינען געזעסן פאַר קאָמוניזם אין די פוילישע תפיסות און אין באַקאַנטן קאָנצענטראַציע־לאַגער קאַרטוז־בערעזע. אמת, נישט פולשטענדיק אַלע. עטלעכע פון זיי זיינען אַרומגעגאַנגען ווי שאָטנס און פאַרביסן געשוויגן. מיט קיינעם נישט גערעדט וועגן פאָליטישע ענינים. נאָר אייניקע פון זיי זיינען געקראָכן אין מיטן נאַכט צום קאָמענדאַנט אויף סודותדיקע שמועסן...

דער יונגער יורעק פון וואַרשע, אַן אינטעליגענט, איידל בחורל אין ברילן, מיט אַ ראָז, מיידעלש פנים און גראָבע, מגושמדיקע ליפן, וואָס האָט זייער שווער פאַרטראָגן דאָס נשט דע עסן צו דער זעט, אַ געוועזענער קאָמסאָמאָליעץ, ער האָט אפילו אַוועקגעשריבן אַ פעטיציע צו קאַלינינען, אַז מען זאָל אים באַפרייען. ער קלערט אויף, אַז ער איז על פי טעות אַריינגעפאַלן צווישן די פאַרשיקטע „ספעקולאַנטן, פאַבריקאַנטן, שעדיקער, שונאים פון דער ראַטן־מאַכט, קאָנטררעוואָלוציאָנערן"; אַז ער איז גרייט מיט אַלע זיינע כוחות צו באַווייזן, אַז ער איז אַן איבערגעגעבענער סאָוויעטישער פאַטריאָט און געטרייער דינער פון דער גרויסער און הייליקער אידעע פון לענין־סטאַלין. אָבער קיין ענטפער קומט נישט אַזוי שנעל. דערווייל ליגט נאָך דער בריוו ביים קאָמענדאַנט, אָדער אין ראַיאָן־נ. ק. וו. ד. פון צייט־צו־צייט רופט אים נאָר אַרויס דער קאָמענדאַנט צו זיך, ס'רוב אין מיטן נאַכט. עפעס האָט ער אויסגעפועלט, יורעק, פאָרט זיך צו עפעס דערשלאָגן — ער איז געוואָרן אַ בריגאַדיר.

ער האָט אָנגעהויבן אַרויסווייזן זיין צוגעזאָגטן פאַטריאָטיזם. ביי דער אַרבעט האָט ער אונטערגעטריבן. ער שטייגט שוין איבער אַלע רוסישע בריגאַדירן. ספעציעל האָט ער מיאוס גערודפט די יונגע מיידלעך אין זיין בריגאַדע. אפילו די געזעצלעכע „זאַקורקע" (יעדע שעה האָט מען די רעכט זיך אַוועקצוזעצן אויסרויכערן אַ פאַפיראָס) האָט ער ביי זיך אין בריגאַדע אויך ליקווידירט. מען דאַרף אַרבעטן, אַרבעטן! יעדע פאָר מינוט האָט ער איבערגעחזרט די לאָזונג:

„ווער עס אַרבעט — דער עסט!"

אַ מיידל, גראָד נאָך זיינע אַ באַקאַנטע פון וואַרשע, אַ געוועזענע אידעאישע חברטע זיינע, האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן, באַהערשן און זי האָט יורעקן אָפגעענטפערט פאַראָדיש:

— און ווער עס קאָמאַנדעוועט — דער פרעסט!

# פיין און טרייסט

## קאפיטל א

אין אונזער באראק, אין איין גרויסן זאל, וווינען הונדערט און צוואנציק נפשות. מענער, פרויען און קינדער צוזאמען. איז בושה, שעמען זיך, זיין זשע־נירט — טאקע נאר אן אויסטראכטעניש? צי איז עס געגאנגען פארלוירן אין וועג, דארט, אונטער די וואגאנען, ווען מענער און פרויען זיינען געזעסן צוזאמען און געטאן זייער מענטשלעכן באדארף? ניין, עס איז נישט קיין אויסטראכטעניש און נישט עס איז פארלוירן געגאנגען אין וועג. מוז, צוואנג, באדינגונגען, זיינען טאקע העכער פון די שטארקסטע געוווינהייטן, אבער עס איז פאריבערגייענדיק, צייטווייליק. עס ליגט פארבארגן ערגעץ טיף, אינעווייניק אינם מענטש, עס טליעט ווי א צוגעדושעט פייערל און וויל זיך נישט אויסלעשן. עס דארף נאר דעם קלענסטן פונק, דעם קלענסטן בלאז און עס העלט צוריק אויף, עס צינדט זיך צוריק אן — דאס אייביקע, דאס מענטשלעכע.

דאס אלטע פארל פון אסטראוו — ער 76 יאר אלט און זי 68 יאר — זיי האבן פון דער ערשטער מינוט אן זיך נישט אונטערגעגעבן דעם מוז. זיי האבן זיך זייער אייגענעם אופן פוי פארשטיין דאס לעבן. זיי האבן זייעראייגענעם מוז, וואס איז שטארקער פון אלע גזירות און געזעצן פון דער וועלט:

זיי מוזן לעבן און שטארבן ווי יידן!

אין אסטראוו האבן די דייטשן, באלד אין די ערשטע וואכן פון זייער זייז דארטן, אונטערגעצונדן א הויז, געזאגט, אז דאס האבן געטאן די יידן און אויס־געשאסן אלע יידן אין דער שטאט. נאר איניקע איז געלונגען צו אנטלויפן. צווישן זיי איז אויך געוועזן דאס אלטע פארל. זיי האבן זיך ארויסגעקריגן קיין לאמזשע און נאכהער אנגעקומען קיין ביאליסטאק.

נעת דער לעצטער רעגיסטראציע פון פליטים האבן זיי זיך פארשריבן אויף פארן צו זייערע קינדער און איניקלעך קיין אמעריקע. מען האט זיי פאר־שיקט דא אהער צוזאמען מיט אונז.

ווען מען איז נאר אנגעקומען, אריין אין באראק און זיך גענומען אויסליגן משפחה־ווייז אויף די נארעס, האט ער זיך פארקליבן אין א ווינקל ביי דער טיר, אויף דער ערד, אונטערגעלייגט זיין קלומיקל צוקאפנס און דארטן געשלאפן. זיין ווייב האט זיך אוועקגעלייגט אויף דער ערד קעגנאיבער, בלויז אונטערגעשפארט א פויסט. זי האט נישט געהאט קיין קלומיקל אונטערצולייגן. אין זיין פעקעלע, פארפאקט אין א צעריסן ציכל, איז געלעגן טלית און תפילין, א סידור, מחזורים און עטלעכע ספרימלעך.

אויפן אנדערן טאג האבן מיר אין באראק צונויפגענומען יאשיקלעך (קליינע קישעלעך), צוויי ליילעכער און זיי אוועקגעשענקט.

אין דער סטאלאווקע אריין זיינען זיי נישט געגאנגען. זיי ווילן דאך נישט עסן קיין טרפות. דערנערט זיך בלויז מיט ברויט און געקאכט וואסער. אויף דעם ברויט האט מען זיי אויך געדארפט צוזאמענגעמען. ביים ערשטן מאל האט מען לייכט געשאפט פופציק ר כל. ווייטער האט מען שוין געמוזט זיין פארזיכטיק מיט

דעם זאַמלען געלט, ווייל דער קאָמענדאַנט איז דערפון געוואָרן. ער איז אַריינגעקימען, אָנגעשריגן און געסטראַשעט מיט באַשטראָפן:

— ביי אונז איז נישט פאַראַן קיין פילאַנטראָפּיע! פאַר אַלעמען זאָרגט די מלוכה! זאָלן זיי אָנשרייבן אַ ווענדונג, וועט ער דאָס איבערשיקן אין ראַיאָן און מען וועט זיי איבערפירן ערגעץ אין אַ הויז פאַר אַלטע און קראַנקע.

האָט מען שוין צונויפגענומען איצט נאָר ביי פּאַרטרווילעכע מענטשן, בסתר. צונויפגענומען האָט מען שוין נישט נאָר פאַר דעם אַלטן פּאָרל, עס האָט שוין ביי אַ סך פאַרפעלט אויף צו קויפן ברויט. אָט דרייט זיך דאָ אַרום אַ צוועלף־יעריק ייִנגל, איינער אַליין דאָ, ער ווייסט נישט ווו עס זיינען פאַרפאַלן געוואָרן זיינע עלטערן און ער גרייט זיך פונדאַנען צו אַנטלויפן, ביז ביאַליסטאָק, אָדער אפשר אפילו ביז וואַרשע. אים דאַרף מען אויך מיטגעבן אַ פּאָר רובל אין וועג אַריין.

די אַלטיטשקע קייגט אָפּטמאָל פון אונז אַביסל רויע קאַרטאָפל. זי, מאַטעלע, גייט אַראָפּ דערמיט צום טייך, מאַכט דאָרט אַ פייער און קאָכט אָפּ דאָס ביסל קאַרטאָפל. דאָס מוז זי אויך מאַכן, אַז דער קאָמענדאַנט זאָל זי נישט זען, ווייל מען טאָר דאָ נישט אָנצינדן קיין פייער אויף דעם שטח — דערנעבן איז אַ טאַרטאַק און עס קאָן זיין אַ סכנה פון אַ שרפה. זי ווייסט אָבער שוין ווען דאָס צו מאַכן, אַז דער קאָמענדאַנט זאָל זי דערביי נישט כאַפּן.

מאַטעלע האָט אונטער איר יאַשיקל שטענדיק ליגן אַ קופּע קינעלעך. זי דאַרף זיי, נישט נאָר אויף אָנצוצינדן פייער אויף עפּעס אָפּצוקאָכן. יעדן פרייטיק־צונאַכטס צינדט זי אָן זיבן אַזעלכע קינעלעך אין אַ קעסטל מיט זאַמד — דאָס זיינען אירע שבת־ליכט!

עס קלויבן זיך אַרום איר צונויף די עטלעכע קליינע קינדער פון אונזער באַראַק. זי בענטשט אָפּ די „ליכט" און זאָגט צום מאַן און צו די קינדערלעך אַרום:

— גוט־שבת! גוט־שבת!

## קאַפּיטל ב

דער קאָמענדאַנט האָט ליב זיך אַריינצוכאַפּן אין באַראַק אומבאַמערקט און אומגעריכט. אָפּטמאָל אין מיטן נאַכט. אַמאָל גאָר פאַרטאָג. קוקט זיך אַרום, וואַרט מען זאָל אים עפּעס זאָגן. פרעגן. די באַראַק־עלטסטע, סערקעלע די אַקור־שערקע, האָט שוין געקריגן אַ באַזונדער בעט פאַר זיך מיטן טעכטערל. זי זיצט איצט אין בעט מיט איר קליינער אַניעלקא, וועלכע מען רופט דאָ „שירלעי טעמפּל" — צוליב איר שיינעם זינגען און טאַנצן — און די מאַמע לערנט מיט איר, ווי אַזוי מען דאַרף זוכן לייז אין העמדל.

טרעפט זי דערביי דער קאָמענדאַנט. סערקעלע פאַרענטפערט זיך:

— די באָד איז צו ווייניק געהייצט. די דעזינפעקציע איז דעריבער נישט קיין גרינטלעכע, מאַכן זיך לייז.

דער קאָמענדאַנט איז צו איר גאַנץ פריינטלעך. ער האָט נישט צו איר דערפאַר קיין טענה:

— ניטשעוואָ, ניטשעוואָ.

דאָס מאַכט אים נישט אויס. אָבער וואָס זעט ער דאָ אין ווינקל ביי דעם אַל־טיטשקן? וואָס איז דאָ אַזוינס? ער שטייט איינגעהילט עפּעס אין אַ ווייסן לײַלעך מיט שוואַרצע פּאַסן, שאָקלט זיך און טראָגט אויפן קאָפּ אַזאַ מאָדנע זאַך?

— וואָס פאַר אַ שטיק פּראָוועט איר, אַלטיטשקער?!

ער גייט צו אים צו און נעמט אים אַראָפּ די תפילין פון קאָפּ. דער אַלטער כאַפּט אים אָן ביי דער האַנט. טרייסלט זיך און ציטערט, ווייל אַרויסרייסן צריך די תפילין. אָבער ניין, דער קאָמענדאַנט מוז וויסן, וואָס דאָס איז אַזוינס. עס לויפן־צו עטלעכע מענטשן, טייטשן אויס, אַז דער אַלטער „מאָליעט" זיך, דאַוונט; אַז דאָס איז אַזאַ ריטואַל. דער קאָמענדאַנט לאָזט אָבער נישט אַרויס דעם טראָפּיי פון האַנט:

— וואָס איז אינעווייניק אין דעם קעסטעלע?

און ער וועגט אין האַנט די שוועריקייט. ווייל דערגיין, וואָס דאָ איז. דער אַל־טיטשקער האַלט אונטער זיינע הענט אונטערן קאָמענדאַנטס האַנט, ער זאָל, חלילה, די תפילין נישט אַראָפּלאָזן, צאַפּלט און שוידערט און קרעכצט „אוי, אוי, אוי!"

מען קלערט אים אויף, וואָס אַזוינס עס איז דער טלית, די תפילין, אַז איינס דאַרף זיין אויף דער לינקער האַנט און איינס אויפן קאָפּ. ער הערט זיך אויפמערק־זאַם איין, איז איבערגעשראָקן און שמייכלט לעפּיש. ער רעדט עפּעס האַלבע ווער־טער, נישט אַנטשלאָסן:

— איז דורך די קעסטעלעך מאָליעט ער זיך? פאַרשטענדיקט זיך מיט גאָט?

ער באַמיט זיך צו ווערן דרייסטער, צעלאַכט זיך:

— אָבער ביי אונז, אין סאָוויעטן־לאַנד, איז דאָך שוין לאַנג קיין גאָט נישטאָ!

ער פילט זיך אָבער דאָך נישט היימלעך, ווייסט נישט ווי אַזוי צו רעאַגירן און גיט אָפּ דעם אַלטן דעם של־ראש.

***

די אַלטיטשקע מאַטעלע האָט געשריבן בריוועלעך צו קרובים און עס איז זיי אָנגעקומען אַ פּעקל מיט שפּייז, ליכט און עס איז אויך געווען דאַביי אַ קאָל־דרע. האָבן זיי די קאָלדרע נישט גענומען אויף צוצודעקן, נאָר פאַרצויגן אויף אַ שטריקל אַרום זייער ווינקל, אָפּגעטיילט זיך מיט אַ מחיצה, מיט אַ „שפּאַניש ווענטל", אַ באַזונדער חדר.

מיט דעם לעצטן האָבן אונזערע באַראַק־איינוווינער זיי שטאַרק מקנא געווען און גענומען נאָכטאָן זײער ביישפּיל. אַלע האָבן גענומען אַרומצוימען, מיט וואָס מען האָט נאָר געקאָנט. מיט דעקעס, קאָלדרעס, טיכלעך. אַבי האָבן דאָס שטיקל אָרט אויף דער נאָרע פאַרשטעלט. יעדער וויל זיך שאַפן זיין אייגן ווינקל. מען האָט שוין נאָכדעם געקריגן מוט צו בעטן דעם קאָמענדאַנט אַ דערלויבעניש אויף אויפצושטעלן דאָ הילצערנע ווענטלעך. וואָ־ים, אייגנטלעך, איז נאָ־אונזער באַראַק אַן אַלגעמיינער. אין די אַנדערע זיינען געווען אָפּגעטיילטע שטיבלעך אויף נאָר צו פופצן פּערזאָן, און אַ טייל אפילו נאָר צו זעקס—אכט. אַזעלכע באַזונדערע צימערלעך האָבן געקריגן די „בעסערע מענטשן", סטאַכאַ־נאָווצעס, אָדער די וועלכע זיינען אָפּט געקומען צום קאָמענדאַנט אין זיין דיזשורנע־שטיבל, אָדער צו אים אין שטוב אַריין, אים אויך אַמאָל מיט עפּעס מכבד געווען.

אָבער אויך אונזער באַראַק האָט שוין איצט אַ ליטישע״ן אויסזען. עטלעכע הילצערנע ווענטלעך טיילן שוין אָפּ באַזונדערע צימערלעך. ביי דער רעשט העג־נען דעקעס איבער די נאַרעס און אויב מען וועט זיך אויפפירן ליטיש, אַרבעטן פלייסיק, זאָגט צו דער קאָמענדאַנט, אַז ער וועט דערלויבן יעדער פאַמיליע, פאַר־פאַלק, זיך אויפצוקלאַפּן בעטן.

איז בושה, שעמען־זיך, זיין זשענירט — זעט אויס — נישט קיין אויסגע־טראַכטע זאַך. עס איז נישט פאַרשווונדן אויך. יעדער וואָס קאָן זיך נאָר אַביסל פאַרדעקן פון אַ פרעמד אויג — בשעתן ליינען זיך, שלאָפן, אויפשטיין — פילט זיך שוין דערהויבן און צופרידן.

סוף כל סוף דאַרפן מיר זיך פרייען, וואָס מיר זיינען נישט אין קיין לאַגערן, נאָר בלויז „ספּעצפּערעסעלענצעס” (ספּעציעל פאַרשיקטע), אויף אַ פּאָסיאָלעק.

וואָרים אָט האָט דער זעלבער פּאָסיאָלעק געהאַט דאָ אַ מין פאַרשיקטע און אַ מין רעזשים, וואָס עס גרוילט צו הערן. דאָס דערציילן די רוסן, מיט וועלכע מען איז שוין נענטער באַקאַנט און האָבן צו אונז אַ געוויסן צוטרוי.

זיי דערציילן, אַז אין דעם זעלבן אַבראַמקאָוואָ האָט מען אַמאָל אין אַ ווינ־טער געבראַכט פאַרשיקטע 504 קובאַנער קאָזאַקן. די באַראַקן זיינען נאָך דעמאָלט אויך נישט געווען. בלויז לייוונטענע פּאַלאַטקעס. קיינער פון די קאָ־זאַקן האָט נישט געוואָלט גיין אַרבעטן. מען האָט זיי געבונדן מיט שטריק און גע־שלעפּט אונטער באַגלייטונג פון אַ קאָנוואָי, מיט רעוואָלווערן אין די הענט. די וועלכע האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין מיטן וועג, נישט געוואָלט ווייטער גיין, האָט מען דערשאָסן אויפן אָרט. אויף דעם פּלאַץ דאָ זיינען געשטאַנען צוויי וואַך־טורעמס. אַז מען האָט באַדאַרפט, האָט מען אויך פון די טורעמס אַראָפּגעשאָסן.

זיי האָבן נישט געוואָלט אַרבעטן, נישט עסן, נישט בויען קיין באַראַקן. מען האָט זיי געשלעפּט ווי די שעפּסן. יעדן טאָג געשאָסן עטלעכע און דאָך האָט מען ביי זיי נישט געקאָנט עפּעס פועלן.

נו, וואָס, קאָזאַקישע עקשנים. דורכן ווינטער זיינען פאַרבליבן פון פינף הונ־דערט און פיר — בלויז צוועלף. מען האָט זיי שווער־קראַנקע אַוועקגעפירט אין אַ תפיסה־שפּיטאָל.

הייסט דאָך עס, אַז צו אונז איז טאַקע אַ לייכטערער רעזשים. מיט אונז רע־כענען זיי זיך נאָך פאָרט. אויב אַזוי, איז דאָך נאָך פאַראַן אַ האָפענונג, אויף צו ווערן אַמאָל אויפגעריכט.

אונזערע מענטשן האַלטן אָבער, אַז מיר וועלן ווערן באַפרייט פונדאַנען נאָר ביי אַ מלחמה. מען האָט פאַרשטאַנען און געאַנט, אַז צו אַ מלחמה מיטן דייטש וועט עס סוף כל סוף דערגיין, אַז דער דייטש וועט זיך נישט אָפּשטעלן און וועט גיין אויף רוסלאַנד. דעמאָלט אָבער, איז דאָך אונזער זיכערער טויט! אויב אפילו נישט די דייטשן, וועלן אונז פריער די רוסן אַליין אויסקוילענען. זיי וואַרטן שוין לאַנג אויף אַזאַ מין שמחהלע.

איינער פון אונזערע אַמאָליקע רעוואָלוציאָנערן, וועלכער איז געזעסן אין פּוילישע תפיסות פאַר קאָמוניזם, ער צאָרנט ווי אַ חסר־דעה:

— אויב דאָ קאָן עפּעס געענדערט ווערן נאָר דורך בלוט־פאַרגיסונג, און ווי געוויינלעך, וועט עס זיך דאָך אָנהויבן פון אַ פּאָגראָם, פון פייניקן יידן, דאָס ראָד פון דער געשיכטע מוז דאָך געשמירט ווערן מיט יידיש בלוט — באַשטייי איך־

שוין אויף דעם אויך! זאָל דאָס באַדאַי זיין מיט אונזער בלוט, אַבי דאָס אַלץ זאָל זיך שוין ענדערן!

דער דאַזיקער שמועס קומט־פאָר שבת בייטאָג, אין באַראַק. דאָס זיינען די נאַכט־שיכט־אַרבעטער. זיי זיינען זיך שוין אויסגעשלאָפן. דאָס זיינען עטלעכע היימישע מענטשן, וועלכע קענען זיך פון דערהיים.

וואָס קאָן מען ענטפערן אויף אַזעלכע מאָרד־ און זעלבסטמאָרד־געדאַנקען? „מיר זאָלן באַדאַי אומקומען, אַבי דאָס זאָל זיך ענדערן!" איז בעסער צו שווייגן, דערמאָנען מיר זיך און דערהערן, אַז עס איז שבת אויף דער וועלט. הינטער דער פאַרדעקטער קאָלדרע זיצט דער אַלטיטשקער אָסטראָווער ייִד. ביי אים אין „שטוב" איז שוין דאָ אַ טישל און אַ באַנק. דער טיש איז אַצינד ביי אים פאַרדעקט מיט אַ ווייס לײַלעך. ער זיצט איבער אַ ספר און לערנט. מיר הערן נישט קיין ווערטער, נאָר דעם ניגון. דער ניגון איז באַקאַנט. עס איז דער ייִדישער ניגון, וואָס מען האָט אים געהערט אין אַלע בתי־מדרשים שבת נאָכמיטאָג, מען האָט אים געהערט אין אַלע ישיבות, ווו יונגעלייט זיינען געזעסן, זיך געוויגט איבער גמרות. דורך דעם צובאַגלייטן זיך מיט דעם ניגון, האָבן זיי אַלץ תופס געווען. האָבן זיי זיך אַריינ־געוועבט אין דעם אייביקן ייִדישן צער, וואָס באַגלייט אונז פון דור־דורות. דער ניגון רייסט זיך דורך ווענט און מויערן, דורך גרענעצן און יאָרהונדערטער. עס איז דאָס גרויסע, טיפע געוויין פון פאַרוואָגלטע און געפּלאָגטע, וועלכע פרעגן זיך ביי גאָט, ביי דער אייביקייט:

„פאַרוואָס? פאַרוואָס?"

אין דעם ניגון קומט באַלד צוריק דער ענטפער, עס קומט צוריק די טרייסט. אַזעלכע ניגונים האָט נאָך קיין שום פאָלק נישט געזונגען. צו אַזעלכע ניגונים האָט נאָך קיינער נישט דערגרייכט. אפילו דו, גרויסער בעטהאָווען, מייסטער פון קלאַנג, אויך דו ביסט צו אַזעלכע ניגונים נאָך נישט דערגאַנגען. דער אַלטער אָסטראָווער ייִד — יאָ! זיין ניגון גיט אונז אַן ענטפער אויף דער אייביקער בענקשאַפט און האָפ־ פנונג.

איינער האָט אָנגעכאַפּט דעם צווייטן ביי די הענט, איינגעגראָבן דעם קאָפּ, זיך איינגעהערט אין דעם גרויסן און אייביקן ייִדישן געזאַנג. עס האָבן גע־ שטיקט טרערן. די טרערן און דער ניגון מאַכן לייכטער אונזער פּיין, מיר געפינען אַ טרייסט.

צוזאַמען מיטן פאַרגיין פונעם היינטיקן שבת־טאָג, אין בין־השמשות, האָט דער אַלטער אָסטראָווער ייִד אויסגעהויכט זיין נשמה.

שוין דער צווייטער טויט־פאַל אין אונזער פּאָסיאָלעק אַבראַמקאָווע.

## קאַפּיטל ג

פאַרטאָג גיי איך אַרויס צו דער אַרבעט אויפן טייך. מיינע אינסטרומענטן זיינען אַ האַק און אַ „באַגאָר". די ערשטע פאָר מינוט זעצן מיר זיך אַוועק אויף די טראַטואַרס. עס איז קוים פאַרשוווּנדן די נאַכט. עס רוקט זיך פּאַמעלעך אַוועק די לעצטע טונקעלע פאַרהילונג. דו ביסט דערביי ווי עס אַנטשטייט דער טאָג, ווי ער שאַפט זיך. דער הימל איז פאַרנעפּלט אין גרוי. מיינסט דו, אַז אַזוי וועט שוין פאַרבלייבן היינט דער טאָג, אַ טונקעלער און פאַרכמורעטער. אַ מינוט געדויערט

און דער הימל צעהעלט זיך. מיט העלקייט ענטפערן אָפּ די כוואַליעס פון טייך. גייט פאַרביי נאָך אַ מינוט און עס ווערט נאָך מער טונקל ווי פריער. עס דוכט זיך אויס ווי עס שטייט ערגעץ דער באַשעפער, ווי אַ מאָלער ביי זיין פּאַליטרע, און פאַרטראַכט זיך אויף וואָס פאַר אַ פאַרב און קאָליר אָנצושטעלן דעם היינטיקן טאָג. ער איז נאָך נישט דעציזידירט. ער פּרוווט אַ שמיר טאָן מיט איין פאַרב, מיט אַ צווייטער, אַביסל בלוי, אַביסל ראָז און פאַרשמירט זיי באַלד צוריק מיט אַ טונקעלער פאַרב. עס געפעלט אים נישט.

איך פיל זיך אַצינד ווי עפּעס אַ שותף צום באַשאַף. איך שטיי ביים געבורט פונם טאָג און זע זיין אָנהויב. יאָ, דער טאָג, זעט אויס, פאַרבלייבט שוין היינט אַ טונקעלער און גרויער.

דער בריגאַדיר באַפעלט:

— רעביאַטאַ! (יאַטן!) אויפבינדן די טראַטוועס! צו דער אַרבעט!

די קלעצער ווערן געשיקט צו אונז פון די אַרומיקע פּונקטן, צום צעשניידן זיי אויף ברעטער אין טאַרטאַק. מיר דאַרפן אויפבינדן די קייטן, מיט וועלכע עס זיינען פאַרבונדן די ביימער און אַרויסציען די טשוועקעס מיט וועלכע זיי זיינען צונויפגעקלאַפּט. די טראַטוועס זיינען איינגעלייגט אין דריי שיכטן קלעצער, די קייטן זיינען פאַרזשאַווערטע און זיינען מייסטנס פאַרקניפּט אונטער דער לעצטער שיכט.

מען ציט זיך אויס אויף דער טראַטווע, מען לאָזט אַרונטער די הענט אין וואַסער, אויפצוקניפּן די קייטן. עס קומט אָן מיט אַנגסטן און שוויים. מען שיידט פונאַנדער די ביימער, איינעם נאָכן אַנדערן; אָט בלייבסט דו שוין אויפן לעצטן שווימענדיקן קלאָץ. דו זיצסט אויף אים רייטנדיק, מיט די פיס אין וואַסער און מיטן באַגאַר (אַ לאַנגער דראָנג מיט אַ פאַרבויגענעם האַטשיק) דאַרפסטו אָנשטעכן אין אַנדערע שווימענדיקע ביימער און זיי צוציען צו זיך.

דער טאָג האָט זיך פּאַרט אויסגעלייטערט און עס איז אַרויס אַ ריינע און בלענדיקע זון. איך טראַכט איצט, אַז אין נאָענטסטן בריוו צו מיין טעכטערל וועל איך איר באַשרייבן, ווי אַזוי עס גייט דאָ צו די אַרבעט, ווי שיין עס איז דער פאַרטאָג אויף דער צפון־דווינע. זי האָט ליב צו מאָלן, מיין מאַיעלע, אין יעדן בריוועלע אירן לייגט זי ביי אירס אַ פאַרביקע צייכנונג פון בלומען, ביימער, הימל און טייך.

ווען וועל איך זי שוין ווידער זען? אָט דערזע איך זי אַצינד פאַר מיינע אויגן, אָט דאָ, אין טייך. איך דערזע איר פאַרחלומט פּנימל.

ווען מיר קלאָגן זיך אַמאָל פאַר נאַטשאַלסטווע, אַז ביי אַ סך פון אונז זיינען אונזערע פרויען און קינדער ערגעץ דאָרט ווייט פון אונז, חוזקן זיי:

„פרויען זיינען ביי אונז פאַראַן גענוג און קינדער קאָן מען מאַכן „סקאָלקאָ אוגאָדנאָ!״

ניין, עס איז נישט אַזוי. איך זע איצט דאָס פאַרבענקטע פּנימל פון מיין קינד. אָט לאַכט זי דאָך צו מיר. אָט שטרעקט זי דאָך אויס צו מיר אירע הענטלעך און וויל מיך אַרומנעמען...

עס האָט מיר אַ שווינדל געטאָן פאַר די אויגן, איך האָב זיך אַ וויג געטאָן און — איך ליג שוין אין וואַסער.

איך ווארף מיט הענט און פיס, שווימען קאָן איך נישט. עס כאַפּט מיך ווער אָן ביים קאָפּ, כאַפּ איך יענעם מיט די הענט, לאָזט ער מיך אָפּ און איך פאַל צוריק. איך דערזע אַ טינקעלן הימל, איך באַוויז נאָך אפילו אַ טראַכט טון:

— זע איך אים שוין דאָס לעצטע מאָל?

מען שלעפּט מיך אַרויס. עס שטייען זעקס מענטשן און איינער האַלט זיך אָן אינם צווייטן. איך האָב — הער איך — ביים צווייטן מאָל אויך מיטגעצויגן מיין רעטער, האָט אים אָן אַנדערער אונטערגעכאַפּט. אַזוי איינער דעם צווייטן, אַלע זעקס אַרבעטער.

מען טראָגט מיך אַרויס אויפן ברעג. מיינע חברים האָבן אַ טענה צום רוד־סישן בריגאַדיר, פאַרוואָס ער האָט זיי נישט צוגעהאָלפן מיך ראַטעווען. ער שמייכלט:

— עס איז נאָך געווען צייט, אין דער לעצטער רגע פאַרוואַרף איך אַ באַגאָר און שלעפּ אים אַרויס.

מען פירט מיך אין באַראַק אַריין. אויפן וועג קומט אָן דער געהילף־קאָמענ־דאַנט, דער „באַזשאַנט", ווי מיר רופן אים. מען דערציילט אים וועגן דעם פאַל. ער שמייכלט אויך:

— ניטשעוואָ! איינער ווייניקער איז קיין דאגה נישט! פאַראַן ביי אונז מענטשן גענוג!

פון דער אַרבעט אין וואַלד קומען צולויפן מיין ברודער און שוועגערין. זיי האָבן שוין געהערט וועגן דעם פאַל. ער איז, ווי שטענדיק, אַ טומלדיקער, אַ כעסן, ער רעדט אָפּן קעגן נאַטשאַלסטווע. ער האָט, זאָגט, ער, פאַר קיינעם נישט קיין מורא. ער שאַפט ערגעץ אַ וואַרעם גלאָז מילך, טוט מיך איבער, דעקט מיך איין מיט אַ קאָלדרע און דערקלערט פייערלעך:

— ניין, ברודער, אַזוי וועט עס נישט פאַרבלייבן!

## קאַפּיטל ד

מיר האָבן זיך שוין אַביסל מער איינגעלעבט מיט די רוסישע אַרבעטער דאָ. טייל פון זיי זיינען זעלטן גוטע און האַרציקע. זיי לערנען אונז ביסלעכווייז אויך אוים ווי אַזוי זיך אָן עצה צו געבן, ווי אַזוי זיך „צו קערעווען אויף לינקס".

איך אַרבעט שוין נישט אויף די טראַטוועס, נאָר ביי אַ לייכטערער אַרבעט, ביים זעגן און שניצן קלעצער.

אונז איז נאָך אַלץ שווער אָנצויאָגן כאָטש אַ העלפט, וואָס עס פאָדערט די נאָרמע. אונזער בריגאַדיר איז אַ געוועזענער „רויטער פּאַרטיזאַן" פון די יאָרן 1919 — 1920. ווען מיר מאַכן פאַרטיק ביזן מיטאָג־איבעריים קוים 28 קלעצער און ער דאַרף פאַרשרייבן, פרעגט ער מיך נאָך אַמאָל איבער, וויפיל אונזער גרופּע האָט פאַרטיק געמאַכט. ענטפער איך:

— אַכטאונצוואַנציק!

— אַזוי — זאָגט ער — צוויי און פערציק קלעצער! איז שוין גאָרנישט שלעכט.

בעסער איך אים אויס דעם טעות:

— נישט צוויי און פערציק, נאָר אַכט און צוואַנציק!

— דוראק! אז מען זאָגט דיר אכט און פערציק, זאָלסטו הערן וואָס מען רעדט צו דיר!

מיינע חברים ווינקען צו מיר, פאַרשטיי איך שוין:

— פאַרטיק געמאַכט אכט און פערציק קלעצער, חבר בריגאַדיר!

— מאָלאָדיעץ! — ענטפערט ער מיט אַ שמייכל. — אויב איר וועט נאָכ־מיטאָג פלייסיק אַרבעטן, וועל איך אייך שוין פאַרשרייבן אַצינד גלייכע זעקס און פופציק. אונזער בריגאַדע דאַרף נישט אָפּשטיין פון אַנדערע. זיי קענען אויך גוט אַריפמעטיק...

נאָכמיטאָג אַרבעטן מיר שוין פלייסיקער, נאָר די זון באַקט און גליט. מיר שטייען אויף אַן אָפענעם פּלאַץ נעבן טייך און מען ווערט שנעל מיד. זעצט מען זיך אַנידער אָפּרוען אויף אַ לענגערער „זאַקורקע" (רויכערן). פאַר דער צייט נעמען דערוויל חברה עטלעכע פאַרטיקע קלעצער פון דער שוין אָפּגעלייגטער קופּע פון פאַרמיטאָג. מען ווישט אָפּ דעם קרייד־צייכן און מען לייגט זיי אַוועק צו דער נאָכמיטאָג־קופּע. מיר דאַרפן אַמאָל אויך פאַרזוכן דעם טעם פון זיין סטאַכאַ־נאָווצעס.

קומט אָן אויף אַ קאָנטראָל דער זאַווכאָז (ווירטשאַפט־פאַרוואַלטער), מוז מען זיין גוט אויסגעהיט. ער איז שטרענג און אומברחמנותדיק. ער ווייסט, אַז יידן זיינען פויל און כיטרע, ער איז געווען צוזאַמען מיט דער רויטער אַרמיי אַין פּוילן, אין 1920, ווען זיי זיינען געגאַנגען אויף וואַרשע, ער ווייסט ווי די יידן האַסן די באָלשעוויקעס... די יידן אין פּוילן האָבן דעמאָלט געשאָסן אויף די באָלשעוויקעס פון די באַהעלטענישן אַרויס, פאַרסמט די ברונעמער אין די ערטער, ווו די באָל־שעוויקעס זיינען דורכגעגאַנגען. שפּיאָנירט פאַר די ווייס־פּאָליאַקן און פראַנצויזן. ער ווייסט די אַלע זאַכן גאַנץ גוט! ער איז אַליין אַ פראָנט־קעמפער און האָט דאָס אַלץ אַליין געזען און געהערט. מיט אים וועט מען זיך נישט שפּאָרן! אים וועט מען נישט דערציילן קיין מעשיות און פאַררעדן די ציין. אָט האָט ער טאַקע פאַר אונז אַ ידיעהלע, וועלכע וועט אונז געווים פאַרשאַפן אַ סך עגמת־נפש:

— דעם יודאַ טראָצקי האָט מען דערהרגעט אין מעקסיקאַ! ליקווידירט נאָך אַ סוואָלאָטש און פאַררעטער! ער איז דאָך אַן אייעריקער, אויך אַ ייד! ער האָט אונז געוואָלט איבערכיטרעווען, דער יודאַ!

מיר ווערן זיך אָפּ, באַווייזן אים מיט אַרגומענטן:

— אָט איז דאָך קאַגאַנאָוויטש (באַן־מיניסטער אין ראַטנפאַרבאַנד) אויך אַ ייד! און ליטווינאָוו איז דאָך אויך אַ ייד!

גיט ער אַ ווונק מיט אַן אייגל, בויגט זיך צו אונז אַראָפּ און זאָגט פאַרטרוילעך:

— קוקט מען זיי טאַקע גוט אויף די פינגער!

— אָבער די פּאָליאַקן האָבן דאָך אין 1920, אויפגעהאַנגען אַ סך אונזערע יידן, ווייל זיי האָבן זיי חושד געווען אין שפּיאָנאַזש לטובת די באָלשעוויקעס! אין אַלע שטעטלעך, ווו עס זיינען אַריין די באָלשעוויקעס, זיינען דאָך אַ סך יידן געווען אין די רעוו.־טריבונאַלן! רופן דאָך אונז די פּאָליאַקן „זשידאָ־קאָמונאַ"!

— ניין — אים וועט מען נישט פאַררעדן די ציין. דאָס איז אַלץ סקאַזקי, (מעשות). ער איז דאָך אַליין געווען דעמאָלט אויפן פראָנט. טראָצקי איז אַ ייד

און האָט אונז געוואָלט פאַרקויפן צו ענגלאַנד און יאַפּאַן. אָבער מיר זיינען אויך נישט קיין נאַראָנים, מיר האָבן אים איבערגעכיטרעוועט!

אָבער באַלד גיט ער זיך עפּעס אַ דערמאָן, זיין צורה ווערט אָנגעגאָסן מיט בלוטיקן כעס:

— אַזוי נאָך אַרבעט איר?! וויפיל קלעצער האָט איר היינט פאַרטיק געמאַכט?! אַרבעטן! אַרבעטן! גענוג זיך אויסגערוט אין פּריצישן פּוילן! דורך מי און האָרעוואַניע באַווייזט אייער געטריישאַפט צו דער סאָוויעטן־מאַכט! מיט קאַגאַנאָוויטשן און ליטווינאָוון זאָלט איר זיך נישט פאַרשטעלן, כיטראַקעס!

## קאַפּיטל ה

בריוו זיינען דערגאַנגען צו אונז וויניק. גיכער איז שוין לעצטנס אָנגעקומען מער פּעקלעך. פון קרובים און באַקאַנטע פון ביאַליסטאָק, קאָוועל, לעמבערג, ווילנע. פּעקלעך מיט פּראָדוקטן.

אַלע פּעקלעך זיינען איצט אָנגעקומען אין אָרדנונג, חוץ איינמאָל, ווען איינער האָט דערהאַלטן אַ פּעקל און געפונען אין אים — שטרוי און שטיינער. דער קאָמענדאַנט האָט וועגן דעם פאַל צונויפגעשטעלט אַן אַקט און געבעטן אין ראַיאָן צו פאַרפירן אַן אויספאָרשונג אויף דער פּאָסט.

מיין פריינט קוטשער און איך האָבן באַקומען אַ בריוו פון די קאָלעגן אין ביאַליסטאָק. אַז בקרוב וועט מען אונז אַרויסשיקן אַ פּאַקעט. מען האָט שוין געהאַט אָנגעהויבן דאָרט צונויפצוזאַמלען געלט צווישן די חברים, האָט מען עס אָבער גלייך געמוזט אָפּשטעלן, ווייל פון שרייבער־פאַריין האָט מען זיי אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז מען טאָר נישט שטיצן קיין פאַרשיקטע. מען וועט עס אָבער מאַכן איצט אין דער שטיל און אינגיכן אַרויסשיקן אַ פּעקל פּראָדוקטן. זיי שרייבן אויך, אַז אַ טייל חברים שיקן איצט אַרויס פּעקלעך צו זייערע קרובים אין די געטאָס. מיט פּראָדוקטן איז אין ביאַליסטאָק איצט אַ סך לייכטער און אין די געמאַכט אין פּוילן — הונגערט מען.

עס זיינען צו אונז אויך דערגאַנגען דירעקט עטלעכע בריוו פון וואַרשע און לאָדזש. אַ פרוי שרייבט צו איר מאַן, אַז זי איז צופרידן דערמיט, וואָס ער פאַרנעמט זיך מיט זיין אַמאָליקער בראַנזשע, ער זאָל אַליץ טאָן און אַראָפּנעמען זי מיט די קינדער צו זיך. (דער מאַן האָט איר געהאַט געשריבן, אַז ער איז באַשעפטיקט אין וואַלד. און אַזוי ווי ער איז אַמאָל געווען אַ וואַלד־סוחר, האָט זי אָנגענומען, אַז ער האַנדלט אויך דאָ מיט וואַלד).

פון דעם אַנטלאָפענעם יינגל איז אויך אָנגעקומען אַ בריוו פון וואַרשע. ער האָט זיך צונויפגעטראָפן אין ביאַליסטאָק מיט נאָך אַ בחור, אויך אַן אַנטלאָפענעם פון פאַרשיקונג, און ביידע איז געלונגען זיך דורכצושלאָגן דעם וועג ביז וואַרשע. זיי האָבן מיט זיך גענומען — שרייבט דער קליינער — צוויי פלעשער שנאַפּס און דאָס האָט געהאָלפן ביים דורכגיין דאָס טויער (געמיינט די גרענעץ). ער שרייבט, אַז עס איז דאָרט זייער און זייער שלעכט, ער איז אָבער צוזאַמען מיט קרובים און גיט זיך אַן עצה. טייל עסן דאָ פּונקט אַזוי ווי פאַר דער מלחמה, אָבער אַ סך גייען אויס פון הונגער און פאַלן אין די גאַסן.

אַלץ איז געשריבן אין אַ פֿאַרשטעלטן לשון. פֿאַר זיין אַנטלויפֿן האָבן אייניקע מיט אים אָפּגערעדט אַ שיפֿער.

אין אונזער פּאָסיאָלעק איז אָנגעקומען צו אַ פֿרוי אַ בריוו פֿון דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדע, אַז זי זאָל קומען צופֿאָרן קיין מאָסקווע. היות זי איז געבוירן אין אַמעריקע, איז זי אַ דאָרטיקע בירגערין, און קאָן איצט פֿאָרן קיין אַמעריקע, עס איז אין דער אַמבאַסאַדע פֿאַראַן פֿאַר איר פּאַפּירן.

אין סאַמע אָנהויב, ווען זי האָט געשריבן צו איר שוועסטער קיין אַמעריקע וועגן אַראָפּנעמען זי, האָט איר די שוועסטער אָפּגעענטפֿערט מיט חידוש: פֿאַר וואָס וויל זי אַוועק פֿון אַזאַ שיין און גוט לאַנד? אַ סך דאָרטן אין אַמעריקע זיינען זיי מקנא און זי אַליין וואָלט אויך געוועזן אַ בעלן זיך אַראָפּצוכאַפּן דאָ אַהער אויף אַ שטיקל צייט.

זעט אויס, אַז איצט האָט איר שוועסטער דאָרטן שוין געביטן איר מיינונג. זי האָט זיך שוין אויסגעסטאַרעט פֿאַר איר פּאַפּירן. דאָס האָט אונז אַלעמען דערפֿרייט. זאָל זיך כאָטש איינע פֿון אונז ראַטעווען. אפשר וועט איר געלונגען דאָרט אין אַמעריקע צו דערציילן וועגן אונזער נויט און פּיין, אפשר וועט עס עפּעס העלפֿן.

איך האָב אויך באַקומען אַ בריוו פֿון אַ קרובֿה, פֿון דאָמאַטשעוואָ, נעבן בריסק (עס איז אויף דער סאָוויעטישער זייט). אין דעם בריוו איז געלעגן אַ שטיקל צייטונג, אַן אויסשניט פֿון דער ניו־יאָרקער „מאָרגן־פֿרייהייט”. דאָס איז געוועזן אַן ענטפֿער אויף מיינס אַ בריוו צו איר, אין וועלכן איך האָב איר געגעבן אָנצוהערן וועגן אונזער לאַגע. זי האָט מיין בריוו און אירם אַן אייגענעם בריוו, אין וועלכן זי האָט זיך אויך געקלאָגט אויף איר מצבֿ — איבערגעשיקט צו איר ברודער קיין טשיקאַגאָ. האָט ער איר אָפּגעענטפֿערט און בייגעלייגט אַן אויסשניט פֿון דער קאָמוניסטישער „מאָרגן־פֿרייהייט”. אינם שטיקל צייטונג איז געוועזן פֿאַרעפֿנטלעכט עטלעכע בריוו פֿון רוסלאַנד, געשריבן פֿון אונזערע פּוילישע יידן. איין בריוו איז געוועזן געשריבן פֿון מאַגניטאָגאָרסק און דער צווייטער פֿון גראָדנע. יענער פֿון מאַגניטאָגאָרסק, באַשרייבט ווי אַזוי ער איז אַנטלאָפֿן פֿון פּוילן, זיך געראַטעוועט אויף דער סאָוויעטישער טעריטאָריע און איצט איז ער אין דעם באַרימטן מאַגניטאָגאָרסק. ער פֿילט זיך געזונט און גליקלעך, ער איז באַגייסטערט פֿון דעם נייעם לעבן דאָ.

אין דעם בריוו פֿון גראָדנע דערציילט אַ פֿרוי, ווי אַזוי די סאָוויעטן האָבן געראַטעוועט איר גאַנצע משפּחה. זיי פֿילן זיך איצט אויף אַן אמת פֿריי און גליקלעך. צום סוף בעט די פֿרוי ביי איר קרובֿ, זיי צו שיקן עטלעכע קלייניקייטן, צווישן אַנדערע אויך עטלעכע ראַזיר־מעסערלעך.

אַ צופֿאַל האָט געוואָלט, אַז גראָד אַ ברודער פֿון דעם מאַגניטאָגאָרסקער זאָל זיין אין אונזער פּאָסיאָלעק. ער דערציילט אונז, אַז זיין ברודער איז שוין פֿון לאַנג אַנטלאָפֿן פֿון מאַגניטאָגאָרסק, צוריקגעקומען קיין לעמבערג און דאָרטן האָט מען אים ביי דער כאַפּעניש אין יוני 1940, אויך פֿאַרשיקט. דעם בריוו קיין אַמעריקע האָט זיין ברודער געשריבן נאָך גלייך אין די ערשטע טעג פֿון זיין אָנקומען קיין מאַגניטאָגאָרסק.

אָבער אין דעם אויסשניט פֿון דער „מאָרגן־פֿרייהייט” איז אויך דאָ אַ ידיעה, וועלכע איז דאָ פֿאַר אונז באַזונדערס פּיקאַנט. דאָס איז אַ מעלדונג וועגן אַ פּאַרטיי־

פאַרזאַמלונג, וועלכע דאַרף דאָרט פאַרקומען, און דערביי איז אָנגעגעבן, אַז עס וועט זיין טעטיק אַ בופעט, ווו מען וועט באַקומען צו קויפן הייסע וווּרשטלעך, ביר און פאַרשידענע נאַשוואַרג.

צו דעם איז שוין קיינער פון אונז נישט גלייכגילטיק. הייסע וווּרשטלעך און ביר!

עס גייט שוין אַוועק אַ לאַנגער געשפּרעך וועגן מאכלים. יעדער איינציקער הויבט אָן דערמאָנען וועגן די געשמאַקע עסנס פון אַמאָל. דאָס רעדן וועגן „עסן" און „אַמאָל" איז איבערהויפּט די באַליבטסטע טעמע ביי אַלעמען.

אַמאָל, אַמאָל איז געווען! צי איז עס טאַקע אַזוי געווען?!

## קאַפּיטל ז

אַ סך רעדט מען אויך וועגן דעם — וואָס עס וועט זיין!

דאָ העלפט מען זיך שוין אַרויס מיט חלומות, טרעפענישן, מען טאַפּט אַרום דאָס קומענדיקע, די צוקונפט, פון אַלע זייטן; מען זוכט אָן אָנדייטונג, עפּעס אין וואָס זיך אָנצוהאַלטן, אויסצוגעפינען כאָטש אַ ברעקעלע האָפענונג.

זאַ־רעמבאַ, דער לערער פון מאַלקין, פילט אין זיך עפּעס אַ פאַרבאָרגענעם כוח פאָרויסצוזאָגן נביאות. ער איז אַ זעלטענער באַשיידער פון חלומות! ער אַליין האָט אַזעלכע אויסטערלישע חלומות! ער זעט דעמאָלט אַלץ אַזוי קלאָר און דייט־לעך, כאָטש דורך סימבאָלן, אָבער ער פאַרשטייט זייער באַדייט. ער פאַרווײַלט אונז מיט דערציילן וועגן זיינע פּאַסירונגען מיט חלומות און וואָרהייט פון אַמאָל.

— עס איז געווען אין יאָר 1936. ער איז געקומען צו פאָרן פון פּאַ־יז צו זיך אין שטעטעלע מאַלקין. ער האָט דעמאָלט זייער גוט אויסגעזען. די מאַמע זיינע האָט אים אָנגעזאָגט, אַז ער זאָל זיך אויסהיטן אָנצוטרעפן מיט דער אַלטער נעבעלע די מכשפה. אַז זי גייט נאָר צו צו אַ מענטשן, קוקט אים נאָר אַריין אין די אויגן, באַוווּנדערט יענעמס אויסזען, איז ווי נאָר ער קומט אַהיים, באַפאַלט אים אַ גרויסע היץ און ער ווערט שווער קראַנק. ער איז דאָך אָבער אַ לערער פון נאַטור־וויסנ־שאַפט, אַליין אַ ראַדיקאַל און אַטעאיסט, און קומט איצט נאָך לאַנגע יאָרן זיין אין פּאַריז. — ע־ חוזקט דערפון אָפּ און מאַכט עס צו גאָרנישט.

און אָט גייט ער־ טאַקע דעם זעלבן טאָג אַרויס אין גאַס און עס קומט אים אַנטקעגן נעבעלע די מכשפה. יאָ, זי שטעלט אים אָפּ. זי האָט אַ מוראַדיקן און שווידערלעכן בליק. ער שטרענגט אָן אַלע כוחות קעגנצוווירקן אירע שלעכטע אויגן. (זאַרעמבאַ אַליין האָט משונהדיקע, אומהיימלעכע, אַרויסגעזעצטע אויגן.) און ווען נעבעלע זאָגט צו אים, „זע נאָר ווי גוט דו זעסט אויס!" גיט ער זיך אַ בויג צו נאָענט צו איר פּנים, כאַפּט זי פאַר די אַקסלען און טרייסלט מיט איר:

„יאָ, איך זע אויס גוט! איך אויף צופּיקעניש! און גייט צו אַל־די שוואַרצע יאָר"!

ער פאַרענטפערט זיך: דאָס האָט ער געמוזט טאָן, ווייל ער האָט באמת דער־פילט אין אירע אויגן עפּעס שלעכטס און בייזעס.

— און שטעלט אייך פאָר — זעצט ער ווייטער פאָר זיין דערציילן — אין דעם זעלבן טאָג איז נעבעלע די מכשפה אַוועקגעשטאָרבן!

און איצט וויל ער טאַקע דערציילן דעם צווייטן פאַל, כדי מען זאָל זיך איי־בערציינגן, אַז ער איז באמת בכוח עפּעס פאַרצופילן:

— עס איז געווען אין די זעלבע טעג. ער האָט זיך געוואָלט דורכשמועסן מיט זיינעם אַן אַלטן אידעען־חבר. זיי האָבן זיך שוין אַזויפיל יאָרן נישט געזען! ער איז אַוועק צום חבר אין שטוב און יענער האָט אים פאַרגעשלאָגן אַריבערצו־גיין צום בוג, זיך אויסבאָדן און נאָכדעם וועט מען שמועסן. ביים טייך איז באַ־קוועמער. אָבער פריער מוז ער דערציילן, וואָס עס האָט זיך אים אין יענער נאַכט, פאַר דעם, געחלומט:

אין מיטן נאַכט איז אין שטוב אַריינגעקומען דורכן פענסטער — אַ וואָלף. איז צו צו זיין בעט און אויסגעשטעלט אויף אים אַ פּאָר סטראַשנע אויגן. דער וואָלף האָט זיך נאָך מער דערנענטערט צו אים און זיינע אויגן לייכטן און שרעקן. האָט ער געוואָלט שרייען און נישט געקענט, האָט ער געזוכט עפּעס וואָס צו באַפּן אין האַנט אַריין און דערלאַנגען דעם וואָלף אַ זעץ. האָט ער אין דער רגע זיך דערמאָנט, אַז אויף דער שאַנק ערגעץ דאַרף ליגן אַ גרויסער מלבושים־הענגער. איז ער אַרויפגעשפּרונגען אויפן קאָפּ־שטיק פון בעט, אַראָפּגעכאַפּט דעם הענגער און דערלאַנגט דעם וואָלף אַ זעץ אין קאָפּ אַריין. איז דער וואָלף גלייך נעלם געוואָרן.

אינדערפרי, ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט און דערציילט אַן שטוב זיין חלום, איז זיין באָבע צוגעגאַנגען צו דער שאַנק, זיך אַרויפגעשטעלט אויף אַ בענקל און גענומען זוכן. אָבער באַלד האָט זי אויסגעשריגן:

„נישט גוט איז מיר. דער הענגער איז דאָך טאַקע נישטאָ!"

מען האָט אים גענומען זוכן און געפונען אים ליגן אונטערן בעט. די באָבע האָט אָפּגעשפּראָכן דעם בייזן חלום און געוואָרנט אים, אַז ער זאָל זיך אויסהיטן פון אַן אומגליק. ער האָט פאַרשטייט זיך, נאָר געלאַכט דערפון. ער מוז אוודאי זיין עפּעס נישט געזונט.

און זיי זיינען אַוועק זיך באָדן. דער חבר איז אַריין אין טייך דער ערשטער, ער נאָך אים. ביידע זיינען זיי געווען גוטע שווימער און זיך געלאָזט שווימען אויף געוועט. דער חבר האָט אים איבערגעיאָגט. אָבער באַלד האָט ער דערהערט הילפס־רופן. ער האָט דערזען ווי זיין חבר טרינקט זיך, יענער איז אַריינגעשווומען אין דער טייך־שרויף! ער לאָזט זיך צו אים נענטער און נענטער, און דערזעט, אַז פון זיין חבר זעט מען שוין אַרויס נאָר דעם אויבערשטן טייל קאָפּ. ער טונקט זיך אַראָפּ און אַרויף, מען זעט אַרויס נאָר זיין שטערן און די אויגן. ער קוקט אין די אויגן — געוואַלד! דאָס זיינען דאָך דעם וואָלפס אויגן! ער איז שנעל צוריקגע־שווומען און גענומען רופן הילף.

עס זיינען אָנגעלאָפן עטלעכע פּויערים, אַריין אין אַ לאָדקע און געלאָזט זיך איבערן טייך. זיי האָבן שוין אַרויסגעשלעפּט דעם טויטן קערפּער פון זיין חבר.

— איר זאָלט נישט לאַכן פון מיר — זאָגט ער, — נאָך דעם זעלבן טאָג בין איך אַוועק צום שטעטלשן רב און געפרעגט ביי אים, צי איך בין נישט שולדיק אינם טויט פון אַ מענטש, ווייל איך בין נישט צוגעשוווּמען צו דעם קעסל־גרוב אים ראַטעווען. איך האָב אים, פאַרשטייט זיך, דערציילט מיין ביינאַכטיקן חלום. ער האָט מיר געזאָגט, אַז איך בין גאָרנישט שולדיק, אַז דער חלום האָט געהאַט אַ מיין און מיך געוואָרנט פון אומקומען.

אָבער דאָס אַלץ האָט ער נאָר געוואָלט דערציילן צוליב זיין לעצטן חלום. ער האָט קלאָר און דייטלעך געזען, אַז מיר אַלע וועלן פונדאַנען באַפרייט! עס וועט געשען אין קומענדיקן יאָר 1941. געגוי ווען — קען ער נישט זאָגן, אָבער קיין גאַנץ יאָר וועט שוין נישט דויערן.

איז מען צו אים צוגעשטאַנען: אפשר האָט ער געזען עפּעס גענויערס? אַ דאַטע, אַ טאָג? מען וויל אים אַרויסהעלפן און אונטערגעבן דעם געדאַנק, אַז אפשר וועלן מיר באַפרייט ווערן דעם זיבעצענטן פון אַ חודש? די צאָל 17 איז דאָך כמנין טוב, אָדער דעם אַכצענטן — כמנין ח״י. ניין, קיין דאַטע ווייסט ער נישט. ער פילט, אַז עס וועט געשען אין אַ מיטן חודש, אין דעם קומענדיקן יאָר.

האָט מען אין דעם אויך געפּרוווט געפונען אַ טרייסט. כאָטש צו וואַרטן אַ יאָר צייט איז גענוג לאַנג, איצט אין סעפּטעמבער, 1940 — נאָך אַ יאָר וואַרטן! וויפיל וועלן איבער דער צייט נישט אויסהאַלטן, אויסגיין?

נאָר דאָס געזוכטע ברעקעלע האָפענונג איז פאָרט דאָ, און דאָס גיט צו אַ סך כוח צום אויסדויער און אויסהאַלטן.

## קאַפּיטל ז

עס זיינען אָנגעקומען נייע זאַכן אין אונזער מאַגאַזין — אַ גיטאַרע און דרייסיק פּאָר גומי־שיך. איצט האָט דער מאַגאַזינער אַ געלעגנהייט צו פאַרקויפן זיין באָוול־סחורה. ווער עס קויפט אַ פּאָר שיך, מוז אויך אויסקויפן אַ פלאַש טינט אָדער אַ מאַראַנצן־קוועטשער. דער מאַגאַזין מוז דאָך אויספירן זיין פּלאַן. די גיטאַרע האָט געקויפט אַס. פון לאָדזש. ער שפּילט אויס אויף דעם אינסטרומענט אפילו קלאַסישע סימפאָניעס, וועלכע ער געדענקט אויף אויסנווייניק.

אייגנטלעך האָט אַס אַליין נישט געקויפט זי דירעקט אין מאַגאַזין, נאָר שוין פון דער צווייטער האַנט, פון שיעלע „נעבעכל".

דער שיעלע נעבעכל איז געווען אונזער ליבלינג, ער האָט אונז אַלעמען פריילעך געמאַכט. אין וואַרשע האָט ער געהאַנדלט אויף דער „נאַלעווקע" מיט אַלטוואַרג. ער איז עטלעכע און צוואַנציק יאָר אַלט, אָבער שוין געלאָזן אין דער היים אַ פרוי מיט אַ קינד. די אַלע געשעענישן דאָ, נעמט ער נישט ערנסט. ער חוזקט פון קאָמענדאַנט און פון דער גאַנצער נאַטשאַלסטווע. זיי זיינען הילפלאָז לגבי אים.

ביים רעגיסטרירן זיך אין ביאַליסטאָק האָט ער שוין פון לאַנג נישט געהאַט קיין דאָקומענט. ער האָט זיך אָנגעגעבן אויף אַ נאָמען, וועלכער איז נאָר אים אַליין געפעלן געוואָרן. זיין ריכטיקן נאָמען ווייסט קיינער נישט עד היום. ער האָט זיך פאַרשריבן אַלס שיעלע נעבעכל. דעם פאָטערס נאָמען (אין רוסלאַנד מוז מען אָנגעבן אויך דעם פאָטערס נאָמען) האָט ער פאַרשריבן אַלס האַגבעגעלילע (הגבה־גלילה).

אַז מען האָט אים באַדאַרפט אויסרופן: „שיעלע נעבעכל האַגבעגעלילאָוויטש", האָבן זיי זיך שטענדיק פאַרפּלאָנטערט, געבראָכן די ציין, פאַרקלעמט די צונג און דער נאָמען איז קיינמאָל ריכטיק נישט אַרויס. שיעלע האָט זיך קיינמאָל נישט אָפּגערופן, ביז מען האָט נישט ריכטיק אויסגעלייענט זיין נאָמען (אין דער רוסישער שפּראַך איז נישטאָ קיין „ה" און מען לייענט דאָס אויף אַ „ג"), איז אין בעסטן פאַל אַרויסגעקומען דער נאָמען „שיעלע נעבעכל גאַגבעגעלילאָוויטש",

שיעלע האָט שוואַך גערעדט רוסיש און האָט דעריבער גערעדט מיט אַ געמיש פון רוסיש־פּויליש־יידיש.

— מאָי טאַטע ניע גאַנבע, טאָלקאָ האַגבע געלילאָוויטש!

קיין נאָמען, זאָגט ער אויף זיין געמישטן לשון, דאַרף מען נישט פאַרשלינגען. „טאָ ניע יעסט לאָקשן". דער עולם ארום לאַכט. דער קאָמענדאַנט האָט אים איינגעזעצט אויף פינף טעג קאַרצער. שיעלע נעבעכל איז גערן געגאַנגען אין קאַרצער אריין, עסן מוז אים דער קאָמענדאַנט אַריינטראָגן, דאָס איז שוין אויפן חשבון פון דער נ. ק. וו. ד.־אַדמיניסטראַציע. שיעלע האָט אויסגעפונען, אַז אין קאַרצער איז גראָד אַ סך בעסער ווי אין וואַלד אויף דער אַרבעט.

האָט דער קאָמענדאַנט געמוזט רעזיגנירן פון דעם אָפּטן ארעסט־מיטל. עס איז אים געלונגען צו פועלן ביי שיעלען, אַז ווי ער וועט נאָר אויסרופן „שיעלע נעבעכל", זאָל ער זיך גלייך אַליין אָפּרופן. שיעלע האָט אָבער שטענדיק, נאָכן אויסרופן זיין נאָמען, צוגעגעבן הויך:

— האַגבעגעלילאָוויטש!

דער עולם האָט סיי־ווי געלאַכט.

שיעלע האָט ווי ווייט מעגלעך אויסגעמיטן בכלל צו ארבעטן. ער האָט געטריבן מסחר. ווער עס האָט אין סטאָלוווקע געוואָלט אויסטוישן אַ פּאָרציע קאַשע אויף אַ זופּ, אָדער פאַרקערט, האָט געמוזט אָנקומען צו אים. ער האָט דעם מסחר באַלד אויסגעפירט און מעקלער־ייד אראָפּגענומען א לעפל קאַשע און עס אריינגעלייגט אין זיין בלעכענעם קעסעלע.

ער האָט ביי זיך שטענדיק שוועבעלעך און פּאַפּיר. דאַרף ווער פאַררויכערן אַ מאַכאָרקע־ציגאַר (שוועבעלעך און פּאַפּיר איז נישט געווען לייכט צו באַקומען), איז שיעלע גלייך דאָ, איז מכבד מיט פּאַפּיר און אַ שוועבעלע. דערפאַר קריגט ער אַ שניפּעלע טאַבאַק, וואָס ער לייגט עס צו זיך אין אַ זעקעלע. אַ לעצטן „צי" פון פּאַפּיראָס האָט מען אים סיי־ווי באַדאַרפט איבערלאָזן.

אַלע נייעסן, אַלגעמיינע ווי אויך אונזערע אייגענע, היימישע פּליאָטקעלעך, ווייסט שיעלע דער ערשטער. ער האָט אויך דער ערשטער „געשלאָסן בלאַט" מיט די קעלנערינס פון סטאָלוווקע. מיטן מאַגאַזינער, מיטן זאַווכאָז און מיטן פעלדשער.

אַז אים האָט זיך פאַרגלוסט, איז ער אַוועקט אין מיטן דער אַרבעט. עס טוט אים וויי אַ פוס און ער לאָמט. אַז דער קאָמענדאַנט פירט אים אַריין צום פעלדשער אויף צו באַטראַכטן, פאַרוואָס ער לאָמט, קאָן דער פעלדשער קיינמאָל נישט דערגיין דעם אמת. לייגט ער אים ארונטער א טערמאָמעטער אונטערן אָרעם, איז ביי אים העכער 39 גראַד היץ. דער פעלדשער פרעגט וואָס עס טוט אים וויי און שיעלע ענטפערט:

— קדחת באַדיינבלייבעם (ביי דיר זאָל עס בלייבן), גראַזשדאַנין פעלדשער!

רופט דער פעלדשער אַריין אַ צווייטן ייד, אַז מען זאָל אים איבערזעצן, וואָס שיעלע זאָגט. זעצט יענער איבער אויף „מאַלאַריע, פיבער". שיעלע שטימט דערויף איין. ער הייסט נאָר צושרייבן צום וואָרט „מאַלאַריע־פיבער" אויך דאָס וואָרט „באַדיינבלייבעם".

שיעלע האַנדלט אויך מיט העמדער, שקאַרפּעטן, נאָדלען, אַספּירין — ביי

אים קויפט דער מאַגאַזינער, אַלע באַאַמטע און אפילו דער קאָמענדאַנט אַליין מוז אָנקומען צו אים, ווען ער וויל זיך פאַרשאַפן עפּעס אויף אַ „לינקן” וועג.

דעריבער האָט טאַקע שיעלע באַקומען צו קויפן די גיטאַרע. ער גיט זי אוועק אַסך פאַר דעם זעלבן פּריַיז, וואָר ער וויל עפּעס דערפאַר מעקלעריי: אַס זאָל אים אָפּשפּילן דעם מאָדזשיצער רבינס „זעקס און דרייסיק־פאַליקן” ניגון (אַן ערנסטע קאָמפּאָזיציע, גוט באַקאַנט צווישן מנגנים־מעלאָמאַנען).

## קאַפּיטל ח

שיעלע האָט געבראַכט די נייעס:

— עס קאָן זיין, אַז מען וועט אונז בקרוב איבערשיקן אין אַ צווייטן מקום. אויף אונזער אָרט דאַרף מען אַהערברענגען פאַרשיקטע פון די ניי־פאַרנומענע געביטן אין פינלאַנד.

דאָס איז זיכער נישט גוט. קיינעם ווילט זיך נישט שלעפּן אויף נייע ערטער, אָנהויבן אַלץ פונדאָסניי. מען האָט זיך שוין דאָ צוגעוווינט צום שלעכטן און מען האָט מורא פאַרן ערגערן.

דערווייל הויבט זיך דאָ אָן דאָס לעבן צו נאָרמאַליזירן. איינזאַמע יונגעליים קליַיבן זיך צו מיידלעך און מען „גייט וווינען” צוזאַמען.

אַ יונגע פרוי פון אַ דאָקטאָר, מאַדאַם שפּירא, האָט דאָ געבוירן אַ קינד. איר מאַן, דעם דאָקטאָר, האָט מען פאַרשיקט ערגעץ אַנדערש. זי ווייסט זיין אַדרעס. די גאַנצע צייט באַמיען זיי זיך, אַז מען זאָל זיי פאַראייניקן. דערווייל זאָגט מען נאָר צו, אָבער דערפון איז נאָך גאָרנישט געוואָרן. זי קריגט אָפט נערוון־ספּאַזמען. ווען מען איז אַריין צו איר ווינטשן „מזל־טוב”, האָט זי פאַר הײמישע מענטשן געהאַלטן נאָר אין איין שרייען:

— אויב איך וואָלט געוווסט, אַז דאָס קינד מיינס דאַרף זיין אַזעלכעס ווי מיין מאַן איז געווען, אַזעלכע ווי איך בין געווען (קאָמוניסטן), וואָלט איך גלייך דאָ אויפן אָרט דערשטיקט דאָס קינד! זייערע זוימען זאָלן פאַרעיפּושט ווערן, די מוטער־טראַכטן פון זייערע ווײַבער זאָלן פאַרדאַרט און פאַרשרומפּט ווערן, אַז עס זאָל קיינער מער נישט געבוירן ווערן פון דער פאַרשאָלטענער זרע!

נאָכדעם האָט זי באַקומען אַ ספּאַזמאַטישן נערוון־אָנפאַל. מען האָט דעריבער אויסגעמיטן צו איר אַריינצוגיין.

**

מיט אַסך דעם גיטאַריסט איז געשעען אַן אומגליקס־פאַל. עס האָט זיך אויף אים אַרויפגעקאָלערט אַ באַרג מיט קלעצער און אים צעבראָכן אַ פוס.

אונזערס אַ יונג ווייבל האָט פאַרלאָזן איר מאַן און אוועק צו אַ צווייטן מאַן, אין אַן אַנדערן באַראַק. ווען דער מאַן איז אַהיימגעקומען פון דער אַרבעט, האָט ער געפונען אַ צעטעלע אויפן טיש:

„דו ביסט צו מיר צו ווייניק צאַרט און איך מוז דיך פאַרלאָזן. זיי נישט בייז אויף מיר. אָן אמתער ליבע איז ביי מיר קיין לעבן נישט”.

דאָס וואָלאָמינער ווייבל, די אַמעריקאַנער בירגערין, איז טאַקע געפאָרן קיין מאָסקווע און פון דאָרטן — קיין אַמעריקע. דעם מאַן אירן האָט זי געמוזט דאָ איבערלאָזן.

אויף אַ בוים, נעבן ברעג טייך, האָט מען געפונען אַ געהאָנגענעם. עס איז נישט געווען פון אונזערע. נאָר אַ פרעמדער, אַ יונגער רוס. שפּעטער איז מען גע־וויר געוואָרן, אַז אויפן דאַמפער, וואָס האָט זיך דאָ אָפּגעשטעלט, איז געווען אַ באַנדע רוסישע גנבים, סטודענטן, וועלכע פאָרן איצט ארום, אין די פעריען־צייט, איבער די דאַמפערס און באַגנבענען די פּאַסאַזשירן. איינער פון זיי האָט פאַראַטן די גנבישע עטיק און די חברה האָט אויף אים אַרויסגעגעבן אַ טויט־אורטייל. אין די פּאָר מינוטן, וואָס דער דאַמפער איז דאָ געשטאַנען, האָבן זיי דעם פאַראור־טיילטן אַרויסגענאַרט אויפן ברעג, אַריין מיט אים צווישן די ביימער און דאָרט אויפגעהאָנגען.

ביים געהילף־קאָמענדאַנט איז געשטאָרבן אַ קינד. ער איז נאָך גאַנץ יונג, דער געהילף, און האָט שוין זעקס קינדער. די פרוי שוואַנגערט איצט ווידער. ער האָט זיך איינגעשפּאַרט, דער „באַזשאַנט", אַז ער מוז האָבן זיבן קינדער, וועט ער קריגן די רעגירונג־פּרעמיע פון צוויי טויזנט רובל אַ יאָר. אָבער עס איז אים, זעט אויס, נישט באַשערט — דאָס קלענסטע קינד איז אים איצט אַוועקגעשטאָרבן. ער האָט ווידער נישט דערגרייכט זיין ציל.

די עלטערע יידן אָרדנען זיך איין מיט יידישקייט. זיי האָבן זיך שוין אָפּגע־טרייסלט פון דער ערשטער שרעק. זיי אָרדנען שוין איין אין דער שטיל מנינים צום דאַווענען.

שבת, ביי דער אַרבעט, שטייען די עלטערע יידן ביים זעגן קלעצער. איינער פון זיי זאָגט פון אַ חומש די סדרה. טאָמער קומט אָן דער קאָמענדאַנט און שטעלט זיך אַוועק פון ווייטן, אויפן בערגל, אַראָפּקוקן ווי אַזוי מען אַרבעט, דרייען איבער די יידן זייערע זעגן אויף דער צווייטער זייט (אָן די „ציין") און מען „פידלט" אַזוי מיט דער זעג אַהין און צריק, ווי מען וואָלט כלומרשט געזעגט.

די מנינים פרייטיק־צו־נאַכטס און שבת פאַרטאָג אָרדנט מען איין אין אַ קלע־נערן צימער, וווּ עס וווינען אויך די צוויי אינזשיניערן פּיביך און פרידע. דער ער־שטער קען נישט קיין יידיש וואָרט. ער קוקט נאָר אַריין צו ווען מען האָט אַ סידור און שאָקלט זיך צו. אינזשיניער פרידע איז דווקא אַ בן־תורה. אין וואַרשע האָט ער געהאַט אַ גרויסע לעדער־פאַבריק און ליב געהאַט באַקאַנטשאַפט מיט יידישע קינסטלער. ער האָט געלאָזן זיין פרוי אין גראָדנע. ער קנעלט מיט אינזשיניער פּי־ביך — יודאיקא, באַקענט אים מיט יידישע ענינים.

פּיביך איז גענויגט צו מיסטיק. בשעת זיין שטודירן אין לאָנדאָן האָט ער זיך אפילו ספּעציעל אינטערעסירט מיט די אָקולטיסטישע לערעס. דעריבער וואָלט ער־וועלן וואָס מער וויסן פון „זאָהאַר" (זוהר קבלה). ער זאָגט צו, אַז ווען ער וועט באַפרייט ווערן, וועט ער גיין יעדן יום־כיפּור אין שול אַריין. זיין פרוי, די טאָכטער פון אַ גבירישן און חסידישן ייד אין וואַרשע, קען גוט העברעיש, געווען אַ צייט אין ארץ־ישראל. זי איז, זאָגט זי, גליקלעך, וואָס איר מאַן האָט זיך אַזוי דאָ, אין פּאָסיאָלעק, איבערגעקערט אויף יידישקייט. זי געדענקט דאָך אים פון לאָנדאָן,

דאַרט איז ער געווען פרעמד און ווייט פון יידן. איר טאַטע וואָלט געווען גליקלעך. ווען ער ווייסט, אַז זי האָט אַזאַ מאַן.

שיעלע אָבער ווייסט זיינס. ער וועט נישט נאָכגעבן, ער איז פאַרעקשנט. ער ווייסט, אַז פּיביך איז זינט שוין לאַנגע יאָרן געשמדט.

פּרידע, פּיביך און איך האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען. נאָך דער אַרבעט פּלעגן מיר פאַרברענגען לאַנגע שעהן אין געשפּרעכן. איך פרעג פּיביכס פרוי וועגן דעם, וואָס שיעלע זאָגט. זי ענטפערט נישט דייטלעך:

— דאָס האָט זי אַליין ספּעציעל אַרויסגעלאָזט אַזאַ קלאַנג, כדי די יידן אַרום, די פּראָסטאַקעס פון באַראַק זאָלן נישט האָבן צו אים קיין חוצפּה. חוץ דעם האָט ער טאַקע ביים קאָמענדאַנט און נאַטשאַלסטווע מער אָנזען ווי אַנדערע, ווייל אין די דאָקומענטן איז ער טאַקע פאַרשריבן אַלס קריסט.

און כדי מיר צו באַווייזן, אַז זי זאָגט מיר דעם אמת, אַז זי האָט צו מיר צו־טרוי, פאַרטרויט זי מיר שוין נאָך אַ סוד, נאָר מיטן תנאי, אַז כל זמן מיר וועלן זיין פאַרשיקטע, זאָל איך עס קיינעם נישט דערציילן. און נעמלעך:

— ווי נאָר זיי זיינען אַראָפּ אין קאָטלאַס איז צו זיי צוגעקומען דער קאָמענ־דאַנט פון דער נ. ק. וו. ד. איבערן גאַנצן ראַיאָן און אים פאַרגעשלאָגן מיט זיי מיט־צואַרבעטן אַלס קאָנפידענט. ער איז דעמאָלט געווען אַזוי איבעראַשט און איבער־געשראָקן, אַז ער האָט אַזאַ פאַרפליכטונג אונטערגעשריבן. אָבער דאָ שוין האָט ער חרטה געקריגן. מען האָט אים שוין עטלעכע מאָל אַרויסגערופן און געהאַט צו אים טענות, הלמאי ער שטעלט זיי נישט צו קיין ידיעות. ער האָט קאַטעגאָריש אָפּ־געזאָגט. ער ריכט זיך דעריבער יעדע נאַכט, אַז מען זאָל אים קומען אַרעסטירן.

דעם נעכסטן שבת פאַרטאָג איז אַריינגעפאַלן דער קאָמענדאַנט אין אַ צייט פון דאַווענען און אַלעמען צעטריבן. אַז ער וועט נאָך אַמאָל טרעפן זיך „מאָליען״, וועט ער — זאָגט ער — אַלעמען איינזעצן.

איך גלויב, אַז דאָס האָט נישט געמסרט דער אינזשיניער פּיביך, נאָר אַן אַנדע־רער, אָבער ווער?

## מען אַנטלויפט פון פאַרשיקונג

### קאַפּיטל א

נישט אַלע קאָנען געדולדיק וואַרטן ביז עס וועט זיך עפּעס ענדערן אין דער וועלט־פּאָליטיק. אוודאי זעט מען פאָר, אַז דייטשלאַנד וועט אַריין אין מלחמה מיט די סאָוויעטן. אָבער ווען וועט דאָס געשען? און צי דאָס וועט שוין זיין די הילף?

די רוסן אין אונזער פּאָסיאָלעק, ווען זיי הערן אַמאָל פון אונז, אַז עס איז געמאָלט אַ מלחמה מיט דייטשלאַנד, דערפרייען זיך. זיי האָבן — זאָגן זיי — אויף עפּעס בעסערס נישט צו וואַרטן.

אין איין שטוב פון פאַרשיקטע רוסן הענגט אויף דער וואַנט סטאַלינס בילד, אָבער הינטער דעם בילד, אין אַן אויסהוילונג אין דער וואַנט, הענגט דאָס בילד פון געקרייציקטן...

צו די אייגענע דאָ האָבן זיי נישט קיין צוטרוי, נאָר מיט אונזערע זיינען זיי

זיכער און באַווייזן אַזאַ מין געהיימניש. די בוכהאַלטערין פון ביוראָ, די פאַרשיקטע פון לענינגראַד, וועלכע האָט זיך דאָ איינגעליבט אין אונזערן אַ בחור, האָט צו אים אַ קליינע בקשה:

אפשר איז מעגלעך, אַז ער, אָדער אַן אַנדערער פון די „פוילישע", זאָל פאַר איר אויפצייכענען דאָס בילד פון — היטלערן. זי האָט נאָך קיינמאָל נישט געזען זיין בילד און זי חלשט צו זען ווי אַזוי ער זעט אויס. לויט איר — האָט דאָס רוסישע פאָלק ביז איצט שטאַרק געגלויבט אין טראָצקין, אַז ער וועט זיי באַפרייען. איצט, ווען יענער איז שוין טויט, איז די איינציקע האָפענונג פאַרבליבן אויף — היטלערן...

אַ צווייטער דאָ, אַ רוסישער אַרבעטער, אַ שלאָסער (אין אמתן איז ער אַן אינזשיניער, אָבער זיין דיפּלאָם האָט ער שוין לאַנג צעריסן, ווייל אַלס פּראָסטער אַרבעטער, אַ נישט־גראַמאַטנער, ווי ער גיט זיך אָן, האָט ער גיכער שאַנסן אַמאָל באַפרייט צו ווערן פון פאַרשיקונג), ער פאַרטרויט זיך פאַר דעם אינזשיניער פרידע, אַז ווו און ווען ער קען נאָר, מאַכט ער קאַליע די מאַשינען. ער וואָלט — זאָגט ער — אַלע באָלשעוויקעס אויסגעקוילעט און אין זייער בלוט זיך געבאָדן. ער עצהט דעם אינזשיניער אויך אַזוי צו טאָן — אַלץ קאַליע מאַכן, צעברעכן.

עס קאָן גראָד זיין, און דאָס איז גאַנץ וואַרשיינלעך, אַז דאָס זיינען פּשוטע, אונטערגעשיקטע פּראָוואָקאַטאָרן, וועלכע האָבן אויף אַזאַ אופן געוואָלט אייספּרובירן אונזערע מענטשן. אויב עס איז אַזוי, ווערן שוין די מענטשן, פאַר וועלכע זיי האָבן זיך פאַרטרויט, פאַרצייכנט צום שלעכטן, ווייל זיי זיינען נישט געקומען וועגן דעם גלייך מעלדן אין דער נ. ק. וו. ד.

גיכער זיינען שוין געווען אויפריכטיק די יעניקע, וועלכע האָבן אונז אַמאָל צוגעוואָרפן די אויסרופן: „זשיד!", „זשידאָוויצאַ!".

איינמאָל האָט אפילו ווער פון אונזערע דאָס דערציילט דעם קאָמענדאַנט. ווייל דאָס מאָל האָט אַ רוסישער בריגאַדיר, חוץ דעם אָנרופן אונזערס אַ מיידל „זשידאָוויצאַ!", איר אויך דערלאַנגט אַ קלאַפּ אין ברוסט. דער קאָמענדאַנט האָט צוגעזאָגט דאָס מיטצוטיילן אין דער ראַיאָן ־ נ. ק. וו. ד.

אין עטלעכע וואָכן אַרום האָט מען טאַקע יענעם אַרויסגערופן אין ראַיאָן און ער איז שוין מער נישט צוריקגעקומען.

געווען אָבער אויך אַזעלכע גוטע און האַרציקע רוסן, וועלכע האָבן מיט אונז געלעבט בשלום און זיך פאַרהאַלטן פריינטלעך און מיטפילנדיק.

דער יונגער בריגאַדיר טימאָפעיעוו, וועלכער איז אַליין נישט קיין פאַרשיקטער, נאָר פּשוט דאָ געוווינט אין די געגנטן, איז געווען אַן אויסנאַם־איידעלערער יונג. אַלס אונזער בריגאַדיר, איז ער געשטאַנען מיט אַ גרויסן סטאָליער־בלייפעדער אין האַנט און פאַרשריבן יעדן וויפיל ער אַרבעט. אויב דאָס פאַרשרייבן איז אים אַזוי לייכט נישט צוגעגאַנגען, האָט ער פאַרשעמט און קינדיש געשמייכלט און געבעטן אים צו ווייזן.

טימאָפעיעוו האָט שוין גע־עז אעראָפּלאַנען, זיי פליען דאָ אָפט דורך. ער האָט אָבער נאָך נישט געזען קיין — באַן.

דאָ פאָרן אָפט דורך אויפן טייך לאַסט־ און פּאַסאַזשיר ־ דאַמפּערס. זיי טראָגן נעמען פון גרויסע רוסישע שריפטשטעלער, פון באַקאַנטע סאָציאַליסטישע

פערזענלעכקייטן, רוסישע זיי אייסלענדישע. איינמאל פרעגט ווער פון אונז שימאר־פייעוון, צי ער ווייסט ווער עס איז געווען קארל מארקס. יא, ער ווייסט: — קארל מארקס, דאס איז א פאראכאד! (א דאמפער, וועלכער האט קורסירט אויף דער ליניע און געטראגן דעם נאמען „קארל מארקס").

ער האט אויך א לאנגע צייט נישט געגלויבט, אז די קליינע האנט־זייגערלעך, וואס אונזערע פרויען טראגן, אז דאס זיינען טאקע „לעבעדיקע זייגערלעך", מיט אמתער מאשין אינעווייניק. די קעלנערינס אין סטאלאווקע טראגן דא אויך אזעלכע קליינע זייגערלעך, עס קאסט פיר רובל א שטיק, אבער דאס איז א קינדער־שפיל־צייג, מיט אן אנגעצייכנטן ציפערבלאט און ווייזער, אבער זיי קלאפן נישט, האבן נישט אינעווייניק קיין מעכאניזם. ווען מען האט אים באוויזן דאס אינעווייניקסטע געווערק, עס צוגעלייגט צום אויער און ער האט געהערט, ווי עס גייט, איז ער אויפגעשפרונגען פון פרייד און איבעראשונג. ער איז גלייך אוועק פון דער ארבעט, געברענגט צופירן די קעלנערינס גאליא און פאיא און פארשעמט זיי דא פאר אלעמען אין די אויגן:

— איר טראגט „טויטע זייגערלעך"! די פוילישע זייגערלעך זיינען מיט אמתע מאשינען!

פון דעם זעלבן טימאפעיעוו זיינען מיר געוווירגעווארן, אז סערגעי, וואס ארבעט אויך ביי די טראטוועס (ער איז דער בעסטער און געשיקטסטער בעל־מלאכה דא), דער שטילער סערגעי, וועלכן אלע שעצן און האבן אים ליב, ער איז א פארשיקטער נאך פון פריערדיקע צייטן, — אז ער איז נישט קיין רוס, ווי אלע מיינען, נאר א — ייד! זיין פאמיליע־נאמען איז ראפאפארט.

פאר אונז איז עס א פריידיקע נייעס. א ייד צווישן די אלע פארשיקטע, וועלכע וווינען שוין דא זינט לאנגע יארן! איז אונז איצט געווארן פארשטענדלעכער־פארוואס ער קלעפט שטענדיק צו אונז, ווייזט יעדן ווי אזוי צו ארבעטן, העלפט אונטער. און יעדן שבת ביינאכט, אויף אונזערע „קאנצערטן" אין דער „קורילקע", טרעט ער נישט אפ אויף קיין מינוט.

אויב אזוי איז ער אונז נויטיק צוליב א גאנץ אנדערער סיבה:

עטלעכע פון אונזער פאסיאלעק גרייטן זיך צו אנטלויפן. צווישן זיי אויך מיין ברודער און שוועגערין. פון אים וואלט מען זיך געקענט דערוויסן א סך פרטים וועגן וועג, ווו מען קאן זיך אויסבאהאלטן, ווי אזוי זיך אויפצופירן.

איך האב געזוכט א געלעגנהייט ווי אזוי צו קענען מיט אים דורכרעדן, „אויג אויף אויג". איך האב אים איינמאל צוגעהאלפן אפטראגן די ארבעטס־מכשירים אהיים און אויפן וועג זיך צערעדט. נאך די ערשטע פאר סתם־ווערטער, האב איך אים גלייך א פרעג־געטון:

— איר זענט א ייד?

ער לאזט אראפ דעם קאפ און ענטפערט שטיל:

— יא, א ייד!

איך דערמונטער אים:

— פאראן, גאט צו דאנקען, זיבעצן מיליאן יידן אויף דער וועלט. א סך שיינע און גרויסע מענטשן צווישן זיי. נישט אלע יידן זיינען נעבעכלעך. פאראן גרויסע וויסנשאפטלער און גוטע ערד־ארבעטער, רבנים, רביים און אויך יידן,

וועלכע קענען אימגיין מיט א ביקס און דערלאנגען א שלעכטן גוי אין צורה אריין אויך. עס איז זיך נישטא וואס צו שעמען דערמיט, וואס מען איז א ייד.

ער ענטפערט מיט א געבראכענער שטים און די אויגן פייכטן:

— איך שעם זיך נישט. נאר כ'האב מורא. אז איך וועל א סך רעדן מיט די יידן דא, וועט מען זיך צו מיר צוטשעפען, פארלאנגען פון מיר נישט קיין גוטע זאכן... איז בעסער אזוי. עס וועט זיין בעסער פאר אייך און אויך פאר מיר.

ער האט נאך א סיבה צו האלטן זיך אפגעזונדערט פון די יידן, ער שעמט זיך:

— ער האט א קריסטלעכע פרוי. ער האט שוין מיט איר א יינגעלע פון אנדערטהאלבן יאר.

יאפאפארט איז אלט דרייסיק יאר. נידעריק, קרעפטיק, אפגעברענט פון דער זון. פארהארטעוועטע ד״אניעס. אנגעטאן שטענדיק אין דער וואטע־פופייקע און ארומגעבונדן מיט א שטריק. אין וואטע־הויזן. ער איז א שווייגנדיקער. מיט א ווארימען, קינדערישן בליק אין די גרויע אויגן. ער מיט דער גאנצער משפחה זיינען דא פארשיקט געווארן פון וויטעבסק נאך אין יאר 1929. זיין פאטער האט אמאל געהאנדלט מיט מאנופאקטור. מען האט אים פארשיקט אלס „נעפ״־מאן, אויף צען יאר. די מאמע איז געשטארבן באלד נאכן אנקומען אהער. זיי האבן געוווינט אין א שכנותדיקן פאסיאלעק. דער טאטע האט אויסגעהאלטן דריי יאר און איז געשטארבן. עס איז אים נאך פארבליבן א שוועסטער. ער האט דא חתונה געהאט מיט א רוסין. זי איז נישט אזא „כעס״ (חזיר) ווי אנדערע זייערע. דאס יינגעלע איז א געראטן קינד.

— ווו איז די שוועסטער?

— אין טורמע. זי האט געמאכט א פרווו צו אנטלויפן, מען האט זי געכאפט, פארמשפט אויף פינף יאר. זי איז איצט ניינצן יאר אלט. ער שיקט איר אפטמאל פעקלעך עסן פונדאנען עס קומט אן זייער שווער. די צען יאר, דער טערמין פון זייער פארשיקונג. האט זיך שוין געענדיקט פאראיארן, אבער מען הערט דערוויל גארנישט פון קיין באפרייאונג.

## קאפיטל ב

נאך דעם שמועס פרווו איך שוין אפרעדן מיין ברודער און די גאנצע גרופע פון דעם פלאן צו אנטלויפן. אפשר איז שוין בעסער צו ווארטן? אפשר וועט פארט קומען אן ענדערונג אין אונזער לאגע?

ניין, מיין ברודער און די אנדערע האבן זיך איינגעעקשנט. אזעלכע פחדנים ווי איך — מוסרט מיך מיין ברודער — האבן נאך קיינמאל גארנישט אויפגעטאן עפעס רעכטס אין לעבן:

— מען דארף קענען איינשטעלן! אן מוט און געוואגטקייט וואלט קיינמאל קיין רעוואלוציע נישט געווען!

צעלאַכן זיך זיינע חבֿרים:

— וואָלט טאַקע אפשר בעסער געווען! וואָלטן מיר דאָ נישט פאַרשיקט געוואָרן!

און זיי פאַרקריכן שוין גאָר ווייט אין די פּאָליטישע תהומען. זיי ווילן שוין דרינגען. אז ווען נישט די רוסישע רעוואָלוציע, וואָלט אפשר אויך קיין נאַציזם נישט געווען.

סיי־ווי, זיי הערן מיך נישט. נאָר איך זאָל גאַנץ פאָרזיכטיק געוויר ווערן ביי ראַפּאַפּאָרטן אַלע איינצלהייטן. ביז ווי ווייט עס דערגרייכן די וועלדער, וויפיל טעג נאָכן אַנטלויפן פונדאַנען מען דאַרף זיך אויסבאַהאַלטן אין וואַלד, ווי אַזוי זיך פאַרשאַפן בילעטן אויפן דאַמפּער, צי גאָר בעסער גיין צופוס דעם גאַנצן וועג ביז אַרכאַנגעלסק, ווי אַזוי מען דאַרף זיך אָפּוערן קעגן בערן און וועלף אין די וועלדער, און נאָך אַזעלכע פּראַקטישע פּרטים.

אינצווישן ווער איך דערוויילע קראַנק און מען דאַרף מיך איבערשיקן אין ראַיאָן־שפּיטאָל, אין דאָרף טשערעווקאָוואָ.

דאָס איז מיר גראָד אויף דער האַנט. ווערט באַשטימט, אַז זיי וועלן אַנטלויפן ערשט דעמאָלט, ווען איך וועל שוין זיין אין שפּיטאָל. אַזוי אַרום וועט מען זיך נישט קענען צו מיר טשעפּען פאַר מיין ברודערס אַנטלויפן.

ביז טשערעווקאָוואָ איז פערציק קילאָמעטער. איך בין געפאָרן אויפן דאַמפּער אָן באַגלייטונג. דער קאָמענדאַנט האָט נאָר טעלעפאָניש צו וויסן געגעבן דער קאָמענדאַטור דאָרט, אַז מען זאָל מיך אויף דער סטאַנציע איבערנעמען.

איך בין אָנגעקומען דאָרט אין מיטן נאַכט. קיינער פון דער נ. ק. וו. ד. האָט מיך נישט אָפּגעוואַרט. איך בין געבליבן נעבעכיקן אויף דער סטאַנציע, זיך אויס־געצויגן אויף דער ערד צוגלייך מיט אַלע פּאַסאַזשירן. פּאַרטאָג, פאַרן אַוועקגיין אין שפּיטאָל, האָב איך באַראַטעט אַליין גיין זיך מעלדן אין דער מיליץ.

באַקאַנטע האָבן מיר מיטגעגעבן געלט, אַז איך זאָל פאַר זיי איינקויפן פאַר־שידענע זאַכן — דאָ זיינען פאַראַן מאַגאַזינען און אַ באַזאַר. ווער עס האָט גע־בעטן פּאַסטע צו שיך, שנור־בענדלעך, ראַזיר־מעסערלעך, פּענעס, צייטונגען (מעג זיין אַלטע), ווער עס האָט געבעטן אים קויפן אַ ציינדל קנאָבל, ציבעלעס, מייערן, פּוטער און פלייש — אויב עס וועט זיך טרעפן. אַנדערע האָבן געבעטן רוסישע ביכלעך, בעלעטריסטיק.

אַז איך בין אַרויס סאַמע פּאַרטאָג אויפן גרויסן מאַרק־פּלאַץ, איז נאָך געווען אינגאַנצן ליידיק, קיין איין מענטש חוץ עפּעס אַן אַלטיטשקן. נאָר ווען ער זאָל זיך אַרומדרייען אַפילו צווישן טויזנטער, וואָלט מען זיך אויך געמוזט אָפּשטעלן נעבן אים. זיין לאַנגע, ווייסע באָרד גרייכט אים ביזן גאַרטל; גרויסע, לויטערע, גליאיקע אויגן. אין האַנט האַלט ער אַ לאַנגן, סענקעוואַטן שטעקן. ער שטייט אויף אַ שוועל און קוקט שטאַר ערגעץ אין דער ווייט. ער האָט אויסגעזען, ווי אַן אָפּבילד פונם הייליקן מיקאָליי.

איך האָב אים באַגריסט און גענומען אויספרעגן וווהין איך דאַרף גיין. ווען

ער דע־הע־ט מיין שלעכטע רוסישע אויסשפּראַך, ענטפֿערט ער מיר — צו מיין איבערראשונג — אויף פּויליש. ער איז דווקא נישט קאַרג אויף קיין וואָרט און צערעדט זיך מיט מיר ברייטער.

ער איז אַן אַמאָליקער פּוילישער גוט־באַזיצער. ביי דער צעטיילונג פֿון די גרענעצן אין יאָר 1921, זיינען זיינע גיטער אויסגעקומען האַרט אויף דער גרע־נעץ, פֿון דער סאָוועטישער זייט. ער איז אַן אַגראָנאָם. פֿאַר זיינע אויפֿטועז און אַנטדעקונגען אויפֿן געביט פֿון מישן פֿלאַנצן און געוויקסן האָט ער באַקומען מלו־כהשע און אַקאַדעמישע אויסצייכענונגען. מיט עלף יאָר צוריק האָט מען אים דאָ אַהער פֿאַרשיקט צוזאַמען מיט זיין בני בית. אַלע, אַלע פֿון זיין פֿאַמיליע זיינען אויסגעשטאָרבן. נאָר ער אַליין, וואָס איז שוין אַלט 86 יאָר, ער אײנער איז גע־בליבן לעבן. ער דרייט זיך אַרום אויף גאָטס וועלט אַן איבעריקער און ווייסט נישט צו וואָס. ער האָט שוין — זאָגט ער — געשריבן אַ סך „זאַיאַווּלעניעס" (ווענדונ־גען) צו גאָט, אַז ער זאָל אים שוין אַרויפֿנעמען צו זיך, אין זיינע היכלות, נאָר קיין ענטפֿער קומט אַלץ נישט אָן.

ער האָט אַרויסגענומען פֿון זיין טאָרבע עטלעכע מייערן און מיך מכבד גע־ווען. זיין גאַנצע פֿיגור און אויסזען האָט אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקן רושם. וואָלט ער געווען אַ ייד, וואָלט איך אים אָנגענומען פֿאַר אַ געשטאַלט פֿון אליהו הנביא. איך באַמערק, אַז ער בליקט, אויך בשעתן רעדן, אין אַ באַשטימטער ריכ־טונג. איך דערזע דאָרטן אַ צערקווע. אַ קליינע צערקווע, געמאָלן אין אַ העלן קרעם־קאָליר. זי באַלויכט דאָ אַרום די טונקעלע, גרויע כאַטעס און הייזלעך. זי דערמאָנט אין דער שיינער קירכע „סאַקרי קער", אין פּאַריז. איך ווייס נישט פֿאַרוואָס, נאָר עס איז מיר עפּעס ניחא געוואָרן אַט דאָס קליינע, ליכטיקע געביי־דעלע אין דעם גרויען אַרום.

אויף איין אָרט איז דאָרט געווען אויסגעהאַקט אַ שטיק מויער, ציגל האָבן זיך געוואַלגערט דערנעבן און דער טונקעלער בלויז אין דעם שטילן געבעט־הויז האָט מיר אויסגעזען ווי אַ פֿאַרשוועכונג, אַ באַליידיקונג פֿאַר דער ליכטיקער העל־קייט פֿון דעם בנין. ער האָט באַמערקט מיין איינקוקן זיך און ער האָט אָפּ־געקרעכצט:

— יאָ, נאַקעט און פֿאַרוויסט איז דער גייסט. די תפֿילות בלאָנדזשען אַרום איבער די מיסטן און עס איז נישטאָ קיין ווינקל פֿאַר גאָט. האַלטן אים שטענדיק ביי זיך, אין האַרצן, ווערט אויך וואָס אַמאָל שווערער און שווערער. אויך אין האַרץ יוערט ער געלעסטערט, און אַרום און אַרום איז בלויז שפּאָט און פֿאַרוויס־טונג.

— צי ריכט מען נאָך דאָרט אָפּ געבעטן ? — פֿרעג איך.

— ניין, מיין טייערער, עס איז דאָרט איצט אַ שוסטער־אַרטעל.

פֿונדערווייטנס איז אָנגעקומען אַ מיליציאָנער און איך האָב געהאַלטן פֿאַר פּאַסיקער, וואָס שנעלער פֿונדאַנען אַוועקצוגיין. איך דאַרף נאָך אַהינגיין זיך מעלדן.

פֿאַר דער מיליץ איז געשטאַנען אַ פֿאָטאָגראַפֿיסט. פֿאַר עטלעכע רובל האָב איך זיך „פֿאַראייביקט" מיט אַ בילדל.



משה גראָסמאַן, אויף פאַרשיקונג אין ארכאַנגעלסקער געגנט, סעפּטעמבער, 1940

איבערגעקומען מיט דער מיליץ, בין איך אַוועק צום שפּיטאָל. מען דאַרף לאַנג וואַרטן אויפגענומען צו ווערן דורכן דאָקטאָר. דערווייל צעשמועס איך זיך מיט דער רוימערקע פון שפּיטאָל.

זי איז אויך אַ פּוילישע, פון מינסק, אַ פאַרשיקטע. זי איז אַ געבילדעטע פרוי. זי האָט שנעל באַקומען צו מיר צוטרוי. זי האָט אָנגעהויבן זיך אַראָפּרעדן פון האַרצן. זי האָט צו מיר טענות:

— פאַרוואָס זענט איר אַנטלאָפן פון פּוילן צו די סאָוויעטן? וואָס? איר האָט נאָך אַלץ נישט געוווּסט דאָרטן וואָס דאָ איז? ווייסט נאָך טאַקע נישט די וועלט, וואָס דאָ קומט פאָר? ווייסט זי נישט וועגן די צענדליקער מיליאָנען אַרעסטירטע און פאַרשיקטע? ווייסט זי נישט וועגן די טויזנטער און הונדערטער טויזנטער, וועלכע גייען דאָ אויס אין די וועלדער און טייגעס? די גאַנצע ערד דאָ אַרום, אויף טויזנטער מיילן, איז דאָך דורכגעזאַפּט מיט דעם בלוט און מאַרך פון די אַרעסטירטע? פאַרוואָס זענט איר אַנטלאָפן פון פּוילן? מילא, עס ווייסט נישט אַמעריקע, עס ווייסט נישט די גרויסע וועלט, אָבער איר זענט דאָך געווען אין פּוילן, נאָענטע שכנים מיט אונז?!

זי קרימט אויס איר מויל אין אַ גרימאַסע און זאָגט פּאַמעלעך, אונטערשטרייכנדיק:

— איר האָט אוודאי נישט געגלויבט, וואָס? נאָך אַלץ נישט געגלויבט!

איך דערצייל איר וועגן די רציחות און מערדעריין פון די דייטשן איבער די ייִדן. דאָרט הערשט פאַרניכטונג און טויט, בעסער זיך צו מאַטערן אַ געווויסע צייט, דורכצוזדאַלטן, איידער אינגאַנצן אומקומען.

זי צעלאַכט זיך מיט אַ פּריקרע, העסלעך געלעכטער:

— אַ געוויסע צייט נאָר?! אויף אַ געוויסע צייט?! דאָ וועט איר שוין אַלע

לאָזן אייער געביין! ביי אונזערע איז נישט פאַראַן קיין „דערוויל״! מאָסקווע סליאַזאַם ניע וויעריט! (מאָסקווע גלויבט נישט אין קיין טרערן). עס איז נאָר אַ רייע, אַ רייע, ווער פריער, ווער שפּעטער! אַלע ווילן מיר דאָ פוילן!

זי באַרואיקט זיך. זי כאַפּט זיך צוריק:

— ניין, עס קאָן זיין, אַז איר יידן וועט נאָך אַרויס פונדאַנען. איר האָט אין דער גאַנצער וועלט פאַרבינדונגען, השפּעות, אייערע ברידער פון אַמעריקע קאָנען אייך אַמאָל אויסלייזן. אָבער ווער וועט אונז ראַטעווען?!

און זי צעכליפּעט זיך. זי לויפט אַרויס פון קאָרידאָר.

***

דער דאָקטאָר האָט מיך אויפגענומען. באַטראַכט, אונטערזוכט, ער צעפּירט אָבער מיט די הענט:

— קיין אָרט איז אין שפּיטאָל נישטאָ. מען דאַרף דאָ וואַרטן אַ פּאָר טעג, אפשר וואָכן. עס וואַרטן דאָ אַ סך שווער־קראַנקע און עס איז נישטאָ פאַר זיי קיין פּלאַץ.

ער וועט מיר מיטגעבן עטלעכע מעדיקאַמענטן, און איך זאָל דערוויל אַהיימפאָרן. ער וועט שוין שרייבן צו מיין קאָמענדאַנטור אין אַבראַמקאָווע, ווען עס וועט ווערן פריי אַ פּלאַץ.

אויף היינט האָב איך שוין נישט קיין דאַמפּער און מוז איבערוואַרטן. איך קריג אַ צעטעלע אין דעם „דאָם קאָלכאָזניקאַ״ און פאַר זעקס רובל אַפּצאָל קאָן איך דאָרטן איבערשלאָפן די נאַכט.

האָב איך צייט מיר אַרומצושפּאַצירן איבערן ריזיקן דאָרף וואָס ציילט צוועלף טויזנט איינוווינער.

איך פרעג זיך נאָך אויף אַ סטאָלאָווקע. קינדער גייען איצט צוריק פון די שולן. זיי קוקן אויף מיר מיט הידיש. זיי דערקענען אין מיר אַ פרעמדן און שרייען מיר נאָך:

— דיאַדענקאַ אינאָסטראַניעץ! (פעטערל אויסלענדער!).

עס איז זיי דאָס לייכט צו דערקענען, — איך טראָג אַ העלן שעוויאָט־מאַנטל. דאָ טראָגן אַלע פופייקעס און אויב מאַנטלען, זיינען זיי נאָר שוואַרצע, אָדער גראַנאַט.

טייל קינדער רופן מיך שוין נישט „דיאַדענקאַ״. נאָר „דיעדושקאַ״ (זיידעשי). ביי זעקס־און־דרייסיק יאָר איז אפילו צו־פרי אויף צו זיין שוין אַ זיידע, נאָר ביי מיין שוואַרצער באָרד מיט שוין אַ היפּשן צומיש פון גרויע האָר — קאָן איך שוין אָנגיין אויך פאַר אַ זיידע. פערציק־יעריקע רופט מען איבערהויפּט שוין „סטאַריטשאָק״ (אַלטיטשקער).

איך האָב אָפּגעגעסן מיטאָג אין סטאָלאָווקע, איינגעקויפט עטלעכע זאַכן אויפן באַזאַר און אַוועק אין אַן אָרט, וואָס רופט אַרויס ביי אַן אונזעריקן — אַן אָנגענעמען ציטער — אין אַ בוכהאַנדלונג.

דער פאַרקויפער איז צו מיר זייער העפלעך. ער איז נישקשהדיק געקליידט. אין אַ גוט־אויפגענייטן אַנצוג, ער האָט אַ וועלטלעכן, אייראָפּעישן אויסזען. איי־

קויף עטלעכע לערן־ביכלעך אין פרעמדע שפּראַכן. ער וואַרפט אַריין אין זיינע רייד עטלעכע פראַנצויזישע ווערטער. מיך וווּנדערט עס. איך פרעג אים צי ער האָט געלערנט פראַנצויזיש.

— יאָ, געלערנט. נאָר חוץ דעם האָב איך געוווינט עטלעכע יאָר אין פּאַריז.

— ווען? פאַרן וועלט־קריג? איר זענט דאָך נאָך אַ יונגער מענטש.

— ניין, נישט לאַנג, נאָך מיט פיר יאָר צוריק. איך בין צוריקגעקומען פון דאָרטן צוליב היימאַט־בענקשאַפט.

— טאָ ווי אַזוי קומט איר דאָ אַהער? איר זענט אַ פאַרשיקטער?

— הם, הם...

— צוליב וואָס?

— טאַקע דערפאַר, ווייל איך בין דאָרטן געווען. אין די צוואַנציקער יאָרן אַוועק פונדאַנען מיט די עלטערן.

און ער האָט שנעל אַ וויש־אָפּ געטון דעם טיש, מיר דערלאַנגט די ביכלעך, ווי ער וואָלט שוין וועלן איבערהאַקן דעם שמועס, שוין צופיל גערעדט.

ביים געזעגענען זיך זאָגט ער נאָך אַ פּאָר העפלעכקייט־ווערטער אין פראַנ־צויזיש, ווי ער וואָלט זיך דורך דעם וועלן דערמאָנען יענע פּאַריזער צייט.

איך בין אַוועקגעפאָרן אַביסל אַ געטרייסטער: מיר זיינען נישט אַליין אין אונזער צרה. עס זיינען פאַראַן נאָך געננוג ווערטפולע מענטשן, וועלכע טיילן אונ־זער גורל. אָבער אויך פאַראומערט — צוליב דער אויסזיכטלאָזיקייט אין דעם קאַלטן וויטן צפון, ביי אַ רעזשים, וואָס ווערט געפירט דורך מענטשן, וועלכע ווייסן נישט קיין רחמנות און מיטלייד.

מאָסקווע גלויבט נישט אין קיין טרערן.

## קאַפּיטל ג

ווען איך בין צוריקגעקומען אין פּאָסיאָלעק איז שוין געווען נאָך אַלעמען. מיין ברודער, זיין פרוי און נאָך פינף פערזאָן, זיינען שוין אַנטלאָפן פון פּאָסיאָ־לעק. מען האָט זיי נאָך אין דער זעלבער נאַכט נאָכגעיאָגט אויף פערד און זיי אַלעמען געפּאַקט. מען האָט זיי צוריקגעבראַכט און זיי זיצן דערווייל אַלע אין קאַרצער.

מיין ברודער איז אויפגערעגט און צעווילדעוועט. יעדע האַלבע שעה קלאַפּט ער אין טירל פון קאַרצער, אַז מען זאָל אים פירן אין „אַפּטריט". ווייל דער קאָמענ־דאַנט נישט עפענען אַזוי שנעל, קלאַפּט ער מיט די פויסטן, שרייט אַרויס, אַז ער וועט צעברעכן די טיר.

ער איז אינגאַנצן געוואָרן ווילד און הפקר, ער האָט דערשפּירט דעם ריח פון פרייהייט. עס איז אים איצט שווער דאָס זיצן אין נאַסן און פינצטערן קאַרצער. פירט מען אים צום אַפּטריט דורכן הויף, וואַרפט ער מיר אַלעמאָל צו אַ פּאָר ווער־טער. אַז דער קאָמענדאַנט פאַרבאָט אים צו רעדן, בייזערט זיך מיין ברודער:

— עס וועט אייך סיווי גאָרנישט העלפן! דאָ וועל איך נישט פאַרבלייבן! ביי דער ערשטער מעגלעכקייט אַנטלויף איך ווידער!

דער קאָמענדאַנט איז צופרידן. ער האָט הנאה צו הערן אַזעלכע אָפענע און

־רייסטע ווערטער פון אַ פאַרשיקטן. ער וועט האָבן פון וואָס צו שרייבן אַ „דיעלאָ“, און אַזאַ מין דרייסטן פאַרשוין, מיט נאָך זעקס אַנדערע, האָט טאַקע ער און זיין געהילף געכאַפּט, ער וועט זיך האָבן מיט וואָס צו שטעלן פאַר זיין העכערער נאַ־טשאַלסטווע.

נאָך דריי טעג אָפּזיצן האָט מען ארויסגעלאָזט די צוויי פרויען און אויפן פינפטן טאָג — די מענער. זאָלן זיי דערווייל גיין ארבעטן. מען האָט פאַרשטאַנען, אַז די דיעלאָ ווערט צוגעגרייט און מען וועט אַראָפּקומען דאָ פון ראַיאָן זיי נעמען צו אַ משפט אין תפיסה אריין.

אויפצומאָרגנס ביינאַכט האָט מיין ברודער מיט נאָך אַ חבר זיינעם, אַ שאָ־פער, זיך אָפּגעזעגנט מיט זיין פרוי, מיט מיר און ווידער געמאַכט אַ ויברח.

דאָס מאָל איז שוין אַלץ אַדורך בשלום.

דער ברודער האָט זיך דאָס מאָל אַנגעטאָן אויפן רוסישן אַרט, ווי אַ שטיקל נאַטשאַלניק, אין אַ ווייס, רויט־באַפּוצט העמדל, אַרומגענומען מיט אַ לעדערנעם רימען און אין לייוונטענע שטיוול.

צוליב זיין קנאַפּן רעדן רוסיש, האָב איך אים אָנגעזאָגט, אַז ער זאָל מיט קיינעם אין וועג נישט רעדן. ער זאָל נאָר אָפּט איבערחזרן דאָס וואָרט „כאַראַשאָ“. זאָל ער אָפּט לאַכן, שיכורלעך, הילכיק לאַכן, וואָס דאָס האָט ער גראָד גוט געקענט. זיי האָבן זיך מיטגענומען נאָך אַ הילף־מיטל — צו האַלבע ליטערס בראָנפן.. אַז עס וועט נויטיק זיין, אויפן דאַמפער, צי אויף דער באַן, זאָלן זיי, אַנשטאָט רעדן, מכבד זיין מיט שנאַפּס. דעמאָלט וועט מען שוין אוודאי קאָנען לאַכן און זאָגן „כאַראָשאָ“!

אין צען טעג אַרום איז אָנגעקומען אַ טעלעגראַמע פון מאָסקווע:

„איך און מיין קוזין געזונט, קוסאָטשינסקי“. (קוסאָטשינסקי איז געווען אַ באַרימטער ליפער אין פוילן).

איז ער שוין, הייסט עס, אין מאָסקווע. קנאַפּע צוויי טויזנט קילאָמעטער פונ־דאַנען. קיין ביאַליסטאָק וועט זיי, מסתמא, שוין זיין לייכטער זיך צו דערשלאָגן.

אונזער פרייד האָט אָבער לאַנג נישט אָנגעהאַלטן — צוליב דער נייער גזירה אין פּאָסיאָלעק.

## אַ נייע כאַפּעניש

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ מורמלענדיק סודען זיך צווישן די באַראַק־עלטסטע. זיי פלעגן שטענדיק וויסן עפּעס מער פון אַנדערע. אַלנפאַלס פריער. זיי זיינען אָפּט געקומען צום קאָמענדאַנט אין דיזשורקע. פון זיי האָט מען איצט געקאָנט נאָר אַרויסבאַקומען דאָס, אַז עפּעס גרייט זיך. נאָר וואָס געננוי — וויסן זיי נישט. איי־נער פון זיי האָט מיר שוין יאָ געוואָגט עפּעס צו פאַרטרויען:

— דער קאָמענדאַנט שטעלט צונויף נייע ליסטעס. הייסט עס, אַז עפּעס דאַרף געשען.

לעצטנס זיינען פאַרקלענערט געוואָרן די פּאַרציעס ברויט, אַרבעטנדיקע באַ־

קומען נאָר צו 700 גראַם ברויט אַ טאָג; די קינדער און קראַנקע צו פיר און דריי הונדערט גראַם.

מען האָט אַראָפּגעבראַכט צו דעמאָנסטרירן אַ פילם „פּעטערבורגער נעכט“. דעם פּרעכטיקן פילם האָט מען שוין געהאַט געזען מיט יאָרן צוריק אין וואַרשע. דאָ אָבער מאַכט ער אַ שוואַכן איינדרוק. די פילם־לענטע איז אויסגעריבן, דער קלאַנג אַ שלעכטער און יעדע פּאָר מינוט רייסט זיך איבער דער באַנד. ער האָט פאַרלוירן דעם גאַנצן חן און טעם, וואָס מען האָט געהאַט פון אים אַמאָל, אין וואַרשע.

מען האָט געבעטן דעם אָפּעראַטאָר,וואָס איז מיטגעקומען, אַז אַ צווייט מאָל זאָל ער מיטברענגען דעם פילם „פּוטיאָווקאַ יוו זשיזן“, וועלכער איז אויך געווען באַקאַנט און באַליבט. דער פילם איז אָבער — זאָגט ער — שוין לאַנג פאַרבאָטן צו ווייזן. אין דעם פילם ווערט געוויזן ווי אַזוי די הימלאָזע קינדער־בראָדיאַגעס — גנבענען, שניידן אויס שטיקער פוטער פון די מאַנטלען ביי די דאַמען, שלאָגן זיך און שיכורן. ווען זיי ווערן גענומען אין קינדער־הויז, ענדערן זיי זיך, ווערן גוט־דערצויגענע און נוצלעכע בירגער. אָבער דאָס קליינוואַרג, וואָס זעט דערמאָנסטרירן דעם פילם, נעמט אַראָפּ אַ ביישפּיל נאָר פון דער ערשטער העלפט פילם, ווי אַזוי מען גנבעט און שיכורט, ווי אַזוי אויסצושניידן די טאַשן. זיי לערנען אָפּ נאָר דאָס שלעכטע, דעריבער איז דער פילם פאַרבאָטן געוואָרן.

די מיטאָג־שעה איז פאַרקלענערט געוואָרן אויף פופצען מינוט. חוץ דעם האָט דער „גודאָק“ גענומען פייפן אינדערפרי מיט פופצן מינוט פריער פאַרן גיין צו דער אַרבעט.

דער געוועזענער בוכהאַלטער פון וואַרשע, ווישניאַ, ווייזט אויף דעם סיגנאַלגעבער, אַז ער איז כסדר נישט פּינקטלעך מיט דער צייט. לויט זיין זייגער — זאָגט ער — מאַכט דער „גודאָק“ כסדר טעותן און דווקא ביים קומען צו דער אַרבעט און נישט ביים אַוועקגיין. דער סיגנאַליזירער טענהט, אַז ער הערט אויף זיין רעפּראָדוקטאָר דעם מאָסקווער ראַדיאָ ביי זיך אינדערהיים און ער אָריענטירט זיך שוין מער־ווייניקער וויפיל צייט עס גדויערט ביי אים דער וועג פון זיין שטוב (ער וווינט אין דאָרף) ביז צו דער פאַבריק. זאָגט ווישניאַ, אַז אַ „גודאָק“ טאָר מען נישט אָנשטעלן לויט מער־ווייניקער, לויט דעם ווי מען איז זיך משער, נאָר פּינקטלעך, לויט אַ זייגער. ענטפערט יענער, אַז זאָל אים ווישניאַ אָפּגעבן דעם זייגער, וועט דער גודאָק זיין פּינקטלעך.

פון דעם שמועס איז געוויר געוואָרן דער קאָמענדאַנט. ער האָט ווישניאַן געדראָט מיטן פינגער:

— עס וועט זיין פאַסקודנע! איר שטעקט צופיל אַריין די נאָז!

און ווישניאַ איז גראָד געווען פון די גוט־געזעענע ביים קאָמענדאַנט, געהאַט אַ „בלאַטע אַרבעט“ — געדאַרפט בלויז צונויפקלייבן די פאַרזשאַווערטע דראָטן פון די טראַטוואַרעס, זיך אַוועקזעצן אויף אַ שטיין, און מיט אַ האַמער אויסקלאַפּן פון זיי משוועקעס.

ווישניאַ האָט זיך פון דער דראָונג רעכט איבערגעשראָקן.

די אַלע סימנים, די שלעכטע ווי די גוטע, האָבן אָנגעזאָגט אויף אַן ענדערונג. אַזוי איז מען געווען אין שפּאַנונג און אויפרעגונג ביז צימאַרגנס ביינאַכט, ביז עס

האט זיך בליץ־שנעל פארשפרייט די ידיעה איבערן פאסיאלעק — עס זיינען געקומען כאפערם.

עס זיינען די לעצטע טעג פון חודש סעפטעמבער. דער הערבסט שטעלט זיך פרי, איז א שווערער. א שארפער ווינט האט אונטערגעכאפט דעם רעגן און זיך צעלאזן מיט אים אין א ווילד־בל־טאנץ, געפייפט, געהודיעט, געשמיסן מיט די שיפע רעגן־בייטשן איבערן פנים — הערבסט־צייט איז דא דער ווינט באלעבאס. עס איז א געדיכטע פינצטערניש. מען לויפט פון איין באראק אין צווייטן געוויר ווערן פרטים.

דער קאמענדאנט, זיין געהילף און א פרעמדער גייען שוין איבער די באראקן און רופן אויס מענטשן לויט א רשימה. ווער עס ווערט אויסגערופן, דארף אריינגיין אין קאנטאר זיך שטעלן דארטן פאר א קאמיסיע. זי איז ערשט געקומען צופארן אויף א ספעציעלן דאמפער. זעקס מאן. אלע זיינען זיי לוט־שכור, א דאקטאר, סאניטאר, קאמענדאנט פון ראיאן – נ. ק. וו. ד., זיין געהילף און צוויי פארשטייער פון דער טייך־ און דאמפער־ווירטשאפט.

זיי דארפן היינט צונעמען פונדאנען הונדערט און פופציק פערזאן און זיי אוועקשיקן קיין קאטלאס. דארטן וועט מען א טייל איבערלאזן אויף ארבעט אין פארט און טייל וועלן ארבעטן אויף די לאסט־דאמפערס אלס מאטראזן.

קיינעם ווילט זיך נישט אפרייסן פונם פאסיאלעק, וואס איז שוין געווארן צוביסלעך ווי א היימיש שטעטעלע. מען צערייסט ווידער און מען צעטיילט פאמיליעס. דער זון איז אויף דער רשימה און זיין טאטע אדער ברודער — נישט.

מיר גייען דורך א מעדיצינישע קאמיסיע. די פרויען הייסט מען זיך אויסטאנאקעט ביז אין דער העלפט, זיי ספאזמירן, פראטעסטירן. זיי וועלן זיך נישט אנטבלויזן אין דער אנוועזנהייט פון זעקס מענער, פון וועלכע עס שלאגט דער ריח פון בראנפן, וועלכע כיכיקען חזריש און פאסקודנע. דער ראיאן־קאמענדאנט שטעלט זיך אויף א וואקלדיקער:

— ווער פון די פרויען עס וועט אקעגנרעדן, גייט גלייך אין קארצער אריין! זייערע פריצישע נענג האבן זיי באדארפט לאזן אין פוילן! באפעל דא איז באפעל! מיר זיינען אן אפיציעלע קאמיסיע!

און די פרויען זיינען אריינגעגאנגען איינע נאך דער אנדערער צום אונטערזוכן.

איך בין אויך אויף דער רשימה. איך בין קראנק, מיט היץ. ווו וועל איך ווידער איצט פארווארפן ווערן? עס קומען מיך טרייסטן די צוויי אינזשיניערן. זיי וואלטן נישט וועלן זיך מיט מיר שיידן. ווען ער וואלט איצט געהאט זיין אמאליק פארמעגן ביי זיך — זאגט פרידע — וואלט ער איצט אפגעגעבן א העלפט דערפון, אבי מיך באפרייען פון דער נייער פארשיקונג. פיביך זאגט מיר צו פרווורעדן מיטן קאמענדאנט.

פארן אריינגיין צו דער קאמיסיע, גיט מיר שיעלע נעבעכל גיך א זאג אין אויער אריין: — גיט א קיצל דעם טערמאמעטער.

איך קלאג זיך אויף מיין געזונט־מצב. הייסט מען מיר זיך אויסטאן אינגאנצן. איך האב היץ. דערלאנגט מען מיר דעם טערמאמעטער. איך טראכט וועגן

שיעלעס עצה. איך ווייס נישט ווי אזוי דאָס צו מאַכן. די מינוטן לויפן. גיב איך זיך אַ פאַרקירעווע אָן אַ זייט און גיב אַ שנעל דעם טערמאָמעטער.

דער סאַניטאַר נעמט אים אַרויס פון אונטערן אָרעם און שפּרינגט אויף. ער לויפט צום דאָקטאָר באַווייזן, יענער באַווייזט עס דעם קאָמענדאַנט. איך דערהער גלייך זיינס אַ ריטש:

— סוואָלאָטש! סאַבאָטאַזשניק!

און ער ווענדט זיך צום קאָמענדאַנט:

— נעמט אים אין קאַרצער אַריין!

ווייזט זיך אַרויס, אַז פון מיין שנעל איז דאָס גאַנצע קוועקזילבער פון טערמאָמעטער אַרויסגעשפּרונגען פון דעם גלעזל. נישטאָ שוין קיין קוועקזילבער און נישטאָ מער קיין טערמאָמעטער!

איך האָב זיך דערפון אַזוי דערשראָקן, אַז עס האָט מיך דערפירט צו טרערן. דער קאָמענדאַנט האָט מיך צוגעפירט צום קאַרצער, אָבער פּיביך האָט שוין אויפן וועג עפּעס גערעדט מיט אים. האָט ער מיך אין קאַרצער נישט אַריינגעזעצט. ער זאָגט צו מיר שטיל און פּאָטערלעך:

— איר האָט מיך איצט פאַרשעמט פאַר נאַטשאַלסטווע. איך האָב אייך אויסגעקליבט פאַר זיי אַלס קולטורנעם מענטשן און איר האָט מיר אָפּגעטאָן אַזאַ שפּיצל. גייט שנעל און פאַרפאַקט אייערע זאַכן צום אַוועקפאָרן!

איז שוין דאָס אפשר לטובה? איך פּאַק איין מיינע זאַכן, נעם מיט דאָס אייזערנע אויפליינ־בעטל, וואָס איך האָב מיטגעפירט פון ביאַליסטאָק, דעם שאַך און דאָס „בענטשערל", וואָס ר' לייזער האָט מיר צוגעשיקט פון באַראַנאָוויטש.

נאַטשאַלסטווע האָט אפילו געזאָגט, אַז מען זאָל נישט מיטנעמען אַלע זאַכן, ווייל מיר פאָרן נאָר בלויז אויף עטלעכע חדשים, אָבער קיינער האָט נישט געגלויבט, נישט געהערט און אַלץ מיטגענומען.

ביים געזעגענען זיך האָט אינזשיניער פרידע זיך מיט מיר לאַנג געקושט און געוויינט. איינס ביינאַכט האָט מען אונז אַריינגעזעצט אין דאַמפער און מיר זיינען ווידער אַוועק אויף אַ נייעם עטאַפּ פון אונזער וואָגלעניש.

די פרויען, סיי די וואָס פאָרן אַוועק, סיי די וועלכע בלייבן, האָבן ווידער פאַרגאָסן זייערע טרערן אין דער דווינע.

אפשר וועלן די טרערן דערשווימען צו דער ווייסל, וו עס פאַרגיסן דאָרט אויך טרערן אונזערע מאַמעס און שוועסטער?

אפשר וועלן די טרערן זיך ערגעץ צונויפטרעפן?

## יידישע מאַטראָזן

### קאַפּיטל א

אין קאָטלאַס האָבן מיר באַקומען אַרבעטס־ביכלעך אַלס מאַטראָזן. עס האָט מיר געשמייכלט די נייע פּראָפעסיע. עס האָט פאַר מיינע אויגן אַ שפּיל־געטאָן דער רייץ פון דזשעק לאָנדאָנס ביכער, פון זיין לעבן.

מיר וועלן באַקומען צו פינף רובל טעגלעך. אונזערע אַרבעטס־ביכלעך ווערן

איבערגעגעבן דעם קאַפּיטאַן. עס איז נישט דערלויבט זיי צו האָבן מיט זיך, כדי מיר זאָלן נישט קענען זיך פֿריי באַוועגן, אָדער גאָר אַנטלויפֿן.

ביז צום אָפּפֿאָרן פֿון אונזער שיף קאָנען מיר דערווייל אַרומגיין פֿריי איבער דער שטאָט. עס איז אַ גרויע, מרה־שחורהדיקע שטאָט. דאָ איז אַ צענטראַלער עטאַפּ־פּונקט פֿאַר אַרעסטאַנטן און פֿאַרשיקטע. ווייטער פֿון דער שטאָט איז נישטאָ קיין באַן־ליניע, מען פֿאָרט מיט ז׳אַמפּערס איבער די טייכן.

די זון איז דאָ אַ זעלטענער גאַסט. אַפֿילו אין די צוויי קורצע זומער־חדשים, איז די זון דאָ אויך אַ טריבע, אַ פֿאַרוויאָלקנטע, ווי זי וואָלט לגמרי נישט געהאַט קיין חשק צו שײַנען איבער דעם אַרעסטאַנטישן עמק הבכא. די בלאָטעס טריקענען דאָ קיינמאָל נישט אויס. די הילצערנע טראָטואַרן זײַנען דורכגעפֿוילט, אײַנגעבראָכן און זינקען אין דער געדיכטער בלאָטע.

דעם ערשטן וויזיט שטאַט מען אָפּ אויפֿן שטאָט־באַזאַר. דאָ איז פֿאָרט דאָ מער וואָס צו קויפֿן ווי אין אונזער פּאָסיאָלעק. קודם כל כאַפּן מיר זיך צו צו די ציבעלעס, קנאָבל, מערן און טאָמאַטן. מען דערזעט דאָ אויפֿן מאַרק גאַנץ אומ־דערוואַרט, אויך עפּל. זיי קאָסטן פֿאַרהעלטנישמעסיק ביליק, 16 רובל אַ קילאָ. מיר גייען אויך אין דער גרויסער סטאָלאָווקע ביים וואָקזאַל. מען קריגט דאָ אַ מיטאָג פֿון דריי שפּייזן — זופּ, קאַשע און פֿלייש. עס קאָסט בסך־הכל זיבן רובל. מען קאָן אויך צוקויפֿן צו גלעזלעך שנאַפּס. נישקשה, אַלס מאַטראָזן פּאַסט אונז צו פֿאַרזוכן אַ פּאָר כוסהס. אויפֿן מאַרק האָט יעדער איינער פֿון אונז פֿאַרקויפֿט עפּעס פֿון זײַנע בגדים. מיר מעגן זיך פֿאַרגינען אויסצוגעבן אַ פּאָר רובל אויף יגדי. בראָנפֿן אַנטהאַלט אין זיך צוקער, תבואה, עס האָט וויטאַמינען און איז אַ גוט מיטל קעגן די חילאַזן מאַלאַריע, צינגאַ. חוץ אַלעם, יוערט טאַקע וואַרעמער אין גוף און הייטערער אויף דער נשמה. איז נישט פֿאַראַן קיין נאַטירלעכע הייטער־קייט, פֿרייד, זאָל עס קומען דורך בראָנפֿן.

ווען איך בין אַרויס פֿון סטאָלאָווקע און אַרײַן אין וואָקזאַל, איז אַ האַל־בער זאַל געווען פֿאַרצוימט מיט אַ שטריק. מען האָט נישט געטאָרט צוגיין נאָענט. עס זײַנען געשטאַנען נ. ק. וו. ד.־זעלנער מיט אויסגעשטרעקטע באַגנעטן אויף זייערע ביקסן. הינטער דעם שטריק איז געשטאַנען אַ פּאַרטיע פֿון עטלעכע צענדליק אַרעסטאַנטן־משוגעים.

עס אַנטפּלעקט זיך פֿאַר די אויגן אַ מאַקאַבריש בילד:

ביי אַלע אַרעסטאַנטן זײַנען די הענט געבונדן מיט שטריק. אַלע פֿערציק זיי־נען אוודאי פֿון אַ צען־פֿופֿצען נאַציעס — בלאָנדע אוקראַאינער, רוסן, פּאָליאַקן; כוונקעלע אוזבעקן, ציגיינער, גרוזינער. אַלע זײַנען זיי באַוואַקסן מיט געדיכטע, שמוציקע בערד און לאַנגע וואָנצן. אַלע גייען זיי אַרום הין און צוריק, חוץ עט־לעכע, וועלכע באַהאַלטן זיך אויס אין ווינקל, ליגן דאָרט אויף דער ערד.

די ליגנדיקע שווייגן. און די, וועלכע גייען אַרום — רעדן צו זיך, זינגען, לאַכן, וויינען, זידלען זיך. טייל זײַנען מתפּלל. אַ געמיש פֿון קולות, קאָלירן און שפּראַכן. זיי זײַנען אין אָפּגעריסענע, פֿאַרשמאָלצענע בגדים, אַרומגעהאָנגען מיט צוויטן, עס זעט זיך אַרויס שטיקער נאַקעטע לייבער. פֿאַר זייער אויסזען, פֿאַר זייערע אויפֿגעריסענע, ווילדע אויגן — וואָלטן זיך אַפֿילו חיות אין וואַלד דערשראָקן.

דאָס פֿירט מען זיי איצט פֿון טורמע אין שפּיטאָל אַרײַן.

עס באַליידיקט און גרוילט צו זען ווי דער מענטש, דער וואָס איז געפּורעמט אין גאָטס געשטאַלט — צו וואָס פאַר אַ מצב און מדרגה ער קאָן דערגיין. זיין אַן אַרעסטאַנט אין אַ סאָוויעטישער תפיסה און דערצו נאָך משוגע! די גרענעץ פון פּיין און גרויל איז, זעט אויס, ווייט נישט באַשרענקט. זי האָט נאָך אַזויפיל נידעריקערע שטאַפּלען!

און ווידער קומט אין אַזעלכע מינוטן די נישט־שיינע טרייסט:

— דאַנקען גאָט, וואָס מיר זיינען נישט אין אַזאַ לאַגע! איז נאָך אונז, אויב אַזוי, נאָך גוט און נאָך וווּיל!

## קאַפּיטל ב

אַ גרופּע פון פינף פּערזאָן, דריי מענער און צוויי יונגע פרויען, צווישן זיי — מיין שוועגערין און איר קוזין אוורעמל זיינען געוואָרן צוגעטיילט צו דער לאַסט־שיף „משאיקאַ״. מיר האָבן געמיינט אין אָנהויב, אַז מיר וועלן קריגן ספּעציעלע מאַטראַזן־אוניפאָרמען. דאָס האָט זיי אויסגעזען משונה־ווילד. דאָס באַקומען נאָר מאַטראַזן פון קריגס־שיפן און נאָר אַזעלכע, וואָס פאָרן קיין אויסלאַנד.

מיר וואַרטן, אַז מען זאָל אונז עפּעס אויסלערנען, אינסטרוקטירן, צווייזן ווי אַזוי זיך צו פירן, אָבער דאָס איז ביי זיי נישט אָנגענומען. פאַרשאַפט עס אונז קלאָפּאָטן. די רוסישע מאַטראָזן, דער קאַפּיטאַן, זיין געהילף שרייען צו אונז:

—לויפט צום „נאָס״! צום „קאָרמו״! „קאַנאַטי״! „פּריטשאַליוואַט״!

מיר פאַרשטייען נישט קיין וואָרט דערפון. זידלען זיי אונז אויפן רוסישן שטייגער, אין דער זונהשער מאַמעס אריין — אָבער קליגער דערפון ווערן מיר נישט. מיר שטייען צעתממט.

זיי זיינען אָבער פאַרט געדעכט געווען. לויט דעם טאָן פון דער קללה, לויט דעם אופן פון דער זידלעריי — האָבן מיר צוביסלעכווייז אָנגעהויבן באַנעמען און פאַרשטיין, וואָס דאָס אַלץ מיינט.

די הויפּט־אַרבעט אונזערע איז: האַלטן וואַכטע (אַכט שעה אין מעת־לעת), וואַשן די דילן אויף דער שיף און אין יעדן פּאָרט, ווו מיר בלייבן שטיין — אָנטראָגן האָלץ, צעזעגן עס און אַראָפּוואַרפן אין קעלער אריין צום מאַשין־קעסל.

עס איז אויסגעקומען צו אַרבעטן וויניקסטנס צוועלף שעה אין טאָג, אָבער אַמאָל אויך זעכצן און אַפילו אַכצן שעה. ביי אַ סטאַנציע, ווען מען האָט באַדאַרפט אָנטראָגן האָלץ, האָט דער קאַפּיטאַן פאַראָרדנט אַן אַלאַרם, דער גלאָק האָט געקלונגען און אַפילו ווען מען האָט זיך ערשט געהאַט אוועקגעלייגט שלאָפן נאָך אַ גאַנצער נאַכט וואַכטע, האָט מען אויך געמוזט אויפשטיין און גיין טראָגן האָלץ.

עס איז געווען אונזער אַמביציע נישט אָפּצושטיין פון די רוסן. טראָגן מיט־אַמאָל אַזוי פיל, וויפיל זיי — עס האָט אָבער קנאַפּ געהאָלפן. דאָס האָלץ האָט מען געטראָגן אויף נאַסילקעס. אַן אונזעריקער האָט געמוזט זיך עטלעכע מאָל אָפּשטעלן אין מיטן טראָגן און איבערכאַפּן דעם אָטעם. האָט ער דאָס נישט געטון, נישט געוואָלט אָפּשטיין פון זיין רוסישן „נאַפּאַרניק״ (פּאַרטנער ביים טראָגן), איז ער אומגעפאַלן שוין אויפן בריקל צו דער שיף, אויסגעשיט דאָס האָלץ אין וואַסער אריין און אַמאָל אַליין זיך אויך מיטגעקייקלט.

אין די ערשטע צייטן האָט אונזער שוואַכקייט און שלימזלדיקייט נאָר פאַר־ווײַלט די רוסישע מאַטראָזן און זיי האָבן געהאַט פון וואָס צו חוזקן און אָפּלאַכן פון די „פּאַנסקע ביעלאָרוטשקי" (פּריצישע ווײַסע הענטלעך), צוביסלעכווײַז אָבער איז עס אַריבער אויף זידלערייען און דראָונגען.

צום ערגסטן איז געווען שווער אויסצוקומען מיט דער קליינער קאַטיאַ. זי איז אַלט בסך הכל צוויי־און־צוואַנציק יאָר, פון קליינעם וווקס, אַ דיקלעכע מיט אַ נאַאיוו, שיין פּנימל, אַ שטאַכלערין. נעמט זי זידלען אויפן רוסישן שטײַגער. וואָלט עס געסטאַיעט פאַר אַ טוץ קאָזאַקן. כאָטש זי איז דווקא נישט קיין שלעכטע, האָט ליב שמועסן מיט אונזערע פרויען, באַקוקן זייערע קליידלעך, וואָס זיי האָבן נאָך מיטגעהאַט אין זייערע רענצלעך.

עסן האָבן מיר געקריגן צו קילאָ ברויט אַ טאָג און 100 גראַם טרוקענע גרויפּן, וואָס מיר האָבן באַדאַרפט אַליין אָפּקאָכן. אַמאָל איז געלונגען צו קויפן אין די פאָרטן עפּעס אויף געשמילץ צו דער זופּ — אַ ציבעלע, אַ בוראַקל און אַמאָל אויך אַ גלאָז מילך.

קאַטיאַ פלעגט אַמאָל מכבד זײַן אונזערע פרויען מיט אַביסל זאַלץ, קאַרטאָפל, וואָס זי האָט געהאַט באַהאַלטן אין אירס אַ קעסטעלע. זי האָט ליב אויסצו־פרעגן ווי אַזוי מיר האָבן אַמאָל געלעבט אין פּוילן. זי ווײַזט אונז אפילו אַמאָל אויך צו, ווי אַזוי מען דאַרף שמירן די שטריק מיט פּעך, ווי אַזוי צו פלעכטן.

נאָר איז עס געקומען צום טראָגן האָלץ — ווערט זי גלײַך געביטן. זי טראָגט אַליין נישט ווייניקער ווי דער שטאַרקסטער רוסישער מאַטראָז, אַ טיוולאָנישע שטאַרקייט ליגט אין איר. זי האָט פּשוט נישט געקאָנט פאַרשטיין, ווי אַזוי מען קאָן נישט דערטראָגן מיט איינמאָל אַ דרייסיק — פערציק קלעצער. זי מיינט, אַז דאָס רייצן מיר זיך נאָר מיט זיי, ווילן זיי איבערכיטרעווען, זיי זאָל אויספאַלן צו טראָגן דריי מאָל מערער פאַר אונז.

האָבן אונזערע זיך געקלאָגט פאַרן קאַפּיטאַן. מיר ווילן נישט הערן קיין גע־מיינע זידל־רייד.. די צוויי יונגע פרויען אונזערע ווײַנען אָפּט פון בושה אין באַ־ליידיקונג.

ס'האָט גאָרנישט געפּועלט. ערשט שפּעטער זײַנען מיר געוווויר געוואָרן, אַז קאַטיאַ לעבט מיטן קאַפּיטאַן. ער קומט אַהיים צו זיך אין שטאָט, אין שטוב, צו דער פרוי און קינדער נאָר צוויי־דריי מאָל אין יאָר.

קאַטיאַ האָט הינטער זיך פּלייצעס.

נאָך ערגער איז דעמאָלט, ווען עס פעלט אוים האָלץ אויף דער שיף אינמיטן וועג, ווייט פון פּאָרט.

דעמאָלט דאַרף מען זיך אַראָפּלאָזן אויף לאָדקעס און אויפכאַפּן אויפן טײַך די שווימענדיקע קלעצער. געפינט מען זיך אויף אַן אָרט, ווו דאָס וואַסער איז נישט טיף. דאַרף מען פּשוט אַרומבראָדזשען אין טײַך, אויסטאָן די שיך, אַרויפציען די הויזן און מיט אַ באַגאַר פאַרטשעפּן די קלעצער און זיי צושלעפּן ביז דער שיף. געווען איז אונזער דאַמפּער שוין אַן אַלטע שברה־כלי, וואָס האָט קוים שוין גע־טויגט צום שווימען. אָפּט האָט זיך דער מאָטאָר פאַרהאַקט און עס איז נישט געווען געננג אייל אויף צו שמירן די באַזונדערע טיילן. די מעכאַניקער האָבן געשאָלטן, אָנגערופן אונזער דאַמפּער — „טויטן־קאַסטן", „וואַסער־געשפּענסט". אינמיטן איז

נאָך דערצו קאַליע געוואָרן די סירענע און האָט נישט געקאָנט סיגנאַליזירן צו די אַנקומענדיקע שיפן. גראָד איז אַ פינצטערע נאַכט, עס שטייט אַ געדיכטער נעפל. דאַן האָבן אַלע מאַטראָזן געמוזט אַרויס אויפן דעק און שרייען און רופן דורך הילכער.

איין מאָל האָט מען אָנגעשטויסן אונזער שיף און איינגעבראָכן אַ וואַנט.

איך האָב פאַרשאַלטן אַלע שיינע ביכלעך וועגן מאַטראָזן־לעבן, פונקט ווי איך האָב דעמאָלט פאַרשאַלטן אַ סך ביכער, וועלכע האָבן די סאַמע מיאוסטע און גע־מיינסטע אמתן באַשמאַלצן מיט שיינע שקרים.

די לעבנס־ווירקלעכקייט האָט זיך וואָס אַמאָל מער אָפּגעדעקט אין איר נאַ־קעטקייט און איז געוואָרן האַרט און דראָענדיק ווי אַ פויסט.

## קאַפּיטל ג

די קאַיוטע מיינע איז אַ פּיטשינקע. דאָס געלעגער איז פול מיט וואַנצן. עס איז שווער דורכצושלאָפן די פּאָר שעה. איך ריגל־אָפּ דאָס קיילעכדיקע פענסטערל און קוק אויף די כוואַליעס פון טייך. דאָס וואַסער האָט איצט צו מיר אַ פאַך־שייכות. וואָלט איך געקאָנט שווימען, וואָלט איך זיך געפילט מיט דעם טייך היימי־שער. אַזוי געדענק איך נאָר זיין קאַלטקייט און שניידיקייט, ווען איך בראָדזשע אין אים און שלעפּ די קלעצער.

איך גיי אַרויף אין „רויטן ווינקל“. אפשר וועל איך קריגן אַ פּאַרטנער צו שפּילן ביליאַרד. דאָרטן איז פאַראַן אַ קליין טישעלע, עטלעכע קליינע אייזערנע קייקעלעך און צוויי קליינע אייזערנע דרענגלעך. דאָס איז אַזאַ קינדער־ביליאַרד. קיין צייטונג איז אין „רויטן ווינקל“ שוין לאַנג נישטאָ.

אונזער מאַטראָזין, ברכהלע ברייטמאַן, איז אַמאָל געשטאַנען דערביי, ווי דער קאַפּיטאַן מיט זיין געהילף האָבן זיך געשפּאַרט וועלכע צייטונג איז בעסער — די „איזוועסטיאַ“ צי די „פּראַוודאַ“. עס האָט זי פאַראינטערעסירט און זי פרעגט זיי:

— מיט וואָס איז די ערשטע צייטונג בעסער פאַר דער צווייטער — פּאָלי־טיש, צי ליטעראַריש?

האָבן זיי זיך ביידע פאַרחידושט אָנגעקוקט און צוזאַמען אויסגעשאָסן אַ געלעכטער:

— פאַר דער מאַכאָרקע, באַרישניאַ!

זיי ריידן וועגן דעם, וועלכע צייטונג איז געשמאַקער אין רויכערן, און זי פאַלט זיי אַריין מיט אַזאַ אומגעלומפּערטער פראַגע!

איך גיי אַרויף צום ביליאַרד, טרעף דאָרט אָן עטלעכע מאַטראָזן. זיי שפּילן אין קאָרטן. דאָס זיינען יונגע חברה אין די צוואַנציקער יאָרן. מיך אינטערעסירט צו וויסן עפּעס פון זייער לעבן, וואָס זיי טראַכטן און פילן, וווּ עס זיינען זייערע פאַמיליעס. אָבער זיי מיידן אויס צו שמועסן. איך פאַרשטיי נישט פאַרוואָס מען האָט זיי נישט גענומען צום מיליטער־דינסט, ווי מען האָט גענומען די אַנדערע. נאָך דער פינלענדישער מלחמה האָט מען איצט רעקרוטירט עטלעכע יאָר־גענג. מיר טאַקע האָבן געדאַרפט פאַרטרעטן די צוגענומענע רעקרוטן פון אונזער דאַמפער „טשאַיקאַ“.

פּיעטקאַ איז אַלט צוויי־און־צוואַנציק יאָר. ער איז אויסגעמאָגערט און מיט אַ קינדיש, נישט־אַנטוויקלט פּנים. די אונטערשטע ליפּ איז ביי אים אַ משונהדיק־גראָבע און געשפּאָלטענע. ער האָט אַ פרוי און זי אַרבעט דאָ אויפן דאַמפּער אַלס ווירטשאַפט־פירערין. זי דוסיאַ, איז מיט דריי יאָר עלטער פון אים. זי איז אַ שטילע און סאָלידע. בעת קריגערייען דערלאַנגט ער איר אָפּט קלעפּ. ער האָט אָבער מורא, אַז זי זאָל נישט דערציילן דעם קאַפּיטאַן, וועלכער איז אירער אַ פעטער. מוז ער איר דערלאַנגען אַ פּאָר זייטיקע קלעפּ אויף אַ צולאָג — זי זאָל אים נישט פאַרקלאָגן פאַרן קאַפּיטאַן.

די מאַטראָזן זיצן איצט מידע, שלעפעריקע און שפּילן קאָרטן אָן חשק. פּיעטקאַ פרעגט מיך, צי עס איז אמת, אַז ביי אונז אין פּוילן זיינען דאָ אויף יעדער גאַס שאַנד־הייזער און די „נקבות" שטייען אַרויסגעשטעלט אין די שויפענסטער, הינטערן גלאָז. אַ צווייטער פון זיי ענטפערט:

— אין די בורזשואַזע לענדער זיינען אַלע פרויען פּראָסטיטוטקעס!

זיי הייטערן זיך אויף און פאַרטרייבן די שלעפעריקייט און מידקייט. יעדער שטעלט שוין אָן אַנדערע פראַגע.

— אַז איר וועט קומען קיין וואַרשע, צי וועט איר צוריק ווערן אַ קופּיעץ (סוחר), פאַבריקאַנט, אָדער איר וועט בעסער שוין ווערן אַרבעטן אַלס מאַטראָז?

פאַר מיר ענטפערט־אָפּ איינער פון זיי:

— ביז ער וועט צוריקקומען קיין וואַרשע, וועט שוין די ווייסל זיין אויסגעטריקנט!

גלייך איצט אַוועקגיין פון זיי האָט נישט קיין זין, זיי וועלן אָפּחוזקן; איך מוז זיך אַביסל איינקויפן אין דער חברה. איך באַווייז זיי עטלעכע פאָקוסן מיט קאָרטן. דאָס האָט גלייך געהויבן מיין פּרעסטיזש. איצט קאָן איך שוין צריקגיין אין מיין קאַיוטע.

מיר שווימען קיין סיקטיווקאַר, צו דער הויפּטשטאָט פון דער אויטאָנאָמישער רעפּובליק קאָמי.

## קאַפּיטל ד

עס איז אַ לויטערער פאַרטאָג. נישט ווייט פון די ברעגן זעט מען מאָרנע, ברייטע, נידעריקע בוימער מיט ריזיקע בלעטער. זיי זיינען גאָלדיק־רויט די בלעטער, זיי שיינען אויף צום לעצטן מאָל, פאַרן פאַרוויאַנעט ווערן, מיט אַזאַ פרישער, זאַפטיקער קופּער־גאָלד פאַרב, ווי אַ שווער־קראַנקער, וואָס פילט זיך בעסער און לויכט אויף דווקא עטלעכע שעה פאַרן טויט.

אָבער מיר איז נישט ניחא דאָ די נאַטור־שיינקייט. מיר זעט אויס, אַז דאָס אַלץ וואַקסט דאָ אויף בלוט און זאַפטן פון מענטשלעכע ביינער.

ביי יעדער קלענסטער סטאַנציע, טרעפן מיר אונזערע פאַרשיקטע פּוילישע יידן. די פאַרזאַמלטע ביי די ברעגן ווילן אַריינכאַפּן מיט אונז אַ שמועס, העלפן זיי אונז צו טראָגן דאָס האָלץ אויף דער שיף. איך דערזע דאָ אַ באַקאַנטן טוער פון דעם וואַרשעווער טעקסטיל־פאַריין, אַ קאָמוניסט. ער איז געוועזן אַ האַרטער, אומבייגזאַמער, קעמפערישער. איצט איז ער סענטימענטאַל. ער נעמט מיך אייניקע

מאָל ארום, פאַרגיסט אַ טרער, נאָר דעם קאָפּ האַלט ער אין אַ זייט, אראָפּגעלאָזן. ער שעמט זיך פאַר מיר און פאַר דעם אַלעם דאָ.

— אונז איז געלונגען, — זאָגט ער, — צו דערגיין אַזאַ גרויסן סוד, אַזאַ גרויסן לעבנס־סוד, וואָס קיינער פון אונז האָט נישט געאַנט און קיינער חוץ אונז, אויף דער גרויסער וועלט, אַנט נאָך אויך נישט איצט! און עס זיינען דאָ אַזויפיל צייטונגען אויף דער וועלט, אַזוי פּיל ביכער, טעלעגראַף, ראַדיאָ, און דער אמת איז אַזוי ווייט, פאַרהוילן, פאַרדעקט!

ער ציטירט אַ געדאַנק פון מאַרקסן: אַמאָליקע ציַיטן, ווען אַ ידיעה פון סטאַמבול ביז פאַריז איז דערגאַנגען אין צוויי חדשים, איז פאַרשטענדלעך, אַז עס איז אָנגעוואַקסן אויף דער ידיעה אַ סך פאַנטאַזיע, אומפּינקטלעכקייטן, איבער־טרייבונגען. אָבער היינט, ווען מיר באַנוצן זיך שוין מיטן טעלעגראַף, איז דורך די ווייניקע מינוטן, וואָס עס געדויערט איבערגעבן אַ ידיעה פון מרחקים, וואַקסט־אָן אויף איר מער פאַנטאַזיע, איבערטרייבונג און פּשוטער שקר.

— איצט, — זאָגט ער, — איז שוין צום טעלעגראַף צוגעקומען אויך ראַדיאָ, און קוקט ווי עס זעט אויס מיט דער אינפאָרמירטקייט פון דער וועלט! ווען מיר נאָך דערלעבן דערצו, אַז מיר זאָלן קאָנען אויפדעקן פאַר דער וועלט דעם גרויסן סוד? דעם גרויסן און שוידערלעכן אמת?!

ווען אונזער דאַמפּער האָט שוין געריַרט פון ברעג, איז אָנגעלאָפן אַן עלטע־רער ייִד, אַ הויכער און ברייטער, אין אַ קיילעכדיק פּויליש־ייִדיש היטעלע, ווי ביי זיך אין שטעטל, זיין לאַנגע ווייסע באָרד פלאַטערט אין ווינט, פּונקט ווי די פּאָלעס פון זיין לייבטן כאַלאַט; ער טראָגט אַ שטרויען האַנט־קוישל אין האַנט, ווי ער וואָלט געקומען איצט פון אַ יאַריד; ער שטרעקט־אויס צו אונז די רעכטע האַנט און שרייט אונז הויך נאָך:

— ייִדן, געדענקט! מאָרגן ביינאַכט איז יום־כּיפּור! געדענקט, ייִדן!

***

מיר פאָרן אַ לענגערע צייט אָן אָפּשטעל. נעבן אונז פאָרט אַ גרויסע באַרקע, וואָס פירט קאַרטאָפל צו די לאַגערן אויף דער ווייטער פּעטשאָרע. מיר שטייען איצט אויפן דעק און זעגן האָליץ.

די באַרקע גליַיכט זיך אויס מיט אונזער דאַמפּער. דער פאַרוואַלטער איבער די קאַרטאָפל איז אַ מיטליעריקער אוקראַינער. ער איז אויך אַן אַרעסטאַנט, וועל־כער פאַר־ענדיקט שוין אינגיכן זיין שטראָף. ער האָט געקריגן דריי יאָר פאַר מיס־ברויכן אַלס פאַרוואַלטער אין אַ סטאָלאָווקע אין קיעוו. איצט, אין דעם לעצטן האַלבן יאָר, געניסט ער שוין פון „וואָלנע כאָזשדעניע" (זיך פריי באַוועגן) און פון זיין לאַגער אין פּיעטשאָרע האָט מען אים געשיקט ברענגען צו פירן די באַ־רקע מיט קאַרטאָפל.

ער איז מונטער, געזונט און אַפילו מיט פּולע, ראָזע באַקן. דער־זעט ער אונ־זער קאַטיען, ווערט ער צעחושט און געריַיצט און וויל שוין פון איר נישט אָפּ־טרעטן. ער רופט צו איר אַריבער פון דער באַרקע, ווינקט מיט די אויגן, לאַכט, אָבער קאַטיאַ שאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין. פאַרשווינדט ער אויף אַ מינוט אין

קעלער און קומט אַרויס מיט אַ זעקעלע אין האַנט און נעמט רופן זינגענדיק:
— קאַרטאָשקי! קאַרטאָשקי! ראָזע, אוקראַינישע קאַרטאָפּעלעך!
דאָס זינגט ער צו קאַטיען, האַלט דאָס זעקעלע אין דער הויך און ווינקט צו איר. זי פאַרוואָרפט אַ ברעטל צווישן דאַמפּער און באַרקע און שפּרינגט פלינק אַריבער. זיי פאַרשווונדן ביידע אין „טרום" (קעלער) פון דער באַרקע.
איך מיט אוורעמעלען זענען די קלעצער. אונזערע רעשט דריי שטייען נעבן אונז און מיר רעדן אַרום ווי אַזוי איינצואָרדנען היינט דעם יום־כּיפּור דאָ. עס ווערט באַשלאָסן: אַזוי ווי עס קומט אונז אויס היינט אויפצוזיין ביינאַכט, זאָלן מיר פאַסטן נאָר ביז מאָרגן צוועלף בייטאָג. פאַר אונז וועט דאָס זיין גענוג. די צווייטע פרויען אונזערע וועלן אָפּקאָכן אַ געמיינזאַמען מאַלצייט פאַר אַלע פינף.
פאַרויס, פאַר אונז, איז געפאָרן אַ דאַמפּער אָנגעפּאַקט מיט מענטשן. מיר האָבן זיך אָנגעשטרענגט צו דערזען וועמען מען פירט דאָרט. מיר האָבן דערזען אַ סך זעלנער מיט ביקסן אין די הענט, עטלעכע גרויסע הינט. האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז מען פירט דאָרט אַרעסטאַנטן. יענער דאַמפּער איז געגאַנגען פּאַמעלעכער פון אונזערן און מיר האָבן אים אַביסל אָנגעיאָגט. יאָ, עס זיינען דאָרט אונזערע פּוילישע יידן! אוורעמעל האָט אַ פאָכע געטאָן מיטן היטל צו זיי און אויסגעשריגן:
— יידן, פונוואַנען?!
איינער האָט צוריקגערופן:
— פון קאָוועל!
מיר האָבן דערזען אוודאי ביי אַ טויזנט יונגע מענער און פרויען. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס מוזן זיין די „איינצעלנע". „איינזאַמע", די, וועלכע זיינען ביז איצט געזעסן נאָך אין די טורמעס דאָרטן, און איצט פירט מען זיי אין לאַגער אַריין, קיין וואָרקוטאַ, אויף דער פּיעטשאָרע. אוורעמעלע האָט ווידער צו זיי אַ רוף געטאָן:
— היינט ביינאַכט איז יום־כּיפּור!
דער יונגערמאַן האָט עפּעס צוריקגערופן, נאָר אַ זעלנער האָט יענעם דערלאַנגט אַ זעץ מיטן פּריקלאַד און ער איז אַנידערגעפאַלן.
מיר אַלע האָבן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ און געשעמט זיך צו קוקן אין די אויגן אַריין.
אָט אַזוי וואָגלען אונזערע ברידער און שוועסטער איבער דעם וויטן צפון, צו די גרויסע אַרעסטאַנטישע קאָנצענטראַציע־לאַגערן.
קאַטיע איז צוריקגעקומען אַ פאַרויטלטע און שנעל אַראָפּ אין איר קאַיוטע. זי האָט געטראָגן דאָס זעקעלע קאַרטאָפל. אונזערע פרויען זיינען אַראָפּ צו איר קויפן אַביסל קאַרטאָפל צום מאָרגנדיקן מאַלצייט.
עס איז אַרויסגעקומען דער אוקראַינער און אָנגעהויבן רופן קאַטיען. ער וויל ביי איר צוריק דאָס זעקעלע. זי איז צעקאָכט, צעפלאַמט, שטאַמלט אַצינד נאָך מער ווי שטענדיק:
עס קומט איר מיטן זעקעלע! ער האָט איר נישט געזאָגט פריער, אַז זי וועט צוריקגעבן.
ער נעמט זידלען. דאָס זעקעלע איז נישט זיינס. ער האָט דאָס אונטערגעשריבן און מוז עס אָפּגעבן. ער האָט מיט איר אָפּגערעדט וועגן אַ זעקעלע קאַר־

טאַפּל, נישט מיינענדיק דערביי דאָס זעקעלע אַליין. זי זידלט אים צוריק, אַז ער איז אַ זשוליק, אַן אויסוואורף. ער בלייבט נישט שולדיק, שפּרינגט אַריבער צו אונז אויפן דאַמפּער און וואַרפט זיך אויף קאַטיען אָנבויקערן. מיר מישן זיך אַריין, צעשיידן זיי. מיר זאָגן צו קאַטיען צו געבן איר אונזערס אַ זעקל. דער אַרעסטאַנטישער „ראַמעאָ" באַרואיקט זיך. ער וואַרפט נאָך צו זיין „דזשולעטטאַ" דעם עפּיטעט „בליאַד" (זונה) און שפּרינגט צוריק אין דער באַרקע, צו זיינע קאַר־טאַפּל־גיטער.

***

עס רוקט זיך אָן דער פאַרנאַכט. קומט אָן אַ יום־טוב־שטימונג, הייסט עס, אַז מען ווערט צוריק קינדער. ווערט מיט איינמאָל אָפּגעווישט דער מהלך ביז די קינדער־יאָרן און עס ווערן בולטער און לעבעדיקער די זכרונות פון יענע צייטן. מען פילט דער מאַמעס הענט אויפן קאָפּ, וועלכע בענטשן צום יום־הדין. מען פילט אירע טרערן אויפן פּנים. מען זעט דעם טאַטן אַ בלייכן און איבערגעשראָקענעם, אין די ווייסע זאָקן און שטעק־לאַטשן, מיטן טלית־זעקל אונטערן אָרעם. ער איילט דער מאַמען, אַז זי זאָל זיך צואיילן מיט די ברכות, ווייל די יינגלעך דאַרפן שוין גיין אין שול אַריין. עס ברענען די גרויסע וואַקסענע ליכט אין קעסטלעך זאַמד. די שכנהטעס קומען אַריינצולויפן אָנווינטשן. זיי האָבן אַלע לויטערע און געהייליקטע פּנימער. זייערע אויגן זיינען פול מיט פּחד און קדושה פאַר דער באַגעגעניש מיט דעם גרויסן טאָג פון משפּט. פאַר דער באַגעגעניש מיט דעם אַלמעכטיקן, וועל־כער זעט אַלץ, הערט אַלץ און ווייסט אַלץ. ער איז אַן אב מידת הדין און מידת הרחמים. מיט וואָס פאַר אַ מאָס וועט ער זיי הייַנטיקס מאָל משפּטן ?

און ווי קינדער, זעען מיר אויך איצט ווי דער גאַנצער אַרום, דער טייך און די וועלדער אין דער גרויער הימל — ווי זיי פילן איצט אויך די גרויסע שעה, זיי טרויערן אויך און זיינען איבערגעשראָקן.

מיר זיצן צונויפגעטוליעט אין אַ ווינקל אויף דער שיף און יעדער זוכט אין זיינע געדאַנקען :

— ווו איז איצט די מאַמע ? ווו זיינען איצט די שוועסטער און ברידער ? זיי טראַכטן איצט וועגן אונז, זוכן אונז מיט די אויגן פּונקט ווי מיר זוכן זיי.

אַלע שווייגן. נאָר אַווראַמעלע קאָן זיך נישט איינהאַלטן און מיט אַ ציטערדי־קער שטים הויבט ער אָן שטיל אויסזינגען :

— כל נדרי !

ער קאָן אָבער ווייטער נישט זינגען. צעכליפּעט זיך און אַלע מיט אים. מען פאַלט זיך אין די אָרעמס, מען צעקושט זיך, מ'ווינטשט זיך, אַז איבער־אַ־יאָר זאָלן שוין אַלע זיין צוזאַמען מיט זייערע משפּחות אין דערהיים.

דער גלאָק רופט צו דער נאַכט־וואַכטע.

יעדער גייט שטיל אַוועק אויף זיין פּאָסטן און אין האַרצן נאָגט דער באַנגלע־כער ניגון :

„כל נדרי !"

# קאַפּיטל ה

עס איז געפאַלן דער ערשטער שניי. מיר וועלן נישט דערפאָרן ביז סיקטיווקאַר, דער הויפּט־שטאָט פון קאָמי. אויף א קליינער סטאַנציע איז ארויפגעקומען א העכערער באַאַמטער און איבערגעגעבן דעם קאַפּיטאַן א באַפעל צו פאָרן צוריק, ביז ארכאַנגעלסק. אין וועג קאָן זיך שטעלן דער טייך, פאַרפרוירן ווערן און מיר וועלן בלייבן שטעקן ערגעץ אין מיטן וועג. אויסער דעם, דאַרף מען דעם דאַמפּער איבערלאָזן אין ארכאַנגעלסק אויף א גרעסערן רעמאָנט.

דער זעלבער באַאַמטער, נאָך א גאַנץ יונגער מענטש, אין א ספּעציעלן מונדיר מיט גרויסע בלעכענע קנעפּ, מיט עטלעכע בענדלעך אויף די אַקסלען, וואָס באַווייזט, אַז ער איז פון א העכערן ראַנג. ער איז אויך דער פּאָליטרוק (פּאָליטישער לייטער) און ער וועט אָפּהאַלטן א פאַרזאַמלונג מיט אַלע מאַטראָזן.

מיר נעמען זיך צענויף אין „רויטן ווינקל". די גאַנצע מאַנשאַפט באַשטייט פון זעכצן פּערזאָן. ער נעמט ארויס א העפט און לייענט פאַר אונז איבער די לעצטע רעגירונגס־באַפעלן. נאָכדעם רעדט ער אַרום די פּאָליטישע לאַגע.

איך האָב זיך צוגעבויגן צו זיין העפט און ארייַנגעקוקט. דאָ־ט זיינען אריינגעקלעפּט אויסשניטן פון דער „פּראַוודאַ". טייל שטעלן זיינען אונטערגעשטראָכן מיט רויט. ער לעזט טאַקע אויסצוגן פון די אַרטיקלען. צום סוף פרעגט ער, צי מיר האָבן איס עפּעס צו שטעלן פראַגן.

די רוסישע מאַטראָזן האָבן געפרעגט נאָר וועגן ענינים. וואָס האָבן א שייכות צו די פּאַיאָקן, וועלכע ווערן נישט צוגעשטעלט צו דער צייט, ווערן נישט ריכטיק פּאַרטיילט.

עס איז שוין לאַנג נישט געווען קיין געלעגנהייט עפּעס א שמועס טאָן וועגן פּאָליטישע ענינים. עס האָט זיך געוואָלט גלאַט אזוי א ביסל א רעד געבן איבער פּאָליטיק, עס זאָל נישט זיין אזוי לאַנגווייליק דער שמועס מיטן פּאָליטרוק.

איך פרעג:

— אַזוי ווי איך האָב דאָ געזען א קוטער (שיפל), וואָס פירט קוילן און טראָגט דעם נאָמען פּלעכאַנאָוו, וויל איך וויסן צי עס מיינט טאַקע דעם מענשעוויק פּלעכאַנאָוו. אויב יאָ, פאַרוואָס גיט מען א נאָמען פון א קעגנער פון באָלשעוויזם, ווי עס איז געווען פּלעכאַנאָוו?

אוודאי איז די פראַגע געווען פאַר אים אומגעריכט. ער האָט מיך אָנגעקוקט מיט א פּאָר געפּלעפטע אויגן. מיך גוט באַטראַכט. ער האָט ארויסגענומען א ביסל מאַכאָרקע, איינגעוויקלט אין פּאַפּיר, פאַררויכערט, זיך טיף פאַרצויגן:

— עס איז ריכטיק, אַז ער איז געווען א מענשעוויק, א קעגנער פון באָלשעוויזם. אָבער אין זיין צייט, פאַר דער בורזשואַזער רעוואָלוציע פון 1905, האָט ער, ווי א קליינבירגערלעכער, בורזשואַזער רעוואָלוציאָנער — געהאַט א באַדייטונג. עפּעס אויפגעטאָן אינם קאַמף קעגן די רוסישע פּריצים און דער צאַרישער אַליינהערשאַפט. אוודאי האָט ער געבלאָנדזשעט, נישט געניצט קיין ריכטיקע מעטאָדן. שפּעטער נאָך האָט ער אפילו פאַרפירט דעם ארבעטער־קלאַס. אָבער געוויסע פאַרדינסטן פאַרן ליבעראַליזם — אין יענע צייטן — האָט ער געהאַט. אונזער באָלשעוויסטישע פּאַרטיי און רעגירונג האָט נישט קיין מורא צו באַערן מיט זיין נאָמען

א שיפל, ווייל זיין נאָמען איז שוין ווייטע פאַרגאַנגנהייט. אַלע קעגנער ביי אונז זייַנען שוין אויסגעראָטן און דאָס פאָלק האָט זיך פון זיי אָפּגעקערט. גלייך נאָכן אָנהויב פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע איז ער געשטאָרבן.

ווען ער וואָלט געלעבט, וואָלט ער אפשר געגאַנגען אין די וועגן פון לענין־סטאַלין.

ער האָט זיך מיטן ארבל אָפּגעווישט דעם שטערן. דאָס רעדן האָט אים גע־קאָסט א סך מי, ער איז אָבער געווען צופרידן פון האָבן אַזאַ זעלטענע געלעגנהייט, צו קאָנען אַזוי ברייט ארומרעדן אַזאַ וויכטיקן ענין. צום סוף האָט ער נאָך צוגע־געבן:

— פאַר טויטע האָבן מיר, אגב, קיין מורא נישט! מיר וואָלטן, מן הסתם, א סך פון אונזער־ע קעגנער געגעבן זייערע נעמען אויף שיפלעך, נאָר מיטן באַדינג, אַז זיי זאָלן זיין טויט!

אַלע מאַט־אָזן האָבן זיך הילכיק פאַנאַנדערגעלאַכט: — גוט ארייַנגעזאָגט די סוואָלאָטשעס!

דער קעסל־הייצער גיט צו:

— שטאַרבט, ברידערלעך־שונאים, וועט איר זיין ביי אונז אָנגעלייגטע געסט! כאַ־כאַ־כאַ!

## קאַפּיטל ז

פאָרן מיר, הייסט עס, שוין צוריק, צו דער באַרימטער פאָרט־שטאָט ארכאַנגעלסק. עס זיינען צו אונז איינגעשטיגן דריי פּאַסאַזשירן. זיי זיינען געקומען פון אוקראַי־נע דערלייידיקן דאָ וואַלד־ענינים. זיי וועלן פאָרן מיט אונז ביז קאָטלאַס. איינער פון זיי איז א ייד. ער שענקט אונז א היבש ביסל מאַכאָרקע. ווען קיינער פון זיינע צוויי קאָמפּאַניאָרן זעט נישט, כאַפּט ער מיט מיר א שמועס איבער יידישע ענינים.

אים אינטערעסירט צו וויסן, ווי אַזוי די יידן האָבן זיך אויסגעלעבט יידיש אין פּוילן. איך דערצייל אים וועגן דער צאָל יידישע צייטונגען, ביכער, שולן, טע־אַטערס, קהילות, ישיבות, וועלכע זיינען געווען דאָרט, וועגן דעם בליענדיקן און שעפערישן יידישן ישוב. איך כאַפּ זיך ארויס פאַר אים, אַז איך האָב א שייכות צו פען־ארבעט. ער זעצט דאָס איבער אויף זיין לשון: „ליט־ראַבאָטניק" (ליטעראַטור־ארבעטער) און ווערט צו מיר נאָך מער צוגעלאָזן. ער רעדט מיט התלהבות וועגן שלום־עליכמען. ער דערציילט מיר, ווי אַזוי די יידן לייענען אים גערן, אַז עס איז דאָס איינציקע, וואָס איז דאָ פאַרבליבן פון יידישקייט — פאַר די יידן, וועלכע דאַוונען שוין נישט. ער חזרט מיר איבער דעם אינהאַלט פון עטלעכע זאַכן שלום־עליכמס, וואָס ער האָט ערשט לעצטנס געלעזן. ער האָט דאָס ביכל מיט זיך, אין רוסישער איבערזעצונג. ער קוויקט זיך און אַנטציקט זיך:

— איי־איי שלום־עליכם! א גאָני־אַלער שרייבער! א טיע־ער ייד! אַן אונזע־ריקער, אַן אוקראַינישער ייד! אונזער פּאַרטיי און פּראַוויטעלסטוואָ (רעגירונג), באַגינסטיקן אים, ער איז אַן אייגענער.

איך האַלט זיך נישט איין און גיב א פּלאַפּל ארויס:

— אָבער, ווען ער וואָלט היינט געלעבט, וואָלט ער אוודאי געווען אין די

מקומות א פאַרשיקטער, אַרעסטירטער. און טאַקע צוליב זיין אויסלאַכן. ער וואָלט דאָך געפונען פון וואָס צו לאַכן!

ער האָט זיך איבער־געשראָקן. זיך ארומגעקוקט, שנעל אויפגעשטאַנען און גע־דראָט מיר מיטן פינגער:

— אזוי טאָר מען נישט! איך וועל מער מיט אייך נישט רעדן! געדענקט, איך וועט מיאוס אָפּשניידן!

און איז אַראָפּ אין קאַיוטע צו זיינע חברים.

איך האָב געהאַט פאַרדרוס. פאַרוואָס זאָל איך זיך טאַקע נישט קאָנען איינ־האַלטן? אָבער געווען אויך צופרידן — אַראָפּגעוואָרפן פון זיך אַ שטיקעלע שטיין, עס איז געוואָרן אַ קאָפּ לייכטער.

ביסלעכווייז פאַלט איך אַלץ מער אָפּ פון די כוחות. דער קערפּער ווערט אויס־געדאַרט, דאָס פּנים איינגעפאַלן און אַרום מויל קומט שוין צו נאָך אַ קנייטש־פאַלב. האַלץ טראָגן מיר טאַקע שוין פיל מער ווי אין אָנהויב, אָבער די כוחות פאַרלאָזן און עס ווערט שווערער צו שטעלן די פיס.

עס קומט שוין צו רייבונגען אויך צווישן אונזערע אייגענע פינף. אוורעמעלע זאָגט שוין צו מיר מיט שטילן פאָרוואורף:

— איר זענט שוין שוואַך, רב משה, איר זעגט שוין קוים־קוים, איר ציט די זעג ווייניק אין אייער זייט און מיר קומט אויס צו זעגן פאַר אייך אויך.

איך פיל זיך דערפון געטראָפן. איך מיין, אַז עס איז נישט ריכטיק. איך באַמי זיך קיינמאָל נישט אָפּצושטיין פון מיין פאַרטנער. אָבער אויך מיין שוועגערין, ווען זי זעגט מיט מיר, זאָגט זי אויך דאָס זעלבע. מיר דוכט זיך אויס, אַז דאָס ווילן זיי מיר ספּעציעל דערמיט ווייטון, באַזונדערס מיין שוועגערין. דאָס נעמט זי אָפּ נקמה פאַר אַמאָליקע ציימן, פון ווארשע, ווען זיי האָט זיך געלעבט ערגער פון מיר און איך האָב זיי געשענקט צו־ווייניק אויפמערקזאַמקייט, זעלטן צו זיי ארויפגע־גאַנגען און קיינמאָל זיי נישט פאַרבעטן צו־גאַסט אין שטוב אריין. דאָס דערקען איך אויך אין דער מעשה מיטן שאַליקל. איך האָב מיט זיך אַ וויים, וואָלן שאַלעכל, וואָס איך טראָג עס שטענדיק אויפן האַלז, עס איז מיר דערמיט אַ סך וואַרימער. ער איז מיין טעכטערלס שאַלעכל. די לעצטע טעג האָט מיין שוועגערין דאָס שאַלעכל ביי מיר צוגענומען, איבערגענייט אויף אַ היטעלע און זי טראָגט עס אויפן קאָפּ. דאָס קאָסט מיך געזונט, פאַרשאַפט מיר צער. פאַרוואָס האָט זי דאָס איבערגענומען און טראָגט עס אויפן קאָפּ? פאַר איר איז דאָס נאָר אַ שטיקל שטאָף און פאַר מיר איז דאָס אַ טייער זאַך. אַז איך טראָג דאָס שאַלעכל אויפן האַלז, פיל איך נאָך מער דעם אָטעם פון מיין קינד. די שוועגערין האָט דאָס אַוודאי געטאָן אויף צו־להכעיס.

איך האָב אָנגעהויבן אַליין אָפּקאָכן דאָס ביסל גרויפּן. זאָל זי מיר נישט טון קיין טובה מיטן קאָכן. אָבער זי טרעט מיר וואָס אַמאָל מער אויף די פיס. עס קאָן זיין, אַז זי האָט אויף מיר פאַראיבל אויך דערפאַר, ווייל איך קוק קרום אויף איר האַלטונג, אירע גענגלעך לעצטנס. זי קאָקעטירט מיטן קאַפּיטאַן, מיטן שטורמאַן און האַלט זיך אַפשר צו נאָענט מיט איר קוזין. כאָטש בסך־הכל איז זי דאָך אַלט נײַנצן יאָר, אַ שיינינקע, אַ שטיפּעריקע און דאָס מאַנאָטאָנע און שווערע לעבן דאָ פירט זי אַרויס פון געדולד.

איך דערזע אין דעם אלעם א שלעכטן סימן. אויב עס הויבן זיך שוין אָן אינעווייניקסטע צאַנקערייען און סכסוכים, היימישע מחלוקתן, איז אַ סימן, אַז דאָס לעבן דאָ נעמט זיך שוין סטאַביליזירן, מען גלויבט שוין נישט אין קיין ענדערונג. עס שווימען ארוים די נאָרמאַלע, טאָג־טעגלעכע שטרייטן צווישן מענטשן אין זייער צוזאַמענלעבן.

ווען מען דאַרף „פּריטשאַלעווען", פאַרוואַרפן דעם קאַנאַט אויפן ברעג, אַראָפּשפּרינגען און ציען פאַר דעם אָנגעסמאָלעטן שטריק, פאַרפּאַטשקען מיר אונזערע מלבושים. די פרויען פאַרשמוצן זייערע קליידער. דאָס פאַרשאַפט זיי ווייטאָק און פאַ־דרוס. איינמאָל האָט אַן ארבעטער, וואָס איז געשטאַנען ביים ברעג, געזאָגט צו זיי:

— ווען איר וועט אפילו צען יאָר ארבעטן אַלס מאַטראָזן, וועט איר נישט קומען צו אַזעלכע שיינע קליידער ווי איר פאַרפּאַטשקעט איצט.

יענע־ האָט דאָס געזאָגט מיט מיטגעפיל, אָבער די רעשט ארבעטער ארום האָבן געלאַכט. זיי האָבן הנאה געהאַט דער־פון, וואָס אַזעלכע שיינע, יונגע פרויען טוען אַזאַ מיאוסע אַרבעט און זייערע שיינע קליידלעך ווערן איינגעשמירט מיט פעך און דזשעגעכץ.

אוורעמל איז אויסער זיך פון זייער געלעכטער, פון זייער קוקן אויף אונז מיט באַוווּנדערונג און שפּאָט. ער זאָגט צו זיך אַליין:

— מיר זיינען דאָ ווייסע שקלאַפן ביי די רויטע.

***

איך שרייב אַ בריוו צו מיין פרוי און טעכטערל. איך וויל ביים קינד נישט צונעמען דעם טרוים וועגן דעם שיינעם און אינטערעסאַנטן לעבן פון מאַטראָזן, וואָס מען האָט איר אַמאָל פאַרגעלייענט פון ביכלעך. איך שילדער פאַר איר ווי אַזוי איך קריך אויף אַ שטריק־לייטער צום מאַסט כדי אָנצוצינדן די לאַמטערן, ווי אַזוי מען רעדט אַראָפּ צום מאַשיניסט אונטן דורך אַ טרייבל, ווי אַזוי עס וואָיעט די סירענע, ווי אַזוי דער־ אַליאַרם־גלאָק רופט אונז צו דער וואַכטע. איך שרייב איר, אַז איך האַלט זיך פעסט, ביי געזונט און שרייב זיך אונטער:

„דיין בענקנדיקער טאַטע — משה מאַטראָז".

***

מיר דערנענטערן זיך צו אַרכאַנגעלסק. מיר זיינען שוין די זעקסטע וואָך אין וועג. עס שווימען שוין אייז־קריעס איפן טייך און דאָס פאָ־ן קומט אָן שווער. מען דאַרף איצט מער הייצן דעם מאַשין־קעסל. אונזער דאַמפּע־ דאַרף איצט נאָך שלעפּן מיט זיך טראַטוועס און אויפנעמען הונדערט ארעסטאַנטן און דערפירן זיי ביז אַרכאַנגעלסק.

דער קאַפּיטאַן רעדט זיך דורך מיטן קאָנוואָי און זיי באַפעלן גלייך, אַז אַלע הונדערט אַ־עסטאַנטן זאָלן אונז צוהעלפן אַ־ויפטראָגן האָלץ אויף דער שיף. פאַר זיי איז נישטאָ קיין נאָסילקעס און זיי טראָגן דאָס האָלץ אויף די הענט.

א ספּעציעל אָרט ווערט אָפּגעגעבן אויפן דאַמפּער פאַר די פיר ריזיקע אָוו־טשאַ־קע־הינט. זיי זיינען צוגעבונדן אויף קייטן, און די ספּעציעלע הונט־קאָמאַנדע מושטירט מיט זיי די טעגלעכע איבונגען.

איך זוך צווישן די אַרעסטאַנטן אַ יידיש פּנים. ביים טראָגן דאָס האָלץ געלינגט מיר צו כאַפּן מיט וועמען פון זיי אַ וואָרט, כאָטש דאָס איז שטרענג פאַרבאָטן. מיך אינטריגירט ספּעציעל איינער, וואָס טיילט זיך אויס פון אַנדערע מיט זיין איי־דעלן פּנים. ער טראָגט פּענסנע־ברילן. ער גייט קוים. ער איז שוין אַריבער די זעכ־ציק. איך פרעג אין איילעניש:

— פאַמיליע־נאָמען? נאַציאָנאַליטעט?

ניין, ער איז נישט קיין ייד. ער איז אַ רוסישער געלערנטער, אַ היסטאָריקער. צווישן זיי איז נאָר פאַראַן איין ייד. ער ווייזט מיר מיטן אַקסל אויף וועלכן. איך נעם יענעם פאַר אַ פּאַרטנער צו מיין נאָסילקע, כדי איך זאָל קאָנען כאַפּן מיט אים אַ וואָרט. איך דאַרף, אגב, זיינס אַן עצה אויך. איך האָב ביי זיך פעסט באַשלאָסן, אַז פון אַרכאַנגעלסק זאָל איך שוין נישט צוריקפאָרן, איך מוז פון דאָרט אַנטלויפן. אפשר וועט מיר געלינגען צוקומען קיין מאָסקווע און פון דאָרטן זיך דערשלאָגן קיין סלאָנים, צו מיין פרוי און קינד. דורך דעם גאַנצן וועג קיין אַרכאַנגעלסק פּלאָ־נעווע איך שוין וועגן אַנטלויפן.

דער יידישער אַרעסטאַנט איז פון מינסק. ער האָט אויף זיך אַן אורטייל פון אכט יאָר. מען האָט אים געכאַפּט האַנדלען מיט לעדער. ער זיצט שוין פיוף יאָר און האָט נאָך אָפּצוקומען דריי יאָר. ער עצהט מיך, ער בעט מיך ממש, אַז איך זאָל, חלילה, זיך נישט דערוועגן צו אַנטלויפן. מען וועט מיך אומעטום כאַפּן און דערמאָלט בין איך שוין אויף אייביק אַ פאַרלוירענער.

ער פרעגט ווי עס האַלט אין דער וועלט, צי עס זעט זיך נישט פאַר קיין מלחמה. איך קוק אים גוט אָן, וויל דערזען וואָס פאַר אַ טיפּ ייד דאָס איז, פון וואָס פאַר אַ סביבה — אָבער אוממעגלעך צו דערקענען, ווייל עס איז בכלל שווער צו דער־קענען, אַז ער איז אַ ייד. במעט אַלע אַרעסטאַנטן טראָגן בערד, אַ סך פון זיי האָבן טונקל־ברוינע אויגן, געהערן צו די מזרח־פעלקער. אַלע איז די זעלבע גרויע, אַלטע און צעריסענע פופייקעס און וואַטע־הויזן, אַלע אין די זעלבע גומי־שיך פון אייטאָ־רעדער, אַלע אין גרויע היטעלעך מיט קלאַפּן, וועלכע זיינען ענלעך צו ווייבערישע קאַפּקעס. אַ גרויע אַרמיי פון נעבעכדיקע רעשטל־מענטשן, וועלכע ראַ־טעווע; נאָך אָפּ עטלעכע פאַרשמוטבטע טעג ביים לעבן, ברעקלעך ברויט, ביסלעך קיפּיאַטאָק, אַ ביסל שלאָף — פאַרן פרייז פון שווערער אַרבעט, יסורים, קרעכצן און גוסס־צאַנקערייען.

זיי באַקומען פון זעקסהונדערט גראַם ברויט אַ טאָג און צו צוויי הערינג. אין עטאַפּ־וועג קריגן זיי נישט קיין זופּ.

וועגן פּאָליטיק, מלחמה, זאָג איך דעם יידן גאָרנישט. נישט איך ווייס אַ סך. און פון די איינצעלנע, אָפּגעהאַקטע ווערטער וואָס איך קאָן אים צוואַרפן ביי יעדן מאָל נעמען דאָס האָלץ, וועט ער סיי ווי גאָרנישט וויסן. און מיר דוכט זיך, אַז נישט נאָר דער קאָנוואָי גיט אַכטונג, אַז מען זאָל נישט רעדן, נאָר עס טוען דערויף

איך אכטונג די פיר אוטשארקע־הינט, וועלכע קוקן א־אפ פון דעק און זוכן און שמעקן ארום, ווי זיי וואלטן מוזן עפעס אויסגעפינען, ווי דאס וואלט געווען זייערס אן ענין.

*****

דעם זעקסטן נאוועמבער זיינען מיר אנגעקומען צום ארכאנגעלסקער פארט.

עס איז שוין געלעגן אין ביורא א בריוו פון מיין ברודער.

ער גיט איבער אויף א פארשטעלטן אופן ווי אזוי ער האט זיך דערשלאגן ביז ביאליסטאק. נאך מינסק, ביים שמוגלען די אמאליקע סאוויעטיש־פוילישע גרענעץ, האט מען אים געכאפט און איינגעזעצט. נאך צוויי טעג, האט מען אים ארויסגעלאזט. דער נאטשאלניק פון דער דא־טיקער מיליץ, א ייד, האט אים אלץ אויסגעפרעגט. ער האט דערציילט דעם גאנצן אמת — אז ער איז אנטלאפן פון פארשיקונג, אויב מען וועט אים צוריקשיקן — האט מיין ברודער זיך געבריה'ט — וועט ער ווידער אנטלויפן. ער האט אויסגענומען ביים נאטשאלניק מיט זיין פארהאלטן זיך און איז געווארן באפרייט. מען האט אים געשטעלט א באדינג, אז ער זאל בלייבן ארבעטן אין מינסק. וועט ער פרווון נאך אמאל גנבענען די גרענעץ, האט אים דער נאטשאלניק געווארנט — וועט מען אים דערשיסן פאר שפיאנאזש.

אויפן אנדערן טאג האט ער אויסגעפונען אין מינסק א שאפער, וועלכער פארט אויף דער שטרעקע מינסק - ביאליסטאק. ער האט אים אויסבאהאלטן אין אויטא, צווישן קעסטלעך און אים אריבערגעפירט.

ער גיט אן דעם נאמען און אדרעס פונם „פעטער" און עצהט זיין פרוי און מיך, אז מיר זאלן גלייך נאכטאן זיין ביישפיל.

די מאטראזן האבן זיך ארויסגעלאזט אין שטאט אריין און צוריקגעקומען מיט שנאפס. נאכן אויסטרינקען, האט דער קעסל־הייצער זיך צעשלאגן מיט פיעטקאן, צעקאליעטשעט און צעממיתט אים דאס גאנצע פנים. דאס איז דערפאר — זאגט דער קעסל־הייצער — ווייל פיעטקא מיט זיין ווייב, דוסיא, האבן די גאנצע צייט אראפגענגבעט פון די פאיאקן, וואס זיי האבן פאנאנדערגעטיילט צו די מאטראזן.

דער טייך איז שוין פארפרוירן. צוריקפארן מיט א דאמפער וועלן מיר שוין נישט קאנען. מיר וועלן דא ווינטערן אין די קאיוטעס, ביז דער קאפיטאן וועט מיט אונז צוריקפארן מיטן באן ביז קאטלאס. דארט וועט ער אונז איבערגעבן אין די הענט פון אונזער נאטשאלסטווע.

דערווייל וועלן מיר דא א־בעטן אין פארט און צוהעלפן ביים רעמאנטירן די שיף.

דעם קעסל־הייצער האט מען א־רעסטירט פאר צעשלאגן פיעטקאן. נאך אין דעם זעלבן טאג האט מען אים פא־משפט אויף א יאר טורמע.

איך האב זיך דורכגערעדט מיט מיין שווער און וועגן דעם פלאן צו אנטלויפן. זי וועט אנטלויפן די ערשטע. איך, צוליב מיין ווונד אין מאגן, וועל דא קענען

אויספּועלן מען זאָל מיך לייגן אין שפּיטאָל אַריין. פונם שפּיטאָל קען מיר שוין אָנ־קומען לייכטער דאָס אַנטלויפן.

איך בין אויפגעכאַפּט פול מיט האָפענונג ווען דער מענגלעכער באַפרייאונג, וועגן דעם מעגלעכקייט זיך ווידער צונויפצוקומען מיט מיין ווייב און קינד. אָבער איך בין פול מיט שרעק צוליב דעם געוואַגטן טריט — וואָרים טאָמער געלינגט עס נישט און מען כאַפּט מיך?!

און אַזוי הויב איך אָן אַריינגיין אין אַ נייעם פּעריאָד, וואָס פאַרכאַפּט מיך אינגאַנצן, באַהערשט מיך אינגאַנצן, באַהערשט מיינע רעיונות, מיין האַרץ, מיין יעדן טריט — דאָס פּיינלעכע געפיל פון האָפענונג און שרעק...

## אין אַרכאַנגעלסק

### קאַפּיטל א

פונם קאַפּיטאַן האָב איך באַקומען אַ „פּראָפּוסק" צו גיין אין שטאָט אַריין און אַ צעטל אין אַמבולאַטאָריע.

עס נעמט מיך אויף אַ יונגע דאָקטאָרין. מיר דוכט, אַז זי איז אַ ייִדישע. זי פרעגט מיך אויס פונוואַנען איך בין. איך בעט ביי איר מיך ריכטן אין אַ שפּיטאָל אַריין. מיין טעמפּעראַטור איז אָבער אַ צו־נידעריקע. לויט איר גוטער באַציונג צו מיר, לויט דעם מיטלייד־געפיל אין אירע אויגן, זע איך, אַז זי וויל מיר העלפן. זי שרייבט מיר אויס אַ באַפרייונג־ביולעטין אויף דריי טעג. בין איך איצט שוין נישט מחויב צו אַרבעטן. מיינע חברים אַרבעטן אין פּאָרט, העלפן אויסלאָדן פון דער שיף און ביים רעמאָנט.

איך ווייז מיין קאַפּיטאַן דעם ביולעטין. איך זאָג אים, אַז וואַרשיינלעך וועל איך די טעג אַוועק אין שפּיטאָל. ער רעכנט זיך מיט מיר אָפּ און צאָלט אויס די רעשט אַרבעטס־שכירות. ער רעכנט מיר אַראָפּ דרייסיק רובל פאַר אַ ליילעך. פאַר וואָס? איך האָב דאָך דאָס גלייך אין די ערשטע טעג צוריק אָפּגעגעבן דער ווירט־שאַפטלערין דוסיאַ? ווי נאָר עס איז געוואָרן שמוציק פון וואַנצן, האָב איך גענוצט מיינס אַן אייגן ליילעך. ער רופט דוסיאַן. זי ווייסט פון גאָרנישט. איך האָב איר קיין שום ליילעך נישט צוריקגעגעבן. דער בעסטער סימן — איך האָב נישט דערויף קיין קוויטאַנציע. ביים באַקומען פון איר דעם ליילעך האָב איך אונטערגעשריבן.

נו גיי ווייס, אַז ביים אָפּגעבן אַן אַלט, געלאַטעט ליילעך דאַרף מען אַן אונטער־שריפט. איך האָב באַצאָלט די דרייסיק רובל. איצט בין איך צופרידן וואָס דער קעסלהייצער האָט איר מאַן צעשלאָגן די מאָרדע פאַר אַראָפּגנבענען פון די פּאַיאָקן. זי אַליין איז אויך ווערט אַ פּאָר קלעפּ.

דער מעכאַניקער פון אונזער שיף, וואָלאָדיאַ, האָט געוווינט אין אַרכאַנגעלסק. אַ שטילער, ערלעכער יונג, וועלכער האָט מיט קיינעם נישט איינגעריסן, זיך נישט געקריגט און נישט געזידלט. אויף דער שיף האָט ער געהאַט מיט זיך עטלעכע ביכלעך, וואָס ער האָט געלייענט אין יעדער פרייער מינוט. וועגן אַלגעברע, אַסטראָנאָמיע און אַן אַלטן, שוין צעפליקטן, דיקן דעטעקטיוו־ראָמאַן וויסקאָפּס, דערשינענע נאָך אין די צאַרישע צייטן.

דער קאַפּיטאַן האָט זיך צו אים באַצויגן מיט מער רעספּעקט ווי צו אַנדערע און אים גערופן אויך מיטן פאָטערס נאָמען: „וואָלאָדיאַ מיכאַילאָוויטש".

וואָלאָדיאַ האָט מיך פאַרבעטן צו זיך אין שטוב אַריין אויף נאַכט־מאָלצייט. איך האָב מיטגעקויפט בראָנפן.

זיי האָבן געוווינט אין צוויי צימער. אין שטוב איז געווען זיין מאַמע און זעקס קינדער, פון אַ דריי־יאָריק ייִנגעלע ביז אַ דערוואַקסענער פרייליין. ער פלעגט מיר אָפט דערציילן אויף דער שיף וועגן זיינער אַ פרוי. ער האָט זי געמאָלט אין די שענסטע פאַרבן, געלויבט איר שיינקייט, גוטסקייט און אינטעליגענץ. איך האָב אָבער דאָ קיין שום פרוי נישט געזען. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָט ער די פרוי פשוט אויסגעטראַכט אין זיין פאַנטאַזיע, פּונקט ווי נאָך אַנדערע פאַקטן, וועלכע האָבן נישט געשטימט מיט זיין דערציילן. ער איז אָבער דער זעלביקער שטילער און גוטער וואָלאָדיאַ. די מאַמע און אַלע קינדער האָבן אים בסדר געצערטלט און פון אים נישט אָפּגעטרעטן.

די נאַכט, נאָכן אָפּעסן, בין איך שוין פאַרבליבן דאָרט שלאָפן.

איך בין אַוועק צום צווייטן מאָל אין אַמבולאַטאָריע. דאָס מאָל האָט די יונגע דאָקטאָרין שוין נישט געגעבן דעם טערמאָמעטער דער סאַניטאַרין, אַז זי זאָל מיר אָפּמעסטן די היץ; זי האָט דאָס שוין געטאָן אַליין, ביי זיך אין קאַבינעט. זי האָט מיר אַרייַנגעשריבן 38.5 היץ... איצט — זאָגט זי — וועט מען מיך שוין, וואַרשיינלעך, אָננעמען אין שפּיטאָל. עס איז פאַראַן אַ ספּעציעלער שפּיטאָל פאַר מאַטראָזן, וועלכער איז אין אַרכאַנגעלסק דער שענסטער און בעסטער.

אויף דער גאַס זוך איך ייִדישע פּנימער. עס איז אַ גרויסע און צעוואָרפענע שטאָט, איבער 300 טויזנט איינוווינער. נאָר דריי־פיר גאַסן אין צענטער האָבן אַ שטאָטישן אויסזען, די זייטיקע גאַסן שמעקן שוין מיט פּראָווינץ. דער טראַמוויי פאָרט דאָ אויף אַ שטרעקע פון דרייסיק קילאָמעטער, די פּעריפעריע איז אַ גרויסע. אויך דאָ זיינען הילצערנע טראָטואַרן און אין אַ סך ערטער דורכגעפוילט, איינגעבראָכן.

איך שטעל אָפּ אין גאַס עטלעכע עלטערע מענער, וואָס לויט זייער אויסזען דאַרפן זיי זיין ייִדן, און איך ווענד זיך צו זיי אין ייִדיש. קוקן זיי מיך בייז אָן, ענטפערן נישט און איילן שנעל אַוועק. איך גיב אָבער נישט אויף, קריך אין די זייטיקע גאַסן, גיי אַוועק צום באַזאַר. איך פאַרהאַלט ווידער איינעם אַזעלכן, וואָס לאָזט שוין נישט איבער קיין שום ספק, אַז ער איז אַ ייִד. איך פרעג אים שוין אין רוסיש:

— ווי יעווריי? (איר זייט אַ ייִד?).

גיט ער מיך מיט כעס אַ פּרעג צוריק: — נו?

גיי איך שוין איבער אויף ייִדיש:

— איך בין אַ פּוילישער ייִד, איך האָב געוואָלט ביי אייך עפּעס פרעגן.

גיט ער אַ מאַך מיט דער האַנט און אָן אַ וואָרט טראָגט ער זיך שנעל אָפּ.

# קאפיטל ב

און דאָך איז מיר געלונגען צו באַקענען זיך מיט עטלעכע יידן. זיי זענען פּראָסטע באַלעגאָלעס און שטייען מיט זייערע געשפּאַנען נישט ווייט פון פּאָרט. זיי זיינען נאָך דאָ פון יאָר 1929 און א טייל — פון 1937, פריי־אַרויסגעשיקטע (וואָל־נאָיאַ וויסילקאַ) פון ווייס־רוסלאַנד און אוקראַינע. זיי זיינען געוועזענע פערד־הענד־לער, וואַלד־סוחרים. זיי האָבן זיך דאָ איבערגעוואָרפן צו באַלעגאָלעריי. זיי געהערן צו אַן ארטעל פון פורמאַנעס, אָבער אין דער אמתן זיינען זיי זעלבשטענדיקע, צאָלן נאָר אָפּ די געהעריקע שטייערן דורכן אַרטעל.

זיי געהערן צו די בעסטע פאַרדינערס אין שטאָט. עס איז רעכט אריינצוכאַפּן דורכן טאָג א הונדערטער און אַמאָל אויך עטלעכע הונדערט רובל ריווח.

אויפן גאַס רעדן זיי צווישן זיך רוסיש, אָבער ביי זיך אין שטוב רעדן זיי יידיש. זיי זיינען געזונטע און קרעפּטיקע פאַרשוינען, האָבן ליב חברותא, גוט־ברור־דערשאַפט, און פירן א בריווחדיקן לעבן. זייערע קינדער לערנען אין אינסטיטוטן און ווערן דאָקטוירים און אינזשיניערן.

איך האָב געהאַט נאָך אין מיין פאַרמעגן עטלעכע ירושה־זאַכן: דריי זילבער־נע לעפל און גאָפּל און א גאָלדן קייטעלע. פאַרן גיין אין שפּיטאָל אריין האָב איך געוואָלט דאָס פאַרקויפן און דאָס געלט אָפּשיקן דער פרוי. איך האָב דאָס פאָרגע־שלאָגן די באַלעגאָלעס. דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז כאָטש זיי אַלע מאַכן א שנאַפּס צוזאַמען, האַלטן זיך פריינטלעך, דאָך היט זיך איינער פאַרן צווייטן. יע־דער פון זיי פּרעגט מיך, צי איך האָב עס שוין נישט געוויזן א צווייטן, צי איך האָב דאָרטן נישט געזאָגט, אַז איך גיי דערמיט אריין צו אים. אפילו די צוויי ברידער פון אָרשע האָבן זיך אויך אויסגעהיט איינער פאַרן אַנדערן. איך האָב נאָך געהאַט א שוועריקייט דערמיט, וואָס זיי האָבן באַדאַרפט פּרעגן מבינות צי דאָס קייטעלע איז אמתע גאָלד און די לעפל — ריכטיקע זילבער. זיי ווען דאָך צו קיינעם נישט גיין פרעגן וועגן דעם.

איך האָב זיך באַקענט מיט אַן אַלטן ייד, וועלכער האָט געשטאַמט פון וואַר־שע. ער איז פאַרשיקט געוואָרן פון דאָרטן נאָך אין יאָר 1905 פון דער צאַרישער מאַכט. נאָכן באַפרייט ווערן איז ער שוין פאַרבליבן דאָ וווינען. זיינער א קרוב איז טאַקע געווען צוזאַמען מיט אונז אין פּאָסיאָלעק. מיט דעם ייד איז מיר שוין לייכ־טער זיך צו פאַרשטענדיקן. ער האָט נאָך אפילו גערעדט טיילווייז מיט דעם וואַר־שעווער דיאַלעקט, נאָך געדענקט אַלע וואַרשעווער גאַסן. ער בעט מיך, אַז איך זאָל דערציילן פאַר זיינע קינדער וואָס פאַר א שיינע און פרעכטיקע שטאָט עס איז וואַר־שע. ער פרעגט מיך צי מען שפּילט נאָך „שולמית", „די באָבע יאַכנע". ער זינגט נאָך איצט אויס עטלעכע לידלעך פון די טעאַטער־שטיק. ער איז גערירט פון זיין אייגענעם געזאַנג.

ער איז אַן אַדמיניסטראַטאָר פון עטלעכע הייזער. דער עיקר פּרנסה האָט ער פון דער קו, וואָס ער האַלט אין קעמערל.

איך בין ביי אים געשלאָפן צוויי נעכט, כאָטש ער היט זיך דערמיט און איז איבערגעשראָקן. איך דאַרף אריינקומען אין שטוב און ארויסגיין, אַז קיינער פון די שכנים זאָל נישט באַמערקן.

מיין באַפרייונג־ביולעטין האָט זיך שוין געענדיקט און אין שפּיטאָל איז נאָך שווער אָנצוקומען, איך דאַרף נאָך וואַרטן עטלעכע טעג. דערווייל דאַרף איך צור־ריקגיין צו דער אַרבעט אין פּאַרט. איך וויל אָבער באַין־אופן שוין נישט צוריקגיין. איך האָב פאַרזוכט עטלעכע טעג פרייהייט. איך מוז אויספירן מיין געוואַגטן פּלאַן פון אַנטלויפן.

האָב איך זיך נאָך אַמאָל געטראָפן מיט וואָלאָדיאַן, געבעטן אַרויסנעמען פון דאַמפּער מיין אייזערן בעטל, דאָס רענצל מיט זאַכן און עס אַרויפנעמען צו זיך אין שטוב. דאָס אייזערנע בעטל שענק איך אים אַוועק, נאָך עטלעכע קליינינקייטן וועל איך אַוועקגעבן די קינדער, און דערפאַר זאָל איך קענען שלאָפן ביי זיי עטלעכע נעכט, ביז מען וועט מיך אויפנעמען אין שפּיטאָל. דעם קאַפּיטאַן דאַרף ער זאָגן, אַז איך ליג שוין אין שפּיטאָל.

איך באַקען זיך נאָך מיט אַ יידישער פרוי, אַ ווייב פון אַ באַלעגאָלע. איר מאַן זיצט שוין העכער א יאָר אין טורמע. מען האָט אים פאַרמשפּט אויף אַכט יאָר צוליב אַ מסירה פון אַ שכן. יענער האָט געהערט ווי איר מאַן האָט אַמאָל געזאָגט:
„וואָס קומט אַרויס דערפון, וואָס איך פאַרדין, אַז דאָס געלט איז דרעק".

דאָס ווייב שעלט נאָך איצט איר מאַן, אַז די צונג האָט אים באַדאַרפט פריער אָפּדאַרן, איידער ער האָט אַרויסגעזאָגט דאָס וואָרט. זי שיקט אים יעדן חודש אַ פּעקל עסן אין לאַגער אַריין. זי מאַטערט זיך דאָ מיט פינף קינדער, אָבער עס זייַנען נאָר דאָ איצט פיר קינדער, ווייל אויך דער עלטסטער זון זיצט אין תפיסה פאַר כוליגאַניזם. ווי זי גיט איבער, איז בלויז געווען די סיבה די, וואָס איר זון איז אין אַ זונטיק אַוועק אין אַ טאַנץ־זאַל. דאָרט האָט ער אויסגעכאַפּט ביי איינעם זיין טאַנץ־פּאַרטנערין און עס איז געקומען צו אַ זידלעריי. מען האָט איר דערציילט, אַז איר זון זאָל זיך האָבן געוואָרפן יענעם שלאָגן. דער קאָנקורענט האָט זיך אַרויס־געוויזן צו זיין אַ סליעדאָוואַטעל (אויספאָרשונג־ריכטער). פאַרשטייט איר דאָך שוין אַליין — זאָגט זי מיר — ווי אַזוי דער סליעדאָוואַטעל האָט צוגעפּוצט א „דיע־לע". ווער ווייסט וויפל דאָס יינגל וועט, נעבעך, באַקומען. חוץ כוליגאַניזם האָט ער אים צוגעשריבן נאָך עפּעס אַ פּאַראַגראַף — דער שוואַרץ־יאָר ווייסט אים וואָס דאָס איז פאַר אַ מין פּאַראַגראַף. דער זון האָט געהאַט פאַרטראָטן דעם טאַטן ביי די פערד און איז געווען איר גאַנצער פרנסה־געבער, איצט פוילט ער אין דער טורמע:

— אַז פוילן זאָל ער שוין אויף אַן אמת, דער כוליגאַן, וואָס קריכט צו שיקסעס!

איצט טרייבט זי אַליין אָן די פערד און מוז האָרעווען אויף חיונה פאַרן גאַנצן בני־בית. זי איז אָבער אַ היפּשע כוואַטסקע יידענע, מיט אַ שאַרף קולכל און מען ציטערט פאַר איר מער ווי פאַר אַ מאַנספּערשוין.

צו די קינדער רעדט זי רוסיש מיט יידישע ווערטער אַריינגעמישט:

— איך וועל אָנרייסן פאַר אַן אויער, אוביו נאַ סמערט (איך וועל הרגענען אויף טויט). טשעסטנאָיע לענינסקע! (אויף לענינישן ערן־וואָרט! — אַזוי שווערן זיך אָפּט קאָמסאָמאָלצעם).

זי דאַרף דאָס ביי מיר קויפן די לעפל־גאָפּל און קייטעלע. דאָס געלט — זאָגט זי — ווערט שנעל צעטרענצלט, וויל זי כאָטש האָבן א שטיקל ווערט־זאַך אין

שטיב, אויף דער שווארצער שעה. כאָטש איר גאַנץ לעבן איז, זאָגט זי, איין שוואַר־צע שעה.

זי דער־ציילט מיר וועגן אירם אַן אַלטער מומע אין אַמעריקע, וועלכע פלעגט איר אויף יעדן פּסח אַ־ריינשיקן אַ פּאָר דאָלער און שטאָף אויף אַן אָנצוג אָדער פּאַלטאָ. איינמאָל האָט זי איר צוגעשיקט עקסטרע הונדערט דאָלער, אַז פאַר דעם געלט זאָל מען שטעלן איר איצט־פאַרשטאָרבענעם ברודער אין סלוצק אַ מצבה און מען זאָל דינגען אַ ייִד, וואָס זאָל זאָגן קדיש.

דאָס איז געווען אין יאָר 1937. יענער גוטער יאָר! פאַרשטייט איר דאָך שוין! האָט מען אונז צוליב דעם גלייך פאַרשיקט אַהער.

זי וואָלט — זאָגט זי — נאָך דאָ געדונגען אַ קדיש, כאָטש אויף די יאָר־ציטן, נאָר דאָ וועסטו אַזאַ זאַך נישט קריגן. דעם רב מיטן שמש האָט מען נאָך פּאַר־אַיאָרן איינגעזעצט. דאָס יאָר האָט מען שוין צעשאָטן דאָס ייִדישע „גוטע אָרט״ מען דאַרף דאָרט בויען אַ זאַוואָד, מוז מען ייִדן שוין מקבר זיין אויף דער אַלגע־מיינער „קלאַדבישטשע״ (בית־עולם). עס איז דאָ נאָך איין רב, פון זשמערינקע, אַרבעט ער אַלס בוכהאַלטער. מען האָט אים נישט איינגעזעצט, מסתמא, אין זכות פון זיין זון, וואָס האָט חתונה געהאַט מיט אַ גויע און איז אַ גאַנצער מאַכער ביי דער וואָלאָסט (מאַכט).

זי האָט ביי מיר אָפּגעקויפט די זאַכן פאַר זיבן הונדערט רובל. זי האָט זיך מיט מיר לאַנג געדונגען. זי האָט מיך נאָכדעם מכבד געווען מיט אַ גלעזל משקה און מיר שטרענג אָנגעזאָגט, אַז איך זאָל זיך, חלילה, פאַר קיינעם נישט אַרויסכאַפּן וועגן דעם מסחר. זי איז שוין — זאָגט זי — גענוג געשטראָפט אַן דעם אויך. זי דאַ־ה איצט שוין טראָגן עסן אין טורמע אַריין פאַרן בנ'אָק אויך.

אַ גאַנצן טאָג זיץ איך אָפּ ביי וואָלאָדיען אין שטוב. איך טאָר זיך נישט ווייזן אויף דער גאַס, עס זאָל מיך נישט טרעפן דער קאַפּיטאַן, אָדער ווער פון דער מאַנ־שאַפט. איך בין שוין איצט אומלעגאַל, דער באַפרייונגס־שיין איז מיר שוין אויסגע־גאַנגען, איך בין אין ערגעץ נישט איינגעמאָלדן. איך בין שוין סיי־ווי באַדראָאָט פון אַ שטראָף פאַר „פּראָגול״ (פאַר פאַרשפּעטיקן אָדער נישט קומען צו דער אַר־בעט). קיין וועג צוריק איז שוין נישטאָ; איצט איז מיר שוין אויך לייכטער צו ריזיקירן.

## קאַפּיטל ג

פאַר קיינעם פון די אַ־כאַנגעלסקער ייִדן האָב איך מיין פּלאַן וועגן אַנט־לויפן נישט פאַרטרויט. האָב איך געפּ־ווט עטוואָס אַמאָל זייטיק צו פרעגן וועמען וועגן דעם ענין: ווי אַזוי מען קריגט בילעטן אויף דער באַן, צי מען פּאַר־קויפט יעדן איינעם — האָט דאָס באַלד ביי יענעם אַרויסגערופן אַזאַ פּחד, אַז איך האָב געמוזט גלייך פּאַ־גלעטן און צוריק־קע־עווען. איך מוז דאָך אָבער פּאָרט זיך מיט וועמען צונויפ־עדן, זיך אינפאָרמירן. אָבער ווו נעמט מען אַזעלכן מיט וועלכן מען זאָל קאָנען זיין אינטים און פאַ־טרוילעך? איך האָב זיך אָנגעהויבן נאָכפ־עגן אפשר וווינט דאָ ע־געץ אַ ייִדישער לערע־. צווישן די פּאָ־ הונדערט ייִדן, וועלכע וווינען אין דער שטאָט, וואָלט זיך דאָך באַדאַ־פט געפינען כאָטש איין לע־ע־.

יאָ, עס איז דאָ אזעלכער. אַ גאַנץ ווױלער מענטש, נאָר א מרוס, א בייזער, האָט פֿיינט מיט וועמען אויסצורעדן אַ וואָרט. ער שטאַמט אפֿילו — זאָגט מיר דער וואַרשעווער ייד — פֿון א פֿרומער היים, ווײל אָבער נישט רעדן מיט קיין ייד. ער זאָגט מיר זיין אַדרעס, ער הייסט וולאַדימיר פֿרענקעל. (ביי א טייל פֿון די באַשרײַבענע אין דעם בוך זענען זייערע נעמען בכיוון געביטן, כדי עס זאָל זיי, חלילה, נישט פֿאַרשאַטן קיין „בייז אויג"...)

איך בין אַוועק אויף דעם אָנגעוויזענעם אַדרעס, פֿאַר דער טיר איז געשטאַנען א מיטל־יאָריקער מאַן, אין ברילן און האָט געהאַקט האָלץ. איך הויב אָן מיט אים צו רעדן, גיכער שטאַמלען. ער איז איבערגעשראָקן — פֿון וואַנען ווייס איך זיין נאָמען? ווער האָט מיך צו אים געשיקט? איך זאָג אים, אז דאָ וויל איך נישט שטיין, זאָל ער מיט מיר אריינגיין אין שטוב.

די ערשטע ווערטער מיינע קלעבן זיך נישט, אָבער זיין היימישער, וואַרימער יידישער בליק גיט מיר צו מוט. די פֿרוי זיינע קומט אריין און ער אַנטשולדיקט זיך פֿאַר איר, בעט ביי איר, אַז זי זאָל אונז נישט שטערן, ארויסגיין אויף א ווײַלע.

איך זיץ ביים טיש און פּרוּוו דערציילן וועגן זיך. יעדעס מאָל מוז איך זיך אָפּשטעלן, זען וואָס פֿאַר אַן אָפּקלאַנג עס האָט, צי איך מעג רעדן ווייטער. איך ווער וואָס אַמאָל מיט אים אָפֿענער. ער גלעט מיין האַנט און מונטערט מיך: — דערציילט. דערציילט ווייטער.

אין צווישן־צייט ווייזט ער מיר עטלעכע יידישע ביכער און אויף איינעם איז אונטערגעשריבן דער מחבר אַליין. ער איז זיינער א יוגנט־חבר. ער רופֿט אריין זיין פֿרוי, גיט איר איבער בקיצור אַלץ וואָס איך האָב אים דערציילט וועגן זיך. איך באַווייז זיי א פֿאָטאָגראַפֿיע פֿון מיין ווייב און קינד. דאָס רופֿט ביי ביידע ארויס טרערן.

אין שטוב דרייט זיך ארום אַ קריסטלעכע רוימערקע. די פֿרוי רעדט צו איר מאַן רוסיש און וואַרפֿט אינמיטן אריין אויף יידיש:

— לאַו געדברט, די ערלטע קען זיין מבין!

מען פֿאַרבעט מיך מיטצוהאַלטן מיט זיי מיטאָג. די צוויי צימערן דאָ זיינען לייטישע, איינגעאָרדנט מיט מעבל. די פֿרוי איז אַ מוזיק־לערערין. קיין קינדער האָבן זיי נישט. איך זאָג זיך אָפּ פֿון מיטהאַלטן עסן, איך זאָג תּירוצים, נאָר זיי לאָזן מיך נישט אָפּ. דאָס ערשטע מאָל, נאָך אַ לאַנגער צייט, עס איך אַזאַ גוט און היימיש מאכל: לאָקשן מיט יויך און פֿלייש. דאָס ווירקט אויף מיר מער ווי דאָס עסן אַליין — איך דערפֿיל יידישע אַטמאָספֿער, היימישקייט, דעם גערוך פֿון די אַמאָליקע, נאָרמאַלע יאָרן.

ער איז שוין מיט מיר אינגאַנצן אָפֿן. ער איז א רבס אַ זון. געווען אַמאָל אַן אַקטיווער ציוניסט, קאָן גוט העברעיש, אפֿילו אַליין אַמאָל געשריבן שירים. אין יאָר 1929, ווען מען האָט אָנגעהויבן ארויסשיקן פֿון זיין שטאָט די אַלע נישט־געוווּנשענע עלעמענטן, האָט ער בחפֿזון אַליין געמאַכט דאָס פּעקל און אַוועק דאָ אַהער.

איך פּרוּוו אים אויספֿרעגן זיינע שטימונגען, ווי אַזוי ער פֿילט זיך דאָ, וואָס ער טראַכט, אָבער ער קלאַפּט מיר גוט־ברודעריש איבערן פּלייצע: — נאָך וואָס די אַלע קשיות, מיין טייערער? די תּפֿילה דאַרף זיין בלחש. שוין לאַנגע יאָרן, דאַנ־

קען גאָט, ווי איך האָב אויפגעהערט טראַכטן. ער (געמיינט סטאַלינען), טראַכט שוין פאַר אונז אַלעמען. פּטור געוואָרן פון קאָפּ־ברעכעניש. מה שלא יעשה השכל, יעשה הזמן.

פונדעסטוועגן וויל ער וויסן וואָס עס טוט זיך אויף דער יידישער וועלט. שוין אַזויפיל יאָרן און מען ווייסט נישט קיין וואָרט. אין שטאָט זיינען דאָ בלויז פאַר־גרעבטע יידן. די אייגלעך זיינען שוין נישטאָ. מוסרים אויף יעדן טריט. מוז מען זיין אָפּגעזונדערט, לעבן פאַר זיך און אַליין. ביי זיך אויפן געלעגער אויספּאַנ־טאַזירן דאָס יידישע לעבן אין דער וועלט. ער פאַרענדיקט מיט אַ טיפן קרעכץ:

— איי־איי — ארץ ישראל!

מאָרגן האָב איך שוין באַדאַרפט אַוועק אין שפּיטאָל אריין, מען האָט מיר שוין צוגעזאָגט. פרענקעל עצהט מיך צו זיין גוט פאָרזיכטיק מיט דעם אַנטלויפן, זאָל פריער אַוועק פון דאַנען מיין מאַנשאַפט מיטן קאַפּיטאַן, קיינער דאָ זאָל מיך נישט קענען.

אַזוי ווי עס איז מעגלעך. אַז אין שפּיטאָל זאָל מען איבער מיר דורכפירן אַ מאַנגן־אָפּעראַציע, איך וויים דאָך נישט מיט וואָס דאָס קאָן זיך ענדיקן, בעט איך איב אַז אויב עס וועט עפּעס געשען מיט מיר, זאָל ער צוזוויסן געבן מיין פרוי. די זאַכן, אַלענפאַלס מיינע ביכער און פאָטאָגראַפיעס, זאָל ער אין אַזאַ פאַל נעמען צו זיך.

ער האָט מיך געמונטערט, געטרייסט און מיר האָבן זיך געזעגנט ווי נאָענטע גוטע פריינט.

## קאַפּיטל ד

איך בין אַוועק צום וואָקזאַל און דאָרט אָפּגעגעבן מיין רענצל און אַ פּעקל אין דער קאַמער פאַר היטן פּאַסאַזשיר־באַגאַזש.

אומדערוואַרט האָב איך דער־זען אַ באַקאַנטן פון וואַרשע. דאָס איז וו. גאָ־דיק, דער פּאָפּולערער וואַרשעווער אַרטיסט. ער איז איצט דאָ געקומען מיט אַ רוסי־שער טרופּע אויף גאַסטראָלן. איך האָב געטראָגן אַ גרויס קאַזאַקיש ווינטער־היטל אויפן קאָפּ, דאָס פּנים ביי מיר איז, מסתמא, אויך געוועזן שוין גענוג פאַרענדערט. אַזוי אַז גאָדיק האָט מיך קוים דערקענט. ער איז אויך איבעראַשט געוואָרן פון דער־באַגעגעניש און מיר האָבן זיך ארומגעכאַפּט און צעקושט.

נאָך די ערשטע פּאָר ווערטער, האָב איך אים גלייך געגומען אויספרעגן צי איז נישט פאַראַן אַ מעגלעכקייט זיך מיטצוכאַפּן מיט דער טרופּע אין זייער וואַגאָן, ביים צוריקפאָרן קיין מאָסקווע.

פאַרנאַכט זאָל איך קומען צו אים אין האָטעל נאָך אַן ענטפער. פון אים בין איך געוואָר געוואָרן, אַז דאָ גאַסטראָלירט דער באַקאַנטער וואַרשעווער דזשאַז־אָרקעסטער. ער עצהט מיך אויך צו כאַפּן אַ רעד מיט דעם פירער פון אָרקעסטער — ער איז דאָך אַ היימישער, וואַרשעווער ייד.

איך בין גלייך אַוועק אין האָטעל, וווּ עס איז איינגעשטאַנען דער אָרקעסטער. מען האָט מיר, פאַרשטייט זיך, אָפּגעזאָגט. אַ פרוי פון אַ מוזיקאַנט, וועמענס מו־טער, אַ וואַרשעווערין, וווינט אויך איצט אין סלאָנים, האָט מיר צוגעזאָגט נאָך אי־בערצורעדן וועגן דעם מיטן דיריגענט. איך זאָל קומען מאָרגן פרי נאָך אַן ענטפע־

זי פאַרטרויט מיר דערביי, אַז זייער דיריגענט האָט שוין דאָ אַזאַ פאַל, דווקא מיט זיינעם אַ קרוב. יענער איז אַ יונגער דאָקטאָר, אויך אַ פאַרשיקטער אין דער געגנט. ער האָט געוווסט, אַז זיין פעטער דאַרף קומען מיטן אָרקעסטער קיין אַר־כאַנגעלסק, האָט ער און זיין פרוי זיך אָנגעשטעקט מיט אַ ווענערישער קראַנקהייט, כדי מען זאָל זיי איבערשיקן אין ארכאַנגעלסקער שפיטאָל. דער פעטער האָט זיי צוגעזאָגט מיטצונעמען. אַלצאיינס וועלן שוין מיט זיי מיטפאָרן צוויי געשמוגלטע, וועט זי פּרווון פועלן, אַז ער זאָל שוין אויך מיטנעמען אַ דריטן.

פאַרנאַכט בין איך אַוועק צו גאָדיקן. ניין, עס איז אוממעגלעך. ער פאַרענט־פערט זיך פאַר מיר:

— מיין ליבינקער, אונזער אָנפירער איז אַ מענטש מיט אַ „ברויט־ביכל״ (דאָס הייסט אַ פאַרטיי־בילעט) און מיט אים האָב איך אפילו מורא אָנצוהויבן רעדן וועגן אַזאַ זאַך.

איך האָב זיך מיט אים געזעגנט. ער האָט מיר צוגעזאָגט באַזוכן מיך אין שפיטאָל.

איך בין אַוועק אין אַ סטאָלאָוועקע עפעס אָפּעסן. ביי מיין טישל זיצט אַן עלטערע פרוי. עס קומען אָן יונגע קינדער פון שולע און זעצן זיך צום טיש. דאָ קריגט יעדער איינער הונדערט גראַם ברויט און אַ „וויניגרעט״ (אַ געמיש פון ירקות). די פרוי לייגט מיר פאָר, אַז מיר זאָלן זיך איבערזעצן צו אַן אַנדער טישל.

— פאַרוואָס?

— דערפאַר, ווייל עס זיצן דאָ קינדער. זיי עסן אָפּ און אַנטלויפן אָן באַצאָלט. נאָכער מאָנט מען דאָס אויף ביי די דערוואַקסענע וואָס זיצן ביים זעלבן טיש, מיר זענען פאַראַנטוואָרטלעך.

מיר זעצן זיך איבער. זי רעדט רוסיש מיט אַן אויסלענדישן אַקצענט. איך, ווי מיין טבע, פרעג זי באַלד ווער זי איז. מיט צוועלף יאָר צוריק איז זי געקומען צו־פאָרן פון האָלאַנד, צו קרובים. זי איז אָנ אָפּגעוועזן אַ צייט און ווען עס איז געקו־מען צום אַוועקפאָרן, האָט מען זי פאַרהאַלטן. מען האָט ביי איר צוגענומען דעם האָלענדישן פּאַס און זי פאַרשיקט אין דער געגנט אַלס „פרייע״. זי טאָר פון דאַנען נישט אַרויספאָרן און דאַרף יעדע זיבן טעג זיך מעלדן אין נ. ק. וו. ד.

איך האָב מורא געהאַט מיט איר צו פאַרפירן אַ שמועס און זיך שנעל אָפּגע־טראָגן. איך בין אַוועק „צו זיך אהיים״, צו וואָלאָדיען אין שטוב אריין.

עס איז מיר שוין אָנגעקומען שווער דאָס זיין דאָרט און נעכטיקן. איך האָב אַלעמאָל געמוזט צוזוכן אַן אַנדער תירוץ. איך בין צופרידן דערפון וואָס איך וועל שוין קאָנען זאָגן זיין מאַמען, אַז איך שלאָף שוין ביי איר די לעצטע נאַכט.

אין שטוב ביי אונז איז איצט גראַד אַ טומל. איר שוואָגער, דער סטאָליער, וועלכער איז אַלעמאָל שיכור און קומט דאָ אַרויף מאַכן אַוואַנטורעס, אָדער זיך אַוועקלייגן אויף דער פאָדלאָגע איבערשלאָפן, איז איצט אַרויפגעקומען נאָך מיט זיינעם אַ חבר, ביידע זיינען זיי טויט־שיכור, זידלען און קושן זיך.

ער נעמט זיך צו די קינדער. ער האָט זייער ליב זיין ברודערס קינדער. זיין יונגערער ברודער איז געשטאָרבן ביי 38 יאָר אויף סוכאָטע, האַלט ער די קינדער פאַר אייגענע. ער ברענגט זיי אָפט מתנות, נעמט זיי אַרום, קושט, מוסרט און צום סוף דערלאַנגט ער זיי קלעפּ. די קינדער רייסן זיך אַרויס פון אים מיט

א קווימשעריי. די עלטערע צוויי מיידלעך האָבן טענות צום פעטער, הלמאי ער קומט צו זיי אַרויף נאָך דעמאָלט ווען ער איז שיכור. ניכטערערהייט זעט מען אים קיינמאָל נישט. זאָל ער שוין בעסער גיין פונדאַנען און זיך נישט טשעפּען צו די קינדער. ער האַקט אָבער מיט דער פויסט אין טיש, שרייט און וויינט:

— איר האָט נישט קיין טאַטן! איך בין זיין עלטערער ברודער און איך בין אייער טאַטע! ווער זאָל אויף אייך אַכטונג געבן? ווער זאָל אייך דערלאַנגען אַ פּאַטער־לעכן קלאַפּ, אויב נישט איך?! עס איז מיין חוב אייך צו שלאָגן! איך מוז אייך דערציִען! איך בין אייער טאַטע! טאַטע! טאַטע!

און ער גיט אַ פאַל אויף דער פּאָדלאָגע, שלאָגט קאָפּ אָן דער ערד און וויינט.

איך שלייך זיך שטיל ארויס פון שטוב. איך וועל איבערוואַרטן אַ שעה־צוויי אין דרויסן, עס איז שוין דאָ מיין לעצטע נאַכט און ביי אַזאַ אַוואַנטורע קאָנען אָנלויפן שכנים, אפשר אויך מיליץ. נאָך ביז מאָרגן וועל איך זיין אַן אומלעגאַלער. און דאַן, נאָכן שפּיטאָל — וועט זיך אָנהויבן אַ נייער וועג. ריזיקע, סכנה און פּחד.

אפשר וועט מיר פאַרט אַלץ געלינגען? צו פאַרשפּילן קיין סך האָב איך נישט. אַ׳ן געווינען? — זיין צוזאַמען מיט מיין פרוי און קינד — וואָס דאַרף איך דען מער?!

# אין שפּיטאָל

## קאַפּיטל א

אויף יוצא זיין האָב איך נאָך אָפּגעטרעטן ביים אָנפירער פון דזשעז־אָרקעסטער, געוואויר ווערן דעם לעצטן ענטפער. דער דירעקטאָר פ. האָט זיך אַזוי דערפון אויפגערעגט, אַז ער איז שוין באַדאַי גרייט נישט מיטצונעמען זיין פּלימעניק און פרוי. איך האָב אים געבעטן דאָס נישט צו טון, זיך נישט אויפרעגן, זאָל ער זיי מיטנעמען, און איך וועל שוין גיין מיין וועג.

ביים אויפנעמען אין שפּיטאָל האָט מען נאָך אַמאָל געמאָסטן די היץ. איך בין געווען אָפּגעשוואַכט, דערשעפּט, פאַרקילט, אַזוי אַז דער טערמאָמעטער האָט געוויזן העכער 38 און איך בין גלייך באַשטעטיקט געוואָרן.

דאָ איז דאָס איינציקע אָרט ווו איך האָבן געזען אויפשריפטן אין אַ פרעמדער שפּראַך, אין ענגליש. אַזוי אויפן שילדל פאַרן טויער און אויך אינעווייניק אין די זאַלן.

אין אַרכאַנגעלסק, וואָס ליגט ביי אַן אָרעם פון ווייסן ים, קומען זייער אָפט אויסלענדישע שיפן און פאַרהאַלטן זיך דאָ לענגער אין פּאָרט. ווערט ווער קראַנק פון די אויסלענדישע מאַטראָזן, נעמט מען אים אויף אין דעם שפּיטאָל. דעריבער זיינען די אויפשריפטן דאָ אויך אין דער ענגלישער שפּראַך. דעריבער אויך די גאַנצע קאָמפאָרט־איינאָרדנונג. ־עכנט זיך עס טאַקע פאַרן בעסטן שפּיטאָל אין ־ע־ שטאָט און עס איז שווער אהער אָנצוקומען.

איך בין פאַרבליפט און גערירט פון דער אָרדנונג, זויבערקייט און פאַרהעלט־נישמעסיק גוטן עסן.

צום מיטאָג קומען די לייכטערע קראַנקע אין גרויסן עס־זאַל. ברויט ליגט אויפן טיש און מען קאָן עסן וויפיל מען וויל. די מאָגן־קראַנקע, וועלכע טאָרן נישט עסן קיין שוואַרץ ברויט, באַקומען צו צוויי ווייסע סוכאַרעס. צוויי מאָל אין וואָך — פליייש. צום אָנבייסן — ברויט, פוטער און קאַווע. זונטיק גיט מען נאָך צו אַ שטיקל קאָנסערווירטן קעז.

פאַראַן דאָ אַ ביבליאָטעקל מיט ביכער, איבערגעזעצטע אויך פון פרעמדע שפּראַכן, פון דער קלאַסישער, אייראָפּעאישער ליטעראַטור. אויך צייטונגען און זשורנאַלן. איך האָב זיך דערמיט שטאַרק איבערגענומען. נאָך דעם האַלבן יאָר פּיין און וואַגלעניש — אַריינגעפאַלן אין אַ סאַנאַטאָריע, ווו מען דערפילט זיך ווידער צוריק אַלס מענטש! די באַציונג איז אַ קאָרעקטע, אַ העפלעכע.

אמת טאַקע נישט צו אַלע. צו מיין שכן, אַן אַלטן פּאַרט־אַרבעטער, וועלכער איז ערשט נאָך אַ שווערער אָפּעראַציע, האָבן די סאַניטאַרינס זיך געווענדעט צו אים „פער דו", אים אָפט גראָב אָפּגעענטפערט. אָבער נישט דער אָרדינאַטאָר, און נישט די עלטסטע דאָקטאָרין. עס האָט מיך געוווּנדערט אויף די אויסנאַמען: מיט אַ טייל קראַנקע באַגייט מען זיך בעסער און איידעלער און דווקא מיט דעם אַלטן אַרבעטער — אַנדערש.

די איינציקע איז געווען די סאַניטאַרין מאַרפאַ, אַן עלטערע אוקראַינישע פרייילין — זי האָט זיך באַצויגן צו אַלעמען גלייך. מיט פאַרשטענדעניש, מיטלייד, זאָרגפול. זי האָט ליב צו שמועסן מיט די קראַנקע, דערלעדיקט פאַר זיי שליחותן, טראָגט אָפּ זייערע בריוו, קויפט פּאַפּיראָסן און גייט אַמאָל אויך צו דער פאַמיליע פון דעם קראַנקן איבערגעבן אַ גרוס.

מאַרפאַ דערציילט מיר אַ סך וועגן איר פאַרברענגען אין גרוזיע. זי איז נאַאיוו, אוממיטלבאַר, גוטהאַרציק. ביי יעדער קלייניקייט לאַכט זי. אין גרוזיע — דער־ציילט זי מיט אַ טאָן פון אַ קינדער־מעשהלע — זיינען די מענער שרעקלעכע. זיי זיינען מוראַדיק אייפערזיכטיק, און טאָמער כאַפּן זיי זייער פרוי ביי אַ פאַראַט, דערשיסן זיי אָדער דערשטעכן זי גלייך אויפן אָרט. קיינער וווּנדערט זיך שוין נישט, ווען עס קומט צו לויפן צו דער אָטשערעד, אָדער אין מאַגאַזין, אַ גרוזינער, ציט אַרויס זיין פרוי ביי די האָר און דערשטעכט זי אויפן אָרט. דאָס טוען אפילו אויך פאַרטיי־מענטשן און נאַטשאַלניקעס. אויב זיי האָבן נאָר איין אָדער צוויי עדות וועגן דער פרויס פאַראַט, פאַרפירט מען זעלטן קעגן אים אַ פּראָצעס.

איר לייגט זיך גאָרנישט אויפן שכל דער גאַנצער ענין — אייפערזוכט. צוליב וואָס? וואָס איז דען דער גאַנצער ענין געשלעכט־לעבן, אַז עס זאָל לוינען צוליב דעם הרגענען אַ מענטש? אָט איז זי שוין אַלט 34 יאָר און נאָך מיט קיין מאַן נישט פאַרבראַכט — עס קומט עפּעס נישט אויס. טאָ איז וואָס?

אין מיטן דערינען צעלאַכט זי זיך ברוסטיק:

— צוליב אַזאַ נאַרישקייט, געשלעכט, וועל איך זיך איינרייסן? אומברענגען?!

זי באַקוקט די בראָשור, וואָס ליגט ביי מיין בעט. עס איז פרידריך ענגעלס: וועגן לודוויק פייערבאַך. זי מישט די בלעטלעך, כאַפּט לייענען אַ שורה און ווערט ראַפּטעם טרויעריקער. זי קוקט זיך אַרום, פילט זיך זשענירט; זי וויל, זע איך,

עפּעס פרעגן און ווייסט נישט ווי אַזוי. איך באַמערק איר אומדרייסטקייט און וויל איר אַרויסהעלפן. איך פרעג איר, צי זי האָט ליב צו לייענען ביכער און וואָסערע.

זי רעדט אַצינד שוין אינגאַנצן שטיל און פאַרטראַכט. יאָ, זי לייענט ביכלעך, גייט אַמאָל אויף פּאָליטישע רעפעראַטן. נאָר איין ביכל האָט זי געלייענט, וואָס האָט זי אינגאַנצן צענומען. טאַקע אַ בוך פון חבר ענגעלס, וועגן פאַרצייטיקן פאַמיליען־לעבן. דאָרט שרייבט זיך, אַז אַמאָל, אַמאָל, אין יענע אַלטע צייטן, פלעגט אַ שוועסטער אויך חתונה האָבן מיט אַן אייגענעם ברודער.

איר שטים ווערט נאָך שטילער און קורץ־אָטעמדיק:

— עס וווינט דאָ אין שטאָט איר אייגציקער ברודער. ער איז מיט דריי יאָר עלטער פון איר. אויך נאָך אַ בחור. ער איז אַן איינזאַמער מענטש, אַן אָפּגעלאָזענער, אַ שווייגער. ווי ער קומט נאָר אַהיים ביינאַכט פון דער אַרבעט, זעצט ער זיך גלייך אַוועק צו די ביכער. ער לייענט ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין. לייענט און לייענט, נעמט זיך אַרויס די אויגן. דעריבער, מסתמא, איז ער אַזאַ שוואַכער און קרענקלעכער. — דער ברודער האָט זיך אַמאָל צוגעזעצט צו מיר אויפן בעט און פאַרגעלייענט דאָס גאַנצע ביכל פון דעם חבר ענגעלס. ער האָט מיך געפרעגט, צי איך וואָלט מסכים געווען צו לעבן אַזוי ווי אַמאָל, אַ ברודער מיט אַ שוועסטער. איך האָב אים דעמאָלט נישט געענטפערט, איך האָב זיך דערפון איבערגעשראָקן און זיך איבערגערעקט מיט דער קאָלדרע. אָבער פון דעמאָלט אָן האַלט איך אין איין טראַכטן וועגן דעם. פאַרוואָס דאַרף היינט זיין אַנדערש און ערגער פון אַמאָל?

זי פרעגט ביי מיר אַ מיינונג, אַן עצה.

איך האָב זיך באַמיט נישט איבעראַשט צו ווערן. איך האָב געזוכט ווי אַזוי איר צו ענטפערן, אַז זי זאָל זיך נישט פילן געטראָפן און באַליידיקט. מאַרפּאַ, מיט איר נאַאיוון, קינדערישן בליק, מיט איר גוטסקייט און פּשטות, פאַרדינט נישט קיין קרום וואָרט.

## קאַפּיטל ב

איך האָב שוין דורכגעלייענט עטלעכע בענדער פון באַלזאַקן, נאָך אַמאָל איבערגעלייענט סטענדהאַלס „רויט און שוואַרץ", אַלע דראַמעס ראָמען ראָלאַנס, אָבער דער־פרייט און דערקוויקט מיך האָט פאָרט אונזער היימישער און גרויסער שלום עליכם. דאָ איז געווען אויף רוסיש „בלאָנדזשענדע שטערן", וואָס איך האָב איבער־געלייענט אין איין אָטעם. עס איז מיר פּשוט אַ שאָד געווען דאָס שנעלע דורכלייענען און שיידן זיך מיט דעם בוך.

איך האָב עס געגעבן צו לייענען מיין שכן, אַן 18־יעריקן קאָמסאָמאָליץ. ער איז געווען ציפרידן באַלד פון די ערשטע זייטלעך. ער האָט זיך געפרייט מיט דער באַשרייבונג, ווי אַזוי די מאַמע גייט איינקויפן אין מאַרק, וואָס פאַרא גוטע און געשמאַקע זאַכן זי קויפט אַלץ איין. און עס זיינען דאָרט אויך אָנגעגעבן די פרייזן. ער קאָן נישט פאַרשטיין ווי אַזוי עס האָט אַמאָל געקאָנט קאָסטן אַזוי ביליק און מען האָט אַלץ געקריגן. ער זאָגט מיט שטוינונג:

— פאַר איין „פיאַטאַקל" האָט מען דאָך געקאָנט לעבן אַ גאַנצן טאָג! מען האָט דאָך צ־ָאָל נישט באַדאַרפט אַרבעטן.

איך ענטפער אים אָפּ מיט אַ פאָלקסווערטל:

— וואָס קומט אַרויס, אַז דער אָקס קאָסט נאָר אַ גראָשן, אַז דער גראָשן איז נישטאָ.

איך זאָג אים נאָך, אַז דאָס איז דווקא נישט וויכטיק אין דעם בוך, אַז ער זאָל לייענען ווייטער. נאָר ער בורטשעט עפּעס צו זיך אַליין:

— ווו איז דער גראָשן און ווו איז דער אָקס?

פאַרטאָג, גלייך ווי איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, איז ער אַראָפּ פון בעט, צוגע־לאָפן צו מיר און היים באַדאַנקט:

— אַזעלכעס האָב איך נאָך קיינמאָל נישט געלייענט! איך האָב עס איינגע־שלונגען מיט איינמאָל. איך האָב אַוועקגעלייגט טאָלסטאָיס „אַננאַ קאַרענינאַ". עס איז מיר אַ דאגה זייערע פּריצישע שטיק? און אַריינגעכאַפּט דעם „שאָלעמאַליכעם". ער וועט בעטן ביי דער ביבליאָטעקאַרשע, אַז זי זאָל פאַרשאַפן נאָך ווערק פון דעם אויטאָר. ער שרייבט אַזוי צום האַרצן, ווי ער וואָלט אַליין געווען אַ יונגל אין מיינע יאָרן.

***

אין לייען־זאַל זיינען אויך פאַראַן פּאָפּולערע בראָשורן וועגן מעדיצין. איך נעם לייענען אַ ביכל וועגן מאַלאַריע. אין דער געגנט איז די דאָזיקע חולאת שטאַרק פאַרשפּרייט. דער אויטאָר פון דעם ביכל איז אַ געוויסער דר. שאַפּיראָ. אין דער הקדמה שרייבט ער:

„אַלע מלוכהשע געזונטהייטס־אָרגאַנען דאַרפן אָפּגעבן אַ סך מי, כדי צו באַקעמפן די שווערע קראַנקהייט. וועגן דעם האָט געזאָגט דער חבר סטאַלין אַליין: „מאַלאַריע איז אַן ערנסטע און שווערע קראַנקהייט, וועלכע רייסט אָפּ אַ סך מענטשן פון זייער אַרבעט. מען דאַרף איר דעריבער שענקען די געהעריקע אויפ־מערקזאַמקייט. די מאַלאַריע־קראַנקהייט מוז ערנסט באַקעמפט ווערן".

נאָך שלום־עליכמן ווערט זייער אומעטיק פון אַזאַ מין הקדמה־לעקטור. דערנאָך האָב איך שוין געזען, אַז ס'רוב ביכער זיינען פאַרזען מיט הקדמות, אין וועלכע עס ווערט אויף אַזאַ אָדער אַנדערן אופן דערמאָנט דער נאָמען פון דעם פירער. פאַרדראָסן האָט מיך אויך, וואָס מען פאָדערט צו באַקעמפן די מאַלאַריע דערפאַר, ווייל זי רייסט אָפּ די מענטשן פון דער אַרבעט.

עס קומען ווידער אָן מחשבות וועגן אייגענעם גורל. דאָס זיין אין שפּיטאָל וועט זיך ענדיקן, איז אָדער מען וועט דאַרפן צוריקגיין צו דער שווערער אַרבעט, אָדער עס קאָן זיך ענדיקן מיט נאָך עפּעס ערגערס...

## קאַפּיטל ג

עס זיינען דאָ אין שפּיטאָל אויך צוויי יידן. איינער אַרבעט דאָ אַלס פריזירער, שערט און גאָלט די קראַנקע. דער צווייטער איז אַ שיפס־מעכאַניקער, אַ ייד פון אָדעס, ער איז נישט לאַנג נאָך אַן אָפּעראַציע.

ווי געוויינלעך, ווילן זיי אויך וויסן און הערן ווי אַזוי עס האָט זיך אונז גע־לעבט אין פּוילן. דער פריזירער וויל וויסן צו ביי די פּוילישע יידן קורסירן אויך אַרום אַזעלכע קלאַנגען וועגן די קומענדיקע פּאָר יאָר. פון אַ היגן ייד, וואָס קען זיך גוט אין די קליינע אותיות, האָט ער אַליין געהערט, אַז עס שטייט בפירוש גע־

שריבן, אין אַ ספרל, אַז אין יאָר 1942, בשנת תש"ב. וואָס עס לייענט זיך אויך שבת, וועט די גאַנצע וועלט זיין אַרומגעכאַפּט מיט אַ פייער פון מלחמה. די לעצטע און אַנטשיידנדיקע שלאַכט וועט פאָרקומען אין יאָר 1944, ביים טייך טיבר, אין איטאַליע. עס וועט זיין די לעצטע מלחמה צווישן גוג ומגוג, זיי וועלן זיך פאַרניכטן איינער דעם אַנדערן און די יידן וועלן ווערן אויסגעלייזט. עס וועט קומען איינער וו ראָדיע (אַזאַ מין) אַ משיח און אייביקער שלום וועט שוין הערשן אויף דער וועלט. די יידן וועלן קריגן אַן אייגענע מלוכה און אונזער תורה וועט זיך אויסשפּרייטן איבער דער גאָרער וועלט.

דער מעכאַניקער פון אָדעס גלויבט נישט אין די מעשיות. אונזערע — זאָגט ער — וועלן דערצו נישט דערלאָזן. מיר זיינען שוין אַריין אין די באַלטישע לענדער, מיר שטייען ביים בוג, מיר זיינען אין וויבאָרג (פינלאַנד). האָבן מיר זיך נאָר איינמאָל אַ ריר געטאָן פון אָרט, וועלן מיר זיך שוין רירן ווייטער. דער אַפּעטיט קומט מיטן עסן. אונזערע וויסן נישט קיין חכמות. אונזער סטאַלין איז אַזאַ חכם און פאַרביסענער, אַז ער וועט שוין מיט אייערע בורזשויען לערנען דעם פּסוק „דאַוואַי נאַזאַד!" (פאַרנעם זיך אויף צוריק!).

יאָ, דער פריזירער איז שוין אויך דערמיט מסכים.

איך פרעג זיי אָבער דאָס מייניקע:

— ווען, מיינט איר, וועלן מיר באַפרייט ווערן און ווערן צוריקגעשיקט קיין פּוילן?

ניין. אַזאַ געלעכטער האָב איך נאָך נישט געהערט. דער פריזירער האָט זיך אַזוי צעכאָכאָטשעט, געכאַפּט זיך פאַר די זייטן, עס זיינען אים אַראָפּגעפאַלן די ברילן. ער לאַכט משוגעוואַטע און קלאַפּט דעם מעכאַניקער איבערן פּלייצע:

— יעפים יאַקאָוולעוויטש! ווען וועט ער זיין צוריק אין פּוילן?! ער וועט זיין אין פּוילן! איך שטאַרב פון געלעכטער! פּוילן! זיי וועלן פריער פּוילן, איידער עס וועט צוריק זיין אַ פּוילן! זיי ווילן קיין פּוילן, אַ מענטש אַ טשודאַק!

דער מעכאַניקער איז נאָך אָפּגעשוואַכט און קאָן נאָך נישט לאַכן, קלאַפּט ער מיט די דאָמינע־ביינדלעך איבערן טיש, לאַכט מיט די אויגן, דרייט מיטן קאָפּ, וויל לאַכן און כאַפּט זיך פאַר דער ברוסט:

— דיעטסקיע גלופּאָסטי (קינדערישע נאַרישקייטן), מיין ליבער ייד! איר זעט איצט אייערע אויערן? אַזוי וועט איר שוין זען אייער פּוילן! שלאָגט אייך אַרויס די נאַרישקייטן פון קאָפּ. וואָרים איר וועט זיין אַ פאַרפאַלענער מענטש. ביי אונז איז נישטאָ קיין צוריק!

## קאַפּיטל ד

מען האָט מיר שוין געמאַכט עטלעכע רענטגען־דורכלייכטונגען. פאַראַן ביי מיר סימנים פון אַ ווונד אויף דער צוועלף־פינגער־דאַרם, אָבער זי איז שוין אויסגעטריקנט און כמעט פאַרהיילט. קיין אָפּעראַציע איז נישט נויטיק. עס וועט גענוג זיין אַ צען סעאַנסן מיט עלעקטרישע באַשטראַלונגען, שטרענגע דיעטע און נישט

ארבעטן — וועט די ווונד זיך נישט באַנייען. דערווייל קאָן איך נאָך ליגן דאָ אין שפּיטאָל און זיך קורירן.

איך האָב געשיקט פון דאַנען אַ בריוו צו אַ יידיש־סאָוויעטישן שרייבער. איך בעט אים, אפשר קאָן ער אויספועלן, אז איך זאָל קומען צופאָרן כאָטש צייטווייליק קיין מאָסקווע. פון דאָרטן, האָב איך גערעכנט, וועט מיר אפשר זיין לייכטער זיך צו דערשלאָגן קיין סלאָנים. זאָל זיין באַדאַי אויף עטלעכע טעג. זיך זעען בלויז מיט פרוי און קינד. אוודאי, אויב עס וועט מיר געראָטן, און קיינער וועט דערפון נישט ליידן, וועל איך אוועק פון דאָרטן אין אַ דאָרף אָדער אין אַ קליין שטעטעלע, טווישן דעם נאָמען, זיך שטעלן אַרבעטן ביי וואָס עס איז און שוין נישט צוריק־פאָרן. יענער שרייבער האָט מיר אָפּגעענטפערט פון מאָסקווע מיט אַ טעלעגראַמע, מיר געוווּנטשן גיך געזונט ווערן און זאָגט צו באַמיען זיך וועגן אַ דערלויבעניש אַראָפּצוקומען אויף עטלעכע טעג קיין מאָסקווע.

פון דעם זעלבן שרייבער האָב איך נאָך געקריגן אַ קאַרטל אויפן פּאָסיאָלעק. ער האָט מיך דאָן געטרייסט און צוגעגעבן מוט צום איבערהאַלטן און אויסדויערן. פון זיין זייט איז דאָס געווען אַ געוואַגטע זאַך. ער האָט דערמיט באַוויזן, אז מיט־געפיל צו מענטשן האָט זיך ביי אים נאָך נישט אויסגעלאָזט, כאָטש עס ווערט יעדע מינוט געלאָשן און פארדרענגט דורך דעם אייביקן פּחד.

**
*

אין אַ זונטיק זיינען געקומען צו מיר אויף באַזוך אין שפּיטאָל אַריין מיין שוועגערין, איר קוזין אוורעמל און דאָס פּאָרפּאָלק ברייטמאַן — די מאַטראָזן פון דער שיף „טשאַיקאַ". זיי פאָרן מאָרגן צוריק מיטן קאַפּיטאַן קיין קאַטלאַס. נאָר מיין שוועגערין נישט. זי האָט זיך שוין פארשאַפט אַ בילעט ביז סמאָלענסק און היינט ביינאַכט וועט זי אַנטלויפן. זי האָט דערהאַלטן פאַר מיר פונם פעטער ר' לייזער בערנשטיין, אַ פּראָדוקטן־פּאַקעט. עס איז דאָרט דאָ ווורשט און צוקערלעך. דאָס וועט איר צונוץ קומען אין וועג, מכבד צו זיין די מיט־פּאַסאַזשירן אין באַן, כדי צו געווינען זייער סימפּאַטיע.

עס איז געקומען צו מיר, אין דער זעלבער שעה, וולאַדימיר פּרענקעל. ער האָט זיך דערפילט זייער שלעכט, ווען ער האָט דערזען די איבעריקע געקומענע צו מיר. דאָס וועט דערוועקן פארדאַכט אויף אים. עס וועט וווּנדערן, וואָס דער לערער פּרענקעל, האָט דאָ צו טון ביי אַ פּוילישן. ער האָט מיר מיטגעבראַכט אַ גרויסן פּאַקעט מיט מתּנות: ווייסע חלה, קיכלעך, מילך, צוקערלעך, פּאַפּיראָסן און שוועבעלעך. איך בין שטאַרק גערירט פון זיין באַזוך. ציטער אָבער פאַר זיין גורל. עס זאָלן אים דאָ כאָטש נישט באַגעגענען קיין באַקאַנטע. איך האָב אים נישט לאַנג אויפגעהאַלטן, אָבער געוואָלט אים באַווייזן עפּעס וויכטיקס. איך האָב דאָס ספּעציעל באַהאַלטן אויפן פאַל, ווען ער וועט קומען צו מיר. דאָס איז דער רוסישער אילוסטרירטער זשורנאַל „נאַ סטראַיקע". ער ווערט אַ סך פארשפּרייט אין אויסלאַנד. אויף דער לעצטער זייט זיינען דאָרט אָנגעגעבן די אַדרעסן פון די צייטונגס־אַגענטורן אין אויסלאַנד, וועלכע פארשפּרייטן דעם זשורנאַל. איז צווישן די אַדרעסן אויך אָנגעגעבן:

„תל־אביב, אחד־העם־גאַס".

איך האָב געוווסט, אַז דאָס וועט אים רירן, פּונקט ווי עס האָט מיך גערירט, כאָטש מיט אַנדערטהאַלבן יאָר צוריק, האָב איך נאָך גענוג געלייענט וועגן ארץ־יש־אל, און מיט אַכט יאָר צוריק אַליין דאָ־טן געווען.

ער האָט אַ כאַפּ געטאָן דעם זשורנאַל מיט ביידע הענט:

— גיט אים מיר אַוועק, איך וועל עס גלייך ווייזן מיין פרוי.

מיר זיינען אַוועק אין אַ ווינקל. זיך אָפּגעזעגנט און זיך היים צעקושט.

נאָך זיין אַוועקגיין האָב איך געטראַכט, אַז מסתמא עקזיסטירט די וועלט נאָר בלויז אין זכות פון אַזעלכע יחידים־צדיקים.

## ק אַ פּ י ט ל ה

איך האָב באַקומען אַ בריוו פון מיין פרוי און טעכטערל. די קליינע האָט אויך בייגעלייגט אַ בילדל, געמאָלן מיט וואַסער־פאַרבן, וואָס שטעלט פאָר אַ שיף מיט קוימענס און אַ מאַטראָז שטייט אויף אַ שטריק־לייטער און צינדט אָן אַ לאַמטערן. דאָס איז אוודאי אַן אילוסטראַציע צו מיין בריוו פון דאַמפּער.

עס איז שוין אין די ערשטע טעג דעצעמבער. עס קומט אַריין די אָרדינאַטאָרין און זי אַליין אונטערזוכט מיך. איך פרעג זיך ביי איר,צי איך וואָלט שוין געקענט זיך אויסשרייבן פון שפּיטאָל. זי קוקט אויף מיר מיט מיטגעפיל און צאַרטקייט. זי קוקט זיך אַרום און זאָגט ווי צו דער וואַנט:

— איך האָב אייך שוין באַדאַרפט פון לאַנג אויסשרייבן. איך האָב אייך געהאַלטן דאָ, כדי איר זאָלט אַביסל קומען צו־זיך. איך ווייס דאָך וואָס אייך דערוואַרט דאָרט אין קאַטלאַס, איר פאַרשטייט דאָך אַליין.

איך האָב זיך פאַרשעמט. איך האָב גאָר נישט געוווסט, אַז זי האָט מיך געהאַלטן דאָ, נאָר אויסן־זייענדיק מיין טובה.

— איצט, אַז איר אַליין ווילט זיך שוין אויסשרייבן, ליגט צו נאָך אַ דריי טעג, נעמט אָן כוחות, ווייל איר וועט שוין זעלטן האָבן אַזאַ געלעגנהייט.

איך האָב ע־שט געזען, אַז מען טאָר נישט אורטיילן מענטשן לויט דער ערשטער האַלטונג, ווייל זי איז דווקא געווען אַ שטרענגע און אפילו אַ בייזע.

מאַרפאַ, וועמען איך האָב געפּע־עגט וועגן דער אָרדינאַטאָרין, צי זי איז אַ גוטער מענטש, פונוואַנען זי שטאַמט, צי זי פירט אַ פאַמיליען־לעבן — האָט מיר בסוד איבערגעגעבן, אַז זי איז געקומען פון לענינגראַד קיין אַרכאַנגעלסק צוליב איר מאַן. ער איז אַ ייד, זיצט שוין עטלעכע יאָר פאַרשפּאַרט אין לאַגער, ער אַרבעט דאָרט אַלס דאָקטאָר. ווױנט זי און אַרבעט דאָ, כדי זיך צו קענען מיט אים זען און אַריינשיקן פּעקלעך.

מאַרפאַ האָט מיר נאָך צו דערציילן אַ פריילעכע נייעס:

— דער קראַנקער זייטשיקאָוו, וועלכער גייט שוין די טעג אַהיים, האָט איר צוגעזאָגט, אַז אויב זיין ווייב, וועלכע קרענקט לעצטנס אונטער, וועט בקרוב

שטאַרבן, וועט ער חתונה האָבן מיט איר, מאַרפּאַ. אים געפעלן — זאָגט ער — אוקראַאינישע פּרויען.

און זי לאַכט תמימותדיק און קינדיש:

— אויב עס האָט זיך שוין יאָ געפונען אַ בעלן אויף מיר, מוז איך ערשט וואַרטן, אַז זיין ווייב זאָל אַוועקפּגרן. ק׳טשאַרטו (צום טייוול) מיט אַזאַ לעבן!

## קאַפּיטל ז

די לעצטע נעכט זיינען שוין שלאָפלאָזע. דער פּחד מאָלט מיר קאָשמאַר־ביל־דער. איך דאַרף מאַכן אַזאַ געוואַגטן שריט — אַנטלויפן.

אין דער „פּראַוודאַ" איז דאָ אַ נאָטיץ, וועגן אַ שוועדישער גרעפין, אַ זשור־נאַליסטין, וועלכע האָט באַזוכט מאָסקווע, אויך געווען באַקוקן די דאָרטיקע טורמע און איז געווען אַנטציקט מיט דער מוסטערהאַפטער אָרדנונג, ריינקייט, גוט עסן און אַלע אַנדערע באַקוועמלעכקייטן. איך ווייס נישט צו מיר וועט נישט אויסקומען צו קאָנטראָלירן די ריכטיקייט פון דער גרעפישער מיינונג.

פון דער שוועגערין איז גאָר נישטאָ קיין ידיעה פון וועג.

מען ווייזט דאָ היינט אַ פילם „טשאַפּאַיעוו". עס וועט אויך זיין אַ פּאָליטישער רעפעראַט. עס דאַרף זיין דאָס גאַנצע שפּיטאָל־פּערסאָנאַל און אַלע קראַנקע, וועלכע קאָנען אַרומגיין. עס איז אָבער דאָ ווייניק שפּיטאָל־כאַלאַטן און שטעק־לאַטשן. אַראָפּגיין אין דער אונטערוועש און באָרוועס אויפן גרויסן זאַל — טאָר מען נישט. בלייבט, אַז די קראַנקע זאָלן זיך טיילן. זיי זאָלן נאָר זען די ערשטע העלפט פילם, צוריק אַרויפקומען און איבערגעבן דער רעשט קראַנקע זייערע מאַנטלען און זייערע לאַטשן

מיר איז שוין צוגעגעסן דאָס שפּיטאָל. איך נעם זיך איינרעדן, אַז דאָ איז אויך אַזאַ מין טורמע. מען גיט נאָר בעסער צו עסן, אָבער די זעלבע מאָנאָטאָנקייט, אָפּגעשלאָסנקייט. דו זעסט נישט קיין מענטש, דו באַוועגסט זיך נישט. אויך גוטסקייט ווערט, זעט אויס, צוגעגעסן. איך מוז זיך פּסיכיש שוין צוגרייטן דערצו, אַז איך קען אַריינפאַלן אין טורמע. איך מוז זיך צו דעם געדאַנק צוגעוווינען און זיך מיט אים איינלעבן.

איך שמועס זיך איין, אַז טורמע איז אפילו אַ נויטיקע זאַך; אין לעבן דאַרף מען דערקענען אַלע זייטיקע ווינקעלעך; אַלץ איז אינטערעסאַנט. איך רייץ אויף מיין פאַרשאַרפטע, אייביקע נייגיריקייט אַלץ צו וויסן; אַליין זען און אַליין איבערלעבן. אייגנטלעך, האָב איך דאָך אַמאָל אין פּוילן אפילו געחלומט, וועגן האָבן די מעגלעכקייט צו זיצן עטלעכע טעג אין טורמע.

איך שלאָף נישט די גאַנצע נאַכט. פּחד און געוואַגטקייט דועלירן זיך אין מיי־נע מחשבות, איך נוץ אויס אַלע אַרגומענטן פּראָ און קאָנטראַ. דער האַלבער פילם „טשאַפּאַיעוו" פּלאָנטערט זיך מיר אין די רעיונות. טשאַפּאַיעווס מוט און גע־וואַגטקייט שטעלן מיר אויך צו אַרגומענטן אויף דעצידירן זיך צו דעם שריט.

עס איז היינט דער 7־טער דעצעמבער. פאַרן איבערטאָן זיך אין מיינע ציווילע בגדים האָט מען מיך אָפּגעוווגן. עס איז מיר צוגעקומען פאַר די עטלעכע וואָכן, דריי און אַ האַלבער קילאָ. איך האָב שוין, הייסט עס, אויך אַ „פלייש"־זאַפּאַס אין וועג אַריין.

# אויפן וועג צו פרייהייט

## קאַפּיטל א

נאָרמאַל האָב איך באַדאַרפט איצט אוועקגיין אין דער לייטונג פון דער טייך־און־דאַמפּער־געזעלשאַפט, זיך מעלדן דאָרט, באַקומען געלט אויף אַ בילעט און פאָרן צוריק קיין קאַטלאַס. מיר האָט אָבער געפעלט אַ באַפרייונגס־ביולעטין אויף פינף טעג, איידער איך בין אַריין אין שפּיטאָל און נישט געווען ביי דער אַרבעט. פאַר בלויז פאַרשפּעטיקן צו דער אַרבעט קריגט מען פאַר „פּראָגול" פיר חדשים טורמע, און דאָ האָב איך דורכגעלאָזן גאַנצע פינף טעג.

חוץ דעם קאָן איך נאָך ווערן אויסגעפאָרשט, ווו איך האָב מיך אויפגעהאַלטן די פינף טעג, ביי וועמען איך בין געשלאָפן אומגעמאָלדן. איך קאָן דערמיט ברענגען אַ צרה אויף די, וועלכע זיינען געווען צו מיר גאַסטפריינטלעך.

אַלזאָ, די צוויי סיבות טייטלען מיר אויך שוין אויף דעם צווייטן וועג, נישט צוריקגיין דאָרט אַהין. נאָר פרוון מייז מזל מיט אַנטלויפן. אויף מיין עווענטועלן דורכפאַל האָב איך שוין צושטייער, ווייניקסטנס פיר חדשים טורמע, וואָס איך וואָלט באַדאַרפט אָפּזיצן ווען איך גיי צוריק צו דער אַרבעט.

ביי דער קאַסע פון באַן־בילעטן האָב איך זיך געדרייט אַ לענגערע צייט. איך האָב באַדאַרפט געוווירן ווערן און זען ווי אַזוי מען פאַרקויפט בילעטן, צי מען פאָדערט „קאָמאַנדירעווקע". צי עס דרייען זיך נישט אַרום דאָרטן אַזעלכע, וועלכע האָבן מיך שוין דאָ געזען אין שטאָט.

איך דאַרף פאַרהאַלטן מיין שרעק און אויפגערעגטקייט, איך דאַרף זיך האַלטן קאַלט, גלייכגילטיק. מיר דוכט זיך אַלץ אויס, אַז אַ פאַרדעכטיקטער טיפּ קריכט מיר נאָך. אָבער איך פאַרשרייב דאָס אויף דעם חשבון פון מיין איבער־געשראָקנקייט.

איך האָב שוין דעם בילעט אין טאַש. איך גיי אוועק צו דער „קאַמערא־כראַניעניא" אויפן וואָקזאַל ארויסצונעמען מיין איבערגעלאָזטן באַגאַזש. מען פאַ־דערט פון מיר אַן אומגעהייער גרויסע סומע אָפּצאָל. ווייזט זיך אַרויס, אַז נאָך דריי טעג לאָזן דעם באַגאַזש, ווערט צו יעדן ווייטערדיקן טאָג צוגערעכנט אַ באַזונדע־רער פּראָג עסיוועך שטייער. איך האָב, זייענדיק אין שפּיטאָל, איבערגעשיקט דורך מאַרפּאַ אַ צעטעלע אין באַגאַזש־קאַמער, אַז איך בין קראַנק און קאָן נישט קומען אַרויסנעמען מיינע פּעקלעך. די מאַגאַזינערין עצהט מיך אַריינגיין צום נאַטשאַלניק און בעטן באַפרייען מיך פונם צוגאָב־שטייער.

דער נאַטשאַלניק פון באַן־סטאַציע איז נאָך גאָר אַ יונגעטשקער. ער איז אָנגעטאָן ווי אַ פּשוטער אַרבעטער. ער הייסט מיר אויפן אָרט אָנשרייבן צו אים אַ „זאַיאַוולעניע" (ווענדונג). ער נעמט אַרויס פון טאַש אַ שטעמפּל, וואָס איז צו־נויפגעשטעלט פון באַזונדערע בוכשטאַבן (אין חדר און אין שולע האָבן מיר, קינ־דער, געהאַט אַזעלכע „דרוקערייעלעך"), אַ טיש־קעסטעלע און שטעמפּלט מיר אָפּ מיין זאַיאַוולעניע, ער לייגט צו זיין רעזאָלוציע: „אַרויסגעגעבן אָן צוגאָב־אָפּצאָל".

איך בין באַגייסטערט פון דער פּשטות פונם נאַטשאַלניק. עס געפעלט מיר, ווי ער האָט מיין ביטע, אָן ביוראָקראַטישע שטיק, גלייך דערלעדיקט. עס איז מיר

אפילו געפעלן געוואָרן זיין פרימיטיווער שטעמפּל, וואָס שמעקט נאָך מיטן ריח פון די ערשטע טעג רעוואָלוציע.

איך בין אַוועק צו וואָלאָדיאַס מאַמע. די היינטיקע נאַכט, גלויב איך, וועל איך נאָך קאָנען דאָרט דורכשלאָפן. מיין צוג גייט אָפּ מאָרגן גאַנץ פאַרטאָג.

איך האָב איצט דורכגעקוקט אַלע מיינע זאַכן. טייל האָב איך אָפּגעגעבן פאַר מתנות צו די קינדער. איך האָב געמוזט צערייסן אַלע בריוו פון מיין פרוי און טעכטערל, ווייל טאָמער כאַפּט מען מיך, קאָן מען זיך נאָך צו זיי אויך טשעפּען. איך האָב געמוזט אויך צערייסן רב לייזערס מתנה — דאָס בענטשערל — כאָטש די הענט האָבן מיר דערביי געציטערט. איך האָב צעריסן דאָס קאַרטל פונם יידיש־סאָוויעטישן שרייבער, אַלע אַדרעסן און בריוו פון באַקאַנטע. איך האָב נאָר געלאָזן ביי זיך אין טאַש די טעלעגראַמע פון מאָסקווע, זי קאָן מיר נאָך אפשר צונויץ קומען. איך האָב געלאָזן מיינע אייגענע עטלעכע ביכער, עטלעכע צייטונג־אויס־שניטן פון מיינע געדרוקטע אַרטיקלען אין ביאַליסטאָק, די דראַמע און עטלעכע פאַמיליען־פּאָטאָס.

היינט איז ווידער מיין יום־הדין, מיין אַנטשיידנדער טאָג. איך בין אויפן שייד־וועג:

1) צוריק צו שקלאַפעריי אין פּאָסיאָלעק;

2) זיין פריי און זיך זען מיט מיין פרוי און קינד;

3) טורמע.

דעם 8־טן דעצעמבער 1940, פינף אַזייגער נאָך מיטן־נאַכט, עס איז נאָך גע־זוען עטלעכע שעה צו טאָג, בין איך אַריבער צופוס, די פאַרפרוירענע צפון־דווינע, צום באַן־וואקזאַל.

איך זיץ אויפן וואקזאַל אין אַ ווינקל, איינגעקוועטשעט, לייען כלומרשט אַ צייטונג. די אותיות גיסן זיך צונויף, שווינדלען פאַר די אויגן. איך וואַרט שוין אָפּ מען זאָל אַרויסלאָזן אויפן פּעראָן. די באַן־מיליץ דרייט זיך אַהין און צוריק, קוקן זיך אַרום און איילן ערגעץ. איך מיין נאָר אַלץ, אַז דאָס זיינען זיי מיך אויסן, אַז יעדע מינוט וועלן זיי געבן אַ גיי־צו און פרעגן אויף דאָקומענטן.

אין אַזעלכע פיינלעכע מינוטן זיינען אַלע נערוון און דער גאַנצער גוף ווי אַן אָנגעצויגענע שפּרינגפעדער, וועלכע איז צעגליט און וואַרט אויף דעם מינדעסטן ריר זיך אָפּצורייסן פון איר אָרט. מיין פּונקט צו וועלכן איך האָב זיך קראַמפּיק געצויגן, איז געווען די טיר פון וואקזאַל. ווען וועט זי זיך שוין עפענען?

## קאַפּיטל ב

אין צוג האָב איך זיך אַוועקגעלייגט אויף דער אויבערשטער פּאָליצע. איך האָב נאָך פון נעכטן נאָכמיטאָג אָן גאָרנישט געגעסן און געטרונקען. איך האָב בדעה דעם גאַנצן וועג אַזוי נישט צו עסן, כדי איך זאָל נישט דאַרפן טרינקען און נישט אַראָפּגיין אין טואַלעט־קאַבינע. איך באַמי זיך צו שלאָפן, גיכער מאַך איך זיך שלאָפן, כדי מיינע שכנים זאָלן מיט מיר נישט רעדן. איך ליג איינגעוויקלט אין מיין מאַנטל און דאָס היטל אַראָפּגעצויגן ביז איבער די אויערן.

אין קופּע קומט אַריין אַ קאָנטראָלער פון באַן־בילעטן. מיט אים גייט מיט איינער אַ ציווילער. איך ווייז מיין בילעט. דער ציווילער באַטראַכט דעם בילעט און

מיך אליין נאָך מער. ער שרויפט אין מיר אַריין זיין שאַרפן, שפּיציקן בליק, איך פיל ווי ער פאַרסמט מיך.

מיר זיינען שוין אָפּגעפאָרן מער ווי אַ העלפט וועג. מיר זיינען שוין דורכגע־פאָרן וואָלאָגדאַ. דאָס איז אַ הויפּט־באַן־קנופּ. ווען איך וויל פאָרן קיין קאָטלאַס, האָב איך דאָ באַדאַרפט אויסשטייגן און דערפאָרן ביז קיראָוו (וויאַטקע) און דאָ־רט זיך ווידער איבערזעצן. אָבער איך פאָר ווייטער.

עס איז שוין די 28־טע שעה רייזע. איך האָב מער נישט קיין כוח זיך איינצו־האַלטן פון באַנעצן די ליפּן מיט אַביסל וואַסער. די צונג איז פאַרדאַרט, די ליפּן פאַרברענט און עס מישט אין קאָפּ. איך מוז זיך אויך אַריינכאַפּן אין טואַלעט־קאַבינע. איך פיל, אַז לענגער וועל איך עס נישט איבערטראָגן. איך קוק זיך אַרום, קוק אַראָפּ. אַלע פּאַסאַזשירן שלאָפן, אָדער לעזן און זיינען פאַרנומען מיט זיך. איך קריך אַראָפּ פון פּאָליצע און גיי אַרויס אויפן קאָרידאָר. ביים פענסטער שטייט אָנגעלענט דער ציווילער, וואָס איז אינדערפרי אַרומגעגאַנגען מיט דעם בילעטן־קאָנטראָלער. אונזערע בליקן טרעפן זיך צונויף. איך וויל זיך דורכשאַרן צו דער קאַבינע. ער גיט אַ צי אויס די האַנט און פאַרשטעלט מיר דעם וועג:

— אייערע דאָקומענטן, גראַזשדאַנין! (בירגער).

און אָט איז עס געשעען! שוין! געענדיקט דער וועג! געענדיקט! איך קאָן נישט אויפמאַכן דאָס מויל און אַרויסברענגען קיין וואָרט. איך גראַבל אין די טאַשן און ציִ אַרויס מיין שפּיטאָל־ביולעטין. דאָס איז מיין איינציקער דאָקומענט. ער רעדט צו מיר עפּעס, פרעגט מיך אויס, אָבער איך הער נישט. איך הער איצט נאָר שאַרף דאָס קלאַפּן פון די באַן־רעדער:

— שוין־שוין! שוין־שוין! שוין!

איך ווייז אים מיט דער האַנט אויף דער קאַבינע:

— וואַסער! כ׳וויל וואַסער, גיט מיר וואַסער!

ער נעמט מיך פאַר דער האַנט און פירט מיך אַריין אין דער קאַבינע. ער גיט מיר צו טרינקען וואַסער. איצט זאָל איך אים געבן מיין בילעט. אים אָנווייזן ווו איך זיץ און ווו עס ליגן מיינע זאַכן:

— טוט זיך אָן און פּאַקט זיך איין. באַאומרואיקט זיך נישט. מיר וועלן אַראָפּ־גיין אויף דער נאָענטסטער סטאַנציע און קאָנטראָלירן גענויער אייערע דאָקומענטן.

ער איז אַראָפּ מיט מיר אויף דער סטאַנציע דאַנילאָווא. דאָ איז שוין נאָענט צו יאַראָסלאַוו, זיבן שעה רייזע פון מאָסקווע. מען האָט געקלונגען נאָכן נאַטשאַל־ניק פון דער מיליץ. ער קומט שנעל אָן, באַקוקט מיך, און רייבט אַ צופרידינער די הענט.

ער איז הויך, פעט, מיט אַ פאַרקרימט מויל און אויף דער גאָמבע איז ביי אים אָן אָנגעוואַקסענע גוליע, אַ בייל.

ביים רעדן באַמיט ער זיך צו שמייכלען, זיין העפלעך. ער האַלט מיך אויך אין איין באַרואיקן.

— מיר וועלן נאָר צונויפשטעלן אַ פּראָטאָקאָל, אָנפרעגן דאָרט ווו איר האָט געאַרבעט און מיר וועלן אייך וואַרשיינלעך צוריק אָפּשיקן.

איך זאָל נאָר פאַר אים גאָרנישט פאַרבאָרגן און דערציילן דעם גאַנצן אמת. ער, צוזאַמען מיט אַ מיליציאָנער, קוקן אַדורך מיינע זאַכן. ער באַקוקט מיינע עט־לעכע ביכער:

— זענט איר טאַקע זייער מחבר?

ער איז העכסט צופרידן. ער ווערט צו מיר נאָך העפלעכער ווי פריער. ער גע־פינט עטלעכע צייטונג־אויסשניטן. איך זאָל אים זאָגן, וואָס איך האָב דאָ געשריבן. יאָ, ער דערמאָנט זיך. אַן אַרטיקל אונטערן נאָמען „גליק" אין אַ ביאַליסטאָקער יידישער צייטונג, איז געווען איבערגעדרוקט אין דער מאָסקווער „פּראַוודאַ". ער געדענקט אַפילו גאַנץ גוט דעם אינהאַלט, ער געדענקט דעם נאָמען פון מחבר. יאָ, אַלץ שטימט. דאָס איז געווען אין יאַנואַר הײַנטיקס יאָר, אָדער אין דעצעמבער פאַריקן יאָר. אַ שאָד, וואָס ער האָט שוין נישט די צייטונג. ער וואָלט דאָס גערן נאָך אַמאָל איבערגעלייענט.

ער פאַרשרייבט אַלע מיינע זאַכן און זעצט פאַר דעם פּראָטאָקאָל. יאָ, עס וועט מיר אויסקומען צו וואַרטן עטלעכע שעה ביזן נעכסטן צוג. ער האָט שוין נישט וואָס צו טון. איך זאָל דאָ זיצן און וואַרטן. דער מיליציאָנער גיט אים אַ פרעג מיטן אויג צי ער זאָל מיך דערווייל אַריינפירן דאָרט, אין דער קאַמער. דער נאַ־טשאַלניק שאָקלט מיטן קאָפּ אין דער ברייט:

— ניין, ניין, מען דאַרף אים דאָרט נישט אַריינזעצן. ער קען זיין דאָ. ער איז דאָך אַ שרייבער.

ער פרעגט מיך צי איך וויל עפּעס עסן, טרינקען. ער שיקט מיך מיטן מיליציאָ־נער אויפן וואָקזאַל. דאָרט וועל איך קריגן צו קויפן אַ גוטן מיטאָג. פאַרן אַוועק־גיין דערלאַנגט ער מיר די האַנט און באַרואיקט מיך ווייטער:

— אויב אַפילו מען וועט אייך דאָרטן פאַרהאַלטן אויף אַ צייט, דאַרפט איר זיך אויך נישט שרעקן, ווייל אין אונזערע טורמעס שלאָגט מען נישט, דאָ איז נישט פּוילן. און יעדער אַרעסטאַנט קריגט אַפילו צוקער יעדן טאָג.

ווען ער האָט מיך פריער באַרואיקט, אַז מען וועט מיך צוריקשיקן, מען וועט נאָר קאָנטראָלירן, פּעטשעטעלן, האָב איך שוין אָנגעהויבן דערין גלויבן. אפשר פאָרט? מען וועט מיך צוריקשיקן אויפן פּאָסיאָלעק און פּטור. מילא, האָט אַ פאַרשיקטער פון פּוילן געוואָלט אַנטלויפן. וועט מען שוין איצט אויף אים בעסער אַכטונג געבן. נאָר אַז ער האָט שוין געזאָגט די ווערטער „טורמע", „אַרעסטאַנט", האָט זיך שוין דאָס קליינע ביסעלע האָפנונג אויסגעלאָשן. און פאַרוואָס שטרייכט ער אונטער, אַז מען שלאָגט נישט? צי איז דאָס אַ פּריווילעגיע?

אויפן וואָקזאַל האָב איך זיך אַוועקגעזעצט עסן מיטאָג און מיין באַגלייטער, דער מיליציאָנער, האָט זיך דווקא אַוועקגעזעצט ביי אַ צווייט טישל, פונדערווייטן. איך האָב נאָר געקאָנט טרינקען טיי, אָבער גאָרנישט עסן, איך האָב דאָס פלייש אַריינגעלייגט אין טאַש, נאָך צוגעקויפט ביים בופעט אַ שטיקל קעז און אויך אַריינ־געפּאַקט אין קעשענע, אויף זאַפּאַס.

איך האָב זיך געוואָלט איצט אויסוויינען, נאָר נישט געקאָנט. אַלץ אין מיר איז געווען געפרוירן, פאַרשטאַרט. איך האָב זיך געזעגנט אין דער מחשבה מיט מיין פרוי און קינד. ווען איך קאָן זיך פאָרט אויסוויינען און אַנטשלאָפן ווערן! — דאָס ערשטע קאָן איך נישט, דאָס צווייטע טאָר איך נישט.

עס איז שוין פאַרנאַכט. עס איז שוין אָנגעקומען דער צוג פון מאָסקווע. דער מיליציאָנער טראָגט די טעקע מיט די אַקטן. דאָרט ליגט מיינס אַ קליינער, זעלנערישער טערמאָס מיט בראָנפן, אַ טאַשנלעמפּל, בלייפעדער, אַלע פּאַפּירלעך, מיינע ביכלעך און די פאָטאָגראַפיעס פון מיינע נאָענטסטע.

ער זיצט מיט מיר איין אין פּאָסט־וואַגאָן. דאָרט איז שוין דאָס פענסטער פאַרק־אַטעוועט און עס דרייט זיך אַרום אַן אַלטע פרוי, וואָס רייניקט.

איך הויב אָן חלומען און בעטן אַלע העכערע כוחות, אַז מיטן צוג זאָל געשען אַ קאַטאַסטראָפע. זאָל אַלץ איינפאַלן און אומקומען צוזאַמען מיט מיר. זאָל זיין אַן ערד־ציטערניש און אַלץ זאָל זיך איבערקערן און אָפּגעווישט ווערן פון דער ערד. איך שטראָף זיך אָבער גלייך אויס:

— פאַרוואָס זאָלן אַנדערע אומקומען צוליב מיר? אַז עס רירט נאָר אָן מיין לעבן, בין איך שוין גרייט שיקן די גאַנצע וועלט פאַר אַ כפרה?

אין מיטן דערמאָן איך זיך, אַז די טעלעגראַמע פון דעם סאָוויעטישן שרייבער ליגט נאָך ביי מיר אין טאַש. דער מיליץ־נאַטשאַלניק האָט ביים באַזוכן מיך זי געזען, זי אַריינגעלייגט אין מיין רענצל. איך האָב זי אָבער פון דאָרטן אומבאַמערקט צוריקגעכאַפּט אין קעשענע אַריין. דער שרייבער פון מאָסקווע קאָן האָבן דערפון גרויסע אומאַנגענעמלעכקייטן. איבערשרייבן זיך מיט אַזעלכן ווי איך? מען וועט אָנהויבן פאָרשן און ווער ווייסט, וואָס ער קאָן נאָך צוליב דעם ליידן. איך מוז זי באַשטאַטן די טעלעגראַמע, אַוועקוואַרפן.

איך פאַרוויקל מיר שנעל אַ ציגאַר־מאַכאָרקע, בעט ביים מיליציאָנער פייער און פאַרויכער. איצט דאַרף איך ביים אַוועקוואַרפן דאָס שטיקל נישט־דערויכערטן פּאַפּיראָס, אַוועקוואַרפן אויך די טעלעגראַמע. איך האַלט זי אין דער האַנט, רויכער דעם פּאַפּיראָס און קנייטש אַלץ מער איין און מאַך קלענער די טעלעגראַמע. איך וואַרט, אַז דער מיליציאָנער זאָל זיך פאַרקוקן אין אַ זייט.

עס איז מיר געלונגען. אַוועקגעוואָרפן!

גלייך עטלעכע מינוט נאָכדעם האָט די אַלטיטשקע גענומען אַ בעזים און צוגעקערט די פּאָדלאָגע. שוין, זי האָט עס שוין פאַרוימט אין מיסט אַריין.

פאַרן אָנקומען צו דער סטאַנציע וואָלאָגדאַ, האָט דער מיליציאָנער זיך אַראָפּגעבויגן אונטער דער באַנק און אומעטום געזוכט צי איך האָב עפּעס נישט אַוועקגעוואָרפן. איך בין איצט גליקלעך און טריומפיר איבער מיין געלונגענעם שטיקל אַרבעט. די טעלעגראַמע איז שוין נישטאָ. איצט וועט שוין קיינער צוליב מיר נישט ליידן. איך האָב מיר באַלד פאַרגענומען, אַז אויב מען וועט מיך אויספרעגן, ווו איך בין געשלאָפן אין אַרכאַנגעלסק איבער דער צייט, זאָל איך אָנגעבן, אַז איך בין געשלאָפן ערגעץ אויף אַ דאַמפער אין פּאָרט.

אין וואָלאָגדאַ איז אַרויפגעקומען אַ מיליציאָנער, איבערגענומען ביי מיין באַגלייטער די אַקטן און מיך. מיין מיליציאָנער האָט יענעם אַוועקגערופן, אַריינגעשושקעט אים עפּעס אין אויער. ער האָט זיך מיט מיר געזעגנט און דערלאַנגט די האַנט:

— אַלדאָס בעסטע! צום ווידערזען!

— צום ווידערזען...

# דריטער טייל

## „גראַטעלעך... גראַטעלעך..."

### קאַפּיטל א

מיין ליבער חבר און פריינט!

וועגן קליינע פּאַסירונגען קאָן מען אָפטמאָל מער שרייבן ווי וועגן גרויסע, אויפטרייסלענדיקע געשעענישן. איך וואָלט דיר וועלן, למשל, אָנווייזן אויף אַזאַ קלייניקייט:

א מענטש עסט, געוויינלעך, דריי מאָל אין טאָג. נאָר טאָמער קומט אים אויס בלויז איין טאָג צו פאַסטן, איז עס ביי אים א געשעעניש. ער גייט אַרום פאַרשמאַכט, אָפּגעשוואַכט, מוטלאָז. עס טרעפט, אז א מענטש זיצט א גאַנצן טאָג אין שטוב, דאַכט זיך אים אויך אויס, אז ער האָט מי יודע וואָס פאַרשפּעטיקט. ווער שמועסט, אז ער איז נאָך אין שטוב איינער אַליין, גייט אפילו נישט אַרויס אויפן קאָרידאָר — איז עס אוודאי פאַר אים אומאַנגענעעם. און ווען דער זעלבער מענטש זאָל נאָר געוואויר־ווערן, אז דער שלאָס האָט זיך פאַרהאַקט ביי דער טיר, אז ער וועט דאַרפן וואַרטן א טאָג ביז די טיר וועט זיך עפענען — איז עס שוין אוודאי ביי אים א געשעעניש.

ווי דו זעסט, מיין ליבער חבר און פריינט, מוז זיך דער מענטש עטלעכע מאָל אין טאָג ראַטעווען — ער מוז עסן יעדן טאָג און אַרויסגיין פון שטוב יעדן טאָג.

וועגן טורמע האָב איך געהאַט געלייענט אין די ביכלעך. עס האָט אויסגעזען גאַנץ אינטערעסאַנט און אפילו אַנציענדיק.

***

ווען מען האָט מיך צוגעפירט צו דער שטילער, זייטיקער געביידע אין וואַלאָגדאַ, האָט דער מיליציאָנער אָנגעדריקט אַן עלעקטריש קנעפּל אין א שמאָלער אייזערנער טיר, דריי קלעפּ מיטן פינגער, געזאָגט א פּאַראָל, ערשט דעמאָלט האָט זיך געעפנט א קליין רעדעלע אין דער טיר, עס האָט אַרויסגעקוקט אַן אויג און מען האָט אונז אַריינגעלאָזט.

א געדיכטער, דעמפּיקער ריח האָט א שלאָג־געטאָן אין נאָז און פאַרשטעקט זיך אין האַלז. מען גייט אַראָפּ נאָך א שטאָק שטיגן נידריקער אין קעלער אַריין. נאָך אַן אייזערנע טיר, שוין א ברייטערע, ביים דורכגיין דעם שמאָלן קאָרידאָר, פאַלט א באַפעל:

— מיטן פּנים צו דער וואַנט!

איך ווייס נישט צו וועלכער וואַנט, ווי אַזוי איך זאָל זיך שטעלן. מען דרייט מיך אויס צו א וואַנט און מען פאַרשטעלט מיך מיט א טיר. איך הער ווי מען פירט פאַרביי אַן אַלטיטשקן. ער שלעפּט קוים די פיס און קרעכצט. איך וואַרף א בליק אין זייט, און זע איינעם אין אונטערוועש, וואָס דערטראָגט קוים די פיס, וואַקלט זיך, קרעכצט און גייט פאַלנדיק.

עס איז אצינד שוין אוודאי נאָך מיטן־נאַכט. מען האָט אוועקגענומען פון מיר די טיר און מיך אַראָפּגעפירט נאָך אַ שטאָק נידריקער אין קעלער. דאָ איז אַ קליין אויפנאַם־צימער. עלעקטריש ליכט, אַ טישל, עטלעכע שטולן. עס איז דאָ איינגע־אָרדנט אַ ביוראָ, עס זיצן ענקאַוועדיסטן ביי זייער אַרבעט, אין אַ קעלער, אין מיטן דער נאַכט, ווי אין אַ נאָרמאַלער אינסטיטוציע.

מען רעווידירט מיך. מען הייסט מיר זיך אויסטאָן מוטער־נאַקעט. עס קומט מיר פאָר, ווי איך וואָלט ווידער געווען אין שפיטאָל און מ'דאַרף באַטראַכטן מיין לייב. עס זשענירט מיך, וואָס צווישן די ענקאַוועדיסטן ביים טישל זיצט אויך אַ יונגע פרוי. פרווו איך זיך פּאַמעלעכער אויסטאָן, אָבער דאַן איילן אַלע אומגעדול־דיק אונטער:

— סקאָרעי, ביסטרעי! (שנעלער, גיכער).

וואָס האָבן זיי אַזוי נישט קיין צייט? וואָס וועלן זיי פאַרשפּעטיקן?

איך דאַרף אַזוי נאַקעטערהייט שטיין פאַרן טיש און אַלץ אויפגעבן וועגן זיך. איצט איילן זיי זיך שוין נישט דווקא, פרעגן עטלעכע מאָל איבער אַ זאַך און פאַר־שרייבן נאָך פּאַמעלעכער.

צוויי שעה האָט געדויערט דאָס איבערגעבן אַלע איינצלהייטן, די נעמען פון דער גאַנצער משפּחה, ווו זיי וווינען, די נעמען און אַדרעסן אפילו פון ווייטע קרו־בים און באַקאַנטע, וואָס איך האָב געטון מיין גאַנץ לעבן, אפילו אין די קינדער־יאָרן. איך דאַרף אויך ענטפערן אין וועלכער וייס־גוואַרדייאישער אַרמיי איך האָב אַנטיילגענומען, און ווי אַזוי איך האָב געקעמפט קעגן די באָלשעוויקעס. איך פרווו זיך שוין אפילו חכמהנען.

— אין יענע יאָרן האָב איך זיך נאָך געשפּילט מיט בלעכענע שווערדלעך און הילצערנע ביקסלעך.

אַזעלכעס האָבן זיי פיינט. דער נאַטשאַלניק האָט זיך אויפגעשטעלט אַ דער־צאָרנטער, מיך איינגעמאָלדן די טראַדיציאָנעלע „פאָ מאַטערי" און געדראָט מיט באַלדיקע, האַרבע שטראָפן:

— מיט אונז דאָ וויצלט מען זיך נישט! מיר וועלן מיט אייך נישט טרייבן קיין שפּאַס! איר זענט אַ פאַרברעכער, וואָס איז געכאַפּט געוואָרן דורך די אָרגאַ־נען פון דער זיכערקייט־מאַכט!

ער פרעגט מיך ווי אַזוי איז מיין „קליטשקאַ". איך פאַרשטיי נישט. אַלזאָ, מיין פּסעוודאָנים. וויל איך זיך דערמאָנען מיינע פּאָר פּסעוודאָנימען. דאָס וועט ער אויך פאַרשרייבן, נאָר „קליטשקאַ" מיינט, ווי אַזוי עס רופן מיך מיינע מיט־העלפער, מיין הברותא, ווי, למשל, „דער געלער וואַניאַ", „שאַרפער קינזשאַל", „דיאַדיאַ מאַוזער" וכדומה.

אויף דער וואַנט הענגט אַ קליין בילדל, באַפּוצט מיט גרינע צווייגלעך און אַ רויט שלייפל פון פעליקס דזשערזשינסקי (פירער פון דער אַמאָליקער „טשעקאַ").

איצט דאַרף איך זיך צריק אָנטאָן, אָבער שנעל, שנעל. זיי לאָזן מיך נישט פאַרענדיקן אָנטאָן. איינער פון זיי נעמט מיינע רעשט זאַכן און פירט מיך אַ האַלב־נאַקעטן. דאָס רענצל מיט די איבעריקע זאַכן האָבן זיי געלאָזן ביי זיך.

עפנט מען נאָך אַ גרויסע, אייזערנע טיר, דאָרט איז ווידער אַ קאָרידאָר און עווישט פון דאָרטן פירט מען מיך אַריין אין אַ קאַמער, וואָס איז באַשלאָגן מיט טאָ־פלטע, אייזערנע טירן. ער פאַרוקט אינדרויסן דעם ריגל און הענגט אָן אַ שלאָס.

## קאַפּיטל ב

דריי מעת־לעת בין איך געווען איינער אַליין אין קאַמער. עס האָט דערקוטשעט דער איבלדיקער ריח פון דער בלעכענער „פּאַראַשע" (נאַכט־כּלי). דער ריח פון צואה האָט זיך איינגעזאַפּט אַפילו אין די מלבושים. פאַר דער גאַנצער צייט בין איך נאָך נישט געשלאָפן קיין איין שעה. באַלד אין דער ערשטער נאַכט, ווי איך בין נאָר אַריין אין קאַמער, האָב איך שפּאַצירט הין און צוריק, אָבער גלייך האָט דער וועכ־טער געוואָרנט:

— איצט טאָר מען נישט אַרומגיין! לייגן זיך!

עס איז געשטאַנען אַ בעטל מיט אַ שענקל און קאָלדרע, האָב איך אין אָנגע־טועכץ זיך אַוועקגעלייגט. דער שליסער עפנט־אויף דאָס „וואָלפישע אויג" יעדע צוויי מינוט:

— אין אָנטועכץ טאָר מען נישט שלאָפן!

טו איך זיך אויס. ווי נאָר איך לייג זיך אַוועק, ער שליסט אויף די טיר. איך זאָל זיך אָנטאָן און גיין מיט אים. איצט פירט מען מיך שוין אַרויף אין אַ גרויסן זאַל. די הענט מוז איך האַלטן אויף אַרונטער.

איצט הויבט זיך ערשט אָן די אויספאָרשונג. דער סליעדאָוואַטעל איז אָנגעטאָן אין ציוויל. ער טראָגט אַ שוואַרצע בלוזע, אָפּגעשפּילעט און עס זעט זיך אַרויס זיין האַריק לייב. דאָ איז איינגעהייצט, עס איז אים הייס, דעם סליעדאָוואַטעל. מיך שווידערט פון קעלט. די אַרבעל זיינען ביי אים פאַרשאַרצט. אויף דער רעכטער האַנט איז ביי אים אויסטאַטואירט אַן אַנקער און אַ נאַקעטע פרוי מיט אַ שלאַנג. ער הויבט מיט מיר אָן אַלץ אויפסניי: ווו געבוירן, ווער זיינען די עלטערן, פון וואָס געלעבט, ווער זיינען מיינע באַקאַנטע און קרובים. ער רייסט פּלוצים איבער, נעמט שניצן אַ בלייפעדער. פאַרטיק מיט דעם, רוקט ער אויף דעם שופלאָד און ציט אַרויס — אַ רעוואָלווער.

— איר קענט זיך אויף געווער?

— ניין, איך קען זיך נישט. איך האָב קיינמאָל נישט געדינט אין דער אַרמיי.

ער שטעלט זיך אויף און נעמט מאַניפּולירן מיטן רעוואָלווער:

— דאָס איז אַ בעלגישער בראַונינג. אין מאַגאַזין ליגן זיבן קוילן און איינע אין דער רער. נאָר איין דרוק ביים צינגל און די קוילן פליען אַרויס ווי די שדים! נאָט אייך, איר ווילט אויספּרובירן?

— ניין, איך וויל נישט אויספּרובירן, איך קען זיך נישט דערויף.

— אויב אַזוי, וועט איר אונז אַצינד זאָגן דאָס וויכטיקסטע. נאָט אייך, פאַר־רויכערט פריער אַ פּאַפּיראָס. אונז איז גאַנץ גענוי באַוווּסט, אַז איר האָט געאַרבעט אין דער פּוילישער דעפענסיווע (געהיים־פּאָליציי). טאָ זאָגט אונז נאָר בלויז וויפיל קאָמוניסטן איר האָט איבערגעגעבן דער פּוילישער פּאָליציי און וויפיל געלט איר האָט דערפאַר געקריגן. איר האָט באַקומען אַ חודש־לוין, צי פון שטיק? זאָגט שוין! גלייך! שנעלער! שנעלער! וויפיל?! וויפיל?!

איך האָב זיך איצט דערמאָנט אָן די דערציילונגען פון חברים, וועלכע זיינען געפאָרשט געוואָרן אין דער פּוילישער דעפענסיווע. אין אַ פאַל פון באַליידיקונג מצד דעם אויספאָרשער — האָט מיר איינער אַמאָל איבערגעגעבן — האָט ער גע־כאַפּט אַ טינטער פון טיש און געוואָרפן דעם אויספאָרשער אין קאָפּ אַריין. ווי אַזוי

רעאַגירט מען אַצינד? ווי אַזוי ענטפֿערט מען פֿאַרט אויף זיין פֿראַגע? איך שמייכל?

— איך ווייס נישט צי די פּוילישע פּאָליציי האָט באַדאַרפֿט באַצאָלן פֿאַר איי־בערגעבן איר קאָמוניסטן. זי האָט אַ סך פֿון זיי גוט געקענט. די קאָמוניסטן פֿלעגן אויפֿטרעטן אין די פֿאַריינען, אויף פֿאַרזאַמלונגען, מיט זייערע רעדעס און די פּאָ־ליציי־אַגענטן, וועלכע זיינען געזעסן אין זאַל, האָבן געקענט די אַלע.

— זענט איר געווען פֿון די יעניקע, וועלכע זיינען אַרויסגעטרעטן מיט קאָ־מוניסטישע רעדעס, צי צווישן די פּאָליציי־אַגענטן, וועלכע זיינען געזעסן אין זאַל?

— איך האָב געוווינט אין וואַרשע דרייסיק יאָר. יעדן איינציקן פֿון אונז, וואָס איז נאָר געווען געזעלשאַפֿטלעך טעטיק, סען מען גאַנץ גוט. איך האָב הונ־דערטער באַקאַנטע און פֿריינט, וואָס קענען מיך זינט צענדליקער יאָרן. איך בין נישט געווען קיין מטגליד פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, איך האָב אָבער אַ סך צייט מיט זיי מיטגעאַרבעט, געווען אויך אַ פֿאַראַנטוואָרטלעכער רעדאַקטאָר פֿון אַ ליטעראַרישן זשורנאַל, „פֿאַרמעסט". די צייטונג האָט מען קאָנפֿיסקירט און פֿאַר־מאַכט און מיר האָט מען געדראָט מיט ־עפּרעסיעס.

— איר זענט געזעסן אין די פּוילישע תּפֿיסות?

— ניין.

— נו, איז דאָך קלאָר. אויב זיי האָבן אייך נישט אַריינגעזעצט, זענט איר געווען זייערס אַ מענטש! און איר זאָגט נאָך, אַז איר קענט זיך נישט אויף קיין רעוואָלווער! מיר ווייסן וועגן אייך מער ווי איר אַליין! אויב איר וועט אונז נישט דערציילן דעם גאַנצן אמת, ווייסט איר דאָך, וואָס אייך דערוואַרט! מיר צאַצקען זיך נישט מיט קיין שונאים! נאַט, פֿאַרייכערט נאָך אַ פּאַפּיראָס!

אויף דאָ איז געהאַנגען אויף דער וואַנט שוין אַ גרויס בילד פֿון פֿעליקס דזשערזשינסקי און פֿון מענזשינסקי (פֿירער פֿון אַמאָליקער געפּעאו).

איצט האָב איך ערשט דערפֿילט וואָס פֿאַר אַ טייערע זאַך עס איז דאָס זיין אין קאַמער.

דער אויספֿאָרשער דרייט זיך איבערן צימער הין און צריק, שעהנווייז און רעדט נישט מיט מיר אויס קיין וואָרט. פּלוצים גיט ער אַ שפּרונג־צו צו מיר, בויגט זיך צו נאָענט צו מיין פּנים, רייסט אויף זיינע אויגן און ריטשעט ווילד:

— איר חוזקט פֿון דער נ. ק. וו. ד.! זאָגט. דערציילט אַלץ, אַלץ! איר וועט אונז נישט מיד מאַכן. מיר האָבן זיך מיט גרעסערע שונאים אַן עצה געגעבן! זאָגט שנעל! ווען האָט איר זיך געזען דאָס לעצטע מאָל מיט טראָצקין? ווו און ווען?! ווען האָט איר אים געזען דאָס לעצטע מאָל?! זאָגט, זאָגט, זאָגט!!

מיר איז וואַרעמער געוואָרן. איך האָב זיך דערפֿילט שטאָלץ פֿון אַזאַ פֿ־אַגע. איך מיט טראָצקין?! פֿון דער צווייטער זייט האָט מיך געשניטן שרעק. פֿאַר וועמען נעמען זיי מיך אָן? ווי קום איך צו טראָצקין?! איך באַשליס צו ענטפֿערן פֿאַמעלעך, כּדי צו קאָנען בשעת דעם טראַכטן און זיך נישט אַרויסכאַפּן מיט אַ נאַרישקייט.

— איר מיינט לעוו דאַווידאָוויטש טראָצקין? אמת? יאָ, אוודאי, געזען האָב איך אים, אויף אַ בילד אין זיינס אַ בוך, וואָס איך האָב געלייענט.

ביי די לעצטע פּאָר ווערטער מיינע, איז אים אַרויס אַ שווייס און עס האָבן זיך אים געביטן די פֿאַרבן אין פּנים. די אויגן זיינען אַרויסגעשפּרונגען:

— וואָס? איר האָט טאַקע געלייענט זיינע ביכער? איר האָט געזען זיין בילד? וואָס פאַר א ביכער, וואָס פאַר א בילד? ווו? ווי אַזוי?

איך האָב גלייך דערפילט, אַז אַצינד רעדט שוין נישט אין אים דער אויספאָרשער, נאָר די נייגעריקייט פון א סאָוויעטישן מענטש, וואָס איז אַזוי גיריק און להוט צו וויסן, וואָס עס טוט זיך אין אויסלאַנד און באַזונדערס שוין, ווען עס האָט א שייכות צו טראָצקין. איצט האָט ער זיך שוין פאַר מיר גאַנץ ערנסט דערשראָקן, געוואָרן פאַרזיכטיק און זיך אָפּגערוקט פון מיר. ער האָט נאָך צו מיר איין פראַגע:

— ווי זעט אויס די פעסטונג אין סמאָלענסק?

— וואָס פאַרא פעסטונג? וואָס פאַרא סמאָלענסק?

— אייער בילעט איז קיין סמאָלענסק, א פעסטונג־שטאָט. וואָס האָט איר געהאַט בדעה דאָרט אויסצוקוקן?

— איך וועל אייך מער נישט ענטפערן.

— גוט! דערמיט האָט איר שוין אַלץ געזאָגט און אייער גורל אַליין באַשלאָסן.

ער קלינגט נאָך דעם וועכטער און הייסט מיך צוריקפירן אין קאַמער. איך טאָר זיך שוין נישט לייגן שלאָפן. ווייל איך האָב שוין אָנגעטאָפּן צום „פאַדיאָם" (אויפשטיין) עס איז שוין נאָך זעקס אינדערפרי.

**

צוויי מאָל אין טאָג פירט מען אין „אוביקאַציע", אָבער איך האָב מורא דאָרט אַריינצוגיין. איך האָב מורא, אַז מיין באַגלייטער זאָל מיך נישט פאַ ענדיקן דאָ, אויפן אָרט, פון הינטער דער טיר אָפּער.

אויפן צווייטן טאָג האָט מען מיך געפירט אין דיזשורקע אויף אָפּשערן די האָר. דאָרט איז געלעגן א קופּע האָר אויפן דיל. איך האָב געוואָלט לויט די האָר טרעפן, וואָס פאַר א מענטשן עס זיצן דאָ. עס ליגן אויסגעמישט לאַנגע, בלאָנדע פרויען־האָר, מיט פעך־שוואַרצע, געקרייזלטע האָר. אָבער ווי אַרויסגעלויכטן פון דער קופּע האָבן עטלעכע פּאַסמעס זייד־ווייכע, גרויע האָר, שוין מילך־ווייסע, ווי פון א טיפן אַלטיטשקען. איך האָב געפרווט טרעפן, אַז די האָר מוזן זיין פון יענעם אַלטיטשקען, וועמענס קרעכצן איך האָב געהערט ביינאַכט, ווען מען האָט אים אין דער אונטערוועש דורכגעפירט נעבן מיר און ער האָט קוים געשלעפּט זיינע אַלטע פיס. איך האָב געפילט א זיכערקייט, אַז דער אַלטיטשקער דאַרף זיין אַן אינטעליגענט, עפּעס א פּראָפעסאָר, א געלערנטער.

נאָך דעם אָפּשערן איז געקומען א פאָטאָגראַפיסט און מיך אַרונטערגענומען אין עטלעכע פּאָזעס, געדרייט מיר דעם קאָפּ אין אַלע זייטן. דערנאָך האָט מען מיך געפירט אויף לאָזן אָפּדרוקן די פינגער.

איך בין דורך דריי נעכט נישט געשלאָפן. יעדע נאַכט האָט מען מיך גערופן אויף דער אויספאָרשונג. איך האָב כמעט אויך נישט געגעסן. איך האָב געליטן פון מוראדיקע מאָגן־קראַמפּן. דאָס עלעקטרישע לעמפּל האָט געברענט בייטאָג און ביי־נאַכט. האָט כסדר געצאַנקט און געטוקט זיך. איך האָב געהערט רוישן א מאָטאָר. איך האָב מיר פאַרגעשטעלט, אַז דאָס שיסט מען ערגעץ דאָ אין די קאַמערן און א מאָטאָר רוישט ספּעציעל, כדי צו פאַרטויבן דאָס שיסן, די קולות. מיר האָט זיך אפילו אויסגעדאַכט, אַז איך הער באַזונדערע זאַלפן.

אזוי ווי דאָס צאַנקען און טוקען פונם לעמפּל, אזוי האָט עס מיר אויך גע־צאַנקט און געטוקט אין מוח. אין די אינגעווייד ן האָט עס געקאָרטשעט און גע־שניטן.

איך האָב געמאָלדן דעם דיזשורנע, אַז איך מוז האָבן אַ דאָקטאָר. ביינאַכט האָט מען מיך אריינגעפירט אין קאַנצעלאַריע אונטן, דאָרט האָט שוין געוואַרט אַ דאָקטער. ער אונטערזוכט מיך, מעסט די היץ. לויט זיין מינע, דערקען איך, אַז איך מוז האָבן גרויסע היץ און ער טראַכט, וואָס מיט מיר צו טון. דער קאָמענדאַנט שרייבט אָן אויף אַ צעטעלע עטלעכע ווערטער און דערלאַנגט עס דעם דאָקטאָר. ער זאָגט נאָך צו: „נאָר אין דעם פּאַל!״

פון דעם פאַרשטיי איך, אַז דער קאָמענדאַנט האָט אים אָנגעשריבן, אַז מען טאָר מיך נישט נעמען פון דאַנען אין קיין שפּיטאָל אַריין. מסתמא נאָר אין דעם פאַל, אויב עס דראָט מיט שטאַרבן. איך בעט דעם דאָקטאָר מיר צו געבן כאָטש אַ באַרואיק־מיטל, ווי „בעלאַ דאָננאַ״ אָדער עפּעס ענלעכס. און איך רוף אים אָן נאָך עטלעכע נעמען פון מעדיקאַמענטן, וועלכע איך נוץ בעת אַזעלכע מאָגן־אַטאַקעס. ער לאָזט איבער אין קאַנצלאַריע אַ פלעשל מיט טראָפּנס, וואָס איך דאַרף נעמען דריי מאָל אין טאָג, נאָר דאָ אויפן אָרט, אין קאַנצעלאַריע, אין אָנוועזנהייט פון קאָמענדאַנט.

אויף דער ביינאַכטיקער אויספאָרשונג פרעגט מיך דער סליעדאָוואַטעל, צי איך בין אַ דאָקטאָר. ניין, איך בין נישט קיין דאָקטאָר. באַוויז איך, אָלנפאַלס, העכערע בילדונג? ניין, איך באַזיץ נישט קיין העכערע בילדונג. טאָ פאַרוואָס האָב איך גע־ווּסט אונטן אין קאַנצעלאַריע, אָנצורופן לאַטיינישע נעמען פון רעצעפּטן?

— דאָס זיינען פּאָפּולערע הייל־מיטלען, איך פלעג זיי אָפט באַנוצן, דעריבער געדענק איך זייערע נעמען.

ער כעסט זיך שוין און טופּעט מיטן פוס:

— איר האָט העכערע בילדונג, סוואָלאָטש!

— ניין, נאָר מיטעלע בילדונג, בירגער סליעדאָוואַטעל!

**
*

אויפן דריטן טאָג האָט מען מיך דאָס ערשטע מאָל אַרויסגעפירט אויף שפּאַ־ציר אין הויף. דאָס טאָג־ליכט און די פרישע, שאַרפע לופט, האָבן זיך אויף מיר אַ וואָרף געטאָן. מיר האָט פאַרפעלט אָטעם און איך האָב געמוזט פאַרמאַכן די אויגן. איך האָב זיך פאַרכליניעט און פאַר־הוסט.

איך דאַרף האַלטן די הענט אַ־ונטער און אַרומגיין אין אַ קרייז. דער וועכטער שטייט ביים טירל פון טויער און רעפּעטירט זיין רעוואָלווער. אָט דאָ קאָן עס גע־שעען! עס וועט הייסן: „ביי אַ פּרווו צו אַנטלויפן״, אויב זיי דאַרפן איבערהויפּט דער־צו אַ תירוץ.

— מיר איז קאַלט, — זאָג איך צום וועכטער — איך וויל צוריק אין דער קאַ־מער. ער לאַכט מיט הנאה, ער האָט ,זעט אויס, באַמערקט מיין שרעק און חשד:

— וואָס? עס איז בסך הכל פינפאונפערציק גראַד פראָסט, אָבער איך דאַרף דאָך זיין חיים!

איך ווייס נישט וואָס ער וויל פון מיר, וואָס ער איז דערמיט אויסן צו זאָגן. לאָמיך שוין זיין אין דער קאַמער. איך וואָלט שוין נישט וועלן פון דאָרטן אַרויס.

די פערטע נאַכט בין איך שוין נישט געגאַנגען אויף דער אויספאָרשונג און שוין געקאָנט פּרווון אַביסל שלאָפן. עס איז זיך שווער צוצוגעוווינען צו דעם קלאַפּ פון דעם לעדנדל ביים „וואָלפישן אויג", וואָס דער שליסער עפנט יעדע צוויי מינוט און קיקט אַריין. ער דערמאָנט מיך, אַז ביים שלאָפן דאַרף מען האַלטן די הענט אויף דער קאָלדרע.

די שווערע טריט פונם וועכטער איבערן קאָרידאָר גיבן אויך נישט קיין רו. און אָט עפנט מען שוין ווידער דעם שלאָס און מען ריגלט אויף די טיר פון קאַמער. מען פירט אַריין אַן אַרעסטאַנט.

נאָך אַ מענטש! אַ תפיסה־חבר. איך וועל שוין דאָ נישט זיין איינזאַם. דאָס איז אַ גרויס גליק. עס איז לייכטער צו לעבן און אפילו לייכטער צו שטאַרבן, ווען נעבן דיר שטייט אַ מענטש — אַ גורל־ברודער.

איצט טאָר מען גאָרנישט רעדן. ער ווינקט צו מיר מיט אַן אויג: — מאָרגן, מאָרגן!

אויפן טישל איז געלעגן דאָס שטיקל פלייש, וואָס איך האָב נאָך מיטגענומען דעמאָלט פון וואקזאַל אין דאַנילאָווא. עס ליגן אויך מיינע פּאַיקעס ברויט. ער גיט ווידער אַ ווינק מיטן אויג:

— מען קאָן עסן?

איך שאָקל מיטן קאָפּ אויף יאָ. ער וואַרפט דאָס גלייך אַלץ אַרונטער אונטער זיין קאָלדרע.

איצט, אַז מען האָט שוין אַריינגעלאָזט צו מיר נאָך אַן אַרעסטאַנט, פאַרשטיי איך, אַז מיט מיר איז שוין לייכטער, אַז די אויספאָרשונג איז שוין געענדיקט. איצט וואָלט איך וועלן אויף לאַנג, לאַנג — איינשלאָפן...

## ק אַ פּ י ט ל  ג

איוואַן קאַראַל איז אַן אוקראַינער, ניין און צוואַנציק יאָר אַלט. ער איז אַ פעסטער, לעבעדיקער יונג, כאָטש ער זעט שוין אויס אַ סך עלטער פון זיינע יאָרן. עס איז שווער ביי אים צו דערגיין, פאַרוואָס ער זיצט. ער האָט אויף זיך עטלעכע באַשולדיקונגען, איז שוין צוויי מאָל געזעסן. איצט איז ער טאַקע אַנטלאָפן פונם לאַגער און די „אָפּעראַטיווע בריגאַדע" האָט אים געכאַפּט אין צוג. זיי זאָלן נאָר נישט דערגיין זיינע אַמאָליקע חטאים. ביי אים אין ראַיאָן האָט מען אים געזוכט און געוואָלט איינזעצן צוליב אַלימענטן, האָט ער געמאַכט דעמאָלט פּליטה. איצט איז מיט אים אַן אַנדערער ענין.

— עס וועט זיין פאַר דיר געזינטער נישט צו וויסן אַלץ.

ער איז מיך מקנא:

— הא, ווען זיי לאָזן מיך דאָ, אין דעם טורמעלע, וואָלט איך מיט זיי אונטערגעשריבן אַ קאָנטראַקט אויף דריי און אפילו אויף פינף יאָר. דאָ איז דאָך אַ סאַנאַטאָריע! מען גייט נישט אויף אַרבעט, עס איז דאָ וואַ־עם, מען ברענגט דיר צוויי מאָל אין טאָג עסן. יעיבאָנו, עס איז מקנא צו זיין. מיך וועט מען באַלד צוריקשיקן. וועסט זיין אין לאַגער, וועסטו שוין זען דעם אונטערשיד.

איך באַנעם אים נישט: מיט וואָס איז דאָס „טורמעלע" אַ סאַנאַטאָריע און פונוואַנען ווייסט ער עס אַזוי אויף זיכער, אַז איך וועל זיין אין לאַגער. איך האָב דאָך נאָך נישט געהאַט מיין פּראָצעס. אפשר וועט מען מיך באַפרייען אויפן משפּט?

— אַך, טשודאַק איינער, טשודאַק! באַפרייען? ביסט נאָך אַ יונגער בירגער ביי אונז, דו טראַכסט נאָך מיט קאַטעגאָריעס פון דיין פּריציש פּוילן! אַז מען זעצט איין — באַפרייט מען נישט! דערויף זיינען דאָ לאַגערן, אַז דו זאָלסט דאָרט האָרעווען! האָט מען דיך נאָר איינגעזעצט, הייסט עס, אַז עס איז שוין אָנגעקומען דיין רייע! צוריק? צוריק? ווי פון יענער וועלט, ברודערל, קיין צוריק איז נישטאָ!

איך וויל וועגן דעם נישט הערן. איך שמועס מיט אים וועגן אַנדערע ענינים. איך פרעג אים, צי ער גלויבט אין גאָט.

אַנשטאָט אַן ענטפער, נעמט ער גראַבלען אין מאַנקעט פון זיינע הויזן, טאַפּט, זוכט און גיט אַ ציִ אַרויס טריומפירנדיק:

— אָט האָסט דו!

עס איז אַ קליין מעשן צלמל. ער כאַפּט עס צום מויל, פּרעסט־אָפּ אַ קוש און פּאַקט עס שנעל צוריק אין דער פריערדיקער באַהעלטעניש. דאָס צלמל האָט מיר איצט אויסגעזען דערהויבענער און הייליקער ווי אַן אַנדערש מאָל. ער רעדט אַצינד שוין נישט אַזוי זידלעריש.

— אָן דעם וואָלט איך שוין פון לאַנג אָוועקגעפּגרט. אָט דאָס קרייצעלע, ברודערל, גיט צו כוח, מוט און אויסדויער.

ער ציט אויס די הענט, קנאַקט אויס די ביינער, ניט זיך אַ וויש איבערן פּנים:

— טשעפּוכאַ! ביסט געבוירן געוואָרן, ברודערל, נאָר אויף צו פּייניקן זיך! אָבער איך לאָז זיך נישט! זיי שטעלן מיר אַרויס אַ פּויסט, שטעל איך זיי צוריק אויס אַ — פייג!

ער פרעגט מיך צי איך האָב אַ ווייב. יאָ, אַ פרוי און אַ טעכטערל. איך שילדער אים ווי אַזוי זיי זעען אויס. אַ שאָד, וואָס מען האָט ביי מיר צוגענומען די פאָטאָגראַפיעס. איך וואָלט אים געוויזן ווי אַזוי זיי זעען אויס.

— בעסער וואָס דו האָסט נישט זייערע בילדער. נאָכוואָס? פאַרגעס אין זיי. דיין ווייב וועט אין דיר אויך שנעל פאַרגעסן, זי האָט זיך אוודאי שוין גע־שאַפן אַ צווייטן. דו קענסט נישט די ווייבער!

איך קלער אים אויף וועגן דעם צוגעבונדענעם און געטרייען פאַמיליע־לעבן ביי יידן. אַז אונזערס אַ פרוי וועט וואַרטן דריי יאָר, פינף, אפילו צען יאָר וועט זי וואַרטן ביז דער מאַן וועט צוריקקומען. מאַן און ווייב זיינען ביי אונז פאַר־בונדן אויפן גאַנצן לעבן. זיי זיינען ווי איין גוף און איין נשמה.

ער גלעט מיך פאָטערלעך איבערן קאָפּ און הויבט אָן זינגען שטיל אַ פאַר־בענקט, טרויעריק רוסיש לידל. איך הער ווי ער חזרט איבער יעדעס מאָל און שטרייכט אונטער די ווערטער:

— אַך, רעשאָטקי, רעשאָטקי! (קראַטעלעך, קראַטעלעך).

איך בעט אים נאָך אַמאָל פאַמעלעך איבערזינגען און איך הער זיך איין אין די ווערטער. עס איז אַ ליד וועגן אַן אַרעסטאַנט, וואָס האָט נישט געקענט אויס־האַלטן אין טורמע די בענקשאַפט צו זיין געליבטער און ער האָט אין מיטן נאַכט אויפגעבראָכן די קראַטן. מען האָט אים געכאַפּט דערביי און איינגעזעצט אויף

לאַנג אין קאַרצער. אין אַ צייט אַרום האָט ער ווידער אויסגעבראָכן די קראַטן און געלאָזט זיך לויפן. ער איז געלאָפן דורך פעלדער און וועלדער, טאָג און נאַכט, אָן אָפּשטעל, אָן אָפּרו. ער איז געלאָפן צו זיין טייערסטער, צו זיין געליבטער. אָט איז נאַכט, ער איז שוין אין מיטן נאַכט אָנגעקומען אין דאָרף, אָט איז ער שוין ביי איר כאַטע. די טיר איז פאַריגלט, רייסט ער אויף דאָס פענסטער און שפּרינגט אַריין. זיין געליבטע ליגט אין די אָרעמס פון אַ צווייטן מאַנספּערשוין. ער גייט אַוועק פון איר און זינגט אַ ליבּ־ליד צו די קראַטעלעך. פאַרוואָס האָט ער זיי אויסגעבראָכן? פאַרוואָס איז ער אַוועק זען דעם ביטערן אמת? הינטער די קראַטעלעך האָט ער געטרוימט, געליבט, געבענקט, געגלויבט. און איצט? —

„אָך, רעשאָטקי, רעשאָטקי!

— אָט דאָס, — זאָגט ער — האָסטו ברודערל, אָן ענטפער אויף דיין באַריימען זיך. אונזערע ווייבער, אייערע ווייבער — אַלע זיינען זיי פאַרעטערינס, זונהס!

איצט נעמט ער זיך שוין ווילעריש באַרימען:

— איך האָב שוין מיט זיבן ווייבער חתונה געהאַט און זיי אַלע פאַרלאָזן. מיט קינדער, אָן קינדער, מעוברתע — גאַנץ ענגאַל!

ער וויל זיין אַ פרייער מענטש. קומט ער ערגעץ אַרבעטן אין אַ דאָרף, אין אַ פאַרנאַכט, נאָך דער אַרבעט, נעמט ער אַרויס זיין האַרמאָניקע. עס זאַמלען זיך צונויף די מוידן, איך טאַנץ מיט זיי, שפּיל צו און דערנאָך גיי איך אין שטאַל און זיי נעמען צו מיר קריכן איינע נאָך דער אַנדערער.

— אָן אָטשערעד. ברודערל, שטעלט זיך צו מיר אויס. זיי ווערן פאַר מיר די נכפּה און גיבן מיר אַלץ, וואָס איך וויל. יעדע ברענגט מיט פון שענסטן און בעסטן — פּרעס, ברודערל! זויף, ברודערל!

ער באַטאַפּט מיר מיינע מלבושים, קוקט מיך אַרום:

— דו ווייסט פאַרוואָס מען האָט דיך, ברודערל, געכאַפּט אין באַן? ווייל דו טראָגסט אַ העלן, אויסלענדישן מאַנטל. ביי אונז טראָגט מען נישט אַזעלכע, האָט מען דיך באַלד דערשנאַפּט און געפּאַקט.

ער געפינט דערווייל ביי מיר אין לאַץ אַ נאָדל. אָ, איך האָב מזל, ווי אַזוי האָט מען ביי דער רעוויזיע פאַרזען ביי מיר די נאָדל? איך זאָל זי אים אַוועקגעבן אַ מתנה. און נאָך איידער איך ענטפער, איז זי שוין ביי אים ערגעץ פאַרשטעקט:

— די יאָטן אין תפיסה טאַטואירן זיך די לייבער, איז אַ דינע נאָדל מיט גאָלד צוגלייך. זיי וועלן דיר אַוועקגעבן דערפאַר זייער פּאָרציע קאַשע און אפילו ברויט.

ער וויל מיר מיט עפּעס אָפּדינען פאַר דער נאָדל. אויב איך וויל, קען ער מיר דערציילן עטלעכע קלוגיטשקע יידישע וויצן. וועגן פאַרפאַלק חיים און חנה, וועלכע האָבן שבת נישט געוואָלט מעלקן די קו. און ער הויבט אָן דערציילן יידישע שטיקלעך און וויצן אויף אַ גווישן שטייגער, וואָס איז מער ניבול־פּה ווי וויץ.

איך האָב אָנגעהויבן דערפילן אין אים אַלץ מער זיין אויסגעלאַסנקייט און כוליגאַנישקייט. עס איז שוין בעסער זיין אַליין, אָן אים. ער פאַרפּאַטשקעט דיר נאָר דיינע אַלע טרוימען און טרעט אויף דיינע האָפענונגען.

אין דעם זעלבן טאָג נאָך, פאַרנאַכט, האָט מען אים טאַקע צוגענומען און איך בין ווידער פאַרבליבן איינער אַליין אין דער קאַמער.

# קאַפּיטל ד

די קראַטן זײַנען זײער הויך. נאָענט צום סופית. אַ קלײן פענסטערל מיט קלײנע אַכט קראַטעלעך. אַ האַלב פענסטערל גרײכט שוין אַרויס פון דער ערד. אויפן הויף אַרויס. די קראָען שאַרן אַמאָל אַרײן מיט זײערע פיסלעך אַביסל שנײ, עס פאַלט אויף די קראַטן. דאָס קראַקען פון די קראָען איז אַ פאַרגעניגן צו הערן. חוץ סיגנאַלן פון אויטאָס און גודאָקן פון די פאַבריקן, הערט מען מער קײן שום קלאַנג נישט. איז דאָס קראַקען פון די קראָען די אײנציקע שטים פון אַ לעבעדיק באַשעפעניש. אַ קנאַפּע שעה אין טאָג פאַרבלאָנדזשען אויך אַהער עט־לעכע זונען־שטראַלן. אויף דער וואַנט הויבט זיך אָן אָפּשפּילן אַ זון־פילם. די שטראַלן אויף דער וואַנט שטעלן פאָר אַ ברענענדיקע שיף, וואָס וויגט זיך אויף צעשטורעמטע כוואַליעס. עס צינדן זיך פלאַמען, עס פאַרהילט זײ אַ רויך און די שיף פאַרט כסדר פאַרויס. דאָס אַלץ שפּילט זיך אָפּ אויף אַ קלײנעם קוואַדראַטנעם עקראַן פון פופצן צענטימעטער — די גרויס פון די שײבעלעך אינם פענסטערל.

איוואַן קאַראַל האָט מיך געהאַט געוואָלט איבערצײַגן, אַז איך געפין זיך אין אַ סאַנאַטאָריע. אין אײן פּרט וואָלט איך אים געקענט נאָכגעבן: די פופצן גראַם צוקער, וואָס מען קריגט דאָ יעדן טאָג.

איך האָב פאַר דער גאַנצער צײַט פון מײַן זײַן אין פּאַסיאַלעק און אויפן דאַמפּער, נישט פאַרזוכט קײן צוקער. עס האָט זיך טײלמאָל אויסגעדוכט, אַז די צונג וועט פאַרדאַרט ווערן, אַזוי איז זי געוואָרן אַליק און טערפּקע. די 600 גראַם שוואַרץ ברויט יעדן טאָג, זײַנען דאָ אויך בעסער פון דעם ברויט אויף דער פרײַ. עס איז ווײניקער נאַס, נישט טײגיק און קלעפּיק. איך קאָן אָבער נאָך אַלץ נישט עסן די זופּ — וואַסער פון געזאַלצענע פיש און זעלטן ווען עס געפינט זיך אַ שטיקל פיש, אָדער קאַרטאָפל. פאַרנאַכט גיט מען אויך עטלעכע לעפל הירזש, אָדער קלײנע, שוואַרצע פעלד־אַרבעסלעך, וואָס איז שוין דווקא יאָ אַ גוט מאכל.

נאָר כדי מען זאָל קאָנען פאַרגלײַכן אונזער „טורמעלע" צו אַ סאַנאַטאָריע, וואָלט ־עכט געווען, אַז מען זאָל קאָנען כאָטש עפּעס לײענען, אַ בוך, אַ צײַטונג, עס זאָל כאָטש זײַן נאָך אײן מענטש אין קאַמער און מען זאָל שוין וויסן וואָס דיך דערוואַרט: אַ תפיסה־אורטײל, דערשיסן אָדער אפשר אויך גאָר פרײַ ווערן? עס וואָלט אויך רעכט געווען, אַז מען זאָל קאָנען צו וויסן געבן דער פרוי, צי וועמען עס איז פון די באַקאַנטע, — אַז מען איז אַרעסטירט, און ווו מען גע־פינט זיך.

אָבער אַזוי ווי דאָס אַלץ איז נישטאָ, האָב איך געוואָלט פאַר זיך אַלײן אויס־עכענען, גאַנץ קאַלט און רואיק:

צי איז, אײגנטלעך, נישט די בעסטע סאַנאַטאָריע פאַר אַן אַרעסטאַנט — דער קבר? איך האָב זיך אַצינד אפילו דערמאָנט אין אַ נאָוועלע פון אײנעם פון די אַלטע רוימישע שרײַבער (דוכט זיך — לוקאַנוס), אין וועלכער ער באַזינגט די שײנקײט, פּראַכט, מאַיעסטעטישע רואיקײט און האַרמאָניע — פונם טויט.

איך האָב זיך שוין אָנגעהויבן אפילו פרײען פון דעם געדאַנק און נקמה־געפיל איבער די אַלע טורמע־טשינאָווניקעס — ווען אַלע זײערע אַרעסטאַנטן גיבן אַזוי מיטאַמאָל אַ שטאַרב אַוועק! די תפיסה־באַלעבאַטים פאַרלירן מיט אײן מאָל זײערע פּאָסטנס, מיליטערישע ראַנגן, אויסצײכענונגען און פּרעמיעס. זײ

מוזן איצט גיין אַרבעטן אין די פֿאַבריקן, אויף די פֿעלדער — איי וואָלטן זיי געווען אויף אונז אין כעס! ווען זיי ווייסן דאָס איידער מיר שטאַרבן, וואָלטן זיי זיך געוואָרפֿן פֿאַר אונז אויף די קני, געבעטן מיט טרערן אין די אויגן, געקושט די נאַקעטע, אַרעסטאַנטישע קעפּ, די ליימיק־געלע פּנימער אונזערע, אונז געגעבן פֿון שענסטן און בעסטן, אַבי מיר זאָלן נאָר, חלילה, נישט אוועקשטאַרבן. מיר מאַכן דאָך זיי אומגליקלעך! ווי מעגן מיר זיך דערלויבן אַזאַ לוקסוס און סאַדיזם לגבי הונדערטער טויזנטער תפיסה־באַאַמטע?

מיר האָט הנאה געטאָן פֿון דעם געדאַנק. נאָר אויב עס קאָן נישט געשעען מיט אַלע אַרעסטאַנטן, איז כאָטש מיט מיר אַליין. און אויב נישט צוליב דעם בלויזן נקמה און להכעיס־געפֿיל קעגן די טורמע־באַאַמטע, איז בלויז צוליב מיין אייגענעם ווויל, פֿאַר מיין טובה וועגן, פֿאַר מיין רואיקייט. וואָרים ווי לאַנג טאַקע איז דער שיעור צו זיין אַ בעטלער ביים לעבן? —

„האַלט מיך נאָך אויף! נאָך אַביסעלע, נאָך אַ טראָפּעלע!”

פֿאַרוואָס זאָל מען וועלן לעבן פֿאַר יעדן פּרייז?

פֿון דעם געדאַנק אַליין איז מיר שוין לייכטער. איך האָב זיך, הייסט עס, שוין איבערגעוווּנקען מיטן טויט. און נישט נאָר, וואָס איך האָב פֿאַר אים נישט מורא, נאָר פֿאַרקערט, איך פֿאַרבעט אים צו זיך. איך קוק איצט אויף מיין סליע־דאַוואַטעל, דעם קאָמענדאַנט, נאַטשאַלניק, וועכטער — איך קוק אויף זיי אַלע פֿון אויבן־אַראָפּ, מיט ביטול.

**
*

איך פּרוּוו געפֿינען נאָך אַן אַפּוּוער־מיטל — דיכטן. איך האָב כמעט קיינמאָל נישט געדיכטעט. אַצינד פֿאַרפֿאָלגט מיך אַ וויזיע און אַ געדאַנק, וואָס באַפֿרייען זיך פֿון זיי קען איך נאָר — דורך געפֿערזטע שורות און גראַמען.

איך גיי איבער דער קאַמער הין און צוריק, אַ וואָרט פֿאַרהעקלט זיך אין אַ וואָרט, אַ שורה באַהעפֿט זיך צו אַ שורה, דער ריטם מעסט די זילבן און טראַפֿן, די פֿיס טאַקטירן צו. נישט אַלעמאָל שטימט עס, אָבער דאָס ליד מוז וואָס שנעלער געבוירן ווערן, די וויזיע און דער געדאַנק לאָזן מיך נישט צורו.

עס האָבן זיך אויסגעבונדן פֿינף סטראָפֿן און די גאַנצע זאַך האָב איך באַ־טיטלט מיטן נאָמען:

## קראַטעלעך אַכט

גאָט, באַשעפֿער פֿון „מילך־וועג” און מילב,
פֿון באַרג און פֿון שטויבל, פֿון זון און פֿון נאַכט;
כ׳וועל אייביק דיך לויבן דורך דער איינציקער זילב,
כאָטש ק׳קוק אויף דיר, גאָט, — דורך קראַטעלעך אַכט.

מיין וועלט ליגט געבונדן אין אַרעסטאַנטישער קאַמער,
צוזאַמען מיט פֿרייהייט, יושר און רעכט;
אויף דער תפיסה — אַ הערב פֿון אַ סערפּ מיט אַ האַמער,
און דאָס בילד פֿון קאַרל מאַרקס — דער דערלייזער פֿון קנעכט.

אַ, זיידעניו מאַרקס, כ'באַדויער נישט דיין מיתה,
אַ דו, מיט דיין גרויען, ליכטיקן קאָפּ.
דו וואָלסט היינט געזעסן מיט אונז דאָ אין תפיסה,
ביים פּאָטערל סטאַלין — דעם מאַרקסיסטישן... פּאָפּ.

די זון לאָזט אַראָפּ זיך אַ פאַרשעמטע און מידע,
און שענקט אונז אַ שטראַל, אַ רויטינקן שיין;
איך שטרעק מיינע הענט ווי צו אַרעסטאַנטישער ווידוי,
און בעט צו די הימלען מיט שטילן געוויין.

באַווייזט זיך אַ געשטאַלט, פון צאָרן צערייצט:
— „איך צעהאַק מיינע לוחות: „צו רעכט — דורך מאַכט"!
— מ'האָט דאָ אויך מיך און מיין לערע געקרייצט!" —
און כ'דערזע קאַרל מאַרקסן — דורך קראַטעלעך אַכט.

די לעצטע זונען־שטראַלן כישופן אויס זייער בילדער־שפּיל — דער ברענענ־דיקער דאַמפּער אויפן שטורמישן ים. ער שווימט ווייט־ווייט, זיילן רויך פאַרהילן די פלאַמען — דערהער איך פון דעם פאַרשטיקטן פייער — געשרייען, קרעכצן, הילף־רופן. איך דער־קען אין זיי די שטימען פון מיין מעכטערל, פון מיין פרוי, פון מיין מאַמען, — זיי רופן מיך ביים נאָמען. דעמאָלט ווילט זיך ווידער לעבן.

איך פאַרשטעל זיך די אויגן און דריק ביי די שלייפן פון קאָפּ. איך מוז אוודאי האָבן היץ, אָדער איך פאַרליר די געדאַנקען. עס קאָן נאָך קומען ביינאַכט אַן אויספאָרשונג און איך זאָל פלוידערן נאַרישקייטן. איך בין בסך הכל אַכט טעג אַליין און פאַרליר שוין די גלייכגעוויכט. איך מוז אָנהויבן מיט זיך אַליין אַ קאַמף פאַר דערהאַלטן זיך. עס איז אַ חרפּה פאַר אַ מענטש נישט צו קאָנען אַי־בערטראָגן קיין ליידן. מען מוז קעמפן פאַר יעדן שטיקל לעבן. אויב שוין נישט פאַר זיך, האָסטו געלאָזן אַ קינד, אַ פרוי, אַן אַלטע מאַמע. איך זעץ זיך אוועק מיט זיי שמועסן. איך הער דייטלעך זייערע רייד צו מיר, די פרומע, ריינע רייד פון מיין מאַמען, וואָס פאַסט יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק און יעדן חודש ניסן דערוואַרט זי משיחן; איך הער די רייד פון מיין צאַרטער, איידעלער פרוי; איך הער דאָס זיס־סאַמעטענע שטימעלע פון מיין טעכטערל, אַלע פליסטערן זיי צו־מיר:

— לעב, לעב, לעב!

רער טאָג פאַרשווינדט שנעל. דאָס רוישן פון מאָטאָר, די פאַרדעכטיקע קלעפּ אָדער זאַלפּן ביינאַכט, שרעקן מיך שוין נישט.

אין דער נאַכט האָט מען אַריינגעפירט אין מיין קאַמער דעם אַרעסטאַנט וואַסילי סערגייעוויטש אָסיפּאָוו.

## קאַפּיטל ה

— ווי מיינסטו דו, אַן אורטיילעלע אויף אַ טויטעלע וועט זיין?

— ניין, וואַסילי סערגעיעוויטש. דוקא דערפאַר, ווייל איר זענט אַ גנב, וועלן זיי אייך נישט פאַרמשפטן צום טויט.

— אבער פאר די לעצטע פינף־און־צוואנציק יערעלעך בין איך שוין צוועלף מאל געווען פארמשפט. אצינד קומט דאס דרייצנטע מאל. דו פארשטייסט, דאס דרייצנטע מאל! און וואס האב איך דען געזאגט? א ווארט, א ווארט בלויז און זיי האבן שלעכט געהערט דאס ווארט, איך האב אזוי נישט געזאגט.

אין צום ווייפלטן מאל חזר'ט ער שוין איבער גענוי די מעשה. ער איז ארויס פון לאגער. דאס מאל האט ער באשלאסן, אז — שוין! מער גנבעט ער נישט. מער פארשולדיקט ער זיך שוין נישט — ער וועט לעבן פון דער ארבעט. איז ער גע־קומען קיין וואלאגדא, געשטעלט זיך אלס וועכטער אין א פאבריק. זיין שוועסטער אין לענינגראד האט ביי אים גענומען א פייערלעך ווארט, א שבועה, אז מער גנבעט ער נישט. ער האט איר דאס צוגעזאגט, ווען זיי זיינען געווען אויפן טאטנס קבר דארט. ער וועט האלטן זיין ווארט, געגעבן אויפן טאטנס קבר. ער ארבעט אפ קוים דריי וואכן. ביינאכט קומט ער שלאפן איז דער צוזאמענווינונג („אב־שטשעזשיטיע") ביי דער פאבריק, ליגט זיך שלאפן. פופצן מינוט נאך צוועלף ביינאכט קומט אריין מיליץ און נעמט אראפ אז ארבעטער, זיין שכן, פי׳ גלע־נער. זיי ארעסטירן אים. פארוואס? ער האט פארשפעטיקט אויף צוואנציק מינוט צו דער ארבעט. פרעגט ער זיך, וואסילי, ביי א צווייטן שכן:

— פאר צוואנציק מינוט פארשפעטיקן צו דער ארבעט, ארעסטירט מען?

ענטפערט יענער, אז עס איז אזא באשלוס פון דער רעגירונג. האט וואסילי געענטפערט:

„יעי באגו. א מאדנער באשלוס פון דער רעגירונג".

און אט איז מען געקומען אין דריי טעג ארום און אים ארעסטירט. מען ווארפט־פאר וואסילין, אז ער זאל האבן געזאגט (די לעזער, וועלכע פארשטייען רוסיש, וועלן אויף מיר נישט פאראיבל האבן, ווען איך וועל איבערגעבן איין ווארט אין אריגינאל, אזוי ווי עס איז פארמולירט געווארן אין דער באשולדיקונג):

„יא יעבו דעם מאדנעם באשלוס מיט דער רעגירונג צוזאמען!"

און מען האט אים אוועקגעשטעלט אונטערן בארימטן פאראגראף 58 — דאס הייסט קאנטר־רעוואלוציאנערע אגיטאציע! וואסילי וויל מיך איבערצייגן, אז ער האט נישט געקענט זאגן אזא נארישקייט, ווי „איך דאס... די רעגירונג". ער פרעגט מיך באלד צי דאס איז א גוטער תירוץ, צי זיי וועלן אים גלויבן.

פון דעם שמייכל אין זיינע אייגעלעך זע איך, אז ער האט טאקע געזאגט דאס, וואס מען ווארפט אים פאר, נאר ער אליין האט שוין נאכן ארעסט אויס־געפונען דעם תירוץ מיטן ווארט־שפיל. עס זיינען דא דריי עדות קעגן אים, וועלכע באשטעטיקן די באשולדיקונג. מיינט ער, אז עס וועט אים נישט געלונגען דאס מאל זיך ארויסצודרייען. מען וועט אים געבן א „קיילעכל" אין קאפ. ער גלויבט, אז מען וועט אים לאנג נישט האלטן און גאנץ שנעל דערשיסן. אגב, האט ער א סימן דערצו אויך:

— די לעצטע נאכט האט זיך אים געחלומט, ווי ער באדט זיך אין ים. פלוצים ברעכט־אויס א שטורעם. ער ראנגלט זיך מיט די כוואליעס און גראד דערזעט ער פונווייטנס אנלויפן זיין שוועסטערס מיידעלע. אים געלונגט זיך דערשלאגן צום ברעג און ער לויפט ארויס א נאקעטער. עס לויפט צו אים צו דאס מיידעלע, דער־לאנגט אים א שפאגל־נייי וויים העמד, גיט אים שנעל א קוש אין מויל אריין און אנטלויפט. זי פאכעט צו אים מיט די הענטלעך און שרייט:

„זיי געזונט, פּראַשטשאַי! מיר וועלן זיך שוין קיינמאָל מער נישט זען!"
— נו, דאַכט זיך, אַז עס דאַרף דיר זיין איצט קלאָריטשקע, אַז דאָס מיינט — „ראַסטריעל", אַ קיילעכל אין קעפּל און אַ גוטיטשקען דיר!
אים פּאַרדריסט נאָר איין זאַך:
די שוועסטער וועט נישט וויסן וואָס מיט אים איז געשעען. זי וועט מיינען, אַז מען האָט אים ווידער איינגעזעצט פאַר גנבה און ער האָט געבראָכן די פייער־לעכע שבועה אויפן טאַטנס קבר.
וואַסילי איז אַלט זיבן־און־פערציק יאָר. ער איז נידעריק, שמאָל און דראָב־ניטשקע. ער טראָגט קליינע, דראָבניטשקע וואָנסעלעך. ער שטעלט קליינע טריטע־לעך און רוקט זיך פּלאַטשיק און שטיל, ווי ער וואָלט באַדאַרפט זיך דורכשאַרן דורך אַ שפּאַרע. ער רעדט קורץ־אָטעמדיק און פאַרבלאָז. אַלע אויסדרוקן באַנוצט ער צערטלדיק, פאַרקלענערט:
דאָס ברויטעלע, זופּעלע, נאַטשאַלניקל, גענעראַלעכל, טויטעלע.
דאָס ערשטע מאָל איז ער פאַראורטיילט געוואָרן פאַר גנבה אין יאָר 1915. מיט דעם „פּאַך" האָט ער זיך שוין געהאַט באַנוצט עטלעכע יאָר. נאָר עס איז אים שטענדיק געראָטן. ער איז קיינמאָל נישט אַריינגעפאַלן. פאַרוואָס איז ער דאַסמאָל יאָ אַריינגעפאַלן? גאָר פּשוט: ער האָט פאַרגעסן מיטצונעמען דעם טאַטנס זיל־בערנעם גילדן.
— וואָס איז עס געווען פאַר אַ גילדן?
— האַ. וואָס פאַר אַ גילדן! ווען דער טאַטע איז געשטאָרבן, האָט ער אים אַ מינוט פאַרן טויט צוגערופן צום בעט און אים געגעבן אַ זילבערנעם גילדן אין האַנט אַריין: „ראַהאַלט עס אויף מזל!" ווי ער האָט נאָר דאָס אַרויסגעזאָגט, איז ער גלייך געשטאָרבן. וואָס! פון דעמאָלט אָן, ווען ער איז נאָר אַוועק אויף אַ „שטיקל אַרבעט", איז אים אַלעמאָל געראָטן. ערשט נאָך דריי יאָר גנבענען — מען פּאַקט אים. וואָס איז געשעען? ער גיט אַ קוק — יאָ! ער האָט נישט ביי זיך דעם גילדן. ער האָט איבערגעטאָן דאָס רעקל פאַרן אַרויסגיין פון שטוב און פאַרגעסן איבערלייגן דעם טאַטנס זילבערנעם גילדן. וואָט!
פון דעמאָלט אָן איז ער שוין צוועלף מאָל געווען פאַרמשפּעט און אָפּגעזעסן ניינצן יאָר אין טורמעס און לאַגערן.
— און אַלץ פאַר גנבה?
— ניין. איינמאָל פאַר דעזערציע, איינמאָל פאַר כוליגאַניזם און אייניקע מאָל האָט מען אים פּשוט געכאַפּט פאַר בראָדיאַגעוועץ, ווען מען האָט אים געטראָפן זיך דרייען נעבן וואָקזאַל, אָדער כאַפּן אַ דרימל אין גאָרטן. מיליץ קומט צו, באַקוקט זיין לאַגער־דאָקומענט, נעמט מען אים גלייך צו אַלס „סאָציאַל־שעדלעכן עלעמענט" און די „טראָיקע" גיט אים פאַרטיקע דריי יאָר.
— וואָס הייסט דאָס „די טראָיקע"?
— וואָס? דו ביסט אַן אַרעסטאַנט? זיצסט אין אַ סאָוויעטישער טורמע? וויסט נישט וואָס עס הייסט „די טראָיקע"?
ער מאַכט אַוועק מיט דער האַנט און וויל אויפהערן מיט מיר רעדן. ער האָט אָבער נישט קיין ברירה, איך בין דער איינציקער מיט־שמועסער זיינער.
— „די טראָיקע", דאָס איז אַ געהיים־געריכט, וואָס באַשטייט פון דריי מענ־טשן, וואָס קיינער קען זיי נישט. מען פאַרפירט נישט קיין שום פּראָצעס, מען דאַרף

נישט קיין עדות. זיי פֿאַראורטיילן דיך הינטער די אויגן און מען ברענגט דיר שוין אַ פֿאַרטיקן אורטייל.

— פֿאַרוואָס האָט מען אייך, וואַסילי סערגעיעוויטש, פֿאַרמשפּט פֿאַר כוליגאַניזם? ווּעמען האָט איר געשלאָגן?

— נו, כוליגאַניזם. איך זיץ אָפּ דריי יאָר אין לאַגער, עס איז אַ טאָג פֿאַר מיין אַרויסגיין אויף דער פֿריי, גיי איך אַריין צום „לעקפּאָם" (פֿעלדשער) ער זאָל מיר אויסקוועטשן עטלעכע בלאָטערלעך אויפֿן פּנים. איך וויל זיך גוט אָפּראַזירן, אַז איך זאָל אַרויס אויף דער פֿריי ווי אַ שטיקל מענטש. נעמט ער, אַנשטאָט אויסקוועטשן און באַגיסט מיר דאָס פּנים מיט אַ גרינער פֿליסיקייט. אַז איך כאַפּ נישט דאָס פֿלעשעלע מיטן גרינעם יאָד און שמיר אים אויס דאָס גאַנצע מאָרדעלע זיינס. פֿאַרשטייסטו דאָך אַליין, אַז איך בין שוין צומאָרגנס נישט אַרויס. מען האָט מיר געגעבן נאָך צוויי יאָר פֿאַר כוליגאַניזם. זיץ נאָך אַ קאַפּיטשקע, פּעטערל.

פֿונדעסטוועגן וואָלט ער וועלן, אַז מען זאָל אים דאָס מאָל פֿאַרמשפּטן, באַדאַי אויף צען יאָר, נאָר נישט קיין שיסן. פֿאַרוואָס קומט עס אים? וואָס? זיי האָבן אים געגעבן דאָס לעבן? זיי האָבן אים באַשאַפֿן? געבוירן?

— שיסט, שיסט, פּעטע־לעך! איר האָט געלערנט אין די ביכלעך! טייערע ביכעלעך! פֿאַר אַ וואָרט — אַ קויל! אין קאָפּ אַריין! אין האַרץ אַריין! זיי טוט עס נישט וויי! זיי לייענען ביכלעך! אַ קויל — און וואַסילי סערגעיעוויטש אָסיפּאָוו, געבוירן אין פּעטערבורג, גיט זיך אַ קייקל איבער און גלייך אין קבֿר אַריין! אין קבֿר!

און וואַסילי דרייט אַוועק דעם קאָפּ אין אַ זייט. ער שעמט זיך פֿאַר מיר מיט זיינע טרערן, וואָס זיינען אים פֿאַרלאָפֿן אין זיינע בלויע אויגן.

— איר זענט אַן אַלטער גנבֿ און דאָך אַ נאַר! מען וועט אייך נישט שיסן און נישט געבן קיין צען יאָר. אפֿשר פֿינף און אַמאָל קאָן נאָך געראָטן אויף דריי, און ווער ווייסט? אפֿשר טאַקע באַפֿרייען?

ער כאַפּט מיך פֿאַר דער האַנט, נעמט מיך אַרום. ער שעמט זיך שוין נישט אַצינד מיט זיינע טרערן:

— איר זענט אַלע גוטע און איידעלע. דאָס יידישע פֿאָלק איז הייליק, יעוּ־באָגו! איר קענט טרייסטן און זענט מענטשלעך. אונזערע — נישט, אייערע — יאָ, חוץ מיין שוואָגער, אַ בוכאַרער ייד. ער מאַליעט זיך (דאַוונט), נאָר איז אַ זשוליק. ער לאָזט נישט מיין שוועסטער זאָל מיך אַריינלאָזן צו זיך אין שטוב אַריין. נאָר איך בין אים מוחל, ער איז איצט אויך אין לאַגער, פֿאַר שפּעקולאַציע. מיין שוועסטער איז אַליין, איינע אַליין מיט איר טעכטערל. שיסט מען מיך, האָט זי קיינעם נישט. יאָ, זיי וועלן מיך שיסן. עס איז דער דרייצנטער אורטייל. דעם טאַטנס גילדן פֿאַרלוירן, פֿאַרלוירן! און צוזאַמען מיט אים — וואַסילי! נאָר דו קאָנסט מיך ראַטעווען, נאָר דו, ראַטעווע!

איך האָב אים פֿאַרחידושט אָנגעקוקט.

— יאָ, דער סלעדאָוואַטעל האָט זיך ביי מיר שוין געפֿרעגט אויף דיר. ער זאָגט, אַז דו ביסט אַ וואַזשנער פֿאַרשוין. מען איז דיך, דאַכט זיך, חושד אין שפּיאָנאַזש, קאָן מען דיך אויך דערשיסן. נאָר איך גלויב נישט, אַז דו זאָלסט זיין אַ שפּיאָן. מען וועט דיך באַפֿרייען, וועסט אַרויס פֿון דאַנען. ער האָט מיך געפֿרעגט, וועגן וואָס מיר רעדן צווישן זיך. איך האָב נישט געזאָגט קיין שלעכטס, איך בין נישט קיין

אינטעליגענט, מיט אַ ביכל־כאַראַקטער. איך בין פון דער „בלאַטער וועלט“, מיר פאַרשיט; נישט קיינעם. דו וועסט אַרויס אויף דער פריי, וויל איך פון דיר נאָר דאָס, אַז זאָלסט אַריינוואַרפן מיינע אַ פּאָר ווערטער אין פּאָסט־קעסטל, צו מיין שוועסטער, נאָר אַ פּאָר ווערטער:

„וואַסילי האָט געהאַלטן די שבועה אויפן טאַטנס קבר. ער איז אַריינגעפאַלן צוליב אַ „טשעפּוכאַ“ (נאַרישקייט), אַ וואָרט. ער קושט זי און דאָס טעכטערל. זאָלן זיי גיין אויפן טאַטנס קבר.“

— מער נישט, טייערינקער. דערמיט ראַטעווועסט דו מיך. דעמאָלט אַרט מיך שוין נישט דער טויט. זאָג־צו, וועסט ראַטעווען אַ רוסישן מענטש, אַ פריינטל!

מען טראָגט שוין די זופּ אויפן קאָרידאָר. דעמאָלט ווערט אַלץ איבערגעריסן. מעג עס זיין דער אינטערעסאַנטסטער געשפּרעך. אַפילו ווען איינער זאָגט־אָפּ ווידוי פאַרן טויט.

## קאַפּיטל ו

איך גלויב אים נישט.

איך האָב אים שוין עטלעכע מאָל איבערגעזאָגט דער שוועסטערס אַדרעס פון אויסנווייניק. אים באַוויזן, אַז איך געדענק גוט דעם אַדרעס פון זיין שוועסטער אין לענינגראַד, נאָר ער האַלט זיך ביי דאָס זייניקע — אַז בעסער וואָלט געווען, ווען איך האָב אים אַן אָנגעשריבענעם. איך האָב אָפּגעזאָגט. איך וויל ביי זיך נישט האַלטן קיין שום געשריבנס. טאָמער באַפרייט מען מיך טאַקע פון דאַנען און ביים אַרויסגיין וועט מען געפינען ביי מיר אַן אַדרעס, קאָן איך האָבן נייע צרות.

איך האָב זיך באמת נישט איינצושלאָפן פריער פאַר וואַסילין. איך האָב מורא געהאַט, אַז ער זאָל מיר פאַרט נישט אונטערוואַרפן דעם אַדרעס. און ווער ווייסט צי דאָס איז בכלל נישט קיין פּראָוואָקאַציע? — ער וועט מיר אונטערוואַרפן אַ צעטעלע און דאָס קאָן זיין אַן אַדרעס, ווער ווייסט צו וועמען! עס קאָן זיין אַן אונטערגעשטעלט שטיקל אַרבעט.

ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט אין מיטן נאַכט האָב איך דערפילט אַן אומ־רואיקייט. איך האָב גלייך גענומען אַרומטאַפּן מיין מאַנטל, מיט וועלכן איך ליג צוגעדעקט, באַטאַפּט אַלע קנייטשן — יאָ, איך האָב געפונען — אַ צעטעלע מיט זיין שוועסטערס אַדרעס. איך האָב אים שנעל צעריסן און געוואָרפן אין פּאַראַשע.

אינדערפרי האָב איך געזאָגט, אַז איך וועל שוין איבערהויפּט נישט שרייבן צו זיין שוועסטער. זאָל ער מיר מער קיין צעטעלעך נישט אונטערוואַרפן.

ער האָט מיך איבערגעבעטן, זיך עטלעכע מאָל אַנטשולדיקט און איך האָב אים ווידער צוגעזאָגט צו שרייבן. די צווייטע נאַכט האָב איך ווידער אַרומגעזוכט אין מיין מאַנטל, קיין צעטעלע האָב איך שוין נישט געפונען, נאָר עפּעס אַנדערש — אַ פּוילישע מטבע, אַ צענערל. עס איז געלעגן פאַרשטעקט אין לייסטל. אין פלוג האָב איך זיך דערפרייט דערמיט, אַ היימישע זאַך, אַ פּוילישע מטבע, אַן אויפ־שריפט „פּוילישע רעפּובליק“ — מיט אַן אָדלער — עס האָט אויפגעוועקט זכרו־נות. איך בין אָבער גלייך אַריינגעפאַלן אין שרעק.

טאָמער געפינט מען עס ביי מיר, וועט מען זאָגן, אַז דאָס איז אודאי אַן

אפגערעדטער סימן. וואָרים פון וואַנען קומט צו מיר אַ פּויליש צענערל אין לייסטל פון מאַנטל?

מיר איז אַליין אויך אַ וווּנדער. ווי אַזוי איז עס דאָרט געלעגן די מטבע שוין אוודאי אַ יאָר, צי מער, אַרויסגעפאַלן פון דער צעריסענער קעשענע און זיך דאָרטן פאַרשטעקט?

מען דאַרף עס וואָס שנעלער באַשטאַטן. אַריינוואַרפן עס אין דער קלאָזעט־שיסל. שטייט אָבער שטענדיק דערנעבן דער שליסער. מען דאַרף זיין געהיטן, אַז עס זאָל ביים אַראָפּלאָזן, זיך נישט דערהערן קיין קלאַנג.

***

וואַסילי ברענגט מיר צו אַ מתנה: זיין „ספּעצאַוועקע" (בלוזע), אַ פּאָר שטיוול, און צוויי פּאָר נייע שקאַרפּעטן, וואָס די שוועסטער האָט אים לעצטנס געשענקט. ער גיט דאָס מיר אַוועק צום אָנדענק. ער דאַרף עס שוין נישט. אים וועט מען דאָך דערשיסן, טאָ זאָל איך כאָטש אָפּט זיך אין אים דערמאָנען. ער פילט אין מיר אַ פריינט. ער איז נאָר בייז פאַרוואָס איך מיאוס זיך פון אים אויסצורויכערן בשותּפות איין פּאַפּיראָסל. נאָר מילא, איך בין דאָך פון אַ קאַפּיטאַליסטיש לאַנד, פאַרשטייט ער דאָס, איז ער מיר מוחל.

איך זאָג אָפּ צו נעמען די מתנה, איך דאַרף דאָס נישט; ער וועט דאָס אַליין נאָך דאַרפן. ער וועט נאָך לאַנג לעבן. מען וועט אים זיכער נישט דערשיסן, ער זאָל זיך דאָס אַרויסשלאָגן פון קאָפּ.

זיינע אויגן ווערן פייכט און דאָס פּנים פול מיט פלעקן. מען דערזעט זיי נאָר דעמאָלט, ווען ער רעגט זיך אויף.

— וואַסילי סערגעיעוויטש, איר האָט אַמאָל געקרענקט?

ער ענטפערט מיט אַ יאָוש־שמייכל און מאַך מיט דער האַנט:

— נישטאָ די חולאת, וועלכע איך בין נישט דורכגעגאַנגען. געאַרבעט אין אַ לאַגע־ל וויט נאָך מורמאַנסק, ביי דער פינישער גרענעץ, אין טונדרעס, אין בלאָטעס, ביז איבער דער ברוסט. ציגנאַ, רעוומאַטיזם, מאַלאַ־יע, לונגן־אָנצינדונג, אַוויטאַמינאָזע, און וועלכע ק־ענק נישט? צום ערגסטן איז געווען אין די יאָרן 1936—1938, ווען עס האָט געבושעוועט אין די לאַגערן דער „פּראָאיזוואָל".

— וואָס איז דאָס אַזוינס „פּראָאיזוואָל"?

— נו, גאָט מיינער, מיט דיר איז נישט אויסצוהאַלטן! דו ווייסט אויף אַן אמת נישט, וואָס עס באַדייט „פּראָאיזוואָל"? טויזנטער, הונדערטער טויזנטער, זיינען דערפון אומגעקומען. דאָס הייסט — הפקרות, זעלבסשטענדיקע האַנדלונג, אַליינהע־שעריי. אַלע נאַטשאַלניקעס, אָב־אַניקעס, שליסע־, ב־יגאַדירן, ־עסיאַטניקעס, סאָטניקעס — די אַלע, זיינען אַליין געווען אַ־עסטאַנטן און זיי האָבן אָנגעפי־ט מיט די לאַגערן. זיי האָבן געטאָן וואָס נאָ־ זיי האָט זיך פאַרוואָלט. גייט אַן אַלמיטשקער פּראָפעסאָרל אין דער קאָלומנע צו דער אַרבעט, ער שלעפּט קוים די פיס, ער טראָגט נאָך אויף זיך אַ נישקשהדיק בגדל, אַ פּאָר נישט־שלעכטע הויזן, פון אַמאָליקע שטאָפן. דעם „סטרעלאָק" געפעלט עס, ציט ער אויס די ביקס, אַ צי ביים צינגל און — פאַרטיק! עס ווערט פאַרשריבן:

„דערשאָסן ביים פּרווו צו אַנטלויפן!"

דאָס איז געשעען אַזוי יעדן טאָג, אויף יעדן פּונקט. אַ סך האָבן זיך אַליין גענומען דאָס לעבן, זיך אָפּגעהאַקט אַ האַנט, אַ פוס, כדי צו ווערן איבערגעשיקט אין שפּיטאָל אַריין. מען האָט דאָרט געאַרבעט זעכצן שעה אין טאָג, דאָס עסן וואָס איז אָנגעקומען פאַר די אַרעסטאַנטן, וועש, פּאַפּירקעס — האָט די נאַטשאַלס־טווע פאַרטאַכליעוועט, פאַרשאַכערט. זיי האָבן געשיכורט און גענואַפט. ווער פון די לאַגערניקעס האָט זיך נאָר אַ קרים געטאָן, געקומען זיך צו זיי קלאָגן — דער ענטפער איז שטענדיק געווען — אַ קויל. אין בעסטן פאַל — אויף חדשים אין אַי־זאָלאַטאָר, אויף 300 גראַם ברויט און איינמאָל אין טאָג געקאָכט וואַסער. דאָס איז ערגער פון טויט.

דערשאָסן, זעלבסטמאָרד, אויסגעגאַנגען, געפאַלן ביי דער אַרבעט, געפאַלן ביים באָדן זיך, אין מיטן שלאָפן, אין מיטן גיין. לאַגער — דאָס איז אַן אָרט, ווו צען מאָל אין טאָג פילסטו דעם טויט, דו פילסט אים, דו ווילסט אים שוין האָבן, קומט ער נישט, ווערסט נאָר קראַנק: עס פאַרב־ענט דיר דאָס לייב, עסט דיר אויס גלידערוויז. דער מלאך המות איז אַ מלאך קענגן זיין קאָנקורענט — דעם לאַגער. יאָ, אייגנטלעך וואָלט שוין געווען בעסער, אַז זיי זאָלן מיך דערשיסן, געזונג, נאָר איך וואָלט נאָך וועלן איינמאָל זיך באָדן אין טייך. ליגן ביים ברעג און אויסוואַ־רעמען די פּלייצע אונטער דער זון. איינמאָל אָפּעסן אַ גוט, געשמאַק מאכל, נאָך איינמאָל זיין אויפן טאַטנס קבר, זיך זען מיט דער שוועסטער, אַ קוש געבן איר מיידעלע מיטן פאַרפּאַטשקעטן נעזעלע און שוואַרץ־ברוינינקע בוכאַרישע אייגעלעך און דאַוואַי אויף יענער וועלט! „כ...ס'נימי” (אַ מיאוס זידל־וואָרט), אפשר איז דאָרטן גאָר בעסער?”

ער פאַרמאַטערט מיך, וואַסילי, מיט זיין כסדרדיקן רעדן וועגן טויט.

אויב איך נעם נישט אָן זיין מתנה, גיט ער מיר בלויז אַ שוואַרץ שטיקל טוך אַריינצולייגן אין די שיך, עס וועט מיר זיין ווייכער און וואַרעמער. יעדעס מאָל ביים אָנטאָן און אויסטאָן די שיך, וועל איך דערזען דאָס שוואַרצע שטיקל טוך. דער צייכן פון טרויער וועט מיך דערמאָנען אין זיין לעבן און טויט.

ער קלאַמערט זיך, נישט פאַרגעסן צו ווערן, נישט אָפּגעווישט צו ווערן, זאָל כאָטש בלייבן פון אים עפּעס אַ צייכן. ער דראַפּעט זיך אַרויף צו די קראַטן, דאָס לופטשיקל איז אָפן, און וואַרפט אַרויס אין דרויסן אויך אַ שוואַרץ שטיקעלע טוך. עס איז זיין טרויער־פאָן. זאָל זיין אַ שוואַרצער פלעק אויפן ווייסן שניי. אפשר וועט עס גאָר אָוועקטראָגן דער ווינט?

ביינאַכט, ביים גיין אין קלאָזעט, פאַרפּאַק איך דאָס פּוילישע צענערל אין דעם שטיקל טוך און לאָז עס אַרונטער אין וואַסער־בעקן. איך בין געווען אין חשד, אַז אויך דאָס שטיקל שוואַרצער טוך קאָן זיין עפּעס אַ „שטיקל”, אַ פּראָוואָקאַציע.

## קאַפּיטל ז

וואַסילי דערציילט מיר ווי אַזוי ער האָט ערשט עטלעכע טעג פאַרן אַרעסט פאַרטיידיקט יידן. עס איז אַ מעשה מיט אַ יונגער פריילין, וואָס מען האָט געפונען דאָ אויפן פּראַוואָסלאַוונעם צווינטער. זי איז געהאָנגען אויף אַ צלם, וואָס איז גע־שטאַנען איבער אַ קבר, אַ פאַרגוואַלטיקטע. אין שטאָט האָבן זיך באַלד פאַר־שפּרייט קלאַנגען, אַז דאָס האָבן געטאָן יידישע פּליטים פון פּוילן, דאָס איז אַ

נסמה־אַקט איבער די רוסן, ווייל די פּוילישע יידן האָסן די רוסן. מען האָט גע־ערדט יוענגן דעם אין אַלע אַטשערעדס, סטאַלאָוועקס. ער, וואַסיל, האָט אומעטום, וווּ ער איז נאָר געקומען, אויפגעקלערט דעם שטות — יידן זיינען בכלל נישט פּעיק אויף אַזאַ טאַט, זיי האָבן אפילו מורא אַרויפצוגיין אויף אַ קריסטלעכן צווינטער.

וואַסילי חנפעט מיך נאָך אויך דערמיט, וואָס ער לויבט פּוילן — דאָרט זייַנען, זאָגט ער, די קלוגסטע גנבים, אויפטוערס. דער איינפאַל מיטן אויסשניידן מיט ראַזיר־מעסערלעך די טאַשן, האָבן קיין פּעטערבורג אַריבערגעבראַכט די וואַרשעװער גנבים, נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה.

די קאַשע־גרויפּן, וואָס מען האָט געקריגן צו מיטאָג, האָט ער נישט אויפגעגעסן אינגאַנצן, געלאָזן אַביסל. איצט קוועטשט ער אויס דורך אַ טיכעלע, ער מאַכט דערפון קלעבעכץ. נאָך וואָס דאַרף ער דאָס? ער מיידט אויס צו ענטפערן, הגם ער שווייגט נישט קיין מינוט, האַלט אין איין רעדן. אויב איך וויל, קאָן איך רעדן, אים דערציילן עפּעס. אַבי עס זאָל נישט זיין שטיל אין קאַמער, מען זאָל נישט דאַרפן טראַכטן.

איך דערצייל אים מעשהלעך פון דער מיטאָלאָגיע, פאַקטן פון דער אַלטער געשיכטע. עס פאַראינטערעסירט אים שטאַרק אַלעקסאַנדער מוקדון, יוליוס צעזאַר, נעראָן, בר־כוכבא. ער הערט זיך איין מיט געשפּאַנטקייט. ווייל איך זיך אָפּרוען אַ מינוט, האָט ער באַלד וואָס צו פרעגן, ער וויל אַלץ וויסן. זאָל ער נישט קומען אויף יענער וועלט ווי אַן אומוויסנדער תם. ער וויל אויך איך זאָל אים אויפקלערן וואָס עס איז אַזוינס נאַציזם. איך זאָג עס אים אין עטלעכע ווערטער:

— דאָרטן איז איין פּאַרטיי, איין פירער, קעגנער ווערן אַריינגעזעצט אין קאָנצענטראַציע־לאַגער, אָדער דערמאָרדעט. זיי האַלטן זיך פאַר דעם בעסטן פאָלק אין דער וועלט, אַלע בירגער מוזן דינען דער מלוכה, זיין געהאָרכזאַם, נישט פרעגן קיין קשיות. עס איז נישטאָ קיין פרייהייט, איינער האָט מורא פאַרן צווייטן, שרעק, מסירות, טורמע.

ער גיט מיר אַ זעץ איבער דער האַנט און רייסט מיר איבער מיט כעס:

— י... טוואָיו מאַט! — (אַ רוסישע קללה). איך פרעג דאָך דיך נישט וואָס עס איז קאָמוניזם! איך האָב דאָך דיך געפרעגט וועגן נאַציזם!

איך האָב פאַרביסן אַ שמייכל, אים שנעל אַרונטערגעשלונגען. געבליבן אין אַ פאַר־לעגנהייט, נישט געוווּסט ווי אַזוי זיך אַרויסצודרייען. איך האָב איילִיק צו־געגעבן:

— דאָרט איז פאַראַן פּריוואַט־אייגנטום, עס הערשט די בורזשואַזיע, נישט דער פּראָלעטאַריאַט, זיי זענען קעגנער פון דעמאָקראַטיע, סאָציאַליזם, קאָמוניזם, זיי ווילן באַהערשן די גאַנצע וועלט דורך פּראָפּאַגאַנדע און מלחמה...

ער האָט אַ האַסטיקן שפּיי געטאָן:

— טפו! פלוידערסט נאַרישקייטן! דערצייל שוין בעסער ווייטער וועגן אַלעקסאַנדער מאַקעדאָנער און בר־כוכבא.

דער־ווייל בעט ער מיך איך זאָל אויסמאַכן דאָס מויל, ער וויל מיר איבערציילן די ציין. נאָך וואָס? ער וועט מיר שוין שפּעטער זאָגן.

יעדער אַרעסטאַנט האָט זיין שיסעלע, עס האַלט זיי דער וועכטער. ביים אַריינדערלאַנגען עסן, נעמט זיך יעדער זיין שיסעלע. דאָס מאָל האָט זיך וואַסילי איינגעשפּאַרט, אַז דאָס שיסעלע מיט די צוויי אָפּגעהאַקטע קריצן איז זיינס, דאָס מיט

די דריי קריצן איז מיינס. איך אמפער זיך מיט אים. ער ווייסט דאך גאנץ גוט, אז יענע שיסעלע איז מיינס, איך האב דאס געהאט נאך פאר זיין אנקומען. ער זידלט מיך אין דער מאמען אריין, שעלט, קאכט זיך. עס פארעט פון אים מיט לאגערישער גראבקייט און הפקרות. עפעס א פרעמדער, א צווייטער וואסילי. אויב אזוי, זאג איך, טא זאל פון איצט אן דאס שיסעלע ווערן זיינס און דאס אנדערע וועט זיין מיינס. געענדיקט.

— דאס וועלן מיר נאך זען!

איך באנעם אים נישט. מיר זיצן שוין ביידע אפגעזונדערט און רעדן נישט צווישן זיך.

ער ברעכט זיך דער ערשטער.

— פארשטיי, מיין טייערינקער, דו מיינסט, אז דו ווייסט שוין אלץ און אז אלץ קאן מען גלייך אויסזאגן? אט־וואס: איך טרעף אויף צאלן. איך האב דיר געציילט דיינע ציין. איך האב מיר פארגענומען, אז א גראדע צאל באדייט פאר מיר — לעבן, אן אומגראדע — טויט. אויף דיינע ציין האב איך ריכטיק געטראפן, דו האסט א גראדע צאל. האב איך מיר געטראכט אזוי — אויב היינט וועט מיר נאך אריינפאלן דאס שיסעלע מיט די צוויי קריצן — בלייב איך לעבן, אויב אבער מיט דריי — איז טויט. דערפאר האב איך געכאפט יענע שיסעלע, דאס איז נישט קיין שיסעלע, נאר — לעבן, לעבן, לעבן! פארשטאנען? ! איך דארף וויסן ווער פון אונז עס בלייבט ביים לעבן! ווייל איינער פון אונז וועט דאך זיכער אומקומען! דו גלויבסט נישט דערין, וועט עס דיר נישט שאטן, מיך וועט עס אומברענגען!

עס גייט היינט ארום דער „לאראק". יעדע צען טעג קומט דער דיזשורני צום פענסטערל און מען קאן ביי אים באשטעלן פאר דעם געלט, וואס מ׳האט געלאזן אין קאנצעלאריע — מאכארקע, רויכער־פאפיר, שוועבעלעך און זייף. וואסילי באַשטעלט דער ערשטער. ווען איך גיי צו צום פענסטערל גיט דער דיזשורני א מאך אוועק מיט דער האנט:

— איך נישט.

— וואס הייסט? איך האב נאך דארט ליגן העכער 200 רובל, איך האב ערשט צוויי מאל געקויפט אין „לאראק", פארוואס מיר נישט?

— איר דארפט שוין גארנישט!

און ער לאזט אראפ דאס ברעטל.

איך גיב א שטעל אונטער מיין האנט און הויב צוריק אויף דאס ברעטל:

— בירגער דיזשורני, איך וויל באשטעלן בלויז מאכארקע און שוועבעלעך, איך בין א רויכערער, יא, איך דארף יא!

דער דיזשורני איז א מענטש, וועלכער האט נאך אוודאי קיינמאל נישט געלאכט. זיין בעסטע הנאה איז, מסתמא, אנזאגן יענעם א בייזע בשורה. נאר דאס מאל קוקט ער מיך אן מיט באדויערן און זאגט נאך אמאל אונטערשטרייכנדיק:

— וואס אוזשע ניטשעווא ניע נוזשנא! (איך איז שוין גארנישט נישט נויטיק).

ער גיט א ווייז מיט דער האנט אויפן האלז:

— איך וועט מען איינגיכן אוועקפירן!

איך בין צו צו וואסילין, אים ארומגעכאפט, זיך צעוויינט:

— וואסילי סערגעיעוויטש, וואסילי סערגעיעוויטש, וואָס באַדייט דאָס אַלץ? וווהין וועט מען מיך אַוועקפירן? וואָס הייסט, אַז איך דאַרף שוין גאָרנישט?

ער שמייכלט. ער באַמיט זיך דאָס צו פאַרשטעלן, דעם שמייכל צריקכאַפּן. ער ענטפערט ווייך און מיטפילנדיק:

— איך האָב דאָך געזאָגט — אָדער אויף דער פריי, אָדער צו דערשיסן!

איך גיב שנעל אַ טראַכט וועגן דער דאַטע: וואָס פאַר אַ טאָג האָבן מיר היינט?

שבת, זיבעטער יאַנואַר, יאָר 1941. לויט דער יידישער דאַטע דאַרף זיין — חודש טבת, שנת תש״א.

## קאַפּיטל ח

איצט דערוואַרט איך, אַז מען זאָל קומען ביינאַכט מיך נעמען.

יעדער מענטש וואָס ליידט, פּילט און טראַכט, גרייט זיך במשך זיין גאַנץ לעבן צום טויט. אַזוי דאַכט זיך עס אַלנפאַלס אויס, אָבער אין אמתן איז ער קיינמאָל דערצו נישט גרייט. אין אמתן איז עס אַנדערש דעמאָלט, ווען דער מוח טראַכט בלויז וועגן דעם און אַנדערש ווידער דעמאָלט, ווען דו ריכסט דיך, אַז אָט קומט ער טאַקע אָן. דעמאָלט נעמט שוין רעאַגירן דער גאַנצער גוף. דאָס האַרץ שרומפּט איין און פלאַטערט, ציטערט, וויל זיך אָפרייסן. עס וויל נאָר נישט וואַרטן ביז צום לעצטן מאָמענט. די פיס שטייען נישט איין, זיי בויגן זיך אונטער דיר, ברעכן זיך, אַ שטראָם לויפט דורך פון די פיס צום אויבערשטן טייל גוף, דאָס גאַנצע לייב ווערט לויז און שלאַבעריק, די אברים ווילן זיך פונאַנדערנעמען, צעלויפן זיך, צעפאַלן. דער מוח פאַרעגיסטרירט דאָס, קאָרטשעט זיך איין, דינע נאָדלען נעמען שטעכן, רייסן זיך צו אַ באַשטימטן פונקט, קאָנצענטרירט, האַרטנעקיק. די נאָדלען צעשפּאַרן דעם געהירן, ווילן זיך אַרויסרייסן, צעזעצן דעם שאַרבן.

איך וואַרט נישט אויפן „אָטבאָי״ (סיגנאַל צום לייגן זיך) און צי זיך אויס אויפן געלעגער. איך ווייס נישט וויפיל שעה עס זיינען מיר נאָך פאַרבליבן. קודם כל מוז איך זיך אָפּגעזעגענען מיט אַלע מיינע לייב־אייגענע און נאָענטסטע. איך גלויב, אַז מיין קינד, פרוי, מאַמע הערן אַצינד מיינע שעפּטשענדיקע געזעגן־ווערטער צו זיי. צום מערסטן רעד איך איצט זיך דורך מיט מיין מאַמען. איך דאַרף איר אייגנטלעך קיין סך נישט זאָגן. עס איז גענוג ווען איך זאָג צו איר נאָר דאָס איינע וואָרט „מאַמע!״ און זי איז שוין נעבן מיר. איך הער ווי זי זאָגט צו מיר:

— ש־ש־ש! איך הער דיך, קינד מיינס! איך בין מיט דיר!

נאָכן געזעגענען זיך מיט די נאָענטסטע, מוז איך אויף שנעל דורכפירן אַ חשבון־הנפש מיט זיך אַליין. וואָס האָב איך אויף דער וועלט אויפגעטאָן? וועמען געטאָן גוטס און וועמען שלעכטס? וועמען האָב איך אַמאָל מבזה געווען? אָפּגענאַרט? דער חשבון איז ביי מיר נישט קיין קאָמפּליצירטער.

נו, אָבער איצט דאַרף איך וויסן מיט וואָס גיי איך אַוועק פון דער וועלט. מיט וואָסערע אידעען, אמונה, וועלט־אַנשויאונג — עס מוז דאָך פאַר מיר אַליין זיין קלאָר וואָס איך בין איצט.

דורך עטלעכע שעה דורכטראַכטן, ווער איך מיט מיר פאַרטיק:

באַקעמפן שלעכטס מיט שלעכטס? פויסט קעגן פויסט? — ניין!

אַפּענטפּערן מיט תפיסה אויף תפיסה? מיט קויל קעגן קויל? — וועט קיינ־מאָל צו גאָרנישט דערפירן.

דער בנין פון גערעכטיקייט טאָר נישט זיין געבויט אויף קיין פונדאַמענט פון בלוט.

מוחל די גוטסקייט און ווילטאָג, וואָס מען באַקומט פאַרן פרייז פון אַנדערע לעבנס.

נישט אַנטיילנעמען אין קיין גוואַלדטאַטן.

מיינע אידעען און מאָראַל טאָרן נישט דיקטירט ווערן — דורכן מאָגן.

בעסער אַליין פאַרפּייניקט ווערן, איידער פאַרפּייניקן אַנדערע.

ווי גוט עס איז צו שטאַרבן אַ מאָראַליש־ריינער. דיין לעבן ווערט דורך דעם געהייליקט, באַקומט אַ זינען.

דער ריינסטער, דערהויבנסטער און גרעסטער מענטש פון אונזער צייט איז — מאַהאַטמאַ גאַנדי!

איצט בין איך שוין עטוואָס רואיקער. איינשלאָפן קאָן איך נישט און וויל נישט. איך וויל נישט, אַז מען זאָל מיך פּלוצלינג אויפוועקן און געבן אַ נעם אַוועק. איך וויל זיין דערצו צוגעגרייט און ביים פולן באַוווסטזיין. איך וויל נישט איינ־שלאָפן, ווייל עס איז מיר אַ שאָד איצט יעדע מינוט. איך האַלט די אויגן אָנגע־שטרענגט אויפן „וואָלפישן אויג" אין טיר. די אויערן פאַרנעמען דעם מינדסטן שאָרך, קלאַנג, דעם קלענסטן גערויש, יעדן ריר און באַוועגונג. יעדע רגע פאַלט שווער ווי אַ טראָפּן בליי, און גלייכצייטיק פליט זי מיט פּלאַנעטישער שנעלקייט. אַ הייסער מדבר־ווינט טרייבט וואָלקנס מיט צעגליטן זאַמד־שטויב. דאָס עלעקטרישע לעמפּל מיטן שוואַכן, רויטן, אומהיימלעכן ליכט טוקט זיך, צאַנקט. עס זעט מיר אויס ווי עס וואָלט זיך גערייצט מיט מיר, געווונקען מיט אַן אויג:

„אַט ברען איך און בין שוין אויס! אַט ברען איך ווידער, איך צאַנק, ווי לאַנג? איך ווייס נישט. מען וועט געבן אַ פאַרדריי — און אויס!"

וואַסילי כראָפּעט. איך גלייב אים נישט. ער כראָפּעט בכיוון, ער שלאָפט נישט. איין אויג איז געווענדעט אין מיין זייט. אויפן טישל ליגט מיינס אַ שטיקל ברויט און אַ פּעקל מאַכאָרקע. עס איז נאָך אַלץ נאַכט. אין דער צייט הויכן־אויס קראַנקע זייערע לעצטע אָטעמס, אין דער צייט וואָיען הינט, דער מלאך־המות שוועבט איצט אייליק פון איין גוסס צום צווייטן, שניידט זיי איבער די לעצטע פאָדעמס פון לעבן. אין דער צייט שלייכן זיך איבער די קאָרידאָרן די טורמע־שליסערס, רוקן אָפּ פאַרזשאַווערטע ריגלען, עפענען־אויף אַ קאַמער, גיבן אַ צייכן צום אַרעסטאַנט מיטן פינגער:

— דאַוואַי סקאָרעי! (קום שנעל!)

זיי פאַרוואַרפן אויף אים אַ צוואַנג־קאַפּטאַן, אַן אויטאָמאַטישן שלאָס אויפן מויל און פירן אים גיך צום מלאך־המות. ניין, זיי וואַרטן גאָרנישט אויף אים. אַ קויל פון אַ נאַגאַן פליט שנעלער ווי דער מלאך המות.

זיי גייען פאַרביי מיין קאַמער. די נאַכט דעמפּט זייערע טריט. די נאַכט פרעסט אויפן הארץ. די נאַכט געפּאָרט מיט פּחד, מיט טויט. איך וויל שרייען. איך וויל אַ געשריי־טאָן, וואָס זאָל איבערשניידן די נאַכט, די פרעסיקייט. ניין, שוין בעסער איינשלאָפן. זאָלן זיי שיסן אין שלאָף. איך לעב שוין זייער לאַנג. די נאַכט אַליין איז לענגער פאַר מיינע גאַנצע זעקס־און־דרייסיק יאָר לעבן.

זעקס־און־דרייסיק.

די ציפער גיט מיר אַ שאַרפן שניט אין מוח, זי לייכט מיר אויף — אַ באַדויער־טונגפולע ציפער. אָט איז זי דאָך די צאָל פון מיין מאַמעס נאָמען — לאה — באַטרעפט אויך זעקס־און־דרייסיק.

די טריט פונם שליסער אויפן קאָרידאָר ווערן ראַשיקער. אַנדערע טריט. עס דע־הערט זיך זיין פוילער, צעצויגענער רוף:

— פּ־אַ־ד־י־אָ־ם! (אויפהויבן זיך).

## קאַפּיטל ט

זונטיק איז אויך דער רו־טאָג אין די תפיסות. זעלטן ווען מען רופט אָדער מען נעמט ווען אַרויס אין דעם טאָג. איז אויף היינט איז מען כמעט ווי געזי־כערט. איך האָב דערפילט אַ שטאַרקן הונגער, גענומען עסן מיין נעכטיקע פּייקע ברויט. וואַסילי האַלט מיך אָפּ דערפון:

— מען טאָר נישט אויפעסן אַלץ מיטאַמאָל, אייל זיך נישט, וועסט נאָך באַווייזן.

איך האָב אים נישט געפאָלגט. ביים פאַרענדיקן דאָס לעצטע שטיקל ברויט, בין איך אָפּגעשפּרונגען — עס איז געלעגן אַ צעטעלע אינם ברויט. עס איז דער אַדרעס פון וואַסילים שוועסטער אין לענינגראַד. ווי אַזוי ער האָט דאָס קונציק אַריינגעפּאַקט, איז מיר שווער צו באַנעמען. איך האָב צעריסן דעם אַדרעס און גע־וואָרפן אין פּאַראַשע. איך האָב זיך שוין אויף אים נישט געבייזערט.

דער מאָנטיקדיקער טאָג איז אויך אַדורך. ערשט אַרום איינס ביינאַכט האָט מען געעפנט די קאַמער. עס וואַרט אויף מיר דער טורמע־קאָמענדאַנט אַליין.

איך זאָל זיך שוין פאַרנעמען מיט מיינע זאַכן און גיין מיט אים. איך זוך אין זיינע הענט דעם קאַפּטאַן און אויטאָמאַטישן שלאָס — איך זע נישט. אין קאַנצעלאַריע האָב איך זיך געמוזט אויסטאָן נאַקעט און מען האָט מיך גענוי רע־ווידירט. עס איז מיר איצט שוין אַלצאיינס, איך פיל נישט דערין קיין באַליידיקונג. איך טו זיך אָן גאַנץ פּאַמעלעך און רעכן זיך נישט דערמיט, וואָס דער קאָמענדאַנט און די דיזשורנעס איילן מיך אונטער. ער פירט מיך אַרויס אויפן הויף. עס שטייט אַ קליינער פאַרמאַכטער אויטאָמאָביל. אויפן פאָדערשטן קאָרפּוס פון אויטאָמאָביל, איבערן קעסל, ליגט איבערגעדעקט אַ רויט טוך מיטן עמבלעם פון אַ סערפּ מיט אַ האַמער. עס געפעלט מיר. הייסט עס, אַז ביים פירן צום טויט, אָט אין דעם עגלה־אויטאָמאָביל, ווערט אויך געלייגט די רויטע פאָן. דאָס איז אוודאי פאַרן כבוד פונם פאַראורטיילטן צו באַערן זיין לעצטן וועג.

מיר שטייגן איין אין אויטאָמאָביל. ער האַלט דעם רעוואָלווער אין האַנט. ער וואָרנט מיך:

— נישט ריידן קיין וואָרט! ביי יעדער באַוועגונג, ביי יעדן פּרווו צו אַנט־לויפן — איז אָט! לויפט נאָך די קויל!

מיר פאָרן הינטער דער שטאָט. איך האָב נישט בדעה צו אַנטלויפן. איך זיץ אומבאַוועגלעך, נאָר אַ שקאַרפּעט רוקט זיך מיר אַראָפּ פון פוס און איך וואָלט אים וועלן צריק אויפהויבן. איך טאָר זיך אָבער נישט באַוועגן. איך וואָלט אָבער דאָך וועלן אַרויפציען דעם שקאַרפּעט, איך וועל זיך דאַן פילן פעסטער און קרעפטיקער.

איך טראַכט איצט יועגן ראָזאַ לוקסעמבורג. וועגן דעם פּערטן באַנד פון מיין בוך וועגן לעבן פון ראָזאַ לוקסעמבורג, וואָס איך האָב נישט באַוויזן צו פאַרענ־דיקן. אים געלאָזן אין ווארשע און פאַרן אַנטלויפן אַליין פאַרברענט אים, צוזאַמען מיט נאָך מאַנוסקריפּטן. צום שווערסטן איז מיר געווען צו באַשרייבן די סצענע, ווי אַזוי עס פילט זיך ראָזאַ לוקסעמבורג, בשעת די דייטשע אָפיצירן פירן זי אין אויטאָמאָביל צום דערמאָרדן. איך האָב געוואָלט איבערגעבן ראָזאַס געפילן אין די לעצטע מינוטן.

איצט ווייס איך עס שוין. אַ שאָד, וואָס איך וועל שוין נישט קאָנען אָנשרייבן די סצענע.

דער אויטאָמאָביל פאָרט שנעל. פון די זייטן — וויסטע, ליימיקע בערגלעך. אָט־דאָ וועט עס אוודאי געשעען. איך פאַרגעס אַז איך בין אַ דערוואַקסענער, אַ מאַן פון אַ פרוי, אַ טאַטע פון אַ קינד. ניין, איך בין אַליין איצט אַ קינד. די מאַמע האַלט מיך אין אירע אָרעמס, איך טוליע זיך צו איר ברוסט, איך דריק און קלאַמער זיך אַרום איר:

— האַלט מיך, מאַמע, לאָז מיך נישט אָפּ.

ניין, די מאַמע איז נישטאָ. איך וואָלט וועלן, אַז ביים דערשיסן זאָל כאָטש שטיין אַ ייד, ער זאָל דערזען מיין לעצטן בליק, דערהערן מיין לעצטן קרעכץ. ער זאָל וויסן כאָטש ווו איך ליג. אויב נישט קיין ייד, זאָל כאָטש זיין ווער עס איז, נאָר אַ מענטש. אויב נישט קיין מענטש, זאָל כאָטש שטיין דערביי אַ הונט, אַ לעבעדיק באַשעפעניש, זאָל עס מיך כאָטש זען און אין זיך אַריינגעמען מיין לעצטן בליק. ניין, ניין, קיין חיה וועט דערביי אויך נישט זיין. אַ שאָד, וואָס איך האָב זיך נישט אויסטאַטואירט די האַנט. מיך עקלען טאַטואי־רונגען, נאָר איך זע, אַז עס איז אַ נוצלעכע זאַך. איך וואָלט אויסטאַטואירט אויף מיין האַנט דעם נאָמען מיינעם. דאָס האַלט זיך לאַנג. אפשר וואָלט מען אַמאָל אויפגעגראָבן, וואָלט מען געוווּסט ווער עס ליגט דאָ.

דער אויטאָמאָביל שטעלט זיך האַסטיק אָפּ:

— אַרויסגיין!

איך דערזע אַ געביידע, מיט אַ גרויסן, אייזערנעם טויער. הייסט עס, אַז נישט אין פעלד דערשיסט מען. עס איז דאָ דערפאַר אַ ספּעציעלער בנין. דער קאָמענ־דאַנט קלאַפּט אָן אין טויער. זאָגט אַ פּאַראָל. עס עפנט זיך די אייזערנע טיר, נאָך אַ צווייט אייזערן טויער. איך געפין זיך אין אַ הויף. דאָ מוז אוודאי זיין אַ ספּעציעלע טורמע אויף אויספירן טויט־אורטיילן.

דער קאָמענדאַנט פירט מיך אַרויף אויף אַן ערשטן שטאָק, אין אַ קאָרידאָר, לאָזט מיך דאָ וואַרטן. ער גייט אַריין אין אַ צווייטן צימערל. זעט אויס, אַז ער דאַרף מיך זיי איבערגעבן. ער אַליין מאַכט דאָס נישט. ער זוימט זיך דאָרטן לאַנג. איך הער ווי מען מאַניפּולירט דאָרט מיט אַ ביקס, מען רעפּעטירט דאָס ביקס־שלאָס עטלעכע מאָל. דאָס לאָדט מען אוודאי אָן דעם מאַגאַזין אין ביקס, מען לייגט אַריין די קוילן. מען דערשיסט אוודאי אויפן טורמע־הויף.

דער קאָמענדאַנט קומט צוריק אַרויס. ער קוקט מיך אָן, זאָגט נישט קיין וואָרט און גייט אַוועק. מען רופט מיך אַריין. עס איז אַ קאַנצעלאַריע, און אַ באַאַמטער זיצט ביים טיש און שרייבט. גיט מיר אַן אָנגעשריבן צעטל, אַ רשימה פון מיינע זאַכן אין רענצל. ער פרעגט מיך צי עס שטימט, צי עס איז אַלץ פאַרשריבן. נעבן

אים אויפן טיש שטייט א „סטשאָט" (צום רעכענען), ער רוקט דיביינדלעך אויפן „סטשאָט" און רעכנט.

מיין גאָט, קיין ביקס זע איך נישט! דאָס האָט דער באַאַמטער פריער גערעכנט אויף דעם „סטשאָט", גערוקט די ביינדלעך און איך האָב געמיינט, אַז מען רעפּע־טירט מיט אַ ביקס.

ער קלינגט צום דיזשורני און זאָגט אים:

נעמען אין דער פּערצנטער קאַמער!

מיך הייסט ער צוריק אַרויסגיין און וואַרטן אין פּאַדערהויז.

אַרויסקומענדיק אין קאָרידאָר בין איך אַנידערגעפאַלן אויף דער באַנק. ניין, מען שיסט מיך נישט! מען וועט מיך נישט שיסן! איך וועל לעבן!

אַ שטראָם פון קאָכעדיק בלוט האָט מיר אַ פּלייץ־געטאָן איבערן קערפּער. איך האָב זיך אויפגעשטעלט. איך האָב אַרויסגעזאָגט עטלעכע ווערטער. עס איז נישט מיין שטימע, עס איז די שטים פון מיין מאַמען, איר קול, איר טאָן:

— רבונו של עולם! איך דאַנק דיר, רבונו של עולם!

איך האָב אין דער זעלבער מינוט געטאָן אַ נדר, צוגעזאָגט אין דער מחשבה מיין מאַמען, אַז איך וועל פון איצט אָן נישט מחלל זיין אויף איינעם פון די יידישע געבאָטן. צוליב מיין עובר זיין אויף דעם געבאָט, האָט זי אַ סך געליטן און געוויינט.

ערשט איצט האָב איך אַרויסגעצויגן די לויזע שקאַרפּעטן. איך האָב אַ כאַפּ־געטאָן צוויי שנור־בענדלעך פון אַ קופּע, וואָס איז דאָ געלעגן אין אַ ווינקל, אוודאי אָפּגענומען דאָס ביי פריערדיקע אַרעסטאַנטן, און קענען פאַרבאָט פאַרשנורעוועט מיינע שיך. ערשט איצט האָב איך דערפילט, אַז די פיס זיינען מיר געפרוירן.

מען האָט מיך אַריינגעפירט אין דער פּערצנטער קאַמער. מען האָט מיך גע־פירט ווייטער לעבן.

# אונטערערדישע אוניווערזיטעטן

## קאַפּיטל א

מיין ליבער חבר און פריינט!

עס קאָן זיין, אַז דו ביזט שוין מיד געוואָרן לייענענדיק די אַלע געשיכטעס וועגן ליידן, פּיין, טורמעס. עס זעט דיר שוין, אפשר, אויס — מאָנאָטאָן, ווייל דו מיינסט אוודאי, אַז אַ תפיסה — איז אַ גרויע און איינטאָניקע זאַך. אַלע טאָג — די זעלבע גראַטעס, די זעלבע קאַמער, דאָס זעלבע עסן, די זעלבע שמועסן וועגן פרייהייט, בענקשאַפט, טרוימען. דאָס אַלץ איז שוין ביי דיר, אפשר, נישט קיין ניי־עס. דו מיינסט, אַז עס איז נישטאָ וואָס קיין באַזונדערס צו דערציילן.

ווייל איך דיר זאָגן, אַז דו ביסט אין טעות. דאָס תפיסה־לעבן איז שוין גראָד זייער אינטערעסאַנט; די סאָוויעטישע תפיסה — אוודאי און אוודאי. איך וויל דיר זאָגן נאָך מער:

מיר זעט אויס, אַז דער מענטש, וועלכער איז נישט געזעסן אין קיין רוסישער־טורמע, האָט גאָר קיין אינטערעסאַנטעס אין לעבן נישט געזען. אַזוי, אַלענפאַלס, דוכט זיך מיר אויס.

דאָרט איז א ג־ויסער אוניווערזיטעט. איך וועל נישט איבערטרייבן זאָגנדיק, אז דאָס איז איינע פון די וויכטיקסטע, באַלערנדיקסטע און נוצלעכסטע לעבנס־שולן. הלוואי זאָלן זיי שוין נישט זיין, הלוואי זאָל שוין דאָרט קיין איין „סטודענט" נישט זיין, דאָס איז מיין טיפסטער טרוים און באַגער. נאָר אויב דו ווילסט קענען אַלע שטאַפּלען פון לעבן, אויב ווילסט דערקענען און וויסן וואָס עס הייסט לעבנס־ווירק־לעכקייט, אויב ווילסט דערקענען רוסלאַנד, די סאָוויעטישע אָרדנונג, מוזט דו זיין אין די דאָרטיקע תפיסות. שווער וועט דיר דאָס באַמיען זיך, נישט אָנקומען... ני־כער וועט דיר שווער אָנקומען דאָס אויסמיידן...

פאַרפאַלן, זעט אויס, אַז דורך הונדערטער יאָרן איז שוין אַזוי באַשערט גע־וואָרן, אַז ווען דו זאָגסט ארויס דאָס וואָרט „רוסלאַנד", מוזטו גלייך צוגעבן דאָס וואָרט „טורמעס". אַן אומגליקלעך לאַנד און אַן אומגליקלעך פאָלק.

שטעל דיר פאָר, מיין ליבער חבר, אַז אין דער טורמע, אין וועלכער מען האָט מיך איצט, אין מיטן נאַכט, ארייגעפירט, די עטאַפּ־טורמע אין וואָלאָגדע, איז א גע־ביידע, געבויט אין די צייטן נאָך פון יעקאַטערינאַ דער גרויסער. איך קום אריין אין א זאַל מיט געוועלבטע מויערן, נישעס, שיפּע, געבויגענע קאָלומנעס ביים פּענצ־טערל, סטיליזירט. איך קען דיר נישט זאָגן אין וואָס פאַרא ארכיטעקטאָנישן סטיל דאָס איז געבויט, ווי אַזוי מען רופט אים. עס קאָן זיין, אַז איידער עס איז געוואָרן א תפיסה, איז דאָרט אַמאָל געווען אַ מאָנאַכן־אָרדן, אָדער אַ וויין־קעלער. סיי־ווי, צו דער ארכיטעקטור האָט עס נישט. איך מיין, אַז עס איז גענוג ווי אַזוי עס הייסט היינט — וואָלאָגדער עטאַפּן־טורמע.

די ווענט דאָ זיינען צעלעכערטע און נאַסע; פון סופיט טריפן פאַרזשאַווערטע טראָפּנס; דער דיל איז נאַס און צעלעכערט; עס לויפן ארום פראַנק און פריי ברוינע און גרויע שטשורעס. דאָס קליינע עלעקטרישע לעמפּל לייכט נאָר אויף אַזויפיל, אַז מען זאָל דערזען דעם חושך. שמוץ, פייכטקייט און אומהיימלעכקייט. אין דער ריזיקער קאַמער זיינען דאָ, חוץ מיר, נאָך צוויי ארעסטאַנטן.

זיי ליגן אויף דער הוילער ערד, אין אָנטועכץ, אָנגעשפּאַרט אויף די פויסטן. איך לייג מיר אונטער צוקאָפּנס מיין רענצל. נישט נאָר דאַרף איך עס ווי אַ קישן, איך מוז עס אויך צוהאַלטן, אַז מיינע חברים זאָלן מיר נישט צולקחנען די זאַכן.

איינער פון די ארעסטאַנטן איז אַן אוקראַינער; דער צווייטער — א גרוזינער. דער ערשטער זיצט פאַר א מאָרד, געהאַרגעט זיין אייגן ווייב, געקראָגן דערפאַר 7 יאָר; דער צווייטער — פאַר קאָנטראַבאַנדע, געקראָגן 8 יאָר טורמע. ביידע זיינען זיי היינט ארויס פון משוגעים־הויז ביי דער תפיסה. אָפּגעוועזן דאָרט צוויי חדשים, איצט האַלט מען זיי שוין פאַר אויסגעהיילט און מען האָט זיי היינט צוריקגעבראַכט אין טורמע. פונדאַנען וועט מען זיי צוריקשיקן אין לאַגער אריין, פונוואַנען מען האָט זיי געבראַכט.

זיי ביידע דאַרפן שוין זיין נאָרמאַל. נאָר ביידע דערציילן זיי זיך מיט געלעכ־טער, ווי זיי האָבן אָפּגענאַרט דעם שפּיטאָל־יועכטער און געגעסן מענטשלעכע צואה. מיט דעם זעלבן האָבן זיי אויך מכבד געווען זייערע חברים, עס געוואָרפן צו זיי אין עסן.

דער גרוזינער איז נאָך נישט אַלט קיין דרייסיק יאָר, האָט א חנוודיק געזיכט, גליענדיקע, גלוסטיקע אויגן, עלעגאַנטע, שוואַרצע וואָנסעלעך און א קאָפּ מיט גע־

דיכטע, סאַמעט־שוואַרצע האָר. ער האָט אַפילו ביי זיך אַ שפּיגעלע און קוקט יעדע פּאָר מינוט דערין אַריין. די צוויי ניִשט־דערלויבטע זאַכן, אַ שפּיגעלע און האָר, דאָס — זאָגט ער — האָט ער זיך אויסגעקעמפּט מיט אַ פּאַרטל: ווער פון די וועכטער גייט צו אים צו נענטער, בייסט ער אים די הענט, שפּייט אין פּנים, אָדער פּאַרפּאַרט מיט די פינגער אין די אויגן אַריין. דער אוקראַאינער לאַכט הייזעריק און שאָקלט צו מיטן קאָפּ אויף יאָ, עס איז אַלץ אמת, ער איז אַן עדות.

דער גרוזינער זינגט זיינע נאַציאָנאַלע בענקשאַפט־לידער. ער זינגט ווי אַ גע־בוירענער אַרטיסט. דאָס אַלץ איז אין מיטן־נאַכט, ווען מען טאָר דאָס מויל נישט עפענען. די שליסער קלאַפּן אין טיר, מען זאָל אויפהערן זינגען, אָבער דאָס נאָר אויף יוצא־זייַן, ווייל זיי שטייען אַליין דאָרט הינטער דער טיר און הערן זיך צו צו זיינען לאַקנדיקע מזרח־ניגונים.

איך עפן מיין רענצל און נעם אַרויס אַ העמד צום איבערטאָן. דער אוקראַאינער דערזעט מיינס אַ היטל. איך זאָל עס אים אָוועקשענקען. ניין, איך קאָן נישט, כ'מוז עס האָבן אויף פרילינג, זומער. איך וועל דאָך דעמאָלט נישט טראָגן דעם ווינטער־הוט מיט פוטערנע אויערן.

— וואָס? ביז פרילינג? דו וועסט נאָך דערלעבן ביז פרילינג? קוק אָן דיין פּנים! אָדער מען האָט עס איצט אַרויסגענומען פון קבר, אָדער מען וועט עס אינ־גיכן לייגן אין קבר!

איך האָב זיך איינגעשפּאַרט, דאָס היטל אים נישט געגעבן. שלאָפן טאָר איך סיי־ווי נישט — צווישן צוויי משוגעים! זיי קאָנען מיך דערשטיקן אויך. איך האָב אָבער, זעט אויס, פאַרט געכאַפּט אַ דרימל. זיי האָבן מיך נישט דערשטיקט, נאָר בלויז אַרויסגעגנבעט דאָס היטל און אַ פּאָרל שמוציקע וועש.

אינדערפרי האָט מען געפירט אין באָד אַריין, און נאָכדעם איבערגעשיקט אין אַן אַנדער קאַמער. זי איז אַ סך קלענער ווי די פריערדיקע, נאָר דערפאַר שוין מיט 40 אַרעסטאַנטן.

די אַרעסטאַנטן האָבן מיך אָנגענומען פאַר אַ קופּיעץ (סוחר). זיי פרעגן מיך מיט וואָס איך האָב ספּעקולירט. איך ענטפער:

— מיט פרייהייט. איך האָב מיר געוואָלט אויסשפּעקולירן פרייהייט.

עס געפעלט זיי. נעמען מיך אַריין אינמיטן, גיבן אָפּ אַן אָרט צווישן זיך אויפן דיל, וווּ אַלע זיצן אין אַ קרייז, אויפן מזרח־שטייגער, די פיס אונטער זיך. איינער דער־ציילט אַלעקסאַנדערס דיומאַס אַ שפּאַנענדן ראָמאַן. זיי הערן נייגעריק אין אויפמער־קזאַם.

איך זע פאַר זיך יונגע מענטשן. עטלעכע־צוואַנציק־יעריקע, מיט טרוימעריש־טראַגיקע אויגן, אויסגעבלייכטע פּנימער, אויסגעזוימט מיט קליינע, ווייכע בערד־לעך, ווי זיי וואָלטן זיין קאָפּיעס פון יעזוסן, אָדער פון די רעוואָלוציאָנע סטודענטן אין יאָר 1905.

איינער פון זיי האָט זיך פאַר מיר פאָר־געשטעלט — אַ פּוילישער פּעדאַגאָג פון קיעוו. ער איז אַנטלאָפן פון לאַגער. ער איז שוין געהאַט אָפּגעגאַנגען עטלעכע הונדערט קילאָמעטער, מען האָט אים געכאַפּט, אַ פּויער האָט אים פאַר־האַלטן. דער פּויער קריגט דערפאַר באַלוינונג 50 רובל. אַ צווייטער איז פּראָפעסאָר אין אַ פּעדאַ־

גאָגישן אינסטיטוט אין אוקראַינע. ער איז נאָך אַ יונגער מענטש. מען האָט אים אַרעסטירט פאַר אוקראַינישן נאַציאָנאַליזם.

דאָ, אין דער תפיסה, זיצט מען נישט לאַנג, נאָר עטלעכע טעג, עס איז אַן עטאַפּ־טורמע, מען צעשיקט אין די לאַגערן, אין אַנדערע טורמעס.

מען דערלאַנגט אַריין די „באַלאַנדע" (וואַסערדיקע זופּ, יושקע). דער פּוילי־שער פּעדאַגאָג זיצט שוין נעבן מיר. ער זעט, אַז איך קאָן נישט עסן די זופּ. איך זאָל זי אים אַוועקשענקען. דער פּראָפעסאָר האַלט אָבער, אַז איך דאַרף עס צעטיילן צווישן זיי ביידן. זיי קומען דורך. איצט זע איך, אַז דאָס עסן אין דער באַן־נ. ק. וו. ד. איז געווען אומפאַרגלייכלעך בעסער. די „באַלאַנדע" עיפּושט פּשוט. דער פּע־דאַגאָג וויצלט זיך:

— אַן אַרעסטאַנט איז נישט קיין חזיר, ער עסט אַלץ אויף.

מען פירט אונז אַלע אַרויס אויף שפּאַציר, אין אַ הויפל. עס איז מחיהדיק. 41 מענטשן גייען גענזן־טריט, די הענט פאַרלייגט אויף אַהינטער. עס איז היימלעך. דער וועכטער, וואָס גיט אַכטונג, שטייט שוין דאָ אויף אַ טורעם. דאָ וועט ער שוין אויף איינעם נישט שיסן.

דער הילצערנער פּלויט אין דעם הויפל איז פול מיט אויפשריפטן, אין אַלע שפּראַכן. יעדער אַרעסטאַנט, ביים דורכגיין, גיט אַ שרייב אַן אות, אַ וואָרט, ביים צווייטן מאָל אַרומקרייזן — נאָך אַ וואָרט, ביז ער שרייבט נישט אויף זיין נאָמען, ס'רוב איניציאַלן, אָדער פּסעוודאָנים (מען זאָל אים נישט קאָנען דערפאַר זעצן אין קאַרצער אויף 5 - 10 טעג), פּאַראַגראַף, אורטייל, דאַטע, צוגעשריבן דאָס איינע וואָרט „פּריוועט!" (גרוס) אָדער „פּראָשטשאַי!" (זיי געזונט).

חוץ רוסיש, אוקראַיניש, פּויליש, זיינען אויך דאָ פאַרטרעטן די מזרח־שפּראַכן, געשריבן פון רעכטס אויף לינקס. איך געפין אַ יידישע אויפשריפט. דאָס איז שוין נישט נאָר אַ נאָמען מיט אַ גרוס, נאָר אַ קליין אַרטיקעלע. ווי אַזוי האָט יענער געהאַט צייט אין די 20 מינוט שפּאַציר דאָס אַלץ אָנצושרייבן? בלייפעדערס האָט, זע איך, כמעט יעדער אַרעסטאַנט, כאָטש עס איז שטרענג פאַרבאָטן. נאָך עטלעכע מאָל הקפות איבערן הויף האָב איך שוין איבערגעלייענט דעם גאַנצן יידישן אויפשריפט. איך דערקען אַפילו וועלכע צייטונג יענער האָט אַמאָל גע־לייענט. עס איז געשריבן מיט דער „היינט"־אָרטאָגראַפיע, יעדעס וואָרט איז דאָ אויפגעשריבן גרוים, גרוים, דייטלעך, באַלעבאַטיש:

„אידען! מיר זיינען אַריינגעפאַלן אין אַ פּאַס מיט סמאָלע! עס איז שוואַ־ץ, עס בריט און איז קלעפּיק. געוואַלד, געוואַלד, ווען וועט מען פונדאַנען אַרויס?!".

עס איז אונטערגעשריבן דער פולער פאָר־ און פאַמיליע־נאָמען, דער אַדרעס פון דער אַלטער היים, וואַרשע, טוואַרדע גאַס, נומער 16. ער האָט נישט מורא גע־האַט פאַר קאַ־צער, ווייל יידישע טורמע־וועכטער זיינען, זעט אויס, דאָ נישט פאַראַן. מען וועט עס נישט קאָנען איבערלעזן.

פאַר מיר איז די אויפשריפט געווען אַ וואַרעמער, חברישער האַנט־דרוק. איך דערזע שוין ווידער וואַרשע, די טוואַרדע גאַס, דעם „היינט", די יידישע צייטונג־לעזער. איך טרייסט מיך — עס איז שוין דאָ געווען נאָך אַ ייד אויף דעם הויפל, אין דער טורמע. בין איך דאָ נישט איינער, וועל איך אפשר אין ווייטערדיקן וועג

נאָך אָנטרעפן יידן אויך. דאָן איז שוין גאָר עפּעס אַנדערש, דאָן איז שוין אַ סך לייכטער. נאָר ווי טרעפט מען שוין אַ ייד?!

## קאַפּיטל ב

איינער פון די סאָציאַל־שעדלעכע עלעמענטן (ניט פּאַרמישן מיט דער קאַטע־גאָריע „סאָציאַל־געפערלעכע" עלעמענטן. דאָס איז אַ „העכערע" מדרגה) איז געווען אַ יאַט, 16 יאָר אַלט, כמעט אינגאַנצן טויב, הערט קוים־קוים וואָס מען רעדט צו אים, הערט שוואַך יעדן קלאַנג, חוץ איינעם — דעם סיגנאַל פון אַ באַן־לאָקאָמאָ־טיוו. עס איז ביי אים אַזאַ קרענק: ער אַרבעט־אָפּ אין פּאַב־יק עטלעכע וואָכן, גייט רואיק פון דער אַרבעט איבער דער גאַס און ווען ער דערהערט פּלוצים אַ פייף פון אַ לאָקאָמאָטיוו, לאָזט ער זיך לויפן צום וואָקזאַל. ער לויפט אַרויס אויפן פּע־ראָן און לאָזט זיך אַריין אין דער ערשט־בעסטער באַן וואָס גייט דורך. ער גייט אַראָפּ ערגעץ אויף אַ סטאַנציע, שטעלט זיך ווידער ערגעץ אַרבעטן. אין עטלעכע וואָכן אַרום, אַמאָל נאָר דורך עטלעכע טעג, ווי ער דערהערט נאָר דעם ערשטן סיג־נאַל פון אַ צוג, איז ער שוין ווידער דאָרטן.

מען האָט אים אַרעסטירט אויפן מאָסקווער וואָקזאַל. ער האָט ניט געהאַט ביי זיך קיין שום דאָקומענטן, ניט געווען אין ערגעץ איינגעמאָלדן, האָט מען אים פּאַרמשפּט אויף פינף יאָר.

דיאַדיאַ וואַניאַ באַפעלט אים איצט, פאַרן עטאַפּ, אויסצובאַהאַלטן דאָס פּעשל קאָרטן. דער טויבער שאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין. דיאַדיאַ וואַניאַ דערלאַנגט אים אין די ציין. עס פּועלט.

אויף דער רעוויזיע פירט מען אַרויס אין אַ באַזונדערן גרויסן האָל, פּאַרטיעס־ווייז, צו צען מאַן. די וועכטער טראָגן ספּעציעלע פאַרטוכער, אָן טאַשן, פאַרבונדן אויף הינטן, זיי זאָלן בעת דער רעוויזיע ניט קאָנען צוגנבענען עפּעס פון די אַרעסטאַנטישע זאַכן. די טירן אַרום זיינען אָפן. אין האָל איז אַ שטיינערנער דיל, דער פּראָסט גליט. עס איז שוין מיטן נאַכט. מיר שטייען אויסגעטאָן נאַקעט און וואַרטן אויף דער ריי. די רעוויזיע איז אַ גרונטלעכע. יעדער איינער דאַרף דורכמאַכן די פאַרשידנסטע איבונגען. בויגן דעם קערפּער אויף אַלע זייטן, אַראָפּ און אַרויף, אונטערהויבן די פיס. מען זוכט אונטער דער צונג, אין די אויערן, אונטער די אָרעמס. פּיינלעך איז דעמאָלט, ווען זיי הויבן אָן זוכן אין דער צווייטער, נידעריקע־רער טייל פון קערפּער. אָט גייט ער צו פון הינטן, באַפעלט ווידער זיך אָנבויגן און זוכט... אין דעם מאָמענט האָט זיך געעפנט די טיר פון צווייטן האָל. דאָרט שטיי־ען אַזוי אין דער זעלבער פּאָזיציע נאַקעטע פרויען־אַרעסטאַנטקעס און עס אונטער־זוכן זיי וועכטערינס.

איך ווייס ניט פאַרוואָס עס האָט זיך מיר גראָד אין דער רגע, שטייענדיק אין דער דאָזיקער פּאָזיציע, דערמאָנט דער אַלטער ויכוח וואָס איז יאָרן־לאַנג גע־פירט געוואָרן צווישן די שרייבער ווענן —

פּראָלעטאַרישער קונסט, פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור!

און נאָך עפּעס האָט זיך מיר דערמאָנט אין דער רגע. דער גרויסער שריפט־שטעלער, עכטער הומאַניסט, „דאָס געוויסן פון אייראָפּע", דער וואָס האָט מיטגע־האָלפן און סימפּאַטיזירט מיטן סאָוויעטישן רעזשים, דער גרויסער —

ראָמען ראָלאַן!

איך האָב, ווייזט אויס, זיך צופיל פאַרגאַפּט, ווייל א קאַפּע מיט א שטיוול אין מיין לייב אריין האָט מיך דערמאָנט, אז איך מעג זיך שוין אויסגלייכן, אַז די קערפּער־אונטערזוכונג איז שוין געענדיקט. א שאָד וואָס איך האָב נישט באוויזן צו דערטראכטן ביזן סוף מיינע געדאנקען וועגן דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור און ראָמען ראָלאַן. איך וואָלט גערן, אין דער פּאַוזע, אזוי צוגעלאָפן צו דער גרופּע שרייבער, די פּאַרטיידיקער פון „פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור" און וואָלט זיי גע־זאָגט איצט מיין וואָרט אין דעם איידעלן ויכוח. איך וואָלט אויך אהינגעלאָפן איצט צום מחבר פון „זשאַן קריסטאָף" און „פאַרכישופטע נשמה" און ביי אים געפרעגט אצינד זיין מיינונג וועגן דעם הויכן ענין.

נאָך מיר איז געקומען די ריי אויף דיאַדיאַ וואַניאַ. ער נעמט זיך קנאַפּ אי־בער מיט דער לייב־אונטערזוכונג, האָט אויך נישט מורא פאַר נאַטשאַלסטווע. ווען דער אונטערזוכער הייסט אים איינבויגן דעם קערפּער, טוט ער דאָס געהאָרכזאַם, נאָר זאָגט דערביי:

— קיין פּולעמיאָט וועסטו דאָרט נישט געפינען!

מען באַזוכט דעם טויבן בראָדיאַגע. מען הייסט אים אפילו פאַנאַנדערנעמען די פינגער. א רגע פריער האָט ער נאָך געהאַט דאָס פּעשל קאָרטן. ווי דורך א פאַר־בלענדעניש איז עס גלייך פון אים פאַרשווונדן און דיאַדיאַ וואַניאַ האָט עס שוין אונטערן אָרעם.

מען האָט שוין אַלעמען ארויסגעפירט אויפן הויף, אויך צוויי פרויען. איינע איז מיט א צוויי־וואָכיק קינד אויף דער האַנט. זי האָט עס געבוירן אין תפיסה־שפּי־טאָל. די פרוי איז פאַרמשפּט בסך־הכל אויף איין יאָר, פאַר א קליינער גנבה. זי האָט געאַרבעט אין א בעקעריי. ביים ארויסגיין פון דער ארבעט האָט מען אין איר בוזים געפונען עטלעכע טייגלעך אויף זעמעלעך.

איצט באַפעלט מען אונז אַלעמען אַנידערקניען. די קאָנוואָירער האַלטן די ביקסן געלאָדן, ארויפגעזעצט די באַגנעטן. מען רופט אויס אונזערע נעמען. מען ציילט אונז עטלעכע מאָל הין און צוריק. זיי זיינען זיך כסדר טועה אין ציילן. עס דויערט עטלעכע שעה. מיר דאַרפן דורך דער צייט שטיין אויף די קני.

מיין רענצל האָב איך מיט זיך. די טעקע, אין וועלכער עס ליגט א האַנטוך, וואַרעם־פלאַש, עלעקטריש טאַשן־לעמפּל, ראַזיר־מכשירים, זייף, פּאַדעם — דאָס טאָר איך ביי זיך נישט האַלטן. דער עטאַפּ־קאָמענדאַנט האָט דאָס איבערגענומען פון דער אַדמיניסטראַציע און גיט מיר דערויף א צעטל.

דער קאָמענדאַנט חזרט איבער עטלעכע מאָל דעם באַפעל:

— א טריט אויף רעכטס, א טריט אויף לינקס, א טריט צוריק — ווערט גע־רעכנט אַלס אַנטלויפן! אָן וואָרנונג — דערשאָסן!

עס טאָגט שוין. איצט פירט מען אונז צו דער באַן. די צוויי הונדערט אַרעס־טאַנטן ווערן באַגלייט פון פופציק קאָנוואָיערן און אַכט אָווטשאַ־רקע־הינט.

איצט טראַכט איך וועגן גאָרנישט. דער גלאַנץ פון באַגנעטן שפּיזלט אין די אויגן. די ביקסן־רערן זעען מיר אויס ווי ראַדיאָ־הילכערס, וועלכע וואָרענען און אַליאַרמירן:

— א טריט אויף רעכטס, א טריט אויף לינקס, א טריט צוריק — אָן וואַנ־גונג דערשאָסן!

## קאַפּיטל ג

אנדערטהאַלבן מעת־לעת האָט געדויערט דאָס פאָרן ביז אַרכאַנגעלסק. מיר זיינען געפאָרן אין א „סטאָליפּינקע" — אַן אַרעסטאַנטן־וואַגאָן, צוגעטשעפּעט צו א פּאַסאַזשיר־צוג.

פאַרן איינשטייגן אין צוג זיינען מיר נאָך אָפּגעשטאַנען אויפן פּעראָן א שעה צייט, אויך אויף די קני. מען האָט נאָך עטלעכע מאָל אויסגערופן די נעמען און געציילט.

די פּאַסאַזשירן, וועלכע זיינען דאָ אויסגעשטיגן פונם מאָסקווער צוג, טייל אין פּוטערנע שובעס, פּוטערנע היטלען און ווייסע פּילץ־וואַליקעס — מסתמא אַלע העכערע באַאַמטע, נאַטשאַלסטווע, זיי זיינען פאַרבייגעגאַנגען פאַר אונז רואיק, גלייכגילטיק, נישט אויסדרייענדיק אַפילו די קעפּ אין אונזער זייט. דאַקעגן די פּרויען האָבן געקוקט אויף אונז מיט מיטלייד, אַרויסגעוויזן אומרואיקייט און איבערגעשראָקן אַוועקגעאיילט. צוגיין צו אונז נאָענט טאָר מען נישט, די קאָנ־וואָיען שטייען אַרום אַלע זייטן און האַלטן אויסגעשטרעקט די ביקסן.

אין יעדער קופּע זיינען איינגעאָרדנט צוויי פּאַכן. די וואָס ליגן אויף דער העכסטער פּאָליצע, מוזן ליגן מיטן קאָפּ צום פאַרקראַטעוועטן פענצטער, אויף דער פּלייצע, נישט באַוועגן זיך, נישט אויסדרייען דעם קאָפּ צום אַרויסקוקן.

יעדע עטלעכע שעה בייט מען איבער דעם פּלאַץ. דאָס איז דווקא נישט שלעכט. ביי יעדן מאָל טרעפט מען זיך מיט נייע אַרעסטאַנטן. איך האָב שוין גע־וואָלט פּטור ווערן פון מיינע ערשטע שכנים אויף דער אויבערשטער פּאָליצע, די „אורקעס" (גנבים) מיט זייער אָנפירער דיאַדיאַ וואַניאַ. אזוי ליגנדיק האָבן זיי געשפּילט אין קאָרטן און אין קאָן איז שוין ביי זיי געשטאַנען מיין מאַנטל. אַלע האָבן זיי געטראָגן פּוילישע סוועטערס, הויזן, מאַרינאַרקעס, צוגענומענע אין די קאַמערן ביי די פּוילישע אַרעסטאַנטן (מיינסטנס ביי פּוילישע יידן). זיי האָבן שוין געהייסן מיך אויסטאָן דעם מאַנטל, ווייל איינער פון זיי האָט אים שוין גע־וווּנען אין קאָרטן־שפּיל. אויב איך וועל זיי גלייך נישט געבן, וועל איך קריגן א „גאָפּל". דאָס הייסט, מיט צוויי פינגער מיר אויסדראָביען די אויגן.

אינמיטן דער אַמפּערניש זיינען אַריינגעקומען די קאָנוואָיערן אויף איבער־זעצן מיך אין א צווייטער קופּע.

ביים אויסרופן דעם נאָמען, געבורט־אָרט, דאַטע, באַשולדיקונג־פּאַראַג־ראַף, אורטייל — בין איך ערשט איצט געוואָר געוואָרן, אַז איך בין אין אויספאָרשונג־סטאַדיע, פּאַראַגראַף 82 — דאָס הייסט, פאַר וועלן אַנטלויפן פון טורמע, פאַרשי־קונג, אָדער איבערלויפן די גרענעץ. אַז אין מיין אַרעסטאַנטן־צעטל איז צוגעשריבן מיט רויטער שריפט, אַז איך געהער צו דער קאַטעגאָריע „סאָע" (סאָציאַל־געפּער־לעכער עלעמענט). דער קאָנוואָיער, ביים אויסלייענען מיין צעטל, סומירט מיין פאַר־ברעכן מיט דער קורצער פאָרמולע:

— שפּיאָן!

און הייסט מיך אַריינפירן אין דער אָפּטיילונג פאַר שפּיאָנען.

איך האָב וויניק געלעזן דעטעקטיוו־ראָמאַנען און נישט געזען קיין קרימי־נעלע פילמען. דאָס וואָרט „שפּיאָן" איז פאַר מיר געווען אַן אַבסטראַקציע, עפּעס אַ מענטש מיט הערנער. און אָט ווייזט זיך אַרויס, אַז דאָס איז גאָרנישט אַזאַ שרעקלעכע זאַך, גאָרנישט קיין אַבסטראַקציע. וואָרום, אָט בין איך, דער שטענדיק־איבער־געשראָקענער, וואָס האָב נאָך אין די גוטע יאָרן, אין פּוילן, אויסגעמיטן צו שטיין נאָענט לעבן אַ פּאָליציאַנט, אָט בין איך אַליין טאַקי אַ שפּיאָן.

ביים איבערגיין אין דער צווייטער קופּע־קאַמער, באַזוכט מען מיך נאָך אַמאָל. האָט ער ביי מיר געפונען די קוויטאַנציע אויף מיין טעקע. ער האָט זי צוגע־נומען: איך טאָר ביי זיך נישט האַלטן קיין שום דאָקומענט. די טעקע, זאָגט ער, וועל איך קריגן אָן דער קוויטאַנציע.

איך זיץ שוין איצטער אויף דער אונטערשטער באַנק מיט נאָך עלף חברים פון דעם זעלבן באַרוף — „שפּיאָנען". צען פון זיי זיינען פון דער נאָרמאַלער, גרויער קאַטעגאָריע — קאָמוניסטן, וועלכע זיינען אַמאָל אַנטלאָפן פון רומעניע, ליטע, לעטלאַנד, פינלאַנד. געוואָלט אַריבער קיין סאָוועט־רוסלאַנד און מען האָט זיי געכאַפּט אויף דער גרענעץ. עטלעכע זיינען דאָ, וועלכע וווינען שוין אין סאָ־וויעט־רוסלאַנד זינט דעם יאָר 1922. זיי זיצן שוין עטלעכע יאָר און האָבן באַקו־מען דעם באַזונדערן פּאַראַגראַף „פּ. ש." (פאַרדאַכט אין שפּיאָנאַזש). ביי עטלע־כע איז שוין דער פּאַראַגראַף אַ בולטער 6 - 58, דאָס הייסט שוין נישט פאַרדאַכט, נאָר שוין זיכערע...

דער עלפטער איז אַ כינעזער. דאָס גאַנצע פּנים איז אים געשטופּלט מיט פּאָקן־לעכלעך, אַזוי אויך די נאָז און אפילו די אויגן־לעדלעך. די הויט אויפן פּנים איז אַ רויט־בלויע, ווי אָפּגעבריט אָדער אָפּגעשונדן. ער פאַרשטייט נישט און קען נישט רעדן קיין איין רוסיש וואָרט, חוץ „דאַ".

— „טי שפּיאָן ?" (ביזט אַ שפּיאָן ?).

ציט ער נאָך מער איין דאָס געלעכערטע פּנים, ענטפערט מיט אַ מאָדנעם גע־לעכטערל, וואָס איז גיכער ענלעך אויף אַ חיהש געוויין:

— „דאַ־דאַ־דאַ !" (יאָ־יאָ־יאָ).

דער קאָנוואָיער ענטפערט־אָפּ מיט אַן אַלוויסנדיק, איראָניש, געלעכטערל:

— „טי כיטרי" (ביזט אַ קלוגעטשקער).

מען האָט אים געכאַפּט אויף דער גרענעץ ביי אַריבערקומען פון דער כינע־זישער זייט.

ביים צווייטן מאָל איבערזעצן אין אַן אַנדערער אָפּטיילונג, האָב איך אָנ־געטראָפן אַ פּוילישן פּריץ און אַן אוקראַינישן היסטאָריקער. דער פּריץ שוועז, מיט אַ פּאַרוואַקסענער, געדיכטער, קופּער־רויטער באָרד, איז שוין, זעט־אויס, אַ ביסל געריר פון זינען. ער איז געווען פאַרשיקט מיט זיין ווייב און צוויי טעכ־טער אויף אַ פּאָסיאָלעק, איז ער פון דאָרטן אַנטלאָפן פון פאַרשיקונג. ער האָט נאָך געוואָלט פאַרברענגען עטלעכע וואָכן אין וואַלד, כדי דאָרטן זיך אָנצועסן. ע־ווייסט פון אַזעלכע געוויקסן אין וואַלד, וואָס מאַכן פּולקאָם זאַט און ער האָט גע־וואָלט עטלעכע וואָכן לעבן אין זעטיקייט. ער האַלט, אַז די בעסטע זאַך אין דער וועלט איז — עסן !

ווען מען האָט דערלאַנגט דעם עטאַפּ - פּאַיאָק, 800 גראַם ברויט, פיר צוקער־

לעך און צוויי הערינג, האָט שוועץ דאָס אויפגעגעסן מיט איינמאָל. און נישט נאָר וואָס ער האָט אונטערגעהאַלטן דאָס היטל ביי יעדן איינעם, וואָס האָט געגעסן, די קרישקעלעך זאָלן אים אַריינפאַלן, נאָר אויך די הויט, וואָס מען האָט אָפּגעשיילט פון די הערינג, האָט ער אויפגעגעסן.

דער אוקראַאינישער פּראָפעסאָר האָט אויף דעם געזאָגט:

„דער מענטש איז אַ באַגאַבט באַשעפעניש. אַ חיה קאָן קיינמאָל נישט ווערן קיין מענטש, אָבער אַ מענטש קען ווערן אַ חיה — אָט קוקט אָן דעם גוט־באַזיצער שוועץ!"...

דער היסטאָריקער האָט געהאַט ביי זיך קיכלעך און אַלעמען דאָס צעטיילט. שוועץ האָט אויך באַקומען צוויי קיכלעך. ער האָט זיי געהאַלטן פאַרזיכטיק אויפן האַנט, נאָנט צו די אויגן, לאַנג אין זיי זיך איינגעקוקט, ביז די אויגן האָבן זיך אים פאַרטרערט. דאַן האָט ער אַ זאָג געטאָן:

„זייט געזונט, טייערע קיכעלעך!"

און זיי מיטאַמאָל אַריינגעוואָרפן אין מויל אַריין.

דער היסטאָריקער פאָרט איצטער פון דער לוביאַנקער טורמע אין מאָסקווע. יעדער אַרעסטאַנט, וועלכער האָט נאָר געלט, קאָן קריגן צו קויפן דאָרטן יעדע צוויי וואָכן, חוץ ברויט און מאַכאָרקע, אויך קיכעלעך. דאָרטן איז אַ מוסטער־טורמע. זי איז שיין איינגעאָרדנט, ווערט אַמאָל אויך באַוויזן פאַר אויסלענדישע באַזוכער. ער איז צופרידן, דער היסטאָריקער, וואָס מען שיקט אים איבער אין אַ צווייטער טורמע. די אויסלענדישע באַזוכער זעען נאָר דאָרטן די שיינע געבידע, ריינע קאַ־קאַמערן און פריש בעט־צייג. זיי ווייסן אָבער נישט וועגן דעם, אַז דורך דריי טעג גיט מען איינעם צו עסן בלויז הערינג, און גלייכצייטיק פאַרמאַכט מען אין זיין קאַ־מער דעם וואַסער־קראַן אויף דריי טעג (בעת דער אויספאָרשונג). זיי, די אויסלענ־דישע באַזוכער, זעען אויך נישט דעם „קאָנוועערט".

דריי מאָל איז דער אוקראַאינישער פּראָפעסאָר אָפּגעשטאַנען צו צוויי שעה אין דעם „קאָנוועערט". מען האָט אים נאָכדעם געמוזט אָפּפירן אין שפּיטאָל אַריין. ער גיט צו פאַרשטיין די טעכנישע פּרטים פון דער איינאָרדנונג. דאָס איז אַזאַ שמאָל, פאַרמאַכט קעסטל, מיט אַן עפנונג בלויז פאַר דעם קאָפּ און ביי דער ברוסט. דאָרטן ווערט מען אַריינגעשטעלט. דורך דער „ברוסט־שפּאַלט" ווערט אַריינגערוקט אַ פלאַכע, אייזערנע לאָפּאַטע, וואָס דריקט־אָן אויפן האַרצן און פאַר־האַלט דעם אָטעם. יעדע מינוט ווערט עס צוריק אַרויסגעצויגן און מען פרעגט דעם אַרעסטאַנט:

„נו, וועסט אויסזינגען דעם אמת?"

זאָגט ער נישט דאָס געוווּנשטע, ווערט ווידער אַריינגערוקט די לאָפּאַטע און מען קוועטשט ווידער אויפן האַרץ.

דער פּריץ שוועץ קאָן זיך נישט איינהאַלטן:

„אָבער מען גיט דאָך נאָכדעם קיכעלעך!"

אין דעם צוג איז היפּש אָנגעהייצט. מען מוז פון זיך אַראָפּוואַרפן דאָס אָנטו־עכץ, כאָטש עס איז חודש יאַנואַר, אויפן וועג צו צפון. ערגער איז מיט דעם דורשט. די הערינג ברענען־אויס די אינגעווייד. וואַסער קריגט מען נאָר דריי מאָל אין טאָג. באַכער קומט ווידער אָן שווער מיטן גיין אין קלאָזעט.

און ווי יעדעס מאָל, ווען מען פאַרענדיקט אַ רייזע און מען דערגרייכט דעם ציל, אַזוי האָבן מיר זיך אויך שוין דערפרייט, ווען מיר האָבן דערגרייכט אונזער „ציל" — די אַרכאַנגעלסקער עטאַפּן־טורמע.

## קאַפּיטל ד

איך האָב אַמאָל געמיינט, אַז מעלאָמאַנען, ליבהאָבער פון דער ערנסטער, קלאַסישער מוזיק, ספּעציעל נאָך די ליבהאָבער און פאַרערער פון בעטהאָווען, זייַנען מענטשן פון אַ באַזונדערער קאַסטע, געמיינזאַמער פּסיכיק. איינער דעם צווייטן דערפילט בעסער, פאַרשטייט אים אפילו אָן ווערטער. מיך האָט זייער פאַרדראָסן, ווען איך האָב זיך באַדאַרפט איצט דערין אַנטוישן. איך האָב געוויייטיקט דערבײַ, פּונקט ווי בײַ יעדער אַנדערער נייער אַנטוישונג. מיין איצטיקער סליעדאָוואַטעל קאַלאַשניקאָוו, האָט גראָד זייער ליב בעטהאָווענען.

און ער וויל דווקא, אַז איך זאָל וואָס מער און מערער רעדן. דריי מאָל האָב איך שוין דאָ אָנגעשריבן דורך איין נאַכט מיין ביאָגראַפיע, יעדעס מאָל האָב איך באַדאַרפט שרייבן אין אַן אַנדער שפּראַך — רוסיש, פּויליש און דייטש. עס מאַכט נישט אויס וואָס איך שרייב רוסיש און דייטש מיט פעלערן. אָבער דאָס איז אים נאָך אַלץ ווייניק. איך זאָל וואָס מער רעדן און דערציילן וועגן מיין פאַמיליע־לעבן. וועגן מיינע שרייבערישע אַרבעטן, וועגן מיינע באַגעגענישן מיט באַקאַנטע, עפּי־זאָדן, פּאַסירונגען. איך זאָל נאָר האַלטן אין איין רעדן און רעדן.

ער פאַרשרייבט דווקא גאָרנישט, ער שניצט אַ בלייפעדער אָדער פּיילט די נעגל. ער האָט שוין גערעדט מיט מיר וועגן ליטעראַטור און מוזיק, וואָס איך האָב געלעזן פון דער סאָוויעטישער ליטעראַטור. וועגן דעם שריפטשטעלער פאַנטאַלעי ראָמאַנאָוו האָט ער אפילו נישט געהערט. ער ווייסט אויך נישט דעם באַדייט פון דעם וואָרט „סאַנטימענטאַלני". ער זוכט דאָס אין ווערטער־בוך. נאָר ער איז זייער מוזיקאַליש, פאַרגעטערט בעטהאָווענען.

קאַלאַשניקאָוו איז יונג, שיין, הויך, שלאַנק, מיט אַן אויסגעאיידלט, אַפּילו סובטעל פּנים. אָפטמאָל רייסט ער מיר איבער אין מיטן רעדן און קלינגט דורכן טעלעפאָן צו זיין געליבטער. ער זאָגט איר די צאַרטסטע ליבעס־ווערטער. לויבט איר שמייכל, איר פיגור און באַזונדערע קערפּער־טיילן.

געענדיקט דעם טעלעפאָן־שמועס, זעצט ער זיך אַוועק ביים פענסטער און נעמט ברומען אַ מאָטיוו פון בעטהאָווענס זעקסטער, פּאַסטאָראַל־סימפאָניע. ער זינגט איצט דאָס וווּנדערלעכע לויב־געזאַנג פון די שניטער נאָך דעם געוויטער־שטורם. ער באַגייסטערט זיך מיט דער מעלאָדיע, שפּאַצירט שוין הין און צוריק איבערן צימער. ער זעט ווי איך הער זיך אויפמערקזאַם איין צו זיין געזאַנג, אָבער פּלוצלונג רייסט ער איבער דאָס זינגען און גיט מיך שנעל אַ פרעג:

— ווי אַזוי זעט אויס די פעסטונג פון סמאָלענסק?

איך האָב זיך פאַרלוירן. מיך האָט פאַרקלעמט שרעק. עס האָבן זיך געשפּאַרט טרערן אין די אויגן. ער מינטערט מיך, שרייט און חזרט ווידער איבער זיין פראַגע. איך האָב אים שטיל צוריקגעענטפערט מיט אַ פראַגע:

— פאַרוואָס זינגט איר בעטהאָווענען?

ווערט ער צוריק גוט. ער האָט שוין צוריק ארויפגעצויגן זיין קינדיש שמייכל אויף די ליפּן. ער ־עדט שוין מיט מיר ווידער פריינטשאַפטלעך:

— מענזשינסקי, דער פירער פון דער „געפּעאו", איז געווען א געוואַלדיקער און ליידנשאַפטלעכער ליבהאָבער פון מוזיק.

אין דער צווייטער נאַכט האָט ער געפּרוווט פון אַן אַנדערער זייט:

איך זאָל אים אויסמשלען ווי אַזוי עס האָט אויסגעזען מיין פרוי, מיין טעכ־טערל. ווען איך פּרווו, אין קאַרגע ווערטער, אויסמיידנדיק, עפּעס אים זאָגן וועגן דעם, כאַפּט ער שנעל אַרויס פון די אַקטן א פּאָטאָ פון מיין פרוי און קינד און ווייזט זי מיר פון דערווייטן:

— א וואונדערלעך מיידעלע! דאָס שליפל אין אירע הערעלעך איז זיכער א זיידנס און פון א בלויען קאָליר, אמת?

און ווען איך שאָקל מיטן קאָפּ אויף יאָ, קוק זיך דערווייל גיריק איין אין דער פּאָטאָ, גיט ער עס א כאַפּ אוועק און ווידער פּלוצים א פרעג:

— איז ווו געפינט זיך איצט דער צענטראַל־קאָמיטעט פון די לינקע פּועלי־ציון?

איך זאָג אים:

— אייער אויספאָרשונגס־מעטאָד איז גאַנץ אָריגינעל און אימפּאָנירט מיר.

ער איז מיך מכבד מיט א פּאַפּיראָס. ער איז נאָך א יונגער לייטענאַנט, אוודאי נישט לאַנג געענדיקט דעם סליעדאָוואַטעל־קורס. ער האָט הנאה פון מיין קאָמפּלימענט.

אָבער ווי נאָר איך פאַררויכער דעם פּאַפּיראָס, נעמט ער טופען מיט די פיס, דאָס פּנים ווערט ביי אים פאַרגאָסן מיט א שלעכטער רויטקייט, אַלע איידעלע שטריכן אויף זיין פּנים פאַרביטן זיך שנעל אויף מיאוסע, דעגענעראַטישע קנייטשן. ער קלאַפּט מיטן פויסט אין טיש:

— איר וועט די ראַטן־מאַכט נישט אָפּנאַרן! מיר מוזן אַלץ וויסן! מיר וויסן סיי־ווי אַלץ! איר האָט פון ביאַליסטאָק, אין פעברואַר 1940, געפּרוווט זיך דורכרייסן קיין ווילנע! אייערע חברים־שרייבער פון ביאַליסטאָק האָבן אונז דאָס מיטגעטיילט. מיר וויסן וועגן אייך אַלץ! דערציילט־זשע בעסער אַליין! וואָס פאַר אַן אויפגאַבע האָט אייך געגעבן אייער פּאַרטיי, אויסצופירן אין אונזער לאַנד?! ווער זיינען אייערע נאָענטע מיטהעלפער? מיר באַהאַנדלען אייך איידל און פיין, פירט מיך נישט אַרויס פון גלייכגעוויכט! צו אונזער דיספּאָזיציע שטייען א סך, א סך, די פאַ־שידנסטע מעטאָדן! פון אונז האָט נאָך קיינער גאַרנישט אויסבאַ־האַלטן! זייט זיך מיישב, טראַכט איבער אין דער קאַמער אייער לאַגע און מאָרגן זאָלט איר אָנהויבן מיט אונז ־עדן אַנדערש, אָפן! צווינגט אונז נישט אָנצווענדן לגבי אייך יענע מעטאָ־ן! דאָס זיינען שרעקלעכע מעטאָדן, אָבער נויטיקע פאַר דער עקזיסטענץ פון דער ־אַטן־מאַכט! מיר זיינען אומדערבאַרעמלעך! מאַרש אין קאַמער אריין!

## קאַפּיטל ה

איך זיץ איצט אין דער אינערלעכער טורמע אין ארכאַנגעלסק. ביים אָנקומען פון וואָלאָגדע בין איך פריער געזעסן עטלעכע טעג אין דער עטאַפּן־טורמע. דורכ־

גייענדיק אזוי פיל רעוויזיעס, האָב איך פונדעסטוועגן געפונען דאָ אין מיין פּעקע־לע מאַכאָרקע פאַרשטופּט א צעטעלע — דעם אדרעס פון וואסילי אָסיפּאָווס שוועסטער!

האָב איך שוין אצינד פאַרשאַנען פּארוואָס וואסילי האָט געקוועטשט גרויפּן אין א טיכעלע און געמאַכט דערפון קלעבעכץ, זאָגנדיק, אז „עס קאָן נאָך אמאָל צונוצקומען". ער האָט פּשוט אויפגעריסן מיינס א פּאַרמאַכט פּעקעלע מאַכאָרקע, אהין אריינגעשטופּט דעם אדרעס און עס פאַרקלעפּט אזוי, אז איך זאָל גאָרנישט דערקענען.

די טעקע מיט די זאַכן איז מיר פאַרפאַלן געוואָרן. דער קאָמענדאַנט פונם עטאַפּ האָט מיר געזאָגט, אז ער האָט די טעקע איבערגעגעבן דער טורמע־אדמי־ניסטראַציע. דאָס איז, פאַרשטייט זיך, געווען א ליגן.

די אינערלעכע טורמע איז ספּעציעל פאַר אויספאָרשן ערנסטערע פאַרברעכער, סרוב פּאָליטישע. איך זיץ איינער אליין אין א קאַמער. איך האָב שוין אכט טעג נישט געריכערט, חוץ איין פּאַפּיראָס קאַלאַשניקאָווס.

אויף די וויטערדיקע אויספאָרשונגען האָב איך זיך שוין אָפּגעזאָגט פון דעם כיבוד. רויכערן איז איצט מיין טרוים. איך פיל ווי מיין גאַנצער קערפּער צעריננט, ווערט שלאַבערדיק, איך קאָן נישט קאָנצענטרירן דעם געדאַנק, אַלץ צעשווימט, צע־פאַלט. בלויז עטלעכע צי פון א פּאַפּיראָס קאָן דאָס אַלץ צונויפהאַלטן, פאַרפעסטיקן. זיין א גאַנצן טאָג איינער אליין אין קאַמער, א האַלבע אָדער דריי־פערטל נאַכט זיצן ביים סליעדאָוואַטעל אויף אויספאָרשונג און דאָס אַלץ אָן א פּאַפּיראָס — איז שווער איבערצוטראָגן.

עטלעכע טעג האָט מען מיך נישט געפירט אויף דעם 15־מינוטיקן שפּאַציר. עס איז א גרויסער פראָסט אין דרויסן און איך טראָג זומער־לעטשלעך. די טורמע אדמיניסטראַציע באָרגט אויס צום שפּאַציר וואַליקעס. פאַראַן אָבער נאָר עטלעכע פּאָר וואַליקעס און אַרעסטאַנטן אין לייכטע אָדער צעריסענע שיך זיינען דאָ א סך.

איך בין אָבער גראָד דערמיט צופרידן. ווען עס קומט מיר אויס צו שפּאַצירן אויף דעם אָפּגעצוימטן הויפל און איך דערזע דעם וועכטער אויפן טורעם, מיטן אויסגעשטרעקטן ביקס אין האַנט, מיין איך נאָך אַלץ, אז אָט־אָט וועט עס געשען, ער וועט אַ צי טאָן ביים צינגל פון ביקס. און דווקא דעמאָלט, ווען איך גיי מיט דער פּלייצע צו אים. דאָס וועט זיין דער שרעקלעכער מעטאָד, וואָס איז נויטיק פאַר דער עקזיסטענץ פון דער ראַטן־מאַכט — ווי קאַלאַשניקאָוו האָט מיר אויפגעקלערט.

איך האָב מיר פאָרגענומען, אז היינט ביינאַכט מוז מען אריינברענגען אין קאַמער נאָך אַן אַרעסטאַנט. אין וואָלאָגדע בין איך אויך געזעסן אכט טעג איינער אליין. איך שלאָף נישט איין, איך וואַרט אָפּ מיט זיכערקייט מיין קומענדיקן פּאַרט־נער. דאָס פאַרגעניגן ביי אַרעסטאַנטן איז אזוי דין און אויסגעשאַרפט, ווי ביי א שווער־קראַנקן וואָס ליגט שוין לאַנג צו־בעט, אָדער ווי ביי א פרוי נאָכן געבוירן דאָס ערשטע קינד. דער אַרעסטאַנט באַקומט א חוש־הריח פון א הונט. אזוי רעדן זיך, אַלנפאַלס, איין די אַרעסטאַנטן.

איך האָב געוואָרט אויף צוויי זאַכן: עס זאָל אריינקומען אַן אַרעסטאַנט; ער זאָל אומבאַדינגט האָבן ביי זיך צו רויכערן.

מיין פֿאַרגעפֿיל האָט מיך דאָס מאָל נישט אָפּגענאַרט. עס האָט שוין געמוזט זיין צוויי ביינאַכט. אויף קיין אויספֿאָרשונג האָט מען מיך די נאַכט נישט גערופֿן. איך ליג מיט געשלאָסענע אויגן, כּדי דער שליסער, וואָס בליקט יעדע מינוט דורכן „וואָלפֿישן אויג", זאָל נישט זען מיך אויפֿזיין — מען מוז דאָך שלאָפֿן ביינאַכט. און אָט הער איך טריט, צוויי דערנענטערן זיך צום טיר. הייסט עס, אַז נישט מען קומט מיך רופֿן צום סליעדאָוואַטעל, נאָר מען וועט וועמען אַריינפֿירן.

ענדלעך, דאַנקן גאָט, איך האָב שוין אַ פּאַרטנער. ווי מען האָט נאָר צוריק פֿאַרמאַכט די טיר, האָב איך דאָס ערשטע געגעבן אַ פֿרעג:

— „קוריט יעסט?" (רויכערן פּאַראַן?).

ער האָט מיר אַרונטערגערוקט אונטערן קאָלדרע אַ ציגאַר־מאַכאָרקע.

איך האָב געשלונגען דעם רויך ווי אַ דורשט־פֿאַרברענטער שלינגט וואַסער אין מדבר.

איצט האָב איך אים שוין, ווי געוויינלעך, געפֿרעגט זיין נאָמען, סטאַטיאַ (פּאַראַגראַף). איך האָב רעכט נישט געוואַרט אויף זיין ענטפֿער און גלייך געבעטן נאָך אַביסל מאַכאָרקע.

זיין נאָמען איז טיעלאָוו, אַן אינזשיניער, קאַפּיטאַן. זיין פּאַראַגראַף?

ער ענטפֿערט מיט אַ שמייכל און פּראָוואָצירנדיק:

— אָבשטשעסאַראָדנאַיאַ סטאַטיאַ (אַלגעמיינער פֿאָלקס־פּאַראַגראַף) אַכט און פֿופֿציק, שטריך — צען! (קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע אַגיטאַציע).

איך זע שוין, אַז מען דאַרף מיט אים וואָס ווייניקער רעדן. אָבער ווי מען איז נאָר איבערגעשלאָפֿן די נאַכט און עס איז געקומען דער „פּאָדיאָם" (אויפֿשטיין), האָט מען שוין געהאַלטן נאָר אין איין רעדן.

ער איז נישט איבערגעשראָקן, ווייל ער זיצט שוין צום צווייטן מאָל. דאָס ערשטע מאָל געווען אַרעסטירט אין יאָר 1937. אָפּגעקומען דעמאָלט נאָר מיט פֿיר חדשים תּפֿיסה. מען האָט אים געהאַט באַשולדיקט אין סאַבאָטאַזש. עס האָט זיך שנעל אַרויסגעוויזן, אַז ער איז נישט געווען שולדיק, די מאַשינען זיינען קאַליע געוואָרן צוליב שלעכטן אייל. פֿאַר די פֿיר חדשים איז אים אָפּגעקומען פֿיר־און־פֿערציק קילאָ פֿון זיין וואָג, פֿון 104 אויף 60. איצט באַשולדיקט מען אים אין אַנטי־סאָוויעטישער אַגיטאַציע. עס איז דאָ דערויף נאָר איין עדות — זיין געוועזן ווייב.

שוין צוויי יאָר זינט ער האָט זיך מיט איר געגט. זיי זיינען אָבער געבליבן וווינען אין דעם זעלביקן צימער. נישט ער און נישט זי וועלן דאָך אָפּטרעטן פֿון דער דירה; עס איז נישט לייכט צו קריגן אַ צווייטע.

צו אים אין שטוב איז אָפֿט אַרויפֿגעקומען אַ צווייטע פֿרוי, זיין ווייבס אַ חבֿר־טע. ער האָט זיך מיט איר נאָענט באַפֿריינדעט. האָט זיין געוועזן ווייב אָנגעהויבן זוכן אויף אים חטאים. זי האָט זיך דערמאָנט אין אַ פּאַסירונג פֿון די פֿריערדיקע יאָרן. זי איז אַוועק דאָס מעלדן אין „נקווד". יאָ, איר געוועזענער מאַן איז אַ שונא פֿון דער ראַטן־מאַכט. צי זי האָט דערויף באַווייזן? האָט ער עפּעס געזאָגט פֿאַר וועמען? ניין, דערצו איז ער געגנוג כּיטרע. נאָר זי געדענקט גענוי, אַז איינמאָל אין אָן אָוונט, ווען זי האָט פֿאַר אים פֿאַרגעלייענט אַ צייטונג, איבערגעלעזן אַן אַרטיקל וועגן קאָלכאָזן, האָט ער, ווסיעוואָלאָד טיעלאָוו, איראָניש געשמייכלט.

צו דער באַשולדיקונג האָט שוין די „נקווד" אויסגעזוכט, אַז דער אַמאָליקער

ווייסער גענעראַל מיללער, וואָס האָט געקעמפּט קעגן די באָלשעוויקעס, האָט גע־
האַט אַן איידעם מיטן זעלבן פאַר־ און פאַמיליע־נאָמען, מוז ער אַוודאי דאָס האָבן
געווען דער איידעם. טיעלאָוו האָט אַמאָל געדינט אין ראַנג פון אָפיציר אין דער
ווייסער אַרמיי. דאָס איז טאַקע ריכטיק, נאָר ער איז פון דאָרטן אַנטלאָפן און זיך
פרייוויליק איבערגעגעבן דער רויטער אַרמיי. אַ לאַנגע צייט געקעמפט אין די רייען
פון דער רויטער אַרמיי, דערהויבן געוואָרן ביז קאַפּיטאַן. זאָגט איצט „נקוד", אַז
דאָס האָט ער, מסתמא, געטאָן בכיוון, זייענדיק דערביי עפּעס אויסן.

טיעלאָוו רופט אָן דעם איצטיקן רעזשים „דאָס קאָמישע קעניגרייך". איך לאָז
דערביי אַראָפּ די אויגן און מאַך זיך נישט הערן. האָט ער, זעט אויס, גלייך חרטה
אויף דעם געזאָגטן און נעמט מיך אַגיטירן פאַר קאָמוניזם, אויפווייזן וואָס פאַר אַ
פיינע און געהויבענע אָרדנונג עס איז די ראַטן־מאַכט.

היינטיקע נאַכט רופט מען מיך, פריער ווי אַלע מאָל, צו דער אויספאָרשונג.
קאָלאַשניקאָוו שניצט היינט לענגער ווי אַלעמאָל דעם בלייפעדער און פיילט די
נעגל. ער הויבט אָן מיט אַן אַנדערן טאָן און אַנדערן נוסח:

— עס קאָן גראָד זיין, אַז מיר זאָלן אייך באַפרייען. עס קאָן געמאָלט זיין,
אַז אין אַ צייט אַרום זאָלט איר זיך שוין זען מיט אייער פרוי און קינד, פאַרשטייט
זיך, אַז נישט באַלד.איר וועט בלייבן דערווייל אַרבעטן אין אַרכאַנגעלסק. איר וועט
באַקומען אַ גוטן פּאָסטן אין אַ פאַבריק. איר דאַרפט נאָר, ווי יעדער סאָוויעטישער
מענטש, זיין פאַר אונז נוצלעך, דינען מיט עפּעס ממשותדיקס.

— אין וואָס באַשטייט די נוצלעכע אַרבעט?

— גאַנץ פּשוט. איר דאַרפט פאַרפירן שמועסן מיט די אַרבעטער, אַרויס־
זאָגן פאַר זיי קאָנטר ־ רעוואָלוציאָנערע מיינונגען, גאַנץ צוריקגעהאַלטן, פאַרזיכ־
טיק, מען זאָל נישט דערקענען, אַז עס איז בכיוון. און דאַן וועט איר אויסהערן
זייערע מיינונגען. נאָר דאָס וועט איר אונז דאַרפן איבערגעבן, מער נישט. איר
ווילט דאָך זיין אויף דער פריי? איר ווילט דאָך האָבן אַ גוטן פּאָסטן? איר ווילט
דאָך נאָך אַמאָל זען אייער פרוי און קינד? ענטפערט, ענטפערט!

— יאָ!

— אַן אָנהענגער פון דער ראַטן־מאַכט זענט איר דאָך, אמת? אייך געפעלט
דאָך אונזער סאָוויעטישע סיסטעם?

— האָ?

— וואָס זיינט איר פּלוצים טויב געוואָרן!! איך פרעג אייך, צי עס געפעלט
אייך אונזער סאָוויעטישער סיסטעם, אונזער אָרדענונג!

— יאָ!

— דאַרפט איר אונז צוהעלפן באַקעמפן אונזערע שונאים, אונזערע קעגנער!

— אויף וואָס פאַר אַן אופן?

— איך האָב אייך שוין געזאָגט דעם אופן. דאָס איז מחויב צו טאָן יעדער
ערלעכער סאָוויעטישער בירגער.

— איך בין נישט פעיק צו אַזאַ מלאכה.

— דאָס איז אַ קלייניקייט. מיר וועלן עס אייך אויסלערנען, אינסטרואירן.
אַז מען וועט דאַרפן, וועט מען אייך שיקן אויף אַ ספּעציעלן קורס.

— איך קאָן נישט טראַכטן איינס און זאָגן דאָס צווייטע. איך בין נישט קיין דיפּלאָמאַט. איך קען נישט אָפּנאַרן.

— אונזער חבר מאַלאַטאָוו איז אויך אַ דיפּלאָמאַט.

— איך זאָג גאָרנישט אויפן חבר מאַלאַטאָוו, נאָר איך קען דאָס נישט. דער־רויף דאַרף מען האָבן באַזונדערע פעיקייטן.

ער שמייכלט זיסלעך און רעדט צו מיר ווייך און פאַרטרוילעך:

— שרעקט זיך נישט, דער חבר מאַלאַטאָוו וועט זיך דערפון נישט באַליי־דיקן. ער טוט זיין גרויסע, נוצלעכע אַרבעט פאַרן סאָוויעטן־לאַנד. אַז ער זיצט מיט ריבענטראָפּן, ווייסן מיר דאָך, אַז ער נאַרט ריבענטראָפּן און יענער נאַרט אים אָפּ. יעדער זאָגט עפּעס אַנדערש ווי ער מיינט. נאָר דערמיט טוט מען אַ גרויסע זאַך דער מלוכה, יעדער אויף זיין אופן. דעריבער וועט איר פון אייער אַרבעט זיך אויך נישט אָפּזאָגן. איר וועט אויספירן די פונקציע וואָס מיר פאַרגיבן אייך.

— איך קען דאָס נישט, איך בין נישט קיין אַקטיאָר, איך קאָן נישט שפּילן. איך בין נישט יאַנוס, וואָס איין העלפט פּנים לאַכט און די צווייטע וויינט.

זאָל איך אים קודם זאָגן ווער עס איז דאָס דער יאַנוס. איך זאָג אים און ער פאַרשרייבט זיך דאָס מיט צופרידנקייט אין זיין נאָטיץ־ביכל. ער שטייט אָבער נישט אָפּ פון זיין פאָדערונג:

— זייט ווייסן, אַז מיר וועלן אייך באַטראַכטן פאַר אַ שונא. ווער עס איז נישט מיט אונז, דער איז קעגן אונז!

— אַזוי האָט דאָך אויך געזאָגט יעזוס קריסטוס.

ער פאַרשרייבט דאָס ווידער אין זיין נאָטיץ־ביכל.

— איר וועט שוין דווקא יאָ טון דאָס וואָס מיר הייסן!

— ניין. איך בין אַ שרייבער, מיין אַרבעט איז נאָר מיט דער פּען, קיין אַנדערע אַרבעטן קען איך נישט.

— ביי אונז טוט דאָס אויך יעדער שרייבער. דאָס איז אַ הייליקער חוב פון יעדן סאָוויעטישן בירגער. אַ שרייבער דאַרף אויך אויספילן די דאָזיקע פליכט, אַנדערש אַנערקענען מיר אים נישט.

— האָט מאַקסים גאָרקי דען אויך געטון אַזאַ אַרבעט?

ער האָט אַ כרוקע געטון. דער גאָרגל־קנאָפּ האָט זיך ביי אים אַ הויב געטון. איך האָב זיך אַליין דערשראָקן פאַר דעם געזאָגטן!

— איך גיב אייך צייט פיר־און־צוואַנציק שעה! אָדער איר וועט שוין מער נישט זען די ליכטיקע שיין פאַר אייערע אויגן! איר פאַרשטייט? שוין קיינמאָל נישט זען די וועלט פאַר אייערע אויגן! איר וועט אָפּגעווישט ווערן פון דער ערד, אָדער איר וועט מאָרגן מסכים זיין און אונטערשרייבן אַ פאַרפליכטונג! אָט איז אייער לעצטער שאַנס!

## קאַפּיטל ז

קלאַוודיאַ איז אַ סטאַכאַנאָווקע אין איר פאַך. זי איז אַ תפיסה־וועכטערין. ביים גיין אין קלאָזעט אַריין, גייט זי מיט און שטעלט זיך אַוועק דער־נעבן, מען זאָל נישט קאָנען עפּעס אָנשרייבן אויפן וואַנט, אָדער אונטערוואַרפן אַ צעטעלע צו אַרעסטאַנטן פון אַנדערע קאַמערן.

קלאַוודיאַ האָט אַ פּנים פון אַ טומטום. זי איז בלויז רשעות. זי טראָגט אַ מיר־ליטערישן האַקי־מונדיר, ווי אַלע זעלנער, נאָר אַ קליידל אַנשטאָט הויזן. די זעלבע שטיוול, בלוזע און היטל. די האָר זיינען ביי איר אויך מאַנספּאַרשוויניש אָפּגעשוירן און עס טראָגט פון איר אַ פּאַראייליצטער אָדעקאָלאָן־ריח. זי איז אַ ספּעציאַליסטין ביים כאַפּן די אַרעסטאַנטן ביי פאַרברעכנס, וואָס זיינען קעגן די טורמע־פאָר־שריפטן. זי פירט אַרויס אַרעסטאַנטן פון קאַמער, גייט דאָרט אַליין אַריין און נעמט קלאַפּן דורכן וואַנט צו אַ שכנותדיקער קאַמער. זי פאַרפירט אַזוי אַרום מיט וועמען אַ שמועס. ווען יענער ענטפערט־אָפּ מיט קלאַפּן, שפּרינגט זי אַרויס, רייסט־אויף די טיר פון קאַמער פונוואַנען מען קלאַפּט צוריק און כאַפּט יענעם אינמיטן פאַרברעך. זי גיט דערפאַר צען טעג קאַרצער. די גרעסטע צאָל קאַר־צער קומט פון אירע הענט. דערפאַר איז זי אויסגעצייכנט געוואָרן אַלס סטאַכאַ־נאָווקע.

אינזשיניער טיעלאָוו געדענקט זי נאָך פון מיט דריי־פיר יאָר צוריק. מיך דאַרף ער פאַר איר נישט וואָרענען. איך היט־אָפּ דעם תפיסה־רעגולאַמין. איך ריזיקיר נישט דורכצוקלאַפּן. ער דאַרף אָבער וואָרענען אונזער פאַרטנער, וועלכער איז היינט צו אונז צוגעקומען, דעם סטודענט פּראָקאָפּיעוו. איצט זיינען מיר שוין אַ קליי־נע משפחה פון דריי מענטשן. פּראָקאָפּיעוו איז אַלט 71 יאָר. ער איז נאָך ווייניק דערפאַרן. ווען ער האָט נאָר דערהערט קלאַפּן דורכן וואַנט און הוסטן, האָט ער דעריקענט, אַז דאָרט זיצט אַ פרוי, האָט ער זיך געכאַפּט צוריקקלאַפּן, אָבער טיע־לאָוו האָט אים שנעל אָפּגעהאַלטן:

— דאָ זיצט נישט קיין פרוי, נאָר אַ טייוול. אַ צווייטנס פּיין איז איר גליק.

פּראָקאָפּיעוו איז פון אַלץ פאַרחידושט און איבעראַשט. אים אימפּאָנירט אפילו די טורמע, ווי ער וואָלט געוועזן אויף אַ טוריסטן־עקסקורסיע. קוקט זיך צו און הערט זיך איין אין אַלעם מיט געשפּאַנטער אויפמערקזאַמקייט. דאָס עסן דאָ איז אפּי־לו נישט ערגער פון דעם, וואָס ער האָט געגעסן אויף דער פריי, אין מעכאַניק־אינס־טיטוט. אפשר נאָך בעסער.

מען האָט אים אַרעסטירט מיט אַ גאַנצער חברה. זיי זיינען זיבן סטודענטן, צווישן זיי אויך צוויי מיידלעך. זיי זיצן דאָ ערגעץ אַלע, פילט ער זיך דאַדורך היימ־לעכער. ער איז באַשולדיקט אין עטלעכע פאַרברעכנס און ווייסט נישט פאַר וועלכן פון זיי מער מורא צו האָבן.

היי־יאָר זיינען געוואָרן אָפּגעשאַפט די רעגולערע סטיפּענדיעס פאַר סטודענטן. איז דאָס נאָך ווייניק, דאַרף מען שוין צאָלן הונדערט און אַכט־און־דרייסיק רובל אַ יאָר שכר־לימוד. פון וואַנען זאָל ער עס נעמען?

ביזן יאָר 1929 איז דער פאָטער געווען נישט קיין אָרימער פּויער. האָט מען זיי „ראַזקולאַטשעט" (צוגענומען די ערד און פאַרמעגן ביי די רייכערע פּויערים - „קור־לאַקעס") און פאַרשיקט. קורץ נאָכדעם האָט מען דעם טאַטן איינגעזעצט און איז פון דעמאָלט־אָן פאַרשוווּנדן. ער געדענקט שוין נישט זיין אויסזען. אים איז דעמאָלט געווען בסך־הכל זעקס יאָר. איצט אַרבעט די מאַמע אין אַ „סאָווכאָז" און שיקט אים צו פון־צייט־צו־צייט אַ ביסל קאַרטאָפל, גרינוואַרג. ער האָט געקראָגן אַ סטיפּענדיע 75 רובל אַ חודש. עס האָט אים געסטאַיעט נאָר אויף ברויט מיט „קיפּיאַטאָק" (געז־זאָטן וואַסער). עס איז אפילו נישט פאַרבליבן קיין געלט אויף צו קויפן די זופּ און

קאַשע אין זייער סטאָלאָווקע. פון־צייט־צו־צייט פלעגט פאַר אים באַצאָלן פאַר א זופּ איינע פון די שול־חברטעס. אַזוי האָט ער געלעבט דריי יאָר. אמת, מען פלעגט זיך אַמאָל צונויפנעמען אויף א טרונק בראָנפן. דערויף האָט שוין געמוזט זיין געלט. מען האָט געטרונקען, געזונגען, געשפּילט אויף א האַרמאָניע, געטאַנצט. איז געווען א ביסל פריילעך. איצט, אַז מען האָט אָפּגעשאַפט די סטיפּענדיעס און מען דאַרף צאָלן פאַרן לערנען אין אינסטיטוט — ווו וועט מען דאָס נעמען? — האָבן זיי, זיבן חברים, זיך צונויפגערעדט, אָפּגעהאַלטן א באַראַטונג און פאַ־פּאַסט א בריוו אין גראַמען צו סטאַלינען. זיי האָבן דערציילט וועגן זייער לאַגע און גע־בעטן, אַז מען זאָל פאַר זיי צוריקשטעלן די סטיפּענדיעס, וויניקסטנס באַטש באַפרייען פון שול־אָפּצאָל.

האָט איינער פון די זיבן מיטגעטיילט וועגן דעם דער „נ. ק. וו. ד."

דער באַשולדיקונגס־אַקט קעגן זיי האָט א סך פּונקטן:

פאַר האָבן א קאָלעקטיווע באַראַטונג — געהיימע אָרגאַניזאַציע;

פאַר זיין אומצופרידן מיט א באַשלוס פון דער רעגירונג — אַנטי־סאָוויעטיזם;

פאַר אויסדריקן די אומצופרידנקייט אין א גרופּן־בריוו ־ קאָנטער־רעוואָלוציאָ־נערע אַגיטאַציע.

אָבער ער, פּראָקאָפּיעוו, האָט חוץ דעם, נאָך עטלעכע פּאַראַגראַפן. עס איז שוין נישט אַזוי די שטראָף, ווי די חרפּה. מען האָט ביי אים געפונען א שטעקן מיט אַן אריינגעזעצט לאַנג מעסער, וואָס ער האָט אַליין געמאַכט — דאָס ווערט גערעכנט פאַר וויים געווער. דאָס איז נאָך אָבער גאָרנישט. מען האָט אויך ביי אים געפונען א פּראָשעק, וואָס ער האָט ערגעץ געקראָגן אין געהיים. פון דעם פּראָשעק, אַז מען שיט דערפון אַביסעלע אַריין אין א גלאָז און גיט עס צו טרינקען א פרוי, ווערט זי דערפון ליידנשאַפטלעך, סעקסועל גערייצט. ער פלעגט דאָס באַנוצן ביי באַגעגענישן מיט זיינע פריינדינס. אויסער דעם האָט מען ביי אים נאָך געפונען א פּאָרנאָגראַפישע קאַרטע, א בילד פון א נאַקעטער פרוי. ער האָט עס אַמאָל געקראָגן ביים פּאָרט פון אַן ענגלישן מאַטראָז, פאַר צוהעלפן אים אָפּטראָגן דאָס רענצל.

אָט דער פּראָשעק און דאָס בילד פּייניקן אים מער פון אַלעם.

אויב זייער פּראָצעס וועט זיין א געמיינזאַמער, וועלן דאָס דער־זען זיינע צוויי חברטעס. וואָלט ער שוין בעסער געוואָלט, אַז מען זאָל אים פריער דערשיסן.

איינע פון זיינע חברטעס איז א געבילדעטע און פעיקע, פאַרפאַסט אַליין גראַ־מען. ביי דער רעוויזיע אויף איר געלעגער האָט מען געפונען אין איר העפט, חוץ אירע אייגענע גראַמען, אויך עטלעכע שורות פון א קאָנטער־רעוואָלוציאָנע־ער „טשאַ־סטושקע", וואָס מען האָט געזונגען אין די ערשטע יאָרן פון דער רעוואָלוציע:

„אַלץ איז ביי אונז אונטער מאָנאָפּאָל,
אויפן מויל קלעפּט אויך א באַנדעראָל!"

זי איז ניינצן יאָר אַלט, אָבער ליידט שוין אויף די לונגען. הוסט, „טשאַכאָטקע" (טובערקולאָז). האָט ער געמיינט, פּראָקאָפּיעוו, אַז דאָס הוסט טאַקי זי, וויערא, אַז זי קלאַפּט צו אים דורכן וואַנט.

## קאַפּיטל ז

היינט גייען מיר אויף שפּאַציר אין דרייען. איך באַמי זיך שטענדיק צו

גיין אין מיטן. איך האָב מורא צו זיין דער ערשטער, אָדער לעצטער. ווייל פון טור־רעם קוקט דער זעלנער גאַנץ מאָדנע און האַלט די האַנט אויפן צינגל פון ביקס.

טיעלאָוו באַציט זיך צו פּראָקאָפּיעוון ווי אַ פּאָטער צו אַ זון. ער האָט אַליין אַ דערוואַקסענעם זון, פּריער געקעמפּט אויפן פינישן פראָנט און איצט געפינט ער זיך אין די באַפרייטע באַלטישע לענדער. די יינגערע טאָכטער לערנט אין אינס־טיטוט.

טיעלאָוו האָט הנאה פון דערציילן און באַלערנען דעם יונגן פּראָקאָפּיעוו, וועלכער הערט אַלץ אויס מיט דורשטיקער נייגעריקייט. אינזשיניער טיעלאָוו איז שוין געווען אין ענגלאַנד, שוועדן, ער האָט דעמאָלט געאַרבעט אַלס שיף־מעכאַניקער. ער האָט נישט ליב ווען איך בעסער אים אויס, בעת זיין דערציילן, געוויסע טעותים. טשעכאָסלאָוואַקיע גרענעצט זיך ביי אים מיט גריכנלאַנד. יידן זיינען, לויט אים, דאָס גרעסטע, לויט דער צאָל, פאָלק אין דער וועלט. אַלע גרויסע דערפינדונגען, אויך עראָפּלאַן און ראַדיאָ האָבן געמאַכט נאָר רוסישע געלערנטע.

איך בעסער אויס, אָבער ער שפּאַרט זיך מיט מיר, ווערט עשיו - רויט. כעסט זיך. ער איז עלטער פון מיר און ווייסט בעסער פון מיר. ער וואָלט וועלן געבן מיר אויך אָנצוהערן, אַז איך רויכער שוין לאַנג זיין טאַבאַק, אַז ער האָט געטיילט מיט מיר זיין עסן, וואָס ער האָט נאָך מיטגעבראַכט פון דערהיים. ער זאָגט דאָס נישט, נאָר איך פיל עס אַרויס. ער דערציילט מיר וועגן זיין אַמאָליקער פריינטשאַפט מיט יידן. ער האָט מיט זיי געהאַנדלט, געגעסן ביי זיי פיש, איינמאָל אפילו גע־ווען אין שול ביים דאַווענען. ער האָט אויך געשפּילט מיט יידישע סוחרים אין קאָרטן. ער וויל מיך אָבער פאַרט מיט עפּעס פּלעפן:

— אָבער אַז די יידישע שפּראַך איז אַזאַ נאַרישע און קאָמישע! אָט איז אַזאַ וואָרט ווי „שמענדעפּער" ! הערט נאָר ווי קאָמיש עס קלינגט: שמען־דע־פּער!

איך גיב אים, פאַרשטייט זיך, נישט נאָך. „שמענדעפּער" איז דווקא אַ פראַנצויזיש וואָרט, וואָס איז דער טייטש — אייזנבאַן. מען רופט אויך אַזוי אַ געוויסע שפּיל אין קאָרטן. ער האָט אוודאי אַליין דערין געשפּילט מיט די יידישע קופּצעס, געהערט דאָס וואָרט און נישט געוווּסט פון וואַנען דאָס שטאַמט.

גיט ער מיר אויך נישט נאָך. האָט ער עפּעס אַנדערש מיר פאַרצוואַרפן:

— מיר, רוסן, אַז מיר וועלן גיין אין לאַגער אריין, קען יעדער פון אונז עפּעס טון, אַרבעטן אין וואַרשטאַט ,אָפּקאָכן אַ געקעכץ, שיילן קאַרטאָפל, פאַריכטן די הויזן, שיך; איר, אָבער, קענט דאָך גאָרנישט! איר קענט אוודאי גוט „טאַלמוד" (תלמוד) און מאַרקסיזם. איר זענט גוטע מייסטערס אויף שפּילן פידל און קענט נישט האַלטן קיין מעסער אין האַנט. אפילו שעכטן אַן עוף גייט איר צו אַ ספּעציאַ־ליסט. אין לאַגער וועט איר מוזן רייניקן די קלאָזעטן! קיין „טאַלמוד" און „שמענ־דעפּער" העלפן דאָרטן נישט.

ער צעלאַכט זיך, שטויסט פּראָקאָפּיעוון, אַז ער זאָל אויך מיטלאַכן. דער דיזשורני קלאַפּט אין טיר — מען זאָל זיך נישט טומלען אין קאַמער.

פּראָקאָפּיעוו ווינקט צו מיר, אַז איך זאָל אים פאַרשווייגן. צעקריגן זיך מיט אים, האָב איך, פונדעסטוועגן, נישט בדעה. איך האָב אים נאָר אויפגעהערט צו פאַרליידן און באַמי זיך אויסצומיידן מיט אים געשפּרעכן.

ער האָט אפילו אויסגעפונען צו מיר נאָך אַ מאָדנע טענה:

— מיר רוסן, כאָטש געבילדעטע, זיינען גלייכצייטיק אויך פּראָסטע פאָלקס־מענטשן. אַז מען עסט־אָפּ דאָס שוואַרצע ברויט מיט דער זופּ, קרעמפּירן מיר זיך נישט, לאָזט מען זיך נאָכדעם הערן... זאָלן די גאַזן אַרויס... עס מאַכט נישט אויס, בעסער אָפּן און הויך. איר, אָבער — קאָנספּירירט...

נאָר ער זוכט זיך צו מיר מיט טענות.

## קאַפּיטל ה

קאַלאַשניקאָוו איז פּינקטלעך, צו די פיר־און־צוואַנציק שעה האָט מען מיך אַרויסגע־פירט צו אים. ער קוקט מיך פריער אַרום, וויל דערקענען פון מיין בליק, וואָס פאַר אַן ענטפער איך וועל אים געבן אויף זיין אולטימאַטום. ער רעדט איצט וועגן זיך:

— איך בין דער מילדעסטער אויספאָרשער דאָ. אויב איך קאָן מיט אייך גאָר־נישט מאַכן, וועט איר איבערגיין צו אַ צווייטן. דאָן וועט איר שוין נישט נאָר באַ־דויערן וואָס איר זענט אַרויסגעפאַלן פון מיין האַנט, נאָר איר וועט אויך באַדויערן אייער געבוירן ווערן און לעבן אויף דער וועלט. איך זאָג עס אייך מיט דער פולס־טער אויפריכטיקייט. איך וויל איצט הערן אייער ענטפער. אייער טערמין האָט זיך געענדיקט.

מיין ענטפער איז געווען קורץ:

— ניין! איך האַלט דאָס פאַר אַ באַליידיקונג פאַר מיר.

— דינען דער ראַטנמאַכט, דער איינציקער סאָציאַליסטישער מלוכה אויף דער וועלט, באַליידיקט אייך?!

— יעדער האָט זיך זיינע אויפגאַבן און פעיקייטן. איך האָב געאַרבעט אין וואַלד ביים זעגן בוימער, איך האָב געאַרבעט אַלס מאַטראָז אויף אַ לאַסט־דאַמפער, איך בין ווידער גרייט צו טון די שווערסטע אַרבעט. איך מיין, אַז דאָס דינט אויך דעם סאָוויעטן־לאַנד. מיט פּראָוואָצירן און מסירות וועל איך זיך נישט פאַרנעמען, מעג עס אפילו זיין לטובת ראַטנפאַרבאַנד.

— שווייגט! איר זענט אַן אַרעסטאַנט! איר זענט אַ פאַרברעכער! איר דער־לויבט זיך שוין צופיל מיט אונדז. איר קענט דערפון באַקומען נאָך אַ באַזונדערע שטראָף, כאָטש יענע שטראָף וואָס קומט אייך שוין — איז אויך אַ גענוגנדיקע. זי איז די העכסטע שטראָף. פאַ־שטאַנען?! איר וועט אונדז נישט לערנען מיט וואָס צו מאַכן גוצלעך יעדן איינעם פון אונזערע בירגער. איר זענט אַנטלאָפן פון די דייטשן און זיך גערעטעוועט אויף אונזער טעריטאָריע. מיט וואָס וועט איר אונדז אָפּדאַנ־קען? ! הערט זיך איין מיט קאָפּ. איך וועל קיין סך שוין מיט אייך נישט רעדן. וועגן וואָס שמועסט איר דאָרט אין דער קאַמער צווישן זיך?

— פאַרשידנס. ס'רוב דערציילט מען זיך אַנעקדאָטן וועגן פרויען. אָפטמאָל רעדט מען וועגן טעכניק, אַמאָל פאַרהערט מען זיך ווער פון אונדז עס קען בעסער געאָגראַפיע, מאַטעמאַטיק.

— הם, וועגן טעכניק, געאָגראַפיע. אויף אייער פאַס האָבן מיר געפונען אַ סך אויסלענדישע וויזעס. איר זענט שוין געווען אין אַ סך לענדער. צוליב וואָס זענט איר דאָרט געפאָרן? פאַרוואָס האָט אייך די פּויליש־פאַשיסטישע רעגירונג דער־לויבט אַזויפיל מאָל אַרויסצופאָ־ן קיין אויסלאַנד? אייער פריינט, אינזשיניער

טיעלאָוו, איז אַ געוועזענער צאַרישער אָפיציר. ער איז אַ סאַבאָטאַזשניק, אונזער׳ם אַ שונא. האָט ער זיך פאַר אייך פאַרטרויט?

— פאַרקערט, ער אַגיטירט מיך גאָר פאַר קאָמוניזם. ער דערציילט וועגן זיין זון דעם קאָמסאָמאָליעץ און העלדישן קעמפער אויפן פינלענדישן פראָנט. ער לויבט די נייע דערציונג אין די שולן. קיין אַנדערע זאַכן האָב איך פון אים נישט געהערט.

— ביי אונז, ווער עס הערט עפּעס רעדן שלעכטס אויף דער ראַטנמאַכט און טיילט עס נישט מיט די געהעריקע אָרגאַנען, ווערט ער אויך באַשולדיקט אין דעם זעלבן. עס קומט אים די זעלבע שטראָף. דער אינזשיניער טיעלאָוו מאַסקירט זיך פאַר אייך. ער האָט אַ טאָפּלטע דנאָ. איר דאַרפט זיך באַמיען אַרויסצובאַקומען ביי אים אַלץ פון דעם צווייטן דנאָ, דעם פאַרבאָרגענעם!

— איך בין נישט קיין טויבער. איך קאָן זיך דאָך צו אים נישט אַראָפּלאָזן. איך הער נאָר דאָס, וואָס ער זאָגט מיר. אפילו נישט אַלץ הער איך אויס, ווייל ער באַליידיקט מיך אָפט, איז אַ בייזער, אַן אויפגערעגטער. איך האָב, זעט אויס, נישט קיין פעיקייטן צו זיין אַן אויספאָרשער און דערגיין וואָס יענער טראַכט.

ער שמייכלט פון מיין קאָמפּלימענט, אָבער ווישט דעם שמייכל שנעל אָפּ מיט דער האַנט:

— קומט מיט מיר צום פּראָקוראָר!

איך בין אַריין אין אַ גרויס צימער. עס זיצט דאָרט איינער אַליין אַ מאַיאָר. פאַר זיין אויסזען איז זיך באמת דאָס וואָס איבערצושרעקן. מיין קאַלאַשניקאָוו זעט שוין אויס אַ מלאך קעגן יענעם.

דאָס ערשטע פרעגט מיך דער פּראָקוראָר־מאַיאָר צי איך האָב צו רויכערן. עס ליגט נעבן אים אַ פּעקל מאַכאָרקע.

— אַז איר וועט ענטפערן אויף אַלץ וואָס איך וועל אייך פרעגן, קריגט איר גלייך דאָס פּעקל מאַכאָרקע, שפּעטער — נאָך מתנות, וויכטיקערע.

אויף אַזאַ באַליידיקונג האָב איך זיך נישט געריכט.

— פאַרוואָס נעמט איר נישט אָן דעם פאָרשלאָג פון לייטענאַנט קאַלאַשני־קאָוו?

איך גיב אים די זעלבע ענטפער׳ס וואָס קאַלאַשניקאָוון.

ער גיט מיר אויך פיר־און־צוואַנציק שעה צייט אויף באַט־אַכטן זיך. דאָס איז זיין לעצט וואָרט.

— חוץ אַלעם, זעט איר נאָך אומדאַנקבאַרע, פאַ־ב־עכערישע טיפּן! פאַ־וואָס זענט איר אַנטלאָפן פון די דייטשן צו אונז?

— ווייל זיי מאָ־דן יידן.

— זיי מאָ־דן יידן? דאָס הייסט שוין ביי אייך געמאָ־דעט? איך יואָלט אייך באַוויזן ווי אַזוי מען דאַ־ף אייך מאָרדן, פאַ־שאָלטענע זרע! איר זענט אַלע סוּוּאָ־לאָטשעס, אויסוווּרפן. איר זיינט געקומען אין סאָוויעטן־פאַ־באַנד אונז אויפרייסן, צעשטערן אונזער בויאונג, אונזער סאָציאַליסטיש אייגנטום, אונזער מאַכט! אויס־שיסן ווי די הינט דאַרף מען אייך ביז איינעם! מיר וועלן זיך מיט אייך נישט צע־רעמאָניען! נעמט אים שנעל צו אין דער קאַמער אריין! מאָרגן זאָלט איר אים ברענגען צו מיר מיט אַן ענטפער! מאָרגן זאָלט איר אונז דערציילן אַלץ וואָס עס

דערט מיט איך טיעלאָוו! פאַר איך בלייבט אויסצוקלייבן נאָר איינס — אָדער — אָדער!

## קאַפּיטל ט

ווען די צוויי זעלנער האָבן מיך געהאַלטן ביי די הענט פון הינטן און צוריק־געפירט אין קאַמער אַריין, האָב איך אויף דעם קורצן שטיקל וועג, די פיר שטאָק שטיגן, באַוויזן דורכצוטראַכטן און באַשליסן:

פּונקט ווי מען פאָדערט פון מיר, אַז איך זאָל איבערגעבן וואָס עס רעדט אינ־זשיניער טיעלאָוו, דאַרף ער מסתמא, אויך איבערגעבן וואָס איך רעד. עס קאָן זיין, אַז ער רעדט צייטנווייז ספּעציעל שלעכטס אויף די סאָוויעטן, דער אויספאָרשער ווייסט דערפון, נאָר כדי אַזוי אַרום פּעסטצושטעלן צי איך גיב איבער די זעלבע רייד, אָדער פאַשווייג זיי. הייסט עס דעמאָלט, אַז נישט נאָר איך פאַרשווייג מיינע אייגענע חטאים, נאָר אויך פאַרברעכנס פון אַנדערע. איז דעריבער דער בעסטער אויסוועג — אַז איך זאָל מער נישט הערן, נישט קאָנען הערן. מוז איך איינמאָל פאַר אַלעמאָל ווערן טויב!

איך האָב אַפילו אַ טראַכט געטון אין דער זעלבער מינוט:

וועל איך שוין מער נישט קאָנען הערן דאָס וואָרימע, סאַמעטענע, זיסע שטי־מעלע פון מיין טעכטערל? שוין מער אויך נישט קאָנען הערן קיין מוזיק? נישט הערן בעטהאָווענס פינפטע און ניינטע סימפאָניע? פאַרפאַלן. נאָר דאָס קען מיך ראַטעווען.

און ווי איך בין נאָר אַריין אין קאַמער, האָב איך גענומען אויספירן מיין פּלאַן:

איך האָב מיט דער פויסט גענומען זיך קלאַפּן אין אויער אַריין, אָנגעשטרענגט אַלע כוחות און געקלאַפּט איבערן אויער — איך מוז איבערייסן די אויער־מעמב־ראַנע.

טיעלאָוו האָט זיך אויף מיר געוואָרפן, געכאַפּט מיך ביי די הענט, מיך פאַר־טערלעך אַרומגענומען, געבעטן און אַפילו געקושט. עס האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ ספּאַזמאַטיש געוויין, וואָס האָט אויך אָנגעשטעקט מיינע שכנים טיעלאָוו און פּראָקאָפּיעוו.

איך האָב דעם גאַנצן טאָג נישט גערעדט. ווען זיי האָבן געשמועסט צווישן זיך, האָב איך פאַרשטעלט די אויערן. זיי טוען מיר ווי, די אויערן, איך קאָן נישט הערן קיין שום קלאַנג. איך בעט זיי רעדן צווישן זיך שטילער.

מען האָט מיך דאָס מאָל צו די פיר־און־צוואַנציק שעה נישט אַרויסגערופן.

***

אויף צומאָרגנס איז געשען אַ וואונדערלעכע זאַך:

דער דיזשורנע האָט אַריינגעבראַכט אין קאַמער — ביכער צום לייענען!

איך האָב במשך צוויי טעג איבערגעלייענט דריי ביכער: געטהעס אַ גרויסן באַנד דערציילונגען, אַ באַנד עסייען פון היינריך היינע (בײדע אויסגאַבן דערשינען

אין רוסיש נאָך אין יאָר 1904 אין אַ פּעטערבורגער פאַרלאַג) און אַ ראָמאַן פון יורי טיניאַנאָוו, אונטערן נאָמען „קיוכלאַ".

ביי היינען האָב איך איצט צום ערשטן מאָל געליענט זיין „וידוי". זי האָט מיך דערשיטערט. ווען ער דערציילט, היינע, ווי ער וואַרפט אין אויוון אַריין און פאַרברענט זיין מאַנוסקריפּט פון די וויטערדיקע טיילן „געשיכטע פון דער קולטור און פילאָזאָפיע", דעם באַנד ווו עס האַנדלט זיך גראָד וועגן העגלען; די שטעלן ווו ער ווענדט זיך „צו אונזער אַלטן און גרויסן „מאָזעס", ניין, נישט „מאָזעס", נאָר מאָשע ראַביינו (משה רבנו)", האָבן מיך צענומען, צעטרייסלט.

נישט וויניקער האָט געמאַכט אַ רושם דער ביאָגראַפישער ראָמאַן וועגן דעם רוסישן פּאָעט ווילהעלם קיוכלבעקער, אַ דעקאַבריסט, אַ חבר פון פּושקינען. די סצענע ווו ער שילדערט ווי קיוכלבעקער, נאָכן אָפּזיין פופצן יאָר אויף קאַטאָרגע און פאַרשיקונג, ווען זיין יוגנט־געליבטער געלינגט שוין אויסצופועלן זיין באַ־פרייאונג, זי דערוואַרט אים מיט בענקשאַפט, די גאַנצע צייט געלעבט מיט אים אין מחשבה, נישט געזוכט קיין מינוט — וויל קיוכלבעקער נישט צוריק־פאָרן פון פאַרשיקונג. ער האָט שוין דאָרט חתונה געהאַט מיט אַ פּראָסטער פּויערטע, האָט שוין מיט איר עטלעכע קינדער — די סצענע האָט מיך אויפגעשוי־דערט און ארויסגערופן אַ סך טרערן.

אין די אַלע ביכער, ווו עס איז נאָר געווען דאָס וואָרט פרייהייט, איז עס געווען אונטערגעשטראָכן מיט אַ רויטן שטריך. אויך אַ נישט־געניט אויג האָט געקאָנט דערקענען, אַז דאָס איז נישט קיין רויטע פאַרב פון אַ בלייפעדער אָדער טינט, נאָר בלוט. עס קען זיין, אַז די ביכער (די ערשטע צוויי) זיינען נאָך געווען אין די צאַרישע תפיסות, דאָס אונטערגעשטראָכענע וואָרט „פרייהייט" שטאַמט נאָך אפשר פון דעמאָלט. האָט אָבער די רויטע פאַרב אין טייל ערטער נאָך אויסגעזען גענוג פריש... וואַרשיינלעך איז עס פון ביידע פּעריאָדן...

די לעקטור האָט מיר צוריקגעגעבן גייסטיקן גלייכגעוויכט און באַרואיקונג.

אויפן דריטן מעת־לעת. ווען מען האָט מיך גערופן צו דער אויספאָרשונג, זיי־נען שוין געווען קאַלאַשניקאָוו און דער פּראָקוראָר. אינמיטן מיין רעדן האָט זיך אַ נישט־געזעענער דריטער, אַריבערגעבויגן פון הינטן איבער מיין שטול און אומ־געריכט אַ זאָג געטון:

— די לינקע פּועלי ציון זיינען ביי אונז געווען לעגאַל ביזן יאָר 1929. נאָכ־דעם האָבן מיר זיי ליקווידירט. איצט זעען מיר, אַז מיר האָבן ריכטיק געהאַנדלט. אויב מיר האָבן זיך געקאָנט אַן עצה געבן דעמאָלט מיט אַלע, וועלן מיר זיך מיט אייך איינעם אויך אַן עצה געבן.

דאָס פּלוצלונגע דערשיינען פון איינעם הינטער מיין שטול, — איך האָב נישט געהערט זיין אַריינקומען און ווייס נישט דורך וואַנען, איך ווייס נישט ווי לאַנג ער איז שוין געשטאַנען אַזוי הינטער מיר, ווייל איך מוז דאָך זיצן אומבאַוועגלעך — האָט מיך איבעראַשט. ער איז אַ פּאָדפּאָלקאָווניק, הויך, מאַנירלעך, גלאַט ראַזירט, מיט אַן איידל, אַריסטאָקראַטיש פּנים, עלעגאַנט אָנגעטון, אין ווייס־פּילצענע וואַי־לאָק־שטיוול. ער רעדט העפלעך, דעליקאַט און אויסגעזוכט. איצט — זאָגט ער — וועלן זיי מיט מיר שוין קיין סך טענות נישט מאַכן.

איך דאַרף ענטפערן קורץ:

— „יאָ“, אָדער „ניין“.

איך וואַקל זיך נישט און ענטפער אַפּ אַנטשידן:

— ניין!

נו, גוט. איז שוין פאַר זיי אַלץ קלאָר. איך דאַרף נאָר אונטערשרייבן אַ פּאַ־פּירל, אַז איך וועל קיינעם נישט, קיינמאָל נישט און אין ערגעץ נישט דערציילן וועגן דעם וואָס מען האָט פון מיר געפאָדערט.

## קאַפּיטל י

עס איז געווען שבת בייטאָג, האַלב פעברואַר 1941. ווי אַלע אַרעסטאַנטן, וועלכע לעבן מיט פּאַראָורטיילן און איינרעדענישן, האָב איך אויך געהאַט מיינע אַן איינרעדעניש, אַז שבת — איז פאַר מיר אַ מזלדיקער טאָג.

איך האָב געגעבן פּראָקאָפּיעוון אַ מתנה, אַ צעלולאָיד־שאַכטעלע אויף מאַ־כאָרקע, וואָס איך האָב געהאַט געקויפט אין אַרכאַנגעלסק. ער האָט דאָס אָנגענומען פאַר אַן אויסלענדיש שאַכטעלע, אַזוי שיין האָט עס אים אויסגעזען. ער האָט זיך מיט דעם געשאַנק זייער געפרייט. איך האָב געפילט, אַז מען וועט אונז בקרוב צע־שיידן און איך האָב אים געוואָלט לאָזן עפּעס צום אָנדענק.

איך האָב זיך אויך דורכגעשמועסט אין געדאַנק מיט מיינע נאָענטסטע — קינד, פרוי און מאַמע:

— איר ווילט דאָך אויך אוודאי נישט האָבן, אַז אייער טאַטע, מאַן, זון, זאָל בלייבן לעבן פאַרן פרייז פון אַנדערע מענטשלעכע לעבנס. ווערן אַ מסור און באַקו־מען דערפאַר די פרייהייט.

עס זיינען אַריינגעקומען דער שליסער מיטן דיזשורני — איך זאָל איינפּאַקן מיינע זאַכן און גיין מיט זיי.

איך בין נאָך פאַר דער גאַנצער צייט פון מיין אַרעסט נישט געווען אַזוי אַב־סאָלוט רואיק ווי איצט. איך פיל באמת נישט דעם מינדעסטן פּחד. מען וועט מיך ייכער אַוועקפירן „איינקאַסירן“ דעם לוין פאַרן אָפּזאָג. קאַלאַשניקאָוו. דער פּראָקו־ראָר, ־ער פּאָדפּאָלקאָווניק, זיי האָבן דאָך מיר אַלע דאָס צוגעזאָגט. און דאָך פיל איך נישט די מינדסטע ש־עק.

איך ווענד זיך אַפילו איצט צום אַלהעכסטן מיט מיין מאַמעס נוסח און ווער־טער:

— אויב דיר איז אַזאַ זאַך ניחא, איז מיר ליב!

איך האָב זיך געזעגנט מיט מיינע חברים און בין אַרויס.

מען האָט מיך אַריינגעזעצט אין „טשאָרני וואָראָן“ (שוואַרצער קרוק — דאָס תפיסה־קעטשל) און מיך אַוועקגעפירט. דורך עטלעכע לעכלעך אין דאַך פון קעטשל קאָן מען זען נאָר דעם הימל. עס האָט זיך מיר דערמאָנט דער הימל, וואָס איך האָב געזען אונטערן וואַסער, בעת איך האָב זיך געטרונקען אין דער צפון־דווינע. אויך דעמאָלט האָב איך געמיינט, אַז איך זע שוין דעם הימל דאָס לעצטע מאָל.

---

דאַנקען גאָט וואָס נאַטשאַלניקעס פון „נ. ק. וו. ד.“ האַלטן נישט קיין וואָרט. זיי האָבן מיך געפירט נישט שיסן, נאָר אין דער אַלגעמיינער גרויסער טורמע אין אַרכאַנגעלסק.

# „ניין, קיינער וועט אונז נישט באפרייען!"

## ק א פ י ט ל  א

— שלום עליכם! שלום עליכם! פונוואנען איז א ייד?

פון די אויבערשטע און אונטערשטע נארעס שטרעקן זיך מיר הענט און באגריסן.

מיר ווערט ווארעם, היים. קיין עין־הרע אזויפיל יידן. שוין אזוי לאנג קיין ייד נישט געזען. מען דערלאנגט נאך אלץ הענט:

— גוט שבת א ייד. שלום עליכם! אויך פון ווארשע?

אויף אכט־און־צוואנציק ארעסטאנטן אין דער קאמער זיינען דא זעכצן יידן. מיר איז שווער אפצוענטפערן. מיך שטיקן טרערן אין האלז — אזא גליק! אזא אומגעריכט גליק. זיין צווישן היימישע, אייגענע, פוילישע יידן!

מען איז מיך מכבד מיט א שטיק ווייס ברויט, מיט א שטיקל צוקער. פון אלע זייטן בעט מען מיך גיין צו זיי אויף דער נארע. עס זיינען אבער דא נאך ארעסטאנטן. רוסן, טאטערן, אוזבעקן, מוז איך פריער. לויטן ארעסטאנטישן מנהג, מעלדן זיי מיין נאמען, „סטאטיא" (פאראגראף), אורטייל, פונוואנען איך בין, ווי לאנג איך זיץ שוין, אין וועלכע טורמעס איך בין שוין געווען און צי איך ווייס עפעס נייעס פון דער וועלט.

אפגעטון מיין פליכט, האב איך זיך צוגעזעצט צו די יידן היימישער דורכשמועסן.. חוץ די זעכצן פוילישע יידן, זע איך נאך איינעם, א יונגן בחור, וואס זעט אויס צו זיין א ייד. ער זיצט אפגעזונדערט. זיין פנים איז מיר עפעס קענטלעך. איך פרעג אים זיין נאמען — יא, עס שטימט. אים אליין קען איך נישט, נאר זיין מאמען. דאס איז דעם באלעגאלעס ווייב, פון ארכאנגעלסק, וואס האט ביי מיר געקויפט דאס קיטל מיט די לעפל. אט דאס איז ער, דער זון, וועגן וועלכן די מאמע האט מיר דערציילט, אז מען האט אים ארעסטירט אין טאנץ־זאל.

איך גיב אים איבער א גרוס. ער דערפרייט זיך מיט מיר. ער שענקט מיר איצט מער אויפמערקזאמקייט ווי פריער, וויל מיך מכבד זיין מיט רויכערן. איך זאג אפ, בין אבער צופרידן מיט דער באגעגעניש. די פוילישע יידן רופן מיך אבער גיך אוועק פון אים, איך זאל מיט אים נישט רעדן.

בעט ער מיך שוין, דער זון, פאראייניוועגס, אז איך זאל פארמיטלען א קאנפליקט צווישן אים און די פוילישע. איינער פון זיי האט געהאט איינגענייט אין די שיך דריי הונדערט רובל. עס האבן געוווסט דערפון נאר עטלעכע יענעמס באקאנטע. אין מיטן נאכט, בשעת שלאפן, האט מען יענעם אויפגעשניטן די זוילן און ארויסגענומען די דריי הונדערט רובל. האט מען אים דערין חושד געווען . ער איז שוין געזעסן דריי מעת־לעת אין קארצער, מ'האט געמאכט א רעוויזיע אין קאמער, אלעמען באזוכט, און דאס געלט נישט געפונען. עס קאן זיין, אז מען וועט אים נאך אמאל איינזעצן אין קארצער, ווייל די פוילישע טענהן, אז דאס האט נאר ער געקאנט אפטון, אז אים האט וועגן דעם געלט דערציילט דער פריזירער, א חבר פונם באנגבעטן. ער בעט מיך פארמיטלען אין דעם אינצידענט.

דער באלעגאלישער זון איז א יונג מיט ביינער, מיט אטלעטישן כוח און געשטעל. די געלע זומער־שפרינקלעך אויף זיין פנים פארשטארקן נאך זיין כוחדיקן

אויסזען. א שטים האָט ער דווקא זייער אַן איידעלע, אַ לירישע, שיער נישט אַ ווייבערישע. אים העלפט צו און פּאַרטיידיקט דער רום מיראָנאָוו. אַן אינזשיניער אין די מיטעלע יאָרן, מיט אַ שיין־צוגעשווירענער, געדיכטער, רויטער באָרד, אין אַלטמאָדישע ברילן. זעט ניכער אויס ווי אַ ייד איידער דער באַלעגאַלע.

מיט די ערשטע פּאָר ווערטער באַווייזט מיראָנאָוו זיין אינטעליגענץ, לעבנסגעניטקייט, חכמה. ער חברט זיך נאָר מיט דעם באַלעגאַלע.

אונזערע קענען זיך נישט איינהאַלטן און רופן צו מיר פון די נאַרעס:

— דבֿרט נישט מיט אים. ער איז אַ שונא ישראל!

ער שטויסט זיך אָן וואָס זיי זאָגן. אַ קלוג שמייכעלע בלינצלט פון אונטער זיינע ברילן. ער זאָגט מיט ווירדע און לייכטן כעס:

— דער המון איז ביי אַלע פעלקער דער זעלבער: טאַקטלאָז און צעיושעט.

איך מוז לאַווירן צווישן אים און די פוילישע יידן. שמועסן מיט אים אַביסל. און אריבערגיין צו יענע. די ערשטע פּאָר שעה ווערט יעדער נייער אַרעסטאַנט גערן געזען און מען וויל מיט אים רעדן.

מיראָנאָוו קלערט מיר אויף, אַז וואַרשיינלעך איז שוין מיין אויספאָרשונג געענדיקט, ווייל אין דער טורמע ברענגט מען ס'רוב שוין אויסגעפאָרשטע, וועלכע דאַרפן וואַרטן אויף זייער פּראָצעס, אָדער אויף אַ מיטטיילונג פון „אָסאָ" („אָסאָבאָיע סאָוויעשטשאַניע") פון מאָסקווע, וועלכע פאַראורטיילט הינטער די אויגן. די „אָסאָ" פאַרטרעט די פריערדיקע „טראָיקע". זיי האָבן רעכט צו פאַרמשפּטן נאָר ביז אַכט יאָר.

אין דער קאַמער זיינען דאָ עטלעכע ביכער. מיראָנאָוו לייגט מיר פאָר נעמען ביי אים עפּעס צו לייענען. די מערהייט אין קאַמער איז ווייניק גראַמאָטנע און לייענט נישט.

— מיר ווילט זיך מער נישט לייענען קיין ביכער, אפילו קיין מוזיק וואָלט איך שוין נישט וועלן הערן. גענוג!

ער פאַרשטייט גלייך וואָס איך מיין:

— יאָ, יאָ. דאָס איז מיט יעדן אַזוי אין דער ערשטער צייט. עס וועט פאַראיבערגיין. אַלץ וועט פאַראיבער! איר וועט נאָך לייענען אויך.

ניין. דוכט זיך, אַז נישט. נאָר באַלעט וואָלט איך נאָך געקאָנט זען. אַלע, אַלע ביכער האָבן אָפּגענאַרט! אפילו די מוזיק! דאָס געדרוקטע וואָרט איז מיר איצט מיאוס און נמאס. עס איז באַנקראָט, באַנקראָט, די ביכער קענען נישט די ווירקלעכקייט. זיי האָבן פאַרבלענדט, פאַררעדט, פאַרכישופט און — אָפּגענאַרט.

ער האָט אָבער גראָד געוואָלט זכרונות, וועגן זיין זיצן אין טורמע. דאָס מוז מען שוין לייענען. דאָס לייענסטו דאָך שוין אויך וועגן זיך אַליין.

אומגעריכט גיט מיך מיראָנאָוו שטיל אַ פרעג:

— איר דאַרפט דאָך וויסן ווען עס וועט פאָרקומען אין אייראָפּע די קאָנפערענץ פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל.

בין איך שוין גאָר געפּלעפט און ווי אָפּגעבריט. מיט וואָס שמעקט דער פרעג? און ער אַליין? וואָרט ער נישט אויף קיין ענטפער און פרעגט מיך ווי אַזוי עס זעט היינט אויס די מאַרשאַלקאָווסקע גאַס אין וואַרשע. צי זי איז נאָך אַזוי שיין. ווען איך פרעג אים ווען ער איז דאָרט געווען, גיט ער אַ פאַרדריי מיטן האַנט:

— אזעלכע זאַכן פרעגט מען נישט. איך וועל אייך סיי־ווי נישט זאָגן דעם אמת.

## קאַפּיטל ב

מיר איז אויסגעקומען צו שלאָפן נעבן דעם פריזירער. אַן אַנטיפּאַטישער פּאַרשוין. אונזערע האָבן וועגן אים געמורמלט, געהאַט אַ חשד, אַז ער איז אַ „קלאַפּער" (מסור). ער איז שוין געזעסן דאָ אין די טויטן־קאַמערן אויך. געווען פאַרמשפּט צום טויט. מען האָט עס אים פאַרביטן אויף צען יאָר טורמע. מען קען ביי אים נישט דערגיין פאַרוואָס ער זיצט. ער לויבט די טויטן־קאַמערן — דאָרט גיט מען יעדן טאָג ווייס ברויט און צוועלף פּאַפּיראָסן. אים וואָלט נישט געאַרט צו זיצן דאָרט נאָך אַ שטיקל צייט.

מיר איז אומהיימלעך צו ליגן לעבן אים און איך טויש מיין פּלאַץ. דאָ איז אַן אַנדער רעזשים ווי אין דער פריערדיקער טורמע. נישט פאַראַן קיין בעטלעך צום שלאָפן, קיין קאָלדרעס. מען שלאָפט אין אָנטועכץ, אין די שיך. יעדער דעקט זיך צו מיט זיין מאַנטל אָדער פופייקע.

צווישן אונזערע יידן זיינען פאַראַן עטלעכע, וועלכע קענען נישקשה לערנען. זיי פאַרבריענגען זייערע שמועסן אין תורה. צווישן זיי איז דאָ אויך אַ לאָדזשער טוך־פאַבריקאַנט, וועלכער זאָל זיין אפילו אַ למדן.

זיי רעדן וועגן דעם, אַז עס איז שוין „באו מים עד נפש", אַז עס מוז נאָך קומען צו אַ מלחמה צווישן גוג ומגוג (געמיינט דייטשלאַנד־רוסלאַנד), אַז די וועלט האַלט שוין איצט ביי „כולו חייב" און אַז ס'מוז קומען צו גאולה, אָדער די וועלט וועט אונטערגיין. אַ יונגער, קליינשטעטלדיקער באַלעזענער בחור, וואָס קען אויך אַ ביסל לערנען, חוזקט פון זיי אָפּ און בייזערט זיך:

— אַז אונז ווערט שלעכט, מיינט מען גלייך, אַז די וועלט עקט זיך. און פאַר־אונז זיינען נישט געזעסן קיין מענטשן אין טורמעס? האָבן מיר אַמאָל עפּעס גע־טראַכט וועגן דעם? האָט עס אונז אינטערעסירט? האָבן מיר זיך גערדאגהט? יאָ, משיח'ס צייט, אפשר לויט דעם בילדל וואָס מיר האָבן היינט געזען אויפן מיסט?

דאָס איז ווירקלעך געווען אַ מאָדנע בילד: ווען מען האָט אונז געפירט אויף שפּאַציר, האָבן מיר געזען ווי אַרום מיסטקאַסטן אויפן הויף, וווּ עס ווערט אַרויס־געוואָרפן פון קיך דאָס אָפּפאַל פון עסן, זיינען געשטאַנען שטשורעס צוזאַמען מיט פייגעלעך און רואיק געגעסן פון דער קופּע מיסט. זיי האָבן אפילו געהאַט דעמזעל־ביקן גרויען קאָליר און עס איז פון דערווייטן געווען שווער צו אונטערשיידן וועלכע עס זיינען די שטשורעס און וועלכע די פייגל.

דער לאָדזשער פאַבריקאַנט זאָגט בייזע נביאות:

— איך מיין, אַז אַ מלחמה צווישן די „מחותנים" וועט זיכער זיין. וועט אַזאַ מלחמה זיין, דעמאָלט וועלן „יענע" (די דייטשן) אומברענגען אונזערע משפּחות, פּאַרטיליקן אַלע יידן דאָרט און מיר דאָ — קענען ווערן פריי; וועט נישט זיין קיין מלחמה, קענען יענע יידן דאָרטן בלייבן לעבן און מיר דאָ וועלן אַלע אומקומען. איך באַשטיי שוין בעסער אויפן לעצטן. סיי־ווי, מען דאַרף האָבן רחמים!

## קאַפּיטל ג

— אייער פּוילישע גרעפין וואַלעווסקאַ האָט באַדאַרפט פריער קראַפּירן, איי־דער זי האָט פאַרדרייט דעם קאָפּ נאַפּאָלעאָנען. אַלע אומגליקן מאַכן אָן נקבות. ווען נאַפּאָלעאָן פאַרהאַלט זיך נישט דעמאָלט אין ווילנע צוליב דעם ראָמאַנס מיט אייער גרעפין וואַלעווסקאַ, וואָלט זיין אָפענסיווע אויף מאָסקווע נישט אויסגעפאַלן ווינ־טער־צייט, וואָלט ער די שטאָט איינגענומען און וואָלט דאָס גאַנצע לאַנד דעמאָלט איינגענומען.

— וואָס איז אייך איצט די נפקא מינה, פּיאָטר יעגאָראָוויטש?

— וואָס הייסט? ווען ער נעמט דעמאָלט איין רוסלאַנד, וואָלט ער שוין גע־בליבן זיצן דאָ ביזן היינטיקן טאָג. דאַן וואָלט איך איצט נישט געזעסן דאָ, און קיי־נער פון אונז וואָלט אצינד דאָ נישט געזעסן אין תפיסה.

ער איז דער איינציקער אין קאַמער, וואָס זאָגט אַרויס אָפן זיין מיינונג פאַר די שכנים אויף דער נאַרע.

פּיאָטר יעגאָראָוויטש שטשוקין איז אַלט זיבן־און־זעכציק יאָר. ער איז געווען אַמאָל גרימיר־ער אין פּעטערבורגער טעאַטער. ער געדענקט נאָך גוט מעדוויעדיעוון, שאַליאַפּינען, אַלע גרעסטע רוסישע אַרטיסטן. ער האָט זיי אַלע גרימירט. ער האָט אויך געזען עטלעכע מאָל מאַקסים גאָרקין און געשמועסט מיט אים וועגן היסטאָר־יע. — מאַקסים האָט אויך ליב געהאַט צו לייענען און צו רעדן איבער געשיכטע, פּונקט ווי איך — זאָגט פּיאָטר יעגאָראָוויטש.

ווען מען האָט געריניקט לענינגראַד פון סאָציאַל־שעדלעכע עלעמענטן, האָט מען אים, פּיאָטר יעגאָראָוויטשן אויך אַרויסגעשיקט אויף צפון. האָט ער דאָרט חתונה געהאַט מיט אַ פריילין פון זעקס־און־צוואַנציק יאָר. ער האָט געהאַט אַ גאַנ־צע פרויען־גאַרדעראָב, וועש, קליידער, מאַנטלען, וואָס זיינען אים נאָך פאַרבליבן פון זיין פאַרשטאָרבענער ערשטער פרוי. אַלע נאָך פאַרמלחמהדיקע מלבושים, „מיי־קאָלאַיעווסקע". ער האָט דאָס אַוועקגעגעבן זיין יונגער פרוי. זאָל זי האָבן הנאה. אַלע יונגע ווייבלעך און מיידלעך האָבן זי דערמיט גענוג מקנא געווען.

אין מיטן דערציילן פאַרהוסט ער זיך און ווערט נאָך קלענער און איינגע־שרומפּענער ווי ער איז. מען הערט נאָר ווען ער הויבט אָן הוסטן, דאָס געדויערט לאַנג, לאַנג. ער בויגט זיך, כאַפּט זיך פאַרן האַרצן, האַלט אָפן דאָס מויל — דו מיינסט, אַז עס איז אים שוין פאַריבער, בעטסט אים ווייטער רעדן, פאָכעט ער מיט די הענט. באַמערקסט דו, אַז ער כאָרכלט נאָך, אַז ער הוסט ווייטער, נאָר אינערלעך. זעסט דאָס לויט די רויטע, פאַרגלאָסענע אויגן און זיין שאָקלען זיך. דו ווייסט נישט ווען ער ענדיקט דאָס הוסטן, ביז ער מעלדעט נישט אַליין, טעאַטראַליש:

— שוין, פיניטאַ לאָזט אַראָפּ די קורטינע!

ער איז געברוכט. זיין פּנים איז קליין, קאָנצענטרירט און קנאָכיק ווי אַ פויסט. עס וואַקסט אים אַ שיטער, גרוי בערדעלע, נאָר אויפן סאַמע שפּיץ גאָמבע. פון זיי־נע אויערן וואַקסן אַרויס מער האָר ווי ער האָט אין דער באָרד.

אויף דער פאַרשיקונג האָט ער געאַרבעט אין אַ קאָלכאָז, אַלס גלאָזער און שע־רער. איינמאָל איז דאָרט פאַרגעקומען אַ מיטינג, מען האָט געהאַלטן רעדעס. האָט ער אויך געגעבן אַ וואָרט. ער האָט קיין סך נישט גערעדט, געציילטע עטלעכע ווערטער:

—איך בין זייער צופֿרידן, חשובֿע בירגער און חברים, וואָס חוץ מערבֿ־אוקראַינע איז מערבֿ־ווייס־רוסלאַנד זיינען שוין אויך באַפֿרייט געוואָרן דורך אונדז די באַלטישע לענדער! דאָס זיינען קולטורעלע, אייראָפּעיִשע לענדער. בין איך זייער צופֿרידן, וואָס זיי זיינען דורך אונדז באַפֿרייט געוואָרן. זאָלן זיי אויך פֿילן אונדזער טעם. זאָל אייראָפּע אויך הנאה האָבן!

מער האָט ער נישט גערעדט. וואָס איז ער שולדיק, אַז די גאַנצע פֿאַרזאַמלונג האָט זיך ביי זיינע לעצטע ווערטער פֿאַנאַנדער־געלאַכט?

און מיר, זיינע שכנים אויף דער נאַרע, לאַכן אויך דערביי האַרציק.

אין דער נייער קאַמער, וווּ איך בין איצט, איז פֿאַראַן נאָר איין ייִד. אַ יונגערמאַן פֿון זאַמאָשטש, מיטן נאָמען האָדעס. שוין נישטאָ יענע זעכצן ייִדן, אָבער דאָרטן זיינען אויך געזעסן אַ סך רוסן, אוקראַינער — פֿאַר מאָרד, רציחות. דאָ זיצן בלויז פּאָליטישע. פֿיר און פֿופֿציק אַרעסטאַנטן, צווישן זיי אויך צוועלף פּאָליאַקן.

נאָכן אָפּעסן דעם צווייטן מאָלצייט, ווערן די טישן צונויפֿגעשטעלט אין מיטן קאַמער און אַלע מאַכן אַ שפּאַציר אַרום די טישן. פֿיר און פֿופֿציק אַרעסטאַנטן. פֿיר און פֿופֿציק טיפּן. אויב זיי שיידן זיך נישט שטאַרק אונטער לויט דער הלבשה, האָט אָבער יעדער איינער אַן אַנדער אויסזען. לויט די יאָרן — פֿון דעם זיבעצן־יעריקן פּיעטרושעוויטש ביז דעם צוויי־און־זיבעציק־יעריקן „סטאַראָוויער" גאַראַסימאָוו.

דו זעסט פֿאַר זיך גרויע, רויטע, געלע, בלאָנדע און שוואַרצע בערד פֿון די פֿאַרשידנסטע גרויסן: לאַנגע, קורצע, פּיטשינקע, דיקע און פֿלאַכע; געדיכטע, שיטערע; פֿאַרקנאָדערטע און צוגעפּוצטע. אויך די וואָנסעס זייערע וואָלט מען געקאָנט איינטיילן אין צענדליקער סאָרטן. מענטשן פֿון די פֿאַרשידנסטע געגנטן און פֿאַרשידנסטע פּראָפֿעסיעס. עטלעכע אינזשינירן, אַ געוועזענער פּאָפּ, אַ סעקרעטאַר פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין קאָמי, דער פּאָרזיצער פֿון אַרכאַנגעלסקער שטאָט־ראַט, קאָזאַקן, סעקטאַנטן, דירעקטאָרן, לערער, באָלשעוויסטישע פּאַרטיזאַנער פֿון 1920, אַ וויצע־מיניסטער (קאָמיסאַר) פֿאַר קאָמוניקאַציע (זינאָוויעוו׳ס אַ נאָענטער חבר), צוויי רויטאַרמייער, אַ שיפֿס־קאַפּיטאַן, אַ מאַטראָז, אַ פֿישער, פּוילישע קאָלאָניסטן, וואַלד־וועכטער און אָפֿיצירן.

בעתן שפּאַציר איבערן קאַמער, איינער הינטערן צווייטן, האַלט יעדער איינער אַנדערש די הענט. ווער עס פֿאַרפֿלעכט זיי איבערן קאָפּ, ווער עס פֿאַרלייגט זיי אויף דער ברוסט — נאַפּאָלעאָניש־מעסיק, ווער עס האַלט די הענט אויף די אויערן, ווער עס פֿאַרשטעלט מיט זיי די אויגן, ווער אויף די באַקעס, אויף הינטן, אָדער פֿאַרפֿלאָכטן די פֿינגער ווי ביי קריסטלעכע תּפֿילות; ווער עס האַלט ביים האַרץ, ביים שטערן, אויפֿן קאָפּ, אין דער באָרד, אין די טאַשן, אַרום נאַקן. ווער עס קוקט צום סופּיט און ווער צום דיל. רעדן צו זיך, ברומען, שמועסן מיט וועמען, אַמפּערן זיך, וואַרפֿן מיט די הענט, אַלץ פֿאַרטראַכטערהייט. ביז עס רייסט נישט איבער דער קאַמער־סטאַראָסטע מיטן געשריי:

— קרו - גאָם!

דרייט מען זיך אויס און מען גייט אין דער פֿאַרקערטער ריכטונג.

איך האָב איצט געטראַכט וועגן האָליוווד — צו אַזאַ סצענע איז נאָך זייער בעסטער און אינטערעסאַנטסטער פֿילם נישט דערגאַנגען.

# קאַפּיטל ד

ביים פּוילישן לעגיאָניסט וואָיטשעך באַראַן איז איין באַק און אַ האַלבע זייט פון קאָפּ אָפּגעשאָבן, פאַרברענט. דאָס איז אים פאַרבליבן נאָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. אַ רויטער פלאַם מיט געל־זשאַווערדיקע פלעקן. ער מיידט אויס זיך צו חברן מיט די אַרעסטאַנטן. אפילו מיט די אייגענע פּאָליאַקן.

דאָס געלט, וואָס איז מיר געהאַט פאַרבליבן אין וואָלאָגדער טורמע־אַדמיניס־טראַציע, 284 רובל, איז מיר איצט אָנגעקומען. איך האָב שוין געקאָנט קויפן אין טורמע־לאַראָק — מאַכאָרקע, רויכער־פּאַפּיר, שוועבעלעך, זייף און ברויט. איך און דער זאַמאָשטשער יונגערמאַן האָבן זיך געטיילט מיט אונזערע געקויפטע פּאַיאָקן מיט אַלע פּאָליאַקן אין קאַמער. דאָס האָט באַראַנען דערנענטערט צו מיר.

ער איז אַמאָל געווען קולטור־רעפערענט אין פּוילישן מיליטער אין קעלץ. אין די שפּעטערע יאָרן האָט ער שוין געמסחרט, געהאַט אַ גרויסע פּראָדוקטן־קראָם אין קעלץ. די לעצטע פּאָר יאָר האָט ער שוין געהאַט — אַלס מיליטערישער קאָלאָניסט — טאָרף־פעלדער אין וואָלין און אַ סך ערד.

ער איז אָבער מער טרוימער ווי סוחר און ערד־באַזיצער. אַן עכטער, איבער־געגעבענער פּוילישער פּאַטריאָט. ער איז אפילו געווען איינמאָל אויף אַן אוידיענץ ביי יוזעף פּילסודסקי.

באַראַן וויל מיט מיר דורכקומען, אַז נאָך דער מלחמה, אויב מיר וועלן צו־ריקקומען קיין פּוילן, זאָל איך אים צוהעלפן פאַרשפּרייטן דעם געדאַנק, אַז אַלע יידן אין פּוילן דאַרפן זיך אויסשמדן. דאָס וועט זיין — זאָגט ער — די בעסטע לייזונג פאַר ביידע צדדים. דאָס יידן־פּראָבלעם וועט אויפהערן צו עקזיסטירן. ער פערזענ־לעך האָט גערן און ליב יידן. ער האָט געהאַט פון זיי אַ סך טובות. איינמאָל האָט אפילו אַ יידישער ראַטמאַן, אין זיין שטאָט, פאַלש עדות געזאָגט לטובת אים. ער האָט געהאַט אַ סיכסוך מיט אַ צווייטן קריסטלעכן סוחר, אַ מעשה מיט וועקסלען, יענער האָט געוואָלט צוויי מאָל באַצאָלט און ער האָט געמוזט צושטעלן אַן עדות, וואָס האָט אַליין געזען ווי ער, באַראַן, האָט באַצאָלט. זיין יידישער פריינט האָט דאָס נישט געזען, פונדעסטוועגן האָט ער עדות געזאָגט, אַז ער האָט אַליין געזען ווי באַ־ראַן האָט באַצאָלט די וועקסלען.

— דעם ייד, דעם פריינט אייערן, קאָנט איר נעמען צו זיך און אים אָפּשמדן, אונז איז אַזעלכער נישט נייטיק.

באַראַן מיינט, אַז אַנדערש קאָן נישט זיין ווי ער טראַכט. ער האָט נישט ליב פאַרבאָרגן דעם אמת. ווען דער סליעדאָוואַטעל (אויך קאָלאַשניקאָוו) האָט אים גע־פרעגט וועמען ער קען פון די פירער פון דער רוסישער רעוואָלוציע, האָט באַראַן אָפּ־געענטפערט:

— לענין און טראָצקי.

קאָלאַשניקאָוו האָט געהאַקט אין טיש זיך געשיימט:

— סוואָלאָטש! און אַזעלכער ווי יאָסיף וויסאַריאָנאָוויטש סטאַלין — וועגן אים האָסטו גאָרנישט געהערט?

— כמעט ווי נישט.

באַראַן ווערט באַשולדיקט אין טרייבן קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע אַגיטאַציע. אַז אויפן פּאָסיאָלעק, וווּ באַראַן איז געווען פאַרשיקט, האָט ער אין אַ שמועס מיט

א פויערטע, ביי וועלכער ער האָט געקויפט מילך זיך אַרויסגעזאָגט קעגן דער סאָ־וויעטישער מאַכט. ער זאָל האָבן געזאָגט, אַז דער מינדעסטער פויער אין פוילן האָט געלעבט בעסער ווי דאָ א נאַטשאַלניק. קאַלאַשניקאָוו האָט אים געהייסן זיך מודה זיין. באַראַן האָט געלייקנט. פרעגט אים קאַלאַשניקאָוו.

— זענט איר נישט קיין קעגנער פון דער סאָוויעטן־מאַכט? האַלט איר, הייסט עס נישט, אַז א פויער האָט ביי אייך בעסער געלעבט ווי ביי אונז א נאַטשאַלניק?

באַראַן שאָקלט מיטן קאָפּ:

— ניין, דאָס וועט איר ביי מיר נישט פועלן. א פויער האָט טאַקע ביי אונז בעסער געלעבט ווי ביי אייך א נאַטשאַלניק. איך בין טאַקע נישט קיין אָנהענגער פון אייער אָרדנונג. נאָר דאָס זאָג איך נאָר אייך. אַלס אינטעליגענטן מענטש. דער פוי־ערטע האָב איך דאָס נישט געזאָגט. איך רעד נישט מיט ווייבער, דערצו נאָך א פויער־טע — וועגן פּאָליטיק. דעריבער וועל איך אייך דעם פּראָטאָקאָל נישט אונטער־שרייבן.

באַראַן האָט נאָך צוגעגעבן, אַז אַמאָל, אין די צאַרישע צייטן, האָט מען פאַר־שיקט קיין סיביר טויזנטער, צענדליקער טויזנטער פּאָליאַקן. אָבער היינט, ביי די באָלשעוויקעס, פאַרשיקט מען הונדערטער טויזנטער, מיליאָנען פּאָליאַקן.

באַראַן איז אַן אויפריכטיקער מענטש, א דרייסטער. יידן האָט ער ליב און האַלט פון זיי. ער מאַכט מיר אפילו דעם גאַנץ מאָדנעם קאָמפּלימענט:

— ווען נישט די יידן, וואָלטן די באָלשעוויקעס שוין לאַנג נישט עקזיסטירט. די רוסישע „כאַמעס" וואָלטן גאָרנישט געקאָנט אויפטון אָן דער יידישער חכמה.

איך דאַנק אים פאַרן קאָמפּלימענט און ווייז אים אויף, אַז ער זאָגט א גרויסע נאַרישקייט. א וואָרט צו א וואָרט און מיר צעקריגן זיך. עס דויערט נישט לאַנג און ער הויבט אָן שיטן אַלע אומזיניקע אויסטראַכטענישן אויף יידן. אַז זיי האָבן א גע־היימען סנהדרין, אַז ניינציק פּראָצענט וועלט־קאַפּיטאַל ליגט אין יידישע הענט, די גאַנצע פּרעסע, אַז יידן ציילן ביי היינט־צו־טאָג 170 מיליאָן, אַז די פוילישע יידן האָבן געהאַט די חוצפּה צו האַלטן פאַרמאַכט שבת די געוועלבער און דער פויער האָט דעמאָלט נאָר נישט געקאָנט קויפן, אַז פוילישע טעכטער האָבן געאַרבעט ביי אונז אַלס דינסטן. ער טוט מיר די טובה, באַראַן, וואָס ער גלויבט נישט אין עלילת־דם, ווי עס גלויבן דערין זיינע פוילישע קאָלעגן אין קאַמער.

איך האָב אים צום סוף געזאָגט:

— איר זענט א גוטער פּאַטריאָט, אַן אינטעליגענטער מענטש, נאָר אין יידי־שע ענינים — אַן איגנאָראַנט. זאָל ער נישט מיינען, אַז ער ווייסט עפּעס און זאָל ער בעסער וועגן דעם נישט רעדן.

עס איז צוגעקומען דער אַלטער „סטאַראָוויער" געראַסימאָוו. ער גלעט אונז ביידן איבער די פּלייצעס און מיט זיין קינדערישן שמייכל און ווייכן, קינדערישן לשון זאָגט ער אונז:

— יידן און קריסטן זיינען ברידער! דער ייד איז אונזערער עלטערער ברודער. תמיד, ווען עס שטרייטן צווישן זיך קריסט און ייד, איז אייביק גערעכט דער ייד. ער איז נישט נאָר עלטער, נאָר אויך הייליקער, ווייל ער ווערט מער געפּייניקט, און טאַקע פון אונז קריסטן! כריסטאָס אַליין ליידט דערפון פיל מער ווי פון זיין קרייצונג.

## קאַפּיטל ה

אונזער וועלטל האָט זיך איר באַזונדערן שטייגער, איר באַזונדערן אָרט דענקען, מנהגים. דאָ וועט קיינער זיין כאַראַקטער, נאַטור און איינגעשאַפּטן נישט אויסבאַהאַלטן. דאָ דערקענט מען יעדן איינעם געגנוי און גרונטלעך. אָבער דאָס הייסט נישט, אַז מענטשן ענדערן זיך נישט דאָ. עס ענדערן זיך נישט נאָר מענטשן מיט שוואַכע כאַראַקטערן, נאָר אויך מענטשן מיט פעסטערע כאַראַקטערן. דאָס האָט באַוויזן דער פאַל — וואָלקאָנסקי.

ביז איצט האָבן נאָר אייניקע פון די אַרעסטאַנטן געטיילט זייער טאַבאַק אין ברויט מיט זייערע נאָענטע און באַקאַנטע. די וועלכע האָבן נישט געהאַט צו רויכערן, האָבן צונויפגענומען די לעצטע שטיקלעך פון די אַוועקגעוואָרפענע פּאַפּיראָסן, צונויפגעשאָטן אין אַ פּאַפּירל און אויפגעדרייט אַ פּאַפּיראָס.

די, וועלכע האָבן נאָך געהאַט פון זיך עפּעס צו פאַרקויפן, איינטוישן, האָבן זיי אַלץ אַוועקגעגעבן און זיך פאַרשאַפט צום רויכערן. מען האָט פאַרקויפט אַ האַלבע פּאַיקע ברויט, אָדער די פאַרציע קאַשע פאַר אַ שאַכטעלע (פון שוועבעלעך) מאַכאָרקע. געווען, ווידער, אַזעלכע, וואָס האָבן זיך צוגעקויפט שטיקלעך ברויט, אָפּגעגעבנדיק דערפאַר די גאַטקעס, אַ רעקל, דאָס היטל, שיך.

דווקא איינער פון די „סטאַראָוויערן", אַן אַלטער פויער פון ווייטן צפון, אַ־סאַיעוו, האָט שוין געהאַט אָנגעזאַמלט אַ זעקל מיט אַלטע וועש פאַר דעם ברויט, וואָס ער האָט פאַרקויפט (ער האָט נאָך געהאַט געלט און צוגעקויפט אין „לאַראָק"). אָבער ס'רוב זיינען אַרומגעגאַנגען און געשמאַכט פאַר אַ ביסן ברויט אָדער „ציי" פון אַ פּאַפּיראָס. זיי האָבן שוין נישט געהאַט וואָס פון זיך אַראָפּצופאַרקויפן, אויס־טוישן. האָט די תּפיסה־קאַמער זיך אויך צעטיילט אויף קלאַסן — פאַרמעגלעכע און אָרעמע.

ווען מען האָט אַריינגעבראַכט דעם נייעם אַרעסטאַנט וואָלקאָנסקי, האָט זיך די לאַגע גלייך געביטן. וואָלקאָנסקי איז געווען אַ צייט אויף אַ הויכן אַמט פאַר קאָמו־ניקאַציע אין ראַטנפאַרבאַנד. אייניקע מאָל איז ער אויך געפאָרן אין דינסטלעכע אָנגעלעגנהייטן קיין אויסלאַנד. ער איז אַן אַלטער באָלשעוויק. אין די יונגע יאָרן האָט ער געאַרבעט אַלס שיף־מאַשיניסט. אין יאָר 1905 איז ער פאַראורטיילט געוואָרן פאַר רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט צו טויט־שטראָף. מען האָט דאָס אים פאַרביטן אויף אייביקער קאַטאָרגע. אין יאָר 1917, בעת דער רעוואָלוציע, איז ער באַפרייט געוואָרן. ער האָט פאַר דער גאַנצער צייט פאַרנומען ביי דער סאָוויעטן־מאַכט אַלץ הויכע אַמטן. אין יאָר 1937 איז ער געוואָרן אַרעסטירט. מען האָט אים פאַרגעוואָרפן נאָר דאָס, אַז ער איז געווען אַ פּערזענלעכער פריינט פון זינאָוויעוו, קאַמענעוו בוכאַרין. ער האָט באַקומען פון דער „טראָיקע" נאָר דריי יאָר. מען האָט אים פאַר־שפּאַרט אין אַ ספּעציעלן, פאַרמאַכטן לאַגער, אָן רעכט אויף איבערשרייבן זיך מיט דער פאַמיליע און צו באַקומען בריוו. דאָס איז אַ לאַגער פאַר פּאָליטישע אַרעס־טירטע פון אַ העכערן קאַליבער. דאָרט איז אַ באַזונדער שווערער און שטרענגער רעזשים.

וואָלקאָנסקי איז אַלט צוויי־און־זעכציק יאָר, האָט שווידזוכט לעצטער סטאַדיע און לײַדט פון עפּילעפּטישע אָנפאַלן. און דאָך האָט ער אויסגעהאַלטן די דריי יאָר. נאָכן פאַרענדיקן דעם טערמין, האָט מען אים, פאַרשטייט זיך, נישט באַפרייט,

נאָר אָפּגעשיקט אין טורמע אריין. ער וואַרט איצט דאָ אויף אַ נייעם אורטייל פון „אָסאָ" (ספּעציעלער געריכט אין מאָסקווע, וואָס אורטיילט הינטער די אויגן).

וואָלקאָנסקי האָט געהאַט זיינע 26 רובל אין טורמע־אַדמיניסטראַציע. האָט ער געקויפט דערפאַר ברויט, מאַכאָרקע, שוועבעלעך און דאָס אַלץ אָוועקגעלייגט אויפן טיש:

— קינדער, ווער פון אייך עס דאַרף מאַכאָרקע, ברויט, זאָל צוגיין צום טיש און נעמען. אויב די חברים, וועלכע האָבן אויך איצט געקויפט אין „לאַראָק" האַלטן פאַר געוווּנשן, מיין איך, אַז יעדער פון זיי וועט צוגיין צום טיש און אָפּגעבן אַ געווויסן חלק — יעדער לויט דעם וויפל ער וויל און קאָן. זאָלן אונזערע חברים נישט זיצן אין אַ זייט פאַרשמאַכטע און צוזען בלויז ווי אַנדערע עסן און רויכערן.

און באַלד האָבן זיך אויסגעשטעלט צוויי רייען: איינע — פון די געבערס און די צווייטע רייע — פון די נעמערס, געברויכערס.

עס האָט זיך אַפילו אָנגעהויבן אַ געוועט צווישן די געבערס: ווער עס וועט מער אָוועקשענקען.

עס איז געוואָרן וואַרימער אין דער קאַמער, אַ חברשע שטימונג. די געבערס האָבן זיך געפילט דערהויבן און די נעמער האָבן געדאַנקט מיט זייערע בליקן, נע־ווען איבערגענומען מיט די באַקומענע מתנות. און אפשר נישט אַזוי פון די מתנות גופא, ווי פון דער וואַרימער, חברשער, מענטשלעכער באַציונג. זיי האָבן זיך שוין איצט נישט געפילט אַזוי דערשלאָגן.

מיט באַראַנען, מיט וועלכן איך בין שנעל צוריק געוואָרן חבר, האָבן מיר דעמאָלט אַזוי פעסטגעשטעלט:

— אין יעדן מענטש איז פאַראַן גוטס און שלעכטס. ביי וועמען מער און ביי וועמען — ווייניקער. קומט אַ יחיד, אַ פּערזענלעכקייט מיט אַ שטאַ־קן כאַ־ראַקטער און באַווייזט שלעכטע זיטן און מעשים, ציט יעדער איינער פון די אַרומיקע אַרויס זיין ביסל שלעכטס און טוט־נאָך דעם שטאַרקנס ביישפּיל; קומט אַזאַ איינער מיט גוטע מעשים, ציט יעדער איינער אַ־רויס פון זיך דאָס ביסל גוטס און טוט אויך נאָך דעם ביישפּיל.

נאָר ווו נעמט מען אַ סך אַזעלכע וואָלקאָנסקיס? ער איז אָפּגעזעסן מיט אונז צוויי חדשים. איבער דער גאַנצער צייט האָט זיך שוין ביי אונז געפירט לויט נוסח וואָלקאָנסקי. עס איז אַפילו דערגאַנגען די ידיעה צו דער קאַמער־ פון די „זאַקריטני־קעס" (די, וועלכע קומען־אָפּ זייער גאַנצן אורטייל נאָר אין תפיסה. מען שיקט זיי אַפילו נישט אין קיין לאַגער אויף אַרבעט. מען פירט זיי אַפילו נישט אויף דעם פערטל־שעה שפּאַצירן יעדן טאָג). זיי האָבן אַראָפּגעלאָזט פון זייער קאַמער, פון העכסטן שטאָק, אַ בריוועלע, אַרומגעוויקלט אויף אַ שטיינדל און צוגעבונדן צו אַ שטריקל. זיי בעטן אָנבינדן אין שטריקל אַ ביטעלע מאַכאָרקע. זיי זיינען גרייט דערפאַר אָוועקצוגעבן עטלעכע נייע שטיוול, רעקלעך, העמדער — ווייל זיי קאָנען אויך זיצן דאָרט נאַקעטע, זיי גייען דאָך נישט אין ערגעץ. מען האָט גלייך צו־געבונדן אַ זעקעלע מאַכאָרקע און צוגעשריבן, אַז מיר ווילן דערפאַר גאָרנישט צו־ריק.

דאָס אַלץ איז געווען בימי וואָלקאָנסקי. האָט ער אָבער געקראָגן צוגעשיקט זיין נייעם אורטייל פון מאָסקווע: צען יאָר, איז ווי נאָר מען האָט אים אַרויסגענומען פון קאַמער, האָט זיך גלייך צוריק איינגעשטעלט דער אַלטער, אַמאָליקער נוסח...

## קאַפּיטל ו

מיר האָבן איינגעאָרדנט אַ שאַך־טורניר. צוועלף מאַן האָבן זיך געשטעלט צום קאָנקורס. איינער פון די שפּילער האָט אַמאָל פאַרנומען דאָס דריטע אָרט אין לעניני־גראַד, דאָס איז דער סעקרעטאַר פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין דער אויטאָ־נאָמער רעפּובליק קאָמי — פּאַוועל אַנטאָנאָוויטש מוראַשאָוו.

דער טורניר האָט געדויערט עטלעכע טעג און געהאַלטן די שפּילער און קיבי־צער אין שפּאַנונג. מען האָט געשפּילט מיט גרויס הנאה, אַמביציע, פאַרביסן. די קיביצער האָבן געפירט געוועטן וועגן אויסגאַנג פון שפּיל. פון צוואַנציק געשפּילטע פּאַרטיעס האָט מוראַשאָוו דערוואָרבן אַלע פערציק פּונקטן, איך נאָר — ניין און דרייסיק. איצט דאַרף איך שפּילן מיט מוראַשאָוון די לעצטע צוויי פּאַרטיעס. עס האָט זיך שוין אומבאַמערקטערהייט פאַרוואַנדלט אין אַ קאַמף פאַר נאַציאָנאַלע אַמביציעס. ביי יעדער פּאַרטיע, וואָס איך האָב געוווּנען, איז בײַראַן געשטאַנען הינטער מיינע פּלייצעס און מיט אייפער און פייער מיר שטיל צוגעשעפּטשעט:

— פאַרן כבוד פון פּוילן! פאַרן זיג פון פּוילן! האַלט זיך, פאַרליר ניט זיך נישט, פּאַמעלעך, אַלע זיינען קעגן אייך!

פון יענער זייט טיש זיינען געשטאַנען אַרום מוראַשאָוון — פּראָלאָוו, דער פּאָרזיצער פון אַרכאַנגעלסקער שטאָט־ראַט, די אינזשעניערן סאַפּריקין און פּפלאָר־מער. זיי האָבן אַלע שוין געהאַט צו מיר פּאַשפּילט און וואָלטן וועלן פאַר יעדן פּרייז, אַז מוראַשאָוו זאָל ביי מיר געווינען.

ווי איך בין נישט געווען פאַרטון אין דער שאַך־שפּיל, האָבן מיך פאַראינטער־רעסירט אויך זייטיקע זאַכן. אַרום טיש איז אויך געשטאַנען אַ נישט־לאַנג געקומע־נער אַרעסטאַנט, אַ מענטש אין די מיטעלע יאָרן, גוט אָנגעטון, אַפילו אויסגעפּאַ־שעט, אין אַן אוזבעקיש־קאָלירטער טיבעטיקע (יאַרמעלקע) אויפן קאָפּ און מיר האָט זיך שטאַרק געוואָלט וויסן צי ער איז אַ ייד. ער האָט ביז איצט מיט קיינעם נישט גערעדט, געזעסן אָפּגעזונדערט, פאַרמרהשחורהט און ס׳רוב פאַרשטעלט זיך די אויגן מיט דער האַנט־פּלאַך. דעם שאַך־טורניר האָט ער באַטראַכט פון דער ערש־טער מינוט אָן און מיט קיין איין וואָרט זיך נישט אָפּגערופן.

האָט זיך מיר פאַרוואָלט, אין מיטן שפּילן, אויך פּרוּוון דערגיין, צי ער איז אַ ייד. האָב איך אָנגעווענדעט אַן אַלט, אויסגעפּרוּווט מיטל:

איך האָב אָנגעהויבן שטיל אונטערברומען דעם ניגון פון „כל נדרי". איך האָב געכאַפּט אויף אים פון צייט־צו־צייט אַ קוק, זען ווי עס ווירקט. איך האָב אָבער געמוזט זיך אויך אָנשטרענגען און שפּילן, האָב איך שוין אויפגעהערט אויף יענעם קוקן און שוין אויטאָמאַטיש ווייטער געברומט דעם ניגון. מיין פּאַרטנער מאַכט מיר אויפמערקזאַם:

— הערט אויף ברומען!

איך האָב אויפגעהערט, נאָר אין אַ ווײַלע אַרום פאַרגעסן און ווייטער גע־ברומט דעם זעלבן ניגון. פּלוצלונג האָט זיך מוראַשאָוו אויפגעריסן פון זיין אָרט,

זיך איבערגעבויגן איבערן טיש און מיך אָנגעכאַפּט פאַרן האַלז. ער האָט זיך צע־רעוועט:

— איך וועל אייך דערווערגן! איר זינגט אַ טרויער־ניגון צו אונזער לוויה!

ווען מען האָט אים פון מיר אָוועקגעריסן, האָב איך געכאַפּט פון טיש די פולע שיסל מיט זאַלץ, געפּאָכעט מיט איר און זיך פאַרמאָסטן אויף אים:

— איך וועל אייך ממיתן אויפן אָרט, אויב איר וועט נאָך אַמאָל וואַגן, כוליגאַן!

איז ער אַריין אין אַ פוריע, אַריבערגעשפּרונגען איבערן טיש און זיך ווידער געוואָרפן אויף מיר. אַ ווייסע שוים איז אים אַרויס פאַרן מויל און ער האָט שווער געדישעט:

— ער וועט מיך הרגענען? ער וועט מיך הרגענען?! איך מוז אים דערווערגן! איך וועל אים דערשטיקן!

און מען האָט אונז ווידער קוים פאַנאַנדערגעריסן. דער וועכטער האָט גענו־מען אויפשליסן די טיר און מיר זיינען זיך צעלאָפן, יעדער אויף זיין אָרט.

דעם דיזשורנע האָט מען פאַרעדט די ציין, גאָרנישט דערציילט און ער איז אַרויס. איך בין געזעסן אין ווינקל אויף דער נאַרע, לעבן באַראַנען און פּאַוועל מור־ראַשאָוו האָט נערוועז זיך געדרייט אַרום טיש. ער האָט שוין איצט גאָרנישט גע־רעדט, נאָר נאָך אַלץ שווער געסאָפּעט. די אויערן האָבן אים אונטערגעציטערט און פון זיין פּנים איז פאַרשוווּנדן יעדער שפּור פון בלוט.

איך האָב איצט שטאַרק רחמנות געהאַט אויף מוראַשאָוון. איך האָב געהאַלטן, אַז ער איז געווען גערעכט, נאָר איך בין נישט געווען שולדיק. ביי אַלע אַרעס־טאַנטן זיינען די נערוון אָנגעצויגן ביז צום לעצטן. דער רוב איז שטענדיק ערבֿ־משוגעת. זיי פאַרטראָגן נישט קיין בּרומען, קיין נוטיען. אפשר איז אויך דער ניגון געווען פאַר זיי אַ שווערער, ווייל אַלע האָבן זיי נאָך דעם גערעדט:

— אַזוי נאָך באַווייַנט מען אַ טויטן! אַזוי נוטיעט איינער פאַר גסיסה! עס האָט פּשוט געשטאָכן די נערוון! מען זאָגט אים איינמאָל, אַ צווייט מאָל און ער — אויף צו להכעיס, טוט זיך דאָס זייניקע.

זיי אַלע זאָגן, אַז מוראַשאָוו האָט מיך געבעטן אייניקע מאָל איך זאָל אויפ־הערן. איך האָב אָבער נישט געהערט מער ווי איינמאָל און באַלד פאַרגעסן. אגבֿ, איז דאָס שטיל אונטערזינגען מיינס אַן אַלטע געוווינהייט, דערצו נאָך ביים שפּילן שאָך.

ביי מוראַשאָוון איז נאָך דער כּעס אַלץ נישט אַריבער. ער קאָן יעדע רגע זיך אַרויפוואַרפן אויף מיר און שטיקן. מיר איז שוין דער כּעס אַריבער און איך וואָלט נישט פּעיק געווען שוין איצט זיך אים מיט אים צו שלאָגן. האָב איך זיך אוועקגע־לייגט אויף אַ זייט, איבערגעצויגן איבער זיך דעם מאַנטל און געהאַלטן אַן אויג אין זיין זייט, כּדי צו זיין גרייט אויף אָפּוערן זיך. איך האָב זיך פאַרזיכערט דערמיט, וואָס איך האָב אַרומגעוויקלט אַ שאַליק אויפן האַלז.

דער אינצידענט האָט מיר נאָך מער פאַרדראָסן צוליב דעם, ווייל איך האָב זיך די גאַנצע צייט געהאַלטן מיט אים גוט, זייער אָפט געפירט מיט אים אינטערעסאַנטע שמועסן אויף פּאָליטישע טעמעס, דווקא אַזעלכע, וואָס קיין זייטיקער טאָר זיי נישט הערן. ערשט מיט אַ טאָג צוריק האָבן מיר גערעדט וועגן דעם, ווי אַזוי די אַמאָליקע

פּאָליטישע אַרעסטאַנטן, בעת די צאַרישע צייטן, ווי אַזוי זיי האָבן געפֿירט זייער פּערזענלעכן שטייגער־לעבן אין טורמע.

איך האָב אים געפּרעגט, צי איז נישט געמאָלט, אַז צו אונז איז דערגאַנגען נאָר דאָס שיינע, דאָס אויסגעלייטערטע, דאָס אידעאַליסטישע פּערזענלעכע לעבן פֿון די רעוואָלוציאָנערן. עס איז פֿאַרשוויגן געוואָרן דאָס אַלטעגלעכע, דאָס מיאוסע, וואָס האָט זיך אויך צו זיי אַריינגעריסן. פּערזענלעכע, קליינלעכע אַמביציעס. עס קאָן זיין, אַז אין טורמע האָט מען זיך דעמאָלט אויך געשלאָגן פֿאַר אַ בעסער אָרט אויף דער נאַרע. פֿאַר בעסער עסן. אַז עס זיינען דעמאָלט אויך געווען גייציקע, שוואַכע כאַראַקטערן, פֿאַרעטער.

ער האָט מיך דערויף געענטפֿערט, אַז קודם איז נישט צו פֿאַרגלייכן די באַדינגונגען אין דעם היינטיקן טורמע־רעזשים מיטן אַמאָליקן. אָבער חוץ דעם האָבן מאָקע דעמאָלט אויך נישט געפֿעלט קיין מיאוסע שטרייטן צווישן די פּאָליטישע אין די טורמעס. עס דערשיינט איצט אַ ספּעציעלער זשורנאַל, וועלכער שילדערט גענוי דאָס אַמאָליקע שטייגער־לעבן פֿון די פּאָליטישע אין די טורמעס, פֿאַרשיקונג. דער זשורנאַל ווערט געגעבן צום לייענען נאָר צו העכערע פּאַרטיי־אַקטיוויסטן. עס ווימלט און שווימלט דאָרט מיט גאַנץ מיאוסע פֿאַקטן און פּאַסירונגען. עס איז קלאָר: טורמע דעפֿאָרמירט דעם מענטש, זיין כאַראַקטער, מאָראַל. טייל קומען אַרויס נאָך מער מאָראַליש, גייסטיק געקרעפֿטיקט און טייל קומען אַרויס — דעמאָראַליזירט, פֿאַרקריפּלט און אָפּטמאָל אַפֿילו — טיראַנען!

בשעת דעם שמועס איז אַפֿילו ביי מיר געבוירן געוואָרן דער געדאַנק, אַז ווײַ דאַרף זיין צו יענעם פֿאָלק, וואָס זיין הערשער, דיקטאַטאָר, — איז אַמאָל געזעסן אין תפֿיסה!

איך האָב אים גאַנץ פֿאָרזיכטיק געזאָגט מיין געדאַנק און ער האָט צוגעשטימט.

פּאַוועל מוראַשאָוו זיצט פֿון יאָר 1937. אין 1940 האָט מען אים באַפֿרייט. נאָך פֿיר חדשים אָפּזיין אויף דער פֿריי, האָט מען אים צוריק איינגעזעצט. ער גרויסט זיך דערמיט. וואָס אין דער לעצטער מינוט האָט אים זיין פֿרוי באַוויזן מיטצוגעבן אַ שיינעם, געבלימלטן, הילצערנעם לעפֿל. ער היט דעם לעפֿל ווי אַן אויג אין קאָפּ.

מוראַשאָוו האָט זיך מיר אויסגעוויזן ווי אַ קלאָר דענקנדיקער מענטש, פֿון העכערע, גייסטיקע אינטערעסן, אַ לויטערער אידעאַליסט, אַן איידעלער, באַהערשטער און סאָלידער. איצט איז אים לגמרי נישט צו דערקענען, ווי טריפֿה בלוט וואָלט אין אים געזאָמן. דאָס שיטערע, בלאָנדע בערדל. זיין שמאָל, בלייך געזיכט און גרויסע, לויטערע אויגן האָבן אַרויסגעוויזן רציחה־דורשט. גוט — ער איז אויף מיר אָנגעפֿאַלן דאָס ערשטע מאָל, אָבער פֿאַרוואָס האָט דאָס אים אַזוי צעקאָכט, ווען איך האָב צוליב אָפּוועך געכאַפּט די שיסל זאַלץ און געדראָט אים זי צו וואַרפֿן, אויב ער וועט באַנייען זיין אַטאַקע? צי האָב איך נישט קיין רעכט זיך צו פֿאַרטיידיקן?

דער, צוליב וועמען איך האָב אָנגעהויבן ברומען מיין ניגון, איז אַצינד צוגעקומען צו מיר אויף דער נאַרע. ער קוקט זיך פֿריער אַרום, גלעט זיך אויס דאָס קיילעכיקע, שוואַרצע בערדל און רעדט צו מיר פֿאַרהוילן:

— מיט אַזאַ ניגון דאַרף מען איבערהויפּט זיך היטן.

איז שוין פאַר מיר אַצינד קלאָר צו וואָס פאַר אַ פאַלק ער געהערט. ער זאָגט מיר שוין אַליין זיין נאָמען. ער ווייזט אַפילו אָן אויף זיין יחוס:

— זיין פעטער האָט געוווינט אַ צייט אין וואַרשע, דאָס איז געווען דער שריפטשטעלער פרידבערג. ער פלעגט אויך שרייבן אונטערן פּסעוודאָנים הר־שלום.

איך ליג אים פאַר, מיט מיר שפּילן איצט אַ שאַך־פּאַרטיע. דווקא, זיי אויף צו־להכעיס, ווייל איך איצט ווייטער שפּילן. ער ענטפערט מיר אָבער ווידער אַזוי פאַרהוילן און ווי פון דער ווייט:

— עס איז געווען מיט פיר יאָר צוריק, עלף ביינאַכט, בין איך נאָך אַלץ גע־זעסן מיט מיין פערצן־יעריקן בן־יחיד און געשפּילט מיט אים אַ פּאַרטיע שאַך. איך בין געווען פאַרבליפט און אַנטציקט מיט יעדן צוג זיינעם! שאַרפזיניק, פענאָ־מאַל, גאַוניש. איך האָב זיין יעדן צוג גוט באַטראַכט, זיך איבערגענומען, געהאַט נחת, אַנגעקוואָלן, שטאָלצירט. געווען מיטגעריסן פון דער פּאַרטיע. איז אין מיטן דעם שפּילן זיינען אַריינגעקומען „יענע״ און מיך צוגענומען פון שטוב. שוין פיר יאָר זינט איך בין אַוועק פון דער היים, פון מיין זון, פון יענער שאַך־פּאַרטיע. איך געדענק נאָך גענוי די פּאָזיציע אויפן ברעטל. איך מוז נאָך פאַרענדיקן אָט־די פּאַר־טיע מיט מיין זון. אָט־די שאַך־פּאַרטיע מיט מיין זון מוז איך נאָך שפּילן. פון דעמאָלט אָן שפּיל איך מיט קיינעם נישט קיין שאַך. איך וואַרט נאָך אויף יענע פּאַרטיע מיט מיין זון, איך מוז זי שפּילן!

ער האָט טיפער אָפּגעאָטעמט און מיט אַן איינגעהאַלטן חורבן־קול, קוים אַרויס־געפּליסטערט:

— אַנדערש, בין איך שוין אויף אייביק — מאַט!

## קאַפּיטל ז

אַ יאַר־ד אין קאַמער. מען ברענגט אַריין אונזער אויסגעוואַשענע וועש. דער סטאַראָסטע שטשעגאָליקין דאַרף זיי פונאַנדערטיילן. יעדער איינציקער האָט גע־צייכנט זיין סימן אויף יעדן שטיקל וועש, אָבער דאָך איז נישט לייכט צו דערקע־נען. שטשעגאָליקין איז שוין אין דעם אַ געניטער. ער שטעלט זיך אַרויף אויף אַ באַנק, נעמט יעדעס שטיקל וועש אין האַנט אַריין און הויבט עס אינדערהויך, באַ־ווייזט עס אַלעמען און מאַכט דערביי זיינע פרייליכע באַמערקונגען:

— אַ העמד מיט זיבן וווּנדערבאַרע לעכער און זיבן קינסטלערישע לאַטעס! מיט לאַנגע, שמאָלע אַרבל, מיט פאָדים איז אויסגענייט אַן אַכט, מסתמא אַזויפיל ווייבער האָט ער געהאַט, אָדער אַזויפיל וויל ער האָבן! אוקראַינישע, פּויערישע לייוונט. וועמענס עס איז דאָס העמד זאָל זיך אָנרופן! אַ פּאָר מיליטערישע גאַט־קעס, מיט אַ פּוילישן אָדלער און מיט פּילסודסקיס וואָנצעס! עס זיינען דאָ נאָך אַנדערע סימנים אויף די גאַטקעס, אַז דער העלדישער פּוילישער יעגער האָט זיך דע־שראָקן פאַרן דייטש אויפן פראָנט, שנעל געמאַכט פּליטה און זיך באַמאַכט! וועמענס עס זיינען די גאַטקעס זאָל זיך אָנרופן!

אונטער אַ געלעכטער גייט צו איינער פון די פּאָליאַקן, מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, און נעמט אָפּ זיין שטיקל וועש.

מיר האָט געאַרט און פאַרדראָסן, פאַרוואָס קיינער פון די פּאָליאַקן האָט נישט

פּראָטעסטירט קעגן אַזאַ חוזק, נישט אָנגעזידלט שטשעגאָליקינען. איך האָב זיך איבערגעקוקט מיט באַראַנען, איך בין גרייט געווען מאַכן אַ טומל, באַראַן האָט עס דערקענט אין מיין פּנים און ער האָט געמאַכט צו מיר מיט דער האַנט און געווינקען. ער האָט מיך צוגערופן און אויסגעטייטשט:

— המון, פעלדמיסט, עס איז זייער צייט. זיי רייצן זיך און ווילן אונז פּראָוואָצירן, לאָזט צורו.

שטשעגאָליקין האַלט זיך פאַריסן און ברוטאַל. ער איז געווען אין די יאָרן 1929—1931 אָנפירער פון אַ קאָמיסיע, וואָס האָט „ראָזקולאַטשעט" די פאַרמעגלעכערע פּויערים. שפּעטער איז ער געוואָרן דירעקטאָר פון אַן אינסטיטוציע, וואָס פאַרקויפט און עקספּאָרטירט האָלץ קיין ענגלאַנד. ער האָט אויפגענומען די ענגלישע סוחרים, וואָס זיינען געקומען קיין אַרכאַנגעלסק באַשטעלן האָלץ־טראַנספּאָרטן. ער האָט ייד אויסגעלערנט רעדן ענגליש. איינמאָל בשעתן אויפנעמען אַזאַ גרופּע סוחרים, האָט ער מיט זיי אַ לענגערע צייט גערעדט ענגליש. זיי אַריינגעפירט צו זיך אין באַזונדערן קאַבינעט, פאַרשלאָסן די טיר און געשמועסט מיט זיי העכער אַ שעה צייט.

האָט מען אים חושד געווען אין אַרויסגעבן סודות, באַשולדיקט איב איז שפּיאָנאַזש און אים פאַרמישפּט אויף פינף־און־צוואַנציק יאָר. ער זיצט שוין דאָס פערטע יאָר, שוין געווען אין לאַגער. איצט האָט מען אים צוריקגעבראַכט אין טורמע, ער האָט זיך דערשלאָגן צו אַ רעוויזיע פון זיין פּראָצעס. עס איז אַריבערגעשיקט געוואָרן זיין ענין קיין מאָסקווע. זיצט ער דאָ און וואַרט אויפן רעזולטאַט.

שטשעגאָליקין איז אַ דורכגעטריבענער, פאַסקודנער פאַרשוין. ער איז מגושמדיק מיט זיין הויכן וווקס, ברייטע פּלייצעס און שמאָלע פּיס, מיט זיין בייניק, דרייקאַנטיק פּנים. עס וואַקסן אים צוויי שפּיצלעך באָרד פון ביידע זייטן קינבאַק אין מיטן נאָמבע איז ליידיק, עס וויל באַין אופן נישט באַוואַקסן מיט האָר. ער לאַכט מיט אַ הילצערנעם געלעכטער, אין פּויזעס, גראָב, טעאַטראַליש.

ער איז סטאַראָסטע פון קאַמער. אייגנטלעך איז נישט דערלויבט, אַז עס זאָל זיין אַ סטאַראָסטע, ווייל אים וואָלט מען דאָך באַדאַרפט אויסוויילן אין קאַמער. און אַזאַ פּאָליטישער אַקט, ווי וואַלן, איז פאַרבאָטן. אין די אַלגעמיינע קאַמערן, ווו עס זיצן פּאָליטישע מיט קרימינעלע צוזאַמען, ווערט פון זיך אַליין סטאַראָסטע דער שטאַרקסטער פון דער קאַמער, אַ קרימינאַליסט, געוויינלעך. די תפיסה־מאַכט מישט זיך דעריז נישט אַריין, קוקט דורך די פינגער. איר איז באַקוועמער, אַז עס זאָל זיין איינער וואָס זאָל באַפעלן ווער עס דאַרף צורוימען די קאַמער, ווער עס דאַרף אַרויסטראָגן די „פּאַראַשע" (נאַכט־עמער), ווער עס זאָל פאַרטיילן דאָס ברויט. אין די קאַמערן מיט בלויז פּאָליטישע, ווערט שוין דער סטאַראָסטע באַשטימט דורכן תפיסה־נאַטשאַלניק אַליין.

געוויינלעך ווייסט מען, אַז דער וואָס ווערט באַשטימט פאַר סטאַראָסטע איז אַ „סטוקאַטש" („קלאַפּער", מסור); וועגן שטשעגאָליקינען האָט מען זיך געשושקעט איבער אים. עפּעס האָט מען אים צופיל אַרויסגערופן. אַלעמאָל האָט ער עפּעס מיטגעבראַכט פון דאָרטן, אַ בינטל ציבעלעס, אַ ציינדל קנאָבל, אַ פּעקל מאַכאָרקע. דאָס, זאָגט ער, האָט אים זיין ווייב איצט אַריינגעשיקט.

די זיצן עטלעכע פון אַן אַכציק־פּערזאָניקער גרופּע, געווען פריער אויף הויך־

כע פּאָסטנס און זיינען מיט איינמאָל אַרעסטירט געוואָרן. צו זיי געהערט דער פּאַרזיצער פון אַרכאַנגעלסקער שטאָט־ראַט — פּראַלאָוו; די דירעקטאָרן שטשעגאָליקין, פריידבערג, און נאָך עטלעכע. יעדער איינער פון זיי איז חושד דעם צווייטן, אַז אויף דער אויספאָרשונג האָט ער „געשיט" זיינע חברים. צום מערסטן רעדט מען וועגן שטשעגאָליקינען. ער איז, זאָגן זיי, אַ געבוירענער פּאַרעטער.

דער יונגער מישאַ, דער „נאָרוועגער", געהערט נישט צו דער גרופּע, אָבער דאָך האַלט ער זיך מיט זיי צוזאַמען. ער איז דער ליבלינג פון קאַמער. אַ דרייסטער, סימפּאַטישער יונג, אַן אַלטער לאַגערניק. ער איז אויך דער געהיימער ראַזירער ביי אונז. ער האָט דאָ ליגן פאַרגראָבן אונטערן דיל אַ האַלב־קלינגל פון אַ ראַזיר־זשילעט. עס איז אַריינגעפּאַסט אין צוויי שמאָלע העלצלעך און פאַרבונדן מיט פאָדים.

עטלעכע פון דער אַריסטאָקראַטיע אין קאַמער, די וועלכע האָבן אַמאָל פאַרנומען הויכע פּאָסטנס און האָבן אַלע באַקומען צו פינף און צוואַנציק יאָר תפיסה, זיי האָבן ליב צו זיין אָפּראַזירט. מען שערט די האָר איינמאָל אין עטלעכע וואָכן, דעמאָלט ווען מען גייט אין באָד אַריין. אָבער די באָרד ווערט געשווירן מיט אַ מאַשינקע. מישאַ ראַזירט מיט דעם האַלבן מעסערל. עס ליגט שוין דאָ עטלעכע חדשים און ער האָט שוין אָפּראַזירט דערמיט אַ היבשע פּאָר צענדליק מאָל. בשעתן גאָלן שטייען צוויי מענטשן אויף „טשאַטעס" ביי דער טיר און הערן זיך איין, צי עס גייט נישט דער דיזשורנע. יעדער אָפּראַזירטער גייט אַוועק מיט אַ צעקאַליעטשעט, צעבלוטיקט פּנים. פאַרן אַריינקומען פונם דיזשורנע, פאַרבינדן זיך די ראַזירטע זייערע פּנימער, עס זאָל הייסן, אַז די ציין טוען וויי, מען זאָל נישט דערקענען, אַז זיי זיינען געגאָלט.

מישאַן רופט מען „נאָרוועגער" דערפאַר, ווייל ער איז געפאַלן אַ קרבן פון געשיקטע אַרבעט־ווערבירער. אין לענינגראַד האָט מען איינמאָל אויסגעהאָנגען אין אַ ווערביר־פּונקט אַ מעלדונג, אַז עס ווערן געזוכט אַרבעטער, וואָס ווילן פאָרן קיין נאָרוועגיע. מען דאַרף דאָרט. אין נאָרוועגיע. פאַבריקטן מאַשינען, וואָס מען האָט דאָרט געקויפט און מען דאַרף זיי ברענגען קיין לענינגראַד. עס ווערן געזוכט מעכאַניקער און אויך פּשוטע, שוואַרצע אַרבעטער. עס איז אויף אַ צייט פון צוויי חדשים.

במשך צוויי שעה צייט האָבן זיך ביי דעם ווערביר־פּונקט פאַרזאַמלט עטלעכע טויזנט קאַנדידאַטן אויף צו פאָרן קיין אויסלאַנד. זיינען באַלד אָנגעקומען לאַסט־אויטאָס מיט נ. ק. וו. ד. ־ זעלנער, מען האָט אַלע אַרומגערינגלט און גלייך זיי אַריינגעזעצט אין אַן עשאַלאָן און זי אַוועקגעשיקט אויף זאַפּאָלאַריע (ווייטער צפון), בויען דאָרט אַ סעריע זאַוואָדן.

מישא איז נאָכן אָפּזיין צוויי יאָר אויף דעם שניי־מדבר זאַפּאָליאַריע, אַנטלאָפן. אַן אַרבעט־קאָנטראַקט האָט ער געהאַט אונטערגעשריבן אויף דריי יאָר. ווייל נאָכן אָנקומען אויפן אָרט שרייבט יעדער אַרבעטער אונטער אַן אָפיציעלן קאָנטראַקט. מען האָט מישאַן געכאַפּט. פאַראיינוועגס האָט מען אים שוין אויך צוגעשריבן אַ צווייטע סטאַטיאַ. אַ פּאָליטישע. ער זיצט שוין עטלעכע יאָר.

מישאַ איז אַ גוטער ברודער, אַ סימפּאַטישער, אַ חברישער, אַ דרייסטער און הפקרניק. ער „פיילט אַ צאָן" אויף שטשעגאָליקינען:

— חבר סטאַראָסטע, איך פאַרהאָף, אַז מיר וועלן זיך נאָך אַמאָל טרעפן אין לאַגער. דעמאָלט וועל איך האָבן אַ געלעגנהייט אייך אַרויסצוווייזן מיין „גוטהאַרציקייט".

אַלע פאַרשטייען וואָס דאָס מיינט. דאָס הייסט „אוועקליינען". שטשעגאַליקיז לאָזט דאָן אין גאַנג זיין פאַלש, הילצערן ־געלעכטערל. ער גלעט זיך זיינע צוויי שפּיז־בערדלעך, פאַרבאַהאַלט זיין שרעק און באַמיט זיך צו ענטפערן רואיק:

— צו־קורץ די הענטלעך, ליבער מישאַ! אַזאַ איינער, ווי דו, גענוגנט מיר קוים אויף צוצעקוועטשן אים בלויז מיט מיין הינטער־חלק!

## ק אַ פּ י ט ל ה

דער עולם קאָכט זיך, טומלט, קריגט זיך, לאַכט. אָפּטמאָל דוכט זיך אויס, אַז עס איז אונז גראָד מקנא צו זיין. דאָס עסן איז דאָ נישט ערגער ווי דאָס עסן אויפן פּאָסיאָלעק. עס איז ווארים אין דער קאַמער, אַ היבשער עולם. מען לייענט אַמאָל אַ ביכל, מען שמועסט צווישן זיך, מען שטיפט אפילו ארום, מען לאַכט.

אונז ווערט אפילו אַמאָל רחמנותדיק אויף דעם גורל פון די שלּיסער און וועכ־טער, וועלכע זיינען ערנסט, אומעטיק, זיינען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אַן ארבעט, פאַרגינען זיך נישט צו לאַכן. און מיר, זעט עס אויס, זיינען שוין זאָרגלאָז, אַלעג־באַלס, עטלעכע שעה אין טאָג. נישט דעמאָלט ווען מ׳איז מיט זיך, ווען מ׳טראַכט זיך אריין אינם גורל פון דער פאַמיליע, וועגן זיך אַליין, ווען מען לייגט זיך אַוועק אויף דער נאַרע און עס הויבן זיך אָן די טרוימען און חלומות.

פאַראַן אָבער אַזעלכע, וועלכע שווייגן עקשנותדיק, שמועסן קיינמאָל נישט מיט קיינעם, גייען ארום איבער דער קאַמער, אָדער ליגן אויף זייערע נאַרעס, מיט די אויגן צו די קראַטן און טראַכטן, רעדן צו זיך.

אַזאַ איז אויך דער אַלטער גערַאסימאָוו, דער „סטאַראָוויער". עס זעט מיר אויס, אַז זיין מויל ווערט געהיט דורך זיין לאַנגער, ווייסער, געדיכטער באָרד. ער איז אין די צאַרישע צייטן געווען אַ פּשוטער „דוואָרניק" (סטרוזש) אין פּעטערבורג. פונדעסטוועגן איז אים געלונגען דעמאָלט אָפּצושפּאָרן געלט און ער איז צוויי מאָל אַוועק אַלס פּילגרים קיין ירושלים, נצרת. עולה געווען צו יעזוסן. גערַאסימאָוון באַ־שיינט אַ בלאַנק־ווייסער געשטריקטער נאָלף־סוועטער. גערַאסימאָוו קען ניט ארויס־רעדן קיין „ק", ער פאַרטוישט עס אויף אַ ווייכע „ט". דאָס גאַנצע לשון ביי אים איז ווי אַ קינדיש פּרעפּלען.

ער רעדט אַמאָל אויס אַ וואָרט מיט דעם זאַמאָשטשער יונגערמאַן און מיט מיר. שבת פאַרנאַכט, ווען עס זעצט זיך שוין די זון און מיר הויבן שוין אָן צו פאַרדרייען אַ מאַכאָרקע־ציגאַרעטל צום פאַרויכערן, קומט צו גערַאסימאָוו, לייגט ארויף זייַנע הענט אויף אונזערע אַקסלען און בעט אונז שמייכלענדיק:

— ברידערלעך יידן! וואַרט נאָך צו מיטן רויכערן אַ קליינע פינף מינוט. אונזער פענצטער איז דאָך פאַרשטעלט מיט אַ דעכל, דאַכט זיך אונז אויס, אַז די זון האָט זיך שוין געזעצט. אין אמתן דאַרף נאָך דויערן פינף מינוט ביז צום זון־פאַרגאַנג. איצטער איז נאָך דערווייל שבת, האָט זשע געדולד, ברידערלעך יידן, נאָך פינף מינוט און איר וועט באַלד פאַרציען דאָס גוטע פּאַפּיראָסעלע. שבת איז דאָך ביי אייך די קעניגין פון דער וואָך, די הייליקע פּרינצעסין פון אַלע טעג.

מיר טוען אים צוליב, וואַרטן צו נאָך עטלעכע מינוט. באַלד ווי מיר פאַרוי־כערן נאָר, האָט אונז גערַאסימאָוו נאָך עפּעס צו זאָגן:

— איצט, אַז אייערע נערוון האָבן זיך שוין באַרואיקט, איר האָט שוין פאַר־

וויכערט, ווײל איך אײך זאָגן, אַז איך האָב געקראָגן די נאַכט אַ גוטע בשורה. זיי־ער אַ גוטע בשורה. ער, דער אַלהעכסטער, האָט שוין אָנגענומען מײַן בקשה.
גראַסימאָוו שײַנט אויף מיט אַ קינדיש־הייליקן שמייכל, ווישט אויס דעם שטערן און איבער זײַן גרויען קאָפּ נייט אויף אַ ליכט־אַרעאָל:
— איך בין גליקלעך. ער נעמט מיך ארויף צו זיך, אין דער הויך, אין זײַנע היכלות. איך ווער שוין פריי, פריי, קינדערלאַך מײַנע. ער האָט דערהערט מײַן געבעט, איך וועל זײַן ביי אים, ביי אים, ביי אונזער אַלטיפּסטן און אַלהעכסטן. איך דאַנק אים, איך בין גליקלעך. זאָל געלויבט זײַן זײַן נאָמען אומעטום און אויף אַלע צײַטן.
איך דערצייל דאָס שפּעטער פּאַר באַראַנען. ער פאַרטראַכט זיך. אויב אַזוי, ווײל ער זיך מיט עפּעס פאַר מיר פאַרטרויען. ער רוקט זיך צו מיר צו נענטער ווי ער וואָלט זיך וועלן צוטוליען:
— הערט זיך גוט דערין איין. איך גיי נישט אין קירכע, האַלט גישט פון פּויפּסט, נאָר איך גלויב, האָב ליב און פאַרגעטער יעזוסן. ער איז מײַן ליבלעכער ברודער. ער האָט מיך אויך ליב. ער באַווייזט זיך צו מיר אָפט אין חלומות. ווי איר ווייסט האָב איך געקעמפט אין פּוילישן לעגיאָן, אויף דער זײַט פון די דייטשן קעגן די רוסן. ווען עס איז אויסגעבראָכן די פעברואַר־רעוואָלוציע, האָבן מיר געקריגן אַ געהיימען באַפעל פון פּילסודסקין, אַז אונזער לעגיאָנישע טרייהייט־שבועה צו די דייטשן ווערט בטל. יעדער לעגיאָניסט איז מחויב צו אַנטלויפן פון פראָנט. די דייטשן האָס איך פון מײַן קינדהייט אָן. פאַר מײַנטוועגן האָט מען זיי באַראַפּט אַלע אויסקוילן נאָך אין יאָר 1918. אויך איצט, ווי איר ווייסט, כאָטש איך האָב אונזער טויטן־שונא די באָלשעוויקעס, דאָך האַלט איך פאַר אונזער שונא נומער איינס — די דייטשן. מיר, פּאָליאַקן, דאַרפן קעמפן צוזאַמען מיט די רוסן קעגן די דייטשן. אַלזאָ, איך בין דעמאָלט אַנטלאָפן פון פראָנט.
אַ נאַכט פאַר דעם האָט זיך מיר געחלומט. אַז ביים קליינעם בריקל פאַר אונזער דערפל, פאַרהאַלט מיך — יעזוס. דאָס בריקל נעמט גלייך ברענען.
און אָט אַנטלויף איך אויפצומאָרגנס פון מײַן פּאָלק און קום צופּאָ־ן אויף אַ פּויערישן וואָגן נאָענט צו אונזער בריקל. איך פאַרהאַלט זיך. איך קלער:
— יאָ אַריבערגיין, אָדער נישט?
אין דעם מאָמענט קומט צופאָרן אַנטקעגן דער עלטערער ראָיאָן־זשאַנ־אַרם. ער קען מיך גאַנץ גוט, נאָך פון אַ פריערדיקן אורלויב. ער רייט שנעל דורך אויף זײַן פערד, באַגריסט מיך און פאָרט ווייטער. איך זיץ נאָך אַלץ אויף דער פור און טראַכט וואָס צו טון. אין מיטן דע־הער איך ווי דער זשאַנדאַרם האָט זיך ערגעץ אָפּגעשטעלט, צוריק אויסגעדרייט דאָס פערד און איילט אַהער צוריק. ער האָט זיך, מסתמא, געכאַפּט דער זשאַנדאַרם:
— האָט באַראַן אַזוי שנעל שוין באַקומען אַ צווייטן מאָל אורלויב?
באַראַן שפּרינגט שנעל אַראָפּ פונם פורל און לויפט אַראָפּ צו דער מיל. דאָרט האָט ער זיך באַהאַלטן אין די מיל־רערן. צוויי טעג איז ער אַזוי אָפּגעלעגן. דער באַ־לעבאָס פון מיל האָט דערציילט, אַז אַ גאַנצער פּלוטאָן זשאַנדאַרן האָבן איבערגע־זוכט דאָס דאָרף, עטלעכע זײַנען געבליבן אויסבאַהאַלטן ביי באַראַנס מאַמע אין שטוב, אים אָפּגעוואַרט. זיי האָבן איבערגענישטערט אַלע ווינקעלעך.
ער איז אַוועק אין אַ צווייטן דאָרף, אין אַן אַנדער געגנט, געוואָרן דאָרט אַ

לערער. דערווייל האָט ער זיך פאַרליבט אין אַ יונגער, ליבלעך־רייצנדיקער פרייליין. ער האָט איר אַלץ פאַרטרויט. דער עסטרייכישער זשאַנדאַרם, דער וואַך־מייס־טער פון דאָרף, האָט זיך אויך אין איר געליבט. האָט זי אים אַלץ דערציילט וועגן באַראָנען. געזאָגט דערביי, אַז חתונה האָבן וועט זי נאָר מיט באַראָנען. איז גע־קומען צו אים דער זשאַנדאַרם און גענומען אים באַליידיקן און פאַרפאָלגן. ער וויל פון אים גאָרנישט. ער זאָל זיך נאָר אָפּזאָגן פון מאַרילען.

ער האָט נאָכגעגעבן. עס האָט אים געפּייניקט, ער האָט נישט געקאָנט עסן, נישט שלאָפן, פאַרלוירן די רו. האָט ער באַשלאָסן זיך נעמען דאָס לעבן. אַ רעוואָלווער האָט ער. האָט ער זיך פאַרשלאָסן אין זיין שטיבל, איבערגעלאָזט געלט אויפן טיש פאַר דער באַלעבאָסטע, אָנגעשריבן אַ געזעגענונגס־בריוו צו דער געליב־טער, אַ צוואה פאַר דער מאַמען און אַ זידל־בריוו צום זשאַנדאַרם. פּונקט צוועלף ביינאַכט, צו דער מינוט, וועט ער זיך דערשיסן.

האָט ער זיך אַוועקגעזעצט ביים טישל אָפּוואַרטן די צייט. ער איז איצט פאַר־נומען מיט זכרונות פון זיינע קינדעריאָרן, אַלע זיינע איבערלעבענישן. ער האָט איינגעדרימלט.

האָט זיך באַוויזן צו אים יעזוס. ער האָט אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף באַ־ראָנס קאָפּ. אים אַ קוש געטאָן אין שטערן און געזאָגט:

״יונגערער ברודער מיינער! דו ליידסט אַ סך מער פון מיר. פון ליידן טאָר מען זיך נישט אָפּזאָגן. דו מוזט לעבן און ליידן! דורך דעם וועסטו הייליקן דיין לעבן. פאָלג מיך, יונגערער ברודער מיינער, לעב!״

און ער האָט אים נאָכאַמאָל אַ קוש געטון אין שטערן און איז פאַרשוווּנדן.

באַראָן האָט זיך אויפגעכאַפּט. דער זייגער איז שוין געווען 1,30. שוין אָנדער־האַלבן שעה איבער זינט דעם באַשטימטן טערמין פון אויספירן זיין טאַט. האָט ער באַשלאָסן צו בלייבן לעבן.

ער האָט מיר נאָך עפּעס צו פאַרטרויען. ער האָט באַשלאָסן זיך צו ווענדן מיט אַן אָנפרעגע צו יעזוסן, ער זאָל אים ענטפערן ווען עס וועט זיך ענדיקן די מלחמה און באַפרייט ווערן פון טורמע.

ער האָט די פראַגע אָנגעשריבן אויף אַ שטיקל פּאַפּיר. ער האָט ביי זיך אָפּגע־מאַכט, אַז וויפל אותיות עס וועלן זיין אין די פראַגן, אַזוי פיל וואָכן דאַרף עס נאָך געדויערן. ער האָט פאַר דעם אָפּגעזאָגט אַ תפילה צו יעזוסן. ער האָט איבערגעציילט די אותיות. זעקס און צוואַנציק. ער האָט אויסגערעכנט, אַז דעם 23־טן סעפּטעמבער הייאָר וועט זיך ענדיקן די מלחמה און מיר וועלן ווערן פריי.

איך האָב האַלב אין שפּאַס, סתם אַזוי זיך. אים געזאָגט. אַז אַ גוטע און מזלדי־קע ציפער איז 17. עס באַדייט גוט און די ציפער 18 באַדייט לעבן. ער האָט זיך אין דעם אָנגעכאַפּט. ער האָט אַרויסגעצויגן אַ שטיקל בליי־גריפל פון שע־ניק און אָנגעשריבן אויף אַ שטיקל פּאַפּיר:

„איך, דער קריסט וואָיטשעך באַראָן, דער זון פון איגנאַצי, לויט אַן אָנפראַ־גע ביי אונזער הייליקן יעזוס קריסטוס; דער ייד (מיין נאָמען און פאַרנאָמען), לויט זיינע אַלט־יידישע סימנים — האָבן פעסטגעשטעלט, אַז דעם זיבנצנטן, אָדער אַכטצנטן סעפּטעמבער, יאָר 1941, וועט די מלחמה זיין פאַרענדיקט, דער דייטש באַזיגט און מיר וועלן באַפרייט ווערן פון טורמע. אַזוי זאָל אונדז העלפן גאָט!״

דאָס צעטעלע האָט ער באַלד פֿאַרנייט אין זיין וואַטענער פופייקע. ער האָט מיר דערלאַנגט די האַנט, מיך אַרומגענומען:

— אין מיינע תפילות צו יעזוסן יעדן טאָג בעט איך אויך פֿאַר אייך און אַלע אָרנטלעכע און ערלעכע יידן.

וואָיטשעך באַראַן איז שוין לאַנג נישט ביי זיינע פֿריערדיקע מיינונגען וועגן יידן. מיט אים און נאָך עטלעכע אינטעליגענטע פּאָליאַקן האָב איך אָפֿט געשמועסט וועגן פּוילישער געשיכטע, ליטעראַטור. זיי האָבן דאָס גאַנץ קנאַפּ געקענט. באַזונדער האָב איך אויך דערציילט וועגן יידישער געשיכטע און איבערגעגעבן דעם אינהאַלט פֿון עטלעכע קלאַסישע דערציילונגען פֿון דער יידישער ליטעראַטור. ווען איך האָב זיי איבערגעגעבן דעם אינהאַלט פֿון „טוביה דער מילכיקער" האָט באַראַן אויפֿריכטיק און האַרציק געוויינט.

ער איז שוין איצט נישט ביי דער מיינונג, אַז כּדי צו לייזן דאָס יידן־פּראָבלעם, דאַרפֿן די יידן זיך אויסשמדן. ער ציטירט שוין פֿאַר מיר גאַנצע שטעלן פֿון פּרצן און שלום־עליכם.

ער גיט אַ כאַפּ אין דער פופייקע, אויפֿן אָרט ווו ער האָט אויסגעלייגט דאָס צעטעלע:

— איצט האָבן מיר שוין ליגן אַ באַפֿרייונג־אורטייל — דעם 17־טן אָדער 18־טן סעפּטעמבער. לאָמיר ביידע בעטן ביי גאָט, אַז אונזער האָפֿנונג זאָל פֿאַרווירקלעכט ווערן.

און ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אויף די קני און אָפּגעריכט אַ תפילה.

ווי נישט ווי, האָט פֿאָרט מיר אַ לייכט געטון אַ שיין פֿון האָפֿנונג: — וועלן מיר נאָך טאַקע אַמאָל באַפֿרייט ווערן?

## קאַפּיטל ט

עס בייטן זיך כּסדר די אַרעסטאַנטן אין קאַמער. איינציקע שיקט מען שוין אַוועק אין לאַגער, עס קומען אַנדערע אויף זייער אָרט — קיין פֿרייער פּלאַץ אויף דער נאַרע בלייבט נישט.

פּיאָטר יעגאָראָוויטש שטשוקין, דער גרימירער פֿון פּעטערבורגער טעאַטער, מאַכט וויסטע סקאַנדאַלן. ער היצט זיך, ספּאַזמירט, פֿאַרהוסט זיך — ער וועט די ריכטער אַזאַ עוולה נישט שענקען!

איבער דער גאַנצער צייט האָבן אים די אַרעסטאַנטן דאָ פֿאַרזיכערט, אַז ער וועט פֿאַראורטיילט ווערן אויף אַכט יאָר. ער אַליין האָט אויך אַזוי געהאַלטן. ער איז געווען דערפֿון זייער צופֿרידן. ער האָט זיך אַריינגענומען די מחשבה אין קאָפּ אַריין, אַז אויב ער ווערט פֿאַרמשפּט אויף אַכט יאָר, הייסט עס, אַז ער האָט אַ האָפֿנונג נאָך צו לעבן אַכט יאָר.

ער איז איצט אַלט זיבן־און־זעכציק, וועט ער דערציען אַזוי אַרום ביז פֿינף־און־זיבעציק, אַ קיילעכדיקער ציפֿער, אַ שיינער לעבנס־עלטער. די אַכט יאָר האָבן זיך אַזוי פּאַרפֿעסטיקט אין זיין רעיון, אַז ער האָט זיך צו זיי צוגעוווינט, מיט זיי זיך איינגעלעבט — ער האָט נאָך פֿאַר זיך אַכט יאָר לעבן!

און אָט איז ער היינט צוריקגעקומען פֿונם קרייז־געריכט. דער פּראָצעס, ווי אַ פּאָליטישער, קומט פֿאָר ביי פֿאַרמאַכטע טירן. און אָט וואָס עס איז געשען:

מען האָט אים פאַראורטיילט נאָר אויף זיבן יאָר!

ער האָט אין געריכט, באַלד אויפן אָרט דאָרט, געמאַכט אַ סקאַנדאַל. מיט וואָס פאַר אַ רעכט האָט מען אים אַראָפּגענומען אַ יאָר פון זיין לעבן?!

איצט סקאַנדאַלעוועט ער אין קאַמער. ער האָט נישט קיין מורא פאַרן שלי־סער, ד״זשורני, זאָל ער אים עפּעס טון דערפאַר!

שטשוקין האָט זיך פאַרהוסט מיט זיין באַקאַנטן ספּאַזמאַטישן הוסט, וואָס זעט אויס ווי ער וואָלט געלאַכט.

— אַזעלכע סוואָלאָטשעס! גנבענען אַראָפּ אַ יאָר לעבן ביי אַן אַלטיטשקן אַרעסטאַנט!

עס איז גראָד היינט פאַרנאַכט אַן עקסטרע „פּאָווערקע". דער טורמע נאַ־טשאַלניק מיט זיינע געהילפן קומען אין קאַמער אריין מיט די אַקטן. און קאָנטראָ־לירן איבער צי אַלץ שטימט. ער רופט אַרויס דעם נאָמען און דער אַרעסטאַנט דאַרף ענטפערן זיין פאָר־ און פאָטער־נאָמען, ווו און ווען געבוירן, פּאַראַגראַף, אורטייל.

די נאַטשאַלסטווע און אַרעסטאַנטן ווילן זיך דערביי אַביסל.

מען רופט אויס דעם נאָמען:

„סאַפּריקין, אינזשיניער, פּאַראַגראַף 58, פּאַר סאַבאָטאַזש, אורטייל — פינף־און־צוואַנציק יאָר! פּפלאָומער — דאָס זעלבע. אורטייל — פינף־און־צוואַנציק יאָר!"

„שטשעגאָליקין — פינף־און־צוואַנציק יאָר!"

נאָכער קומט טשאַפּיגין, נאַטשאַלניק פון אַ פאַבריק אין לאַגער, אורטייל — צוואַנציק יאָר. נאָכדעם גייען עטלעכע צו פופצן, צוועלף און אַ גרעסערע צאָל שוין נאָר צען יאָר. ווען מען רופט אויס די יעניקע, וועלכע האָבן ווייניקער פון צען יאָר, פאַלט די שפּאַנונג אין קאַמער, דער אינטערעס ווערט קנאַפּער. דער נאַטשאַלניק לאַנגווייליקט זיך שוין. ער וואָלט גערן געוואָלט געניצן. ווען עס קומט צו די, וועלכע האָבן נאָר פינף יאָר, לאַכט שוין די גאַנצע קאַמער און מען באַגלייט די ציפער מיט אַ צורוף:

— דיעטסקי סראָק! (קינדערשער אורטייל).

און ביי אונז איז נאָך דאָ דער זיבנצן־יעריקער פּיעטרושעוויטש, ער האָט נאָר פיר יאָר. מען האָט אים שיער נישט געהויבן אין דער לופטן. אַלע האָבן כאַכאָ־טשעט:

— נאָר פיר יאָר! אַ טעאַטער!

אָבער שטשוקין האָט זיך דאָ אָפּגעשפּילט דאָס זייניקע. ווען ער ראָט באַדאַרפט ענטפערן אויף וויפל ער איז פאַראורטיילט, האָט ער אָנגעגעבן — אַכט יאָר! דער נאַטשאַלניק בעסערט אים אויף זיבן. שטשוקין וויל נישט נאָכגעבן:

— זיי האָבן מיר אַראָפּגעגנבעט אַ יאָר, אייערע ריכטער! איך גיב עס נישט אויף פאַר פאַרשפּילט! איך וועל נאָך אַפּעלירן! ביי אַן אַלטן מענטש אַראָפּנעמען אַ לעבעדיק יאָר!

דער נאַטשאַלניק באַרואיקט אים, זאָגט־צו צו אַפּעלירן, אויסצופּועלן. ער ווינקט צו די אַרעסטאַנטן, שמייכלט אונטער. די אַרעסטאַנטן ווילן זיך, לאַכן מיט הנאה — שטשוקין איז אַ קאָמיקער!

# קאַפּיטל י

עס איז היינט אונזער לעצטער שפּאַציר פאַר דעם פרייהייט־יום־טוב — דער ערשטער מאַי.

איך האָב אויפן הויף, בעתן שפּאַציר, דערהערט פונדערווייטנס ערגעץ קרייען אַ האָן. עס האָט מיך גלייך איבערגעטראָגן ערגעץ אין אַ קליין שטעטעלע, אָדער דאָ־רף. עס קרייעט אַ האָן, דערנעבן איז אַ שטיבעלע וווּ מען קאָכט קאַרטאָפל, קינ־דער שפּילן זיך פאַר דער טיר, לאָזן פּאַפּירענע לופט־באַלאָנען צום הימל, וואַרפן שטיינדלעך אין טייך — אַ ווייטע ווייטיקלעכע פרעמדע וועלט. עס נאָגט אַ בענק־שאַפט צו היימישקייט, צו פרייהייט.

איך ווייס שוין פון די אַרעסטאַנטן, אַז דריי טעג וועט מען אונז נישט אַרויס־לאָזן אויף שפּאַציר. אַ טאָג פאַרן — ביז אַ טאָג נאָכן ערשטן מאַי. אין די יום־טוב טעג איז אין תפיסה באַזונדער שטרענג.

מען הערט ווי הינטער אונזער פלויטל, אין צווייטן שפּאַציר־הייפל, טומלען איצט די מינדעריעריקע אַרעסטאַנטן. דורך אַ שפּאַלט זעט מען ווי זיי שפּילן דאָרט פוסבאָל מיט אַ באַלעם פון שמאַטעס. מען הערט זייערע פריילעכע אויסרופן.

ביים צוריקגיין פון שפּאַציר, די הענט פאַרלייגט אויף הינטן, ביים דורכגיין דעם גרויסן הויף, גיט מיר פּיעטרושעוויטש אַ שטויס מיטן פוס. איך קוק זיך אַרום און זע ווי מען פירט אַן אַרעסטאַנט אָן פוס. ער רוקט זיך אויפן געזעס.

עס פייניקט דאָס בילד, עס פייניקט די מחשבה:

אַ מענטש אָן פוס, אַ האַלבער גוף, איז ער דאָך שוין ממילא געשטראָפט. קומט אים דאָך, לפּחות, כאָטש אַ האַלבע שטראָף. און בכלל, צי מעגן מענטשן מיט גאַנצע גופים אורטיילן אַ מענטש מיט אַ האַלבן גוף? צי מעגן געזונטע פאַראור־טיילן קראַנקע? צי מעגן דערוואַקסענע אורטיילן קינדער?

גראָד דאָס זעלבע האָט, זעט אויס, אויך געטראַכט דער יונגער פּיעטרושע־וויטש. ער האָט אין דער קאַמער פאַרפירט מיט מיר אַ שמועס. ער האַלט זיך פאַר מיינס אַ היימישן. ער געהערט צו דער גרופּע פון די זיבן שילער, צו וועלכע עס האָט אויך אָנגעהערט פּראָקאָפּיעוו. ער האָט מיר דערציילט, אַז אויפן פּראָצעס האָט אים פּראָקאָפּיעוו געוויזן דאָס „אויסלענדישע" שאַכטעלע אויף מאַכאָרקע, וואָס איך האָב אים געהאַט געשענקט. פּיעטרושעוויטש האָט דעריבער צו מיר אַ שוואַכקייט.

ער איז באַדייטנד אינטעליגענטער ווי פּראָקאָפּיעוו, טראַכט זעלבשטענדיק. איך האָב אָבער אויך דערזען אַ גיפטיק, שפּאָטיש שמייכעלע אויף זיינע ליפּן. ער האָט זיך צעוואַרעמט אין שמועס מיט מיר, אָנגעהויבן רעדן ווי אַ דערוואַקסענער, ווי אַ גלייכער פּאַרטנער:

— איך, יידן, האַלט מען פאַר קלוגע, און דאָך זענט איר גרויסע נאַראָנים! פאַרוואָס זענט איר אַריבערגעלאָפן צו אונז? וואָס, איר האָט געמיינט, אַז איר וועט דאָ ווערן קאָמיסאַרן? אָט זענט איר געוואָרן קאָמיסאַרן! איר וועט דאָ פאַרפוילט ווערן אין די תפיסות און קאָנצענטראַציע־לאַגערן. איר וועט שוין פון דאַנען קיינ־מאָל נישט אַרויס!

— מיט וואָס זענט איר דאָס אַזוי זיכער, איר יונגער שילער, וועלכער רעדט מיט אַ טאָן פון אַן „אַלט ווייסער"?

— וואָס? דערצו דאַרף מען זיין אַלט, געלערנט? ווען איך וואָלט געוועזן

נאָך א ־יף אַ העלפט יונגער, וואָלט איך שוין פאַרשטאַנען די דאָזיקע חכמה. אייך וועט מען נישט ארויסלאָזן, כדי איר זאָלט נישט קאָנען טרייבן קיין שפּיאָנאַזש.

— צי ווייסט איר גוט דעם באַדייט פונם וואָרט „שפּיאָנאַזש״ ?

— פאַרוואָס ניט ? עס איז גאַנץ פּשוט : אַז מען וועט אייך אַרויסלאָזן, לאָזן צוריקפאָרן אין אייער היימלאַנד, וועט איר דאָך דאָרט אַלץ דערציילן וואָס איר האָט דאָ געזען ! יענע דאָרטן ווייסן דאָך גאָר נישט אָדער גלויבן נישט, אָבער אַז איר וועט ארויס און איבערגעבן פאַקטן, וועט איר דערמיט ברענגען שאָדן אונזער פּראָפּאַגאַנדע. און אָט דאָס הייסט שפּיאָנאַזש.

מיין פריינט, דער זאַמאָשטשער יונגערמאַן, האָט צו מיר געווינקען, אַז איך זאָל פון אים אָװעקגיין. ער דערציילט מיר, אַז פּיעטרושעוויטש איז געווען דער הויפּט־שיטער אויף דעם פּראָצעס פון זיינע חברים. דערפאַר האָט ער באַקומען פיר יאָר, זיינע חברים האָבן באַקומען צו פינף און זיבן יאָר.

דער זאַמאָשטשער, האָדעס, געהערט אויך צו די שווייגער, זעלטן ווען ער רעדט מיט וועמען. ער האָט אַ האַלב יאָר פאַר דער מלחמה ערשט חתונה געהאַט. ער האָט געלאָזן דאָרט אַ שוואַנגערע פרוי. ער איז אַנטלאָפן אויף אַ לאַסט־אויטאָ פון זאַמאָשטש צו די סאָוויעטן. דער אויטאָ איז געווען אָנגעלאָדן מיט האַרטע לעדער, דאָס איז געווען זיין גאַנץ פאַרמעגן. ער האָט נישט געוואָלט אַז די לעדער זאָל אַריינפאַלן צו די דייטשן. אויף דער סאָוויעטישער זייט האָט ער צונערופן אַ גרופּע אָפיצירן און זיי איבערגעגעבן דעם גאַנצן טראַנספּאָרט לעדער לטובת דער רויטער אַרמיי.

זיי האָבן אים געוואָלט באַצאָלן, ער האָט אָבער קיין גראָשן נישט געוואָלט נעמען. ער האָט באַקומען פון די אָפיצירן אַ געשריפט, וווּ עס ווערט אים אויסגעדריקט אַ דאַנק פאַר דער מתנה.

מען האָט אים פאַרשיקט אויפן פּאָסיאָלעק. פון דאָרטן איז ער צוזאַמען מיט נאָך צוויי זיינע חברים, אַנטלאָפן. מען האָט זיי געכאַפּט און איינגעזעצט אין ק. פּ. ז (צייטווייליקער ארעסט־הויז). דאָרט איז אויך געזעסן אַ רוסישער קרימינעלער פאַרברעכער.

ווען מען האָט אים גערופן צו דער אויספאָרשונג וועגן זיין אַנטלויפן, האָט מען אים מיטגעטיילט, אַז ער ווערט באַשולדיקט אין נאָך אַ חטא, פּאַראַגראַף־נומ ווי ער זאָגט, דאָס הייסט 58. דער קרימינעלער איז געווען דער עדות, אַז ער האָט פאַר אים גערעדט קעגן דער סאָוויעטן־מאַכט.

אָבער דער זאַמאָשטשער ווייזט אויף, אַז ער קען קוים אַ פּאָר רוסישע ווערטער, ער רעדט נאָר יידיש און פּויליש. ער האָט איבערהויפּט מיט דעם פאַרשוין נישט גערעדט, ער האָט זיך גאָר געשלאָגן מיט אים, ווען יענער האָט אים געוואָלט צונעמען זיין ברויט.

אים פאַרדריסט אָבער מער פון אַלץ דאָס. וואָס מען האָט ביי אים צוגענומען דעם דאַנק־בריוו פון דער רויטער אַרמיי פאַר זיין לעדער־מתנה.

אָט דאָס הייסט — זאָגט מיט ווייטיק דער פרומער זאַמאָשטשער יונגערמאַן : פאַר ברויט באַצאָלט מען מיט שטיינער.

ער גיט אָבער באַלד צו :

— מסתמא איז דאָך אַזוי באַשערט געווען. ווער פֿאַרשטייט דען דעם אויבערשטנס דרכים? מילא, גם זו לטובה!

# דער יום־טוב פֿון פֿרייהייט

עס איז אַ שטרענגע רעוויזיע אין קאַמער. עס איז די נאַכט פֿאַרן ערשטן מאַי.

אַלע זיינען אויסגעטאָן נאַקעט. מען שטייט פֿאַר די דיזשורנעס מיט אויפֿגעהויבענע הענט, צעשפּרייטע פּיס און אָפֿענע מיילער.

זיי האָבן אָפּגעריסן עטלעכע ברעטער פֿון פּאָדלאָגע און דאָרט געזוכט. מען האָט זיך געשראָקן, אַז זיי וועלן דאָרט געפֿינען דאָס האַלבע ראַזיר־מעסערל, אָבער מישאַ שמייכלט, ער האָט זיך געריכט דערויף און נאָך פֿריער דאָס ערגעץ באַשטאַט.

די ביינערנע ציין־בערשטלעך, וואָס זיינען אָפּגעשאַרפֿט, דינען פֿאַר מעסערס אויף צו שניידן ברויט. אויך די ציין־בערשטלעך ווערן צוגענומען אויף דריי טעג. ביים אַלטן גערעסימאָוו האָט מען צוגענומען זיין רויט שנופּ־טיכל. איך האָב נישט געוווסט דעמאָלט, אַז פֿאַרן ערשטן מאַי טאָר נישט זיין אין קאַמער קיין שום רויטער שטאָף. עס האָט אַמאָל געטראָפֿן אַ פֿאַל, אַז אַרעסטאַנטן האָבן דעם ערשטן מאַי אַרויסגעהאָנגען אַ רויט טיכל אויף די קראַטן, אַלס צייכן, אַז עס איז אויך זייער יום־טוב, אַז דער טאָג פֿון פֿרייהייט האָט צו זיי אויך אַ שייכות. האָט נאַטשאַלסטווע דאָס אָנערקענט פֿאַר אַ פּאָליטישער דעמאָנסטראַציע און מען האָט עטלעכע פֿון די אַרעסטירטע דערשאָסן.

ביז איצט האָב איך נישט געהערט, אַז עס זאָל פּאַסירן אַ בונט אין אַ סאָוועטישער טורמע, אָדער לאַגער. איך האָב נאָר געהערט איין פֿאַל ווי אַזוי אַ זינגער און פֿאַרפֿאַסער פֿון פֿריילעכע לידלעך, וואָס איז געזעסן אין אַ לאַגער, איז אַרויף אויף דער טריבונע בשעת אַ קאָנצערט און אָנשטאָט אָפּצוזינגען אַ באַקאַנט פּאַטריאָטיש ליד, ווי עס איז געווען פֿאָרויסגעזען, האָט ער אָפּגעזונגען אַן אייגן ליד וועגן גורל פֿון די לאַגערניקעס. אַ שעה נאָך דעם אויפֿטריט, איז ער שוין געווען דערשאָסן.

גיכער טרעפֿן בונטן פֿון די קרימינעלע. ביי זיי איז נישט קיין זעלטנקייט אָוועקצוהרגענען אַ שלעכטן נאַטשאַלניק אין לאַגער. זיי וואַרפֿן צווישן זיך גורל אָדער שפּילן אין קאָרטן און ווער עס פֿאַרשפּילט, דער איז מחויב צו הרגענען דעם נאַטשאַלניק. די קאָרטן־שפּיל טראָגט דעם נאָמען „וו נאַטשאַלניטשקאַ" („אין נאַטשאַלניקל").

עס טרעפֿן אויך בונטן ביי די מינדעריעריקע. טאַקע אין אונזער אַרכאַנגעלסקער טורמע איז פֿאָרגעקומען אַ בונט אין אַ קאַמער פֿון מינדעריעריקע, בלויז דערפֿאַר ווייל דער דיזשורני האָט זיי נישט געוואָלט געבן קיין פֿייער צו פֿאַרויכערן אַ פּאַפּיראָס. זיי האָבן דעמאָלט צעבראָכן דעם אויוון, די בעטן, און שווער פֿאַרוווּנדעט דעם טורמע־נאַטשאַלניק, זיינע צוויי געהילפֿן און צוויי דיזשורנעס.

פֿון דעמאָלט אָן האָט מען אַרויסגענומען פֿון אַלע קאַמערן די בעטן און איבערגעמאַכט אויף נאַרעס, אויך אַרויסגענומען די אויוונס.

איך בין געווען אַן עדות נאָר פֿון אַ קליינעם סקאַנדאַל אין דער קינדער־זאַ־

מער. ווען מיר זיינען אריין אין קלאָזעט און דער עולם האָט זיך אייסגעזעצט, האָט זיך אויפגעעפנט דאָס טירל פון אויוון אין קלאָזעט און עס האָט אָנגעהויבן פון דאָרטן ארויסקריכן עפּעס א לעבעדיק באַשעפעניש. אַלע האָבן זיך דערשראָקן און אויפגעשפּרונגען, ע־שט עס קריכט ארויס פון אויוון א בריאָהלע — א קליין איינגעריסט, אויסגעשמירט יאַטל. ער שטעלט זיך גלייך אויף די פיס און באַגריסט אונז פריילעך:

— זדראַסטוויטע טאָוואַרישטשי! אין אונזער קאַמער האָט אויסגעפעלט מאַכאָ־קע. ווען מיר זיינען געווען אין קלאָזעט, האָבן אונזערע יאַטן באַשלאָסן מיך דאָ אויסצובאַהאַלטן, כדי ביי אייך אויפצונעמען אביסל מאַכאָ־קע פאַר אונ־זער חברה. שענקט צו ביסלעך מאַכאָרקע, פעטערלעך. מיר קראַפּירן פאַר א ביסל רויך!

אונזער עולם האָט אָנגעקוואָלן פון דעם ספּעקטאַקל. יעדער האָט געגעבן דעם צען־יעריקן „געראָי" (העלד) א ביסל מאַכאָרקע. ער האָט אָנגעקליבן צוויי פּור־לע הויפנס. ביים אריינפירן אונז צוריק אין קאַמער, האָט אים דער שליסער באַ־מע־קט. ער האָט אים אָנגעכאַפּט פאַרן קאַרק און קודם געוואָלט בי־ אים צונעמען די מאַכאָרקע. האָט דער קליינער געמאַכט א ויצעקו:

— רעביאַטאַ (חברה)! מען נעמט צו די מאַכאָרקע!

האָבן די יאַטן אָנגעהויבן זעצן מיט די פויסטן אין טיר און ליאַרעמען. אונז האָט מען שנעל אריינגעפירט אין קאַמער. מיר זיינען געשטאַנען ביי דער טיר און זיך צוגעהערט צו דעם געוואַלד:

— דיזשורני, גיב אָפּ די מאַכאָרקע! דיזשורני, אין דיין זונהשער מאַמען אריין, גיב אָפּ די מאַכאָרקע!

עס זיינען אָנגעלאָפן אַלע דיזשורנעס. דאָס קליינוואַרג האָט אויסגעפירט. די מאַכאָ־קע האָט דער קליינער איבערגעגעבן זיינע יאַטן. אים אַליין האָט מען צוגענ־מען אין קאַ־צער, קעגן דעם האָט שוין די חברה ניט פּראָטעסטירט. דאָס פאַר־שטייען זיי, אַז עס איז ריכטיק, דיסציפּלינאַרע שטראָף, אָבער פאַרוואָס עפּעס צו־נעמען זייער מאַכאָרקע?

איך האָב בשעת דעם סקאַנדאַל דעמאָלט אָבסערווירט אינזערע ארעסטאַנטן אין קאַמער. ביי אַלעמען האָבן געגליט די אויגן. בונט שטעקט זייער שנעל אָן. עס דערוועקט, עס קאָכט אויף די בלוטן, עס דאַרף נישט דויערן לאַנג, אַז זיי זאָלן אויך ווערן אזוי ווילד און הפקר־דיק און אויך אָנהויבן שרייען צו די נאַטשאַלניקעס, פּראָטעסטירן קעגן די עוולות און פּיין.

און הייבט מען נאָר אָן, טראַכט מען שוין גאַרנישט, מען שטעלט איין דאָס לעבן, קאַמף איז אויך — תענוג, גענוס. ווער שמועסט נאָך פון מענטשן, וועלכע דריקן אין זיך שוין זינט יאָרן דעם גאַנצן צער און צאָרן.

אָבער עס קומט נישט דערצו. פּאָליטישע בונטעוון זיך דאָ נישט. איין מי־נוט האָבן גלי־פייערלעך א שפּיל געטון אין זייערע אויגן. אָבער באַלד האָבן די ארעסטאַנטן צוריק אראָפּגעלאָזן די קעפּ, די פייערלעך האָבן זיך איינגעלאָשן.

דעם גאַנצן ע־שטע מאַי איז די שטימונג אין קאַמער א געפּרעסטע, א געדריק־טע; דער יום־טוב פון פרייהייט, דער יום־טוב פון אַלע אונטערדריקטע און באַליי־

דיקטע, דער יום טוב פון קאַמף, דער יום טוב פון זיג פון דער רעוואָלוציע, דער זיג פון די טרוימער אויף יושר, גערעכטיקייט, פרייהייט.

די אַרעסטאַנטן קוקן זיך אָן איינער דעם צווייטן פאַרשעמטע:

— ווו ביסטו, דו ראָזער פויגל? ווו ביסטו אומבּרחמנותדיקער פרייהייט־גאָט? פאַרוואָס פאָדערסטו אַזוי פיל מענטשלעכע קרבנות? וויפל מיליאָנען האָבן שוין געשטרעקט פאַר דיר זייערע העלזער? וויפל מיליאָנען זיינען שוין געפאַלן און זייער בלוט פאַרגאָסן ביי דיינע פיס? און דו, אומדערבאַרעמלעכער, פאָדערסט אַלץ נאָך און נאָך קרבנות און דו באַווייזט בלויז דיין שאָטן! ווען וועט שוין זיין אויך פאַר אונז דער יום־טוב פון פרייהייט?

נישטאָ קיין ענטפער. אויף די קאָרידאָרן איז היינט שטיל, אויפן תפיסה־הויף — שטיל. אין אַלע טורמעס און לאַגערן איז היינט אַליאַרם־צושטאַנד. אַלע וועכטער, שליסער, דיזשורנעס, נאַטשאַלניקעס. אַלע שטייען היינט, אין אַליאַרם־גרייטקייט און היטן די מויערן און טויערן פון די תפיסות.

אפשר וויינט ער איצט ערגעץ דער ראָזער פויגל פון פרייהייט? אפשר קלאַפּט ער אין די מויערן מיט זיין שנאָבל? אפשר פלאַטערט ער מיט זיינע פליגל? ניין, זיינע פליגל זיינען געבונדן, ער וועט נישט פליען, ער וועט נישט אַדורך דורך די מויערן, ער וועט נאָך לאַנג, לאַנג נישט אַדורך — — —

# אין דער רעפּובליק פון חלומות

## קאַפּיטל א

מיין געלט האָט זיך אויסגעשעפּט. איך האָב געלאָזן נאָר צוואַנציק רובל. איך פלעג ביז איצט קויפן אויף אַמאָל צו זיבעצן קילאָ ברויט אין לאַראָק. דרייצן האָב איך צעטיילט, יעדן פּאָליאַק אַ קילאָ און פאַר מיר איז געבליבן פיר קילאָ, פון וועלכע איך פלעג זיך נאָך באַזונדער טיילן מיט באַראַנען. דאָס זעלבע איז געווען מיט מאַכאָרקע, הערינג. איינמאָל האָב איך אפילו געקריגן צו קויפן צוויי שאַכטלעך מאַרמאָלאַד און אַ פּעקל קאַקאַאָ. איך האָב זיך אויך דערמיט געטיילט.

איצט בין איך שוין אָן געלט. איך וועל נישט זאָגן, אַז די פּאָליאַקן זיינען צוליב דעם שוין געוואָרן צו מיר אָפּגעקילט. דער רוב פון זיי האָט זיך נאָך מיט מיר ווייטער פריינטלעך געהאַלטן, אָבער דאָך, נישט־ווילנדיק, האָט זיך פאָרט אַביסל געענדערט זייער באַציונג.

דער מאַיאָר קוויאַטקאָווסקי, אַ לאָדזשער, וועמענס מאַמע איז געווען אַ דייטשקע, ער האָט אַלעמאָל געמסחרט מיט יידן, געראַט צווישן זיי פריינט. ער איז געווען אָן פאָראורטיילן בכלל. אַ ניכטערער געשעפטסמאַן מיט אַ ביסל קאַסטעשער פאַריסנקייט. אים איז אויך נישט אָנגעשטאַנען צו רעדן מיט דער רעשט פּאָליאַקן, וועלכע זיינען געווען אַמאָל קליינע באַאַמטע, וואַלד־וועכטער אָדער מיליטער־לייט פון אַ נידעריקער ראַנג. ער האָט ליב מיט מיר צו רעדן דווקא אויף דייטש. די אַרומיקע זאָלן נישט פאַרשטיין אונזער שפּראַך. אַ ביסל אויך צוליב גאווה, זאָלן זיינע פּוילישע לאַנדסלייט זען, אַז ער איז נישט אַבי ווער. מיך האָט

אויך פאַרדראָכן אויף זיין קנאַפּן פּוילישן פּאַטריאָטיזם. עס שטיט אים נישט אָן, ער שטייט העכער פון אַזעלכע קליינקייטן ווי פּאַטערלאַנד ־ ליבע.

איצט, ווען איך האָב אים שוין נישט מיט וואָס צו מכבד־זיין, דערלויבט ער זיך שוין אַפּטמאָל אויף אַן איראָנישן טאָן לגבי מיר, רעדט שוין פּויליש און ווינקט אַפילו דערביי אונטער צו די פּאָליאַקן. וואָס דאַרף באַדייטן „הערט ווי איך זאָג אים אריין!”.

דער וואַלד־אינזשיניער דאַוויד, מיטן ציגן־בערדל, ער רעדט שוין מיט מיר אויך אין אַ שאַרפער־ן טאָן. ער קען מיר — זאָגט ער — אויפווייזן שוואַרץ אויף ווייס. אַז יידן באַנוצן בלוט אויף מצות. ער האָט געלייענט אַ ביכל פון אַ געשמדטן ייד, וואָס עס האָט אַרויסגעגעבן דער קאַטוילישער פאַרלאַג א. נ. פון הייליקן וואָטשעך. אין פּויזן, דאָרט איז דאָ נישט נאָר אַ באַשרייבונג, נאָר אַ גענוי בילד ווי אַזוי יידישע „סעקטאַנטן ־ כאַסידים” דערשטעכן אַ קריסטלעך קינד און זויגן אויס דאָס בלוט.

דאַוויד רעדט קורץ־אָטעמדיק. ער איז פון קורצן וווקס. מיט אַ צעווירן, געפּאַקט בייכל. דער גאַנצער גוף זיינער איז אַ פולער און צעגאָסענער. דאָס איז ער, וואַרשיינלעך, געשוואָלן צוליב זיין נירן־קרענק. תמיד זיינען ביי אים די אָנגעבלאָזענע בעקלעך רויט און פאַרפלאַמט, און אויך רויט זיינען זיינע פרומע, שמאָלציקע אייגעלעך. ער רעדט צעצויגן, בוימלדיק, מיט אַ טאָן פון אַ פּריידיקער.

ער איז נאָך אויף מיר ביין פון פּריערדיקע וואָכן, ווען ער איז געבליבן פאַרשמעט בשעתן שפּאַרן זיך מיט מיר וועגן אייניקע פאַקטן פון דער פּוילישער געשיכטע, וועגן פּוילישע פּערזענלעכקייטן. אָבער מער פון אַלץ אַרט אים דאָס, וואָס ער, אינזשיניער זשעגאָזש דאַוויד פון לאָמזשע, אַ פרומער רוימיש־קאַטוילישער קריסט, זעט אויס ווי אַ טיפּישער ייד.

ווען מיר זיינען אַמאָל אַראָפּ אין אַמבולאַטאָריע צו דער דענטיסטין זיך אַרויסרייסן ציין, האָט זי, אַ יידישע דענטיסטין פון קיעוו, אָנגעהויבן מיט אים רעדן יידיש. אַז ער האָט איר געזאָגט, אַז ער איז אַ פּאָליאַק־קאַטאָליק, האָט זי אים נישט געגלויבט און ווייטער גערעדט צו אים יידיש. ער האָט עס מיר גלייך דערמאָלט דער־ציילט נאָכן אַרויסגיין אויפן קאָרידאָר. ווען עס איז געקומען מיין ריי און איך בין אַריין צו איר, האָב דערזען די מיטליאָריקע יידישע פרוי, כאָטש אין אַ מונדיר פון „נקווד”, אַ מילדע און סימפּאַטישע, האָב איך זיך געוואָנדן צו איר גלייך אויף יידיש, האָט זי מיט שרעק זיך אָפּגעטרייסלט.

— ניטשעוואָ ניע פּאָנימאַיו, ניע פּאָנימאַיו! (איך פאַרשטיי נישט).

האָב איך דאָס דערציילט דעם אינזשיניער דאַוויד, האָט ער געצאַנט און געפלאַמט פון כעס. צו מיר, דעם טיפּישן ייד, אויך באַוואַקסן מיט אַ געדיכטער, שוואַרצער באָרד, האָט זי נישט געהאַט קיין צוטרוי. אַפשר מיך נאָר אָנגענומען פאַר אַ קריסט און אים, דווקא אים — האָט זי אָנגענומען פאַר א ייד. לויט אים, דאַווידן, שטעקט דערין אַ יידיש שפּיצל.

דער פּויליש־ליטווישער יואַלד־וועכטער מיט דעם היסטאָרישן נאָמען ג ע ד י מ י ן, ער האָט נישט שלעכט גערעדט יידיש, געקענט אַלע יידישע סוחרים און וואַלד־בראַקירער. ער איז פּשוט, פלעגט ער זאָגן, פאַרליבט אין יידן. לעצטנס פאַרווילט ער אַלעמען. שוין נישט נאָר די פּאָליאַקן, נאָר די רוסן, מיט אַלע אומ־

זיניקע און געמיינסטע וויצן וועגן יידן. פון יעדן וויץ זיינעם לאַכט ער פריער אַליין און שאָקלט צו מיט דעם שמאָלן, שפּיציקן שוואַרצן בערדעלע. ער האָט אַ גענגל פון אַ טענצערין, מיט אַ לאַקאיִש־פאַלשער העפלעכקייט און פינטלט אונטער מיט זיינע גנבהש־כיטרע אויגן.

נישט נאָר וואָס ער גייט שוין נישט צו מיר צו יעדן פרימאָרגן און פרעגט מיך וואָס איך מאַך און געזונט, ווי אַזוי איך בין געשלאָפן, וואָס פאַרא חלומות איך האָב געהאַט, נאָר זיינע אַלע מיאוסע שטיק און אָפּחוזקערייַ פון יידן פאַר־וועט ער דווקא אין דעם ווינקל וווּ איך זיץ.

מילא, דער וואַלד־וועכטער איז גאַנץ שנעל אַנטשוויגן געוואָרן — מען האָט אים געפּאַקט בייַנאַכט ביים גנבענען מאַכאָרקע ביי זיין רוסישן שכן און מען האָט אים רעכט צעקלאַפּט. ער גייט שוין איצט שמאָל און שווייגענדיק, איז צופרידן, אַז מען זעט אים נישט.

יאַן גוס, דער וואָלינער שוסטער, וואָס איז ערשט צוויי וואָכן פאַר דער מלחמה געוואָרן אַ פּאָליציאַנט, ער איז אַ שטילער און צוגעלייגטער מענטש. ער רעדט אַביסל מיט שווערע צייטונגס־ווערטער, וועלכע קומען ביי אים אַרויס צע־דרייט, און ער ציטירט אָפט פּריידיקטן פון זייער גלח אין שטעטל. ער קען אויך רעדן יידיש, שפּאַרט זיך אפילו מיט מיר, אַז מען זאָגט נישט „באַלעגאָלע”, נאָר „באַלעהאָלע”.

ער איז נישט פאַריסן. אַ גוטמוטשקער, אַ ווייכער, רעדט שטיל, אונטער דער נאָז, פונדעסטוועגן האַלט ער פאַר נויטיק לעצטנס מיך איבערצופרעגן, פאַר־וואָס עס זאָגט יעדער ייִד, גלייך ביים אײַפּשטיין פאַרטאָג, אַ תפילה איאַ. אַז גאָט זאָל אים היינט צוהעלפן און באַשערן אַפּצונאַרן אַ גוי אויפן מאַרק? און פאַרוואָס אַז עס ווערט געבוירן אַ ייִדיש יינגעלע, איז באַלד אַזוי ווי עס גייט נאָר אַרויס פון דער מאַמעס טראַכט, שאָקלט עס מיטן קאָפּ אין דער בריית, וואָס עס באַדייט:

„ניין, ניין, כ'וועל נישט זיין קיין גוי, ניין, ניין!”

דער פויער ראַוויצקי, וואָס האָט שוין געענדיקט אַ פּאָלקס־שול און געדינט אין מיליטער אַלס קאַפּראַל, ער האָט — זאָגט ער — צו יידן גאָרנישט. ער האָט גוט געלעבט מיט אַלע שטעטלשע יידן. נאָר פונדעסטוועגן וועט ער דורך זיין גאַנץ לעבן נישט פאַרגעסן, אַז סרוליק האָט אים פאַרקויפט אַ קאָסע, וואָס האָט זיך אויף צומאָרגנס צעבראָכן.

דער יונגער פויער פון הינטער לונינעץ, שמשירעק, וועמענס שווער, אויך אַ פויער, איז נישט לאַנג צוריק געקומען פון אַמעריקע, ער ענטפערט זיי אַלעמען אָפּ שאַרף און שניידיק:

— יאַק בידאַ, טאַ דאַ זשידאַ! איך האָב אַליין נישט געגלייבט, אַז אונזער פּאָלק איז אַזוי פינצטער, די פויערים ווי די דאָקטוירים, ווי די אינזשיניערן! דערפאַר פאַרלירן מיר כסדר אונזער מלוכהשע אומאָפּהענגיקייט. ווער ווייסט צי מיר וועלן זי נאָך אַמאָל האָבן! אונזערס אַ פּאָליאַק, ווען מען גיט אים אויסצו־קלייבן וואָס ער וויל בעסער — אַן אומאָפּהענגיק פּוילן, אָדער די מעגלעכקייט פון שלאָגן יידן, ווי גאָט איז מיר ליב — ער וועט אויסקלייבן דאָס לעצטע!

אַלע האָבן שמשירעקן גלייך פאַרשריגן אַלס ווייס־רוס. מען האָט זיך היים צעאַמפּערט. ס'מיינסטע פּאָליאַקן האָבן שוין אָפן איצט געזאָגט, אַז אין דער

מלחמה מיטן דייטש זיינען אויך שולדיק די יידן. מען האָט דעם דייטש געדאַרפט אַוועקגעבן דעם קאָרידאָר, דאַנציג, אַבי נישט קיין מלחמה. וואָלטן זיי פאַרנומען גאַנץ פוילן, האָט מען אויך נישט באַדאַרפט מלחמה האַלטן, דער פויער קאָן אויס־קומען מיטן דייטש אויך, אַבי נישט דערלאָזן חרוב מאַכן דאָס לאַנד. די יידן האָבן געוואָלט נעמען נקמה אין די דייטשן, האָבן זיי אונז אַנגערייצט זיך קעגנצושטעלן.

באַראַן איז געזעסן פונדערווייטנס, זיך צוגעקוקט, זיך צוגעהערט און קרענקלעך געשמייכלט. ער האָט מיר שפּעטער דערקלערט:

— איך וואָלט געוואָלט קעמפן פאַרן פאָלק, אָבער אָן דעם פאָלק. דאָס פאָלק איז ווי מיסט. מיסט איז נויטיק פאַר די פעלדער, אָבער פאַרבייסן דערמיט אַ שנאַפּס קאָנסטו נישט. „האָסט געהאַט אַמאָל, כאַה, אַ גאָלדענעם האָרן!..."

דער שליסער עפנט די טיר און מען ברענגט אַריין אַ פרישע פּאַרטיע אַרעסטאַנטן.

## קאַפּיטל ב

דער וואָלגער דייטש, אינזשעניער עדוואַרד באָגדאַנאָוויטש פּפלאַומער, קען דעם גאַנצן תנ"ך אויף אויסווייניק.

ער האָט אַ פענאָמענטאַלן זכרון. ער דערציילט יעדן אָוונט, דורך לאַנגע שעהן, דעם אינהאַלט פון אַלע ראָמאַנען פון דיומאַ, פּלאָבער, באַלזאַק און די רוסישע קלאַסיקער. אַמאָל רעדט ער אָפּ שעהן וועגן דעם געבוי פון אַ שיף. ער קען אַלע מינים געווער. וואָס נאָר מען זאָל נישט פרעגן ביי פּפלאַומערן, ענטפערט ער אויסשעפּנדיק, פּינקטלעך און גרינדלעך. ווען מיר גייען אויף אַ שפּאַציר, ציטירט ער פאַר מיר אין דייטש קאַפּיטלען פון תנ"ך, ווי אויך לאַנגע שטעלן פון געטהעס „פאַוסט".

ער איז אַ פּינקטלעכער, פּאַרעקשנטער און ציל־באַוווסטער. ער איז אַ באַרימ־טער בוי־אינזשיניער. פונדעסטוועגן זיינען עטלעכע הייזער וואָס ער האָט גע־בויט — איינגעפאַלן. ער האָט באַקומען 25 יאָר תפיסה.

יעדן פרימאָרגן טוט ער זיך אויס כמעט נאַקעט און אַ האַלב־שעה צייט פאַראוועט ער זיינע פיזישע איבונגען. ער פירט זיי אויס אַזוי עקזאַקט, פּרעציז, געוויסנהאַפט און מיט אַזאַ ערנסטקייט, ווי ער וואָלט אָפּגעריכט אַ גאָטעס־דינסט.

ער האָט מיר איינמאָל געזאָגט, אַז ער האַלט נאָר פון צוויי פעלקער אויף דער וועלט — דייטשן און יידן. פון צענויפמישן די דייטשע טעכניק מיט דער יידישער עטיק קען באַשאַפן ווערן אַ קלאַסישע, מוסטערהאַפטע וועלט־אָרדנונג. ער האַלט די רוסן אויך פאַר אַ באַגאַבט און טאַלאַנטירט פאָלק. נאָר זיי צעשטערן פונקט מיט אַזאַ חשק ווי זיי בויען. זיי עסן זיך אַליין אויף, פאַרצוקן זיך קעגנזיי־טיק. דאָס איז ביי זיי אַזאַ מין נירוואַנאַ־דיאַלעקטיק.

אַלע אַרעסטאַנטן פרעגן ביי אים יורידישע עצות. ער קען דעם גאַנצן שטראָף־קאָדעקס. ער פאַרהאַלט זיך זייער רואיק און טראָגט לייכט אַריבער דאָס שווערן תפיסה־לעבן. ער זיצט שוין דאָס פערטע יאָר. ער איז שוין פאַר דער צייט געווען אין דעם באַריכטן לאַגער קאַלימאַ. עס איז דרייצן טויזנט קילאָמעטער ווייט פון דאַנען. דאָרט דערגרייכן די פרעסט ביז 60 און 70 גראַד. דאָרט גייט מען

גרופּעסווייז, איין אַ־עסטאַנט איז צוגעבונדן צום צווייטן מיט אַ שטריק, כדי דער שטורעם זאָל זיי נישט פאַ־טראָגן.

אין די באַראַקן גייט מען אַריין דורך ליטערס, דורכן אויבערשטן שטאָק, ווייל דער גאַנצער פּאַרטער איז פאַרשטאָן מיט שניי, וואָס ווערט ש״ל געפרוירן. אין קאַלימאַ זיינען פאַראַן גאָלד־גרובן און עס ארבעטן דאָרט העכער אַ מיליאָן אַרעסטאַנטן.

איצט האָט מען פפּלאָומערן צוריקגעבראַכט אין טורמע אַריין, ווייל עס קומט פאַר אַ רעוויזיע פון זיין און זיין חבר סאַפּריקינס פּראָצעס. עס איז דערוויזן געוואָרן דורך פּאַכמענער, אַז נישט זיי זיינען שולדיק דערין וואָס די הייזער זיינען איינגעפאַלן.

ער, פּפלאָומער, איז עס געוועזן דער, וועלכער האָט אויפגעקלערט דעם יונגן פויער טיכאָנאָוו, אַז ער זאָל פאָדערן אַ צווייטע אויספאָרשונג, ווייל ער איז אַ קרבן פון אַ שפּראַכלעכן טעות. טיכאָנאָוון דראָט טויט־שטראָף. ער איז אַמאָל געקומען צום פאַרוואַלטער אין זיין סאָווכאָז און דערקלערט, אַז ער וועט נישט גיין אויף דער ארבעט, ווייל ער האָט נישט קיין שיך, זיי זיינען זיך אינגאַנצן צעפאַלן און ער קאָן נישט אַרויסגיין אויף אַזאַ פראָסט. ער זאָגט זיך אָפּ פון גיין צו דער ארבעט. דער פויער טיכאָנאָוו האָט אָבער נישט געזאָגט: „איך וועל נישט גיין צו דער ארבעט, ווייל מיינע שיך זיינען צוריסן״, נאָר „מיר וועלן נישט גיין צו דער ארבעט, ווייל אונזערע שיך זיינען צעריסן״.

טיכאָנאָוו שטאַמט פון אַזאַ געגנט, וווּ דער פויער באַנוצט קיינמאָל נישט דאָס וואָרט איך. ווער איז ער דען, דער פויער, אַז ער זאָל זאָגן „איך״? ער זאָגט אין מערצאָל: מיר.

דערפאַר האָט מען טיכאָנאָוון געשטעלט אַזאַ פּאַראַגראַף, וואָס דראָט מיט טויט־שטראָף, אַלס אָנפירער פון אַ קאָלעקטיוון בונט, אָרגאַניזירן אַ שטרייק. אויב נאָר עס וואָלט געווען פאַרשריבן אין באַשולדיקונגס־אַקט: „איך״, וואָלט ער באַקומען אַ נאָרמאַלע זיבן־אַכט יאָר, אָבער נישט קיין טויט־שטראָף.

אינזשיניער פפּלאָומער איז גרייט אַלעמען צו דינען מיט עצות.

איך שטעל זיך אויף אים אָפּ לענגער דערפאַר, ווייל עס איז מיר נישט פאַרשטענדלעך זיין האַנדלונג לגבי מיר אין אָט אַזאַ מין פאַל!

איך האָב געשפּילט אַ פּאַרטיע שאַך מיט דעם זאַמאָשטשער יונגנמאַן. עס איז שוין געווען פאַרנאַכט. איך האָב געענדיקט שפּילן 15 מינוט נאָך 6. (פפּלאָמער ווייסט גענוי די צייט לויט דער זון). איך האָב אין דעם טאָג געהאַט דיזשור, דאָס הייסט, אַז איך האָב באַדאַרפט אויסקערן די קאַמער, אינדערפרי איינמאָל און איצט, זעקס פאַ־נאַכט, דאָס צווייטע מאָל. ווי איך בין נאָר אַוועק פון טיש, איז צוגעגאַנגען צו מיר אינזשיניער פפּלאָומער און הויך, מיט אַ פייערלעכן טאָן, זיך צו מיר געווענדעט:

— איר האָט פאַרנאַכלעסיקט אייערע פליכטן! זעקס אַזייגער האָט איר באַדאַרפט צוראַמען די קאַמער און דאָס נישט געטון! איר האָט זיך פאַרשפּילט אין שאַך. איר שאַצט זייער לייכט אייער פליכט. דאָס באַליידיקט אונדז אַלעמען, וואָס פירן יאָ אויס זייער ארבעט שטרענג צו דער צייט.

איך האָב זיך אַנטשולדיקט. איך האָב זיך טאַקע פאַרגעסן. אָט גיי איך שוין

נעמען דעם בעזים און קער אוים די קאמער, לאזט ער מיך נישט, פפלאומער. אצינד ווענדט ער זיך שוין צו אלע ארעסטאנטן:

— דאס הייסט געטריבן פון אונז חוזק! איצט איז שוין נישט די צייט פון רוימען. איך לייג־פאר, אז מען זאל אים באשטראפן דערמיט, וואס ער זאל די וויי־טערדיקע דריי טעג איינער אליין רוימען די קאמער. פאר פארנאכלעסיקן די פליכט פון א דיזשור מוז מען, מיין איך, ווי געהעריק באשטראפט ווערן!

ער פרעגט אלעמען צי זיי זיינען דערויף מסכים. עטלעכע שאקלען־צו מיט די קעפ און ברומען־אונטער:

— סאוויערשעננא וויערנא!

איך זאג זיך אפ אנצונעמען די שטראף. איך קען איצט נאך צורוימען די קאמער. פאר מיין פארשפעטיקן האב איך זיך אנטשולדיקט.

פפלאומער האלט א לאנגע רעדע, מיט אלע יורידישע אויפטועך, ער רעדט זוי א פראקוראר אין א גרויסן פראצעס. וואס מער ער רעדט, אלץ מער צעוואר־עמט ער זיך, עס פארשאפט אים הנאה. אלע ארעסטאנטן הערן זיך איין — אן אינטע־רעסאנט ספעקטאקל. ער פרעגט נאך אמאל איבער די ארעסטאנטן צי זיי זענען מסכים. קיין אפשטימונג טאר מען דאך נישט דורכפירן, איז שוין גענוג ווען א טייל איז דערצו מסכים.

עס נעמט נאך א ווארט שטשעגאליקין. ער, אלס סטאראסטע, האלט אונטער אינזשיניער פפלאומערס פארשלאג. און איצט — זאגט ער:

— לאמיר זען צי דער באשולדיקטער וועט אננעמען די שטראף, וועלכע מיר אלע, אין קאמער, האבן אויף אים ארויפגעלייגט.

איך זאג נאכאמאל דאס זעלבע:

— איך וועל קיין שום שטראף נישט אננעמען. צורוימען א קאמער מיט פופצן מינוט שפעטער איז נישט קיין פארברעכן. עס קאן זיך טרעפן מיט יעדן איינעם.

ווערט שוין פפלאומער אנגעצונדן, איך זע אים דאס ערשטע מאל אין רציחה. ער לייגט פאר, אז מען זאל ארייגרופן דעם שליסער און אים מעלדן, אז איך פארנאכלעסיק מיינע דיזשור־פליכטן, אז איך האב נישט צוגעקערט די קאמער אין וועלכער עס זיצן שוין 72 ארעסטאנטן. דאס נישט האלטן ריין, קאן פאראור־זאכן לייז און אנשטעקנדיקע קראנקהייטן. איך וועל באקומען דערפאר צען טעג קארצער.

איצט זיינען שוין א סך אויפגערעגט אויף מיין עקשנות און חוצפה — זיך קעגנצושטעלן דעם ווונש און באשלוס פון א גאנצער קאמער ארעסטאנטן?!

עס פרווט, נישט דרייסט, אין עטלעכע שטאמלענדיקע ווערטער, מיך פאר־טיידיקן דער מאיאר קוויאטקאווסקי, אבער מען הערט אים נישט רעכט. בא־אן ליגט אין שפיטאל. וואלט ער דא געווען, וואלט ער זיכער זיי ארייגעזאגט א פאר דרייסטע ווע־טער.

איצט האבן זיך שוין אלע פארזאמלט ארום טיש און היצן און קאכן זיך:

— איידער מען גייט מעלדן דעם דיזשורנע, זאל דער באשולדיקטער נאכ־אמאל זאגן הויך, פאר אלעמען אין די אויגן, צי ער נעמט־אן די שטראף, אדער ניין.

איך האָב געענטפערט מיין הויכן און אָנטשלאָסענעם:

— ניין!

אין דעם מאָמענט איז מיר געפלויגן אַ שטיוול אין קאָפּ אריין. עס האָט אַ פּליִיץ געטון אַ שטראָמל בלוט.

אַלע זיינען זיך פונאַנדערגעלאָפן. דער שטיוול איז געווען דעם רויטאַרמייער סקריפּיטשניקאָווס. ער האָט אים מאַקע געוואָרפן. איך האָב נאָך געהערט ווי קוליקאָוו, דער ראַק־קראַנקער, וואָס ליגט שוין וואָכן־לאַנג אויף זיין נאַרע, האָט הויך אַ געשריי געטון צו סקריפּיטשניקאָוון:

— רוקי פּאָ שוואָם! (די הענט ביי די נעט, ביי די זייטן)!

דער דיזשורני אויפן קאָרידאָר האָט דערהערט דעם טומל און אויפגעריסן די טיר. ער האָט דערזען מיך אַ פאַרבלוטיקטן.

— ווער האָט אייך געשלאָגן? ווער האָט אייך געוואָרפן דעם שטיוול?

איך פאַרשטעל מיט דער האַנט די וווּנד אין קאָפּ און ענטפער אים:

— קיינער נישט! עס איז דאָ געלעגן אַ שטיוול אויפן דיל, בין איך איבער אים געפאַלן און זיך צעשלאָגן דעם קאָפּ.

— איר ליגט! איך האָב אַלץ געהערט! די מינוט זאָלט איר זאָגן ווער עס האָט אייך געוואָרפן דעם שטיוול! זאָגט איר נישט אויס, גייט איר גליַיך אויף צען טעג קאַרצער!

— קיינער האָט מיר נישט געוואָרפן קיין שטיוול. איך בין אומגעפאַלן און זיך צעקלאַפּט דעם קאָפּ.

— אין קאַרצער אריין! נעמט אייער מאַנטל און קומט מיט מיר!

איך נעם דעם מאַנטל און גיי מיט אים. ביי דער טיר שטעלט ער זיך אָפּ און קוקט מיך אָן:

— אָט וואָס פאַרא איינער איר זענט! אַרעסטאַנטישע סאָלידאַריטעט? איז גרייט גיין אין קאַרצער און נישט אויסגעבן קיין חבר?!

אַ צופרידענער שמייכל האָט דורכגעצוקט זיינע ליפּן.

— נו, לייגט צו וואַסער צום קאָפּ. מאָרגן אינדערפרי זאָלט איר גיין אין אַמבולאַטאָריע. גייט צוריק און לייגט זיך אַוועק!

ווען איך האָב זיך אויסגעדרייט, האָבן אַלע געהאַלטן די קעפּ אַראָפּ. פאַרשעמט געשוויגן. פּפלאַומער האָט תמעוויאַטע געקוקט אויפן סופית.

דער קראַנקער קוליקאָוו האָט מיר צוגערופן:

— מאָלאָדיעץ! אַ לעמעלע האָט באַזיגט די וועלף!

## ק אַ פּ י ט ל ג

מען וועט היינט אוודאי אַוועקנעמען אַ גרעסערע פאַרטיע אין לאַגער אַריין. אַלע האָבן זיי באַקומען גרינגע צעטלעך פון מאָסקווער „אָסאָ" מיט פּאַ־טיקע אורטיילן.

קוויאַטקאָווסקי און דאַוויד צו אַכט יאָר, דער זאַמאָשטשער יונגערמאַן נאָר פינף יאָר. דער רעסאַראַבער בוכהאַלטער יאַבלאָנסקי, וואָס האָט געאַרבעט אין דער קאַנטאָר אין אַרכאַנגעלסקער לאַגער אַלס פריי־געדונגענער, האָט באַקומען

זיבן יאָר. ער האָט געהאַט געהערט ביי זיך אין שטוב דורך ראַדיאָ אַן ענגלישע סטאַנצ׳ע אין איבערגעגעבן זיין שכן די נייעס.

מען האָט אויסגערופן זיין נאָמען אַרייסצוגיין אויפן קאָרידאָר צוזאַמען מיט אַ גאַנצער גרופּע. ווען ער איז אַריינגעקומען צוריק, נאָך פופצן מינוט, מיטן גריי נעם צעטל אין האַנט — איז אים נישט געווען צו דערקענען.

איך האָב נישט געגלויבט, אַז דורך פופצן מינוט קאָן אַ מענטש אַזוי זיך פאַרענדערן. עפּעס איז אים אָנגעוואַקסן אַ באָרד דורך דער קורצער צייט, דאָס פּנים איז געשוואָלן געוואָרן געל און די אויגן זיינען אויך נישט געווען זיינע. עפּעס האָט זייער קאָליר זיך געביטן. פון גרוי געוואָרן ברוין. ער האָט געהאַלטן פאַרפּרעסט די ליפּן און געהעשעט, געכליפּעט.

ער האָט נישט געגלויבט, אַז ער וועט קריגן זיבן יאָר. די נייעס, וואָס ער האָט דעמאָלט געהאַט איבערגעגעבן זיין שכן, איז געווען אַ געוויינלעכע ידיעה, נישט קעגן סאָוויעט־רוסלאַנד.

דער קאָמסאָמאָליעץ פּושקין האָט געקריגן צען יאָר. ער האָט געאַרבעט אין אַ געווער־פאַבריק. גייענדיק אין גאַס מיט זיינעם אַ חבר, האָט ער הויך געשמועסט מיט אים וועגן אַ נייעם מין געווער וואָס איז געווען אַ געהיימניש. מען האָט פאַר קיינעם נישט געטאָרט וועגן דעם דערציילן.

באָגדאַנאָוו, אַ וועכטער אין אַ פייער־לעשער־קאָמאַנדע, האָט געקריגן צען יאָר. באָגדאַנאָוו איז אַלט זיבן־און־פופציק יאָר און וועגט איין־און־דרייסיק קילאָ, דאָס שוין צוזאַמען מיט זיין לאַנגער שיטערער, רויטער באָרד.

אין באָד האָבן מיר זיך אַלע פון אים אָפּגערוקט, ווייל עס האָט געעקלט צו שטיין לעבן זיין נאַקעטן גוף. נישט נאָר איז די הויט פון זיין גוף דין און געל — אָט־אָט פּלאַצט זי. נאָר אויך דיביינער זיינען אויסגעדאַרט. עס האָט זיך געדוכט, אַז דאָס איז אַ סקעלעט פון אַן אַנאַטאָמישן מוזיי. זיינע ביינער זיינען געווען ווי צענויפגעבונדן מיט שטריקלעך, און יעדע רגע קענען זיי זיך צעפאַלן.

באָגדאַנאָוו פלעגט גאַנצע שעהן אָפּשטיין אין קאַמער מיט זיין שיסעלע, אַריינשטעקן דעם לעפל אין שיסעלע, אַרויסנעמען און לייגן אים אין מויל אַריין. דאָס שיסעלע איז, פאַרשטייט זיך, שוין לאַנג ליידיק און אויסגעלעקט, נאָר ער האָט הנאה פון דעם מאַכן זיך עסן. דעם מאָגן — זאָגט ער — קאָן מען נישט אָפּנאַרן, נאָר דאָס מויל יאָ. לייגט מען אַריין אַ לעפל אין מויל אַריין, אַרבעט דאָס שפּייעכץ און דאָס איז שוין — זאָגט ער — אויך עפּעס.

ער איז נישט פאַראורטיילט געוואָרן דורך אָסאָ, נאָר דורך אַ קרייז־געריכט. אויף אַן אורטייל נישט פון אָסאָ, קאָן מען במשך פון צוויי־און־זיבעציק שעה זיך ווענדן מיט אַ קאַסאַציע. די רעכט נוצט אויס יעדער אַרעסטאַנט. אָט איז קוליקאָוו פאַרמשפּט געוואָרן אין יאָר 1937 נאָר אויף דריי יאָר. האָט ער גלייך געשריבן אַ קאַסאַציע. צען טעג פאַרן ענדיקן אָפּזיצן דעם אורטייל איז אים אָנגעקומען אַן ענטפער פון קרייז־פּראָקוראָר, אַז זיין דיעלע וועט ווערן נאָך אַמאָל איבערגעקוקט. האָט מען אים, אַלס אַזעלכן, וואָס גייט צוריק אין אויספאָרשונגס־סטאַדיע, צוריקגעשיקט פון לאַגער אין טורמע אַריין. זיצט ער שוין אָנדערהאַלבן יאָר און וואַרט אויף זיין רעוויזיע פון פּראָצעס. לאַנג וועט ער שוין, מסתמא, נישט וואַרטן, ווייל

ער איז ק־אַנק אויף אַ ראַק, פֿאַרדייעט שוין נישט קיין עסן און דעם ענטפֿער וועט ער שוין באַקומען אויף יענער וועלט.

פֿונדעסטוועגן האָב איך גערעדט באַגדאַנאָווען, אַז ער זאָל אויסנוצן זיין רעכט און שרייבן אַ קאַסאַציע. עס איז דאָך עפּעס אַן אורטייל פֿון צען יאָר. איך בין גרייט אים אָנצושרייבן די קאַסאַציע.

באַגדאַנאָוו רוקט זיך אָפּ פֿון מיר און קוקט אויף מיר מיט איבערגעשראָקע־נעם חשד:

— איר ווילט, אַז מען זאָל קאַסירן די צען יאָר און מיך פֿאַרמשפּטן אויף צו דערשיסן?

— אָבער פֿאַרוואָס? איר האָט דאָך געזידלט די סאָוויעטישע אָרדנונג בעת איר זענט געווען שיכור. קאָנט איר דאָך נישט זיין פֿאַראַנטוואָרטלעך, מען וועט אייך דערפֿאַר נישט שיסן. אָט איז דאָך דער זיבנצן־יאָריקער שעוועטשוק אַ „טראָצ־קיסט". ער האָט געזאָגט, אַז ווען ער האָט ביי זיך אַ מעסער און סטאַלין וואָלט גע־שטאַנען לעבן אים, וואָלט ער דאָס מעסער געלאָזט אין גאַנג, פֿונדעסטוועגן האָט ער געקריגן נאָר צען יאָר, נישט געוואָרן דערשאָסן, טאָ וואָס האָט איר אַזוי מורא?

— כי־כי־כי! איר פֿאַרשטייט גאָרנישט. אַ ציגיינערקע האָט מיר אַמאָל פֿאָר־רויסגזאָגט, אַז איך און מיין גאַנצע משפּחה וועלן אומקומען מיט אַ נישט־נאַטיר־לעכן טויט. איז מיין זון אַוועק זיך באָדן צום טייך, ער איז געווען שיכור, איז ער שוין פֿון טייך צוריק נישט אַרויס. מיין טאָכטער האָט אַמאָל געקויפֿט פֿיש אויפֿן מאַרק און נאָכן אָפּעסן די פֿיש, איז זי, איר מאַן און קינדער גלייך געשטאָרבן. מיין ווייב האָט געוואַשן וועש, האָט זי זיך אַריינגענומען אַ פֿאַרזשאַווערטע נאָדל אין האַנט און געשטאָרבן אויפֿן דריטן טאָג. האָב איך שוין נישט געוואָלט וואַרטן ביז דער נישט־נאַטירלעכער טויט וועט צו מיר קומען, איך האָב עס געוואָלט אַליין מאַכן. האָב איך אויסגעטרונקען מיט איינמאָל דריי ליטער שנאַפּס, דאָס דאַרף זיין אַ לייכטער טויט. האָט מען מיך פֿאַרשלעפּט אין שפּיטאָל אַריין, אויסגעפּאָמפּעט די קישקעס און כ'בין געוואָרן צוריק געזונט. האָב איך זיך ווידער איינמאָל אָנגע־טרונקען און זיך באַלד אויפֿגעהאָנגען אויף אַ שטריק, בין איך אַראָפּגעפֿאַלן. אַ שכן איז אַריין און מיך ווידער אָפּגעראַטעוועט. האָב איך זיך ווידער איינמאָל אָנגעטרונקען און זיך געוואָרפֿן אונטערן טראַמוואַי, האָט עס מיר אָפּגעשניטן נאָר צוויי פֿינגער פֿינעם לינקן פֿוס און בין ווידער געזונט געוואָרן. זע איך דאָך, אַז מיר אַליין איז נישט באַשערט צו שטאַרבן מיט אַן אומנאַטירלעכן טויט. ווילסטו דו, אַז איך זאָל שרייבן אַ קאַסאַציע און מען זאָל מיך דערשיסן? ווילסטו אַז עס זאָל טאַ־קע געשען אַזוי ווי די ציגיינערין האָט פֿאַרויסגעזאָגט?

באַגדאַנאָוו איז העכער פֿון מיטלוווּקס און טראָגט נאָך דערצו אַ פּאָר קינ־דערשע פֿוטבאָל־שיכלעך, מיט ספּעציעל אָנגעקלאַפּטע לעדערלעך אויף די זוילן. זעט ער אויס נאָך העכער און נאָך ־אַ־ער, אויב נאָך דאַרער איז בכלל גע־מאָלט. ער האַלט דאָס שיסעלע מיטן לעפֿל אין האַנט און חזרט נאָך אַמאָל איבער־מיט זיין שוואַך, פֿאַרהוילן קול: — ווילסטו, אַז איך זאָל שרייבן אַ קאַסאַציע און מען זאָל מיך דערשיסן?

## קאַפּיטל ד

דער אינזשיניער דאַוויד ווייסט, אַז אויב ער האָט שוין דאָס גרינע צעטעלע, וועט ער שוין אין אַ טאָג־צוויי־אַרום ווערן אָפּגעשיקט אין לאַגער אַריין. ער האָט אויסגעפונען ווי אַזוי צו פאַרדינען אַ זייטיק שטיקל ברויט. טייל אַרעסטאַנטן טאַטואירן זיך די לייבער. דאַוויד צייכנט זיי אויף די הענט דאָס בילד פון אַ פרוי. אין דער קאַמער איז איצט דאָ אַ רוסיש ביכל פון וואַנדאַ וואַסילעווקאַ (פּוילישע, קאָמוניסטישע שריפטשטעלערין). אויף דעם שער־בלעטל איז דאָ אַ געצייכנט בילד פון דער אויטאָרין. כאָטש דאַוויד, ווי אַלע פּאָליאַקן דאָ, ווען זיי דערמאָנען דעם נאָמען פון דער אויטאָרין, גיבן זיי גלייך צו די באַצייכנונג „ק"... פונדעסט־וועגן האָט דאַוויד אויסגעטאַטואירט איר בילד אויף די אַרעסטאַנטישע הענט און שענקלען, ער האָט באַקומען דערפאַר צו האַלבע פּאַיקעס ברויט.

כריסטאָפּאָראָוו האָט געוואָלט צערייסן די צייכנונג פון וואַנדאַ וואַסילעווס־קאַס פּאָרטרעט אינם ביכל. צו איר האָט ער נישט קיין באַזונדער שנאה, ער האָט נאָר געקריגן אַ שנאה צו אַלע פרויען.

דאָס איז זינט דעמאָלט, ווען זיין אויספאָרשונג האָט געפירט אַ פרוי. זי האָט באַנוצט בעת דער אויספאָרשונג אַ גאַנץ אָריגינעלן מעטאָד. ווען אירע געשרייען און דראָונגען האָבן נישט געווירקט, האָט זי זיך פאַר אים אָפּגעדעקט... און צי־ניש צוגעגעבן:

— יעסט, צען יאָר וועסטו שוין קיין מוטער־טראַכט ניט זען! נאָ, זע, דאָס לעצטע מאָל אויף צען יאָר!

כריסטאָפּאָראָוו האָט מען נאָכדעם אַריינגעזעצט אין קאַרצער, ווייל ער האָט באַליידיקט די אויספאָרשערין. ער האָט איר געזאָגט, אַז אַזעלכע נקבות... ווי זי, באַשטייט ער שוין אויפן גאַנצן לעבן נישט צו זען. ער האָט דאָס געזאָגט מיט אַ נישט־צענזורירטן אויסדרוק...

כריסטאָפּאָראָוו זאָגט, אַז ער וואָלט שוין זיין לעבן געוואָלט פאַרענדיקן אין תפיסה, ער האָט נישט נאָכוואָס אַרויסצוגיין אויף דער פריי. אים האָט מען אַרעס־טירט אין מיטן נאַכט, זיין פרוי — אין דעמזעלבן פאַרטאָג. עס זיינען געבליבן אין שטוב זיינע צוויי טעכטע־לעך, איינע פון צוועלף און די צווייטע פון פערצן יאָר. אין דעם זעלבן טאָג האָבן ביידע טעכטערלעך זיינע זין אויפגעהאַנגען אויף איין שטריקל. איז נאָך וואָס דאַרף ער די פריי?

שטשערבאַקאָוו מוסרט כריסטאָפּאָראָוון, ער דאַרף נישט דער־ציילן אין קאַמער אַזעלכע פּאַסירונגען, עס ווירקט שלעכט אויף די אַרעסטאַנטן. יעדער איינער „פּאַר־שלאָסענער" וויל נאָך אַרום אויף דער פריי, ווי אַזוי די פריי זאָל נישט אויסזען, אין די ערגסטע באַדינגונגען, גיין אַפילו איבער טויטע. אַפילו אַליין באַלד אָוועק־שטאַרבן, נאָר כאָטש איין שעה זיין אויף דער פריי, גיין איבער די גאַסן אַ גאַנצע שעה צייט, אָן אַ קאָנוואָי, אָן אַ וועכטער. גיין איבער די גאַסן אַ פרייער. ער איז זי־כער, אַז עס וועט נאָך קומען אַ צייט, ווען די ראַטן־מאַכט וועט באַפרייען אַלע אַרעסטירטע. ער גלויבט דערין הייליק. אַנדערש קאָן עס דאָך נישט זיין. ער מוז נאָך אַמאָל זיין אויף דער פריי!

שטשערבאַקאָוו באַמיט זיך ביי יעדער געלעגנהייט אונטערצושטרייכן, אַז ער איז אַ געטרייער קאָמוניסט, איז גרייט צו דינען דער ראַטן־מאַכט ביי אַלע אומ־

שטענדן. ער גלויבט, אַז ער וועט נאָך אַמאָל צוריקקריגן זיין פּאַרטיי־בילעט. ער איז געווען אַ מיטגליד אין פּאַרטיי העכער צוואַנציק יאָר. אין די יונגע יאָרן איז ער געווען אַ שניידער, אָבער זינט ער איז אַריין אין דער פּאַרטיי, פאַרנעמט ער אַלץ פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָסטנס. קיין סך געלערנט האָט ער נישט, ער האָט דורכגעמאַכט בלויז אַ צוויי־חדשימדיקן קורס פאַר „רעזנאָזשניקעס". דאָרט — זאָגט ער — האָט ער אַ סך געלערנט, אַ סך געוואָר געוואָרן. פון די אויסלענדישע קאָמוניסטן האַלט ער נישט, ווייל זיי גלויבן נאָך אין גאָט. אַ רוסישער קאָמוניסט איז פולשטענדיק אויפגעקלערט און באַוווסטזיניק. אים פאַרדריסט אפילו, פאַרוואָס מען האָט אָפּגעשאַפט די שיינע באַגריסונג צווישן די מיטגלידער פון בעזבאָזשניקעס־פאַריין. זייער באַגריסונג צווישן זיך פלעגט זיין, אַנשטאָט „זדראַסטוויטיע": — באָגאַ ניעט! (נישטאָ קיין גאָט) און יענער ענטפערט אָפּ:

— ניע ביל אי ניע בודיעט! (ער איז נישט געווען און וועט נישט זיין).

שטשערבאַקאָוו האַלט פאַר דעם גרעסטן געלערנטן אין דער וועלט — יאַראָסלאַווסקין, דעם פירער פון די בעזבאָזשניקעס, פונקט ווי ער האַלט פאַר דעם גרעסטן פילאָזאָף פון אַלע צייטן אין דער גאַנצער וועלט — סטאַלינען.

ער האָט געאַרבעט אַ לאַנגע צייט אין סיביר. דאָרט האָט ער חתונה געהאַט מיט אַ יידישער פרוי, וועלכע שטאַמט פון די קאַנטאָניסטן, וואָס ווינען דאָרט שוין זינט הונדערט יאָר. — ער האָט ליב — זאָגט ער — יידישן צימעס. זיין פרוי מאַכט דריי מאָל אין וואָך צימעס. ער ווייסט וועגן יידן זייער אַ סך, אַז אַלע האַלטן זיך צוזאַמען, אַז עס איז נישטאָ נאָך אַזאַ פאָלק אין דער וועלט, וואָס זאָל זיך האַלטן אַזוי אייניק און געשלאָסן, ווי דאָס יידישע. ער שפּאַרט זיך מיט מיר וועגן דעם, פונקט ווי ער שפּאַרט זיך מיט מיר, אַז צימעס — הייסט געפּרעגלטער רעטעך. איך זאָג, אַז צימעס הייסט — געדושעטע מערן.

שטשערבאַקאָוו איז פאַרמשפּט אויף פופצן יאָר, פאַר ווירטשאַפטלעכע מיסברויכן. ער איז געווען דירעקטאָר פון אַ זאָאָלאָגישן גאָרטן, האָט ער דאָס פלייש וואָס מען האָט געדאַרפט געבן עסן די חיות, פאַרקויפט צו הענדלער אויפן שוואַרצן מאַרק. ער זאָגט, אַז דאָס האָט אים געסליכנט זיין וויצע־דירעקטאָר, אָבער ער וועט אים נאָך באַגראָבן, ער האָט קעגן יענעם אַ בייטש. דאָס גרעסטע אומגליק אויף דער וועלט — זאָגט ער ווייטער — זיינען וויצע־דירעקטאָרן, אָבער ער וועט אים באַגראָבן. ער האָט זיך געווענדעט צו סטאַלינען וועגן באַגנעדיקונג. ער וואַרט אויף אַן ענטפער. ער האָפט, אַז ער וועט נאָך אַרויס אויף דער פריי.

## קאַפּיטל ה

חלומות. אַלע אַרעסטאַנטן חלומען. אַלע רעדן זיי פון שלאָף. חלומות — דאָס איז די צווייטע ווירקלעכקייט; ביי אַרעסטאַנטן — אפשר די העכערע ווירקלעכקייט.

דער אַלטער פּאַפּאַנין, דער הויכער און דאַרער אַריסטאָקראַט מיט די גרויע, אַרומגעשוירענע וואָנסעלעך, וואָס רעדט מיט קיינעם נישט, ער רעדט הויך פון שלאָף. ער רעדט מיט זיין אַלטיטשקער, פאַרפירט מיט איר שמועסן, לאַכט, שטיפט און זאָגט איר אפילו צערטלעכע ליבעס־ווערטער.

דער רויט־האָריקער, מיטליעריקער באָלשעוויסטישער פּאַרטיזאַן, וואַנווילאָוו,

שרייט פון שלאָף, רודערט מיט די הענט און שלאָגט זיין שכן וואָס ליגט לעבן אים אויף דער נאַרע.

יעדער אַרעסטאַנט היט זיך אויס צו רעדן פונם שלאָף. ער האָט מורא זיך אַרויסצוכאַפּן מיט אַזעלכע רייד וואָס ער באַהאַלט אויס פאַר דער אויספאָרשונג. דעריבער איז שטשעגאָליקין, דער סטאַראָסטע פון קאַמער, במעט שטענדיק וואַך. ער ליגט אויף זיין געלעגער מיט אָנגעשפּיצטע אויערן און וויל כאַפּן די רייד פון די שלאָפנדיקע.

די אַרעסטאַנטן האָבן צווישן זיך אַ נישט־געשריבענעם אָפּמאַך, אַז ווי נאָר איינער נעמט רעדן פון שלאָף, זאָל אים זיין שכן גלייך אויפוועקן. שטשעגאָליקין וואָרטשעט דאַן אונטער:

— יועקט נישט קיין שלאָפנדיקן מענטש! ער טוט זיך אוודאי איצט אַן הנאה מיט זיין ווייב, דאַרף מען יענעם נישט שטערן זיין פאַרגעניגן. מען דאַרף נישט וועקן!

מען הערט אים אָבער נישט. מ׳ווייסט, אַז דאָס האָט שטשעגאָליקין פאַרגע־ניגן פון די אַרעסטאַנטישע שלאָף־רייד.

יעדער איינער חלומט. אָט וועגן די ביינאַכטיקע חלומות איז דער געשפּרעך דעם ערשטן האַלבן טאָג.

די היינטיקע נאַכט האָב איך דיזשור און דאַרף אַרויסטראָגן מיט נאָך איינעם די „פּאַראַשע". יעדע שעה־צוויי, ווען דער עמער ווערט פול, דאַרף איך אויפוועקן מיין פּאַרטנער, אָדער ער מיך און מיר טראָגן די פּאַראַשע איז קלאָזעט אַריין.

אין קלאָזעט איז פאַראַן אַ טיר, וואָס גרענעצט זיך מיטן קאָרידאָר פון די טויטן־קאַמערן. ווען מיר זיינען אַריין דאָרט אינמיטן נאַכט, האָבן מיר דערהערט אַ מענטשלעך וואָיען, וואָס האָט מעכאַניש, שנעל, איבערגעחזרט נאָר די ווערטער:

— קאָליט מעניאַ דוראַק! קאָליט מעניאַ דוראַק! קאָליט מעניאַ דוראַק! (ער שטעכט מיר, דער נאַר).

מען האָט דאָס געזאָגט אָן אויפהער. מען האָט געהערט, אַז דאָס קול קומט פון איינעם, וואָס ליגט אויף דער ערד, אָדער שטייט אויף די קני. ער האָט כסדר געמאָלן די פראַזע, אויסגעמישט, אָן אָטעם, ווי אַ גרעגער:

— קאָליטמעניאַדוראַק! קאָליטמעניאַדוראַק! קאָליטמעניאַדוראַק!

דער שליסער האָט אונז געהייסן שנעל אויסגיסן דאָס שעפל און צוריק אַריינ־גיין אין דער קאַמער. דאָס געשריי פון יענעם, מסתמא משוגע־געוואָרענעם, אין דער טויטן־קאַמער, האָט מיך נאָכגעיאָגט און מיר געשניטן פאַסן פון מח ביז צו די קנעבלען.

איך בין פון דעמאָלט אָן געוואָרן נאָך מער איינגעשרומפּן. אין קאָפּ האָט מיר כסדר געזעגט די פראַזע. דער גאַנצער גוף האָט מיר געצוקט און די הענט געטרייסלט. איך האָב עטלעכע טעג נאָכדעם נישט גערעדט מיט מיינע שכנים. איך זיץ שוין זיבן חדשים אין טורמע. יעדע רגע טריפט שווער ווי אַ בלייענער טראָפּן, פאַלט אויפן מח, אויפן האַרץ, טריפט און פרעסט, רייצט זיך מיט מיר:

„איך בין מאָסיוו. איך בין שווער. איך פרעס און פרעס. איך צייל פּאַמעלעך, פּאַמעלעך. אַ רגע איז גרויס, אַ רגע איז לאַנג. איך איל זיך נישט. איין רגע, נאָך אַ רגע, ווערט דערפון אַ מינוט, ווערט דערפון אַ שעה, ווערט דערפון אַ טאָג, אַ וואָך,

א חודש, א יאָר. איך וועל אייביק אזוי טריפן און טריפן און דו וועסט אייביק מיך אזוי ציילן, ציילן, פּאמעלעך, פּאמעלעך, דאָ, דאָ, הינטער די גראַטעס, טריפ, טראַפּ! טריפּ, טראַפּ!"

## קאַפּיטל ז

ביינאַכט האָב איך געהאַט אַן אויסטערלישן חלום.

איך אַנטלויף פון טורמע. איך באַהאַלט זיך אויס אין אַ פערד־שטאַל. איך ליג אויפן מיסט. לויף ווייטער אויף זייטיקע וועגן. ווען איך ווער מיד, הויב איך אָן צו פליען. פאַל שנעל צוריק אראָפּ און נעם קריכן אויף אַלע פיר. איך דראַפּע זיך אַרויף אויף אַ דאַך, שפּאַר זיך אַדורך דורך אַ קוימען און קום אַרויס אין וואַר־שעווער געטאָ. איך לויף שנעל צו מיין היים, איך זע יידן מיט ווייס־בלויע מגן־דודס אויף די אָרעמס. די יידן שרייען מיר נאָך:

„לויפט נישט, לויפט נישט. די דייטשן וועלן אייך כאַפּן און פאַרשיקן אין אַ לאַגער!"

הויב איך אָן גיין פּאַמעלעך און קום אָן אין אונזער שטוב. איך טרעף אַלע לעבעדיק. מען דערפרייט זיך מיט מיר. מען קושט זיך מיט מיר.

„גוט וואָס דו ביסט געקומען, וועלן מיר דאָ שטאַרבן צוזאַמען, וועסט כאָטש זיין אַביסל מיט אונז, אַבי צוזאַמען, אַבי צוזאַמען!"

איך האָב אויפצומאַרגנס קיינעם דעם חלום נישט דערציילט. אָבער באַלד אין דער צווייטער נאַכט, האָט זיך מיר ווידער געחלומט שיער נישט דאָס זעלבע וואָס אין דער פריערדיקער נאַכט. נאָר מייניקע האָבן שוין נישט גערעדט צו מיר וועגן אומקומען צוזאַמען, נאָר וועגן לעבן צוזאַמען: „אַז מיר האָבן שוין ביז איצט אויס־געהאַלטן, וועלן מיר שוין ווייטער אויך אויסהאַלטן!" איך האָב געשריגן צו זיי:

„עס איז אַלץ אַ ליגן! איך ווייס, אַז דאָס איז אַ חלום, אַ ווּיסטער, פּוסטער חלום. איך האָב אַזאַ חלום געהאַט שוין די פאַריקע נאַכט און זיך נאָכדעם אויפגע־כאַפּט אויף דער נאַרע אין תפיסה־קאַמער! עס איז בלויז אַ נאַרישער חלום!"

זיי לאַכן פון מיר און נעמען מיך אַרום:

„אָט ביזטו דאָך צוזאַמען מיט אונז. מיר נעמען דיך אַרום. מיר קושן דיך. מיר לאַכן. מיר פרייען זיך מיט דיר. עס איז נישט קיין חלום. דו ביסט איבערגע־שראָקן. קום, וועלן מיר אויסטרינקען אַ גלאָז מילך אויף אַ „לחיים!"

און איך כאַפּ זיך אויף אין שוויים און פאַרשילט דעם חלום.

און ווי עס זאָל נישט אויסזען מאָדנע און אומגלויבלעך, האָב איך אויך אין דער דריטער נאַכט געהאַט אַן ענלעכן חלום. מיינע האָבן מיר אויפגעוויזן, מיט נאָך מער וואָר־שיינלעכקייט ווי אין דער פאַריקער נאַכט, אַז עס איז נישט קיין חלום, אַז עס איז אַ ווירקלעכקייט. איך האָב גענומען הויך שרייען:

— מען חויזקט פון מיר! עס איז אַ געמיינער אינטריגאַנטישער חלום! מען נאַרט מיך אָפּ!

און מיין שכן אויף דער נאַרע האָט מיך אויפגעוועקט:

— וואָס שרייט איר? וועמען זידלט איר? איר וועט דאָך אויפוועקן די גאַנצע קאַמער!

איך בין צעטומלט. איך האָב שוין פאַרלוירן דעם חוש פאַר ווירקלעכקייט.

איך ווייס שוין ניט ווו עס ענדיקט זיך דער חלום און ווו עס הייבט זיך אָן ווירק־לעכקייט. און אפשר טאַקע איז דאָס אַלץ — די תפיסה, די נאַרע, אַלע אַרום — אפשר איז דאָס גאָר אַ חלום?

איך האָב איינגעגראָבן מיין קאָפּ אונטערן פּאַלטאָ און זיך צעוויינט. מיין שכן האָט מיר אַ טאַפּ געטון דעם שטערן און פעסטגעשטעלט גרויסע היץ.

אינדערפרי בין איך נישט געגאַנגען אין אַמבולאַטאָריע, נאָר געבליבן ליגן אויף דער נאַרע.

אין דעם טאָג איז מען געוואָרן גערופן אין קאַמער וועגן דעם אויסברוך פון דער דייטש סאָוויעטישער מלחמה — — —

## די האַרמאַטן שפּילן פאַר זיי אַ האָפענונג־מאַרש...

### קאַפּיטל א

עס איז געווען דעם דריטן יולי, די ערשטע וואַרימע טעג. מיט אַ וואָך צוריק האָט נאָך געשנייעט.

מען האָט כריסטאָפּאָראָוון אַרויסגערופן אויפן קאָרידאָר. נאָך צוואַנציק מינוט איז ער צוריקגעקומען. ער איז געווען אינגאַנצן פאַר־ענדערט. דאָס פּנים, די אויערן, די נאָז האָבן כסדר געביטן דעם קאָליר, געוואָרן ווייס, געל, רויט. עפּעס האָט געמוזט מיט אים פּאַסירן. עטוואָס האָט ער דערציילט. עס איז געקומען אים באַזוכן אַן אַדוואָקאַט. דאָס איז געווען דער ערשטער פאַל דאָ, ווען אַן אַרעסטאַנט באַנוצט זיך מיט אַן אַדוואָקאַט. דאָס פאָרעט זיך פאַר אים זיין פּלימעניק, אַ שיפּס־קאַפּיטאַן. אין אָנוועזנהייט פון נאַטשאַלסטווע האָט אים דער אַדוואָקאַט מיטגעטיילט אין וואָס פאַר אַ סטאַדיע עס געפינט זיך זיין פּראָצעס.

כריסטאָפּאָראָוו האָט זיך אָבער אַ לענגערע צייט געסודעט אין דער קאַ־מער מיט עטלעכע פון זיינע באַקאַנטע אַרעסטאַנטן.

ערשט אין צוויי שעה אַרום האָט זיך צו מיר צוגעשאַרט דער יונגער פּיעט־רושעוויטש. זיינע אויגן שטראַלן אויס פרייד. ער רופט מיך אָוועק אין אַ ווינקל. ער שטעלט אויס זיין פויסט ווי אַ רעוואָלווער און צוקט מיט אַ פינגער, ווי ער וואָלט געצויגן ביים צינגל. איך פאַרשטיי נישט וואָס ער מיינט דערמיט. ער נעמט מיך אַרום און שעפּטשעט מיט פרייד מיר אין אויער אריין:

— מלחמה! מלחמה! די דייטשן זיינען אונז באַפאַלן! הוראַ! איצט איז אַלץ געענדיקט. יעדער קריג איז פאַר אַרעסטאַנטן אַ זיג!

די ידיעה האָט געבראַכט טאַקע כריסטאָפּאָראָוו. איך בין דער פערטער מענטש אין קאַמער, וואָס ווייס דעם גרויסן סוד. כריסטאָפּאָראָוון האָט עס מיטגעטיילט דער אַדוואָקאַט. ער האָט אים געזאָגט:

— אייער ענין וואָלט שוין איצט אפשר זיך פאַר־ענדיקט. זיינען אָבער די בלוּ־טיקע פאַשיסטן, די דייטשן, אָנגעפאַלן אויף אונזער פאָטערלאַנד דעם 22־טן יוני. מיר מוזן איצט אין זינען האָבן נאָר דאָס אָפּשלאָגן זייער אָנגריף און אריין קיין בערלין. דעריבער ווערט אייער פּראָצעס דערווייל אָפּגעלייגט אויף אַן אומבאַשטימ־טער צייט.

אזוי ארום זיינען מיר אויפן עלפטן טאָג געוויר געוואָרן ווענן דער דייטש־סאָוויעטישער מלחמה. געוויר געוואָרן זיינען נאָר עטלעכע אין קאַמע־, אָבער די אַטמאָספּערע איז גלייך געוואָרן אָן אָנגעגליטע. עס האָט אויסגעזען ווי נישט דער דייטש, נאָר דאָס האָבן די אַרעסטאַנטן דערקלערט אַ מלחמה דעם ראַטנפאַרבאַנד. די אַלע, וועלכע האָבן דאָס נייעס געוווּסט, זיינען מיטאַמאָל געוואָרן האַפּערדיקער. דער גרויסער שאַנס איז איצט געקומען. איצט — אָדער שוין קיינמאָל נישט!

קודם האָט מען געזען אויסנוצן דעם לאַראַק. מען האָט פאַרשטאַנען, אַז מער וועט שוין קיין לאַראַק נישט זיין. איך האָב פאַר מיינע לעצטע צוואַנציק רובל גע־קויפט ברויט און מאַכאָרקע.

עס קומט דער טורמע־נאַטשאַלניק מיט זיינע געהילפן. ער איז געקומען עפּעס מעלדן:

— פון היינט אָן וועט פאַרקלענערט די ראַציע ברויט מיט 200 גראַם אַ טאָג. עס וועט אויך מער נישט געגעבן ווערן קיין צוקער. עס איז פאַראַן דערצו אַ באַזונ־דערע סיבה.

עטלעכע פון די אַרעסטאַנטן פרעגן זיך איבער, אפשר קענען זיי וויסן וואָס עס איז די סיבה. וואַרפט דער נאַטשאַלניק אַ בייזן בליק. ער דערקענט אין זיי, אַז זיי ווייסן שוין אַלץ און ווילן זיך נאָר מיט אים רייצן. זאָגט ער באַדייטונגספול:

— נו, נו, מאָלטשאַט (שווייגן)!

דער עולם איז צופרידן דערפון, וואָס דער נאַטשאַלניק איז אין כעס. נאָכדעם זאָגט שוין איינער דעם צווייטן אויפן אויער דעם סוד פון דער „באַזונדערער סיבה".

מישאַ רוקט זיך נאָענט צו שטשעגלאָליקינען און זינגט אים אָפּ אַ פריילעך, ווילעריש לידל. ער זינגט אים אין פּנים אַריין, אין די אויגן אַריין, אין דער נאָז אַריין און שטשעגאַליקין קריצט מיט די ציין און קאָרטשעט זיך. ער פּילט:

— פאַרשפּילט מען די מלחמה, פאַרשפּילט ער אויך זיין לעבן.די אַרעסטאַנטן וועלן אים לינטשן אויפן אָרט.

עס קומען אָן מאַסן נייע אַרעסטאַנטן. דער שליסער צעשרייט זיך אויף זיי:

— סוואָלאַטשעס! פּאַקן זיך אַלע אין דער טורמע אַריין, ווילן נישט גיין אויפן פראָנט, דעזערטירן פאַרדאָסטע... פאַרעטער!

אויפן שפּאַציר האָבן מיר היינט דערזען פיינטלעכע עראָפּלאַנען. פּלאָומער ווייסט געוויי, אַז דאָס זיינען טשעכישע עראָפּלאַנען. זיי זיינען פון אַ ווייסן מע־טאַל. די אַרעסטאַנטן פאַרייסן די קעפּ צום הימל און קוקן מיט פרייד און סאַ־טיספאַקציע, ווי די עראָפּלאַנען וואָלטן זיין זייערע אייגענע. דער וועכטער פון טורעם שרייט אַראָפּ, אַז מען זאָל נישט קוקן אויפן הימל. דער רויטאַרמייער סקריפּיטשניקאָוו שרייט צוריק:

— אויפן פראָנט דאַרף מען גיין, דאַרמאָיעד (אומזיסט־פרעסער), און נישט מיט אונז דאָ קאָמאַנדעווען!

דער וועכטער האָט אָנגעהויבן פייפן. סיגנאַליזירן. עס זיינען זיך אָנגעלאָפן אַלע וועכטער און דיזשורנעס:

—ווער האָט געוואַגט צו באַליידיקן דעם וועכטער אויפן טורעם? ווער האָט צו אים אַרויפגעשריגן? וועט מען נישט אָנווייזן ווער עס האָט אַרויפגעשריגן צום וועכטער, וועלן אַלען גיין אין קאַרצער!

קיינער רופט זיך נישט אָפּ. האָט מען געהייסן אַלע אַרעסטאַנטן אַרויסגיין.

ביים שמאָלן טירל האָט זיך אוועקגעשטעלט די גאַנצע נאַטשאַלסטווע מיט די וועכטער. מען האָט געקוקט יעדן איינעם אין די אויגן אריין, געהייסן יעדן זאָגן אַ פּאָר ווערטער, כדי דער וועכטער זאָל דערקענען לויט דער שטימע ווער דאָס האָט צו אים אַרויפגעשריגן.

מען האָט קיינעם נישט דערקענט. מען האָט געזען, אַז די נאַטשאַלסטווע פילט זיך איצט נידערגעשלאָגן, איבערגעשראָקן און די אַרעסטאַנטן — האָפערדיק. אַ צווייט מאָל וואָלט אַזאַ פאַל נישט אַריבער גלאַטיק.

שטשעגאָליקין האָט אויפגעהערט עסן. ער ליגט אויף דער נאַרע און שפּאַצירט אפילו נישט איבער דער קאַמער. זיין הילצערן, טעאַטראַליש געלעכטער הערט זיך מער נישט. ביינאַכט האָט ער שוין איצט מער פון אַלע געשריגן פון שלאָף. און געשריגן האָט ער נאָר:

— נעמט אַראָפּ דעם זאַק פון מיין קאָפּ! מען שטעכט! מען הרגעט אַ פּראַוואָסלאַוונעם! מען שטעכט! ראַטעוועט!!

אַלע האָבן מיט שפּאַנונג געוואַרט עפּעס צו דערגיין פון די קריגס-באַריכטן, נאָר דערווייל האָט מען זיך באַגנוגנט מיט שטשעגאָליקינס יללות פון שלאָף — דאָס איז אויך שוין געווען אַ טייל פונם קריגס-באַריכט.

## קאַפּיטל ב

אויף ביינאַכט האָט נאַטשאַלסטווע פאַרהאַנגען אונזערע פענסטער מיט שוואַרצע טיכער און דאָס עלעקטרישע לעמפּל אַרומגעהילט מיט בלוי פּאַפּיר. מיר האָבן געהערט די אַליאַרם-רופן פון די פאַבריק-סירענעס, די שטאָט איז אין אַליאַרם-צושטאַנד. פאַר די אַרעסטאַנטן זיינען די אַליאַרם-סיגנאַלן ווי וואונדערלעכע מוזיק. אָט הערט מען די מלחמה אין דרויסן, אָט דאָ, אין דער קאַמער. אַלע באַהאַלטן זיך אויס אין די קעלערן, אַלע ציטערן פאַרן טויט, די דיזשורנעס לויפן אומרואיק איבער די קאָרידאָרן, מען קלאַפּט אויפן הויף אין אַליאַרם-בלעכן.

די אַרעסטאַנטן זיינען אויך אויפגערעגט, האָבן אָבער הנאה פון דעם נקמה-געפיל. טייל זיינען זיכער — דאָס זאָגט מען זיך פאַרטרויליך אויפן אויער — אַז די דייטשן האָבן אוודאי אַ פּלאַן פון די ערטער, ווו עס געפינען זיך די טורמעס און לאַגערן. די ערטער וועלן דורך זיי נישט באָמבאַרדירט ווערן. די דייטשן ווייסן מסתמא, אַז די אַרעסטאַנטן וואַרטן שוין לאַנג דערויף, אַז זיי זאָלן אַריין אין די שטעט און עפענען אַלע טורמעס, באַפרייען זיי.

ס'זיינען געפאַלן איבער דער שטאָט דריי באָמבעס. איינע גאַנץ נאָענט פון אינז. אַ סך פון די אַרעסטאַנטן האָבן זיך אַזוי איבערגעשראָקן, אַז זיי זיינען גלייך געלאָפן צו דער „פּאַראַשע"...

די הילפלאָזיקייט, די שרעק, דאָס זיצן אויף איין אָרט, פאַרמאַכט הינטער שלעסער, דעמאָלט, ווען נאַטשאַלסטווע לויפט פון די קאָרידאָרן זיך אויסבאַהאַלטן אין די קעלערן; און טאָמער ברעכט-אויס אַ שׂרפה, אַלע טירן זיינען פאַרמאַכט, וועט מען אפילו נישט קענען אַנטלויפן. איך בין שוין צוגעוווינט צום קלאַנג פון אויפרייסנדיקע באָמבעס, פון דעם זשומען פון עראָפּלאַנען. עס איז נאָך נישט פאַריבער קיין צוויי יאָר זינט איך האָב אַלץ געהערט אין וואַרשע. איך האָב אָבער מורא פאַר אַ גאַנץ אַנדערער זאַך:

טאָמער קומען טאַקע אַריין די דייטשן און זיי וועלן עפענען די טורמעס, וועל איך אַפילו נישט באַוויזן אַרויסצוגיין. איידער די דייטשן וועלן מיך הרגענען, וועלן דאָס פריער טון די אַרעסטאַנטן אַליין. אַזאַ יום־טוב מוז דאָך עפּעס האָבן אַ קרבן!

איצט בין איך שוין אין קאַמער דער איינציקער ייד. ביי אַזאַ יובלען וועל איך פאַלן דער ערשטער קרבן, נישט באַוויזנדיק אַפילו אַרויסצוגיין פאַרן טויער, צו דערפילן כאָטש אויף איין מינוט די פרייהייט. עס וועלן דאָס טון די רוסישע אַרעסטאַנטן — סקריפּטשניקאָוו, פּיעטרושעוויטש און אַ סך פון די, וועלכע זיינען איצט אַזוי רואיק און פריינטלעך. עס קאָן אָבער זיין, אַז סקריפּיטשניקאָוו און פּיעטרושעוויטש וועלן דאָס אויך נישט באַוויזן צו טון, עס וועלן דאָס אויסכאַפּן מיינע איינגענע לאַנדסלייט... די פּאַליאַקן! דער וואַלד־וועכטער געדימין, דער פרומער אָנעראַוויעץ סקאָבעל, וועלכער באַרימט זיך, אַז ער האָט בעתן אַריינקומען פון די דייטשן אין לאָמזשע, אַליין צעממיתט דעם דאָרטיקן רב.

איך הויב אָן מורא קריגן פאַר אַ לינטש־טויט, גלייך ביים טויער פון דער טורמע, אויף דער שוועל פון פרייהייט.

און דער טאַשקענטער לערער באַבאַיעף בעט מיך, אַז איך זאָל אים אויסלערנען כאָטש עטלעכע דייטשע ווערטער...

**
*

איך לייען גראָד איצט אין דער קאַמער אַ ביכל פעליעטאָנען און אויפזאַצן פון איליאַ ערענבורג, דערשינען אין יאָר 1934. אין איין פעליעטאָן זיינעם, ווו ער באַשרייבט אַ רייזע איבער אייראָפּע, דערמאָנט ער אויך זיינס אַ באַזוך ביים מינקאַטשער רבי שאַפּירא. דער מונקאַטשער רבי — שרייבט ערענבורג — איז אַ „כאַסיד", דאָס הייסט אַ יידישער פאַשיסט, אַ משרת פון היטלערן!

איך וואַרף אַוועק דאָס ביכל פון דעם לירישן ציניקער, וועלכער שרייבט אויף דער שפּראַך פון טשעכאָוו, מיט פראַנצויזישן עספּרי, יידישן שאַרפזין, מיט פּאַטאָס פון אַ פאַלשן נביא און מיט חוצפה, גיפט און ציניזם פון אַ נעבעלס.

באַראַן איז צוריקגעקומען פון שפּיטאָל. ער האָט אויסגעלאָשענע אויגן. די שווינדזוכט איז אים אַריין אין האַלדז. מען היילט אים נאָר מיט אַספּירין־פּילן. ווען ער האָט אַ טענה צום דאָקטאָר פאַרוואָס מען היילט אים נישט, ענטפערט יענער אָפּ מיט אַ פראַגע: „וואָס פאַר אַ פאַראַגראַף איז ביי אייך? — אַכט־און־פופציק, יאָ? ווילט איר, אַז מיר זאָלן היילן אונזערס אַ שונא?" באַראַן קאָן נישט מער און וויל נישט מער ליגן אין שפּיטאָל. דערווייל האָט ער מיטגעבראַכט פון דאָרט די ידיעה, אַז לענינגראַד איז שוין פאַרנומען דורך די דייטשן.

אין באָד האָבן מיר געפונען אונטערן אויוון אַ צעטעלע. וואָס עס האָבן דאָ אונטערגעוואָרפן אַרעסטאַנטן פון אַן אַנדער קאַמער. וועלכע זיינען דאָ פריער געווען. אין דעם צעטעלע זיינען אויסגערעכנט אַ ריי שטעט, וועלכע זיינען שוין פאַרנומען, אויך קיעוו און לענינגראַד, צום סוף איז צוגעשריבן:

„די דייטשן דערנענטערן זיך שוין צו מאָסקווע!"

עדוואַרד באַגדאַנאָוויטש פּפלאָומער זאָגט פאַר פאַר זיינע נאָענטע, ווען עס וועט פאַלן מאָסקווע, ווען אוראַל און ווען עס וועט פאַלן אַרכאַנגעלסק. ער זאָגט

דאָס מיט אַזאַ גענויקייט און זיכערקייט, ווי ער וואָלט אָנגעפירט מיט דער מלחמה, ווי ביי אים אין טאַש וואָלט געלעגן דער פּלאַן. ער באַשטימט גענוי דעם טאָג און אפילו די שעה, ווען יעדע שטאָט וועט פאַלן.

## קאַפּיטל ב

איינער פון די נייע אַרעסטאַנטן איז לוזשעוו. ער ליאַרעמט און קלאַפּט אין טיר צום דיזשורני, אַז מען זאָל אים צוריקגעבן זיין ברוך־גאַרטל, ער קאָן זיך אָן אים נישט רירן. אָבער אויף טראָגן אַ ברוך־גאַרטל אין טורמע דאַרף מען אַ ספּעציעלע דערלויבעניש פון פּראָקוראָר.

לוזשעוו איז אַרעסטירט געוואָרן נאָר פאַר זאָגן איין וואָרט. עס איז אַ שוידערלעך וואָרט. אין דער מלחמה־צייט איז עס אימשטאַנד אַרויסצורופן אַ סך בייז. ווען דער ראַדיאָ־הילכער האָט אויף אַ גאַס אין אַרכאַנגעלסק איבערגעגעבן די קריגס־באַריכטן, דערציילט וועגן געלונגענע קאָנטר־אַטאַקעס, נצחונות, דער פאַרזאַמלטער עולם האָט זיך צו דעם צוגעהערט, האָט ער, לוזשעוו, אַזוי אַרויפגעקוקט צום ראַדיאָ־הילכער און געזאָגט אין דער ריכטונג פון דעם הילכער נאָר איין וואָרט. ער האָט דאָס, וואָס אמת, געזאָגט גאַנץ שטיל, ווי צו זיך, אָבער עמיצער האָט עס פאָרט דערהערט. דאָס איינע וואָרט איז געווען:

— ווריאָש! (דו זאָגסט ליגן).

מען האָט אים לאַנג נישט געהאַלטן. עס האָט אים געמשפּט אַ קריגס־טריבונאַל.

אין קלאָזעט האָבן מיר דערזען אויף דער וואַנט אַן אויפשריפט, געשריבן מיט אַן אָפּגעבערנט שוועבעלע:

„לוזשעוו — ק׳ראַסטריעלו — (צום דערשיסן), פּראַשטשאַיטיע!"

אונטער זיין אונטערשריפט איז נאָך געווען אָנגעצייכנט אַ סקעלעטן־קאָפּ.

מען האָט אַריינגעפירט אין קאַמער אַ יונגן ייד פון גלאַדזש, גאָלדשטיין, אַ האַנטוווערקער. עס איז שוין נישט געווען קיין אָרט נישט נאָר אויף דער נאַרע, נאָר אויך אויפן דיל. איך האָב אים אַרויפגענומען צו זיך אויף דער נאַרע. מירביידע האָבן פאַרנומען נאָר איין אָרט, בעראַן האָט זיך אויך אַ ביסל אָפּגערוקט. ער איז צופּ־יִדן, זאָגט בעראַן, וואָס אין דער קאַמער וועט זיין נאָך אַ ייד, מיר וועט זיין היימלעכער. ער וואָלט נאָך וועלן — זאָגט ער — באַווייזן צו קאָנען אויפטון עפּעס רעכטס פאַר יידן, נאָר ער וועט שוין, לײדער, גאָרנישט באַווייזן, ער ריכט זיך שוין גאָר בקרוב צו שטאַרבן.

איך שריי אויף אים אָן, זאָל ער אויפהערן רעדן וועגן טויט, ער וועט נאָך געזונט ווערן, וועט נאָך לעבן און נאָך אפשר אויך אַרויס אויף דער פריי. ער גיט מיר נישט נאָך. ער ווייסט אויף זיכער, אַז ער וועט אין גיכן שטאַרבן. אים האָט זיך דאָך געחלומט, אַז ער קאָסעט אַרבעס אויפן פעלד און דאָס איז — זאָגט ער — אַ זיכער־ער טויט, פּונקט אַזוי זיכער ווי ווען עס חלומען זיך ווייסע רויזן.

— וואָס איז דאָס ווידער פאַר אַ זיכערקייט?

— גאַנץ גענוי.

עס איז זיין מאַמע אַמאָל געלעגן אין שפּיטאָל. מען האָט זי אָפּערירט אויף אַפּענדיציט. ווען ער איז געקומען צו איר אין שפּיטאָל אַריין צו באַזוך, איז זי שוין

געוועזן פֿולקאָם געזונט. געווען שוין אויסגעשריבן און געזאָלט ביינאַכט אַהיימפֿאָרן. ער האָט זי געזאָלט באַגלייטן ביז אַהיים און דאַרף אַריין. די מאַמע האָט אָבער היינט נישט געוואָלט פֿאָרן. זאָל ער, דער זון, צוריקפֿאָרן קיין קעלץ, נישט פֿאַרנאַכלעסיקן זיינע מסחרים. אין דער פֿרי וועט זי שוין אַליין אַהיימפֿאָרן. זי איז שוין אַרומגעגאַנגען, די מאַמע זיינע, געווען געזונט און אין אַ גוטער שטימונג. האָט ער זיך מיט איר געזעגנט און אַהיימגעפֿאָרן. פֿאַרטאָג האָט ער אויפֿגעוועקט דאָס יינגל, וואָס אַרבעט ביי אים, און אים געגעבן אַ טעלעגראַמע, אַז ער זאָל שוין לויפֿן אויף דער פּאָסט.

דאָס יינגל, ווען ער איז אַרויס פֿאַרן טויער, האָט אויס נייגעריקייט געעפֿנט די טעלעגראַמע און איבערגעלעזן. עס איז געווען אַדרעסירט צו זיין, וואָיטשעך באַראַנס, עלטערן ברודער:

„קום גלייך צו פֿאָרן, די מאַמע איז די נאַכט געשטאָרבן אין שפּיטאָל. קום צו דער לוויה“.

דאָס יינגל איז צוריקגעלאָפֿן אין שטוב אַריין, צוגעלאָפֿן צום באַלעבאָס און מיט טרערן אין די אויגן געפֿרעגט:

— פּאַניע באַראַן, ווען איר זענט געקומען צופֿאָרן נעכטן ביינאַכט, האָט איר דאָך געזאָגט, אַז די מאַמע איז שוין פֿולקאָם געזונט און פֿאָרט אַהיים, טאָ ווי אַזוי?

באַראַן האָט אים נישט געלאָזט פֿאַרענדיקן, אים געכאַפּט פֿאַר די האָר, שיער אים נישט געוואָלט שלאָגן, אָנגעשריגן:

„נישט דיין דאגה, לײדאַק, טו וואָס איך הייס דיך, לויף אויף דער פּאָסט!“

ווען דאָס יינגל איז ווידער אַרויס פֿאַרן טויער, איז אָנגעקומען דער פּאָסט־טרעגער מיט אַ טעלעגראַמע. עס איז געווען פֿון דער שפּיטאָל־פֿאַרוואַלטונג. מען האָט מיטגעטיילט באַראַנען, אַז ער זאָל גלייך קומען אין שפּיטאָל אַריין זיך פֿאַרנעמען מיט זיין מאַמעס לוויה. זי איז אין מיטן נאַכט פּלוצלונג געשטאָרבן.

שוין צוריקקומענדיק פֿון דער לוויה, האָבן אים זיין פֿרוי און אַלע באַקאַנטע געפֿרעגט, פֿונוואַנען האָט ער דאָס געוווּסט, אַז די מאַמע איז געשטאָרבן, נאָך איידער די טעלעגראַמע איז אָנגעקומען? וואָס הייסט? — האָט ער זיי געענטפֿערט — ער האָט געזען אין חלום זיין מאַמען מיט אַ בוקעט ווייסע רויזן. דאַרף ער נאָך מער?

## ק אַ פּ י ט ל ד

באַראַן האָט מיטגעבראַכט פֿון שפּיטאָל אַ שטיקל ווייס ברויט און עטלעכע קלעצלעך צוקער. נעדימין דרייט זיך שוין אַרום אים מיט זיין טענצלדיק גענגל, קוקט אויפֿן טיש, אויף דעם שטיקל ווייסן ברויט, צוקער, און פֿרעגט אים חניפֿה־דיק וועגן זיין געזונט־צושטאַנד.

אָנשטאָט אָן ענטפֿער האָט באַראַן אָפּגעבראָכן אַ שטיקל פֿון ווייסן ברויט, גענומען איין קלעצעלע צוקער און אים דערלאַנגט:

— נאַט אייך! און מער זאָלט איר מיך נישט פֿרעגן וועגן מיין געזונט.

נעדימין האָט די מתנה שנעל אַ פֿאַרקוועטש געטון אין האַנט און טענצלדיק אַוועקגעגענגלט.

— אָט אַ היענע! — האָט אים באַראַן נאָכגעזאָגט.

נאָך גאָלדשטיינען זיינען אָנגעקומען אין קאַמער נאָך צוויי פּאָליאַקן, פון וואָלין, קראַנסקי און טשוויאַקעל.

גאָלדשטיין איז נישט איינגעשטאַנען אויף קיין אָרט, זיך געוואָרפן אין די אויגן. זיין אויסזען איז באַזונדער קענטיק. ער איז אַ געלער, אַ דאַרער, איבערגעשראָקענער, מיט קליינע וועוריק־אייגעלעך. ווען ער האָט אויסגעטאָן דאָס העמדל (צוליב דער היץ האָבן שוין אַלע דאָ ארומשפּאַצירט אין די גאַטקעס), איז זיין געלבלאַס לייב געווען באַשמירט מיט גרינעם יאָד. ער איז פול מיט שקראָפּול־ווונדן.

מען האָט אים אַרעסטירט אויפן פּאַסיאַלעק. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון גיין אויף דער ארבעט, ווייל מען גיט צו ווייניק ברויט, ער פאַלט פון די כוחות.

ער פרעגט ביי יעדן איינעם פון די אַרעסטאַנטן, וויפל עס דראָט אים דערפאַר. מען זאָגט אים — צען, אַכט, זיבן. ער דינגט זיך אָבער מיט יעדן, ווייזט אויף, אַז ער איז די גאַנצע צייט געווען אַ סטאַכאַנאָוויעץ, פלייסיק געאַרבעט, נאָר טאָמער עסט ער ווייניק ברויט, טרייסלען זיך ביי אים די פיס און הענט, ער קאָן נישט אַרבעטן. ער וויל אַז מען זאָל אים נישט באַשטראָפן מער ווי מיט פיר יאָר, העכסטנס פינף יאָר. די אַרעסטאַנטן לאַכן און זידלען אים אויס, שיקן אים צו אַל־די טייוול.

איך האָב אים געפּרוווט אויסרעדן, טרייסטן, אַז אפשר וועט ער קריגן טאַקע נישט מער ווי פיר, אָדער פינף יאָר, ווייל ער איז דאָך ניעגראַמאָטנע, אַן אַנאַלפאַבעט, און די גאַנצע צייט געווען אַ סטאַכאַנאָוויעץ.

ווייל ער ביי מיר אָפּדינגען אויף דריי יאָר. ער מיינט, אַז דאָס איז אויך גענוג. האָב איך אים נאָכגעגעבן, עס קאָן טאַקע זיין, אַז ער וועט קריגן נישט מער ווי דריי יאָר. האָט ער מיר באַלד גענומען אויפוייזן, אַז אייגנטלעך וואָלט מען אים באַדאַרפט איינגאַנצן באַפרייען. פאַר אַ האַלבע פּאַיקע ברויט קומט נישט קיין קרימינאַל. „וואָסי, זיי האָבן דאָך נאָך אַביסל שכל אין קאָפּ”. איך האָב אים נאָכגעגעבן.

איך האָב געגעבן גאָלדשטיינען מאַכאָרקע צום רויכערן, האָט ער עס באַלד ביי וועמען איינגעטוישט אויף ברויט. זיין תירוץ איז, אַז באַראַן נעמט אויך פון מיר מאַכאָרקע און טוישט דאָס איין ביי אים אויף אַ שטיקל קאַרטאָפל, וואָס פאַלט אַמאָל אריין אין דער זופּ.

א יונגער ווייסרוס וואָס איז נישט לאַנג געקומען, האָט מיטגעבראַכט מיט זיך אַ סך שאַכטלעך אמתע פּאַפּיראָסן. יעדן איינעם וואָס האָט נישט געהאַט צו רויכערן, האָט ער געגעבן אַ שאַכטל. דער ווייסרוס האָט גערעדט עקזאַלטירט, מיט שוים אויפן מויל, זיך געהיצט אין עקסטאַז, געגלויבט אַז אָט־אָט וועלן די דייטשן אריין קיין אַרכאַנגעלסק און עפענען אַלע תפיסה־טויערן. לכבוד דעם יום־טוב צעטיילט ער טאַקע די פּאַפּיראָסן. פאַרשטייט זיך, אַז נישט פאַר אַלעמען האָט ער אָנגעגעבן די סיבה צוליב וואָס ער טיילט די פּאַפּי־אָסן.

גאָלדשטיין האָט אַזויפיל אריינגערעדט אינב ווייסרוס, אַז ער איז אַוועק פון אים מיט צוויי שאַכטלען פּאַפּיראָסן.

גאָלדשטיין איז שטענדיק דער ערשטער ביים פענצטערל בעת מען טיילט די זופּ. אַ שעה פאַר דעם שטייט ער שוין נעבן טיר — און מאַכט זיך ריייניקן זיין שיסל און לעפל. טאָמער גיט מען אַמאָל אַ צולאָג זופּ, איז ער אויך דער ערשטער דאָס צו באַקומען.

די אָרעסטאַנטן באַשטימען אים צו נעמען אויפן אויג, נישט צולאָזן אים דעם ערשטן: — אַ יונגער אַרעסטאַנט און איז גיריק צום פּרעס ווי איינער, וואָס זיצט שוין יאָרן אין טורמע!

איך האָב מיט אים אָפּגעמאַכט, אַז מאָרגן פינף פאַרטאָג, ווען מיר וועלן קריגן אונזערע פּאַיקעס ברויט, זאָלן מיר אָפּוואַרטן מיטן עסן ביז צוועלף בייטאָג, ווייל מאָרגן איז תשעה־באב. לאָמיר פאַסטן כאָטש עטלעכע שעה.

ווען תשעה־באב ווייסט ער קנאַפּ, ער ווייסט, אַז עס איז חרוב געוואָרן ירושלים, נאָר ווען דאָס איז געשען — ווייסט ער נישט. אים דוכט זיך, אַז עס מוז שוין זיין אַ זעכציק־זיבעציק יאָר!

איך האָב נאָך אַזאַ פאַרגרעבטן ייד אין מיין לעבן נישט געזען. אינדער־היים אין לאָדזש, האָט ער געאַרבעט פאַר זיך שמוקלעריי. ער האָט גוט פאַרדינט, גוט געגעסן, געהאַט אַן אייגן פּוטער און יעדן פרייטאָג־צו־נאַכטס פלעגט אים דאָס ווייב פאַרלעזן „שטיקלעך" פון די „היינטיקע נייעס" (אַ לייכטע, פּאָפּולערע נאָכמיטאָג־ציטונג).

ער זאָגט מיר, אַלזאָ, פייערלעך צו — נישט צו עסן מאָרגן ביז צוועלף בייטאָג.

איין שעה האָט ער נאָר אויסגעהאַלטן. זעקס אינדערפרי האָט ער שוין געהאַט אויפגעגעסן דאָס גאַנצע ברויט. ער פאַרענטפערט זיך פאַר מיר:

— איך קען מיר „מאַטעריעליש" דאָס נישט פּאָזוואָליען. איך האָב אַ נערוועישן מאָגן. אַז איך דערזע ברויט, נעמען מיר זיך וואָרפן די קישקעס. פאַרפאַלן, צוליב מיין נישט עסן דאָס שטיקל בידנע ברויט, וועט נאָך ירושלים דערפון נישט ווערן צוריק אויפגעריכט.

## קאַפּיטל ה

עדוואַרד קראָנסקי האָט דורכגעמאַכט אַן עטאַפּ פון 500 קילאָמעטער צופוס. שוין דאָס דריטע מאָל מאַכט ער דורך דעם זעלבן עטאַפּ צופוס. קראָנסקי טראָגט אַלץ לייכט אַריבער און פאַרלירט קיינמאָל נישט זיין גוטן הומאָר. ער איז די לעצטע יאָרן געווען אַ וואַלד־וועכטער אין וואָלין. ער האָט אַ סך דורכגעמאַכט, זאַט מיט לעבנס דערפאַרונג און געניטקייט. עס העלפט אים דערין זיין איינגעבוירענע אינטעליגענץ. ער איז שוין אַמאָל געזעסן אין תפיסה, אין ליטע. אַלס פּוילישער פּאַטריאָט האָט ער אויסגעפירט געהיימע שליחותן פון דער פּוילישער רעגירונג, עטלעכע מאָל געשוואַרצט די ליטווישע גרענעץ און דערליידיקט דאָרט געהיימע מלוכהשע אויפגאַבן.

מען האָט אים געכאַפּט דאָרט ביי דער אַרבעט און פאַרמשפּט אויף טויט־שטראָף. מען האָט אים באַגנעדיקט, פאַרביטן אויף צען יאָר תפיסה. נאָכן אָפּזיצן זיבן יאָר איז ער באַפרייט געוואָרן.

עס איז נישט פאַראַן ביי אונזער גרופּע אַרעסטאַנטן קיין גרעסערער פאַרגע־ניגן ווי הערן קראָנסקין דערציילן וועגן די גוטע באַדינגונגען אין דער ליטווישער תפיסה. וועגן דעם גוטן עסן, וואָס מען האָט דאָרט געגעבן. ער האָט זיך דאָרט אויסגעלערנט שוסטעריי, ער האָט זיך דאָרט אויסגעלערנט שפּילן אויף עטלעכע אינסטרומענטן. אַן אָרקעסטער פון אַרעסטאַנטן האָט יעדע וואָך איינגעאָרדנט

גרויסע סימפאָנישע קאָנצערטן אין טורמע. עס זיינען געקומען הערן אַלע באַאמטע, מוזיקער, און ספּעציעל איינגעלאַדענע געסט.

קראָנסקי האָט נאָכן באַפרייט ווערן געשפּילט צוזאַמען מיט יידישע כלי־זמר אויף חתונות און יידישע רעסטאָראַנען. ער קען אַלע יידישע מעלאָדיעס און פאָלקס־לידער. ער רעדט אַ גוטן יידיש.

זיין פרוי איז דערצויגן געוואָרן אין אַ יידיש הויז. אין יאָר 1920 האָבן די באָלשעוויקעס דערשאָסן איר פאָטער, אויך אַ וואַלד־וועכטער, און די מוטער, בשעת זי האָט זיך געריסן צום מאַן און געוואָלט אים פאַרשטעלן מיט איר גוף. מען האָט זיי ביידן דעמאָלט דערשאָסן אין וואַלד. אַ יידישע שכנטע האָט אַריינ־גענומען זייער טעכטערל צו זיך, געהאַלטן זי ווי אַן אייגן קינד, ביז זי האָט חתונה געהאַט מיט קראָנסקין.

דאָס קינד זייערס רעדט אויך גוט יידיש און ער, עדוואַרד, האָט געמוזט צו־היטן, אַז דאָס קינד זייערס זאָל נישט צונויפמישן ביידע שפּראַכן, רעדן פּויליש, אָדער יידיש, ווייל דאָס קינד האָט צונויפגעמישט ביידע לשונות.

קראָנסקי ווערט איצט באַשולדיקט, אַז ער האָט געפירט אין וואַלין, אין זיין קרייז, אַנטי־קאָמוניסטישע אַגיטאַציע. מען האָט אים חושד געווען, אַז ער איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט דער פּוילישער פּאָליציי.

עדוואַרד קראָנסקי, לויט זיין וויסן, אינטעליגענץ, ערלעכקייט, האָט געמעגט פאַרנעמען אַ העכערן פּאָסטן ווי אַ וואַלד־וועכטער; ער האָט זיך אָבער נישט געריסן צו קאַריערע, געפירט אַ באַשיידן לעבן. ער איז פול מיט דערפינדערישע איינפאַלן און אויפטוען; זיין ליידנשאַפטלעכע לעקטור איז איבער מוזיק און כעמיע.

מען האָט געבראַכט אין קאַמער אַריין אַ דריטן ייד, ריבאַק. קראָנסקי האָט אים גענומען צו זיך אויפן געלעגער. ריבאַקן האָט מען געבראַכט צו פירן אין די אונטערוועש, די גאַטקעס זיינען געווען נאַס און פאַרבלוטיקט. ער קומט איצט פון תפיסה־שפּיטאָל. ריבאַק האַלט זיך קוים אויף די פיס. די אויגן זיינען ביי אים ווי איבערגעקערט. ער איז אוודאי אַביסל געווירט פון זינען. מען האָט אים אַרעסטירט אין לאַגער!

מען האָט אים איינגערעדט, אַז ער איז געווען אין געהיימער פאַרבינדונג מיט אַ גרופּע פּאָליאַקן אין לאַגער, וועלכע האָבן ביים אויסברוך פון דער דייטש־סאָוויע־טישער מלחמה געגרייט אַן אויפשטאַנד אינם לאַגער. מען האָט אים אַ לאַנגע צייט געהאַלטן אין קאַרצער, געשלאָגן, געפּייניקט, אַז ער זאָל אויסגעבן די פּאָליאַקן, וועלכע געהערן צו דער אונטערערדישער פּוילישער אָרגאַניזאַציע אין לאַגער. אים מיט נאָך אַ גרופּע פּאָליאַקן האָט געמשפּט אַ קריגס־טריבונאַל. אויפן פּראָצעס איז ריבאַק אַריין אין אַ פּוריע, געוואַלדעוועט, באַפאַלן די וועכטער, געשלאָגן, געביסן די ריכטער, ביז מען האָט אים געבונדן און צוגענומען פון געריכטס־זאַל. ער ווייסט נאָר, אַז מען האָט אַלע יענע פּאָליאַקן פאַרמשפּט צום דערשיסן. ער האָט זיך אויפגעכאַפּט אין תפיסה־שפּיטאָל. נאָך דעם ווי ער איז דאָרט אָפּגעלעגן עטלעכע וואָכן, האָט מען אים איצט אַריינגעבראַכט דאָ אין קאַמער.

מיט ריבאַקן איז זיך שווער צונויפצורעדן. ער רעדט כאַאָטיש און צעדרייט. ער דערציילט מיר, אַז מען האָט אַמאָל וועגן אים געשריבן אין די יידישע צייטונ־גען אין וואַרשע. ער האָט דעמאָלט געהאַלטן ביי שמדן זיך און חתונה האָבן מיט אַ קריסטין. זיין מאַמע האָט איינגעלייגט וועלטן און דערצו נישט דערלאָזט.

מלחמה־צייט האָט ער געדינט אין פּוילישן מיליטער אין ראַנג פון אַ סער־זשאַנט. ער איז שוין אויסגעוועזן אַמאָל אין אַ סך לענדער, אפילו אין בראַזיליע. פון יעדן לאַנד האָט ער מיטגעבראַכט נאָר עטלעכע מיאוסע זידל־ווערטער אין די שפּראַכן פון יענע לענדער. ער חזרט זיי דאָ הויך איבער, כדי נישט צו פאַרגעסן. ער האָט זיך שנעל באַפריינדעט מיט גערדימינען און זיין חברותא. ער האָט ליב צו זינגען נאָר פּוילישע מיליטערישע לידלעך. ער זינגט זיי דווקא דעמאָלט, ווען קראַנ־סקי זינגט „אויפן פּריפּעטשיק ברענט אַ פייערל" אָדער מילנערס „קום אַהער, דו יינגעלע, צו מיר".

גערדימין און ריבאַק פירן דורך געוועטן מיט די אַרעסטאַנטן, ווער פון זיי עס וועט אויפעסן מער ברויט נאָכן באַפרייט ווערן. יאַן גוס האַלט שוין ביי פיר קילאָ, ריבאַק האַלט שוין ביי פינף און גערדימין זאָגט־צו אויפצועסן זעקס קילאָ ברויט מיט איין מאָל.

אין מיטן נאַכט איז גערדימין צו מיר צוגעקומען און איינגערוימט אין אויער, אַז באַראַן וועט אַ ליאַדע מינוט שטאַרבן. ער, גערדימין, דערקענט עס לויט באַראַנס שווערן אָטעמען, ער גוססט אוודאי, וואָלט דעריבער כדאי געווען שוין צוצונעמען זיין, באַראַנס ברויט, און אים, גערדימינען, אַוועקגעבן. ווייל ווי נאָר באַראַן וועט אויסגיין, וועלן די רוסן צוכאַפּן זיין פּאַיאָק. איך האָב אים אָנגעזידלט און פאַרטריבן.

ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט אינדערפרי, איז באַראַנס פּאַיאָק געלעגן נישט אָנגערירט. נאָר מיינע אָנדערטהאַלבן קילאָ ברויט, וואָס איך האָב נאָך געהאַט אין זאַפּאַס, זיינען נעלם געוואָרן.

דער סטאַראָסטע פון קאַמער. צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע אַרעסטאַנטן, האָבן דורכגעפירט אַ רעוויזיע אונטער די נאַרעס, אויף די געלעגערס און געפונען קרי־שקעס ברויט ביי גערדימינען, גאָלדשטיינען און טשוויאַקעלן.

מען האָט זיי אַרויסגעשלעפּט אין מיטן קאַמער און געמאַכט איבער זיי אַ משפּט. דער משפּט איז באַשטאַנען נאָר אין קלעפּ. צוואַנציק אַרעסטאַנטן האָבן אויף זיך גענומען די הייליקע מיסיע פון באַשטראָפן פאַר גנבה און יעדער איינער האָט דערלאַנגט פּעטש.

גאָלדשטיין האָט פּחדנותדיק געוויינט, זיך נאָך אַליין געשלאָגן מיט די הענט אין קאָפּ אַריין, געיאָמערט, געכליפּעט און ספּאַזמירט. ווען איך האָב געוואָלט אָפּ־שטעלן דאָס שלאָגן, פאַרשטעלן אים, האָט מען מיר געדראָט מיט דעם זעלבן פּסק — דאָס איז שוין איצט נישט אייער זאַך — זאָגן זיי — נאָר די זאַך פון דער גאַנצער קאַמער.

דער דיזשורנע איז אַריינגעקומען, געפרעגט וואָס דאָ קומט פאָר. און אַז מען האָט אים געזאָגט, אַז יענע האָבן ביינאַכט צוגעגנבעט די פּאַיקע ברויט ביי אַן אַרע־סטאַנט, האָט ער אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט:

— איר האָט דאָס רעכט אים אפילו צו ממיתן!

— פאַראַן ביי אַרעסטאַנטן אַ געזעץ: פאַר צוגנבענען אַ פּאַיקע ברויט ביי אַ חבר, מעג מען דעם פאַרברעכער איינבייסן דעם גאָרגל, אים לאָזן אַ טויטן אויפן אָרט.

גראָד האָבן זיי נאָך געזעצן, אַז פאַרן לייגן זיך, האָב איך געגעבן צו שטיקער ברויט גאָלדשטיינען און טשוויאַקעלן, געוווסט אַז איך האָב זיך די גאַנצע צייט נע־

טײלט מיט מײן עסן, דערפֿאַר האָט זײ נאָך מער פֿאַרדראָסן. האָבן זײ דעריבער מיט הנאה דערלאַנגט זײ די קלעפּ.

איך האָב אָבער געזען, אַז גאָלדשטײן קריגט מער געשלאָגן פֿון טשוויאַקעלן. איך האָב דערפֿילט, אַז דאָס שלאָגט מען אים שױן נישט פֿאַר גנבענען ברויט, נאָר פֿאַר נאָך עפּעס... זײ וואָלטן אויף מיר אויך גערן געוואָלט אויסגעפֿינען אַ חטא, כּדי מיך אָנצובויקערן. מיר האָט, פֿאַרשטײט זיך, באַנג געטאָן פֿאַרוואָס איך האָב דערצײלט אין קאַמער וועגן דער גנבֿה.

טשוויאַקעל, אַ קאָלאָניסט פֿון וואָלין, אַ פֿאַרשוין אַ ריז, לאָס אויף אײן פֿוס, וואָס עס איז אים געקומען בשעתן אונטערזעגן און גנבֿענען אַ בוים אין וואַלד, דער בוים איז אים געפֿאַלן אויפֿן פֿוס, טשוויאַקעל — האָט בעתן שלאָגן אים קײן פּיפּס נישט געטאָן, ער האָט נאָר אויפֿגעשטעלט די באַקן, זאָגנדיק:

— שלאָגט, ברידערלעך, אַז איר האָט מיך געפּאַקט, איז פֿאַרפֿאַלן!

אפֿשר דערפֿאַר האָבן זײ אים אויך ווײניקער געשלאָגן. אין דער צײט ווען גאָלדשטײנס ווײנען און האַקן זיך אין קאָפּ אַרײַן, האָט די שלעגער נאָך מער צע־רײצט, זײ אַרײַנגעטריבן אין האַזאַרד.

געדימין איז אָפּגעקומען מיט גאַנץ קנאַפּ. בײַ יעדן קלאַפּ, וואָס ער האָט גע־קריגן, איז ער טענצלדיק אונטערגעשפּרונגען, נאָך צוגעבנדיק:

— גוט געטראָפֿן! ריכטיק געטראָפֿן! מאָלאָדיעץ! סטאַכאַנאָוועץ! פֿײַן דער־לאַנגט!

ווי עס וואָלט זיך האַנדלען דאָ אין אַ ספּאָרט־פֿאַרמעסטונג. די שלעגער האָבן געמוזט דאַבײַ לאַכן:

— אַרטיסט! קאָקעטקאַ!

און איבערגעוואָרפֿן אַלץ אויף גאָלדשטײנען.

אין מיטן דערינען קומט אָן דער נאַטשאַלניק און מעלדעט, אַז מיר זאָלן אַלע פֿאַרפּאַקן די זאַכן. מען וועט אונדז איבערפֿירן אין אַ צווייטער קאַמער. דאָ דאַרף מען דורכפֿירן אַ רעמאָנט.

אונדז דערשרעקט די נײַעס. די ענדערונג זאָגט עפּעס נישט פֿאַר קײן גוטס. יעדער אײנער באַטראַכט מיט חשד די נײַע פֿאַראָרדענונג.

מיר הערן ווי אויך פֿון אַנדערע קאַמערן פֿירט מען איבער אַרעסטאַנטן. מיר האָבן שוין געוווּסט, אַז אַלע קרימינעלע פֿאַרברעכער מיט אורטײלן ביז נאָר דרײַ יאָר, ווערן באַפֿרײַט פֿון די טורמעס און לאַגערן און ווערן גלײַך אַוועקגעשיקט אויפֿן פֿראָנט.

מיר ווײסן נישט וואָס אונדז דערוואַרט. איצט איז מעגלעך יעדע מינוט אַן ענ־דערונג. זי קאָן ברענגען פֿרײַהײט, אָדער...

## קאַפּיטל ה

מען פֿירט אונדז איבער אין אַ צווייטער, קלענערער קאַמער.

באַלד איז נאָך אַן ענדערונג! מען פֿירט אונדז שוין נישט, ווי אַלעמאָל, אין דעם גרויסן קלאָזעט, נאָר אין דעם קלײנעם חורבה־קלאָזעטל. דאָרט שפּאַצירן אַרום די שטשורעס אָן מורא. וואָס איז מיטן גרויסן קלאָזעט? אויך אַ רעמאָנט. מען שערט אונדז אַלעמען אָפּ די בערד. עס דאַרף קומען אַ קאָנטראָל־קאָמיסיע פֿון

מאָסקווע. מיר הערן ווי מען קלאַפּט אין גרויסן קלאָזעט. מען צעוואַרפּט די ווענט, מען פּאַרעט זיך עפּעס דאָרטן. איינער קוקט אויפן צווייטן, קיינער זאָגט גאָרנישט, נאָר אַלע זיינען חושד דאָס זעלבע:

— דאָרט מוז אוודאי ווערן איצט איינגעמויערט אַ קוילנוואַרפער. ווער ווייסט קעגן וועמען דאָס דאַרף ווערן אויסגענוצט? עס קאָן זיין, אַז טאָמער דערנענטערט זיך דער שונא, מען וועט נישט באַוויזן צו עוואַקואירן די אַרעסטאַנטן, וועט מען זיי אַרויספירן אויפן קאָרידאָר און מיטן קוילנוואַרפער, פון קלאָזעט אַרויס, וועט מען אַלעמען אויסענדיקן?

דער חשד איז טיילווייז באַגרינדעט. ביי אונז אין קאַמער זיינען שוין דאָ עוואַקואירטע אַרעסטאַנטן פון קאַלסקער האַלב־אינזל און פון מורמאַנסק. זיי דערציילן, אַז טייל שיפן מיט עוואַקואירטע אַרעסטאַנטן זיינען פון די דייטשן באַמבאַרדירט געוואָרן אויפן ים און זיינען אונטערגעגאַנגען. טייל גיבן אָנצוהערן, אַז דאָס האָבן נישט די דייטשן באַמבאַרדירט, „נאָר איר פאַרשטייט דאָך שוין אַליין ווער...”

עס האָט שוין קיינער נישט קיין ברויט־זאַפּאַס. דער „לאַראָק” פאַרקויפט שוין גאָרנישט. די שטשורעס האָבן שוין ביינאַכט אויפגעגעסן אונזערע שטיקלעך זייף, וואָס מיר האָבן געהאַט ליגן. די איצטיקע קאַמער איז אַ פּיצל שטיבל און עס זיינען איצט דאָ 62 אַרעסטאַנטן. די נאַרעס דערגרייכן ביזן סופיט, פיר פאַכן. די ענגשאַפט, היץ, שרעק און דערוואַרטונג פאַרקירצן אויך דעם אָטעם.

ביעלאַקאָוו ווערט אָבער נישט מיד פון ווייטער זינגען זיינע שאַליאַפּין־שטיקלעך. ביעליאַקאָוון האָבן מיר טאַקע גערופן „דער צווייטער שאַליאַפּין”, צוליב זיין זעלטענער באַס־שטימע. ער האָט געזונגען אָפּערע־אַריעס אין לאַגער. דאָס אַלץ האָט ער געהערט שפּילן אויף גראַמאָפאָן־פּליטעס ביי דעם נאַטשאַלניק פון לאַגער. נאָר איינמאָל הערן אַן אַריע, זינגט ער זי גלייך איבער.

דער אַלטער סטאַראָוויער געראַסימאָוו האָט געקריגן אַן אויסנאַם־לייכטן אורטייל, דאָס איז כמעט ווי אַ באַפרייאונג — ער ווערט פאַרשיקט אויף דריי יאָר אין ווייטן צפון. דאָס איז אַזאַ גליק, וואָס איז זעלטן צו הערן. אייגנטלעך האָט ער נישט אויף זיך קיין גרויסן חטא. ער האָט זיך נאָר אַביסל איבערגעשמועסט מיטן פּאָפּ פון זיין צערקווע וועגן דעם דערלייזער יעזוס כריסטוס. געראַסימאָוון האָט דאָך נישט געקאָנט איינפאַלן, אַז דער פּאָפּ איז אַ מיטאַרבעטער פון נ. ק. וו. ד. און אַלע הייסע מתפּללים ווערן דורך אים צו ביסלעכווייז אויסגעליפערט דער נ. ק. וו. ד.

דער צווייטער סטאַראָוויער, איסאַיעוו, איז שוין געוואָרן אַזוי האָפערדיס פון דעם לייכטן אורטייל איבער געראַסימאָוון, אַז ווען דער דיזשורנע איז אַריינגעקומען איבערציילן, איבערגעפרעגט זיך וויפיל אַרעסטאַנטן ס׳זיינען פאַראַן אין קאַמער, האָט איסאַיעוו אָפּגעענטפערט:

— דריי און זעכציק!

ציילט דער דיזשורנע נאָך אַמאָל, קוקט אַריין אין זיין דיזשור־בוך און זאָגט, אַז עס דאַרף נאָר זיין צוויי און זעכציק. ענטפערט אים איסאַיעוו:

— מיט אייך צוזאַמען איז דריי־און־זעכציק!

ענטפערט דער דיזשורנע:

— איך בין דאָך נישט קיין אַרעסטאַנט!

— וועט איר עס ווערן!

— איך בין דאָך אָבער נישט באַנאַנגען קיין שום פאַרברעכן?

— איך אויך נישט!

אַלע באַגלייטן דעם דיאַלאָג מיט הייטערקייט און געלעכטער. דער דיזשורנע מאַכט זיך נישט וויסנדיק. ערשטנס — זיצט שוין איסאַיעוו עטלעכע יאָר, ער איז אַ שטילער אַלטיטשקער; צווייטנס — נאַטשאַלסטווע גייט לעצטנס אַרום דער־שלאָגן. די אַרעסטאַנטן פילן דאָס גוט אַרויס.

— וועט טאַקע די מלחמה אונז אויך נישט באַפרייען? טאָ צוליב וואָס איז די מלחמה?

## קאַפּיטל ז

ווידער אַ נייע פּאַרטיע אַרעסטאַנטן, עוואַקואירטע פון דער קיעווער טורמע. אין דער נייער גרופּע זיינען אויך פאַראַן צוויי ייִדן, איינער פון פּוילן, מיטן נאָמען פּרילינג, פון יאַנאָוו, ביי לובלין, און דער צווייטער — אַ קיעווער.

איך צערעד זיך מיט דעם פּוילישן יונגערמאַן פּרילינג. איך וויל אויך עפּעס פרעגן ביים צווייטן ייד, דעם קיעווער, גיט מיר פּרילינג אַ טרעט־אָן אויפן פוס:

— אַ פּאַרטייער, אַ רוסישער ייד. פּאַרזיכטיק!

קראַנסקי, ריבאַק און איך דריקן זיך נאָך מער צונויף אויף אונזער נאַרע און נעמען אַרויף דעם יאַנאָווער יונגעמאַן.

מיין שמועס מיט אים איז זייער אַ פיינלעכער. פּרילינג איז אַ היפּש־אָנגע־לייענטער, געווען ביבליאָטעקאַר אין זייער שטעטל. ער קען די גאַנצע יידישע לי־טעראַטור. ווען איך זאָג אים מיין נאָמען, פרעגט ער מיך איבער צי איך האָב נישט קיין שייכות מיט אַ יידישן מחבר מיטן זעלבן נאָמען. ווען איך באַשטעטיק דאָס, כאַפּט ער מיך אַרום אַן איבעראַשטער. טרערן קומען אים אין די אויגן. ער רעכנט אויס די טיטולן און אינהאַלט פון עטלעכע מיינע ביכלעך. איך ווער דערפון אויס־טערליש גערירט. איך האָב שוין גאָר אַליין פאַרגעסן, אַז איך האָב געהאַט אַמאָל אַ שייכות צו אַזעלכע זאַכן, שוין נישט געגלויבט, אַז עס זיינען אַמאָל דערשינען מיינע עטלעכע ביכלעך, וועלכע זיינען נישקשה געלייענט געוואָרן. פּרילינג וועקט מיך אויף פון אַ לעטאַרגישן, אַרעסטאַנטישן שלאָף. ביי מיר פאַרנעמט עס זיך אויף טרערן. פּרילינג נעמט מיך אַלץ מער אַרום און זאָגט צו מיר:

— אויב אַזוי, אויב איר זיצט אויך אין טורמע, אַרט מיך שוין נישט פאַר מיין גורל.

מיר ווערט אַביסל פריקרע דערפון, רעכן איך אים אויס נאָך עטלעכע נעמען פון יידישע שרייבער, וועלכע זיצן אין די טורמעס.

פּרילינג איז אַמאָל געווען אַ פירער פון „החלוץ” ביי זיך אין שטעטל. נאָכ־דעם איז ער געוואָרן אַן אייפעריקער קאָמוניסט און אַקטיוו געאַרבעט אין זיין ראַ־יאָן. קומענדיק קיין קיעוו סוף 1939, איז ער צוריק געוואָרן אידעאיש אַ חלוץ. ער האָט דאָס פּאַרטרויט פאַר זיינע חברים. ווען ס'איז אויסגעבראָכן די דייטש־סאָוויע־טישע מלחמה, האָט מען אים אינם זעלבן טאָג אַרעסטירט.

אויף דער אויספאָרשונג האָט מען אים געשלאָגן, ווייל ער האָט געוואָגט צו זאָגן דעם סליעדאָוואַטעל, אַז די קבוצות אין פּאַלעסטינע זיינען פּונקט אַזוי ווי די היגע קאָלכאָזן, קאָמוניסטישע, קאָלעקטיווע ווירטשאַפטן.

פון דער נייער גרופע ארעסטאַנטן זיינען מיר געוווּיר געוואָרן אַ סך מלחמה־נייעס. איינער פון זיי האָט אויך געהאַט איינגעניים אין דער וואַטוווקע אַן אויס־שניט פון דער „פּראַוודאַ". ער האָט אויך גאַנץ צופעליק דערציילט, אַז אין זייער עטאַפּ איז געפאָרן אַן אַלטע „עס־עראָווקע" — מאַריאַ ספּירידאָנאָווא!

עס קומט אַן דער נאַטשאַלניק און הייסט אַלעמען אַרויסגיין אויפן קאָרידאָר, זיך איינשטעלן צווייענווייז אין אַ רייע. מען וויל זיך אָנטאָן, דערלאָזט ער נישט, נאָר אַזוי ווי מען שטייט און גייט, אין דער אונטערוועש.

מען איז איבערגעשראָקן. אין דער אונטערוועש? טאָמער עפּעס וואָס, טאָמער הייבט פּלוצים אָן אַרבעטן יענער קוילנוואַרפער, איז מען עפּעס אַפּהענטיק און נעבעכדיק — פאַלן דאָ אין דער אונטערוועש!

אָבער אין דער אמתן קומט פּאָר בלויז אַ פּשוטע רעוויזיע. דאָס, וואָס מען מאַכט עס היינט אויפן קאָרידאָר און נישט אין דער קאַמער, איז דערפאַר, ווייל דאָרט איז זייער ענג און עס איז נישטאָ וווּ זיך אַ קער צו טאָן.

דעם זעלבן פאַרנאַכט האָט מען אונז צוריקגעפירט אין אונזער פריערדיקער, גרויסער קאַמער. זי איז טאַקע אויסרעמאָנטירט. מען פירט אונז שוין ווידער צוריק אין דעם גרויסן קלאָזעט, עס איז אויך אויסרעמאָנטירט. מען ריכט זיך אויף אַ סאַניטאַרער קאָמיסיע פון מאָסקווע.

איצט, ווען איינער טרייסט שוין דעם צווייטן מיטן ווערטל: „דער פּחד האָט גרויסע אויגן", רעדט מען זיך פונאַנדער. ווערט מען געוווּיר, אַז אַלע האָבן גע־טראַכט דאָסזעלבע, אַז דאָרטן אין קלאָזעט ווערט אוועקגעשטעלט אַ קוילנוואַרפער און מען וועט אים ביי אַ ליאַדע געלעגנהייט לאָזן אין גאַנג.

ביסלעכווייז נעמט אונז פעסטער אַרומכאַפּן דער הונגער. מען קריגט נאָר 400 גראַם ברויט אַ טאָג. מען גייט שוין ווייניק אין קלאָזעט, עס גענוגט איינמאָל אין דריי טעג.

אין דער קאַמער איז אויך לופטיקער. דער עולם האָט שוין נישט צו טאָן מיט די בויך־גאַזן... ווי אין די פריערדיקע חדשים. איינער באַדויערט עס אפילו אויפן קול, זאָגנדיק מיט אַ קרעכץ:

— אַך, שוין נישטאָ יענע זאַטע טעג, ווען אין קאַמער האָט עס געשטונקען אַ מחיה!...

פאַראַן דאָ אַ פויער, וועלכער האָט נאָך אַ זאַפּאַס פון קאַקאַאָ. ווען מען האָט געפילט, אַז עס איז שוין דער לעצטער לאַפּאַק, האָבן אים אַלע צוגערעדט, אַז ער זאָל אויסגעבן די גאַנצע 150 רובל און קויפן וואָס עס איז נאָר פאַראַן, אויך קאַ־קאַאָ, כאָטש דער פויער האָט נישט געוווּסט וואָס דאָס איז אַזוינס.

ער איז שוין נאָענט צו די זיבעציק. ער האָט דאָס ערשטע מאָל געזען און געפאָרן אויף אַ באַן טאַקע איצט, בשעת מען האָט אים אַרעסטירט און געבראַכט פון אַ פאַרוואָרפענער געגנט דאָ אַהער אין טורמע אַריין.

ער טראָגט נאָך אַ לאַנג, רויט־לייוונט פּאַנשטשיזנע־העמד. אין פּאַנשטשיזנע־יאָרן האָט געהערשט אַ מנהג, אַז אַ מיידל אָדער אַ יינגל פון דעם קרעפּאַסטנעם פויער, כל־זמן זיי טראָגן נאָך אַ העמד, אָן אונטערוועש אָדער הויזן, זיינען זיי נישט מחויב צו אַרבעטן אין פעלד. האָבן די פויערים געביטערוועט און גענייט פאַר זייערע קינדער לאַנגע העמדער, וואָס יענע האָבן געטראָגן שוין אַלס דער־וואַקסענע ביז זעכצן און אפילו זיבעצן יאָר.

די געגנט פון וואנען עס שטאמט דער פויער, ביי זיי האט נאך אנגעהאלטן דאס קרעפּאָסטנע געזעץ צענדליקער יאָרן נאכדעם ווי אומעטום איז עס שוין גע־ווען אפּגעשאפט.

און אט טראָגט ער נאך איצט אזא העמד. ווען חברה ארעסטאנטן האבן דאס דערזען, איז געוואָרן א שמחה. מען האט מיט פאַ־אד אפּגעשוירן אים כמעט א האלב העמד און געטיילט יעדן שטיקלעך. עס וועלן זיין דערפון פעדים צום פאַ־ריכטן די בגדים.

דער פויער איז איצט שטאלץ אויף זיין קאקאא. ער שיט דאס אן געדיכט אויפן ברויט, און אויפן קאקאא שיט ער ארויף זאלץ. ער עסט מיט גרויס הנאה דאס נייע מאכל.

געוועזן היינטיקן טאג א סך אטראקציעס אין קאמער. איך האב זיך אבער נישט געקענט ריכטן אויף דער לעצטער:

עס איז געווען דער 23־טער אויגוסט אינמיטן נאכט. עס איז אריינגעקומען דער דיזשורנע, אויסגערופן מיין נאמען און געהייסן איינפּאקן אלע מיינע זאכן און גיין מיט אים.

איך האב געוווסט, אז מיין אויספאָרשונג איז שוין לאנג פאַרענדיקט. מיין ענין איז אוועק אין „אסא" קיין מאסקווע. קיין אורטייל האב איך נאך נישט גע־קריגן, אין לאגער אריין קאן מען מיך נאך נישט שיקן. אויב אפילו יא, געשעט דאס קיינמאל נישט אין מיטן נאכט. אין קיין צווייטער קאמער אריין פירט מען אויך נישט איבער אין מיטן נאכט. טא וווהין קאן מען מיך איצט פירן?

קראנסקי האט זיך מאמענטאל אויפגעכאפּט, פונקט ווי עס האבן זיך אויפגע־כאפּט א סך ארעסטאנטן אין קאמער. דאס איז עפּעס א מאָדנע נייעס. איך געזעגן זיך מיט מיינע חברים אויף דער נארע, נישט מיט דער האנט, נאר מיטן בליק. קראנסקי און פּרילינג דערשטיקן זייערע טרערן, זיי ווילן מיר נישט ארויסווייזן קיין שרעק. זיי זעען אויף מיר, אז איך פיל די אויסטערלישקייט און פארשטיי צו וואס מען קאן מיך אוועקפירן פלוצים אין מיטן דער נאכט.

ווען מען עפנט די טיר פון קאמער, דערזע איך ווארטן אויף מיר נאך פינף דיזשורנעס און וועכטער.

מען פירט מיך אראפּ פון די שטיגן. עס באגלייטן מיך צוויי וועכטער. ביים ארויסגיין פונם פאַרקאטעוועטן טויער אין דעם הויז, רוימט איינער פון מיינע באגלייטער עפּעס איין דעם טויער־היטער. אויפן הויף איז שטאָק־פינסטער. עס שטייט אין א ווינקל דאס „שווארצע קעטשל". איין וועכטער גייט פון פאָרנט, איך אין מיטן און דער צווייטער פון הינטן.

איך דערמאן זיך ראפּטום, אז אין איילעניש האב איך פאַרגעסן צו נעמען מיינע קאלאשן. איך טראג א זעקל מיט מיינע זאכן אויף די פּלייצעס, אבער די קאלאשן האב איך פארגעסן.

איך מוז דאך נעמען מיט זיך די קאלאשן. איך זאג שטיל צום וועכטער:

— בירגער דיזשורני, איך האב פאַרגעסן נעמען מיינע קאלאשן.

איך בין נישט אזוי אויסן די קאלאשן, ווי איך וויל הערן זיין ענטפער. איך וויל דערכאפּן דעם קלאנג, דעם טאן פון זיין ענטפער. אפשר וועל איך לויט דעם זיך אריענטירן וווהין מען פירט מיך. ער ענטפערט בייז:

— איז אָן קאַלאַשן, פאַרפאַלן!

מען פירט מיך אַריין אין טורמע־קאַנצעלאַריע. איך ליג אַוועק מיין זעקל. מען הייסט מיך זיצן. דער טורמע־נאַטשאַלניק שטייט אין אַ זייט און ביים טיש זיצט אַ מאַיאָר פון נ. ק. וו. ד.

ער נעמט אַרויס אַ ליידיקן בויגן פּאַפּיר און הויבט מיך אָן אויספרעגן. מיינע אַקטן ליגן נישט אויפן טיש, ער פרעגט מיך פון אויסנווייניק. דער נאַטשאַלניק זאָגט אים עפּעס אויפן אויער.

דער מאַיאָר פרעגט מיך צי מיין פרוי איז אַ דייטשקע, אָדער אַ יידישע. איך פרעג אים נאָך אַמאָל איבער, ווייל איך בין נישט זיכער, צי איך האָב ריכטיק געהערט זיין פראַגע. עס זיינען מיר פאַרליינט די אויערן. עס שפּיזט מיר אינעווייניק, זיין שטים דערגייט צו מיר ווי דורך אַ וואַנט.

— מיין פרוי איז נישט קיין דייטשקע, נאָר אַ יידישע.

ער פרעגט מיך צי איך דערהער שלעכט. יאָ, איך דערהער שלעכט. ער פאַרשרייבט. צי איך קען די דייטשע שפּראַך? יאָ, אַביסל. ער הייסט מיך אויפשרייבן עטלעכע זאַצן אין דייטש. איך שרייב אויף. איך באַמי זיך שרייבן מיט נאָך מער פעלערן ווי געוויינלעך.

נאָכדעם קומען שוין די אַלט־באַקאַנטע פראַגן: פאַרוואָס איך בין אַנטלאָפן פון פוילן? פאַרוואָס אַנטלאָפן פון פּאָסיאָלעק? ווו האָב איך געוווינט אין וואַרשע? מיט וואָס זיך באַשעפטיקט?

דער מאַיאָר קוקט זיך נאָך אַמאָל איבער מיטן נאַטשאַלניק. יענער מאַכט מיטן קאָפּ אַזאַ מין באַוועגונג, וואָס איך קען באַין אופן נישט דערכאַפּן וואָס זי מיינט — יאָ, אָדער ניין.

ער הייסט די וועכטער מיך אַוועקפירן. איך טרעט ווידער צו מיט מיין טענה:

— איך האָב פאַרגעסן די קאַלאַשן אין קאַמער!

זיי פירן מיך אַריין אין זעלבן הויז, אויפן זעלבן שטאָק. איך פאַרשטיי, אַז זיי האָבן באַשלאָסן אין קאַנצעלאַריע, אַז איך בין נישט קיין ייד, נאָר אַ דייטש, מען איז מיך אוודאי חושד אין שפּיאָנאַזש און איצט וועט מיך פירן אויף רעכטס, אין די טויטן־קאַמער־ן.

ווען איך דערזע דעם וועכטער ביי דער טיר פון אונזער קאַמער, שטעל איך זיך אָפּ און זאָג צו אים בעטנדיק:

— גראַזשדאַנין דיזשורני, איך וויל מיינע קאַלאַשן. איך האָב פאַרגעסן מיינע קאַלאַשן אין קאַמער!

איך האָב אפילו נישט באַמערקט ווי די צוויי באַגלייטער מיינע זיינען שוין פון מיר אַוועק. דער דיזשורנע פון אונזער קאַמער קוקט מיך אָן. זיין וווּנדערבאַרער, מענטשלעכער שמייכל, וואָס איז אונז אַזוי גוט באַקאַנט און קיין שום אַרעסטאַנט וועט אים אַזוי שנעל נישט פאַרגעסן, שיינט איצט נאָך מער אויף ווי תמיד. ער נעמט מיך אָן פאַר אַ האַנט און זאָגט מיר מיט פאָטערלעכער צערטלעכקייט:

— וואָס איז מיט אייך? איר וועט האָבן אייערע קאַלאַשן. איר גייט דאָך צוריק אין דער זעלבער קאַמער! נו גייט אַריין, לייגט זיך גלייך שלאָפן און רוט זיך גוט אויס, ווייל איר זעט אויס קראַנק. אַ רואיקע נאַכט אייך!

און ער פראַלט אויף די טיר פון אונזער קאַמער!

די אַרעסטאַנטן זיינען אַראָפּ פון די געלעגערס און געקראָכן צו מיר אויף

אלע פיר, דער דיזשורנע זאָל זיי נישט דערזען. קראַנסקי און פּרילינג זיינען אַראָפּ־געשפּרונגען פון די נאַרעס. אַלע פרעגן זיי מיך פיבערדיק:

— וואָס איז געשען? וואָס האָבן זיי געוואָלט פון אייך? וואָס, וואָס? זאָגט!

איך האָב זיך ספּאַזמאַטיש פאַרהוסט, פאַרקייכט און נישט געקאָנט אַרויס־ברענגען קיין וואָרט. ווען איך האָב דערכאַפּט דעם אָטעם און געקומען צו זיך, האָב איך אָנגעהויבן דערציילן, אָבער מער געוויינט ווי דערציילט. איך האָב גע־פרעגט די געניטע אַרעסטאַנטן, וואָס דאָס אַרויסרופן מיך קאָן באַדייטן.

זיי האָבן דערויף עטלעכע השערות: עס קאָן זיין, אַז מען דאַרף מענטשן, וועלכע קענען די דייטשע שפּראַך, זיי זאָלן דינען פאַר צענזאָרן, איבערזעצער; די צווייטע השערה איז אַ פּשוטערע: מען וועט באַפרייען אַלע פּוילישע; די דריטע השערה איז די געוויינלעכע, וועלכע מען זאָגט נישט אַרויס, נאָר בלויז די ווערטער: „נו, דער טייוול וייסט זיי...״

אין פיר טעג אַרום, דעם 27־טן אויגוסט, צוויי בייטאָג, איז מען ווידער אַריינ־געקומען, אויסגערופן מיין נאָמען און געהייסן מיר זיך פאַרנעמען מיט די זאַכן.

איך געזעגן זיך מיט מיינע נאָענטסטע. וווהין איך דאַרף גיין, ווייס איך נאָך אַלץ נישט, נאָר עס איז בייטאָג. פּחד און אימה האָבן וויניקער שליטה.

מען פירט מיך צום נאַטשאַלניקס קאַנטאָר. אין קאָרידאָר וואַרטן שוין נאָך עטלעכע אַרעסטאַנטן. איצט היט אונז נאָר איין וועכטערין.

זי איז נישט אַזוי שטרענג און איך רעד זיך פונאַנדער מיט די אַרעסטאַנטן. אַלע זיינען זיי פּאָליאַקן, באַשולדיקטע אין פּאַראַגראַף 82, פאַר אַנטלויפן. אַ פּוי־לישער ציגיינער, קאַמינסקי, בליפּעט זיך פונאַנדער:

— פאַר אַנטלויפן גיט מען אין מלחמה־צייט טויט־שטראָף! מ׳וועט אונז איצט פירן צום שיסן!

די וועכטערין הערט דעם שמועס און שמייכלט. פון דעם שטויסט מען זיך אָן, אַז דעם ציגיינערס נביאות זיינען פאַלשע.

מען רופט אַריין דעם ציגיינער און איך דערהער פון הינטערן טיר ווי ער וויינט, ריטשעט און פאַלט אויף דער פּאָדלאָגע. ער לויפט אַרויס מיט אַ געשריי:

— איך בין פריי! מיר ווערן באַפרייט!

די וועכטערין לאָזט אים נישט שרייען. ער כאַפּט זי אַרום קושן. ער כאַפּט אונז אַלעמען אַרום און צעקושט זיך מיט אונז.

איין פּאָליאַק. וואָס איז נאָך אים אַריין, האָט דער נאַטשאַלניק געהייסן אים צוריקפירן אין קאַמער.

עס קומט אָן מיין ריי. עס זיצט דאָרט דער נאַטשאַלניק מיט אַ ספּעציעלן „באַפולמעכטיקטן״, אַ קאַפּיטאַן. ער לייענט מיר פאָר מיין נאָמען, אַלע דאַטעס און ווענדעט זיך צו מיר אין אַ פייערלעכן טאָן:

— אויפן סמך פון אַן אָפּמאַך פון אונזער רעגירונג מיט דער פּוילישער רע־גירונג, מיטן פּרעמיער־מיניסטער שיקאָרסקי, האָבן מיר באַשטימט אייך צו אַמ־נעסטירן! מיר באַפרייען אייך!

איך האָב פאַרשטיינערט אַ לייכטן נויג געטאָן מיטן קאָפּ:

— בלאַגאָדאַריו! (איך דאַנק).

דער קאַפּיטאַן האָט זיך איבערגעקוקט מיטן נאַטשאַלניק. עס איז אים, דאַכט

זיך, נישט געפעלן געוואָרן מיין צו־שטרענגער און אפשר שטאָלצער „בלאַגאָדאַ־ריו"! איך האָב דערפילט, אַז אָט־אָט קאָן אַלץ ווערן אויס און מען וועט מיך הייסן צוריקפירן אין קאַמער, ווי דעם פריערדיקן אַרעסטאַנט. איך הויב שנעל אָן צו רעדן וועגן עפּעס אַ זייטיקער זאַך:

— בירגער נאַטשאַלניק! מיר איז דאָ פאַרלוירן געוואָרן אַ פּיזשאַמע אין מאַגאַזין. מיינע אַ פּיזשאַמע, ביי מיין אָנקומען אַהער האָט עס דער מאַגאַזינער פאַרשריבן אַלס גאַטקעס און רעקל און נאָכער האָט ער מיר מיטגעטיילט אַז מיין פּיזשאַמע איז פאַרלוירן געגאַנגען.

עס פאַראינטערעסירט זיי מיין ענין מיט דער פּיזשאַמע. דער נאַטשאַלניק קריגט מורא פאַרן באַפּולמעכטיקטן. עס קאָן קאָמפּראָמיטירן זיין אַדמיניסטראַ־ציע. ער נעמט שנעל דאָס טעלעפאָן־טרייבל און קלינגט אין מאַגאַזין. ער פרעגט־אָן וועגן דער פּיזשאַמע. עס איז אַלץ אין אָרדנונג:

— איר וועט באַלד באַקומען אייער פּיזשאַמע! וווהין ווילט איר פאָרן אַלס באַפרייטער?

— איך וויל פאָרן צוריק אין פּאָסיאָלעק.

דאָס, דווקא, געפעלט אים. ער שרייבט מיר אויס אַ צעטעלע צו דער קאַסע צו באַקומען געלט אויף אַ רייזע־בילעט.

און אָט גיי איך שוין אַרויס אויפן קאָרידאָר, איך האָב אין האַנט אַ באַ־פרייאונגס־צעטל.

דער ציגיינער דערציילט מיר, אַז ער איז ערשט היינט אַרויס פון שפּיטאָל. דאָרט איז היינט געשטאָרבן זיין שכן, אַ פּאָליאַק, מיטן נאָמען — וואָיטשעך באַראַן!

די ידיעה האָט מיר אַ שניט געטאָן אין האַרץ. איך האָב זיך דערמאָנט, אַז דאָס צעטעלע מיט דער נביאות אויף אונזער באַפרייונג איז איינגענייט אין באַ־ראַנס פּופּייקע.

איך בין שוין אויפן הויף. איך האָב מורא זיך אומצוקוקן. איך גיי אין מאַ־גאַזין. די פּיזשאַמע איז, פאַרשטייט זיך, נישטאָ. ער ווייסט פון גאָר־נישט. איך גיי פּאַמעלעך צום טויער. דער וועכטער באַקוקט גענוי מיין באַפרייאונג־צעטל. אין דרויסן שטייט אויך אַ קאָנוואָי מיט אַן אויסגעשטרעקטער ביקס. איך גיי פּאַמע־לעך, פּאַמעלעך, ער זאָל נישט מיינען, אַז איך אַנטלויף פון דאַנען. ער קאָן מיר נאָך נאָכשיסן.

איך ווייס נישט אין וועלכער זייט צו גיין, איך וויל זיך אָבער נישט פרעגן. איך שפּאַן פּאַמעלעך מיטן זעקל אויף די פּלייצעס איבער די גאַסן פון אַרכאַנגעלסק.

איך בין אַריין אין אַ ראַזורע. אַ פרוי גאָלט אָפּ מיין בערדל. זי דערקענט, אַז איך גיי איצט פון טורמע:

— ווי לאַנג געזעסן?

איך זאָג איר:

— פינף חדשים פאַרשיקונג, ניין חדשים טורמע.

זי שמייכלט. זי איז אָפּגעזעסן דריי יאָר און עס איז נישט לאַנג אַרויס. זי וואָרנט מיך, אַז איך זאָל זיך אויסהיטן נישט אַריינצופאַלן אַ צווייט מאָל. נישט אַלעמאָל וועט זיין אַן אַמנעסטיע.

דערווייל צעבלוטיקט זי מיך ביים גאָלן. מיין הויט איז שוין נישט געוווינט

צו קיין גאָל־מעסער. זי גלעט מיר דאָס פּנים, בעט מיך איבער פאַרן צעקאַליעטשן און באַשפּריצט מיך מיט אָדעקאָלאָן. נאָך ניין חדשים, דערזע איך ערשט איצט אַ שפּיגל. איך דערקען זיך נישט.

איך גיי צום פּאָרט. איך האָב אויסגעגעבן אַ רובל אויף ראַזירן און איצט וועט מיר פעלן אויף צו קויפן דעם בילעט. איך וועל מוזן עפּעס פאַרקויפן פון מיין וועש. איך דערזע אויפן מאַרק ציבעלעס און קויף גלייך אַ גאַנץ בינטל. איך נעם עסן די ציבעלעס און גיי צריק צום פּאָרט. איך האַלט זיך קוים אויף די פיס און מוז זיך אָנלענען אין דער באַריערע.

אַ שיף וועט זיין ערשט מאָרגן. איך שטיי אָנגעלענטביים באַריער און קוק אויף מיין היימישער צפון־דווינע, זוך אין דער ווייטקייט. פונם קייען די ציבעלעס קומען טרערן אין די אויגן. קומען שוין נאָך טרערן, וועלכע האָבן שוין לאַנג, לאַנג זיך געשפּאַרט צום אַרויספּלייצן.

איך שטיי איבערגעבויגן איבערן טייך. די טרערן פאַלן אין דער דווינע. איך וויל אַלץ נאָך מער און מער וויינען — איך בין גליקלעך!

איך האָב דערלעבט די פרייהייט!!

(סוף פון ערשטן בוך)

## ערשטער טייל

# צום לאַנד פון זון, וויינטרויבן און — גרענעצן ...

## קאַפּיטל א

דעם ערשטן סעפּטעמבער בין איך צוריקגעקומען אין פּאָסיאָלעק אַבראַמ־קאָווא. איך בין געווען דער ערשטער, וואָס בין צוריקגעקומען פון די טורמעס. אי־בער דער צייט וואָס איך בין דאָ נישט געווען, זיינען נאָך צוואַנציק פון אונזערע מענטשן אַרעסטירט געוואָרן.

גראַד ביים אָנקומען האָט דאָ אַן עלטערער לייטנאַנט פון דער ראַיאָן־נקווד, פאַרגעלייענט פאַר די פאַרשיקטע דעם אַמנעסטיע־באַפעל פאַר פּוילישע בירגער. ביז דער לעצטער רגע זיינען די פאַרשיקטע נאָך נישט געווען זיכער מיט דער אַמ־נעסטיע, הגם עס איז וועגן דעם געווען אַן אָפיציעלע מעלדונג אין דער סאָוויעטי־שער פּרעסע.

די נאַטשאַלסטווע אויפן אָרט האָט ביז איצט געטענהט, אַז די אַמנעסטיע איז נישט חל אויף קיין יידן. אַלס פּוילישע בירגער ווערן פאַרעכנט נאָר פּאָליאַקן.

איצט האָט דער עלטערער לייטנאַנט פאַרגעלייענט די מעלדונג אויף אַ פאַר־זאַמלונג פון אַלע פאַרשיקטע. עס זיינען געהאַלטן געוואָרן רעדעס פון דער נאַ־טשאַלסטווע און פון אונזערע. מען האָט אויסגערופן לכבוד דער רויטער אַרמיי און געווונטשן אַ שנעלן נצחון איבער די פאַשיסטישע מערדער.

דער לייטנאַנט און קאָמענדאַנט האָבן זיך געווענדעט צו אונזערע, אַז מען זאָל ווייטער פאָרזעצן די נאָרמאַלע אַרבעט. מיר זיינען פון איצט אָן שוין פריייע מענטשן, יעדער איינער וועט קאָנען פאָרן וווהין נאָר ער וויל, איבער גאַנץ ראַטנ־פאַרבאַנד, מיטן אויסנאַם פון די הויפּט־שטעט פון די רעפּובליקן און רעזשים־שטעט פון ערשטער מדרגה. עס וועט נאָך דויערן אַ שטיקל צייט ביז מען וועט אויסשרייבן פאַר יעדן אַ באַפרייאונג־שיין. דערווייל דאַרפן אַלע אַרבעטן נאָרמאַל ווי ביז איצט. די וועלכע ווילן פאַרבלייבן אַרבעטן דאָ אויפן אָרט, וועט זיי געהע־כערט ווערן דער אַרבעטס־לוין אויף פופציק פּראָצענט. עס וועט זיי אויך געהע־כערט ווערן די ברויט־ראַציע.

זיי לויבן איצט שטאַרק די אַרבעט פון די פאַרשיקטע, אַז זיי האָבן צווישן זיך אַ סך סטאַכאַנאָווצעס, וועלכע האָבן אין דער נאָרמע שוין וויט איבערגעיאָגט די רוסן. וואָלט דעריבער געווען געווונטשן, אַז אַלע זאָלן פאַרבלייבן דאָ אויפן אָרט. עס וועט זיי אויך אויסגעבעסערט ווערן די וווינונגס־באַדינגונגען, אַלע וועלן באַקומען שטאָף אויף מלבושים און אפילו — שטיוול.

קיינער האט דערויף נישט אפגעענטפערט. קיינער באשטייט נישט דערויף. יעדער איינער וויל אוועק פון דעם מקום־פורעניות ווו ער איז געווען אן ארעסטאנט, אוועק פון דעם וויסטן, קאלטן צפון. די לעטצע טעג האט מען אין די באראקן שוין געהאט שטודירט די לאנדקארטע און זיך באשטימט וווהין צו פארן. אין די צוזאגענישן אויף די בעסערע באדינגונגען, שטאף אויף מלבושים און שטיוול האט, פארשטייט זיך, קיינער נישט געגלויבט. נאר אפילו ווען דאס זאל זיין אמת, וואלט עס אויך נישט געפועלט. מען וויל אוועק וואס ווייטער פון דעם פארשאלטענעם צפון, מען וויל פארן אין די ווארעמע געגנטן, דערפילן דעם טעם פון אן אמתער זון, דערווארעמען די אויסגעפרוירענע ביינער, מען וויל אוועק אין א לאנד ווו עס וואקסן מאראנצן, טייטלען, וויינטרויבן, און דאס וויכטיקסטע — מען וויל אוועק אין אזא געגנט, וואס ליגט נאענט צו א גרענעץ...

חוץ אייניקע, וואס האבן באשטימט צו פארן צו זייערע נאענטע קרובים, זיינען אפגעקליבן געווארן צוויי ערטער וווהין אלע וועלן אוועק צוזאמען. א קליינער טייל האט אויסגעקליבן קאווקאז און די רעשט האבן זיך געאייניקט צו פארן אין דעם זוניקן אוזבעקיסטאן, אין דער שטאט סאמארקאנד.

צו דער ארבעט זיינען איצט אלע געגאנגען שוין גאר מיט אן אנדערן חשק. אלס פרייער מענטש ארבעט זיך גאנץ אנדערש. יעדער גייט מיט אן אויפגעהויבענעם קאפ און מיט פרייד אין די אויגן. די רוסן ארום זיינען שטארק איבערראשט, זיי האבן נאך אלץ נישט געגלייבט, אז מען וועט די פוילישע אויף אן אמת באפרייען. זיי וויסן, אז אין יאר 1927 איז געווען אן אמנעסטיע. פון דעמאלט אן, שוין פערצן יאר, איז נאך נישט געווען קיין פאל פון באפרייען. איצט גלייבן זיי שוין יעדעס ווארט, וואס עס זאגן די פוילישע. גלייך ווי זיי זיינען נאר אהער אנקומען, האבן זיי פארויסגעזאגט א מלחמה מיט די דייטשן, איז עס אזוי געשעען. די פוילישע פארשטייען זיך אויף פאליטיק.

די רוסן חנפהנען אונז איצט, ווילן אויפווייזן, אז זיי האבן זיך שטענדיק גוט באצויגן, ווינטשן אונז איצט אלדאס גוטע. עס איז אבער נישט אמת דאס ערשטע און נישט דאס צווייטע, זיי פארגינען אונז נישט די באפרייאונג.

די ערשטע פארמיע באקומט שוין באפרייאונג־שיינען. טייל פרוון עס איבערשאצן אויף געלט. מען ווייסט צו דערציילן, אז א רוס האט פארגעשלאגן אפצוקויפן אזא פאפירל און איז גרייט צו באצאלן דערפאר די הארענדאלע, פאנטאסטישע סומע פון דרייסיק טויזנט רובל.

אונזער עולם גייט ארום מיט אויפגעהויבענע קעפ, זיגעריש, גליקלעך. אזא גליק קען נאר פארשטיין דער, וואס האט אליין געפילט דעם טעם פון אומגליק.

## קאפיטל ב

איך האב נישט קיין ארט ווו צו שלאפן און מוז זיין א גאסט יעדע נאכט אויף אן אנדער געלעגער.

מיינע פריינט און באקאנטע האבן מיך אויפגענומען מיט פרייד. ערשט דא בין איך געוויר געווארן, אז מיין שוועגערין איז געלונגען דאס אנטלויפן פון ארכאנגעלסק. זי איז אין ביאליסטאק צוזאמען מיט מיין ברודער. איך בין אויך געוויר געווארן, אז עס איז אין דער צייט אנגעקומען א פעקל מיט פראדוקטן פאר

דעם זשורנאַליסט קוטשער און מיר, געשיקט דורך עטלעכע חברים־שרייבער פון ביאַליסטאָק. איך בין אויך געוווירגעוואָרן, אַז אַ סך פון מיינע בריוו, וואָס איך האָב געהאַט פונדאַנען אַוועקגעשיקט צו מיין ברודער קיין אַמעריקע (איך האָב די בריוו אונטערגעשריבן מיט אַן אַנדערן נאָמען און געענדערטער האַנטשריפט) ליגן נאָך ביים קאָמענדאַנט. מיינע, ווי נאָך אַ סך אַנדערע בריוו, זיינען פאַרהאַלטן געוואָרן און נישט געוואָרן אָפּגעשיקט צו די אַדרעסאַטן. דער קאָמענדאַנט האָט דאָ געהאַט אַ געהיימען יידישן צענזאָר. דאָס איז געווען גראָד דער איידעלער מענטש, דער למדן, מיין נאָענטער פריינט — אינזשיניער פרידע. איך האָב אים איבערגעפרעגט צי עס איז אמת, וואָס מען זאָגט וועגן אים, האָט ער אַ פאַרשעמטער אַראָפּגעלאָזט די אויגן. יאָ, ער איז זיך דערצו מודה:

— איך בין אַ פּחדן. זיי זיינען מיר דערגאַנגען די יאָרן, געדראָט מיר מיט אַרעסט. איך האָב זיך, צו מיין שאַנד, איינגעבראָכן!

ער פּרווט זיך נאָך פאַרענטפערן דערמיט, אַז ער האָט קיינעם קיין שלעכטס נישט געטאָן. ער האָט איבערגעזעצט נאָר בוכשטעבלעך. דעם פאַרשטעלטן מיין פון אַ סך שטעלן אין די בריוו האָט ער פאַרן קאָמענדאַנט נישט פאַרטייטשט.

איך האָב זיך גאַנץ דעליקאַט פון אים דערווייטערט, זיך אָפּגעזאָגט פון צו נעמען אַ הלוואה, וואָס ער האָט מיר פאָרגעשלאָגן.

איך בין געווען אָן אַ גראָשן. ביים אַרויסגיין פון טורמע האָב איך געקריגן נאָר אַזויפיל געלט, וויפיל עס קאָסט אַ בילעט אויפן דאַמפער ביז אַבראַמקאָווע. מיר איז אויסגעקומען צו שלאָפן איין נאַכט אין אַרכאַנגעלסק און בין אַוועק אין הויז „פאַר קאָלכאָזניקעס". אַ נאַכט איבערשלאָפן קאָסט זעקס רובל. דאָס גאַנצע אָנטועכץ מיינס האָב איך, פאַרשטענדלעך, זיך אונטערגעלייגט אונטערן קישן. מיינע שכנים מיטשלעפער זיינען דאָך אויך געווען באַפרייטע אַרעסטאַנטן, גנבים מיט קליינע אורטיילן, נאָר ביז דריי יאָר. זיי האָבן באַדאַרפט שפּעטער זיך שטעלן פאַר אַ מיליטערישער קאָמיסיע.

מיין שכן האָט טאַקע אין מיטן נאַכט אַרונטערגערוקט די האַנט אונטער מיין קישן. איך בין נאָך נישט געהאַט געשלאָפן, צוליב דער אויפרעגונג פון דער באַפרייאונג און אויך טאַקע דערפאַר, ווייל איך האָב מורא געהאַט איינצושלאָפן, אַז מען זאָל מיר נישט צוגנבענען דאָס אָנטועכץ צוזאַמען מיט די פּאָר גראָשן. ווען איך האָב דערפילט אַ פרעמדע האַנט אונטערן קישן, האָב איך נאָך צוגעוואַרט אַ רגע, ביז ער וועט נישט אַרונטערוקן די גאַנצע האַנט און ערשט דאַן האָב איך אים דערלאַנגט אַ זעץ אין האַנט. איך בין אַראָפּגעשפּרונגען פון געלעגער, אָנגעצינדן די עלעקטרי און זיך געוואָרפן אויף מיין שכן. כאָטש ער איז געווען צוויי מאָל אַזוי גרויס ווי איך, האָב איך אים אָנגעכאַפּט פאַרן האַלז און געשריגן:

— אוביו! (כ'וועל דערהרגענען).

איך האָב דעמאָלט צום ערשטן מאָל זיך באַנוצט מיט דער „ברייטהאַרציקער" רוסישער קללה און אים געזידלט „אין זיין זונהשער מאַמען אַריין".

איך האָב זיך, זעט אויס, אָנגעשטעקט פון מיינע טורמע־חברים מיט דער רציחה און הפקרות אינם קאַמף פאַרן קיום. וואָלט מען מיר צוגענומען דאָס אָנטועכץ, אָדער דאָס געלט אויפן בילעט, וואָלט איך באמת געבליבן אין אַ שווערער, אויסגאַנגלאָזער לאַגע. קיינער וואָלט מיר נישט געהאָלפן.

אינדערפרי האָב איך נאָך געמוזט פאַרקויפן אַ האַנטוך און אָפּנעמען די פּאָר רובל, וואָס איך האָב אויסגעגעבן אויף נאַכטלעגער. עס האָט מיר נאָך אָבער אַלץ צוגעפעלט דריי רובל, וואָס איך האָב אויסגעגעבן אויף ראַזירן, ציבעלעס און אַ גלאָז טיי.

איך בין אַוועק צום לערער וולאַדימיר פרענקעל. ער איז שוין נישטאָ. מען האָט אים צוגענומען אויפן פראָנט. זיין פרוי האָט מיר געגעבן די נויטיקע דריי רובל.

די צוויי טעג, וואָס איך בין געפאָרן אויפן דאַמפער, האָב איך כמעט געהונגערט. אַ יונגער, פערצניעריקער שילער, אַ זון פון אַ קאָלכאָזניק, וואָס איז געפאָרן זיך לערנען אין אַגראַר־אינסטיטוט, האָט געהאַט ביי זיך היימיש ראַזאָווע ברויט. איך האָב אים געשילדערט בילדלעך פון מיינע אַמאָליקע רייזעס איבער פּאַריז, עניפּטן, קליין־אַזיע און ער האָט מיר צוויי מאָל באַצאָלט „האָנאָראַר" מיט קליינע שטיקלעך שוואַרץ ברויט. עס האָט געהאַט טעם גן־עדן, דורכגעבאַקן מיט קימל און קאָפּער.

דער קליינער האָט מיך אָנגענומען פאַר אַ סך עלטער ווי איך בין. ווייל ער האָט פאַרשטאַנען, אַז די רייזעס האָב איך געמאַכט נאָך פאַר דער רעוואָלוציע, ווייל נאָך דער רעוואָלוציע קאָן דאָך קיינער נישט פאָרן קיין אויסלאַנד. איך האָב אים דערציילט, אַז איך בין פון פּוילן. פון דאָרטן האָט מען געקאָנט פאָרן קיין אויסלאַנד. איך האָב אויך געבאָרגט ביי אים דריי רובל, צוגעזאָגט אים אָפּצושיקן עס פון פּאָסיאָלעק.

אויף דער שיף האָט מען געקריגן צו קויפן צוויי מאָל אין טאָג צו הונדערט גראַם ברויט און קיפּיאַטאָק (געקאָכט וואַסער). אָבער דאָס נאָר אין דער דריטער קלאַס. אין ערשטן און צווייטן קלאַס האָט מען געקריגן צו צווייהונדערט גראַם ברויט, זיסע טיי און אַ זופּ. דאָס אַלץ האָט מען דערלאַנגט צום טיש, מען האָט נישט באַדאַרפט שטיין אין אָטשערעד און צעקוועטשט ווערן. אָבער אין בופעט פון דער ערשטער און צווייטער קלאַס האָט מען מיך נישט אַריינגעלאָזן. איך בין געווען שלעכט אָנגעטון. דער ערשטער און צווייטער קלאַס זיינען פאַר נאַטשאַלסטווע און פאַר די אַלע, וואָס זיינען אָנגעטון אַנשטענדיק, אַזעלכע ווי איך און מיינסגלייכן לאָזט מען דאָרט נישט אַריין. פאַרשטייט זיך, אַז ס'רוב פּאַסאַזשירן געפינט זיך אין דריטן קלאַס. דער רוב פּאַסאַזשירן גייט אָנגעטון נישט נאָר אַזוי ווי איך, נאָר באַדייטנד ערגער.

אין דריטן קלאַס איז אויך אומעגלעך צו פּאַקן אַן אָרט אויף צוליינן זיך. אויף די נאַרעס ליגן אָנגעשטאָפּט מענטשן איינער אויפן צווייטן, עס טראָגט זיך פון דאָרטן אַ געדיכטע פאַרע צוזאַמען מיט שלעכטע ריחות. אָט שלאָפט אַ פרוי, איינגעקוועטשט אויף דער נאַרע און אין האַנט האַלט זי דאָס נאַקעטע, שלאָפנדיקע קינד, וואָס הענגט אַראָפּ מיט אַ האַלב קערפּערל און קאָן יעדע רגע אַראָפּפאַלן.

איך פאַרברענג מערסטנס אויפן דעק. ביינאַכט איז דאָ קאַלט צו שלאָפן און כ'מוז שפּאַצירן הין און צוריק. איך טרוים איצט וועגן דעם, אַז אפשר איז מיין פרוי און קינד געלונגען צו אַנטלויפן פון סלאָנים בעתן אָנקומען פון די דייטשן? אפשר וועל איך זיך נאָך מיט זיי טרעפן דאָ ערגעץ אין רוסלאַנד?

## קאַפּיטל ג.

עס זיינען שוין צוריקגעקומען נאָך עטלעכע פון די טורמעס. טייל זיינען געשטאָרבן אין לאַגער, אַנדערע זיינען בכלל נישט באַפרייט געוואָרן, ווייל נישט אַלע וועלכע זיצן אין די טורמעס און האָבן דעם פּאַראַגראַף 58 (קאָנטער־רעוואָלוציע), ווערן באַפרייט.

צווישן די צוריקגעקומענע איז אויך דאָ מיין שוועגערינס ברודער נעטל, און זיין חבר ברייטמאַן. ביידע זיינען זיי אַנטלאָפן פון פּאָסיאָלעק. מען האָט זיי אין וועג געכאַפּט. מען האָט זיי, ווי געווײנלעך, באַשולדיקט אין שפּיאָנאַזש, דער עיקר צוליב ברייטמאַנס דערציילן, ווי אַזוי ער, אַלס זעלנער פון דער פּוילישער ארמיי, איז גענומען געוואָרן אין געפאַנגענשאַפט דורך די דייטשן. ער מיט נאָך עטלעכע זעלנער האָבן אויסגעהאַקט אַ לאָך אינם דאַך פון צוג און אַראָפּגעשפּרונגען אין מיטן לויף פון צוג. אַזאַ געוואַגטקייט וועקט פאַרדאַכט. אויף אַזעלכע שטיקלעך ווי אַנטלויפן פון אַ וואַגאָן, איז פּעיק נאָר אַ שפּיאָן.

מען האָט זיי בעת דער אויספאָרשונג, ווי עס זאָגט נעטל, געמקלט. אין יאַראָסלאַווער טורמע האָט נעטל פאַרזוכט דעם טעם פון אַ גומענער קאַמער. דאָרט זיינען די ווענט און דיל פון גומע, מיט „קאַצן־קעפּ”, אַזעלכע גומענע „דריידעלעך” מיט די שפּיצן אַרויף. מען קאָן אויף זיי נישט איינשטיין, נישט ליגן, מען וויגט זיך און מען וואַקלט זיך, ווי אַ שיכורער הין־ און צוריק. עס האָט נאָך אַ מעלה, די גומי־ווענט לאָזן נישט דורך קיין געשריי, קיין שום קול. נעטל, דער יונגער בלעכער פון לובלין, וואָס האָט אַמאָל געהערט צום „השומר הצעיר”, איז אַן אייביקער אָפּטימיסט און איז אין אַ גוטער שטימונג. ער נעמט זיך נישט איבער מיט דער גומענער קאַמער אין יאַראָסלאַוו, ער איז צופרידן — זאָגט ער — דערמיט, וואָס ער איז נישט אַריינגעפאַלן אין דער שטאָט גאָרקי (אַמאָל ניזשני נאָווגראָד), אין יענער טורמע איז אַביסל ערגער ווי אין יאַראָסלאַוול. אין יענער טורמע, אין דער שטאָט, וואָס טראָגט דעם נאָמען פון דעם גרויסן שריפטשטעלער און הומאַניסט מאַקסים גאָרקי — דאָרט באַנוצט מען זיך מיט אַ „וואַסער־זייגער”. מען שרויפט איין דעם אַרעסטאַנט אין אַ שמאָל קעמערל, מען גאָלט אים אָפּ די האָר אויפן סאַמע מיטן קאָפּ און דורכן סופיט טריפן פּאַמעלעך טראָפּנס און פאַלן אויף דעם נאַקעטן קאָפּ. נאָכן אָפּשטיין אַ לענגערע צייט אונטערן קראַן, אויב מען גייט נישט אַרויס משוגע, שרייבט מען אונטער יעדן באַשלודיקונגס־אַקט.

די טורמע־נאַטשאַלניקעס געניסן אַוודאי פון אַ באַזונדערער אויטאָנאָמיע: יעדער פון זיי האָט רעכט איינצואָרדנען אין זיין טורמע אַזאַ „זיך־מודה־זיין־מאַשין”. אַזעלכע אויספאָרשונגס־מעטאָדן, וועלכע ער האַלט פאַר פּאַסיק און נוצלעך. קרופּסקאַיאַ (לענינס פרוי) האָט פאַרן טויט, זאָגט מען, געלאָזן אין איר צוואה — די בקשה, אַז מען זאָל אין די תפיסות נישט שלאָגן קיין אַרעסטאַנטן. נאָר אַ קורצע צייט האָט מען דערפילט איר בקשה. דערנאָך האָט מען שנעל פאַרגעסן אין קרופּסקאַיאַס צוואה, פּונקט ווי מען האָט שנעל פאַרגעסן אין אַ סך אַנדערע צוואות...

***

כמעט אַלע האָבן שוין אַרויסגעקריגן באַפרייאונג־שיינען. עטלעכע האָבן נישט באַקומען, ווייל מען לאָזט זיי בכלל נישט אַוועק פונדאַנען. אַכט פערזאָן זיי־

נען פאַרהאַלטן און מען וויל זיי דערוויי נישט באַפרייען. דאָס זיינען די צוויי ברי־דער, באַוווּסטע ספּאָרטלער פון וואַרשעווער „מכבי", אַ יונגע לאָדזשער פרייליין, די באַראַק־עלטסטע מיט איר טעכטערל, דער קראַנקער איינבינדער מיט זיין יינגעלע און אינזשעניער פרידע.

די אַכט מענטשן בעטן זיך ביי אונז, אַז מיר זאָלן דערוויי נישט אַוועקפאָרן אָן זיי, ווייל טאָמער קומט זיי אויס צו בלייבן דאָ, שפּרינגען זיי אין דער דווינע. זיי ווילן דאָ מער נישט לעבן. אָבער קיינער וועט, פאַרשטייט זיך, נישט וואַרטן אויף זיי. נישט נאָר דערפאַר ווייל העכער דריי הונדערט פּערזאָן וועלן זיך נישט אַוועקזעצן וואַרטן אויף אַכט, יעדן איינציקן איז דאָ די מינוט צו גרויס, נאָר אויך דערפאַר, ווייל מען האָט אַ חשד, אַז די אַלע זעקס דערוואַקסענע האָבן אין געהיים מיטגעאַרבעט מיט דער נקוויד. געווען זייערע קאָנפידענטן, אונטערגעשריבן פאַר־פליכטונגען. איצט קען די נקוויד מיט זיי מאַכן וואָס זי וויל. זיי רעכענען זיך שוין אַלס זייערע אָנגעשטעלטע.

נאָר וועגן צוויי פון זיי האָט מען געוווּסט, אַז זיי זיינען „פּאַרשיווע אויערן" (אונטערהערער און צוטראָגער), אָבער וועגן דער רעשט האָט מען גאָרנישט גע־וווּסט. מען האָט זיך אַפילו נישט געקאָנט צוגלייבן, אַז אַזאַ איינער ווי דער קראַנ־קער, לאָמער איינבינדער, אין צעבראָכענעברילן אויף די אויגן, אַ שטילער, זיי־דענער מענטש, וואָס האָט קיין פליג נישט פאַרטשעפּעט, אַז דער זאָל אויך האָבן געהערט צו די מוסרים. עס קאָן אויך זיין, אַז די נקוויד האָט בכיוון אויסגעמישט די מוסרים מיט עטלעכע אָרנטלעכע מענטשן, בכדי מיר זאָלן זיך נישט כאַפּן ווער־מען מען מיינט. זיי ווילן פאַרמאַסקירן זייערע פּאַקטישע קאָנפידענטן.

דעם זיבעצנטן סעפּטעמבער זיינען שוין אַלע געשטאַנען מיט די פּעק ביים ברעג פון דער צפון־דווינע און געוואַרט אויף אַ דאַמפּער קיין קאָטלאַס.

איינציקע איז געווען שווער זיך צו שיידן מיט דעם אָרט, ווייל זיי האָבן דאָ געלאָזט אויף אייביק זייערע נאָענטע, אַפילו אָן אַ רעכטן קבר.

עטלעכע פון די רוסן זיינען געקומען זיך געזעגענען. איינער פון זיי איז גע־ווען לוט־שיכור, האָט ער דעריבער געלאָזט ווילגיין זיין צונג און צום אָפּפאָרן געלאָזט אונז וויסן, אַז:

— דער גאַנצער אַדאָלף היטלער איז אַ גרויסער פּושער, ער ווייסט נישט ווי אַזוי מען שעכט יידן. וועט ער נאָר קומען צו אונז, וועט די צפון־דווינע און אַלע רוסישע טייכן ווערן רויט פון אייער בלוט! מיר וועלן דעמאָלט מיט הנאה זיך אָפּבאָדן, יעי באָגו!

עס איז געוואָרן אַ טומל, מען האָט זיך געוואָרפן אויף אים און געוואָלט שלעפּן צום קאָמענדאַנט. אַנדערע האָבן געהאַלטן, אַז מען דאַרף אים אַליין מקים פּסק זיין. די רעשט רוסן האָבן אים אָבער פאַרשטעלט, טענהנדיק, אַז אַ שיכורן טאָר מען נישט שלאָגן, ער איז נישט פאַראַנטוואָרטלעך. ער ווייסט נישט וואָס ער רעדט. זיי האָבן אים אַוועקגעשלעפּט און שנעל אַוועק פון אונז אָן אַ „פּאָר געזונט"...

אָט דערנענטערט זיך שוין די שיף און מען דאַרף זיך גרייטן אין וועג אַריין. מיט פּערצן חדשים צריק זיינען מיר אַהער אָנגעקומען פון קאָטלאַס אַלס פאַר־שיקטע, איצט פאָרט מען צריק באַפרייטע. מיר פאָרן קיין קאָטלאַס און פון דאָרטן

— צו דעם ווייטן, פאַנטאַסטישן און עקזאָטישן אוזבעקיסטאַן — דעם לאַנד פון זין, ווייַנטרויבן און גרענעצן...

מיר זיינען אַרויף אויפן דאַמפּער.

נעטל זאָגט איצט הויך אויפן קול:

— ווען זיי אַלע דאָ אַרום וואָלטן געווען טויב, וואָלט כדאַי געווען אויפצו־זינגען „התקוה".

האָבן אַלע דאָס פאַרשטאַנען און יעדער איינער האָט געזונגען אין זיך דאָס ליד פון האָפענונג.

## באַפרייטע עשאַלאָנען

קיין שום אומבאַקוועמלעכקייטן און וועג שרעקן איצט נישט אָפּ און מאַכן נישט קיין איינדרוק. אַלס באַפרייטע איז לייכטער צו פאַרטראָגן יעדע אומבאַ־קוועמלעכקייט. אויפן שיף חזרן זיך איבער די זעלבע סצענעס מיט די פאַרשידענע קלאַסן פּאַסאַזשירן. די וועלכע זיינען אָנגעטאָן ליטיש, קאָנען אַריינגיין אין בופעט פון ערשטער קלאַס און עסן אָפּעסן מענטשלעך, ביי אַ טיש, די 200 גראַם ברויט, זופּ און זיסע טיי. די אָרעם־אָנגעטוענע מוזן זיך פּאַקן און שטויסן אונטן, אין דריטן קלאַס, כדי צו באַקומען הונדערט גראַם ברויט און אַביסל געזאָטן וואַסער.

איך בין נאָך פאַרנומען מיט אויספרעגן באַקאַנטע פון פּאָסיאָלעק וועגן אַלעם, וואָס איז געשען ביי זיי פאַר דער צייט, וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט, ווייל ניין חדשים האָב איך דאָך נישט געזען קיין צייטונג פאַר די אויגן. איך האָב איצט באַקומען צו לעזן די „פּראַוודאַ" פון דריטן יולי, מיט סטאַלינס באַקאַנטן אויפרוף. איך האָב ביז איצט נישט געגלייבט, אַז דער אויפרוף פאַרענדיקט זיך טאַקע אַזוי ווי מען האָט זיך דערציילט, ביז איך האָב עס אַליין נישט איבערגע־לייענט. סטאַלינס אויפרוף פאַרענדיקט זיך מיט די ווערטער:

„טרעט אַריין מאַסנווייז און פאַרשטאַרקט די רייען פון דער פּאַרטיי לענין־סטאַלין!"

איך האָב נישט געגלייבט, אַז סטאַלין זאָל פאַרענדיקן זיינס אַ ווענדונג מיט די ווערטער, אַז מען זאָל אַריינטרעטן אין דער פּאַרטיי פון לענין־סטאַלין. דאָס הייסט, אַז ער רעדט שוין וועגן זיך אין דער דריטער פּערזאָן, אַז ער, דער לעבע־דיקער סטאַלין, פילט נאָר אויס דעם געבאָט פון יענעם שוין לעגענדאַרן פּאָלקס־פירער. אַז ער, דער לעבעדיקער, איז שוין אַ קנעכט פון יענער לעגענדע—סטאַלין. עס האָט דערמאָנט אין די ווענדונגען פון די צאַרן און מלכים, וועלכע הויבן אָן זייער ווענדונג צום פאָלק מיט די ווערטער — „מיר, דער קיסר..." ווייל ער איז שוין נישט קיין יחיד, נאָר אַ רבים, אַ גאָט־געזאַלבטער.

דאָס סאָוויעטישע פאָלק באַצייכנט געוויינלעך (אויפן אויער) לענינען און סטאַלינען מיט די עפּיטעטן:

„לענין מודרי (דער קלוגער), סטאַלין כיטרי" (דער כיטרער).

לויט דעם אויפרוף זעט נישט אויס, אַז ער זאָל זיין כיטרע, גיכער איז ער שוין איבערגעוואַקסן די נאָרמאַלע גרענעץ פון מענטשלעכן שכל, ווי ער איז

אריבערגעוואקסן אויף אַ סך געביטן. אז מען וויל, קאָן מען דאָס אָנרופן „איבער־מענטש", אָבער מען קאָן עס אָנרופן אויך אנדערש...

מיר האָט זיך דעמאָלט דערמאָנט אין משה נאַדירס אַפּיקורסיש פעליעטאָנדל, אין וועלכן ער האָט טענות צו גאָט, פאַרוואָס ער לאָזט זיך אַזוי שטאַרק לויבן פון זיינע אונטערטעניקע מתפללים. ווי ווערט דאָס נישט דערעסן דעם אויבערשטן — פרעגט נאַדיר — אַזויפיל מאָל אין טאָג אַזעלכע שבחים. אַז ער איז גרויס, קלוג, אַלמעכטיק.

איך ווייס נישט צי גאָט קאָן פאַרווערן זיינע מתפללים צו זאָגן אַזעלכע שבחים... נאָר סטאַלין וואָלט עס זיכער געקאָנט. וועגן דעם זעלבן לויבן האָט שוין סטאַלינען אַמאָל געהאַט געפרעגט אין אַן אינטע־וויו, עמיל לודוויג. סטאַלין האָט אים דעמאָלט אָפּגעענטפערט, אַז וואָס איז ער דען דערין שולדיק? אַזוי וויל דאָס פאָלק! . . .

איך לייען אַצינד נאָך אַמאָל איבער אין דער צייטונג דעם גענויען טעקסט אין דעם קאָמוניקאַט וועגן דער אַמנעסטיע. איך האָב אים שוין געהאַט געלייענט אין טורמע. דעם צייטונגס־אויסשניט האָט אַן אַרעסטאַנט געהאַט אַריינגעשמוגלט אין דער קאַמער. אין דעם אַמנעסטיע־קאָמוניקאַט ווערט געזאָגט, אַז אַלע פוילישע בירגער, שולדיקע אין די אויסגערעכנטע פאַרברעכנס (חוץ שפּיאָנאַזש) וועלן גע־ניסן פון דער אַמנעסטיע און באַפרייט ווערן. האָבן די רוסן אונז געוואָלט אויפ־קלערן, אַז אַ סך וועלן נישט באַפרייט ווערן דערפאַר, ווייל מען וועט דאַרפן פריער פעסטשטעלן צי דער געגעבענער אַרעסטאַנט איז אויף אַן אמת שולדיק אין דעם פאַרברעכן. קודם דאַרף מען אויספאָרשן, וואָרום טאָמער וועט זיך טאַקע אַרויס־ווייזן, אַז דער אַרעסטאַנט איז נישט־שולדיק? איז דאַן אויף אים נישט חל די אַמנעסטיע . . .

אַזוי נישט גלייבן אין דעם געדרוקטן וואָרט אין ראַטנפאַר־באַנד, ווי עס גלייבן נישט די סאָוויעטישע בירגער — איז אומעגלעך צו געפינען. אַזוי, למשל, האָבן אַלע געהאַלטן פאַר אַן אַקסיאָמע, אַז יעדע אָפיציעלע הכחשה פון דער רע־גירונג, געדרוקט אין דער פרעסע, אַלץ וואָס זי לייקנט, איז הונדערט פּראָצענט אמת. אויב די הכחשה זאָגט: „עס איז נישט ריכטיק אַז דאָס און דאָס" — איז אַ סימן אַז עס איז פולשטענדיק ריכטיק. דעריבער לייענען זיי אַלע אַזוי גערן יעדע הכחשה. אָבער לעצטנס האָבן זיי שוין דערין אויך אָנגעהויבן צווייפלען. די רע־גירונג, מיינען זיי, לייקנט ספּעציעל, כדי די בירגער זאָלן מיינען, אַז עס איז פאַר־קערט, אַז עס איז אַן אמת, און אין אמתן איז עס טאַקע אַ ליגנט.

אין קאַטלאַס איז אונז אויסגעקומען דריי טעג זיך אַרומצוואַלגערן אויף די וואַקזאַלן. אויף אויסצוקויפן אַ באַן־בילעט האָב איך געמוזט פאַרקויפן אין אַן אַלטוואַרג־מאַגאַזין מיין רעקל. איך האָב פאַר אים באַקומען 109 רובל. דאָס האָט נישט געסטאַיעט אויף קיין בילעט. מען דאַרף נאָך אויך האָבן אויף עסן אין וועג, האָב איך נאָך געמוזט אָנקומען צו אַ הלוואה ביי באַקאַנטע.

שוין אין צוג האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מיר זיינען גאָרנישט מחויב געווען צו קויפן קיין באַן־בילעטן. אַלס באַפרייטע און אַלס אַזעלכע וועלכע עוואַקויִרן זיך (אין דער צייט האָבן זיך מאַסן מענטשן עוואַקויִרט פון אוקראַינע און ווייס־רוסלאַנד) קאָן מען אויסקומען אויך אָן בילעטן. אין ערגסטן פאַל קומט מען אָפּ מיט אַ קליינעם כאַבאַר. די רוסן, באַפרייטע פון די טורמעס, וועלכע פאָרן מיט

אונז צוזאַמען, זיי האָבן נישט אויסגעקויפט קיין בילעטן. אגב איז מיט אַ בילעט אויך שווער זיך צו דערשלאָגן אין צוג אריין, די קאָנדוקטאָרן האָבן פיינט פּאַ־סאַזשירן מיט בילעטן. פאַרצוג האָבן די אָן־בילעטיקע, וועלכע גיבן דעם קאָנדוקטאָר אין יד אריין.

פאָרן מיר איצט אויף דער באַן דאָס ערשטע מאָל אלס נישט־אַרעסטירטע, נאָר ווי פרייע בירגער.

ווען מיר קומען אָן אויף אוראַל, טרעפט מען שוין אָן אויף די פּעראָנען פּור־ערטעס, וואָס פאַרקויפן געקאָכטע אייער, מילך, קאַרטאָפל.

אונזער עולם איז אויסגעהונגערט. קיין אייער האָט מען אויפן פּאָסיאָלעק נישט געזען, אפילו מילך — גאַנץ זעלטן, כאַפּט מען זיך דאָ צו צום עסן. טייל ווילן זיך נאָך אריינכאַפּן אין אַ סטאָלאָווקע נעבן וואָקזאַל, אָפּעסן אַ זופּ. אָבער מען ריזיקירט דאָן מיט פאַרשפּעטיקן דעם צוג. די באַן פאָרט אָן אַ רייזע־פּלאַן, אויף קליינע סטאַנציעס שטייט מען אָפּט אָפּ האַלבע טעג און אויף גרויסע סטאַנ־ציעס נאָר צו עטלעכע מינוט. ברויט באַקומט מען צו קויפן ביי ספּעציעלע קיאָסקן פּעראָן, אַ האַלבן קילאָ פאַר אַ פּער־זאָן. מען שטעלט צונויף אַ רשימה פון די פּאַ־סאַזשירן אין וואַגאָן און עטלעכע שטאַרקע יונגעלייט ווערן פון אונז דעלעגירט זיך צו שטעלן אין אָטשערעד קויפן דאָס ברויט. חברה שווינדלט שוין דערביי אונ־טער, מען גיט אָן אין די רשימות מער פּערזאָנען און די דעלעגאַטן פאַרקויפן דאָס איבעריקע ברויט צו ספּעקולאַציע־פּרייזן. עס טרעפט, אַז די שליחים פאַר־קויפן אויך דאָס ברויט, וואָס זיי דאַרפן אונז אָפּגעבן. דערויף זיינען זיי דאָך שטאַרקע.

איך האָב געהאַט אַ באַזונדער מזל אָפּט פאַרטיילט צו ווערן און זיין אָן ברויט.

אין אוראַל זיינען שוין דאָ אַ סך עוואַקואירטע רוסישע יידן. טייל פון זיי ליגן נאָך אויף די וואָקזאַלן, האָבן נאָך נישט באַקומען קיין אָרט צום וווינען, אָבער אַנדערע זיינען שוין אַוועק אין די אַרומיקע קאָלכאָזן.

עלטערע יידיש־רוסישע פרויען, וועלכע וווינען שוין אין די קאָלכאָזן, וואַרטן ספּעציעל אָפּ אונזערע עשאַלאָנען און בעטן ביי אונז מחזורים אויף די ימים־נוראים, זיי ווילן באַצאָלן וויפל מיר ווילן נאָר אַליין. אַ פרוי פון אַ יאָר עטלעכע און דרייסיק שטייט אַ פאַרוויינטע, ברעכט די הענט און העשעט — מען האָט איר איצט צוגענו־מען דעם מאַן און גלייך אַוועקגעשיקט אויפן פראָנט. אין קויש ליגן ביי איר עט־לעכע פרישע שוואַרצע ברויטן, זי נעמט אַרויס צוויי ברויטן און שענקט זיי אונז אַוועק.

— נעמט, עסט, איר זענט פּוילישע יידן, קענט איר נאָך דאַווענען, טאָ דאַוונט און טוט תפילה פאַר מיין מאַן, אַז ער זאָל נישט געהרגעט ווערן אויפן פראָנט! האָט רחמנות אויף אַן אומגליקלעכער יידישער פרוי, מיין מאַן איז אַ קראַנקער, ער זאָל נאָר צוריקקומען אַ לעבעדיקער, עסט דאָס ברויט געזונטערהייט און האָט אין זינען מיין מאַן ביים דאַווענען, וואָלאָדיאַ הייסט ער, אוי, יידן, יידן!

***

אויפן אוראַל וואַרפן זיך אין די אויגן די שיינע, ניי־אויסגעבויטע וואָקזאַלן. עס איז מיר אויסגעקומען צו זיין עטלעכע מאָל אויף די וואָקזאַלן. די געביידעס זיי־נען נייע, פרישע, אָבער אינעווייניק איז שמוציק, איבערגעפּאַקט מיט פּאַסאַזשירן,

וועלכע ליגן אויף דער פּאָדלאָגע. צוועלף ביינאַכט ווערט דער וואַקזאַל נעשלאָסן און אַלע פּאַסאַזשירן מוזן אַרויס אויף דער גאַס. אַלצאַיינס וואָס פּאַרא וועטער עס איז אין דרויסן. אַריינקומען צריק קאָן מען ערשט זעקס אינדערפרי.

אין די וואַקזאַלן שטייען גרויסע, ברייטע, מאַסיווע אויוונס, אָבער צוגיין נאָענט איז נישט ראַטזאַם — עס שפּרינגען פון דאָרט אַראָפּ שטשורעס. עס איז אויך נישט מעגלעך אַריינצוגיין אין די קלאָזעטן, דאָרט איז שוין זינט וואָכן נישט גערייניקט, מען קאָן קוים די שוועל איבערטרעטן.

כל זמן מיר פאָרן נאָך איבער אוראַל, ברענגען די קאָנדוקטאָרן צו שלעפּן האָלץ אין די וואַגאָנען אַריין, זיי פירן עס קיין אַזיע, דאָרט איז האָלץ צענפאַך טייערער ווי דאָ.

מיר פאָרן אין די וואַגאָנען טעג נאָך טעג. אין אונזער קופּע זיצן נאָך דריי פּאַסאַזשירן מיט וועלכע מיר האָבן זיך שוין נעזעטער באַקאַנט. אַלע דריי — צוויי יונגע פרויען און אַ מאַנספּערשוין, — אַלע דריי זיינען זיי גנבים, וואָס זיינען איצט באַפרייט געוואָרן פון די לאַגערס. איינע פון די פרויען איז אַן אַרמענערין, נאָך קיין צוואַנציק יאָר נישט אַלט. זי רופט זיך טאַמאַראַ. אירע אויגן זיינען באַזעסן פון שטיקער מזרח־כּישוף, טרויס און גלוסטיקייט.

זי איז פון נידעריקן וווּקס, אַ שמאָלינקע, מיט אַ געשיקטן, עלאַסטישן גאַנג. זי איז נישט טומלדיק, פאַרהאַלט זיך מיט ווירדע און מיט יעדן אירן בליק באַשענקט זי איר געליבטן מיט גליקזעליקייט, צערטלעכקייט און — באַפעל. איר פּנים איז קאָמבינירט פון אַ האַלבער לענגלעכקייט, ציט זיך אויס פאַמעלעך, וואָס אַמאָל שמעלער און שטעלט זיך אָפּ ביים קליינעם, קיילעכדיקן גאָמבעלע. די הויט פון איר פּנים איז מאַט־קרעם, דער גאַנצער אויסזען אַ קינדערישער, נאָר לויט איר פאַמעלעכן, זיכערן טאָן — מאַכט זי דעם איינדרוק פון אַ באַפעלערין. זי קאָן זיין צוגלייך אַן אַטאַמאַן פון אַ רויבער־באַנדע פּונקט ווי אַ קאַפּריזנע פּרינצעסין.

זי דערציילט גאַנץ לייכט און גלייכגילטיק ווי אַזוי זי איז אַמאָל דורכגעפאַלן ביי אַ גנבה׳ש שטיקל אַרבעט אין טשעלאַבינסק. זי האָט זיך געפונען אין אַ דירה אויפן פערטן שטאָק, זי האָט באַאַרבעט די וווינונג צוזאַמען מיט אירס אַ שותּף. גראָד איז אָנגעקומען דער באַלעבאָס. האָט זי נעצוווּנגען דעם חבר אירן, אַז ער זאָל שנעל אַרויס דורכן פענצטער פון פערטן שטאָק און זיך אַראָפּגליטשן אויף די רערן. זי איז פאַרבליבן. ווען דער באַלעבאָס איז אַריין אינם צימער ווו זי איז געווען, האָט זי זיך אָוועקגעזעצט אויף זיין בעט און אָפּגעזונגען אַן אַרמעניש ליד. זי האָט זיך מודה געווען אין וועלן אים באַגנבענען און זיך אַנטשולדיקט פאַר אים. דער באַלעבאָס האָט איר געוואָלט געבן עטלעכע זאַכן פון שטוב, זאָל זי זיך נעמען, וואָס זי וויל נאָר אַליין, נאָר זאָל זי אים אָפּזינגען נאָך אַמאָל דאָס זעלבע אַרמענישע ליד. ניין, דאָס האָט ער ביי איר נישט געפועלט, זינגען מער וועט זי נישט, זי איז נישט קיין אַרטיסטין. די זאַכן וועט זי אויך נישט נעמען, זי איז נישט קיין בעטלערקע, נאָר אַ גנבטע.

טאַמאַראַ איז באַפרייט געוואָרן פון דעם לאַגער צוזאַמען מיט דער בלאָנדער חברטע, דער אוקראַינערין. מיט דעם יונגן גנב פון אַסטראַכאַן האָט זי זיך ערשט באַקענט דאָ, אין וואַגאָן. קיין געלט האָבן זיי ביי זיך קיינס נישט געהאַט, נאָר יעדעם מאָל ווען עס שטעלט זיך אָפּ דער צוג, שפּרינגט ער אַראָפּ און ברענגט פאַר זיי אַרויף די שענסטע און בעסטע זאַכן צום עסן און צום טרינקען. ער האָט אפילו נע־

קריגן ביים וואקזאַל־בופעט אַ פלעשל שאַמפּאַניער. ער האָט זיך שוין פאַרשאַפן אַ היפּש ביסל געלט, וואָס ער צעטיילט צווישן אַלע דריי. מען הערט נאָר גאַנץ אָפט ווי ווער פון די פּאַסאַזשירן אין די אַנדערע וואַגאָנען מאַכט אַ געוואַלט. ביים שטופּן זיך עפּעס צו קויפן האָט מען ביי יענעם אַרויסגעצויגן דעם טייסטער מיטן געלט. דער אַסטראַכאַנער שמייכלט דעמאָלט צו טאַמאַראַ און זי לאָזט שעמעוודיק אַראָפּ די אויגן. טאַמאַראַ זאָגט פאַרבענקט:

— עס וואָלט זיך מיר וועלן עפּעס זינגען, נאָר איך האָב נישט קיין גיטאַרע צום באַגלייטן.

אויף דער נעכסטער סטאַנציע האָט דער אַסטראַכאַנער אַרויפגעבראַכט אַ שפּאָגל נייע גיטאַרע.

טאַמאַראַ האָט אָפּגעזונגען עטלעכע אַרמענישע לידער און צובאַגלייט אויף דער גיטאַרע. זיי האָבן זיך גאָרנישט קרעמפּירט און באַלד זיך אַרויפגעדראַפּעט אויף דער דריטער פּאָליצע און פאַרבראַכט דאָרט ווי מאַן און ווייב.

די בלאָנדע אוקראַאינישע חברטע איז דאַן געזעסן אונטן און בענקשאַפטלעך געזונגען אירע אוקראַאינישע לידער. ווען טאַמאַראַ איז אַראָפּ פון דער פּאָליצע, האָט די אוקראַאינערין איר עפּעס אַריינגעשושקעט אין אויער אַריין. טאַמאַראַ האָט איר רויִק אָפּגעענטפערט:

— כאַראַשאָ! (גוט).

פאַרנאַכט־צו, ווען דער אַסטראַכאַנער האָט ווידער געבראַכט צו טאַשטשען פון ערגעץ צוויי פלעשלעך ווײַן, איז ער, נאָכן אויסטרונקען, שוין אַרויף אויף דער פּאָ־ליצע מיט דער בלאָנדער, דיקער אוקראַאינערין. טאַמאַראַ איז דאַן געזעסן אונטן און פאַרצויגן אַ בענקשאַפטלעך אַרמעניש ליד...

ביינאַכט, אינם פינצטערן וואַגאָן, ווען ער איז געזעסן אונטן צווישן זיינע צוויי געליבטע און זיך צו ביידן געטוליעט, האָט ער אָנגעהויבן מיט זיי שמועסן וועגן מלחמה, פּאָליטיק. טאַמאַראַ האָט אים באַלד איבערגעשלאָגן:

— וועגן דער פּאַסקודסטווע זאָלסטו מיר נישט רעדן. צו קיין פּאָליטיק זאָלסטו זיך נישט צורירן, איך האָב עס פיינט, עס שטינקט.

פונדעסטוועגן האָט זי אַליין גענומען דערציילן אַ זאַך, וואָס האָט אפשר אויך אַ שייכות צו פּאָליטיק... זי האָט נעמלעך דערציילט, אַז אַ סטרעלאָק (שיסער, קאָנ־וואָיער) אין לאַגער, וואָס האָט זיך אין איר געליבט, האָט איר איבערגעגעבן, אַז ער האָט לעצטנס קאָנוואָאירט אַ פּאַרטיע פון צוויי טויזנט אַרעסטאַנטן, פּאָליטישע, זיינען זיי אַלע אומגעקומען. מען האָט זיי געהאַט עוואַקואירט נישט ווייט פון דער פינישער גרענעץ, אָבער ווי נאָר זיי זיינען אַרויס אויפן אָפענעם ים, איז געפאַלן אַ באָמבע און אויפגעריסן די שיף. אין עטלעכע מינוט איז זי אונטערגעגאַנגען. אַלע אַרעסטאַנטן זיינען דערטרונקען געוואָרן, נאָר די קאָנוואָיערן האָבן זיך געראַטע־וועט. האָט זי, טאַמאַראַ, אים איבערגעפרעגט:

„אויב מען האָט אַראָפּגעוואָרפן אַ באָמבע און אַלע זיינען אומגעקומען, טאָ פאַרוואָס איז ער און אַנדערע קאָנוואָיערן גראָד געבליבן לעבן?"

האָט ער איר דערויף אַ ווונק געגעבן מיטן אויג און געענטפערט:

— „עך, טאַמאַראַ, דאָס איז שוין פּאָליטיק, דאָס טאָר מען נישט פרעגן!"

אין דער זעלבער נאַכט נאָך האָבן אַלע אונזערע זיך איבערגעטראָגן אין אַ צווייטן קופּע, ווו עס זיינען דאָ בלויז יידן, ווייל מאָרגן פאַלט אויס ערב יום־כיפור.

**
*

פאַ־טאָג האָט אונזער וואַגאָן זיך אָפּגעשטעלט אין טשקאַלאָוו (אָרענבורג). דאָ איז אַ גרויסע סטאַנציע, מען דאַרף טוישן דעם לאָקאָמאָטיוו. דער קאָנדוקטאָר פאַר־זיכערט, אַז מיר וועלן דאָ שטיין מינדעסטנס צוויי שעה. איך לויף אַוועק באַקוקן די שטאָט און איינקויפן עפּעס עסן.

אין גרויסן רעסטאָראַן זיצן זעלנער פון דער שוין ניי־פאָרמירטער פּוילישער אַרמיי. זיי זיינען אין זייערע נייע פּוילישע מונדירן. אַלע אַרומיקע דאָ קוקן אויף זיי מיט חשיבות. די קעלנערינס דערלאַנגען זיי די ערשטע דאָס עסן. ביי אונזער טישל זיצט אויך אַ פרוי מיט אירם אַ יונג בחורל. דאָס יונגל באַקוקט גיריק די פּוי־לישע זעלנער און פרעגט אַלעמאָל עפּעס איבער אויפן אויער ביי זיין מאַמען. זי טייטשט אים אויס, ענטפערט אָפּ, דערנאָך ווענדט זי זיך אַליין צו די זעלנער אויף פּויליש:

— מיין זון וויל וויסן וואָס עס באַדייטן די בענדלעך און שטערנדלעך אויף אייערע עפּאָלעטן? פון וואָס פאַראַ מיליטערישן ראַנג זענט איר?

איך קוק אָן די פרוי, איר פּוילישע אויסשפּראַך איז מיט אַ יידישן אַקצענט. אגב, זעט זי מיר אויס אויך עפּעס קענטליך. אפילו איר שטימע איז מיר נישט פרעמד. איך פרעג זי:

— זענט איר נישט אַמאָל פון פּוילן?

יאָ, זי איז פון פּוילן, אַ יידישע.

איך גיי איבער אויף יידיש, פרעג ביי איר ווייטערע איינצלהייטן און ווען זי זאָגט מיר איר נאָמען, בלייב איך איבעראַשט. זי איז מיינע אַן אַלטע באַקאַנטע. איך קען זי און איר מאַן און דערקען אפילו דאָס יונגל, כאָטש ער איז שוין איצט אַלט 14 יאָר און איך האָב זיי געזען דאָס לעצטע מאָל מיט אַכט יאָר צוריק, פאַרן אַוועק־פאָרן קיין רוסלאַנד. יאָ, גראַספּאַטער, אַן אַקטיווער, קאָמוניסטישער טוער אין וואַרשע, פון דער מילע גאַס. די גאַנצע שטוב איז דאָרט געווען אַ קאָמוניסטישע, אַלע ברידער און שוועסטער, אפילו זייערע עלטערן האָבן צוגעהאָלפן אין דער קאָנ־ספּיראַציע־אַרבעט. אַלע זיינען זיי געווען אַרבעטער, באַלעזענע, אינטעליגענטע, איידל־דערצויגענע, צניעותדיקע. זיי האָבן געהערט צו די ראָמאַנטישע רעוואָלוציאָ־נערן, זיך נישט געקאָנט באַגיין קיין איין וואָך נישט צו באַזוכן די קאָנצערטן אין פילהאַרמאָניע. געווען באַהאַוונט אין ליטעראַטור. איך פלעג אָפט ביי זיי פאַרב־ענ־גען אויף ווייטשערינקעס. די רעוואָלוציע, בעטהאָוונס און טשייקאָווסקיס מוזיק, די ווערק פון דאָסטאָיעווסקי, גאָרקי, ראָמען ראָלאַן, אומלעגאַלע מאַכווערקעס, דעמאָנס־טראַציעס — דאָס איז ביי זיי געווען איין האַ־מאָנישע זאַך, וואָס פירט צו דער־הויבונג און לייטערונג פון דער מענטשהייט, באַפרייט זיי פון עקאָנאָמישער און גייסטיקער אונטערדריקונג, ברענגט אויסלייזונג, באַפרייאונג פאַר אַלע ליידנדע און געפּלאָגטע.

— ווו איז אייער מאַן ?

זי בייגט אוועק דעם קאָפּ, ענטפערט נישט.

— ארעסטירט ?

— יאָ.

— אין יאָר 1937 ?

— יאָ.

— באַקומען צען יאָר ?

— יאָ.

— באַשולדיקט געוואָרן אין שפּיאָנאַזש ?

— יאָ.

ער געפינט זיך איצט אין אַ לאַגער. עס איז אים דאָרטן נישט שלעכט. ער אַרבעט אַלס עקאָנאָמישער פּלאַנירער. כאָטש פּאָליטישע ארעסטאַנטן טאָרן נישט אַרבעטן אין ביוראָ, מוזן זיין באַשעפטיקט נאָר ביי שווארצער ארבעט, אָבער פאַר אים האָט מען געמאַכט אַן אויסנאַם, ווייל זיי קאָנען זיך אָן אים נישט באַגיין. ער איז זייער אַ פּעיקער — איר געדענקט אים דאָך !

זי אַרבעט אַלס נייטאָרין אין אַ פאַבריק, אָבער ביינאַכט ארבעט זי צו אין שטוב פאַר זיך. זי מוז דאָך אים צושיקן פּעקלעך עסן אין לאַגער אריין. און דאָס יונגל מוז מען דאָך אויסהאַלטן.

זי דאַרף גאָרנישט דערציילן אויך, אַלץ שטייט סיווי אָנגעשריבן אויף איר פּנים. מיר איז טאַקע איצט אַ וווּנדער, ווי אַזוי איך האָב זי דערקענט.

איך דערצייל איר וועגן איר שוועגערין ברכהלע, וואָס איך האָב געזען מיט אַנ־דער־טהאַלבן יאָר צוריק אין ביאַליסטאָק. זי ציטערט מיט פרייד פון יעדער ידיעה, זי ווייסט דאָך וועגן זיי גאָרנישט, שוין פיר יאָר צו זיי נישט געשריבן. דאָס יונגל האָלט ארומגענומען די מאַמען און הערט זיך גיריק איין אין יעדן וואָרט. ער פאַר־שטייט נאָך און רעדט יידיש, דאָס האָט איר דער לעצטער מינוט פאַרן ארעסטירן אָנגעזאָגט דער מאַן — דאָס קינד זאָל נישט פאַרגעסן דאָס יידישע לשון.

עס איז זיי שווער זיך מיט מיר צו שיידן. זי פאַרענטפערט זיך :

— איך זע אויס אַזוי שלעכט נישט פון דער שווערער ארבעט, נישט פון דעם שווערן לעבן, נאָר עס עסט אויף די בענקשאַפט, ציט ארויס די בלוטן, דעם מאַרך. מיר וויסן נאָר וועגן דעם פּיין פון הונגער, דורשט, קרענק, אָבער וועגן בענקשאַפט ווייסט מען נישט. דאָס פאַרצערט ערגער ווי אַ ראַק. נישט מען קאָן גיין, שטיין, זיצן, ליגן. די בענקשאַפט רייסט אונטער. מען וואַקלט זיך ווי שיכורע. טאָמער האָט עס שוין אָנגעהויבן צוביסלעך איינטרוקענען, איז די באַגעגעניש מיט אייך וועט ווידער אויפרייסן די ווונד : וואַרשע, מילע גאַס, דעמאָנסטראַציעס, פילהאַרמאָניע, דיסקוסיע, וויעטשערינקעס ! איז דאָס טאַקע אַמאָל אַלץ געווען ?

טרערן רייסן איבער איר געשפּרעך. זי גיט מיר איר אַדרעס און מיר געזעגענען

**
*

דעם צוג האָב איך פאַרשפּעטיקט. עס איז דאָרט פאַרבליבן מיין קליין ביסל זאַכן. עס זיינען געפאָרן היימישע, אַלע קיין סאַמאַרקאַנד. מיין בילעט איז אפילו קיין אָרדזשאָנקידזע, אויף קאַווקאַז, נאָר איך פאָר קיין סאַמאַרקאַנד.

איך קריג זיך אריין אין א צוג, וואָס פאָרט אויף דער זעלבער שטרעקע, ביז טאַשקענט. ס'רוב פאָרן רוסישע יידן, עוואַקואירטע. ווען עס דערנענטערט זיך דער פאַרנאַכט, הויבן אָן עטלעכע עלטערע יידן נערוועז אַרומצושפּאַנען איבערן וואַגאָן, דורכשטופּן זיך דורך די בענק:

— יידן, ווער האָט אַ מחזורל? ווער האָט אַ ליכט? עס קומט די שעה פון „כל נדרי", לאָמיר כאָטש זאָגן צוזאַמען אַ פּאָר ווערטער.

מען דערלאַנגט אַ מחזור דעם עלטערן, הויכן ייד מיט דער לאַנגער, גרויער באָרד. עס איז שוין אויך דאָ אַ ליכט. דער ייד נעמט דאָס מחזור אין האַנט אריין, קוקט זיך אַרום, קוקט אין דער הויך, ווי ער וואָלט זיך וועלן מיט וועמען אין דער הויך מיישב זיין, טראַכט אַ מינוט, קווענקלט זיך און גיט אָפּ דעם מחזור:

— ניין, מען דאַרף נישט אין וואַגאָן, עס זיינען דאָ פאַראַן „פּרעמדע", זאָל יעדער דאַווענען פאַר זיך, בלחש, מען קאָן נישט, מען טאָר נישט, פאַרפאַלן. נאָט אייך דאָס מחזור, איך געדענק אַלץ פון אויסנווייניק.

עס שטייט צו אים צו זיין זון, אַ מאַן אין די מיטעלע יאָרן:

— טאַטע, איך מיין, אַז איר דאַרפט זיך נישט שטערן. איר קענט זיך פאַר־קלייבן אין אַ ווינקל, איך מיין, אַז די פרעמדע וועלן נישט האָבן צו אייך קיין טענה.

כמעט דאָס זעלבע זאָגט אים זיין שנור. זי, פּונקט ווי איר מאַן, רעדן אַ ריי־נעם, ליטעראַרישן יידיש. מיר ווערט דאָס אויפּפאַלנד. דאָס דאַרפן זיין יידישע לע־רער (איך האָב נאָך נישט געוווּסט דעמאָלט, אַז עס איז שוין נישט פאַראַן קיין איין יידישע שול אין גאַנץ ראַטנפאַרבאַנד) אָדער טאַקע שרייבער. אין זייער געזעלשאַפט איז נאָך פאַראַן אַ דריטער, וואָס רעדט אויך אַ גוטן יידיש.

פון זאָגן צוזאַמען אַ פּאָר ווערטער „כל נדרי" איז גאָרנישט געוואָרן. יעדער איז זיך אַוועק אויף זיין אָרט, פאַרשטעלט מיט די הענט דאָס פּנים און פאַר זיך עפּעס געזאָגט.

די דריי האָבן פאַרגעזעצט זייער שמועס און איך בין שוין פון זיי נישט אָפּ־געטרעטן, געזוכט אַ געלעגנהייט זיך צו באַקענען. יאָ, איך האָב זיך טאַקע נישט טועה געווען, זיי זיינען ביידע יידישע שרייבער פון אוקראַינע. איך האָב אפילו גע־קענט פון אויסווייניק עטלעכע שורות פון איינעמס אַ געדיכט און עס פאַר אים ציטירט. איך האָב זיך פאַר זיי פאָרגעשטעלט אַלס לערער. זיי זיינען ביידע צו מיר צוגעפאַלן מיט פראַגן וועגן דעם יידישן קולטור־לעבן אין פּוילן. איך מיין, אַז זיי האָבן שוין באַדאַרפט גענוג וויסן און דאָך איז יעדע מיינע אינפאָרמאַציע וועגן דעם יידישן לעבן אין פּוילן געווען פאַר זיי אַן איבעראַשונג. אָבער שנעל האָט זיך זייער אינטערעס אָפּגעקילט. זיי האָבן שוין געשטעלט פראַגן זעלטענער און ווייניקער אויפמערקזאַם זיך צוגעהערט.

שפּעטער, ווען איך בין אַרויס אויפן בריקל זיך אָפּקילן פון דער היץ אין וואַ־גאָן, איז אַרויסגעקומען צו מיר איינער פון די שרייבער. ער האָט מיר געזאָגט גיך און ווי צו זיך:

— איך וויל מיט אייך רעדן אַביסל ברייטער, אויספירלעכער, נאָר יענער צווייטער זאָל נישט שטיין דערביי.

ער זעט דאָ אין וואַגאָן יידישע יונגעלייט, עוואַקואירטע פון ליטע, פּוילן, אַ סך פון זיי רעדן גוט העברעאיש און זיינען זיך אפילו מודה דעריין, אַז זיי זיינען ציוניסטן. דאָס אינטערעסירט אים זייער, ער וואָלט וועלן וויסן ווי אַזוי עס זעט היינט

אויס דער ציוניזם. ווי אזוי עס לעבט זיך אויס די יוגנט אין יידיש און העברעאיש. דאָס איז, לויט אים, אַ זעלטענע, פרייליכע דערשיינונג. ער צאַפּלט פון נייגיריקייט אַלץ גענויער זיך צו דערוויסן.

אין אַ האַלבער שעה אַרום, ווען איך בין שוין געווען איינער אַליין אויפן בריקל, איז אַרויסגעקומען דער צווייטער שרייבער און מיר אויך געזאָגט דאָס זעלבע: ער וויל מיט מיר רעדן, נאָר דעמאָלט, ווען יענער וועט נישט שטיין דערביי.

איך האָב געשמועסט מיט אים אַ לענגערע צייט. ווען איך בין צריק אַריין אין וואַגאָן, זיינען נאָך געזעסן די עלטערע יידן, פאַרשטעלט די פּנימער מיט די הענט און אַריינגעזאָגט אין זיך שטיקלעך תפילות פון „כל נדרי".

אַלע מוזן רעדן שטיל, דאַוונען שטיל, בלחש, זייטיק, פאַר זיך. צו אַזאַ מדרגה איז געפאַלן דאָס מענטשלעכע אויער, אַז מען האָט פאַר דעם מער מורא ווי פאַר פייער.

אין די ווינקלען פון דעם טונקעלן וואַגאָן האָבן אַרומגעבלאָנקעט אָפּגעבראָקל־טע שטיקער יום־כּיפּור, טונקעלע צויטן פון אַ צעשלעפּטער כל־נדרי־נאַכט, וואָס זיינען מיטגעלאָפן דאָ אין וואַגאָן, איבער די ווייטע שטחים פון אוראַל.

***

מען פאָרט דורך לאַנגע, פּוסטע און וויסטע שטחים פון קאַזאַכסטאַן. אַ טייל פון דער געגנט ווערט אָפיציעל גערופן מיט דעם נאָמען „הונגער סטעפּ". דאָ זעט מען די משונהדיקע, קרעמפּע קאַרליק־ביימער „סאַקסאַול", מיט זייערע אויס־טערליש ברייטע צווייגן, גרויע, שלאַנגיקע, פאַרפּלאָכטן איינע אין דער צווייטער. די נידעריקע, ליימענע הייזלעך, „קיביטקעס", מיט פּיצינקע פענצטערלעך, ציען זיך צו דער ערד אַראָפּ. די זאַמדיקע מדבר־ווינטן פאַרשיטן זייערע קליינע פענצטערלעך:

„נישטאָ וואָס פאַר אייך צו זען דאָ אין דרויסן!"

דאָ ליגט אַ גרויער שטויב פון יאָרטויזנטער, עס האָט זיך גאָרנישט געביטן. די ערד איז אַ מאָגערע, אַ פאַרטרוקנטע, אַפילו די בערד ביי די קאַזאַכן זיינען שי־טערע, אויסגעטרוקנטע ווי פאַרוויאַנעט גראָז.

מען פאָרט אַדורך די סטאַציע טורקעסטאַן, דאָס איז אַ קליין שטעטעלע. אַמאָל זיינען גאַנץ קאַזאַכסטאַן, אוזבעקיסטאַן, טאַדזשיקיסטאַן און טורקמעניע באַצייכנט געווען מיט דעם נאָמען פון זייער הויפּט־שטאָט — טורקעסטאַן, וואָס האָט אין די פאַרצייטישע יאָרן געשפּילט אַ געוויסע ראָלע.

אין צוג פאָרן אויך פּאָליאַקן, באַפרייטע פון די לאַגערן. ערשט זיינען זיי אַרויס פון די תפיסות און לאַגערן צוזאַמען מיט די פּוילישע יידן. אָבער זיי קאָנען זיך נישט אָפּגעוווינען פון צוואַרפן יעדעס מאָל זייערע גורל־חברים דעם פיינעם עפּיטעט:

„פאַרשאָלטענער זשיד".

נאָר די צוויי יונגע יידישע יאַטלעך פון ווילנע. וועלכע זיינען אויך איצט אַרויס פון לאַגער, זיי אַרבעטן בשותפות מיט זייערע פּוילישע חברים ביים באַגנבע־נען די פּאַסאַזשירן אין צוג. גנבים, זעט אויס, ליידן נישט פון קיין נאַציאָנאַלע אַנ־טאַגאָניזמען.

אין קאַזאַכסטאַן קומען אָן אין צוג באַפרייטע פּוילישע יידן, וועלכע זיינען גע־

ווען פארשיקט אין דער געגנט. זיי האָבן געאַרבעט אין די באַרימטע קאַראַגאַנדער לאַגערן, אין די קוילן־גרובן. זיי זיינען אַלע אויסגעהונגערט. אויף יעדער סטאַנציע וואַרפן זיי זיך אויף די פאַרקויפעריגס, איינער באַצאָלט און צען נעמען אומזיסט, מיט כוח, אדער בגנבה. זיי פירן זיך אויף ווי הפקר־מענטשן. רעדסטו מיט זיי, זעסטו אַז דאָס זיינען געווען פריער באַשיידענע, באַלעבאַטישע יונגעליים, פון בעל־סע־ע היימען. איצט זיינען זיי ענלעך צו אַלע באַפרייטע לאַגערניקעס. סיי מיט דעם אויסזען — אָפּגעריסענע, באָרוועסע, בלאַסע, פאַרלייזיקטע און סיי מיט דער אויפ־פירונג.

אַן אויסנאַם זיינען, פאַרשטייט זיך, די ישיבה־בחורים, וועלכע זיינען געווען דאָ פאַרשיקט. זיי זיינען פונקט אַזעלכע אָפּגעריסענע, פאַרשמוציקטע, הונגעריקע ווי אַלע אַנדערע באַפרייטע, נאָר זיי האָבן נישט פאַרלוירן דעם צלם אלהים, דעם צלם־מענטש.

ווען איך בין געהאַט צוריקגעקומען פון טורמע אין פּאָסיאָלעק אריין, בין איך איין נאַכט געשלאָפן אין אַ צימער, ווו עס האָבן געוווינט פופצן יונגעליים און מייד־לעך. אַלע זיינען געשלאָפן אויף דער פּאָדלאָגע. איך האָב געזען ווי אַ טייל פון דעם יונגוואַרג איז געוואָרן דורך די פערצן חדשים אַזוי פאַרגרעבט, אַז עס איז געווען אַ בזיון צוצוקוקן און צוצוהערן. די בחורים האָבן זיך ביינאַכט געוויילט מיט אַזאַ מין ספּאָרט, אַ געוועט, ווער פון זיי עס וועט העכער בלאָזן... די יונגע מיידלעך און ווייב־לעך האָבן זיך נישט געשעמט צו באַגלייטן די געוועטן מיט געלעכטער און אַפּלאָ־דיסמענטן. דאָס איז שוין ביי זיי פאַרעכנט געוואָרן פאַר אַן איידעלערן ספּאָרט, דאָס האָבן זיי שוין מיר צוליב זיך איינגעהאַלטן פון פראַווען נאָך מיאוסערע שטיק...

דערפאַר איז מיר איצט באַזונדערס טייער יעדער איינער פון די ישיבה־בחו־רים, וועלכע האָבן מיט אַזאַ אומגעבראָכענער עקשנות איבערגעטראָגן זייע־ע אַלע ליידן און פורעניות, ווי דאָס וואָלט נישט געווען פאַר זיי קיין באַזונדערער נסיון. זיי זיינען דאדורך אפשר נאָך מער געלייטערט געוואָרן. נישטאָ ביי זיי קיין ירידה און עליה. זייער וועג גייט שטענדיק העכער און העכער אַרויף.

מיר זיינען שוין אַריינגעפאָרן אויף דער טעריטאָריע פון אוזבעקיסטאַן און דערנענטערן זיך צו טאַשקענט. איך האָב שוין געוווּסט, אַז פון וואָקזאַל אין טאַש־קענט לאָזט מען נישט אַרויס די פּוילישע אין שטאָט אריין, זיינען מיר אַראָפּ אַ סטאַנציע אין דער פאָרשטאָט.

אין דעם גערטנדל ביים וואָקזאַל ליגן טויזנטער וואַקואירטע יידן, אויסגע־לייגט אויף דער ערד מיט זייערע קראַנקע, קינדער, פּעק. יעדע מינוט געוואַלדעוועט אַן אַנדערער, אַז מען האָט אים באַגנבעט די זאַכן. מען קריגט דאָ צו קויפן אַ גע־שמאַק מאכל, קנישעס, געפילטע מיט רייז, 60 קאָפּיקעס אַ שטיק. איך האָב גע־נאָסן פון דעם גליק, אויפגעגעסן פיר שטיק און שנעל אַריין אין אַ צווייטער באַן, וואָס גייט קיין סאַמאַרקאַנד.

דאָ האָט שוין דער אוזבעקישער קאָנדוקטאָר געפאָדערט פון מיר אַ בילעט קיין סאַמאַרקאַנד.. איך האָב אַזעלכעס נישט געהאַט. איך האָב נאָר געהאַט ביי זיך אַכט רובל. מיין שכן האָט זיך איבערגעווונקען מיטן קאָנדוקטאָר און איך האָב דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן געגעבן כאַבאַר. די האַנט האָט מיר געציי־טערט. איך האָב אויסגעדרונגען אויף זעקס רובל און אין טאַש איז מיר נאָך פאַר־

בליבן צוויי רובל. אין צוג בין איך געוואָרן, אַז אין סאַמאַרקאַנד לאָזט מען שוין אויך נישט אַריין קיין פּוילישע. ווען איך בין אַראָפּ אויפן פּעראָן, האָבן מיר זיך דורכגעשטופּט דורך אַן אָפן ברעטל אין פּאַרקאַן און אַרויסגעקומען פאַרן וואָקזאַל פון דער אַלטער, היסטאָרישער שטאָט סאַמאַרקאַנד, אין דעם לאַנד פון זון, וויינטרויבן און גרענעצן...

# אין סאָוויעטישן אַזיע

## קאַפּיטל א

דער וועג האָט געדויערט זיבעצן טעג.

די עוואַקואירטע ליגן אויסגעלייגט אויף די גאַסן אַרום וואָקזאַל. ווען מען זאָגט עוואַקואירטע, דאַרף מען וויסן, אַז דאָס זיינען כמעט אויסשליסלעך יידן. זעלטן האָבן זיך עוואַקואירט אוקראַינער, ווייסרוסן, רוסן, אָדער אַנדערע פעלקער. דאָס איז געשעען נאָר אין די פאַלן, ווען זיי זיינען געוואָרן דערצו אויפגעצוווּנגען דורך דער מאַכט. דאָס האָט געטראָפן מיט אַרבעטער־ספּעציאַליסטן אין גרויסע פאַבריקן. ווען ס'האָט זיך עוואַקואירט די פאַבריק, האָט מען געצוווּנגען אַ טייל זייערע אַר־בעטער, דער עיקר די מייסטערס, געניטע ספּעציאַליסטן — מיטצופאָרן.

שוין פיר וואָכן ווי מיר אַלע נעבכטיקן אויף דער גאַס.

דעם גאַנצן חודש אָקטאָבער איז נאָך דאָ געגנג היים. דער זאַמד־שטויב און די כמאַרעס פליגן מאַכן נאָך פיינלעכער די היץ. אונזערע מלבושים און שמוציקע וועש בריען און פרעסן אונזערע לייבער. דער הונגער, דורשט, עגמת־נפש, שפּילן נאָך צו און מיר דערפילן אַלע טעמים פון הייםלאָזע, פאַרחושכטע, פאַרהונגערטע און פאַרלייזיקטע.

מען לאָזט אויך נישט ליגן רואיק אויף די גאַסן. דער נאַטשאַלניק פון באַן־סטאַציע וויל נישט, אַז מען זאָל זיך וואַלגערן ביי „זיין" וואָקזאַל. דער „וואָ־יענקאָמאַט" (מיליטערישער קאָמיסאַריאַט) ווידער, וואָס נעמט דאָ אויף מאָבילי־זירטע זעלנער, וויל נישט, אַז מען זאָל ליגן נעבן זייער געביידע. די מיליץ וויל נישט, אַז מען זאָל ליגן נעבן זייער הויז. די אוזבעקישע „טשייכאַנאַ׳ס" (טיי־הייזער) ווילן נישט מען זאָל ליגן נאָענט פון זיי. אַזוי טרייבט יעדער אַוועק פון זיינע שטחים און מיר דאַרפן אַלעמאָל בייטן די „אכסניא".

ביי טאָג ליגן נאָר די זאַכן און די קליינע קינדער. די עלטערע לויפן אַרום אין די אָטשערעדס נאָך ברויט, זופּ, גייען אויפן באַזאַר איינקויפן פרוכטן און קומען צריק זיך אָוועקזעצן אויף זייערע פּעקלעך. ביי יעדער קופּע זאַכן און בעטגעוואַנט, מוזן דיזשורירן צוויי עלטערע, אַכטונג געבן מען זאָל נישט באַגנבענען. אויך ביינאַכט, ווען מען שלאָפט, מוזן שטיין דיזשורן און היטן. נאָר פון גנבות איז זיך סיוווי שווער אויסצוהיטן. גנבים זיינען דאָ גאַנצע לעגיאָנען, ס'רוב פון יונגוואַרג, אָנהייבנדיק פון אַכטיעריקע. זיי באַנוצן זיך מיט די פאַרשידנסטע פּאַרטלעך און טריקן. אויב דאָס העלפט נישט, באַנוצן זיי כוח, אַז מען דאַרף, איז אויך מיט מעסערס.

ערגער איז ווען זיי גנבהנען צו די דאָקומענטן, די באַפרייאונג־שיינען פון די

לאגערן און טורמעס, דעמאָלט ווערט מען שוין איינגאַנצן פאַרצווייפלט. אין רוס־לאַנד איז גלייכער צו זיין אָן א האַנט, אָן א פוס, איידער אָן א פּערזענלעכן דאָקו־מענט. דערצו נאָך א דאָקומענט ביי אונז, פּוילישע יידן, וועלכע חלומען דאָך פאָרט, אַז אפשר וועט מען נאָך קאָנען פונדאַנען אַרויספאָרן. און דאָס וועט מען דאָך קאָנען נאָר אויפן סמך פון דעם דאָקומענט, ווייל עס באַשטעטיקט די פּוילישע בירגערשאַפט. ביי די אַלע, וועלכע זיינען „געזעסן", האָט מען דאָך אַלע דאָקומענטן צוגענומען.

ביים וואַקזאַל איז פאַראַן אַן עוואַקואַציע־פּונקט, דאָרט דאַרף מען זיך רעגי־סטרירן. זייערס א קוך פאַרטיילט ברויט, זופּ און קאַשע. אָט ביי דער קיך, אין דער אָטשערעד, ביים שטופּן זיך, געשעען אַלע גנבות פון דאָקומענטן. אין דער זעלבער קוך עסן אויך די שילער פון די פאַך־שולן. זיי, די שילער, זיינען דאָס די אָרגאַני־זאַטאָרן פון די גנבות. זיי האָבן צוהילף באַנדעס פון פּראָפעסיאָנעלע גנבים און דער ריווח ווערט צעטיילט אויף גלייך.

אויפן באַזאַר קאָן מען באַקומען צו קויפן אַזא פּוילישן דאָקומענט. איז נישט אויפן אייגענעם נאָמען איז אויף א פרעמדנס נאָמען, דאָס מאַכט נישט אויס. דער ־וב דאָקומענטן איז אָן פאָטאָגראַפיעס. די וועלכע זיינען יאָ פאַרזען מיט פאָטאָ־גראַפיעס — איז אויך נישט קיין צרה. אַלע לאַגערניקעס זיינען צו זיך ענלעך. דער אונטערשיד אין עלטער אויף צען יאָר איז סיווי פאַרווישט. נאָר ווו נעמט מען געלט אָפּצוקויפן די שיינען? ביים אַרויסגנבענען דעם דאָקומענט גנבעט מען דאָך מיט אויך די פּאָר רובל!

אַלעמען פון אונז איז שלעכט, נאָר די באַגנבעטע — איז נאָך ערגער פון שלעכט.

## קאַפּיטל ב

יעדן טאָג קומען אָן אַלץ נייע פּאַרטיעס באַפרייטע און עוואַקואירטע. אָפּי־ציעל לאָזט מען שוין נישט אַריין קיין סאַמאַרקאַנד, אָבער דאָס האָט נישט קיין באַדייטונג, מען קומט אומאָפיציעל, מען גיט זיך אַן עצה... ווייל אויב זיך רעכע־נען מיט די אָפיציעלע פאַרשריפטן, וואָלט מען נאָר געקאָנט בלויז אָטעמען און דאָס אויך נישט אַלעמאָל...

דעם גרויסן הויף פון עוואַקואַציע־פּונקט האָבן פאַרכאַפּט די רוסישע יידן. קיין פּוילישע יידן לאָזן זיי דאָרט נישט אַריין. ערשטנס, ווייל מיר זיינען שמוציק; צווייטנס, זיינען מיר אַלע, לויט זיי, גנבים. און דריטנס — מיר זיינען דאָך נישט קיין עוואַקואירטע, נאָר באַפרייטע אַרעסטאַנטן! באַפרייט האָט מען דאָך אונז צו־ליעק, צוליב דער מלחמה מיט די דייטשן און דעם אָפּמאַך מיט שיקאָרסקין (פּוילישן פּרעמיער־מיניסטער). אין אמתן אַריין זיינען מיר דאָך פאַרברעכער, שונ־אים פון ־אַטגפאַ־באַנד. איינער פון די רוסישע יידן, פאַרזיכערט אונז פּייע־לעך:

— בנאמנות, ווי עס וועט זיך נאָר ענדיקן די מלחמה, וועט מען אייך אַלע אויסשטעלן אויף די גאַסן און צעשיסן ווי די הינט!

נאָר מיט זיין סטראַשונעק פועלט ער סיווי נישט, אַז מיר זאָלן אים דורכ־לאָזן פריער, אויסער דער רייע, וואָרום ווען מען וויל באַקומען ברויט און זופּ, שרעקט נישט אָפּ דאָס, אַז מען וועט אפשר אין א צייט אַרום ווערן דערשאָסן.

אָבער דער רוסישער ייד איז נישט קיין אויסנאַם, אין דער אָטשערעד האַלטן זיך אויך פאַר יחסנים די ליטווישע יידן, זיי האָבן אויך נישט ליב די „פּוילישע". אפילו די בעסאַראַבער יידן האַלטן נישט פון אונז און צווישן די פּוילישע יידן אַליין איז אויך אַ קאַמף — צווישן די „גאַליציאַנער" און „קאָנגרעסאָווצעס". און גאַנץ באַזונדער איז אַ שטרייט צווישן די, וועלכע רעדן פּויליש און די וועלכע רעדן יידיש, מען שטייט דאָך נאָך ברויט און זופּ — טרעפט אפילו, אַז מאַן און ווייב קאָנען צווישן זיך נישט דורכקומען ווער פון זיי עס זאָל אַריין פריער! נישט אַלעמאָל פאַרייניקט נויט! גיכער צעשיידט זי! איז מען דאָך פינף פערטל יאָר געווען אין אַ סביבה און באַדינגונגען ווו עס האָט געהערשט כמעט דער לאָזונג: „יעדער ראַטעוועט זיך ווי נאָר ער קען!".

שוין עטלעכע מאָל ווי מיר איז נישט געלונגען זיך צו דערשלאָגן צו באַקומען ברויט, שטענדיק ווער איך אַרויסגעשטופּט פון אָטשערעד און ווען עס קומט צו מיר, פעלט שוין אויס ברויט. און אָט שטיי איך שוין היינט ביים טירל. מען דרענגט פון אַלע זייטן. איך האַלט זיך ביים אייזערנעם פּרענט פון לאָדן. עס רייסט מיר ווער אַוועק די האַנט און איך כאַפּ זיך אָן ביים קאָלנער פון העמד ביי אַן עלטערן ייד. ער שרייט צו מיר, אַז איך ווערג אים, אַז ער ווערט דערשטיקט און איך האַלט זיך קראַמפּיק אין זיין קאָלנער. נאָר בלויז איין מינוט און און איך וועל אַריין צוזאַמען מיט אים אין ברויט־מאַגאַזין. ער כאַפּט אָן מיט די ציין מיין האַנט און בייסט. איך ווערג אים און ער בייסט. מיר איז געוואָרן אַ בזיון פאַר דער גרויל־סצענע און איך האָב אים אָפּגעלאָזט. איך בין אומגעפאַלן, אַ דערשעפּטער, אַן אויסגעווייקטער אין שוויים און מיט די לעצטע כוחות זיך אַרויסגעקייקלט פון אָטשערעד — ווידער אָן ברויט.

אונזערע יונגע פרויען פלעגן אָפּטמאָל בעטן ביי אַ דורכגייענדיקן אָפיציר פון דער רויטער אַרמיי, אַז ער זאָל פאַר זיי נעמען ברויט אין מאַגאַזין. זיי גייען אַריין אָן אַן אָטשערעד. איך האָב געהאַט פאַריבל אויף די פרויען, וועלכע באַנוצן זיך מיט אַזעלכע גענג. און אָט גיי איך איצט צו צו אַ פרוי־אָפיציר, אַ דאָקטאָרין און בעט ביי איר, אַז זי זאָל נעמען פאַר מיר ברויט. זי זאָגט מיר נישט אָפּ, גייט אַריין און קויפט צוויי קילאָ ברויט. איין קילאָ ברויט גיט זי מיר. איך באַדאַנק איר. זי ענטפערט מיר אויף פּויליש. זי איז אַ געבוירענע אין רוסלאַנד, נאָר איר מוטער איז אַ פּוילישע. ווען עס איז אָנגעקומען אַ העכערער אָפיציר, האָט זי אויפגעהערט רעדן, זיך אַנטשולדיקט און געבעטן מיך וואָס שנעלער אַוועק פון איר, עס איז נישט גלייך פאַר קיין רויטאַרמייער צו רעדן מיט פּוילישע.

איך עס גיריג דאָס שוואַרצע, פרישע, קלעפּיקע ברויט. עס איז ביי מיר אַ שמחה. איך דערמאָן זיך די ווערטער, וואָס אַ פרוי פון מינסק האָט געשריבן אָנהויב 1940 צו איר ברודער, אַ זשורנאַליסט, אין ביאַליסטאָק:

„פון איצט אָן, זינט דו האָסט אַריבערגעטרעטן די סאָוויעטישע ערד (ער איז געקומען פון וואַרשע), וועסטו שוין האָבן נאָר בלויז שמחות".

ווען ער האָט זיך שפּעטער געטראָפן מיט איר און איבערגעפרעגט מיט פאָרוואורף וועגן די שמחות, וואָס דערוואַרטן אים דאָ, האָט זי אים געענטפערט:

— פון איצט אָן וועט ביי דיר אַלץ זיין אַ שמחה: וועסטו קריגן צו קויפן אַ

ביסל מילך, וועט עס ביי דיר זיין אַ שמחה, וועסט קריגן אַ שטיקל פליש, וועט עס זיין ביי דיר אַ שמחה; וועסט קריגן ליכט אַ קילאָ ברויט — וועט ביי דיר אויך זיין אַ שמחה.

יאָ, די מינסקער פרוי איז גערעכט געווען — ביי מיר איז איצט אַ שמחה.

## קאַפּיטל ג

נעבן עוואַקואַציע־פּונקט און אויף דער גאַס אַרום טרעפן זיך טויזנטער יידן. דאָ ווערט מען געוווּיר אַלע נייעסן. דאָ האָב איך אָפּגענומען אַ גרוס פון מיין ברודער און זיין פרוי, וועלכע האָבן בשעת דעם אויסברוך פון דער דייטש־סאָוויעטישער מלחמה זיך געפונען אין ווילנע. דאָ האָט אַ יונגערמאַן דערציילט גענוי ווי אַזוי עס איז אומגעקומען דער באַקאַנטער ווילנער אַדוואָקאַט און געזעלשאַפטלעכער עסקן י. טשערניכאָוו. דער יונגערמאַן, אַ סטודענט, איז געזעסן אין ווילעיקער טורמע צוזאַמען מיט טשערניכאָוון. דעם 24 יוני (1941) האָט מען אַרויסגעפירט פון דאָרטן די צוויי טויזנט אַרעסטאַנטן און געטריבן אויפן וועג קיין מינסק, דערנאָך קיין באָריסאָוו און ווייטער. מען האָט געמוזט מאַרשירן אין אַ פאָרסירטן טעמפּאָ, אָפּטמאָל אויך לויפן. עטלעכע מאָל האָט מען זיי באַשאָסן פון אַעראָפּלאַנען. די אַרעסטאַנטן האָבן אפילו געמיינט, אַז מען האָט אַראָפּגעשאָסן ספּעציעל אין די קאָנוואָיערן און נישט אין די אַרעסטאַנטן, אַזוי האָבן זיי זיך איינגערעדט. די קאָנוואָיערן זיינען זיך צעלאָפן און די אַרעסטאַנטן האָבן געמוזט בלייבן שטיין אויף דעם זעלבן אָרט. די קאָנוואָיערן האָבן דערשאָסן יעדן איינעם אַרעסטאַנט, וואָס האָט נישט באַוויזן צו גיין אַזוי שנעל אָדער לויפן. טשערניכאָוו האָט שוין אויפן דריטן טאָג נישט געקאָנט גיין, אונטערהאַלטן האָט מען נישט געטאָרט, אַרעסטאַנטן מוזן האַלטן די הענט פאַרלייגט אויף הינטן. טשערניכאָוו האָט שוין אָנגעהויבן גיין אויף די קני. דערנאָך קריכן אויף אַלע פיר. עס האָט אים אָבער נישט געמיטן דער גורל פון די פיר הונדערט אַרעסטאַנטן, וועלכע זיינען געפאַלן אין וועג פון די קאָנוואָיערישע קוילן.

דער סטודענט איז גראָד געגאַנגען נעבן טשערניכאָוון און געזען ווי מען האָט אים אַרויסגעשלעפּט פון די רייען און דערשאָסן.

ווי מען איז נישט געווען פאַרטעמפּט אויף שוידערלעכקייטן, האָט דער אויסטערלישער טויט פון אַזאַ איידעלער און ליכטיקער געשטאַלט ווי י. טשערניכאָוו אויפגעשוידערט און פאַרקלעמט.

**
*

עס רעגנט שוין אָפּטער און ביינאַכט איז אַ שניידיקע קעלט. די וועלכע האָבן געהאַט געלט, האָבן אָפּגעדונגען די ליימענע, אוזבעקישע שטיבלעך (קיביטקעס). דאָ, ביי דער באַן, אָדער אין אַלטן שטאָט־פערטל, וואָס איז ווייט פונדאַנען זעקס קילאָמעטער. די מער פאַרמעגלעכע האָבן אפילו געדונגען דירהלעך אין נייעם שטאָט־פערטל, וואָס איז אויך פונדאַנען פיר קילאָמעטער. אָבער אויף אַריינצ־יען זיך אין אַ דירה, מוז מען באַקומען אַ דערלויבעניש זיך איינצומעלדן. דאָס איז ווידער פאַרבונדן מיט געלט. עס האָבן זיך געשאַפן מאַכערס, פאַרמיטלער, וואָס

האָבן פּאָר עטלעכע הונדערט רובל אַרויסבאַקומען אַזאַ דערלויבעניש. אַנדערש האָט מען באַדאַרפט אָפּשטיין עטלעכע טעג אין אָטשערעד צו דער שטאָט־פֿאַר־וואַלטונג און מען איז אַוועק מיט גאָרנישט.

דעם ערשטן נאָוועמבער איז שוין געפֿאַלן אַ שניי. די מיליץ האָט פֿאַראָרדנט אַלע „טשאַיכאַנאַס" (אוזבעקישע טיי־הייזער), אַז זיי זאָלן אַריינלאָזן אַלע עוואַ־קואירטע, וועלכע וווינען אויף דער גאַס, אין דער ערשטער ריי פֿרויען און קינ־דער. עס האָבן זיך אַריינגעפּאַקט ביז פֿופֿציק מענטשן אין אַ טשאַיכאָנאַ. עס איז געווען אוממעגלעך זיך דאָרט אויסצודרייען, אָדער שטעלן אַ טריט. מען איז גע־קראָכן איבער די ליגנדיקע. דער געדיכטער אַוויר, טומל, קרעכצן, געוויין פֿון די קינדער, האָבן אַרויסגעטריבן יעדן, וואָס האָט זיך נאָך געקאָנט האַלטן אויף די פֿיס. מיר האָבן אויסגעקליבן ליבערשט דעם דרויסן.

משה ביעדערקאַ — דער סעקרעטאַר פֿון דער קהילה אין ליפּנע; אַ דרוקער; אַ סוחר און איך האָבן אויסגעפֿונען אַ וואַרענדע ביי אַ שולע אין אַ זייטיק געסל און ביינאַכט האָבן מיר דאָרט איינגעאָרדנט אונזער געלעגער. געשלאָפֿן זיינען מיר, פֿאַרשטייט זיך, אין אָנטועכץ, די שיך אונטערגעלייגט צוקאָפּנס (מען זאָל זיי נישט אַראָפּגנבענען פֿון די פֿיס), זיך איינגעדעקט מיט צוויי פֿאַלטנס וואָס מיר האָבן געהאַט.

אַלע זייטן־געסלעך אַרום דער באַן־סטאַנציע זיינען נאָך אַלץ איבערגעפֿולט מיט היימלאָזע. די פּוילישע יידן, וועלכע האָבן אין 1940 געהאַט אָנגענומען די סאָ־וויעטישע בירגערשאַפֿט, נישט געווען אין קיין טורמעס און לאַגערן, זיי זיינען דאָ אַהער אָנגעקומען אין אַ בעסערן מצב. זיי האָבן נאָך זייערע מלבושים, זייגע־לעך, האָבן וואָס צו פֿאַרקויפֿן. צווישן די געוועזענע „לאַגערניקעס" און „פּאַספּאָרטני־קעס" הערשט נישט קיין שלום־בית. מען האָט פֿאַרדרוס אויף יענע, וועלכע האָבן גענומען פּאַספּאָרטן, געלעבט אין בעסערע באַדינגונגען און האָבן אַרויסגעוויזן ווייניק זאָרג פֿאַר די פֿאַרשיקטע און אַרעסטירטע. יענע האָבן זיך אפילו פֿון זיי אָפּ־געטרייסלט, ווייל אַזוי איז געווען דער פּאָליטישער קורס. מען האָט באַדאַרפֿט פֿאַר־אַכטן די אַלע פּליטים, וועלכע האָבן דעמאָלט אָפּגעזאָגט אָנצונעמען סאָוויעטישע בירגערשאַפֿט.

די „פּאַספּאָרטניקעס" האָבן זיך איצט נאָך אויך בעסער מאַטעריעל, זיי זיינען אָבער מקנא די לאַגערניקעס דערמיט, וואָס זיי האָבן דאָקומענטן מיט פּוילישער בירגערשאַפֿט. יענע פֿאַרוואַרפֿן איצט גערן זייערע סאָוויעטישע פּאַספּאָרטן, קויפֿן אויפֿן באַזאַר געגנבעטע באַפֿרייאונג־שיינען פֿון די לאַגערן. מיט אַזאַ דאָקומענט האָבן זיי נאָך אַ האָפֿענונג ווען עס איז אַמאָל אַרויסצופֿאָרן פֿון ראַטנפֿאַרבאַנד.

די פּאַספּאָרטניקעס זיינען שוין אויך געניטער ווי אַזוי זיך אַן עצה צו געבן, גייען געקליידעט ווי נאַטשאַלניקעס, ווייסן ווי אַזוי זיך צו האַלטן, אַרויסווייזן סאָ־וויעטישן פּאַטריאָטיזם, זיך צונויפֿרעדן מיט באַאַמטע, געבן כאַבאַר, פֿירן מסחרים.

אייניקע פֿון יענע קומען אַרויס צום באַן, דרייען זיך אין די שמאָלע געסלעך צווישן די באַפֿרייטע פֿון די פּאָסיאָלקעס, עוואַקואירטע פֿון בעסאַראַביע, ליטע, אויף צו מסחרן. קויפֿן אָפּ מלבושים, זייגערלעך, קידושין־רינגלעך. ביים אָפּקויפֿן קידושין־רינגלעך האָבן זיך ספּעציאַליזירט עטלעכע אונזערע יידישע אַקטיאָרן און אַלס פֿאַר־מיטלער האָט זיי געדינט אַ וואַרשעווער זשורנאַליסט. זייער מסחר־קונסט באַשטייט אין איינרעדן די איינגטימערינס פֿון די קידושין־רינגלעך, אַז עס איז נישט קיין גאָלד

פון גוטער קוואַליטעט. האָט נישט די געהעריקע וואָג, אַז דער פּרייז איז נידעריקער ווי זיי שאַצן. דער טיפּ סוחר, איז פון יענעם מין, וואָס האַנדלט גערן מיט תכריכים בשעת עפּידעמיעס, און בעטן דאַבײַ גאָט אויף וואָס מער מתים.

מיר שלעפּן זיך אַרום אויפן באַזאַר. דאָרט טרעפן מיר באַקאַנטע, וואָס זײַנען מכבד מיט אַ טאָמאַט, עטלעכע ווײַנטרויבן, אַ ביסן ברויט און מען דערכאַפּט די נשמה. פאַראַן מענטשן, בײַ וועלכע עס איז שווער אויסצוואָרצלען זייער שלעכטס, אָבער פאַראַן אויך מענטשן, בײַ וועלכע עס איז שווער אויסצוואָרצלען זייער גוטס — אין אַלע אומשטענדן און באַדינגונגען. אָט די מענטשן זוכן מיר אויפן באַזאַר, זיי לאָזן אונז נישט אויסגיין פון הונגער.

## ק אַ פּ י ט ל ד

עס האָט זיך עוואַקויִרט דאָס יידישע מלוכה־טעאַטער פון מאָסקווע. זיי שטייען דאָ איצט אַלע נישט ווײַט פון וואָקזאַל און רינגלען אַרום זייערע טשעמאָדאַנעס און פּעק. מיר האָט זיך געוואָלט זען די יידישע אַרטיסטן פונם מאָסקווער מלוכה־טעאַטער. איך שאַר זיך צו זיי צו נענטער, אָבער זיי טרייבן מיך אַוועק, נעמען מיך אָן, זעט אויס, פאַר אַ גנב, וואָס כאַפּט אויפן שפּרונג. אָבער גנבים זײַנען דאָך בעסער אָנגעטאָן פון מיר און זעען אויך בעסער אויס.

איך האָב אַ גאַנץ באַזונדערע סיבה צו זוכן מיט זיי באַקאַנטשאַפט. מײַנער אַ חבר פון די יוגנט־יאָרן, מאיר ד., אַ דיכטער, וועלכער איז אַוועק אין 1924 קיין רוסלאַנד, איז אין די לעצטע יאָרן געוואָרן אַן אַקטיאָר און געשפּילט אין זייער טעאַטער. ביזן יאָר 1937 האָבן מיר זיך קאָרעספּאָנדירט. ער האָט מיר אָפט געשיקט אויסשניטן פון צייטונגען, ווו עס איז געווען געדרוקט זײַן בילד און וועגן זײַנע ליטעראַריש־קינסטלערישע אויפטוען. אין מיטן 1937 האָב איך אים אָנגעפּרעגט אין אַ קאַרטל, געבעטן אים מיר אויפקלערן די סיבות פון דער עפּידעמיע בײַ זיי דאָרטן (געמיינט די מאָסקווער פּראָצעסן). געשריבן אים, אַז איך בין פאַרצווייפלט צוליב די שווידערלעכע פאַקטן, וועלכע מײַן מוח באַנעמט נישט.

נאָכן אָפּשיקן דאָס קאַרטל האָב איך גלײַך חרטה געהאַט. עס האָט מיך גענומען פײַניקן דאָס געוויסן, טאָמער האָב איך אים מיט דעם קאַרטל געשטעלט אין אַ פאַרלעגנהייט, פאַרשאַפט אומאַנגענעמלעכקייטן. קיין ענטפער איז פון דעמאָלט אָן שוין נישט געקומען. אין 1938 האָט מען שוין אין וואַרשע געוווּסט, אַז מאיר ד. איז אַרעסטירט געוואָרן. איך ווייס נישט צי עס איז טאַקע געווען די שולד פון מײַן קאַרטל, נאָר סיווי האָב איך געוואָלט דערגיין פּרטים וועגן זײַן אַרעסט.

מיר איז געלונגען איבערצייגן די מאָסקווער אַקטיאָרן, וועלכע האָבן דיזשורירט אַרום די פּעקלעך, אַז איך בין נישט קיין גנב. איך זאָג זיי, אַז איך בין אַ חבר פון ד. איך וואָלט וועלן עפּעס דערגיין וועגן זײַן גורל. ערשט איצט האָבן זיי זיך דערשראָקן פאַר מיר מער ווי פאַר אַ גנב. זיי בורטשען אונטער און מײַדן אויס צו ענטפערן. איך שטיי אָבער נישט אָפּ, דערצייל זיי דערוויל וועגן יידישן טעאַטער־לעבן אין פּוילן. איך האַלט אין איין רעדן און דערציילן. זיי זעען, אַז זיי וועלן פון מיר נישט פּטור ווערן. איינער ענטפערט:

מאַרק ד. האָט אין יאָר 1937 חתונה געהאַט, ער איז געוואָרן אַ בוכהאַלטער.

ער האָט געווינט ערגעץ אין קיעוו און געלעבט צופרידן און גליקלעך מיט זיין ווייב און צוויי קינדערלעך.

איך האָב זיך דערפרייט מיט דער ידיעה. הייסט עס, אַז ער איז נישט אַרעסטירט געוואָרן, עס איז געווען אַ פאַלשער קלאַנג דעמאָלט.

אַ צווייטער אַקטיאָר פאָרעט זיך ביי זיינס אַ צעריסענעם טשעמאָדאַן. ער בעט מיך אים צוהעלפן. ווי ער שטייט אַזוי איבערגעבויגן ביים צונויפקנופּן די איבעריגע־ריסענע שטריקלעך, רעדט ער אַראָפּ צו דער ערד, אין טשעמאָדאַן אַריין:

— משה ליגנער, גיי אַוועק פון פענצטער! מען האָט אייך אָפּגענאַרט. פרעגט נישט מער קיין וואָרט. אייער חבר מ. ד. איז צוגענומען געוואָרן אין יאָר 1937. פון דעמאָלט אָן ווייסט קיינער נישט וווּ זיין געביין איז אַהינגעקומען. פרעגט נישט מער, פּתח שין — שאַ. דערלאַנגט מיר די שטריק! הויבט אויף דעם טשעמאָדאַן, העכער! אָט! האָפּ! אַ דאַנק! זאָגט אַ גוטן טאָג!

איך בין אַוועק אָן אַ „גוטן טאָג". איך האָב באַוווּנדערט יענעם אַקטיאָר, וואָס האָט אַזוי קונציק אימפּראָוויזירט אַ ליגן אויפן אָרט, אַז ד. האָט חתונה געהאַט, געוואָרן אַ בוכהאַלטער, לעבט גליקלעך מיט זיין ווייב און צוויי קינדערלעך. אָבער נאָכמער האָב איך באַוווּנדערט דעם צווייטן אַקטיאָר, וועלכער האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן דעם ליגן און געוואַגט מיר צו דערציילן דעם אמת. ביידע פאַלן זיינען ווערט באַוווּנדערט צו ווערן.

***

אין די לעצטע חדשים פון יאָר 1941, זיינען אָנגעקומען אין סאָוויעטיש מיטל־אַזיע הונדערטער טויזנטער יידן, רוסישע, אוקראַינישע, בעסאַראַבישע, ווייסרוסישע, ליטווישע, לעטישע, — עוואַקואירטע פון די שטעט, וואָס זיינען באַדראָט געוואָרן פון די דייטשן און די פּוילישע יידן, באַפרייטע פון די סאָוויעטישע לאַגערן. אין סאַמאַרקאַנד, זיינען בלויז פּוילישע יידן אָנגעפאָרן העכער 20 טויזנט.

איך טרעף אויפן באַזאַר דעם קליינעם יאָשקע ראַבינאָוויטש, געווען אַ פירנדיקע פיגור אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג אין פּוילן. ער איז געווען אַ לערער און פּובליציסט. ער איז נידריק, מיט אַ הויכער, געהויקערטער פּלייצע, כראָניש קראַנק, טובערקולאָז אין די ביינער. ער בעט מיך פאַר קיינעם נישט דערמאָנען ווער ער איז געווען. אויך אין לאַגער איז אים געלונגען אויסצובאַהאַלטן זיין פּאָליטישע פאַרגאַנגנהייט. מחמת דעם טאַקע האָט ער נאָר באַקומען פינף יאָר, ווי יעדער דורכשניטלעכער פּליט.

דער רבי'שער זון יאָשקע אין אַן אײדל און זיידן מענטשל, ער וואָלט אַליין, חלילה, קיין לעבעדיק פישל נישט איינגעשניטן. נאָר דעמאָלט, ווען ער איז אַרויסגעטרעטן אַלס סעמפּערישער פּובליציסט און רעדנער, — געפאָדערט צו באַקעמפן, אויסראָטן און ליקווידירן יעדן שונא און קעגנער פון דער רעוואָלוציע, מעגן זיי זיין מיליאָנען — דעמאָלט האָט ער אַוודאי געמיינט — אַז דאָס איז נאָר אַ פסוק אַזאַ, אַ פשטל, אַ פאָרמולע. ער האָט זיך נישט פאָרגעשטעלט ווי אַזוי עס זעט אויס אין דער ווירקלעכקייט דאָס ליקווידירן מיליאָנען מענטשן און ווער עס הייסט אַלץ אַ שונא.

איצט איז דאָס יאָשקע ראַבינאָוויטש געווען איינער פון די שונאים, וואָס זיי־נען באַשטימט געוואָרן צום ליקווידירן. ער האָט באַקומען פינף יאָר ארעסט. נו, איז געשען דער דייטשישער איבערפאַל אויפן ראַטנפאַרבאַנד, דער אָפּמאַך מיט שי־קאָרסקין און מען האָט אים אַמנעסטירט. ער איז נאָך געזעסן 14 חדשים.

ער איז הונגעריק און אָפּגעריסן פּונקט ווי איך, פונדעסטוועגן האָט ער אַ כוח געהאַט אויסצוגעבן די לעצטע 25 רובל אויף אַ דעפּעשע. ער האָט טעלעגראַפירט צו זיין ברודער הערשל (גרישאַ) ראַבינאָוויטש קיין קאַנאַדע. ער האָט אין דער דעפּע־שע געשריבן נאָר איין וואָרט: WELL.

איך האָב אים מקנא געווען, איך האָב אויך אַ ברודער אין אַמעריקע, וואָלט אויך וועלן טעלעגראַפירן, אָבער קיין 25 רובל איז מיר נישט געלונגען צונויפצו־שטעלן. איך האָב נעכטן פאַרקויפט אויפן באַזאַר מיין שאַליק פון האַלז און דאָס רענצל, האָב איך באַקומען דערפאַר נאָר 22 רובל, האָב איך דאַן געוואָלט עפּעס אָפּעסן, אויך קויפן אַ גלעזל מאַכאָרקע, זיינען מיר געבליבן עטלעכע ריבל, וואָס מען האָט זיי מיר ביינאַכט, ווען איך בין געשלאָפן אויפן גאַס, ארויסגעגנבעט.

אינמיטן דערינען כאַפּן מיר דערוויַיל איבער צווישן זיך אַ פּאָר ווערטער. גיך האָבן מיר זיך פאַרפּלאָנטערט אין אַ שטרייט איבער פּאָליטישע פּראָבלעמען. ער רעדט וועגן דעם ענין פון היסטאָריש־מאַטעריאַליסטישער אויפפאַסונג. איך וויל דערפון נישט הערן, בין מיט אים נישט מסכים. ראַבינאָוויטש נעמט מיך אָן פאַרן לאַץ און וויל אין מיר ארייננאָטעמען זיין איבערציַיגונג:

— אין לאַגער — זאָגט ער — האָט ער זיך נאָך מער באַקרעפטיקט אין זיין היסטאָריש־מאַטעריאַליסטישער אויפפאַסונג. דאָרטן האָט ער ערשט רעכט דערזען ווי אַ ברויט, אַ קאַרטאָפל, אַ טעלער גריץ און אַ פויסט — געוועלטיקן אינם מענטש־לעבן! געוועלטיקט עם ממילא אויך אין דער פּאָליטיק. אָט דאָס — שאָקלט ער פרום מיט זיין גרויסן קאָפּ — איז די פּאַקטישע טרייב־קראַפט פון דער געזעל־שאַפט.

אָבער נישט געקוקט אויף דעם פאַרטועגעם שמועס, זיינען אונזערע אויגן געווען געווענדעט צו די טישלעך אויפן באַזאַר, וו עס האָבן זיך געפונען רייצנדיקע, מאַטעריעלע אָביעקטן: טאָמאַטן, וויינטרויבן, רעטעך, ברוקעוו און ציבעלעס. האָט די סליונע געצופּט אין דער פאַרטרוקנטער צונג און נישט געוואָלט מער ארבעטן פאַר אַ טעאָרעטישן וויכוח. ביים געזעגענען זיך האָט ער נאָך ארויסגעקראָכעט אַ פּאָר טרוקענע ווערטער:

— דער רעזשים דאָ וועט זיך בקרוב ענדערן צום גוטן, דעמאָקראַטיזירן. לענ־גער אַזוי אָנהאַלטן קאָן עס סיווי נישט. יאָ, די מערב־מלוכות, וועלכע גיבן איצט הילף דעם ראַטנפאַרבאַנד, קעמפן צוזאַמען קעגן די דייטשן. זיי וועלן נישט באַ־שטיין דערויף, אַז דאָ זאָל פאַרבלייבן אַ טאָטאַליטאַרער רעזשים. די סאָוויעטן וועלן זיין געצוווּנגען נאָכצוגעבן.

מילא, גלויבן דערין האָב איך געוואָלט, הלוואי זאָל ער, ראַבינאָוויטש, זיין גערעכט, נאָר איך האָב נישט געגלויבט. האָב איך נישט אָפּגעענטפערט, נאָר גע־דרייט מיטן קאָפּ אין דער ברייט. האָט ער צוריקגעשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ — יאָ. ער איז אוועק אין דער אַלטשטאָט פון סאַמאַרקאַנד, פינף קילאָמעטער ווייט פונ־

דאנען. דאָרט האָט ער צו ט־עפּן עטלעכע פריינט, אפשר וועט ער ביי זיי קאָנען שלאָפן.

אין צען טעג ארום האָט שוין יאָשקע ראבינאָוויטש נישט געלעבט. אין דער שמוציקער „טשאַיכאַנאַ", ווו ער האָט געגעכטיקט אויף דער פאָדלאָגע, האָט ער זיך אָנגעשטעקט מיט טיפוס און געשטאָרבן אין שפּיטאָל.

איז אפשר, וואָס שייך מאַטעריאַליזם, טאַקע ער געווען גערעכט?

יאָשקע ראבינאָוויטש איז געווען פון די ריינסטע, איידלסטע, אידעישע קעמ־פער אין דער ארבעטער־באַוועגונג אין פּוילן.

און זאָל זיין ברודער הערש, פון קאַנאַדע, שוין פארשטיין, אַז WELL מיינט נישט אַלעמאָל „גוט", „וועיל", אַמאָל באַדייט עס אויך „טויט".

## קאַפּיטל ה

א גאַנצן טאָג רעגנט. די פיס זינקען אין בלאָטע. עס רינט דורך די שיך און פּאַרעט און בייסט די הויט. עס איז נישט גוט ווען עס בריט די זון בשעת מען איז הונגעריק, אָפּגעשוואַכט און די כינים בייסן דעמאָלט דאָס לייב ערגער ווי עס וואָלט געשטאָכן מיט נאָדלען. עס איז אָבער אויך נישט גוט, ווען עס איז קאַלט, רעגנדיק און די בלאָטע בייסט און עסט די הויט פון די פיס.

איך ליג אויסגעצויגן אויף דער ערד, דעם קאָפּ אָנגעלענט אויף א שוועל פון א פאַרמאַכטן ברויט־מאַגאַזין. עס איז קעגנאיבערן וואָקזאַל. איך האָב נישט קיין כוח צו גיין און רירן זיך פון אָרט. עס קומט אָן א יונגערמאַן, א געוויסער ווינצ., וועלכער האָט אַמאָל געאַרבעט אין אַדמיניסטראַציע פון וואַרשעווער „פאָלקס־צייטונג". יענער האָט אַלעמאָל געהאַט א שוואַכקייט צום שרייבן. שטענדיק געבעטן, אַז מען זאָל אויסהערן זיינע שאַפונגען. אָבער זעלטן איז געווען דערצו דאָס געדולד און חשק. איצט האָט ער מיך געפּאַקט. ער האָט — זאָגט ער־ — אָנגעשריבן א גאָר געראָטן בילדעלע פונם וועג, ווי אַזוי באַנדיטן זיינען באַפאַלן א וואַגאָן און אַלע צו־גערויבט ביי די עוואַקואירטע, עטלעכע מענטשן צעשטאָכן מיט מעסערס. ער וויל מיר פאָרלעזן זיין אָנגעשריבן בילדל.

איך אָטעם קוים, האָב נישט קיין כוח אויסצוהערן באַשריבענע בילדלעך וועגן גראָע, טאָגטעגלעכע דערשיינונגען, וואָס איך האָב אַליין גענוג זיך אָנגעזען — אַזוי זאָג איך אים. מיך פאַ־דריסט אויף אים, וואָס ער האָט נאָך געדולד און אויסדויער זיך צו פאַרנעמען מיט אַזעלכע נאַרישקייטן ווי אָנשרייבן בילדלעך.

באַזונדער האָט זיך מיר אויסגעדרוכטן, אַז ער ט־יומפירט אַצינד איבער מיר:

„איצט פריץ ־ לעב, וועט איר זיך שוין נישט א־ויסדרייען פון אויסהערן מיינע שאַפונגען, אַצינד זיינען מיר אַלע גלייך!".

איך פּרוּוו זיך אַרויסדרייען מיטן תירוץ, אַז איך האָב היץ. איך וועל נישט זיין בכוח אים אויסצוהערן אויפמערקזאַם. ווייזט זיך אַרויס, אַז ער האָט ביי זיך א טער־מאָמעטער, ער וועט מיר באַלד מעסטן די היץ. ווען דער־ טערמאָמעטער ווייזט 38 גראַד, בין איך טאַקע איבערגעשראָקן, האָב אָבער א סאַטיספאַקציע פון מיין זיג — איך וועל נישט אויסהערן זיינע שאַפונגען.

ער טרייסט מיך און זיך, אַז עס וועט געשען דער־ נס און מיר וועלן אַמאָל אַרויס אויף דער פרייער וועלט, וועלן מיר באַשרייבן וואָס מיר האָבן דאָ געזען און

איבערגעלעבט. די וועלט וועט זיך איבערקערן פון איבעראַשונג, וועט זיך איבער־דרייען מיטן קאָפּ אַראָפּ. מיר וועלן דאַרפן — זאָגט ער — זיין צופרידן פון דער זכיה וואָס מיר האָבן געהאַט — צו אַנטדעקן דאָס נייע רוסלאַנד!

איך גלויב אָבער נישט, אַז מיר וועלן דערלעבן צו דער זכיה.

***

נישט ווייט פון מיר, נעבן וואָקזאַל־קלאָזעט, ליגט שוין דעם צווייטן טאָג אַ פרוי, מיט אירע דריי קליינע קינדער — אַלע טויט. מען זאָגט, אַז זי האָט די קינ־דער פריער איינגעגעבן סם און נאָכער אַליין זיך פאַרסמט. מען האָט זי אַראָפּגענומען פון אַ דעפּאָרטאַציע־וואַגאָן. זי איז אַ גריכין. מען האָט זי צוגלייך מיט עטלעכע טויזנט אַנדערע גריכן, וועלכע וווינען ביים דניעפּר, בעתן דערנענטערן זיך פון די דייטשן, דעפּאָרטירט אין טיף אַזיען. מען איז נישט געווען זיכער מיט זייער סאָוויע־טישער לאָיאַליטעט. איך האָב זיי געזען פאַרנדיק אין די וואַגאָנען. זיי זעען אויס ווי ציגיינער. די מאַמעס זיינען געווען פאַרנומען מיט לויזן זייערע אייגענע און די קינדערס בגדים.

איך ווייס נישט צי עס איז אמת, אַז די יונגע גריכישע פרוי האָט טאַקע אַליין פאַרסמט זיך און די קינדער. גיכער קאָן זיין, אַז זיי האָבן זיך אָפּגעסמט פון די גראָזן, וואָס זיי רייסן אָפּ אין פעלד, בשעת די וואַגאָנען שטעלן זיך אָפּ. איין קינד האַלט זי נאָך איצט צוגעטוליעט צו זיך, די אַנדערע צוויי קינדערלעך ליגן ביי אירע פיס. די פרוי ליגט איינגעהילט אין אַ צייטונג, אָבער דאָס פּנים איז אָפּגעדעקט און באַשפּריצט מיט בלאָטע. די האָר אירע זיינען צעפּלאָשעט און פאַרקנעטן מיט בלאָטע.

לכתחילה איז מיר געווען שווער צו קוקן אויף איר מיט די דריי קינדערלעך, אויף איר פאַרשטייפט, פאַרהאַרטעוועט פּנים, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ בייזע פויסט, ווי דער גאַנצער צער, צאָרן און פּראָטעסט וואָלטן געווען קאָנצענטרירט אין איר פאַרשטייניקטן, טראַגיקן פּנים. נאָכער האָב איך שוין אויף איר געקוקט פון אַן „עסטעטישן" שטאַנדפּונקט, ווי אויף אַ גראַנדיעזער מאָלעריי. איך האָב געטראַכט, אַז נאַריש באַגייען זיך די אַלע מענטשן, וועלכע טוען אָן זייערס אַ נאָענטן, נאָכן טויט, אין אַ שוואַרצן אָנצוג, ווייס העמד, ווייסן שניפּס און שוואַרצע לאַק־שיך. דאָס איז אַ חוזק פונם טויט. אַ געשטאָרבענער דאַרף אויסזען אָט אַזוי ווי די יונגע, גריכישע פרוי. דאָס איז דער ריכטיקער טויט־מאָנומענט. די גראַניאָלסטע מאָלער האָבן נאָך אַזעלכעס נישט אויפגעמאָלן.

אָבער פאַרוואָס, שוין דעם צווייטן טאָג, נעמט מען זיי נאָך אַלץ נישט צו פונדאַנען? ווו איז די מיליץ, די געזונטהייט־אָפּטיילונג, די שטאָט־פאַרוואַלטונג? וואָלט מען זיי כאָטש אָוועקגענומען פון נעבן קלאָזעט. יעדער וואָס גייט דורך, באַ־שפּריצט זיי מיט בלאָטע. און נאָכוואָס בכלל לאָזן פאַראַדירן אַזאַ גרויל־בילד?

אָבער עס איז איינע פון די טויזנטער פראַגן, וועלכע בלייבן דאָ אומפאַר־ענטפערט.

## קאַפּיטל ז

מיין אָפּגעריסענער הולך, דאָס צעהאַדערטע רעקל, די אויפגעטרעטענע שיך, דעפּרימירן מיך. עס גייען פאַרביי מיינע דריי באַקאַנטע פון פּאָסיאָלעק — אינזשי־

ניער פּיביך, פּראַשקער — דער געזעלשאַפטלעכער עסקן פון פּיאָטרקאָוו און שאַפּיר — אַ יונגער וואַרשעווער סוחר. זיי זיינען אַלע דריי פון הויכן וווקס, נאָך עלעגאַנט אָנגעטון, פּאַצעטיש, אַלע אין אַמעריקאַנער ברילן, מיט אַ רעפּרעזענטאַבל אויסזען. מען שמועסט, אַז עס דאַרפן געעפנט ווערן פּוילישע פּליאַצוווקעס, אָרגאַניזירט פון דער פּוילישער אַמבאַסאַדע אין קויבישעוו (איבערגעטראָגן געוואָרן מלחמה־צייט פון מאָסקווע). מען וועט דאַרפן האָבן אַקטיווע מענטשן, מיט אַ רעפּרעזענטאַטיוון אויס־זען, וועלכע זאָלן דאָ אָנפירן מיט דער פּוילישער הילפס־טעטיקייט. אָט די דריי באַקאַנטע מיינע גייען שוין צוזאַמען, פּאָרען זיך אַרום און גרייטן זיך, מסתמא, איבערצונעמען די מיסיע.

זיי ווילן צו מיר צוגיין, זיך באַגריסן, אָבער ניין, עס איז שוין נישט כדאי. זיי זעען, אַז איך האַלט שוין ערב־אויסגיין. אויב צוגיין, זיך באַגריסן, שמועסן, הייסט אויך, אַז מען דאַרף פּאַרליינגן הילף, אפשר אַ קליינע הלוואה און דאָס וועט קיי־נער פון זיי נישט טון, אָדער קאָן נישט טון. און אַפשר מיינען זיי, אַז זיי וועלן מיך באַליידיקן מיט אַזאַ הילף־פאָרשלאָג? זיי זשעניִרן זיך? דער עיקר, מסתמא, דער־פאַר, ווייל זיי זעען, אַז עס איז שוין סייווי צושפּעט, גאָרנישט וועט שוין מיר העלפן, איך וועל פאַלן אַ ליאַדע שעה אָדער טאָג. טאָ וואָס וועלן זיי שוין אויפטון מיט אויסבאָרגן מיר אויף אַ קילאָ ברויט?

איך האָב דעמאָלט געבעטן ביי אַלע העכערע כוחות, אַז איך זאָל דאָך נישט אַזוי שנעל פאַלן און אויסגיין, אַז איך זאָל נאָך קענען כאָטש זיך טרעפן מיט זיי אין עטלעכע טעג אַרום און זיי זאָלן פאַרשעמט ווערן פאַר זייער פּריציייטיקער רע־זיגנאַציע פון מיין לעבן.

איך האָב נאָך אַלץ געטרוימט וועגן קאָנען פאַרשאַפן זיך פינפאונצוואַנציק רובל, אויף אַרויסצושיקן אַ טעלעגראַמע צו מיין ברודער. אים מיטטיילן, אַז איך לעב און בעט הילף.

איך האָב זיך געוווּנדערט, דורך דער פאַרמיטלונג פון מיינעם אַ חבר, אַ זשור־נאַליסט, מאַקע צו דעם פּיאָטרקאָווער עסקן, פּראַשקער, אַז ער זאָל מיר אויסבאָרגן אויף אַ טעלעגראַמע קיין אַמעריקע. ווי איך וועל נאָר באַקומען די ערשטע סומע פון מיין ברודער, וועל איך אים אָפּגעבן. יענער האָט צוגעזאָגט, אָפּגעלייגט פון מאָל צו מאָל. זיינס אַ ברודער איז געפאָרן ספּעקולירן קיין אוראַל, אויב ער וועט צוריק־קומען און די רייזע וועט אַדורך בשלום, וועט ער מיר געבן די הלוואה.

מיין חבר, דער זשורנאַליסט, האָט אויך געוואָלט טעלעגראַפירן קיין אַמעריקע, צו אונזערע קאָלעגן און פריינט, ער האָט נאָך יאָ געהאַט די פּאָר רובל, ער האָט אָבער מורא געהאַט צו טעלעגראַפירן, נישט צו האָבן דערנאָך קיין אומאָנגענעמלעכקייטן פון דער ענקאַווע‌דע. דער זשורנאַליסט און פעליעטאָניסט איז אַן איבערגעטריבע־נער פחדן. האָט נאָר ווער געפּרוווט אין זיין אָנוועזנהייט רעדן אַ וואָרט וועגן פּאָלי־טיק, האָט ער יענעם באַלד אָנגעזידלט:

„איר זענט חולה צו רעדן וועגן פרעס, אָדער נקבות?!"

און האָט זיך אַליין באַלד אָפּגעטראָגן.

מיר איז דאָך געלונגען אים איינצורעדן אָפּצושיקן אַ דעפּעשע, איך האָב זי מאַקע אַליין אָנגעשריבן אין ענגליש, איבערגעזעצט אויף רוסיש. אונטערגעשריבן אויך מיין נאָמען. זי איז אַדרעסירט געוואָרן צום זשורנאַליסט חיים פינקלשטיין.

אין עטלעכע טעג ארום האָט מיין חבר געקראָגן ענטפער, מען שיקט אים א־ויס הילף. איך האָב קיין ענטפער נישט באַקומען. זעט אויס, אַז מיין חבר, אַוועקגייענדיק אויף דער פּאָסט מיט דער דעפּעשע, האָט אין דער לעצטער מינוט אויסגעשטראָכן מיין נאָמען. ער האָט דאָס אוודאי געטון צוליב מורא, ווייל איך בין שוין געווען אַ געזעסענער אין טורמע און ער — נאָר אַ פאַרשיקטער.

די פּוילישע הילף־פּונקטן האַלטן טאַקע ביי געפינט ווערן. די סאָוויעטישע באַאַמטע הויבן אָן אונז אַרויסווייזן מער אויפמערקזאַמקייט. זיי פאַרזיכערן אונז, אַז מיר וועלן געניסן פון פולשטענדיקן אַזיל־רעכט. קיין פּראַקטישע באַדייטונג האָט עס נישט, נאָר גיכער אַ מאָראַלישע. זיי דערקלערן אונז, אַז די הויכע באַאַמטע, וועלכע האָבן באַפוילן אין יוני 1940 צו פאַרשיקן און איינזעצן די אַלע, וועלכע האָבן נישט אָנגענומען סאָוויעטישע בירגערשאַפט — זיינען געווען פּשוטע סאַבאָטאַזשניקעס, שעדיקער, האָבן געוואָלט דאַדורך אַרונטעררייסן דעם אָנזען פון ראַטנפאַ־באַנד אין אויסלאַנד. די אַלע סאַבאָטאַזשניקעס — פאַרטרויען זיי אונז שטילער — זיינען שוין דערשאָסן געוואָרן.

נישט אַלע האָבן דערין געגלויבט. מען ווייסט שוין: ווערט עפּעס אַ געוויסע אַקציע פון דער מאַכט קאָמפּראָמיטירט, וואַרפט מען דאָס אויפן קאָפּ פון עטלעכע אָפּלייזער. מען באַצייכנט זיי אַלס סאַבאָטאַזשניקעס און מען שיקט זיי לעזאָזל. אַמאָל באַגנוגנט מען זיך נאָר בלויז מיטן אַרויסלאָזן אַ קלאַנג, אַז מען האָט יענע באַשטראָפט. פּונקט ווי אַ סך רוסן האַלטן נאָך עד היום, אַז יעזשאָוו (פירער פון געפּעאו) איז גאָרנישט דערשאָסן געוואָרן, אַז ער לעבט נאָך עד־היום און אַרבעט ע־געץ אויף אַ הויכן אַמט. אונטער אַ פאַרשטעלטן נאָמען.

אפילו ווען אַ גאַנצע אינסטיטוציע ווערט קאָמפּראָמיטירט, ווערט אויך געביטן איר נאָמען. פּונקט ווי עס טוט עס יעדער פאַרברעכער, ווען זיין נאָמען ווערט שוין צופיל באַקאַנט. אַזוי ווייזט מען אויף, אַז די „טשעקאַ" האָט פאַרביטן איר נאָמען אויף „געפּעאו", נאַכער אויף „נקווד", „נ. ק. ג. ב.". (גאָר לעצטנס — שוין אויף „מ. וו. ד.").

אָבער דאָס זיינען אַלץ דערוויל ווייטערע און העכערע ענינים. איך גיי אַרום שלינג־ און שלאַנג, הונגעריק, שלאָף נאָך אַלץ אויף דער גאַס.

פאַרנאַכט טרעפט מיך מיין שוועגערינס ברודער, נעטל. ער האַלט, אַז עס קומט מיר ביי אים אַ חוב. איך האָב אים אַמאָל געגעבן אַ גלאָז מאַכאָרקע, גיט ער איצט אָפּ דערפאַר אַ האַלבן קילאָ פריש, ראַזאָווע ברויט. איך האָב נאָך היינט נישט געהאַט געגעסן און זיך גיריק צוגעכאַפּט צו דעם פרישן ברויט. איך האָב עס אויפגעגעסן מיט איינמאָל. דער רעזולטאַט דערפון האָט נישט געלאָזט אויף זיך לאַנג וואַרטן. איך האָב באַקומען אַזעלכע מוראדיקע מאָגן־קראַמפּן, אַז איך האָב געגרעוועט מיט ווילדע קולות. מענטשן זיינען זיך צונויפגעלאָפן. איך בין געלעגן אויף דער ערד און זיך געקאָרטשעט פון די ווייטיקן, אוממענטשלעך געוואַלדעוועט. מען האָט ערגעץ געשאַפן אַ טראָג־בעטל און מיך אַוועקגעטראָגן אין אַ שפּיטאָל אריין. דער דיזשורירנדער דאָקטער קאָן אפילו מיך נישט באַטראַכטן. איך וואַרף זיך, שפּרינג, פאַרגיי זיך אין קולות. עטלעכע סאַניטאַרן האַלטן מיך צו ביי די הענט און פיס, מען טוט מיך אויס און דער דאָקטער אונטערזוכט מיך.

ער מוז מיך — זאָגט ער — גלייך אָפּערירן, ווייל ביי מיר איז אַ גנעדערים־פאַרשטאָפּונג.

איך פּראָטעסטיר. איך וויל נישט קיין אָפּעראַציע! דאָ איז דאָך אַ פּראָוויזאָרישע אַמבולאַטאָריע און דער יונגער דאָקטער זעט מיר אויס נישט צו זיין באַרופן צו אַזאַ אָפּעראַציע. נעבן מיר שטייט אַ באַקאַנטע פון פּאָסיאָלעק, די פרוילין מענדעלסאָן פון װאַרשע. איך גיב איר אַװעק מיין פּערזענלעכן דאָקומענט, זאָג איר אָן עטלעכע ווערטער פאַר מיין פאַמיליע אין פּוילן און בעט זי אויך נישט צו דערלאָזן מיך אָפּערירן.

דער דאָקטער דערקלערט, אַז ער װעט ביי מיר נישט פרעגן. ער קוקט אויפן זייגער. אויב עס װעט נאָך במשך פינף מינוט ביי מיר אַלץ טרוקענען די צונג, װעט ער מיך גלייך אָפּערירן. איך שטויס פון זיך אָפּ אַלע סאַניטאַרן, װאַרף זיך, קאָרטשע זיך, פאַרגיי זיך נאָך אַלץ אין יעלית. פּלוצים קומט אַ רעאַקציע, איך נעם אַלץ אָפּגעבן... דער דאָקטער שרייט אויס אַז איך בין געראַטעװעט, קיין אָפּעראַציע איז שוין נישט נויטיק, דאָס אָפּברעכן האָט געהאָלפן.

די װייטיקן װערן עטװאָס קלענער, אָבער נאָך גענוג, אַז איך זאָל זיך פאַרגיין אין מוראדיקע קראַמפּן.

דער דאָקטער איז צופרידן. איצט האָט ער שוין נישט ביי מיר װאָס צו טון. מען דאַרף מיך נעמען אין שטאָט אַריין, אין שפּיטאָל. ער קלינגט אין עטלעכע שפּיטעלער, אָבער אַלע זאָגן אָפּ, זייערע אויטאָס האָבן נישט קיין בענזין. זיי קאָנען ערשט שיקן נאָך מיר מאָרגן אינדערפרי. דאָס אַמבולאַטאָריום װערט געשלאָסן צען ביינאַכט. עס איז שוין איצט נאָך צען, איך קאָן דאָ לענגער נישט בלייבן און מוז גלייך פאַרלאָזן די אַמבולאַטאָריע.

נישט װייט פון װאָקזאַל איז פאַראַן אַן איזאָלאַטאָר, פאַר אָנשטעקנדיקע קראַנקע. איז זאָל די פרוילין מענדעלסאָן מיך דאָרט איבערפירן. ער שרייבט אָן אַ צעטעלע צו דער דירעקציע פון איזאָלאַטאָר.

איך האָב זיך נישט װאָס צו שפּאַרן און קריך אַרויס אויף אַלע פיר פון דער אַמבולאַטאָריע. עס איז גאָרנישט אַזוי נאָענט דער איזאָלאַטאָר, אַװדאי אַ האַלבער קילאָמעטער װייט. איך קריך, די פרוילין באַמיט זיך מיך צוצוהאַלטן, אַז איך זאָל נישט אומפאַלן. די װייטיקן קנייפּן און גרימען אין די גנעדערים אַזוי, אַז איך בעט מיין באַגלייטערין, אַז זי זאָל זיך דערבאַרימען אויף מיר און טון מיר די גרויסע טובה און מיך דאָ פאַרענדיקן. זאָל זי מיך דערשטיקן, אויפהענגען, זאָל זי טון אַלדאָס מעגלעכע, אַבי מיך שוין באַפרייען פון די גרוילעכע שמערצן. איך האָב נאָך אַפילו אַצינד אין זינען צו טראַכטן, אַז אַזעלכע װייטיקן װינטש איך נישט קיין שום מענטש, אַפילו דעם גרעסטן שונא און רשע.

פאָרט זיך דערשלעפּט און קוים אָנגעקומען אין איזאָלאַטאָר. די ליטערין לייענט איבער דאָס צעטעלע און װיל מיך נישט אויפנעמען. זי זאָגט, אַז איך װעל לאַנג נישט אָנציען, אַז איך קאָן קוים אויסהאַלטן נאָר נאָך עטלעכע שעה און װעל דאָ שטאַרבן. און זי טאָר נישט אָננעמען נישט קיין אָנשטעקנדיק־קראַנקע און נאָך דערצו אַזעלכן, װאָס האַלט ביים שטאַרבן. זי װיל נישט האָבן אין איר שפּיטאָל קיין אומזיסטן, זייטיקן טויט־פאַל. איך ליג אויף דער פּאָדלאָגע, האָב שוין נישט קיין כוח צו שרייען, קרעכץ קוים, אָבער איך זאָג איר, אַז איך װעל פונדאַנען נישט אַרויס, איך װעל שוין

דאָ די נאַכט איבערליגן. איך פאַרזיכער איר, זאָג איר צו, אַז איך וועל נאָך די נאַכט נישט שטאַרבן. פונדאַנען וועל איך זיך נישט רירן.

איך האָב אויסגעפּועלט, געבליבן דאָ ליגן. די פרייליין האָט מיר צוריקגעגעבן מיינע דאָקומענטן, מען מוז דאָך מיך פאַרשרייבן. זי האָט מיר געוווּנטשן געזונט ווערן און זיך מיט מיר געזעגנט.

איך האָב געהאַלטן וואָרט. מיין פאַרזיכערונג און צוזאָג דער לייטערין פונם שפּיטאָל, אַז איך וועל די נאַכט נישט שטאַרבן — איז מקוים געוואָרן. זי איז געווען דערמיט צופרידן. ביינאַכט האָט זי ווייניק געגלויבט אין מיין צוזאָג.

איך בין אויך געווען צופרידן דערמיט, וואָס פרייליין מענדעלסאָן האָט נישט דערפילט נעכטן ביינאַכט מיין בקשה, מיך נישט דערשטיקט. לעב איך, איז שוין ווייטער דאָ אַ האָפנונג. אפשר פאָרט?..

## שוין ווידער לך לך...

עס איז שוין האַלב דעצעמבער. אין איזאָלאַטאָר בין איך אָפּגעלעגן דריי טעג. מען האָט דאָרט געגעבן צו עסן שוואַרץ ברויט, קאַרטאָפל, קרויט און איינמאָל אויך מאַקאַראָנען. איך בין אַביסל געקומען צו זיך, כאָטש דאָס ברויט האָב איך נאָכנישט געקענט עסן. איך האָב דאָס באַהאַלטן. ווען עס איז געקומען צו מיר אויף באַזוך די פרייליין מענדעלסאָן, האָב איך איר אַוועקגעגעבן דאָס ברויט. זי האָט די לעצטע טעג געהונגערט.

נאָכן ארויסגיין פון איזאָלאַטאָר, האָב איך באַקומען ביים פּאַרפּאָלק ברייטמאַן, די מאַטראַזן, מיט וועלכע איך האָב געאַרבעט צוזאַמען אויף דער שיף — אַן אָרט צום שלאָפן. זיי האָבן אויסגעבעטעט אויף דער פּאָדלאָגע, אונטערגעלייגט אַלטע קליי־ער און איך שלאָף שוין אונטער אַ דאַך, אין אַ שטוב, צווישן באַקאַנטע.

דער אַלטער לאָדזשער זייגערמאַכער, ראָטשטיין, אַ ליטעראַטור־ליבהאָבער, וואָס זינדיקט אַמאָל אַליין אויך צו מיט אַ שיר — אַלאַ באָוושאָווער, — ער האָט מיך איינגעלאַדן צו זיך אין שטוב אריין אויף מיטאָג. דאָס מיטאָג איז באַשטאַנען בלויז פון געקאָכטע מייער־ן. זיין קליין ווייבעלע טאָבע, אַ בריה, שאָבט און רייבט אַ גאַנצן טאָג די מייערן, צעשניידט זיי אויף קליינע פּיצלעך און שטעלט אויפן פייער איין טאָפּ נאָכן צווייטן. ברויט האָט מען זעלטן געקראָגן, האָט די משפּחה זיינע אַ גאַנצן טאָג געגעסן די מייערן. דאָס איינלאַדן מיך צוויי מאָל אין טאָג אויף צימעס. איז געווען פאַר מיר ווי דאָס גרויסע געווינס.

דער אַלטער ראָטשטיין גיט מיר אויך אריין דעם געדאַנק, אַז איך זאָל זיך אַרויסלאָזן אויפן באַזאַר און פאַרקויפן זיינע אַלטע זייגערלעך. עס טוען דאָס עטלעכע אונזערע באַקאַנטע. איך קאָן פאַ־דינען דערביי אַ פּאָר רובל. איך בין טאַקע באַלד ארויס אויפן באַזאַר און פאַרקויפט זיינם אַן אַלט, אויספּאַריכט זייגערל. איך האָב דערביי פאַרדינט פופצן רובל. איך האָב גלייך געקויפט אַ ווייצענע לעפּיאָשקע און מיט אַ נצחון־געפיל און ביטחון געשפּאַנט איבער דער גאַס.

איך האָב אָנגעטראָפן די דריי באַקאַנטע מיינע, די פּאַצעטן. זיי זיינען געווען איבעראַשט, ווען זיי האָבן מיך דערזען אַ לעבעדיקן. זיי גייען צו מיר צו, באַגריסן

זיך פריינטלעך און אינזשיניער פיביך לאדט מיך איין צו זיך אהיים אויף מיטאָג. איך זאָג אָפּ אָנצונעמען זיין איינלאַדונג, מיטן תירוץ, אַז איך בין שוין באַשטעלט ביי אַן אַנדערן פריינט.

איך איין צוריק צו ראַטשטיינען, אים באַצאָלן פאַרן פאַרקויפטן זייגערל. איך באַקום אַ צווייטן זייגער און איין אַוועק צום אויטאָבוס, אָפּצופאָרן אויפן באַזאַר אין אַלט־שטאָט אַריין, די מיליץ טאָר דאָך נישט זען מיך דאָ פאַרקויפן איין זייגערל נאָכן צווייטן.

און עס איז געשען אַן אומגליק: ביים אַריינשטופּן זיך אין אויטאָבוס, האָט מען מיר דעם זייגער אַרויסגעגנבעט! ווי אַזוי וועל איך צוריקגיין צו ראַטשטיינען? עס איז אַ שאָדן אויף 150 רובל! איך האָב נישט צו דעקן דעם היזק. וואָס טוט מען? דער בזיון איז מיר גרויס, איך האָב נישט צו באַצאָלן, שוין אָפּגערעדט דערפון, וואָס מיין סוחרישע קאַריערע איז שוין דערמיט פאַרענדיקט.

און אָט קומט אַן אומגעריכטער שינוי פאַר אַלע פּליטים, די זייגער־גנבה איז שוין איצט אַ קלייניקייט. עס איז דאָ אַ באַפעל פון דער מיליץ:

אַלע פּוילישע, באַפרייטע פון די לאַגערן און פּאָסיאָלקעס, וועלכע געפינען זיך אין סאַמאַרקאַנד, מוזן במשך צוויי שעה פאַרלאָזן די שטאָט. אויפן וואָקזאַל וואַרטן שוין צוגעגרייטע וואַגאָנען, וועלכע וועלן אַלעמען אַוועקפירן קיין קאַזאַכסטאַן.

אין די ערשטע מינוטן ברעכט אויס אַ פּאַניק, אַ ליאַרעם, יללות. אָבער שנעל געוווינט מען זיך צו און מען וואַרפט זיך פאַרפּאַקן די זאַכן. מען וואָלט, פאַרשטייט זיך, נישט אַזוי שנעל און גליך געהערט דעם באַפעל, נאָר עס שטייט מיליץ און טרייבט אונטער, דראָען אַרויסצופירן די מענטשן אָן די זאַכן.

מיר איז, אייגנטלעך, אַלצאיינס וווּ צו זיין, אוזבעקיסטאַן, אָדער קאַזאַכסטאַן. כאָטש פאַרן ווילט זיך נישט, ווייל שלעפּן זיך טעג אָדער וואָכן, איז שוין אַליין אַ גע־נוג אָפּקומעניש. און אפשר איז טאַקע דאָרטן נאָך ערגער ווי דאָ? כאָטש יואָס קאָן שוין זיין ערגער? נאָר מען האָט שוין געזען, אַז שלעכט און ערגער האָבן אַזוי־פיל נידעריקערע שטאַפּלען! ביז דער אומענדלעכקייט!

און עס הויבט זיך אויפסניי אָן די אייביקע סדרה „לך לך". גיי, לויף, ווער גע־יאָגט, געפּלאָגט. נאָך וואָס? צוליב וואָס? עס איז נישט קיין צייט צו פרעגן.

ווען דער צוג איז שוין איבערגעפּאַקט, עס בלייבן אינדרויסן נאָך הונדערטער מענטשן, פרעגט איינער פון די מיליציאָנערן זיין עלטסטן:

— קודאַ איך פּאָגאָניאַט? (וווהין זיי טרייבן)

דער עלטסטער האָט נאָכנישט קיין קלאָרע תשובה, באַגנוגנט ער זיך דערווייל מיטן ענטפער:

— טשאָרט איך זנאַיעט! (דער טייוול ווייסט זיי).

און ביז דער טייוול וועט שוין וויסן וווּ אַהין צו טרייבן, ליגט מען זיך דערווייל אַוועק אויף דער ערד אַרום די וואַגאָנען אויף צו כאַפּן אַ דרימל — קודם ווערט מען פּטור פון איינס — טראַכטן וועגן דעם גורל. געגוג, אַז מען ווייסט, אַז עס גייט שוין ביי אונז אויפסניי די אַלטע, באַקאַנטע פּרשה:

— ל ך ל ך!

**
*

מיר זיינען אָפּגעלעגן אין די וואַגאָנען דריי טעג און דריי נעכט און זיי האָבן אַלץ נישט גערירט פון אָרט. פינף מאָל האָבן זיך איבער דער צייט געביטן די „פּאָטשטען", קלאַנגען, ידיעות, אַז מען וועט אונז אַוועקשיקן, און ווידער, אַז מען יועט אונז נישט אַוועקשיקן, ווייל אונז דינט אַזיל־רעכט. מיר זיינען אויסלענדער, סאָציאַל־נאַציאָנאַל־פאַרפאָלגטע. באַלד האָט אונזער עולם איבערגעקרימט דאָס וואָרט אַזיל־רעכט אויף „אײזל־רעכט".

אין די וואַגאָנען ליגן מיר אָנגעפּאַקט איינער אויפן צווייטן. עס האָט ווידער געפּייניקט הונגער, ענגשאַפט, כינים. מיט עסן האָט אונז באַדאַרפט פאַרזאָרגן דער עוואַקואַציע־פּונקט. אין די דריי טעג האָט מען צוויי מאָל געבראַכט עטלעכע קעסלען זופּ און ברויט. ביידע מאָל האָט מען געבראַכט דאָס עסן אין מיטן־נאַכט.

אַ רוסישער ייד, וואָס האָט געהאַט קרובים אין פּוילן, איז אָפּגעזעסן אין אונזער וואַגאָן אַ גאַנצן טאָג, אַלעמען אויסגעפרעגט וועגן יעדער גאַס אין וואַרשע און לאָדזש, וועגן אַלע זייערע באַקאַנטע, אפשר וועט ער עפּעס געוואָר ווערן וועגן גורל פון זיינע קרובים מיט וועלכע ער שרייבט זיך שוין איבער זינט לאַנגע יאָרן.

אין איין וועגס וויל ער שוין, אַז מען זאָל אים דאָ אָנשרייבן אַן ענגלישע טעלעגראַמע צו זיינע קרובים אין אַמעריקע. ביז איצט האָט ער מורא געהאַט צו קאָרעספּאָנדירן, נאָר איצט, ווען ער זעט ווי אַלע פּוילישע יידן שרייבן און טעלעגראַפירן פראַנק און פריי צו זייערע קרובים אין אויסלאַנד, וויל ער אויך טעלעגראַפירן צו זיין ברודער.

איך שרייב אים אָן די טעלעגראַמע און באַקום פון אים האָנאָראַר דריי רובל. קיין ברויט קען מען דערפאַר נישט באַקומען, דאָס קלענסטע שוואַרצע פּלעצל קאָסט פינף רובל. מען באַקומט אָבער דערפאַר צו קויפן אַ האַלבן קילאָ וויינטרויבן און אַ האַלבן קילאָ טאָמאַטן.

דער אַלטער אוזבעק ביי וועלכן איך קויף די פרוכטן און גרינס, לייגט מיר צו נאָך אַ טאָמאַט און עטלעכע וויינטרויבן אויף צולאָג. ער ווינטשט מיר נאָך צו:

— עס געזונט!

איך כאַפּ מיט אים איבער אַ פּאָר ווערטער. ער רעדט אַ שלעכטן רוסיש. דאָס אָרט אים נישט, ער ווייסט, זעט אויס, אַז ער רעדט שלעכט רוסיש, ער האָט אפילו דערפון הנאה. איך פרעג אים צי ער איז פרום, צי ער דאַוונט נאָך. ער מעסט מיך אָפּ מיט זיין קלוגן בליק, וואונדערט זיך אויף מיר און ענטפערט הייזעריקלעך:

— מען דאַוונט נישט מיט דער צונג, נאָר מיט דער נשמה.

ווען איך קום צוריק צום וואַגאָן, איז שוין אַ גערודער, אַ טומל, מען שלעפּט שוין צוריק אַרויס די זאַכן פון די וואַגאָנען. אונזער רייזע איז שוין ענדגילטיק אָפּגערופן. די מיליץ פרעגט ווידער ביי איר עלטסטן:

— קודא איך פּאָגאַניאַט?

— די וועלכע האָבן געהאַט וווינונגען, וועלן זיי צוריקבאַקומען, די היימלאָזע וועט מען צעשיקן אין די קאָלכאָזן!

***

די ווינונגען האָט זעלטן ווער באַקומען צוריק, זיי זיינען שוין געווען פאַר־דינגען צו די עוואַקואירטע רוסישע יידן.

מען האָט אונז נעהייסן אַוועק אין אַלטשטאָט און מאָרגן פרי זיך יאָווען דאָרט אויפן באַזאַר. ס'וועלן שוין וואַרטן אויף אונז פורן פון די קאָלכאָזן.

אין אַלט־שטאָט האָב איך געטראָפן מיינס אַ גוטן באַקאַנטן, אַ קאָמאַשן־שטעפּער פון פּוילן, אַ קאָמוניסט, בערעלע שמאַיעוויטש. ער איז אַ פּאַספּאָרטניק, אָנגענומען סאָוויעטישע בירגערשאַפט אין כערסאָן, דאָרט געאַרבעט און זיך איינגעאָרדנט מיט זיין פאַמיליע. ער האָט זיך עוואַקואירט פון כערסאָן איינער אַליין, זיין פרוי מיט די צוויי קינדער זיינען פאַרבליבן ביי די דייטשן.

ער האָט זיך מיט מיר שטאַרק דערפרייט, גלייך אויפן אָרט מיר געגעבן גוט אָנצועסן און מיך אריינגעפירט שלאָפן אויף דער נאַכט צו אַ בוכאַרישן ייד.

אין אַזאַ מאָמענט איז מען דאַנקבאַר דעם גורל, וואָס שאַפט אַזעלכע צופאַלן. אין די שווערסטע מינוטן באַגעגנט מען אַ פריינט און מען געניסט פון מענטשלעכער גוטהאַרציקייט. שאַיעוויטש פאַרדינט דאָ איצט גאַנץ נישקשה, ער איז אַ „מאַכער", אַ פאַרמיטלער אין דער מיליץ ביים איינמעלדן עוואַקואירטע.

ער לויפט אַרום אין גאַס, ברענגט אריין נאָכאַמאָל מאכלים און אפילו אַ האַלבן ליטער וויין. ווען איך וויין אַרויס איינגעהאַלטנקייט ביים עסן, בין זשענירט, דערמוטיקט ער מיך און דערמאָנט, אַז מיט עטלעכע יאָר צוריק, ווען ער איז געקומען פון זיין שטעטל קיין וואַרשע, געווען דעמאָלט אין אַ נויט, האָב איך אים דאַן אַרויסגעהאָלפן מיט אַ גרעסערער הלוואה.

אין דעם קליינעם, פאַרחושכטן שטיבעלע, ביי אונזער טישל, זיצט אויף דער באַלעבאָס, אַ בלינדער. אין אַ ציט, אויף דער ערד, זיצט זיין פרוי און די עטלעכע קינדערלעך.

דער בלינדער בוכאַרער ייד אַרבעט אין אַ באַרשטן־וואַרשטאַט. ער ליידט נאָך אַלץ פון דעם, וואָס ער מוז אַרבעטן אום שבת. ער פאַרענטפערט זיך:

— דיני דמלכותא!

אָבער אַזוי איז ביי אים נאָך אַלץ יידיש. פּריוויט־צוזאַמענקונפטן, ווען מען דאַרף אויסבלעשן די לאָמפּ איז שטוב. האָט ער שוין דאָ אַ רוסישע שכנטע, וואָס פאַר אַ גלאָז מילך לעשט זי אוים דעם לאָמפּ.

יום־כיפור אַרבעט ער נישט. דעמאָלט באַמיט ער זיך שוין אַרויסצובאַקומען אַ ביולעטין פון דאָקטער. אַז ער איז קראַנק. ער האָט שוין דערצו זיינס אַ דאָקטער, עס קאָסט אים נאָר אַ קלייניקייט.

עס איז רירנדיק צו זען אין ווייטן אַזיע ברידער פון דיין פאָלק, אַזעלכע, וועלכע האָבן נאָך אָוועקגעוואָגלט אין גלות אריין נאָכן חורבן ראשון, ווי זיי זאָגן. אין פּלוג — פרעמדע, ווייטע, זיי וויסן נישט פון אייראָפּע, ווייסן נישט וועגן יידיש־לשון, אָבער דאָך זיינען דאָס דיינע ברידער. די זעלבע תפילות, (די סידורים, מיט טאַדזשיקישן תרגום, געדרוקט אין ווין), די זעלבע יום־טובים, די זעלבע יידישע אויגן, נעז און אויך די זעלבע פּסיכיק. עס איז נאָר גענוג ווען ער הערט דאָס וואָרט „ישראל" און ער גיט דיר שוין זיין וואַרעמע האַנט צו אַ שלום. דערפילסט גלייך — אַן איינענער, אַ ייד.

מען זיצט אזוי ביז טיף אין מיטן־נאכט. ער דאַרף גיין פאַרטאָג צו דער ארבעט. איך דאַרף זיך יאָוועט אויפן באַזאַר, כדי אָוועקגעפירט צו ווערן אין א קאָלכאָז. מען וועט זיך צולעגן אויף עטלעכע שעה. עס איז לייכטער אויפן הארצן. נאָך לאַנגע וואכן שלאָפן אויף דער גאַס, ליגסטו איצט אין א יידישער שטוב. און א גוטער פריינט האָט זיך אויך אָפגעפונען — די האָפנונג האָט שוין ווידער באַשענקט מיט אירם א שטראַל.

# אויף בוימוואָל־פּלאַנטאַציעס אין א קאָלכאָז

## ק אַ פּ י ט ל א

דער באַזאַר און אַלע געסלעך ארום זיינען שוין אָנגעשטאָפּט מיט אונזער עולם און קאָלכאָזישע פורן. מיין פריינט שמאָיעוויטש האָט מיר מיטגעגעבן אין וועג אריין צוויי ווייצענע און צוויי קאָרענע פּלעצלעך און דרייסיק רובל. א דורכנעמענדיקער רעגן האָט דורכגענעצט אונזערע לייבער און געצוואָגן די פערד. עס האָט זיך שוין געוואָלט וואָס גיכער אָפּפאָרן און אָנקומען אין קישלאַק (דאָרף), זיין אונטער א דאַך און אין א וואַרימער שטוב.

מען פרעגט זיך אויס ביים קאָלכאָזניק, אונזער באַלעגאָלע, ווי ווייט עס איז צום דאָרף, ווי לאַנג מען פאָרט. ער ענטפערט אָן חשק. איינמאָל זאָגט ער — צען קילאָמעטער, א צווייט מאָל — פופצן. זעט אויס, אז דאָס טאָר מען אויך נישט אויסזאָגן, געהערט אויך צו די סודות.

ווען מיר זיצן שוין אריינגעפּאַקט אין דער פור, רופט ווער פונדערווייטנס מיין נאָמען און לויפט שנעל צו. עס איז דער שרייבער ש. ב. מיר כאַפּן זיך ארום פון איבעראַשונג און פרייד. מיר גערענקען איצט נישט, פאַרשטייט זיך, אין די ליטעראַ־רישע מחלוקתן און שטרייטן. איך געדענק נישט אפילו אַצינד אין זיין גאַליק שמיי־כעלע דעם 30־טן יוני 1940, בעת מיין גוזעגענען זיך מיט אים אין ליטעראַטן־פאַריין אין ביאַליסטאָק, בעת מיין פאַרשיקן. איך האָב דעמאָלט געמיינט, אז איך וועל אָט דאָס שמייכעלע זיינס קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

ער וויל מיטפאָרן מיט אונז אין קאָלכאָז אריין. ער איז, פאַרשטייט זיך, נישט געווען פאַרשיקט, אָנגענומען דעמאָלט סאָוועטישע בירגערשאַפט, אָבער איצט וויל ער טיילן דעם גורל פון די דעמאָלט־פאַרשיקטע און ארעסטירטע פוילישע יידן. ער גלויבט, אַז מיט זיי וועט דער־וויילי זיין ערגער, אָבער אין וויטער אריין — זיינען דאָ האָפנונגען, אז די אַלע וועלן האָבן א מעגלעכקייט ארויסצופאָרן פון רוסלאַנד. וויל ער זיין צוזאַמען מיט אונז. מיט יענע פּאַפּי־לעך (דאָקומענטן) וועט ער זיך שוין ווי עס איז אַן עצה געבן.

אדרבא, עס איז זייער אָנגעלייגט, זאָל ע־ מיטפאָר־ן. דאָך איינע־ פון דעם שרייבער־שבט, וועמענס בלוט גיסט זיך איבער אין טינט. און ווער פאַ־שטייט נאָך אזוי ש־רייבער ווי אַן אייגענער, א גליד פונם זעלבן גוף? און וויפל זכרונות עס שווימען צוריק אויף? וואַרשע, טלאָמאַצקע 13, יענע היימישע יאָ־ן. עפּעס א ווייטע, פאַרנעפּלטע פאַרגאַנגנהייט.

מיר זיינען אָפּגעפאָרן פ ו פ צ י ק קילאָמעטער. מער געגאַנגען ווי געפאָרן.

אַ קאָלכאָזנע פערד קאָן נישט דערשלעפּן אַזויפיל פּאַסאַזשירן, כאָטש זיי זיינען גע־נוג לייכטע. אָנגעקומען זיינען מיר שפּעט אין דער נאַכט. מיר געפינען זיך אין קאָל־כאָז אויפן נאָמען פון אכון באַבאַיעף, פאָרזיצער פון אוזבעקישן נאַציאָנאַל־ראַט. ער האָט ערלעך פאַרדינט, אַז אַ קאָלכאָז זאָל טראָגן זיין נאָמען. ער איז אַ באַליבטער פאָלקס־העלד. פון אַ פּאַסטוך האָט ער זיך דערשלאָגן צו דעם הויכן ראַנג פון ווערן ערשטער בירגער אין אוזבעקיסטאַן.

עס שטייט שוין פאַר אונז צוגעגרייט אַ הייסע מעל־זופּ. איבערנעכטיקן וועלן מיר דערווייל היינט אין עטלעכע גרויסע שייערן. מאָרגן וועט מען זיך שוין מיט אונז פאַרנעמען. קודם דאַרף מען אונז איינשרייבן אין דער רשימה פון די מיטגלידער אין דעם אוזבעקישן קאָלכאָז אויפן נאָמען פון אכון באַבאַיעף.

ש. ב. כאַפּט דערווייל אַריין מיט מיר אַ שמועסל וועגן ליטעראַטור. מען קיביצט שוין אַמאָליקע קאָלעגן און זיך אַליין:

— טעמעס האָט אונז געפעלט! מען האָט געטרוקנט די קעפּ! איז נאַדיר טעמעס! מאָרגן דאַרפן מיר שוין אַרויסגיין רייסן „כלאָפּאָק” (בוימוואָל) אויף די אוזבעקישע פּלאַנטאַציעס! נאַדיר סאָצ.־רעאַליזם! אַז געניזוקט זאָל עס ווערן!

## קאַפּיטל ב

אין דעם קאָלכאָז זיינען שוין דאָ 93 פּליטים. צווישן זיי אויך רוסישע, עוואַ־קואירטע יידן, וועלכע זיינען פרייוויליק דאָ אַהערגעקומען. זיי האָבן נישט געהאַט קיין געלט אויף דירות אין שטאָט און האָבן נישט באַקומען קיין פּאַסיקע אַרבעט פון וועלכער מען זאָל קאָנען לעבן. עס זיינען אויך פאַראַן עוואַקואירטע יידן פון ליטע, בעסאַראַביען. אויך פּאָליאַקן, באַפרייטע פון פאַרשיקונג. די פּאָליאַקן באַשטייען בלויז פון דריי קריסטלעכע פרויען און זייערע דרייצן קינדער. קיין מענער זיינען צווישן זיי נישטאָ. איין פאָטער פון אַזאַ פאַמיליע, נאָכן באַפרייט ווערן פון פאַרשי־קונג, האָט אויפן וועג געפרוווט אַראָפּגנבענען אַ קעסטעלע צוקערלעך פון אַ פראַכט־וואַגאָן, האָט מען אים געפּאַקט דערביי. ער איז פאַרמשפּט געוואָרן אויף פינף יאָר.

אינזער שטיבל איז צעטיילט אויף צווייען, מיט אַ ווענטל פון נישט געהובלע־וועטע ברעטער. דאָרט וווינען די פּוילישע פרויען און קינדער. אין דער ערשטער, קלענערער העלפט שטוב, וווינען מיר, אַכט מענער:

דער שרייבער ש. ב.; דער יידיש־דייטשער שרייבער מעלצער (געבוירן אין גאַ־ליציע, געוווינט אין בערלין, געווען אַ מיטאַרבעטער פון דער יידישער דובנאָוו־ענציקלאָפּעדיע); אַ בוכהאַלטער פון ווין, וועלכער איז פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה אַנטלאָפן קיין פּוילן, פון דאָרטן אַריבער די סאָוויעטישע גרענעץ; אַ זעצער פון קראָקע (געאַרבעט אין קוראַ־ט ראַבסע); רעדליך פון לאָדזש, געווען פאָרזיצער פון דער דאָרטיקער אַרבעטער - עספּעראַנטאָ - געזעלשאַפט, אַ קאָמוניסט; אַן אינ־זשיניע־־אַגראָנאָם פון ווילנע און אַן עלטערער ייד פון בעסאַראַביע.

פון די עוואַקואירטע זיינען געווען נאָר ש. ב. און דער בעסאַראַבער. דער יידיש־דייטשער שרייבער מעלצער, דער ווינער בוכאַלטער, דער קראָקעווער זעצער און דער ווילנער אינזשיניער — זיינען אַלע געווען געזעסן אין די טורמעס, לאַגערן און ביי דער שיקאָרסקי־אַמנעסטיע באַפרייט געוואָרן. דער ווילנער אינזשיניער איז געוואָרן איינגעזעצט צוליב אַ מסירה פון זיינער אַ באַקאַנטער פרוילין, וועלכע האָט

זיך מיט אים צעקריגט. און היות ווי ער האָט געאַרבעט אין א יידיש־פילאַנטראָפּי־שער ערד־געזעלשאַפט, וואָס איר צענטראַלע איז אין אַמעריקע, איז ער פאַרמשפּט געוואָרן צו טויט־שטראָף — פאַר שפּיאָנאַזש. עס איז אים פאַרביטן געוואָרן אויף צען יאָר און דער פּאַראַגראַף „שפּיאָנאַזש" איז געענדערט געוואָרן אויף „סאַבאָטאַזש". רעדליך, דער פּאַרזיצער פון דער לאָדזשער עספּעראַנטאָ־געזעלשאַפט, איז געווען פאַרשיקט אין אַ פּאָסיאָלעק, אין דעם זעלבן וואָס איך.

אונזער שטוב איז אַן „איירראָפּעאישע", ד. ה. מיט אַ דיל פון ברעטער און נישט פון ליים, ווי אין אַלע אוזבעקישע קיביטקעס. פריער איז דאָ געווען אַ שפּייכלער אויף וואַטע און דער הילצערנער דיל איז געמאַכט געוואָרן, אַז די וואַטע זאָל נישט דורכנעצן. דאָ איז אויסער דעם געלעכערטן דיל און אַ קעכל — גאָרנישט מער דאָ, אפילו נישט קיין טישל און בענקל.

מיר זיינען געזעסן און געלעגן אויפן דיל, געשלאָפן אין אָנטועכץ. אין שטוב האָט אַרומגעיאָגט אַן אומהיימלעכע קעלט. עסן האָט מען פאַר אונז באַשטימט אַ האַלבן קילאָ גערשטן־מעל אַ טאָג. דאָס מעל איז אָבער צוזאַמען מיט קלאַיען. האַלץ אויף אונטערהייצן דאָס קעכל האָט מען באַדאַרפט אַליין זיך פאַרשאַפן, אונטערזעגן אַ בוים און צעהאַקן אויף קליינע שטיקלעך. מיר האָבן נישט געקראָגן נישט קיין ציבעלעס, נישט קיין זאַלץ. פון פּעטס, געשמילץ — איז דאָך אָפּגערעדט. מיר האָבן איינגאַנצן נישט באַקומען קיין ברויט, אָבער דאָס באַקומען אויך נישט די קאָלכאָזניקעס, דאָס דאַרפן זיי אַליין אויסבאַקן ליעפּיאָשקעס פונם מעל. זיי האָבן אָבער פלייש (1 - 2 מאָל אין וואָך), פּעטס, גרינוואַרג, פּרוכטן.

מיר האָבן איינגעשטעלט אַ דיזשור. יעדן טאָג איז אַן אַנדערער פון אונז געגאַנגען צו די אוזבעקישע שכנים און געבעטן אַ קאַפּינקע זאַלץ. אַמאָל אויך אַ ציבעלע. צוויי מאָל אין טאָג האָבן מיר געקאָכט די מעל־זופּן און אַלעמען פאַרטיילט צו גלייכע פּאַרציעס. מיר האָבן נאָר געהאַט צוויי שיסעלעך און צוויי לעפל, האָט מען געגעסן פּאַרטיעסווייז. אַלעמאָל האָט מען געביטן די רייע, די לעצטע אינדער־פרי, זיינען פאַרנאַכט די ערשטע צום עסן.

צוליב דעם שטאַרקן רעגן האָט מען נישט געקאָנט אַרויסגיין רייסן בלאַפּאַק. זיינען מיר אָפּגעקומען מיט סאָרטירן אין שייער די וואַטע־קנאָספּן, אָפּטיילן די גורמע און טויגלעכע פון די פאַרדאַרטע.

מיר האָבן באַשלאָסן מער נישט צו קאָכן דאָס מעל צוזאַמען מיטן קלאַיען, ווייל אַלע האָבן מיר אָנגעהויבן ליידן פון מאָגן־פאַרשטאָפּונג און ווייטיקן.

די פערד אין קאָלכאָז קריגן יעדן טאָג צו איין קילאָ פון דעם זעלבן מעל, אָבער אויף זייערע מאָגנס ווירקט דאָס נישט שלעכט. אונז איז נאָך אָבער ווייט פון האָבן פערדישע מאָגנס. האָבן מיר געבאָרגט אַ זיפּל און דורכגעזיפּט דאָס מעל. איז פון די 500 גראַם געוואָרן נאָר 300 גראַם מעל. איז דאָך אַ גרויסער שאָד, בלויז דרייהונדערט גראַם אויף אַ גאַנצן טאָג! האָבן מיר צעטיילט אַ העלפט מעל אויף צו קאָכן איינמאָל אין טאָג אַ זופּ און פון דער צווייטער העלפט געמאַכט פּלעצלעך. דעריין קאָן מען שוין אַריינשיטן אביסל קלאַיען אויך.

אָבער נישט יעדן טאָג שענקען אונז די אוזבעקישע שכנים אַ ביסל זאַלץ און ציבעלעס. קאָכט מען עס אַזוי, בלויז מעל מיט וואַסער. נאָך דער אַרבעט און נאַכן

אָפּעסן ליגט מען זיך אַוועק אויף דער פּאָדלאָגע און מען שמועסט וועגן עסן און — ליטעראַטור. מיר ליגן צונויפגעפּרעסט אויף דעם שמאָלן שטיקל דיל. עס איז זיך נישטאָ וואָס צו היטן פאַר אומריינקייט, אַלע זיינען מיר פאַרלייזיקט. נאָר נישט אויסצוהאַלטן איז פון דעם בעסאַראַבער — ער איז כּילו כּינים! זיין מאַנטל איז באַדעקט פון א גרויען, באַוועגלעכן פּאַנצער פון כּינים.

מיר האָבן אים באַלד אין אָנפאַנג געוואָלט אויסשליסן פון אונזער קליינער קאָמונע, פאַרטרייבן אים אפילו פון אונזער שטוב, ווייל נאָך דער אַרבעט, לייגט ער אַרום איבערן קישלאַק און בעטלט ביי די קאָלכאָזניקעס. דאָס איז פאַר אונז א בזיון. אָבער קיין שום מוסר־זאָגן העלפט נישט. מילא, פאַרפאַלן, אָבער פון זיינע לייז ווען מיר דאָך אומקומען! אַלע זיינען מיר אָפּגעריסן. דער בוכאַלטער, וואָס טראָגט נאָך זיין ווינער קאַפּעליוש, איז אין א צעריסענער פּופּייקע און וואַטע־הויזן, מיט גומענע, צעריסענע לאַגער־סאַנדאַלן. ער טראָגט א שמוציק, צעריסן העמדל שוין דעם דריטן חודש. קיין אַנדער העמד האָט ער נישט. יעדן טאָג וואַשט ער עס אויס אין טייך. ענלעך איז אויך אָנגעטאָן מעלצער, דער ווילנער אינזשיניער, דער קראָקעווער זעצער — אָבער קיינער פון זיי האָט נישט צוגעצויגן אזא מחנה לייז ווי דער בעסעראבער.

מיר האַלטן אָפּ א באַראַטונג, ווילן באַשטימען מיט א מערהייט צי מען זאָל אים לאָזן אין אונזער קאָמונע, אין אונזער שטוב. עס ווערט באַשלאָסן אים נישט אַרויסצוואַרפן. דער מאָטיוו פון דעם באַשלוס איז אין פלוג, א גאַנץ זייטיקער:

דער בעסאַראַבער ייד האָט ביי זיך אַ תנ״ך!!

וואָס פאַרמאָגן מיר דען איצט מער ווי דאָס?!

ביינאַכט, ווען מיר הייצן איין אין קעכל, זעצט זיך אַוועק איינער פון אונז ביים פלאַם פון קיך־פייערל (קיין ליכט איז נישטאָ) און לייענט פאַר אונז פאָר קאַפּיטלעך פון תהילים, פון ישעיה, ירמיה, יחזקאל.

דער פאָרלייענער מוז אָפּטמאָל איבעררייסן זיין לייענען, ווייל ער, ווי זיינע צוהערער, פאַרגייען זיך אין ספּאַזמישע געוויינען.

מיר זיינען זיבן טויזנט קילאָמעטער ווייט פון אונזערע אַלטע היימען. אַלע נאָענטע דאָרט געלאָזן. מיר זיינען פאַרוואָגלט ערגעץ אין א העק, אין א פּרימיטיוו, אַזיאַטיש דערפל, וואָס זעט אויס אַזוי ווי מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק. מיר פאַלן פון די פיס פון הונגער און פאַרשמאַכטקייט. צוויי דריטל פון די פליטים דאָ ליגן שוין קראַנק און קאָנען זיך נישט רירן. פון אַ גרעסערן קיבוץ יידן זיינען מיר ווייט. טאָ וואָס קען אונז נאָך אַזוי טרייסטן, אַזוי פאַרייניקן מיט אונזער פאָלק, מיט זיין עבר, הווה, מיט דער אייביקייט — אויב נישט די דערהויבענע פסוקים פון תנ״ך?!

## קאַפּיטל ג

מיר אַרבעטן שוין אייפן פעלד און רייסן דעם כלאָפּאָק. די ערד איז אַ זומפּיקע. די שטעכיקע קוסטעס צעקאַליעטשען די הענט. מען דאַרף גיין איינגעבויגן, אָפּרייסן די קנאָספּן און וואַרפן אין עמער. עס איז באַשטימט א נאָרמע, לויטן פלאַן, וויפל מען דאַרף אָנרייסן דורכן טאָג. אָבער קיינער קאָן די נאָרמע נישט אָניאָגן. די אוזבעקן מאַכן עס לייכט און געשיקט.

דער פאָרזיצער פון קאָלכאָז רופט אונז אויף א פאַרזאַמלונג. ער שמיראָפּט

אונז, מאַכט פאַרוואָרפן, דראָט מיט ־עפּרעסיעס. מיר זענען, לויט אים, אומזיסטע פּרעסער, סאַבאָטירן דעם מלוכה־פּלאַן. עס איז מלחמה־צייט. מען מוז אַרבעטן, אָ שטרענגען אַלע כּוחות. „דאָ איז נישט מערב־אייראָפּע, דאָ איז נישט קיין קאַפּיטאַ־ליסטיש לאַנד! איר האָט שוין גענוג געפּוסט־ און געפּאַסעוועט. אַרבעטן! האָרעווען! אָנשטרענגען די לעצטע כּוחות און אַרבעטן פאַרן סאָוויעטישן פאָטערלאַנד!"

דער יונגער פאָרזיצער רעדט אַ נישקהשהדיקן רוסיש. אַלע אוזבעקן דאָ, חוץ דעם פאַ־וואַלטער און בוכאַלטער, קענען נישט קיין וואָרט רוסיש. דער פאָרזי־צער איז גוט געקליידט, אויסגעפּאַשעט, ער האָט אויך אַ גוט, געפּאַשעט פערד צו זיין דיספּאָזיציע. אויף צו רייטן אין ראַיאָן, צום ־ראַיקאָם, צו די העכערע אינסטאַנצן אין שטאָט אַריין, קיין סאַמאַ־קאַנד. ער האַלט תּמיד אין שטיוול אַ מעשענעם שפּיצרוט.

איצט, בעת זיין ־רעדן, קלאַפּט ער מיטן שפּיצרוט איבערן טיש. אַזוי באַגלייט ע־ צו זיינע דראָונגען.

עטלעכע האָט ער דערמאָנט צום נומן, אַז זיי זיינען פוילישע אַרבע־טער. דאָס זיינען: די יונגע, זיבצניע־יקע, שיינע קריסטין זאָשאַ און די יונגע שיינע פרוי ב. גראָד ווייסן מיר, אַז די ביידע פרויען האָבן צום וווינציקסטן געאַרבעט. די פ־וי ב. מיט איר מאַן האָבן אפילו באַקומען דאָס רעכט צו שלאָפן אין קאַנטאָר־צימער. דאָרט איז ריינער און באַקוועמער. זי באַקומט אפילו אַ האַלבן ליטער מילך יעדן טאָג. ווען דער פאָרזיצער קומט ביינאַכט אין קאַנטאָר אַריין, כאַפּט זיך דער מאַן אַרויס אויף אַ האַלבע שעה פון שטוב... ער וויל כּלומרשט זיין אַביסל אויף דע־ פרישער לופט... ער איז זיכער, אַז זיין פרוי וועט מער ווי צו אַן אומשולדיקן פלירט נישט דערלאָזן.

די יונגע פּוילישע קריסטין זאָשע קומט אָפּ דערוויי־ל נאָר מיט אַ פּאָר חנדלעך צום פאָרזיצער. צום ה־לבן ליטער מילך האָט זי פיר קליינע שוועסטער־ברידערלעך און די מאַמע. דאָס ביסל מילך איז זיי נויטיק ווי דאָס לעבן.

די אוזבעקישע שכנהטעס ווייסן וועגן די צוגאָב־מתּנות פאַר די צוויי יונגע פרויען. זיי זיינען דערפון נישט איבעראַשט, ווייל זיי האַלטן סיווי אַלע אייראָפּעישע פרויען פאַר „דזשאַלאַבס" (פּראָסטיטוטקעס), לאָזן זיי שוין קיינעם פון אונז איבער זייער שוועל. אין די ערשטע טעג האָבן זיי אונז נאָך גערן אויפגענומען, מיט נייגער באַקוקט די פּאָטאָס, וואָס טייל פון אונז האָבן נאָך געהאַט. די פּאָטאָס האָבן באַוויזן ווי אַזוי מיר און אונזערע פאַמיליעס האָבן אַמאָל אויסגעזען. די אוזבעקינס האָבן ליב געהאַט באַרגן אַ שפּינעלע ביי אונזערע פרויען, זיך לאַנג דערין איינגעקוקן. אָבער איצט קוקן זיי שוין אויף אונז אַלע מיט כּעס.

דער פאָרזיצער, בוכאַלטער, פאַרוואַלטער, דער לערע־ און די צוויי ב־יגאַ־ירן לאָדן איין צו זיך אַהיים אונזער שכן ראַטשטיין, דעם לאָדזשער זייגע־מאַכע־ און זיין יונגערן שוואָגער, — דעם שניידער. די אַלע קאָלכאָז־פירער האָבן אַלטע זייגע־ם צו פאַריכטן און מלבושים איבערצונייען.

ר־אָטשטיינס שוואָגער, אַן אינטעליגענטער אַרבעטער פון לאָדזש, האָט זיך שנעל אויסגעלערנט עטלעכע אוזבעקישע ווערטער. ווי אַזוי מען דאַרף זאָגן: „עסן", „ציבעלעס", „זאַלץ", „פּעטס", „פּלעצלעך", „פלייש", „איך בין הונגעריק", „אַ שיי־

נעם דאַנק". דאָס האָט אים געגוגנט אויף דורכצורעדן זיך מיט די אוזבעקן. די רעשט האָט ער פאַרטייטשט מיט די הענט.

ש. ב., וועלכער איז געווען אַביסל אין כעס אויף דעם שניידער, אים מקנא געווען מיטן זיין עסן — עס איז געווען מיט וואָס מקנא צו זיין — האָט אים פאָרגעהאַלטן, אַז ער לערנט דאָס אוזבעקישע לשון נאָר בלויז צוליבן „פרעס", בעת אַן אַנדערער פון אונזער גרופּע אינטערעסירט זיך דווקא מיט יענע אוזבעקישע ווערטער, וועלכע האָבן אַ קרובהשאַפט צו העברעיש.

קליינע מחלוקתן זיינען סיווי געווען אַן אָפּטע דערשיינונג, אויך צווישן אונז אַליין. און נאָך גרעסערע צאַנקערייען און קריגערייען זיינען פאָרגעקומען ביי אונזערע קריסטלעכע שכנים. דאָרט איז עס דערגאַנגען צו קללות און אפילו געשלעגן.

נאָר אין דער ווייַנאַכט־חגא האָט געהערשט ביי זיי פולשטענדיקער פרידן. זיי האָבן געפראַוועט געמיינזאַם זייער יום־טוב. זיך געשטעלט אויף די קני, אָפּגעריכט תפילות, געזונגען מיט בענקשאַפט און געוויין זייערע קריסטלעכע לידער. מיר זיינען דעמאָלט געלעגן שטיל, נישט גערעדט צווישן זיך, כדי נישט צו שטערן זיי. מיר האָבן מיטגעלעבט אויך זייער יום־טוב, זייער בענקשאַפט, זיך צוגעהערט מיט ער־פוכט צו זייערע תפילות, געפילט זייער פייערלעכע און דערהויבענע שטימונג. מיר זיינען נאָכדעם אריין צו זיי און געווונטשן א פריילעכן יום־טוב, אַז מען זאָל וואָס שנעלער זיין צוריק אין די אייגענע היימען.

## ק אַ פּ י ט ל ד

מען האָט פאַרקלענערט אונזער מעל־ראַציע מיט הונדערט גראַם. מיר האָבן געזאָגט דעם פאָרזיצער, אַז מיר וועלן אַוועק אין ראַיאָן זיך קלאָגן אויף זיין האַנדלונג. ער האָט זיך דערמיט נישט איבערגענומען. מען מוז פאַרקלענערן אונזערע ראַציעס, ווייל אַנדערש וועט נישט סטאַיען פאַר די פערד. און אַנדערע פערד וועסטו אַזוי לייכט נישט באַקומען. א קאָלכאָז מוז אָפּהיטן זיין לעבעדיקן אינווענטאַר ווי דאָס אַפּל פון אויג.

דער קראָקעווער זעצער איז שווער קראַנק געוואָרן. מען האָט אים אַוועקגעפירט אויף אַ פורל אין ראַיאָן־שפּיטאָל. דער ווינער בוכאַלטער האַלט זיך קוים אויף די פיס, ער קאָן שוין נישט עסן אויך, ער ליידט אויף דיזענטעריע. ער האָט שוין פון זיך אַראָפּגעוואָרפן דאָס קויטיקע העמד, וואָס איז שוין געווען צעפליקט, שוואַרץ און אים אויפגעגעסן דאָס לייב. ער טראָגט די צע־יסענע וואַטע־פופייקע אויפן הוילן לייב, ער טראָגט נאָך אַלץ זיין ווינער קאַפּעליוש און די בינאָקלען. ער פילט, זאָגט ער, אַז ער וועט אויסגיין. ער וואָלט נאָר וועלן כאָטש צוווייסן געבן זיין ברודער אין אַמע־יקע, אַז ער געפינט זיך דאָ. אָבער ווי אַזוי? נישט ער האָט געלט, נישט ער איז אין אַ שטאָט. זאָלן מיר כאָטש ביי זיך פאַ־צייכענען זיין ב־ודע־ס אַדרעס. אפשר וועט פאָרט ווער פון אונז אַמאָל ארויס אויף דער פ־ייע־ וועלט.

עס איז שוין אויך ק־אַנק דער ווילנע־ אינזשיניע־. ער האָט פונקט ווי דער קראָקעווער זעצער זיך פאַ־סמט מיט „מאַקוכע", וואָס עס עסן די בהמות. זיי האָבן דאָס אויסגעבעטלט ביי די אוזבעקן פון אַ שכנותדיקן קישלאַק. דער אינזשיניער וויל נישט בעטן קיין פורל אויף איבע־צופירן אים אין שפּיטאָל. עס קומט, אַגב, אויך נישט אָן אַזוי לייכט, עס דויערט לאַנג. אָבע־ נישט צוליב דע־ סיבה וויל ער

נישט באנוצן קיין פור. אז ער וועט אוועק צופוס אין שפיטאל אריין, וועלן מיר קאנען זאגן אין קאנטאר (מיר וווינען א קילאמעטער ווייט פון קאנטאר), אז ער ליגט דא קראנק און וועלן פאר אים אפנעמען זיין פארציע מעל. ווען ער וועט צוריקקומען אין עטלעכע טעג ארום פון שפיטאל, וועט ער האבן מיט וואס זיך צו קרעפטיקן.

דער בעסאראבער ייד איז ארויס אין א פארנאכט, נאך דער ארבעט, אויף זיין בעטל־טור אין די ארומיקע קישלאקן און שוין מער נישט צוריקגעקומען. מען ווייסט נישט ווו ער איז נעלם געווארן. די קאלכאזניקעס דערציילן, אז אויף די וועגן ליגן א סך געפאלענע „ביעזשענצעס". איידער מען רוימט זיי אפ, ווערן זיי צעגריזשעט דורך די שאקאלן.

דער יידיש־דייטשער שרייבער מעלצער ליגט שוין אויך קראנק. ער וועט אבער, זאגט ער, נישט גיין אין שפיטאל אריין, ער וויל שטארבן ליבערשט צווישן עטלעכע אייגענע יידן.

דער הויכער רעדליך, דער עספעראנטיסט, אמאל א ברייטפלייציקער און געזונטער, ער פלעגט נאך אין פאסיאלעק אויפעסן צוויי קילא ברויט א טאג (ער האט דארט אפגעקויפט ברויט ביי די קראנקע), וואקלט זיך שוין אויך אויף די פיס. ער איז געווארן נאך מער קורצזיכטיקער ווי פריער. עס העלפן אים שוין נישט זיינעברילן. ער גייט איבערגעבויגן, שלאבעריק, שטרעקט פארויס די הענט, ווי ער וואלט מורא האבן נישט אומצופאלן.

עס קומט שוין אויך די רייע אויף מיר. איך האב אוודאי גרויסע היץ. דער מוח וויל ארויסשרינגען פונם קאפ, די געלענקען ברעכן, די פיס טרייסלען זיך, פאר די אויגן נעמט זיך אלץ פארפילפאכן.

ש. ב. פילט זיך נאך געזונט. זונטיק האט ער זיך אוועקגעכאפט אין ראיאן, ער וועט קויפן דארט אויפן מארק ציבעלעס און פרוכטן. אין איין וועגס וועט ער שוין אויך אפט־עטן אין ראיקאם און זיך באקלאגן אויף דעם הונגער־פאיאק, אויף דעם שמיץ. ער וועט פארלייגן אויפבויען א באד אין קישלאק. מען זאל אויך אהערשיקן דא א דאקטער, ווייל עס איז א סכנה אלע זאלן דא אויסגיין.

די ראטשטיינס, וועלכע וווינען קעגנאיבער, אין א באזונדער שטיבל, באקומען ביי די קאלכאזניקעס קארטאפל, רייז, פעטס. זיי קאכן און פרעגלען דא אויף אונזער קיכל. די געשמאקע ריחות בייסן אין נאז, רופן ארויס סליונע, קיצלען אונטערן הארץ־לעפעלע. דאס פארפאלק איז מיט אונז אין אנגעשטרענגטע באציונגען. דער אלטער ראטשטיין האט נאך א טבע, גאנצע שעהן אפצורעדן וועגן אמאליקע געשמאקע מאכלים וואס ער פלעגט עסן. ער איז א געניטער בעל־אכילה, באלעקט זיך און פאסמאקעוועט נאך איצט. אונז רייצט עס נאר. אין מיטן דערינען האט ער נאך ליב צו ציטירן א ליד פון עדלשטאט, מארים ראזנפעלד. ער פרווט אפילו איינמאל ציטירן אן איבערזעצונג, ווי ער זאגט, פון היינריך היינעס א ליד, אבער עס געלונגט אים נישט. מען זאגט איב, אז דער מחבר פון דעם ליד איז א פארטאטש, א קאליקע און האט נישט קיין אנונג אין דיכטונג. ער פארשעמט זיך. מען האט אים, הייסט עס, געפאקט, ער האט געוואלט דורכשמוגלען זיינס א פאר אייגענע, אומבאהאלפענע, בדחנישע גראמען און זיי באדאי אונטערוואַרפן היינען. לויפט ער צוריק צום קעכל ווו עס שטייט זיין קליין ווייבעלע, די אומדערמידלעכע טאבעלע, וועלכע קאכט און

פרעגלט מיט אזא פארנעם און טומל, ווי זי וואלט מי יודע וואס פאר א געריכטן צוגעגרייט.

ער שטייט ביים קעכל, ווארט אפ עס זאל פארטיק ווערן. ער באלעקט זיך שוין פון פאראויס, מליאסקעט מיט די ליפן און ווי נאר עס ווערט פארטיק, זאגט אים טאבעלע הנדלדיק:

— נו, קום מיין מאן, עס איז שוין פארטיק דאס ביסל עסן! —

פרעגט ער באלד אויפן ארט:

— טאבעלע, און וואס פארא מאכל וועסטו אפקאכן מארגן פארטאג?

טאבעלע האט צו אונז בסדר טענות: אז מיר ברענגען ווייניק וואסער, אז מיר פארגינען זיי נישט. זי טשעפעט זיך צו יעדער קלייניקייט. איך פארשווייג איר אלץ, איך געדענק נאך ווי זי האט מיך עטלעכע מאל מכבד געווען מיט געקאכטע מייערן אין סאמארקאנד. איך געדענק נאך צום גוטן זיין פארשווייגן — ווען מען האט ביי מיר אוועקגעגנבעט זיין זייגער, וואס ער האט מיר געגעבן צו פארקויפן. אבער די חברים פון אונזער קאמונע צעווערטלען זיך מיט איר.

מיר איז שוין שווער דא צו ליגן אין שטוב און איך גיי צו מיינע באקאנטע, צו דעם פארפאלק ב., וועלכע האט שוין באקומען צום וווינען א באזונדער שטיבל, נישט ווייט פון דער קאנטאר. דער פארזיצער זאגט זיי צו, אז אויב זיי וועלן ארבעטן פלייסיק און אפזיין דא א גאנץ יאר, וועט ער זיי צוטיילן אפילו אן אייגן שטיקל ערד. וועלן זיי שוין האבן גענוג צו עסן.

עס איז א שטיק וועגס צו זיי. איצט זע איך ערשט רעכט — אז איך קאן נישט שטעלן קיין טריט. איך זוך אויף א שטיקל שטעקן און לען זיך אויף אים אן. איך הויב אן דייטלעכער זעען, אז איך גיי נישט איינער אליין, עס גייען מיט מיר נאך צוויי אזעלכע „איך'ס". מיר גייען צוזאמען, ווי צונויפגעוואקסענע און דאך באזונדערע. מיר זיינען אין דרייען. אלע פון זעלבן וווקס, מיטן זעלבן אויסזען. וואס איך רעד צו זיך אליין, רעדן זיי גלייך מיט מיר. איך בין נישט איינער אליין, איך בין אין דרייען. עס שוידערט מיך א קעלט, אין קאפ רוישט, די שליפן קלאפן, אבער אין גוף איז קאלט. איך וועל זיך דא ערגעץ אוועקלייגן. מיר זיינען דאך אין דרייען, וועלן מיר זיך צוטוליען איינער צום צווייטן, וועט אונז זיין ווארעם. מיר וועלן זיך ארומנעמען און עס וועט אונז זיין אזוי גוט, שלווהדיק. מיר וועלן איינשלאפן און אלע ליידן וועלן פארשווינדן.

אן עסנדיקע זיסקייט נאגט אונטערן הארצן, דער אטעם ווערט וואס אמאל קורצער. איך וויל אריינשלינגען וואס מער לופט, אבער עס גייט נישט אריין, די לופט לויפט ווי פארביי. עס ווערט מיר וואס אמאל שווערער צו אטעמען, עס ווערט מיר ענג! איך הויב אן לויפן, נאכיאגן דעם אטעם, פאל איך אום.

איך האב זיך צוריק אויפגעשטעלט. זיך אנגעלענט אנעם שטעקן און געגאנגען פאמעלעך, כאטש געדוכטן האט זיך מיר — אז איך לויף. איך בין אנגעקומען צו מיינע באקאנטע. די פרוי באגעגנט מיך מיט אן אויסגעשריי:

— אוי, — אוי, וואס איז אייך?!

זי דערלאנגט מיר שנעל א גלאז מילך. איך טרינק אויס און לען זיך אן אויף איר בעט. איך בין נישט איבערגעשראקן. איך האב איר געזאגט שטיל און רואיק:

— זייט מיר מוחל, ליבע פרוי, איך בין געקומען צו אייך שטארבן. לאָזט מיך דאָ ליגן אויפן בעט.

איך בין, מסתמא, גלייך נאָכדעם איינגעשלאָפן. איך ווייס נישט ווי לאַנג עס האָט געדויערט, נאָר ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, האָב איך זיך געפילט אביסל לייכטער. עס איז געווען שפּעט אין דער נאַכט. איך האָב נישט געוואָלט ביי זיי פאַרבלייבן, ווייל זיי האָבן מיך נישט געהאַט ווו צו לייגן. איך האָב קוים געקאָנט זיך רירן. די פרוי מיט איר מאַן האָבן מיך געהאַלטן אונטער די הענט און מיך צוגעפירט „אהיים".

איך האָב זיך אַוועקגעלייגט. עס האָט מיר ווידער גענומען אויספעלן אָטעם. מיט יעדער מינוט איז מיר דער אָטעם געוואָרן קורצער. מיט יעדן ארויסעטעמען ווערט ער שוין ערגעץ פאַרפאַלן, קומט נישט צוריק. עס יאָגט נאָך אַ צווייטער אָטעם, אָבער שוין אַ קנאַפּערער, אַ קלענערער. אינדערפרי האָב איך שוין נישט געקאָנט איינליגן אויף דעם געלעגער אין שטוב. מען האָט מיך ארויסגעפירט אין דרויסן. מען האָט געשאַפן ערגעץ אַ בענקל און מיך אַוועקגעזעצט. אַלע שטייען ארום מיר. מען גיסט אויף מיר וואַסער. איך בין ביים פולן באַוווסטזיין, נאָר איך זע ווייטער זיך אַלץ אין דרייען. איך זע ווי מיינע הענט זיינען וואַקס־געל, איך קאָן זיי נישט דער־האַלטן. איך אָטעם שוין קוים־קוים און פיל, אַז באַלד וועט זיך אַלץ ענדיקן. איך פיל ווידער די זעלבע מידע זיסקייט ביים האַרץ. איך וואַרט שוין, אַז איך זאָל זיך קאָנען אַוועקלייגן. עס וועט מיר אויפהערן זיין קאַלט. אין דרייען וועט עס זיין וואַרעמער. מיר וועלן זיך ארומנעמען און טוליען צו זיך. איך האָב דערפילט א דערלייכטערונג ביי דעם געדאַנק, אַז באַלד וועט אַלץ אויפהערן. איך האָב זיך אפילו גלייך געמאַכט אַ פאָרוואורף:

— און וואָס וועט זיין מיט דיין פרוי און קינד דאָרטן?

מען האָט ווידער נעגאָסן אויף מיר וואַסער. עס איז צופעליק אָנגעקומען א דאָקטאָרין. זי נעמט אָן מיין האַנט. זי קוקט אויפן זייגער און לאָזט צוריק אָפּ מיין האַנט. איך הער ווי זי זאָגט צו די ארומיקע:

— קאַנטשאַעטסיאַ! (ער ענדיקט).

ש. ב. הויבט אָן שרייען, מיך מונטע־ן. ער שלעפּט ארויס פון קעשענע אַ סלאָיק מיט וואַרעניעס. כאַפּט אַ לעפעלע וואַרעניעס און שטופּט מיר אין מויל. די ציין זיינען אָבער פאַרהאַקט. די געלע וואַרעניע רינט צוריק אראָפּ אויף מיינע געלע הענט. איך הער ווי ש. ב. רופט מיך אָן ביים נאָמען, שרייט צו מיר:

— עסט די וואַרעניע! עס איז מיינס! איך האָב עס געהאַט באַהאַלטן אויף אַ שוואַרצער שעה, עסט, עסט, איר שטאַרבט דאָך!

און עס רינט ווידער צוריק די וואַרעניע. איך גיב מיר אפילו אָפּ אַ חשבון פון דער קאָמישקייט אין זיין געשריי. עס איז אים אַ שאָד וואָס די וואַרעניע צעתּכליעוועט זיך. מיר איז אויך אַ שאָד וואָס איך קאָן נישט פאַרזוכן אַזאַ ווונדערלעך מאכל: וואַרעניעס פון מאָרעלן. דער אָטעם צאַנקט שוין קוים־קויב, איך זע נאָך ווי די דאָקטאָרין גיט עפּעס אַ מאַך מיט דער האַנט, איך פאַל אראָפּ פון בענקל. מען טראָגט מיך אריין אין שטוב און מען לייגט מיך אַוועק אויף דער ערד.

איך פיל נאָך קוים עפּעס פון אַ באַוווסטזיין. איך קאָן שוין אינגאַנצן נישט אָטעמען. איך בעט גאָט, אַז ער זאָל מיר שענקען כאָטש נאָך איין אָטעם, נאָך איין

טראָפּעלע — וועט מיר זיין לייכטער צו ענדיקן. שענקען מיר כאָטש נאָך אויף איין קרעכץ. און אָט, עס קומט אָן אַ פּיצעלע אָטעם. איך דערהער מיין אייגענעם „אוי".

איך דערהער ווי מען שרייט, מען וויינט. איך עפן די אויגן און זע ארום מיר די קריסטלעכע שכנים, טאָבעלען, אַלע חברים, מען גיסט ווידער אויף מיר וואַסער. עס קומט שוין נאָך אַן אָטעם, נאָך איינער. וואָס אַמאָל אַלץ מערער, לויזער, פרייער.

אין אַ צוויי שעה ארום באַנעם איך שוין אַלץ, וואָס עס דערציילן מיר די שכנים וואָס זיצן נעבן מיר אויף דער ערד:

ווען איך בין אראָפּגעפאַלן פון בענקל, האָט די דאָקטאָרין נאָך אַמאָל גענומען מיין דופק און געזאָגט צו זיי: „סקאָנטשאַלסיא" (ער האָט זיך געענדיקט) און גע־הייסן מיך ארייַנטראָגן. אַליין איז זי באַלד אַוועק.

זעקס־און־צוואַנציק שעה האָט געדויערט ביז איך בין צוריקגעקומען צו אַ נאָרמאַלן אָטעם. מען איז אַוועק זוכן די דאָקטאָרין, אַז זי זאָל קומען דאָ אַהער מיך באַטראַכטן, האָט זי נישט געגלויבט, אַז איך לעב. זי איז געקומען. איצט האָט זי שוין ביי זיך אַ טערמאָמעטער, אָבער זי האָט גאָרנישט אויף צו מאַכן מיר אַן איינשפּריצונג. זי אונטערזוכט מיך, מעסט די טעמפּעראַטור. היץ האָב איך 40,2. און מיר דוכט אויס, אַז איך פיל שוין נישט אַצינד קיין היץ. זי שטעלט פעסט ביי מיר אַ לונגען־אָנצינדונג און פלעקן־טיפוס. זי שרייבט מיר גלייך אויס אַ צעטל אין שפּיטאָל אריין. זי באַטראַכט אויך די אַנדערע קראַנקע. ביי מעלצערן זיינען אויך שוין דאָ סימנים פון טיפוס.

מעלצער וויל נישט אַוועק אין שפּיטאָל אריין. דער ווילנער אינזשיניער איז שוין דאָ צוריק פון שפּיטאָל. ער דערציילט וועגן די שרעקלעכע באַדינגונגען דאָרט. דער קראָקעווער זעצער איז שוין דאָרט געשטאָרבן.

דער קאָלכאָז שטעלט צו אַ פור. עס נעמט זיך אונטער מיך צובאַגלייטן ש. ב. ער וועט דערביי האָבן אַ געלעגנהייט זיך ארויסצוקריגן פון קאָלכאָז. ער האָט שוין געוואָלט פונדאַנען לאַנג אַנטלויפן, נאָר מורא געהאַט, איצט האָט ער אַ פּאַסיקע געלעגנהייט דערצו:

ער וועט זיך, זאָגט ער, שוין נישט דער־וואַרטן דאָ אויף ארויסצופאָרן מיט די פּוילישע, ניבער וועט ער פאָר־פאָרן צוזאַמען מיט זיי — אויף יענער וועלט. מען מוז זיך יואָכ שנעלער פונדאַנען ראַטעווען, מען מוז אַנטלויפן, כל־זמן עס טראָגן נאָך די פיס!

(המשך אין צווייטן באַנד)

# דערשינענע ביכער פון זעלבן מחבר:

## „פלאַמען און רויך"

ראָמאַן פון אַן אַרבעטער־סביבה. וואַרשע, 1931.

## „האַמער אויף האַרפּע"

נאָוועלן. וואַרשע 1933.

## „קאַרל מאַרקס"

ביאָגראַפישער מאָנטאַזש־ראָמאַן. וואַרשע, 1934.

(אין יאָר 1935 דערשינען אין אַ פּוילישער איבערזעצונג:

**M. GROSMAN : KAROL MARKS**

**powieść biograficzna, przekład S. Reya, wyd. „Znicz")**

(אין יאָר 1936 דערשינען אין יידיש אַ צווייטע אויפלאַגע, אַרויס-
געגעבן פון פאַרלאַג מאַרק ראַקאָווסקי).

## „דערוואַכונג"

ביאָגראַפישער ראָמאַן (וועגן באַנד, יוגנט-יאָרן פון ראָזאַ לוקסעמ־
בורג). פאַרלאַג „ליטעראַרישע בלעטער", וואַרשע 1937.